מ. שאָלאָכאָוו

# אויפגעאקערטע ווירד





פארלאג „עמעס“, מאָסקווע 1934

קהל יידישער 1920-1970

פון פעטאלומא·קאליפאריא



Petaluma, California

Yiddish Community



# קאפיטל 1

סאָפ יאנוואר, באהויכט פונ דער ערשטער אָדלינע, שמעקנ דופטיק די ווײַנשל־סעדער. צי האלבטאָג הייבט זיכ אויפ ערגעצ אינ א שטיל ווינקל (אויב עס וואַרעמט די זונ) א צארטער, קוים פילבארער גערוכ פונ דער קארשנ־קאָרע צוזאמענ מיט דער פײַכטקײַט פונעם צעגייענדיקנ שניי מיטנ מעכטיקנ אונ אוראלטנ גערוכ פונ דער ערד, וואָס קוקט ארויס פונ אונטערנ שניי, פונ אונטער די טויטע בלעטער.

דער לײַכטער פילפארביקער ארָאמאט האלט זיכ פעסט איבער די סעדער ביזנ בלויענ פארנאכט, ביז דעמלט, ווענ עס רוקט זיכ ארויס דורכ דער נאקעטקײַט פונ די צווײַגנ דער מיט גרינקײַט באדעקטער לעוואָנע־האָרנ, ווענ עס לאָזנ איבער די אָפּגעפאשעטע האָזנ גרײַפלדיקע שפורנ אפנ שניי...

אונ דערנאָכ וועט דער ווינט אינ די סעדער ברענגענ פונעמ סטעפ־בערגל דעמ ביטערסטנ אָטעמ פונעמ פראָסט־צוגעברענטנ ווערמיט, עס וועלנ פארשטיקט ווערנ די באטאָגיקע רייכעס אונ קלאנגענ, אונ איבערנ ווערמוט, איבערנ ווילדנגראָז, איבער דער אויסגעבליארעוועטער בריצע אינ דער סטערניע, איבער די זיכ כוואַליענדיקע בערגלעכ פונ דער פריר־ערד וועט פונ מיזרעכ־זײַט שטיל, ווי א גרויער וואָלפ, אָנקומענ די נאכט אונ ווי שפורנ וועט זי לאָזנ הינטער זיכ איבערנ סטעפ אויסגעצויגענע פארנאכטיקע שאָטנס.

מיטנ סטעפ־געסל איז אינ א יאנוואר־אָוונט פונ 1930 יאָר ארײַנגעריטנ אינ כוטער גרעמיאטשי לאָג א רײַטער. לעבנ טײַכ האָט ער אָפּגעשטעלט דאָס פארמאטערטע, אינ די פאכווס צוגעפרוירענע פערד,

און איז פון אימ אראָפּגעשפּרונגען. איבער דער שוואַרצקייט פון די נעדער, וואָס האָבן זיך געצויגן פון ביידע זייטן שמאָל געסל, איבער־די אינדזלען פון די טאָפּאָל־לעוואַדעס איז הויך געשטאַנען די ניט־פולע לעוואָנע. אין געסל איז געווען טונקל און שטיל. ערגעץ הינטערן טייכל האָט אפן קאָל אונטערגעיוויעט א הונט און זיך געגעלבט א פּיי־ערל. דער רייטער האָט דאַרשטיק א ציי געטאָן מיט די נאָזלעכער די פּראַסטיקע לופט, געלאָסן אַראָפּגעצויגן א הענטשקע, פּאַרויכערט, דער־נאָך אונטערגעצויגן דעמ זאָטל־פּאַס אפן פערדס בויך, ארונטערגערוקט די פינגער אונטער דעמ שוויים־קישעלע, און דערפילנדיק א פּייכטע וואַ־רעמקייט בינעמ פאַרשוויצטן פערדס רוקן, האָט ער פלינק אַריפגע־וואָרפן אפן זאָטל זיין גרויסן קערפּער. איבערן קליינעם טייכל, וואָס ווערט אויך ווינטער ניט פאַרפרוירן, האָט ער זיך געלאָזט רייטן. דאָס פערד האָט טעמפּ געקלאַפּט מיט די פּאָדקאָוועס איבער די שטיינדלעך פונעמ טייכל־דנאָ, און גאַנץ א ציי געטאָן זיך צום וואַסער, אָבער דער רייטער האָט עס אונטערגעציילט, און דאָס פערד איז שלובצנדיק מיטן מילץ אַרויסגעשפּרונגען אפן נידעריקן ברעג.

דערהערנדיק אנטקעגן זיך א געריידערייַ און א סקריפּ פון א שליטן, האָט דער רייטער ווידער אָפּגעשטעלט דאָס פערד. דאָס פערד האָט אָנ־געשפּיצט א באַוועג געטאָן מיט די אויערן, זיך אומגעדרייט. דער זיל־בערנער בהוסט־קנאָפּ און דער מיט זילבער באַשמירטער שפּיץ פון קאָזאַקישן זאָטל האָבן פּלוצלינג, ארייַנפּאַלנדיק אונטער די לעוואָנע־שטראַלן, אויפגעפלאַקערט אין דער טונקלקייט פונעמ געסל מיט א ווייַסן שנייַדנדיקן גלאַנץ. דער רייַטער האָט ארופגעוואָרפן אפן זאָטל־שפּיץ די לייצעס, געשווינד אַנגעטאָן דעמ קאָזאַקישן קעמל־וואָלענעמ באַ־שליק, וואָס איז ביז דאַן געהאַנגען אפ זייַנע אקסלען, פאַרהילט דאָס פּנים און אוועקגעריטן אין שנעלן געלאָפּ. ווען ער האָט גענומען די פּור, האָט ער ווי פריער גענומען רייַטן לאַנגזאַם, אָבער דעמ באַשליק האָט ער ניט אַראָפּגענומען.

ווען ער איז אַרייַנגעריטן אין כוטער, האָט ער א פרעג געטאָן בא א באַגעגנטער פרוי:

— אַנו, זאָג נאָר, מומעלע, וו וווינט דאָ בא אייַך ערגעץ יאַ־קאָוו אָסטראָוונאָוו?

— יאקאָוו לוקיטש?

— נו, יאָ.

— אָט הינטערן טאַפּאָל שטייט זײַן הויז, מיט טשערעפּיצע גע־דעקט. איר זעט?

— איך זע. א דאנק.

לעבן געראַמענעם מיט טשערעפּיצעס געדעקטן הויז איז ער אַראָפּ פֿונעם פערד, אַרײַנגעפֿירט עס אין טירל און, שטיל אָנקלאַפּנדיק אין פענצטער, מיטן בײַטש־שטעקל, האָט ער א רוף געטאָן:

— באַלעבאָס! יאַקאָוו לוקיטש, קום נאָר אַרויס אויף א ווײַלע.

אָן היטל, מיטן סורדעט אויף די אַקסלען, איז דער באַלעבאָס אַרויס אויפֿן גאַנעק. אַרײַנקוקנדיק זיך אינעם געקומענעם, איז ער אַראָפּ פֿונעם שוועל.

— וועמען האָט עס דער טײַוול אָנגעטראָגן? — האָט ער שמייכ־לענדיק אין די גראָלעכע וואָנצעס א פֿרעג געטאָן.

— דערקענסט ניט, לוקיטש, לאָז אַרײַן איבערנעכטיקן. ווו שטעלט מען דאָ דאָס פֿערד ערגעץ אין דער וואַרעם!

— ניין, טײַערער באַוועך, איך דערקען ניט. ניט פֿון אויספֿירקאָם אַמאָל, אָדער פֿון ערד־אָפּטייל? עפּעס דערקען איך... אײַער קאָל, דוכט זיך מיר, איז עפּעס א באַקאַנטס...

דער געקומענער האָט א קרים געטאָן זײַנע געגאָלטע ליפּן אין א שמייכל און א הייב געטאָן זײַן באַשליק.

פּאָלאָווצעוון געדענקסטו?

און יאַקאָוו לוקיטש האָט פּלוצלינג דערשראָקן זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זײַטן, איז בלייך געוואָרן און גענומען שעפּטשען.

— אײַער וווילגעבורט!.. פֿונוואַנען איז? הער יעסאַוּל! דאָס פֿערד־ל וועלן מיר טייקעף באַשטאַטן... מיר וועלן עס אין שטאַל... וויפֿל יאָרן פֿאַרבײַ...

— נו־נו, שטילער א ביסל! צײַט איז פֿיל פֿאַרבײַ... א רעקע האָסטו? אין דער היים בא דיר זײַנען קיין פֿרעמדע ניטאָ?

דער געקומענער האָט איבערגעגעבן די לייצעס דעם באַלעבאָס. דאָס פֿערד האָט פֿויל געפֿאָלגט דער באַוועגונג פֿון א פֿרעמדער האַנט, הויך פֿאַריסן דעם קאָפּ אויפֿן אויסגעצויגענעם האַלדז און, פֿאַרמאַטערט שלעפּנדיק די הינטערשטע פֿיס, איז עס אַוועק אין שטאַל. עס האָט היל־ביק א קלאַפּ געטאָן מיט דער קאָפּיטע איבערן הילצערנעם כערעק און א כראָפּע געטאָן, דערפֿילנדיק דעם היימישן רייעך פֿון א פֿרעמד פֿערד. א האַנט פֿון א פֿרעמדן מענטשן האָט זיך געלייגט אויף זײַן מאָרדע, פֿינגער האָבן געשיקט און פֿאַרזיכטיק באַפֿרײַט די אָנגעריבענע

יאסליעס פונעם צוים־אײַזן, און דאָס פערד איז מיט דאנקבארקייט צוגעפאלן צום היי.

— די שלייעס האָב איך אים לויז געמאכט, זאָל ער שטיין אין אָנגעזאָטלטער, און ווען ער וועט א טראָפּעלע אָפּגעקילט ווערן, וועל איך אים אויסזאָטלען, — האָט גערעדט דער באלעבאָס און זאָרגעוודיק באדעקט דאָס פערד מיט א דעקע. און אליין האָט ער דערווײַל באטאפּט די אָנזאָטלונג און דערזען, אז וועדליק ווי עס איז אָנגעצויגן די שלייע איבערן קישעלע, וועדליק ביז גאָר פרײַ עס איז אָפּגעלאָזט דער שנור, וואָס פארבינדט די אופשטײַג־רימענס, מוז דער גאסט קומען פון גאנץ ווײַט, און דעם טאָג האָט ער דורכגעמאכט ניט קיין קליינעם וועג.

— קערנער איז בא דיר פאראַן, יאקאָוו לוקיטיטש?

— א טראָפּעלע פאראַן. מירן אָנפויען, געבן קערנער א ביסל. נו, קומט אין שטוב, ווי זאָל מען אײַך איצט אָנרופן, ווײס איך אליין ניט... ווי אמאָל — האָב איך זיך אָפּגעוווינט און ס'איז עפּעס א ביסל ניט באקוועם... — האָט אומגעלומפּערט געשמייכלט אין דער פינצטער דער באלעבאָס, כאָטש ער האָט געוווּסט, אז זײַן שמייכל זעט זיך ניט.

— רופט מיטן נאָמען און פאָטערס נאָמען. האָסט ניט פארגעסן?— האָט געענטפערט דער גאסט און איז דער ערשטער ארויס פון שטאַל.

— ווי קאָן מען דאָס פארגעסן! דײַטשישע מילכאָמע צוזאמען דורכגעמאכט און אויך אין דער מילכאָמע איז אויסגעקומען... איך פלעג וועגן אײַך אָפט דערמאָנען, אלעקסאנדער אניסימאָוויטש. פון יענער צײַט אָן, ווי מיר זײַנען אין נאָוואָראָסיסק זיך פאנאנדערגעפארן, האָבן מיר קיין גרוס אפילו פון אײַך ניט געהאט. איך האָב געקלערט, אז איר זײַט קיין טערקײַ מיט די קאָזאקן אויך געשוווּמען.

זיי זײַנען ארײַן אין דער הייס־אָנגעהייצטער קיך. דער געקומענער האָט אראָפּגענומען דעם באשליק און די ווײַסע פאפּאכע, אָפּקערנדיק זײַן מעכטיק ווינקלדיק קאָפּ־שיידל, באדעקט מיט שיטערע ווײַסלדיקע האָר. פון אונטער דעם שארף־אָפּגעהאקטן, וואָלפארטיקן, פליכעוואַטן שטערן אפער האָט ער געשווינד באקוקט דעם צימער און פארזשמורענדיק אין א שמייכל זײַנע העל־בלויע אייגעלעך, וואָס האָבן שווער ארויסגעגלאנצט פון די טיפע אײַנגעפאלענע אויגן־לעכער, האָט ער זיך פארנייגט פאר די ווײַבער, וואָס זײַנען אויף באנק געזעסן, — פאר דער באלעבאָסטע און שנור.

— א גוט העלף אײַך, ווײַבעלעך!

— א גוט יאָר, — האָט אײַנגעהאַלטנ אימ געענטפערט די באַלע־באָטע אונ אויסװאַרטנדיק, מיט א פראַגע אינ בליק א קוק געטאָנ אפנ מאַנ: „װאָס פאַר א מענטש, הייסט עס, איז עס דער, װאָס דו האָסט געבראַכט, אונ װי דאַרפ מענ זיכ מיט אימ באַגיינ?״

— גרייט צומ טיש, מירנ עסנ װעטשערע, — האָט קורצ באַפוילנ דער באַלעבאָס אונ אײַנגעלאַדנ דעמ גאַסט אינ קאַמער אַרײַנ צומ טיש.

אינ דער אָנװעזנהײַט פונ די פרויענ, װענ דער גאַסט האָט געזופט דאָס געקעכצ מיט באַזער-פלייש, האָט ער געפירט א שמועס װעגנ דעמ װעטער, װעגנ די מיליטער-באַװײַרימ. זײַנ גרויסע, װי פונ שטיינ אויסגעהאַקטע אונטערשטע קינבאַק האָט זיכ שװער באַװעגט; געקײַט האָט ער לאַנגזאַמ, מיד, װי א צוגעמאַטערטער אָקס אפ זײַנ ליג־אָרט. נאָכנ אָװנט־עסנ איז ער אויפגעשטאַנענ, טפילע געטאָנ אפ די איקאָנעס אינ פאַרשטויבטע פאַפירענע בלומענ אונ, אָפּטרייסלענדיק די ברויט־ברעקלעכ פונ דער אַלטינקער אונ ענגער אינ די פלייצעס טאָלסטאָװקע, האָט ער א זאָג געטאָנ:

— א דאַנק פאַרנ ברויט מיט זאַלצ, יאַקאָװ לוקיטש! איצט לאָמיר זיכ דורכשמועסנ.

די שנור אונ די באַלעבאָסטע האָבנ געשװינד צוגענומענ פונ טיש, אונ פאָלגנדיק דעמ װונק פונעמ באַלעבאָס ברעמ, זײַנענ זיי אװעק אינ קיכ.

## קאַפיטל 2

דער סעקרעטאַר פונ רײַקאָמ, א בלינדלעכער מיט פוילע באַװעגונ־גענ, האָט זיכ צוגעזעצט צומ טיש, פונ דער זײַט א קוק געטאָנ אפ דאַװידאָװנ אונ, זשמורענדיק זיכ, צונויפקנייטשנדיק די פאַלדיקע זעק־לעכ אונטער די אויגנ, האָט ער גענומענ לייענענ זײַנע דאָקומענטנ.

הינטערנ פענצטער, אינ די טעלעפאָנ־דראָטנ, האָט געפײַפט דער װינט: אפנ רוקנ פונעמ פערד, װאָס איז געװענ צוגעבונדנ צומ סעדל, האָט קרומלעכ אַרומגעשפּאַצירט אונ עפעס געפּיקט א סאָראָקע. דער װינט האָט פאַרגיסנ בײַ איר דעמ עק, אויפגעהויבנ זי אפ א פליגל, נאָר זי האָט זיכ װידער געזעצט אפנ רוקנ פונ דער פאַרעלטערט־אויסגע־מוטשעטער, צו אַלצ גלײַכגילטיקער קליאַטשע, אונ זיגעריש געקוקט אפ

אלע זײַטנ מיטנ רױבערישנ אײגל. איבער דער סטאַניצע זײַנענ נידע-ריק געפלױגנ געדיסענע שטיקער װאָלקנ. פונ צײַט צו צײַט פלעגנ אױ-נעמ דורכלױכטנ קװער דורכפאַלנ די זונ-שטראַלנ, אופלײַכטנ זומערדיק א בלױ שטיקל הימל, אונ דאַנ פלעגנ אױסזענ דורכנ פענצטער דער אױסבײג פונ דאָנ, דער װאַלד הינטער אים אונ דער װײַטער בארג-ארופ מיטנ קלײנינקנ װינט-מילכל אפנ האָריזאָנט, װי א כװאַליעדיק װײכע צײכענונג.

האָסטו זיכ פאַרהאַלטנ אינ ראָסטאָװ איבער א קראַנקײַט? נו, גוט... די איבעריקע אכט פינפונצװאַנציקטױזנטניקעס זײַנענ געקומענ מיט דרײַ טעג צוריק. געװענ א מיטינג. פאַרשטײער פונ קאָלװירטנ האָבנ זײ באַגעגנט. — דער סעקרעטאַר האָט פאַרטראַכט א קײַ געטאָנ מיט די ליפּנ: — איצט איז בא אונדז א באַזונדערס קאָמפּליצירטע לאַגע. דער פּראָצענט פונ דער קאָלעקטיװיזאַציע איבערנ ראַיאָנ איז 14,8. דערהױפּט „טאָזנ“* דער באַלעבאָטיש-פאַרמעגלעכער טײל איז נאָכ געבליבנ שולדיק דער ברױט-פאַרגרײטונג. מענטשנ דאַרפ מענ זײ-יײַער! די קאָלװירטנ האָבנ געשיקט פאַדערונגענ אפ דרײַ אונ פער-ציק אַרבעטער, אונ צוגעשיקט האָט מענ בלױז נײַנ. — פונ אונטער די אופגעלאָפּענע אױגנ-דעקלעכ האָט ער עפּעס אפ א נײַעמ אױפנ, פאַרשנ-דיק אונ לאַנג אַרײַנגעקוקט אינ דאַװידאָװס אױגנ, אזױ װי ער װאָלט געװאָלט אָפּשאַצנ, אפ װאָס ס'איז פײַיִק דער דאָזיקער מענטש.

— ביסטו, טײַערער כאַװער, הײסט עס, א שלאָסער? זײ-יײַער גוט! אפנ פּוטילאָװער אַרבעטסטו שױנ לאַנג? רײכער.

— פונ דער דעמאָביליזאַציע אָנ. נײַנ יאָר — דאַװידאָװ האָט אױס-געשטרעקט די האַנט נאָכ א פּאַפּיראָס. דער סעקרעטאַר האָט געכאַפּט מיטנ בליק אפ דאַװידאָװס האַנט א מאַטע בלױקײַט פונ טאַטױִרונג, האָט ער א שמײכל געטאָנ מיט די װינקלענ פונ די אַראָפּגעהאַנגענע ליפּנ.

— שטאָלצ אונ פראָסט? ביסט געװענ אינ פלאָט?

— יאָ.

— איכ זע, עפּעס אנ אנקערל בא דיר...

— יונג געװענ, פאַרשטײסט... רױ אונ טאַריש, נו, האָב איכ אױס-געשטאָכנ...

דאַװידאָװ האָט מיט פאַרדראָס א צי געטאָנ דעם אַרבל אפ אַראָפּ

* געזעלשאַפטנ פונ געמײנזאַמער ערד-באַאַרבעטונג — ר ע ד.

און געטראַכט: „עהע, סאַראַ קוקערס דו פאַרמאָגסט!.. וואָס מע דאַרפ ניט, זעסטו, אָבער די ברויט-פאַרגרייטונג האָסטו שיר ניט פאַרזען!”

דער סעקרעטאַר האָט צוגעשוויגנ און אַזוי ווי מיטאַמאָל האָט ער אַראָפּגעיאָגט פונ זײַנ קרענקלעכ אויפגעבלאָזנ פּאָנעמ דעמ גאָרנישט באַטײַטנדיקנ גאַסטפרײַנטלעכנ שמייכל.

— דו, כאַווער, וועסט הײַנט נאָכ פאָרנ אַלס באַפולמעכטיקטער פונ ראַיקאָמ דורכצופירנ די דורכוויסיקע קאָלעקטיוויזאַציע. די לעצטע דירעקטיוו פונעמ קאָנטקאָמ האָסטו געלייענט? דיר איז זי באַקאַנט? איז אָט, וועסטו פאָרנ אינ גרעמיאַטשער דאָרפראַט. אָפּרוענ זיכ וועסטו שוינ שפּעטער, איצט איז ניטאָ קיינ צײַט. דעמ טראָפּ — אַפ 100-פּראָצענטיקער קאָלעקטיוויזאַציע. דאָרט איז דאָ א קאַרליקאָווער אַרטעל, אָבער מיר דאַרפנ באַשאַפנ קאָלווירטנ-גיגאַנטנ. ווי נאָר מירנ אָרגאַניזירנ אַנ אַגיטקאָלאָנע, וועלנ מיר זי באַלד שיקנ צו אײַכ. און דערווײַל פאָר און אַפ דער באַזע פונ א פּאָרזיכטיקנ אָנקוועטש אַפנ באַלעגופנטום באַשאַפ א קאָלווירט. אַלע אָרעמ-מיטעלע ווירטשאַפטנ דאַרפנ בא דיר זײַנ אינ קאָלווירט. דערנאָכ וועט איר שוינ שאַפנ אויכ א פאַרגעזעלשאַפטלעכטנ זריִע-פאָנד אַפנ גאַנצנ שטעטל פונ קאָלווירטישנ פאַרזיי אינ 1930 יאָר. אַרבעט דאָרטנ פּאָרזיכטיק. דעמ מיטלפויער ניט טשעפּענ. אינ גרעמיאַטשי איז דאָ א פּאַרטייקעמערל פונ דרײַ קאָמוניסטנ. דער סעקרעטאַר פונ קעמערל און דער פּרעזיצער פונ דאָרפראַט זײַנענ גוטע יאַטנ, רויטע פּאַרטיזאַנער אינ דער פאַרגאַנגענהײַט, — און ווידער א קײַ געטאָנ מיט די ליפּנ און צוגעגעבנ:

— מיט אַלע קאָנסעקווענצנ, וואָס דרינגענ דערפונ אַרויס. פאַרשטענדלעכ? פּאָליטיש ווייניק גראַמאָטנע קאָנענ מאַכנ פעלערנ. אינ פאַל, אויב ס'וועלנ אַנטשטיינ שוועריקייטנ, פאָר אינ ראַיאָנ. עכ! קיינ טעלעפאָנ-פאַרבינדונג איז נאָכ ניטאָ, אָט וואָס ס'איז שלעכט. יאָ, נאָכ וואָס: דער סעקרעטאַר פונ קעמערל איז דאָרט א רויטפּאַניקער, א היציקער, אײַנגאַנצנ פונ ווינקלענ און... אַלע שאַרפע. — דער סעקרעטאַר האָט געפּײַקלט מיט די פינגער איבערנ שלאָס פונעמ פּאָרטפעל און, זעענדיק, אַז דאַווידאָוו שטעלט זיכ אויפ, האָט ער לעבהאַפט געזאָגט:

— וואַרט צו, אָט וואָס נאָכ: שיק טעגלעכ מיט א ספּעציעלנ שעליִעכ אַפ א פערד די סוואָדקעס, צי דאָרט אונטער די יאַטנ. איצט גיי אַרײַנ צו אונדזער אָרג-פאַרוואַלטער און פאָר. איכ'ל זאָגנ, מע זאָל דיכ אָפּשיקנ מיט די אויספירקאָמישע פערד. איז אָט, יאָג אַרופ ביז הונדערט פּראָצענט די קאָלעקטיוויזאַציע. לויטנ פּראָצענט נאָכ וועלנ מיר

אָפּשאַצנ דײַנ אַרבעט. מיר שאַפנ אַ קאָלווירט אַ גיגאַנט פונ אַכצנ דאָרפּראַטנ. ווי זעט עס אויס? אַ לאַנדווירטשאַפטלעכנ רויטנ בוטי־לאָוועצ — אונ אַ שמייכל געטאָנ ווענג דעמ פּאַחגלײַכ, וואָס איז אימ אַלייג געפעלנ געוואָרנ.

— דו האָסט עפּעס געזאָגט וועגנ פּאָרזיכטיקײַט צומ באַלעגופ. ווי זאָל מענ דאָס פאַרשטײנ? — האָט געפרעגט חאַווידאָוו.

— אָט ווי, — דער סעקרעטאַר האָט פונ אויבנ אַראָפּ אַ שמייכל געטאָנ, — פאַראַנ אַ באַלעגופ, וואָס האָט אויסגעפילט די אויפגאַבע פונ דער ברויט־פאַרגרייטונג, אונ פאַראַנ אַ באַלעגופ, וואָס פילט זי אײַנגעשפּאַרט נית אויס. מיטנ צווייטנ באַלעגופ איז די זאַכ אַ קלאָרע: דעמ 107-טנ אַרטיקל אימ געבנ אונ — אַנ עק. אָבער אָט מיטנ ערשטנ איז קאָמפּליצירטער. ווי וואָלסטו אַנ ערעכ מיט אימ זיכ באַגאַנגענ?

דאַווידאָוו האָט אַ קלער געטאָנ...

— איכ וואָלט אימ אַ נײַע אויפגאַבע געגעבנ.

— אָט דאָס איז געזאָגט! נײנ, כאַווער, אַזוי טויג נית. אַזוי קאָנ מענ אונטערײַסנ יעדנ צוטרוי צו אונדזערע מאָסמיטלענ. אונ וואָס וועט דעמלט זאָגנ דער מיטלפויער? ער וועט זאָגנ: „אָט אַ וואָסערע זי איז, די ראַטנמאַכט! זי דרייט מיטנ פויער אהינ אונ אהער“. לע־גיט האָט אונדז ערנסט געלערנט דיסקאָנטירנ די שטימונג פונעמ פויער־טומ, אונ דו זאָגסט „אַ צווייטע אויפגאַבע“, דאָס איז, ברודער, יינגלש.

— יינגלש? — דאַווידאָוו איז רויט געוואָרנ — סטאַלינ האָט אַפּאָנעמ... אַ טאָעס געהאַט, לויט דײַנ מיינונג, הא?

— וואָס קער זיכ אָנ סטאַלינ?

— זײַנ רעדע האָסטו געלייענט אָפּ דער קאָנפערענצ פונ די מאַרק־סיסטנ, פונ די ווי הייסנ זיי... נו, אָט מיט דער ערד־פראַגע האָבנ זיי צו טאָנ, ווי הייסנ זיי, צומ בײַשפּיל, נו, די ערדניקעס, צי וואָס?

— אַנחאַרניקעס?

— אָט — אָט!

— איז וואָס־זשע?

— בעט די „פּראַוודאַ“ מיט דער דאָזיקער רעדע.

דער געשעפטפירער האָט געבראַכט די „פּראַוודאַ“. דאַווידאָוו האָט דאַרשטיק געזוכט מיט די אויגנ.

דער סעקרעטאַר האָט אויסוואַרטנדיק געשמייכלט אונ געקוקט אימ אינ פּאָנעמ.

— אָט. ווי זאָל מענ דאָס פאַרשטיינ? „...קיינ אַנטבאַלעגופּענונג

האָט מענ ניט געקאָנט דערלאָזנ, קאָלזמאנ מיר זײַנענ געשטאנענ אפנ שטאנדפּונקט פונ באגרענעצנ..." נו, און װײַטער... אָט: „און איצט? איצט איז אנ אנדער זאכ. איצט האָבנ מיר די מעגלעכקײַט צו פירנ אנ אנטשײדענעמ אָנגריפ אפנ באלעגופּנטומ, אײַנברעכנ זײַנ װידערשטאנד, ליקװידירנ אימ װי א קלאס..." װי א קלאס, פארשטאנענ? פארװאָס־זשע טאָר מענ ניט געבנ קײנ צװײטנ מאָל אנ אופגאבע אפ ברױט? פארװאָס טאָר מענ ניט אינגאנצנ אימ — צעקװעטשנ?

דער סעקרעטאר האָט אָפּגעװישט פונ פּאָנעמ דעמ שמײכל און איז געװאָרנ ערנסט.

— דאָרט איז װײַטער געזאָגט געװאָרנ, אז עס אנטבאלעגופּעװעט די אָרעמ־מיטעלע פױערשע מאסע, װאָס גײט אינ קאָלװירט. ניט אזױ? לײענ.

— עכ דו!

— „עכע" ניט! — איז געװאָרנ אינ כּעס דער סעקרעטאר, און אפילע זײַנ קאָל האָט א ציטער געטאָנ. — און װאָס לײגסטו פאָר? אדמיניסטראטיװע מיטלענ פאר יעדנ באלעגופּ אָנ אונטערשײד. דאָס איז אינ א ראיאָנ, װו ס'איז נאָר 14 פּראָצענט קאָלעקטיװיזאציע, װו דער מיטלפּױער קלײַבט זיכ נאָכ ערשט צו גײנ אינ קאָלװירט. אפ דעמ קאָנ מענ אינ אײנ מאָמענט ברעכנ דעמ קאָפּ. אָט אזעלכע קומענ צו פאָרנ און װײסנ ניט די אָרטיקע באדינגונגענ... דער סעקרעטאר האָט זיכ אײַנגעהאלטנ און שױנ שטילער פאָרגעזעצט. — האָלצ קאָנטטו מיט אזעלכע אָנשװוּנגענ אָנהאקנ װיפל דו װילסט.

— װאָס זאָל איכ דיר זאָגנ... — זײַ שױנ רויִק! ס'װאָלט נײטיק און צײַטמעסיק געװענ אזא מיטל, װאָלט דער קאָנטקאָמ אָפּנ אונדז באפוילנ: „פארניכטנ דעמ באלעגופּ!..." און א־דע־רא־בע, אײנס און צװײ. די מיליציע, דער גאנצער אפּאראט שטײט אונדז צו דינסט... אָבער דערװײַל באשטראָפנ מיר עקאָנאָמיש בלויז טײלװײַז, דורכנ פאָלקסגעריכט, לױטנ 107־טנ ארטיקל, דעמ באלעגופּ, װאָס באהאלט די טבוּע.

— און װאָס־זשע, לױט דײַנ מײנונג, איז דער באטראק, די אָרעמשאפט און דער מיטלפּױער קענענ אנטבאלעגופּעװענ? פארנ באלעגופּ? פירנ זײ קעגנ דעמ באלעגופּ דארפ מענ דאָכ?

דער סעקרעטאר האָט שארפ פארקלאפּט דעמ שלאָס פונעמ פּאָרטפעל און טרוקנ געזאָגט:

— דו, װילסט אפ דײַנ אויפנ אויסטײַטשנ יעדעס װאָרט פונעמ פירער, אָבער פארנ ראיאָנ איז פאראנטװאָרטלעכ די ביוראָ פונ רײַקאָמ, איכ פערסאָנעל. זײַ זיכ מאטריִעב דאָרט, װוהינ מיר שיקנ דיכ,

דורכפירנ אונדזער ליניע, און ניט די, וואָס דו האָסט דערפונדנ. און
איכ, אנטשולדיק, האָב קיינ צײַט ניט צו דיסקוסירנ מיט דיר. איכ
האָב, אויסער דיר, אנדערע איניאָנמ, — און זיכ אופגעשטעלט.

דאָס בלוט האָט ווידער געריכט צוגעשטראָמט צו דאווידאָווס
באקנ, נאָר ער האָט זיכ גענומענ אינ די הענט און געזאָגט:

— איכ וועל דורכפירנ די ליניע פונ דער פּארטיי, און דיר, באַ־
ווער, וועל איכ זאָגנ אָפּנ, ווי אנ ארבעטער קענ: דײַנ ליניע איז א
פּעלערהאַפטע, פּאָליטיש ניט ריכטיקע, א פאקט!

— איכ בינ פאראנטוואָרטלעכ פאר מײַנ ליניע... און דאָס „ווי אנ
ארבעטער" איז שוינ אלט, ווי...

דער טעלעפאָנ האָט גענומענ קלינגענ. דער סעקרעטאר האָט גע־
כאפּט דאָס טרײַבל. אינ צימער האָט גענומענ אנקומענ אוילעמ, דאַ־
ווידאָוו איז אוועק צומ אָרג-פּארוואַלטער.

„ער הינקט אפנ רעכטנ פיסל... א פאקט! — האָט ער געטראכט,
ארויסגייענדיק פונ רײַקאָמ. — איכ וועל נאָכאמאָל איבערלייענענ די
גאנצע רעדע פונ אגראָרניק, — שוינ־זשע האָב איכ א טאָעס געהאט?
ניינ, ברודערל, אנטשולדיק! מיט דײַנ טאָלעראנטקייט האָסטו געמאכט
צעלאָזנ דעמ באלעגופ. אינ קרײַזקאָמ האָט מענ נאָכ געזאָגט: „א טיב־
טיקער באָכער", און דאָ זײַנענ די באלעגופימ נאָכ שולדיק ברויט. איינ
זאכ איז א קוועטש כאָנ, און אנ אנדערע איז — מיטנ וואָרצל אימ
אויסרײַסנ, ווי א שעדיקער. פארוואָס פירסטו ניט די מאסע?" —
האָט ער אינ געדאנק פארגעזעצט דעמ וויקועכ און זיכ געווענדט צומ
סעקרעטאר. ווי שטענדיק, זײַנענ די סאמע איבערצײַגנדיקע מאָטיוונ
געקומענ שפּעטער. דאָרטנ, אינ רײַקאָמ, האָט ער אינ היץ, אינ אופ־
רעגונג געכאפּט די ערשטע דערווידערונג, וואָס אימ האָט זיכ געמאכט
אונטער דער האנט. מע וואָלט געדארפט זײַנ קאלטבלוטיקער. ער איז
געגאנגענ, שלאָנדערנדיק איבער די פארפראָרענע לוזשעס און זיכ גע־
שטרויכלט אָנ דאָס פארפרוירענע אָקסנמיסט אפנ מארק-פּלאַץ.

— א שאָד, וואָס מיר האָבנ ניט געענדיקט, אניט וואָלט איכ דיכ
צוגעקוועטשט — האָט דאווידאָוו ארויסגערעדט אפ א קאָל און מיט
פארדראָס אנישוויגנ געוואָרנ, זעענדיק ווי א באגעגנטע פרוי שמייכלט
פארבײַגייענדיק.



ארײַנלויפנדיק אינ „הויז פארנ קאָזאק און פּויער", האָט דאווידאָוו
גענומענ זײַנ טשעמאָדאנדל און זיכ דערמאָנט, אז זײַנ גרונט-באגאזש

באַשטייט, אויסער די צוויי פּאָר וועש, שקאַרפּעטנ אונ א קאָסטיום, דעריקער פונ שרויפנציִער, פלאַכ־צווענגלעכ, א פײַל, א קרייצ=מעסטל, א קראָנצירקל, א שוועדישנ שליסל אונ פונ אנדערע זײַנע געוויינלעכע אינסטרומענטנ, וואָס ער האָט פאַרכאַפּט מיט זיכ פונ לענינגראַד. ער האָט א שמייכל געטאָנ. „נעכטיקע טעג וועל איכ עס דאָ אויסניצנ! כ'האָב גערעכנט, עפּשער וועל איכ זיכ פאַרגראָבנ אינ א קאָלווירט אינ ס'וועט אויסקומענ עפּעס א טראַקטערל דאָרט צו פאַריכטנ, אז דאָ זײַנענ גאָר קיינ טראַקטערס ניטאָ. אזוי, מיסטאָמע, וועל איכ זיכ שוינ ארומשלעפּנ איבערנ ראַיאָנ, ווי א באַפּולמעכטיקטער. כ'וועל דאָס וועקשענקענ א קאָלווירטניק א שמיד, כאַפּט עס דער וואַטנמאַכער" — האָט ער באַשלאָסנ, וואַרפנדיק זײַנ טשעמאָדאַנ אינ שליטנ.

די זאַטע, אָפּגעהאָבערטע אויסגעפּאַשעטע פערד פונעמ רײַוויספּירקאָמ האָבנ לײַכט אוועקגעטראָגנ דעמ טאַווערישנ שליטנ מיטנ ווענטל, וואָס איז געווענ שרײַענדיק באַפאַרבנ מיט בונטע בלומענ. דאַווידאָוו איז דערפרוירנ געוואָרנ, ווי נאָר מע איז ארויסגעפאָרנ הינטער דער סטאַניצע. אומזיסט האָט ער געקוטעט דאָס פּנעמ אינעמ אויסגעריבענעמ באַראַשקע=קאָלנער פונ פּאַלטאָ אונ אָנגערוקט די קעפּקע: דער ווינט אונ די פראָסטיקע פײַכטקײַט זײַנענ ארײַנגעדרונגענ הינטערנ קאָלנער, אינ די אַרבל אונ ארויסגערופנ א קאַלטנ ציטער. באַזונדערס האָבנ געפראָרנ די פיס אינ די סקאָראָכאָדישע אַלטע שיכ. פונ דער סטאַניצע ביז גרעמיאַטשי לאָג איז 28 קילאָמעטער אומבאַזעצטער בערגל־וועג. א גרויער פונעמ צעגייענדיקנ בעהיימע־מיסט, ליגט דער שליאַכ אפנ שפּיצ בערגל. ארומ, ניט צו כאַפּנ מיטנ אויג — אומבאַרירטער שניי=צודעק. אָנ א זײַט הויקערנ זיכ נעבעכדיק די פאַרשאָטענע קעפּלעכ ווערמוט אונ דיסטל. בלויז פונ די שיפּועס באַ די טאָלנ קוקט די ערד ארויס מיט ליימיקע אויגנ אפ דער וועלט; דער שניי האָט זיכ דאָרטנ ניט פאַרהאַלטנ, איז אראָפּגעבלאָזנ געוואָרנ פונעמ ווינט, דערפאַר זײַנענ די ריגוועס, טאָלנ אונ באַלקעס ביז אויבנ פעסט פאַרשאָטנ מיט אײַנגעפּרעסטע שניי־הרודעס.

דאַווידאָוו איז לאַנג געלאָפנ, האַלטנדיק זיכ פאַרנ ווענטל פונעמ שליטנ אונ געפּרוּווט אָנוואַרעמענ די פיס, דערנאָכ איז ער ארײַנגעשפּרונגענ אינ שליטנ, זיכ אײַנגענורעט אונ איז אנשלאָפנ געוואָרנ. עס האָבנ אונטערגעגרילצט די שליטנ־גליטשערס, מיט א טרוקענעמ בראָמקעס האָבנ זיכ געשטאָכנ אינ שניי די האַקנס פונ די פערד=טלאָענ,

באמ רעכטנ פערד האָט אונטערגעקלונגענ דאָס גלעקל. פונ צײַט צו צײַט פלעגט דאווידאָוו דורכ די ברעמענ, פארפודערטע מיט שניי־גליווערלעכ, זענ, ווי עס פלעגנ ווי פּיִאָלעטעווע בליצנ אופגלאנצנ אפ דער זונ די פליגלענ פונ די ראָבנ, וואָס פלעגנ זיכ ראפּטעמ אופהייבנ פונעמ וועג, אונ ווידער פלעגט א זיסער דרעמל פארמאכנ די אויגנ.

ער האָט זיכ אופגעכאפּט פונ דער קעלט, וואָס האָט אימ קלעמענ גענומענ דאָס הארצ, אונ, עפענענדיק די אויגנ, האָט ער דורכ די פארשייטנפארביק בלישטשענדיקע טרערלעכ דערזענ די קאלטע זונ, די גרויסארטיקע ראכוועס פונעמ שווײַגנדיקנ סטעפּ, דעמ בלײַגרויענ הימל באמ ראנד האָריזאָנט אונ אפנ ווײַסנ הימל פונעמ קורגאנ ניט ווײַט — א פוקס, א ברוינגעלנ מיט פײַער־שפּרענקלעכ. דער פוקס האָט זיכ געשפּילט, זיכ געשטעלט אפ די הינטערשטע לאפּעס, זיכ געדרייט, געשפּרונגענ אפ ארופ אונ צופאלנדיק אפ די פאָדערשטע לאפּעס, געגראָבנ מיט זיי אונ זיכ אײַנגעהילט אינ א שײַנענדיקנ זילבער־שטויב. זײַנ עק, וואָס האָט ווייכ אונ עלאסטיש א שווינדל געטאָנ, האָט זיכ געלייגט אפנ שניי ווי א רויטער פלאמענ־צונג.

אינ גרעמיאטשי לאָג זײַנענ זיי געקומענ צו פאָרנ פארנאכט. אפנ גראמענ הויפ פונעמ דאָרפראט איז געשטאנענ לײַדיק א פאָר־פערדיקער שליטנ. לעבנ גאנעק זײַנענ געשטאנענ אונ גערויכערט א מאנ זיבנ קאָזאקנ. די פערד, מיט פארפרוירענע פונעמ שווייס פעלנ, האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט באמ גאנעק.

— א גוט העלפ אײַכ, בירגער! ווו איז דאָ די שטאל?

— א גוט יאָר, — האָט פאר אלעמענ געענטפערט א באיאָרנטער קאָזאק, אופהייבנדיק די האנט צומ ברעג האָז־פּאפּאכע. — די שטאל, כאווער, אָט איז זי, אונטערנ אָטשערעט.

— פארקערעווענ אהינצו, — האָט געהייסנ דאווידאָוו דעמ פור־מאנ אונ איז ארפּגעשפּרונגענ פונ שליטנ, א נידעריקער, א געפּאקטער. רײַבנדיק די באקנ מיט דער הענטשקע, איז ער נאָכגעגאנגענ נאָכנ שליטנ. די קאָזאקנ האָבנ זיכ אויכ געלאָזט גיינ צו דער שטאל, ניט פארשטייענדיק, פארוואָס דער געקומענער, וואָס זעט אויס, ווי אנ אָנגעשטעלטער, אונ רעדט מיט א הארטנ רוסלענדישנ „ג“ גייט נאָכנ שליטנ, אונ ניט אינ דאָרפראט.

פונ דער שטאל־טיר האָט זיכ געקנוילט א ווארעמער מיסט־דאמפּ. דער אויספירקאָמישער פורמאנ האָט אָפּגעשטעלט די פערד. דאווידאָוו האָט געניט גענומענ באפרײַענ דעמ וואליק פונ די שלייעס. די צו־

נייגעזאמלטע קאָזאקנ האָבנ זיכ איבערגעקוקט. אנ אלטער קאָזאק איז א ווײַסנ ווײַבערישנ פעלצ האָט געשקראָבעט פונ די וואָנצעס שטיק־לעכ אײַז אונ כיטרע פאַרזשמורעט אנ אויג:

— היט זיכ, וועט נאָכ א בריקע טאָנ, כאַווער!

דאַווידאָוו האָט באַפרײַט פונ אונטער דעמ פערד עק די שלייע אונ זיכ אומגעקוקט אופנ אלטנ, א שמייכל געטאָנ מיט די פאַרשוואַרצ־טע ליפנ, ווײַזנדיק באַמ שמייכל א שטשערב אינ מויל — עס האָט אימ געפעלט א פאָדערשטער צאָנ.

— איכ טאַטינקע, בינ געווענ באַ א קוילנטיוואַרפער, אונ ניט אַפ אזעלכע פערדלעכ האָב איכ זיכ געטראָגנ!

— אָבער א צאָנ פעלט באַ דיר, צי האָט אימ ניט אמאָל א פערד אויסגעהאַקט? — האָט געפרעגט איינער א ראָב־שוואַרצער, א באַ־וואַקסענער ביז די נאָזלעכער מיט א געקרײַזלטער באָרד. די קאָזאקנ האָבנ ניט בייז זיכ צעלאַכט, אָבער דאַווידאָוו, וואָס האָט געשיקט אַראָפגענומענ דעמ כאָמעט, האָט זיכ אָפּגעוויצלט:

— ניינ, דעמ צאָנ האָב איכ פאַרלאָרנ שוינ לאַנג, אינ א שיכּורער שאַ. אונ ס׳איז טאַקע בעסער — ווײַבער וועלנ ניט מוירע האָבנ, אז כ׳וועל אײַנבײַסנ. עמעס, זיידע?

דעמ וויצ האָט מענ אופגענומענ, אונ דער אלטער האָט אימ מיט א געמאַכטנ פאַרדראָס א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

— איכ, באָכער, האָב זיכ שוינ אופגעהערט בײַסנ. מײַנ צאָנ קוקט שוינ דעמ וויפלטנ יאָר אַפ אַראָפּ...

דער שוואַרצבערדיקער קאָזאק האָט געהירזשעט, ווי אנ אָגער, געעפנט א ווײַסציייניק מויל אונ אלצ זיכ געכאַפּט פאַרנ רויטנ גאַרטל, וואָס האָט שטײַף אַרומגעכאַפּט דעמ טשעקמענ, פונקט ווי ער וואָלט מוירע האָבנ, אז פונעמ געלעכטער וועט ער פּלאַצנ.

דאַווידאָוו האָט מעכאַבער געווענ די קאָזאקנ מיט פּאַפּיראָסנ, אליינ פאַרויכערט אונ איז אוועק אינ דאָרפראַט.

— דאָרטנ, דאָרטנ איז דער פאָרזיצער, גיי. דער סעקרעטאַר פונ אונדזער פאַרטיי איז אויכ דאָרטנ, — האָט געזאָגט דער אלטער, פּוס־טריט נאָכגייענדיק נאָכ דאַווידאָוונ. די קאָזאקנ, וואָס האָבנ אינ צוויי ציִענ אײַנגעשלונגענ די פּאַפּיראָסנ, זײַנענ געגאַנגענ דערבײַ. זיי איז שטאַרק געפעלנ געוואָרנ, וואָס דער געקומענער איז ניט אזא, ווי געווײנלעכ עמעצער פונ דער ראַיאָנער נאַטשאַלסטווע; ער איז ניט אַראָפּגעשפּרונגענ פונ שליטנ אונ, פאַרבײַ די מענטשנ, האַלטנדיק זיכ

באמ פאָרטפעל, גלייַכ אינ דאָרפראט געלאָפנ, נאָר ער האָט אַליינ גענומענ אויסשפּאַנענ די פערד, געהאָלפנ דעמ פורמאַנ און באַוויזנ זייַנ אמאָליקע קענטשאַפט און פלינקייַט אינ באַגייַנ זיכ מיט א פערד. אָבער גלייַכצייַטיק האָט עס זיי טאַקע פאַרוווּנדערט.

— ווי־זשע קומט עס, וואָס דו, באַוער, מיעסט זיכ ניט מיט פערד? צי איז עס דענ אַנ אַרבעט, לאָמיר זאָגנ, פאַר אַנ אָנגעשטעלטנ? און דער פורמאַנ צו וואָס איז? — האָט ניט אויסגעהאַלטנ דער שוואַרצבערדיקער.

— דאָס איז פאַר אונדז זייער מאָדנע — האָט אָפּנ זיכ מוידע געווענ דער אַלטער.

ענטפערנ האָט דאַווידאָוו ניט באַוויזנ.

— ער איז דאָכ א שמיד! האָט אַנטוישט אויסגעשריִענ א יונג געל=וואָנציק קאָזאַקל, וווּנדיק אַפ דאַווידאָווס הענט, וואָס זייַנענ באַדעקט געווענ אַפ די דלאָניעס מיט א פאַרבלייַטער הויט פונעמ באַרירנ קעסיידער מעטאַל, אַפ די נעגל מיט פאַרעלטערטע קאַרבנ.

— א שלאָסער, — האָט פאַריכט דאַווידאָוו. — נו, נאָכוואָס גייט איר אינ ראַט?

— פונ אינטערעס וועגנ, — האָט פאַר אַלעמענ געענטפערט דער אַלטער, זיכ אָפּשטעלנדיק אַפנ אונטערשטנ גאַנעק־טרעפּל. — מיר זייַנענ נייַגעריק צו וויסנ נאָכוואָס ביסטו צו אונדז געקומענ? ווידעראַמאָל וועגנ ברויט־פאַרגרייטונגענ...

— וועגנ קאָלווירט.

דער אַלטער האָט צעצויגנ און מיט פאַרדראָס א פייַפ געטאָנ און דער ערשטער זיכ אָפּגעקערט פונעמ גאַנעק.

פונעמ, נידעריקנ צימער האָט שאַרפ געשמעקט מיט זויערער וואַרעמקייַט פונ אָפּגעגאַנגענע שעפּסנ־פעלצנ און האָלצזאַוש. באַמ טיש איז געשטאַנענ מיטנ פּנעמ צו דאַווידאָוונ א הויכער גראַדפּלייציקער מענטש און אויסגעדרייט דעמ קנויט פונעמ לאָמפּ. אַפ זייַנ באַקיכהעמדל האָט זיכ גערויטלט אַנ אָרדענ פונ דער רויטער פאַנ. דאַווידאָוו האָט זיכ אָנגעשטויסנ, אַז דאָס איז עס דער סעקרעטאַר פונ גרעמיאַטשער פאַרטיי=קעמערל.

— איכ בינ דער באַפולמעכטיקטער פונעמ ריַיקאָמ. דו ביסט דער סעקרעטאַר פונעמ קעמערל, באַוער?

— יאָ, דער פאָרזיצער פונעמ ראַט וועט באַלד קומענ. — נאגול-

נאָוו האָט אָנגעקלאַפּט מיטן פויסט אין וואַנט און איז צוגעגאַנגען צו דאַווידאָווען. געווען איז ער ברייט אין דער ברוסט, און, ווי א קאַוואַ־לעריסט, קרומפיסיק. איבער זיינע געלבלעכע אויגן מיט די אומגעווייג־לעך גרויסע, ווי מיט סמאָלע אָנגעגאָסענע שוואַרצאַפּלען, זיינען געווען צונויפגעוואַקסן די געדיכטע שוואַרצע ברעמען. ער וואָלט געווען שיין מיט יעגער ניט שרייענדער, אָבער פאַרגעהענקלעכער מענערשער שיינ־קייט, ווען ניט דער צופיל רויבערשער אויסשניט פון זיינע נאָזלעכער אין דער ניט גרויסער אונטערגעהאַקטער נאָז, ווען ניט דאָס מוטנע הייטל אין די אויגן.

פונעמס שביינעסדיקן צימער איז אַרויס א פעסטגעבויטער קאָזאַק אין א ציגענער גרויער פּאַפּאַכע, פאַרוקט אפ דער פּאָטיליצע, אין א סורדעט פון שינעל־געוואַנט און אין קאָזאַקישע הויזן מיט לאַמפּאַסן, פאַרשטעקטע אין ווייסע וואָלענע זאָקן.

— אָט דאָס איז ער, דער פּאָרזיצער פונעמס ראַט, אַנדריי האָז־מיאָנטאָוו.

דער פּאַרזיצער האָט שמייכלענדיק צוגעגלעט מיט דער דלאָניע די ווייסלעכע און געקרייזלטע וואָנצעס און מיט ווערדע אויסגעשטרעקט די האַנט צו דאַווידאָוון.

— און איר, ווער זייט איר? דער באַפולמעכטיקטער פון ריי־קאָם? אַהאַ! אייערע דאָקומענטן... דו האָסט געזען, מאַקאַר? איר זייט אפּאָ־נעמס געקומען וועגן קאָלווירטישע איניאַניים? — ער האָט באַטראַכט דאַווידאָוון מיט נאַיווער אומגעשטערטקייט, אָפּט פינטלענדיק מיט די אויגן, לויטערע, ווי א זומערדיקער הימל. אפן פאַרברוינטן, לאַנג ניט געגאָלטן פּאָנעם זיינעם מיטן העל בלויען שניט, וואָס האָט אין דער קוועד אַרומגעטאַרטלט דעם שטערן, האָט זיך בווילעט אָנגעזען זיין אומגעדולדיקע דערוואַרטונג.

האַווידאָוו האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, דערציילט וועגן די אויפ־גאַבן, וואָס די פּאַרטיי האָט געשטעלט דורכצופירן א צווייבאָהאַשימ־דיקן מאַרש פאַר דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע, און פאַרנעלייגט שוין מאָרגן דורכפירן א פאַרזאַמלונג פון דער אָרעמשאַפט און פונעמס אַקטיוו.

נאַגולנאָוו האָט, באַלויכטנדיק די לאַגע, געגומען רייידן וועגן גרע־מיאַטשער געגנט („טאָז").

ראַזמיאָטנאָוו האָט אויך אים געהערט אויפמערקזאַם, פון צייט צו צייט אַריינגעשטעלט א פראַזע און ניט אָפּגענומען די האַנט פון דער באַק, וואָס איז געווען פאַרשוואומען מיט א ברוינלעכער רויטקייט.

— דאָ בא אונדז איז פאראנ די אָנגערופענע געזעלשאפט פונ גע-מיינזאמער ערד-באארבעטונג. וועל איכ אייכ זאָגנ, כאווער ארבעטער, אז דאָס איז נאָר כוויזעק פונ דער קאָלעקטיוויזאציע און א הוילער הע-זעק פאר דער ראטנמאכט, — האָט גערעדט נאגולנאָוו און זיכ אופ-גערעגט. — זי באשטייט פונ אכצנ הויפנ — בלויז פונ אָרעמשאפט. אָבער וואָס-זשע באקומט זיכ הערפונ? אומבאדינגט כוויזעק. זיי האָבנ זיכ צונויפגעלייגט און אפ אכצנ הויפנ האָבנ זיי פיר פערד און איינ פאָר בוהייענ, אָבער עסערס — הונדערט זיבנ. ווי דארפנ זיי זיכ בא-רעכטיקנ פארנ לעבנ? מע גיט זיי, פארשטייט זיכ, לאנגטערמיניקע קרעדיטנ אפ צו קויפנ מאשינעס און שלעפקראפט. די קרעדיטנ נעמענ זיי, אָבער אָפגעבנ זיי וועלנ זיי ניט קאָנענ אפילע אינ א לאנגנ טער-מינ. אָט וועל איכ אייכ דערקלערנ פארוואָס: ווענ זיי האָבנ א טראַק-טער, איז אנ אנדער שמועס, אָבער קיינ טראַקטער האָט מענ זיי גיט געגעבנ, און אפ די בוהייענ קאָנ מענ ניט גיכ רײַכ ווערנ. און נאָכ וועל איכ אייכ זאָגנ, אז זיי פירנ א צעקאליעטשעטע פאָליטיק, און איכ וואָלט זיי שוינ לאנג צעטריבנ דערפאר, וואָס זיי האָבנ זיכ אונטערגעלייגט אונטער דער ראטנמאכט, ווי א פארשיווע קאלב: זויגנ, זויגנ און קיינ וווּקס זעט מענ ניט. אויכ איז פאראנ צווישנ זיי א מיינונג: „ע, מע וועט אונדז סײַוויסײַ געבנ! און נעמענ בא אונדז פאר די כויוועס איז ניטאָ וואָס. דערפונ איז בא זיי א צעוואלגערטע דיס-ציפלינ און דער „גערעב" דער דאָזיקער וועט מאָרגנ זײַנ א געשטאָר-בענער. דאָס איז טאקע א ריכטיקער געדאנק — אלעמענ צונויפקלײַבנ אינ איינ קאָלווירט. דאָס וועט זײַנ אנ אנטיק, ניט קיינ לעבנ! אָבער די קאָזאקנ, זאָג איכ אייכ, זײַנענ א פאָלק א הארטנעקינס און ס'וועט אויסקומענ עס אײַנצוברעכנ...

— פונ אייכ איז עמעצער ארײַנגעטראָטנ אינ דער דאָזיקער געזעל-שאפט? — האָט, באקוקנדיק זײַנע מיטשמועסער, געפרעגט דאווידאָוו.

— ניינ, — האָט געענטפערט נאגולנאָוו. — איכ בינ אינ 20-טנ יאָר ארײַנגעטראָטנ אינ א קאָמונע. זי איז מיטנ לויפ פונ דער צײַט זיכ פאנאנדערגעפאלנ פונ שקורניקעריי. איכ האָב זיכ אָפגעזאָגט פונ אייגנטום. איכ בינ פול מיט בייזקייט קעגנ דעמ, און דעריבער האָב איכ אָפגעגעבנ די בוהייענ און דעמ אינווענטאר דער שכיינעסדיקער קאָמונע נומ. 6 (זי עקזיסטירט נאָכ ביז איצט), און אליינ מיטנ ווײַב האָב איכ גארנישט ניט. ראזמיאָטנאָוו האָט ניט געקאָנט געבנ אזא בײַשפּיל: ער איז אליינ אנ אלמענ און האָט בלויז איינייניציקע אלטע

מאַמע. טרעט ער אַרײַנ, וואָלט ער זיכ ניט געקאָנט אויסצאָלנ זײַנ גאַנצ לעבנ. מע וואָלט געזאָגט: „ער האָט אָנגעבונדנ די אַלטע אַפ אונדז, ווי אַפ אַ ציגײַנער מאַטעריע, און אַלײנ אינ פעלד אַרבעט ער ניט". דאָ איז אַ פײַנ שטיקל אַרבעט. און דער דריטער מיטגליד פונ אונדזער קעמערל, ער איז איצט אינ וועג, איז אָנ אַ האַנט. אַ דרעש־מאַשינ האָט אימ אַ האַנט אָפּגעריסנ. נו, ער האָט ניט קײנ האַרצ צו גײנ אינ אַרטעל. עסערס זײַנענ דאָרטנ, הײסט עס, אָנ מיר אויכ פאַ־ראַנ גענוג.

— יאָ, מיטנ „גערב" אונדזערנ איז אַנ אומגליק — האָט ראַז־מיאָטנאָוו באַשטעטיקט — זײַנ פאָרזיצער, אַרקאַשקע לאָסיעוו, איז אַ שלעכטער באַלעבאָס. געפונענ וועמענ אויסצוקלײַבנ! מע דאַרפ זיכ מוידע זײַנ, מיר האָבנ מיט דעמ איניענ זיכ באַנאַרישט. מע האָט אימ ניט געדאַרפט צולאָזנ צו דער שטעלע.

— וואָס איז? — האָט דאַווידאָוו געפרעגט, דורכקוקנדיק דעמ אײגנטומ־צעטל פונ די באַלעבאָסישע ווירטשאַפטנ.

— דאָס, — האָט שמײכלענדיק גערעדט ראַזמיאָטנאָוו, — וואָס ער איז אַ קראַנקער מענטש. ער וואָלט לויט זײַנ לעבנס־ליניע נאָר געדאַרפט זײַנ אַ סויכער. דערמיט קרענקט ער טאַקע: אַלצ וואָלט ער געביטנ און איבערפאַרקויפט. ער האָט אַ טעל געמאַכט פונעמ „גערב" ביזנ דעק! אַ בוהײַ אַ ראַסעוונ האָט מענ געקויפט, — האָט ער זיכ באַ־קלערט אימ אויסבײַטנ אַפ אַ מאָטאָציקלע. האָט ער פאַרדרײט זײַנע מיטגלידער, מיט אונדז זיכ ניט מעיאַשעוו געווענ, און מיר זעענ, ער פירט פונ דער סטאַנציע די דאָזיקע מאָטאָציקלע. זײַנענ מיר דערצי־טערטע געוואָרנ, פאַרנ קאָפּ זיכ געכאַפט! נו, געבראַכט, אָבער אָנפירנ מיט איר קענ קײנער ניט. און אַפ וואָס דאַרפנ זײ זי? אי צאָרעס, אי געלעכטער. אינ דער סטאַנציע האָט ער זי געפירט. דאָרט האָבנ געניטע מענטשנ אַ קוק געטאָנ און געזאָגט: „וועלאָוועלער וועט זײַנ זי אַרומפאַרנ און אַרויסוואַרפנ". עס האָבנ געפעלט אַזעלכע טײלנ, וואָס נאָר אַפנ זאַוואָד קאָנ מענ זײ מאַכנ. פאַר זײ וואָלט מענ פאַר אַ פאָר־זיצער געדאַרפט האָבנ יאַקאָוו לוקיטש אָסטראָוונאָוו. אָט דאָס איז אַ קאָפּ! אַ נײַעמ ווײַצ האָט ער פונ קראַסנאָדאַר אויסגעשריבנ פונ מע־לאַנאָפּוסער אָפּשטאַמונג, וואָס קאָנ בײַשטײנ יעדנ טרוקנווינט, דעמ שנײ האַלט ער שטענדיק אײַנ אַפ זײַנע פעלדער און אַ גערעטעניש האָט ער שטענדיק אַ בעסערע. בעהײמעס האָט ער אויסגעהאָדעוועט ראַסעווע. כאָטש ער קרעכצט אַ קאַפּעלע, ווענ מיר קוועטשנ אימ צו

מיטן שטעכער, נאָר א באלעבאָס איז ער א גוטער, א לויב־צייגעניש האָט ער באקומען.

— ער איז ווי א ווילדער גאַנער צווישן זיינע ווייניקע, עפעס אלץ אָן א זייט, פונדערוויטנס, האלט ער זיך, — האָט מיט צווייפל נאָגולגאווו א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— גו, ניין! ער איז אַן אייגענער מענטש, — האָט ראזומיאָטנאָווו מיט איבערצייגונג דערקלערט.

# קאפיטל 3

באנאכט, ווען צו יאקאָוו לוקיטש אָסטראָוונאָוון איז געקומען צו פאָרן זיין געוועזענער מיליע־קאָמאנדיר, דער יעסאול פּאָלאָוצעוו, איז בא זיי געווען א לאנגער שמועס. אין כוטאָר האָט מען יאקאָוו לוקיטשן געהאלטן פאַר א מענטשן מיט א גרויסן סייכל, מיט פּיקסענע גענג־געלעכע און פאַרזיכט, און דאָך האָט ער זיך ניט איינגעהאלטן אָן א זייט פונעם קאמף, וואָס האָט מיט ווילדקייט אופגעפלאקערט איבער די כוטאָרס, און ס'האָט אים ווי אין א קעסל־גרוב אריינגעצויגן אין די געשעענישן. פון יענעם טאָג אָן איז יאקאָוו לוקיטשעס לעבן אוועק אפּ א געפערלעכן באַרג־אראָפּ...

דערמאָנט נאָך דער וועטשערע האָט יאקאָוו לוקיטש ארויסגענומען זיין טאבעקס־בייטעלע, זיך צוגעזעצט אפן קופערט, אונטערבייגנדיק א פוס אין א גראָבן וואָלענעם זאָק; ארויסגערעדט, אויסגעגאָסן אלץ, וואָס האָט אים יאָרנלאנג אָנגעזאָטן אפן האַרצן:

— וועגן וואָס איז דאָ צו ריידן, אלעקסאנדער אניסימאָוויטש? דאָס לעבן פרייט ניט, איז ניט ניכע, אָט האָבן נאָר א טראָפּעלע די קאָזאקלעך גענומען זיך אָננעמען מיט באלעבאטישקייט, רייכער ווערן, די שטייערן זיינען אין 26־טן אָדער 27־טן יאָר געווען, נו, לאָמיר זאָגן, צו דערטראָגן. איז איצט ווידער אוועק מיטן קאָפּ אראָפּ. באַ־אייך אין דער סטאניצע וואָס הערט זיך, מע הערט עפּעס וועגן דער קאָלעקטיוויזאציע, צי ניט?

— מע הערט, — האָט קורץ געענטפערט דער גאַסט, איינגעצוי־דיק מיט שפּיצן דאָס פּאפּירל, און אופּמערקזאַם פון אונטער־שטערן ארויסגעקוקט אפן באלעבאָס.

— הייסט עס, אַז פון דעם לידל ווייסט מען אומעטום מיט

טרערנ? אָט וועל איכ אײַכ באַלד זאָגנ ווענג זיכ: אינ 20־טנ יאָר בינ איכ געקומענ פונ אונדזער צוריקמאַרש. באַם שוואַרצנ יאַם זײַנענ געבליבנ מײַנע צוויי פּאָר פערד אונ דאָס גאַנצע גוטס. געקומענ צוריק צומ הוילנ שטיבל. פונ דער צײַט אָנ האָב איכ געאַרבעט טאָג אינ נאַכט. מיט דער ברויט־האַזוויאַרסטקע האָבנ די באַוויירימ אָנהייב מיכ באַוואָלט: מע האָט אויסגעראַמט די גאַנצע טוווּע, ווי מיט א בעזעמ. שפּעטער האָב איכ שוינ פונ די דאָזיקע אוולעס דעמ כעזשבנ פאַרלאָרנ. כאָטש אי כעזשבנ קאָנ מענ פונ זיי מאַכנ: זיי באַוואָלענ אונ גיבנ אַרויס א קוויטל, מע זאָל ניט פאַרגעסנ. — יאַקאָוו לוקיטש איז אויפגעשטאַנענ, אַרײַנגעשטעקט די האַנט הינטערנ שפּיגל אונ אַרויסגעשלעפּט, שמייכלענדיק אינ די אונטערגעשאָרענע וואָנצעס, א בינטל פּאַפּירנ. — אָט זײַנענ זיי, דאָ זײַנענ קוויטלעכ ווענג דעמ, וואָס איכ האָב אָפּגעגעבנ אינ 26־טנ יאָר: אונ אָפּגעגעבנ האָב איכ אי ברויט אי פּלייש אי פעל אי וואָל אי אויפעס אי גאַנצע אָקסנ האָב איכ געפירט אינ דער פאַרגרייט־קאָנטאָר. אונ דאָס זײַנענ די שטײַער־ליסטעס פונעמ אײַנהײַטלעכנ דאָרפישנ שטײַער, פונעמ זעלבסטבאַשטײַער אונ ווידעראַמאָל קוויטלעכ פאַר סטראַכאָווקע... אי פאַרנ רויכ פונ קוימענ האָב איכ געצאָלט אי דערפאַר, וואָס דאָס בעהיימעלע שטייט א לעבעדיקס אפנ הויפ... אינגיכנ וועל איכ אָט די פּאַפּירלעכ א פול זעקל אָנקלײַבנ. מיט איינ וואָרט, אַלעקסאַנדער אַניסימאָוויטש, איכ האָב געלעבט — אי אַליינ האָב איכ בא דער ערד זיכ געשפּײַזט אי אַנדערע האָבנ זיכ בא מיר געשפּײַזט. כאָטש ניט אייג מאָל האָט מענ פונ מיר די הויט געשונדנ, אָבער איכ פלעג ווידער מיט איר אַרומוואַקסנ. איכ האָב פונ אָנהייב אָנגעלעבט א פּאָר עקסלעכ. — זײַנענ זיי אונטערגעוואַקסנ, האָב איכ איינעמ אָפּגעגעבנ דער קאַזנאַ אפ פלייש. פאַר דעמ ווײַבס גיי־מאַשינ האָב איכ געקויפט אַנ אַנדערנ. אינ א צײַט אַרומ, צומ 28־טנ יאָר, איז צוגעקומענ נאָכ א פּאָר פונ די אייגענע קי. זײַנענ געוואָרנ בא מיר צוויי פּאָר אָקסנ אונ צוויי קי. דאָס שטימרעכט האָט מענ בא מיר ניט אָפּגענומענ, אונ שפּעטער האָט מענ מיכ פאַרעכנט פאַר דעמ בעסטנ מיטלפּויער.

— אונ פערד האָסטו? — האָט זיכ פאַרינטערעסירט דער גאַסט.

— וואַרט א ווײַלע, כ׳וועל זאָגנ אויכ ווענג פערד. איכ האָב געקויפט בא א שכיינע א לאָשעק פונ ריינע בלוטנ פונ א דאָנער שקאַפּע (געבליבנ איינע אפנ גאַנצנ כוטער), איז אויסגעוואַקסנ די

שקאַפּקע, — נו, באַשעט א קינד! קליינ־געוויקסיק, ניט פאר דער ארמיי, פעלט א האלבער ווערשאָק* אָבער ספּריטנע — ניטאָ איר גלייכנ! אינ דער קרייז־שטאָט האָב איכ באַקומענ פאר איר אפ דער אויסשטעלונג פונ דאָרפישנ לעבנ א באַלוינונג אונ א שיינ, ווי פאר א ראַכעווע. איכ האָב אָנגעהויבנ צוהערנ זיכ צו די אגראָנאָמענ, גענומענ פירנ א דיכטיקנ זייפאַרקער, אָנגעהויבנ ארומגיינ ארום דער ערד, ווי ארום א קראַנק ווייב, קוקורוזע איז בא מיר די ערשטע אינ כוטער, די גערעטעניש בעסער ווי בא אַלעמענ. איכ פלעג אי די זריע דורכמאַכענ אי שניי־פאַרהאַלטערס געמאַכט. געזייט יאַרעווע נאָר אפ פריר־אקער אָנ פּרילינג־אקער. פאר איז בא מיר פונ שטענדיק דער ערשטער. מיט איינ וואָרט, איכ בינ געוואָרנ א באַלעבאָס, אונ וועגנ דעמ האָב איכ א לויב־צייגעניש פונ דער קרייזישער ערד־פאַרוואַלטונג. אָט, גיט א קוק.

דער גאַסט האָט א בליק געטאָנ אינ דער ריכטונג פונ יאַקאָוו לוקיטשעס פינגער אפנ בויגנ פּאַפּיר מיטנ טריוואַקס־שטעמפּל, איינגעראַמט אינ א הילצערנער ראַמ, וואָס איז געהאַנגענ בא דער זייט פונ די איקאָנעס, אינ איינ ריי מיט וואָראָשילאָווס פּאָרטרעט.

— יאָ, מע האָט צוגעשיקט א גראַמעטע אונ דער אגראָנאָמ האָט אפילע א ביגטל פונ מייננ גאָרנאָוואָקע־ווייצ געפירט קיינ ראָסטאָוו צו באַווייזנ דער מאַכט, — האָט מיט שטאָלצ פאַרגעזעצט יאַקאָוו לוקיטש. — די ערשטע יאָרנ האָב איכ געזייט פינפ דעסיאַטינ, דערנאָכ, ווענ איכ בינ אריינ אינ די פעדערנ, האָב איכ גענומענ שטאַרקער דעמ רוקנ אויסבייגנ: צו דריי, צו פינפ אונ צו זיבנ קרייזנ** געזייט, אָט ווי! געאַרבעט האָב איכ אונ דער זונ מיטנ ווייב. צוויי מאָל נאָר האָב איכ גענומענ אַנ ארבעטער אינ דער הייסער צייט. די ראַטנמאַכט האָט אינ די דאָזיקע יאָרנ אזוי דיקטירט: פאַרזיי וואָס מער דו קענסט! האָב איכ געזייט, אז די אינגעווייד פלעגט ארויסקריכנ, גאָט איז אַנ איידעס! אונ איצטער, אלעקסאַנדער אניסימאָוויטש, גלייבט מיר אפנ וואָרט — איכ האָב מוירע, אז פאר די דאָזיקע זיבנ קרייזנ פאַרזיי וועט מענ מיכ דורכשלעפּנ דורכנ לעכל פונ א נאָדל, מע וועט מיכ אויסבאַלעבאָטעווענ. אונדזער

* פאר דער רעוואָליוציע פלעגט מענ א פערד, וואָס א קאָזאַק האָט געדאַרפט אפ אימ אָפּדינענ מיליטער־דינסט, אָננעמענ מיטנ באַדינג, אויב עס האָט געהאַט ניט ווייניקער פונ 2 ארשינ אונ א $1/2$ ווערשאָק אינ דער הויכ.

** א קרייז איז פיר דעסיאַטינ.

פּאָרזיצער פֿון ראַט, דער רויטער פּאַרטיזאַן מאַיִער ראַזמיאָטנאָוו, און פֿראָסט גערעדט אַנדריושקאַ, האָט מיך אַרײַנגעבראַכט אין דער זינד, אין זײַן מאַמען! „זײַ, — פֿלעגט ער זאָגן, — יאַקאָוו לוקיטש, די מאַקסימע, וואָס דו וועסט דערהייבן, העלף אונטער דער ראַטנמאַכט, זי דאַרף איצט ברויט זייער נייטיק האָבן". איך האָב געצווייפֿלט, און איצט דאַכט זיך, אַז עס וועט מיך פֿאַר דער דאָזיקער מאַקסימע די פֿיס אָפּן קאָרק ווי מיט אַ שלייף פֿאַרציִען, גאָט זאָל ניט שטראָפֿן!

— אין קאָלווירט פֿאַרשרײַבט מען זיך בײַ אײַך? — האָט דער גאַסט געפֿרעגט. — ער איז געשטאַנען לעבן דעם אויוון, מיט די הענט אויף הינטן, אַ ברייטפּלייציקער, אַ גרויסקעפּיקער און פֿעסטגע-בויטער, ווי אַ לאַנטעב מיט קאָרן.

— אין קאָלווירט? דערווײַל האָט מען שטאַרק ניט דאָקוטשעט, אָט מאָרגן וועט זײַן אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון דער אָרעמשאַפֿט. מע איז געגאַנגען פֿאַרנאַכט און אָנגעזאָגט. אונדזערע אייגענע האָבן זייער גאָרניט געריסן פֿון ווײַנאַכטן אָן. „טרעט אַרײַן און טרעט אַרײַן". נאָר מענטשן האָבן זיך אָפּגעזאָגט און גענוג, קיינער האָט זיך ניט פֿאַרשריבן. ווער-זשע וועט זיך אַליין אָנטאָן צאָרעס? אַפּאָנעם, אַז אויך מאָרגן וועט מען אונדז שאַדכענען. מע שמועסט, אַז הײַנט פֿאַרנאַכט איז געקומען עפּעס אַן אַרבעטער פֿון ראַיאָן און ער וועט אַלעמען אַרײַנטרײַבן אין קאָלווירט אַרײַן. אַ סאָף קומט צו אונדזער לעבן. אָנגעלעבט זיך, אַ הויפֿן מאָזאָליעס און אַ הויקער האָב איך אָנגעלעבט, און איצט גיב איך אָפּ דאָס גאַנצע גוטס אין אַלגעמיי-נעם קעסל. אי די בעהיימע אי דאָס ברויט אי די אויפֿעס אי דאָס הויז, הייסט עס? קומט אויס אַן ערעך: דאָס ווײַב גיב אָפּ דעם פֿעטער, און אַליין גיי צו אַ נעקייווע, ניט אַנדערש. זאָגט אַליין, אַלעקסאַנדער אַניסימאָוויטש, איך וועל אין קאָלווירט ברענגען אַ פּאָר אָקסן (איין פּאָר האָב איך שוין באַוויזן צו פֿאַרקויפֿן אין „סאָיוזמיאַסאָ"), די שקאַפּע מיטן לאָשעק, דעם גאַנצן אינווענטאַר, דאָס ברויט, און אַ צווייטער וועט ברענגען לײַז אַ פֿולן טאָפּ. וועלן מיר זיך צונויפֿלייגן מיט אים און מיר וועלן די רעוואָכים זיך טיילן אָפּ גלײַך. איז עס דען פֿאַר מיר ניט קיין אַוולע?.. ער, קאָן זײַן, איז אַ גאַנץ לעבן אָפּן אויוון געלעגן און וועגן אַ פֿעט שטיקל גע-טראַכט, און איך... נאָר וואָס איז צו ריידן! אָ! — און יאַקאָוו לוקיטש האָט זיך אַ שנײַדער געטאָן איבערן נאָרגל מיטן קאַנט פֿון זײַן שאָרסטקער דלאָניע. — נו, גענוג וועגן דעם. ווי-זשע לעבט איר?

איר דינט איצט אינ אנ אנשטאלט, אָדער עפעס מיט א מעלאָכע פאַרנעמט איר זיכ?

דער גאסט איז צוגעגאנגענ צו יאקאָוו לוקיטשנ, זיכ צוגעזעצט אפנ בענקל אונ ווידער גענומענ אויפדרייענ א ציגארל. ער האָט פאר־טיפט געקוקט אינ טאבעקבײַטעלע, אונ יאקאָוו לוקיטש — אפנ ענגנ קראגנ פונ זײַנ אלטינקער טאָלסטאָווקע, וואָס האָט זיכ ארײַנגעשניטנ אינ ברוינעמ, געדיכט אָנגעגאָסענעמ האלדז, אפ וועלכנ ס'זײַנענ פונ ביידע זײַטנ אונטערנ גארגל אָנגעשטרענגט אויפגעלאָפנ די אָדערנ.

— דו האָסט געדינט אינ מײַנ מײַע, לוקיטש... געדענקסט אמאָל אינ יעקאטערינאָדאר, דאכט זיכ, בײַמ אָפטרעטנ, איז געווענ בײַ מיר א שמועס מיט די קאָזאקנ וועגנ דער ראטנמאכט? איכ האָב נאָכ דערמאלט געווארנט די קאָזאקנ, געדענקסט? „איר וועט ביטער א טאָעס האָבנ, עס וועלנ אײַכ צעקוועטשנ די קאָמוניסטנ, ווי א האָרנ פונ א באָק וועלנ זיי אײַכ צונויפדרייענ. איר וועט זיכ כאפנ, אָבער ס'וועט שוינ זײַנ שפעט". — ער איז אנשוויגנ געוואָרנ, אינ זײַנע בלוילעכע אויגנ האָבנ זיכ אײַנגעצויגנ די פיצינקע שווארצאפלענ, די גרויס ווי א שפילקע־קעפל, אונ האָט א דיגעמ שמייכל געטאָנ: — איז עס ניט אזוי, ווי איכ האָב געזאָגט? איכ בינ פונ נאָוואָראָסיסק ניט אוועק־געפאָרנ מיט אונדזערע. ס'האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ, מע האָט אונדז דערמאלט פאראטנ, עס האָבנ אונדז איבערגעלאָזט די פרײַוויליקע אונ די פארבינדעטע. איכ בינ ארײַנגעטראָטנ אינ דער רויטארמיי, קאָ־מאנדעוועט מיט אנ עסקאדראָנ אפנ וועג צומ פוילישנ פראָנט... געווענ בײַ זיי א קאָמיסיע אזא, א פילטראציאָנעלע דורכצוקאָנטראָלירנ די געוועזענע אָפיצערנ... האָט מיכ די דאָזיקע קאָמיסיע אראָפגענומענ פונ דער שטעלע, ארעסטירט אונ אָפגעשיקט אינ רעוטריבונאל. נו, זיי וואָלטנ מיכ דערשאָסנ, די כאווײרימ, אָנ סאָפעק, אָדער אָפגעשיקט אינ קאָנצענטראציע־לאגער. דו שטויסט זיכ אָנ פארוואָס? עפעס א הינטישער זונ, א מאָסער, מיט מיר פונ אײנ סטאניצע האָט גע־מאסערט, אז איכ האָב זיכ באטייליקט אינ קעגנ פארטיאָלקאָוונ. אפנ וועג אינ טריבונאל בינ איכ אנטלאָפנ... לאנג זיכ אויסבאהאלטנ, געלעבט אפ א פרעמדער פאמיליע אונ אינ 1923 יאָר האָב איכ זיכ אומגעקערט צו זיכ אינ סטאגיצע. א דאָקומענט, אז איכ בינ אמאָל געווענ א קאָמעסקאדראָנ, האָב איכ געהאט צוגעגרייט, גוטע ברידער האָבנ זיכ געפונענ, מיט אײנ וואָרט איכ בינ געבליבנ לעבנ. די ער־שטע צײַט האָט מענ מיכ געשלעפט אינ קרײַז־שטאָט אינ דער פאָליט־

בּיוראָ פון האַנטשעקאַ, זיך ווי־ניט־איז אויסגעדרייט, געוואָרן אַ לע־רער, און געלערנט ביז דער לעצטער צייט. נו, און איצט... איצט איז אַן אַנדער זאַך. איך פאָר אין אוסט־כאַפּערסקאַיאַ וועגן אַן איניען און בין אַרײַנגעפאָרן צו דיר, ווי צו אַן אַלטן פאָלק־כאַווער.

— געווען אַ לערער? אַזוי... איר זײַט אַ מענטש אַן אָנגע־לייענטער, די ביכער־וויסנשאַפט האָט איר בײַגעקומען, וואָס־זשע ווע עס זײַן ווײַטער? ווזהין וועלן מיר זיך דערטאַנצן מיט די קאָלווירטן?

— צום קאָמוניזם, ברודער. צום סאַמע עמעסן. איך האָב געלייענט אין קאַרל מאַרקסן אין דעם באַרימטן מאַניפעסט פון דער קאָמוניס־טישער פּאַרטיי. ווייסט, וואָס פאַר אַ סאָף ס'וועט זײַן פון די עם קאָלווירטישן איניען? פריער אַ קאָלווירט, דערנאָך אַ קאָמונע — פולשטענדיקע פאַרניכטונג פון אייגנטום. ניט נאָר די אָקסן, נאָר אויך די קינדער וועט מען בײַ דיר צונעמען אויף מעלוכישער דערציִונג. אַלץ וועט זײַן אַלגעמיינע: קינדער, ווײַבער, טעפּלעך, לעפֿלעך. די וואָלסט וועלן לאָקשן מיט געגנהזענע דרויבעלעך עסן, און דיך וועט מען מיט קוואַס קאָרמענען. ווי אַ לײַבײגענער וועסטו בײַ דער ערד זײַן.

— און אויב איך פאַרלאַנג אַזוי ניט?

— בײַ דיר וועט מען אַפילע ניט פרעגן.

— ווי זשע קאָן עס אַזוי זײַן?

— אָט אַזוי־אָ.

— פײַן!

— נו, נאָך אַ מין! איצט וועל איך בײַ דיר פרעגן: — ווײַט, קאָן מען אַזוי לעבן?

— ווײַטער איז אומעגלעך.

און אויב אומעגלעך, דאַרף מען עפּעס טאָן, דאַרף מען קעמפן.

— וואָס רעדט איר, אַלעקסאַנדער אַניסימאָוויטש! מיר האָבן גע־פּרוּווט, געקעמפט... בעשומויפן ניט מעגלעך. אַפילע קלערן דערפון קאָן איך ניט.

— פּרוּוו! — דער גאַסט האָט זיך האַרט צוגערוקט צום מיט־שמועסער, זיך אומגעקוקט אויף דער פעסט־פאַריגלטער טיר פון דער קיך און, פּלוצעם בלייך ווערנדיק, האָט ער גענומען ריידן האַלב־שטיל:

— איך וועל דיר אָפן זאָגן, איך האָף אויף דיר: אין אונדזער סטאַ־ניצע קלײַבן זיך די קאָזאַקן מאַכן אַן אופשטאַנד. און דו מיינן ניט, אַז ס'איז אַזוי פּראָסט, מיר זײַנען פאַרבונדן מיט מאָסקווע, מיט גענעראַלן, וואָס דינען איצט אין דער רויטער אַרמיי, מיט אינזשע־

ניערן, האָם נאָרבעטן אין פאַבריקן און זאַוואָדן, און אפילע וויטער: מיט אויסלאַגך, יאָ, יאָ! אויב מיר וועלן זיך פעיסט אָרגאַניזירן און מיר וועלן אַרויסטרעטן האַפּקע איצט, איז צו פרילינג וועט מיט דער הילף פון אויסלענדישע מעלוכעס דער דאָן שוין זיין א ריינער. פריר־אקער וועסטו פאַרזייען מיט דיין זריִע און פאַר זיך אליין. וואַרט צו, דו וועסט שפּעטער זאָגן. אין אייער ראַיאָן זיינען פראַנן פיל אונדזערע מיטפּילער. זיי דאַרף מען פאַרייניקן און צונויפנעמען. אָט וועגן דעם איניען פאַר איך עס אין אוסט־כאָפּערסקאַיאַ. די פאַריי־ניקסט זיך צו אונדז? אין אונדזער אָרגאַניזאַציע האָבן מיר שוין מער פון דריי הונדערט געדינטע קאָזאַקן. אין דובראָווסקאָיע, אין וואָיסקאָוואָיע, אין טוביאַנסק, אין קליין־אָלכאָוואַצק און אין אַנדערע כוטערס זיינען דאָ אונדזערע שלאַכט־גרופּעס. מע דאַרף אויך אזא גרופּע צונויפקלאַפּן בא אייך אין גרעמיאַטשי. נו רייד.

— די מענטשן זיינען אַנמצופרידן פון די קאָלווירטן און פון אָפּגעבן דאָס ברויט...

— וואַרט! ניט וועגן מענטשן, נאָר וועגן דיר רעדט זיך. איך פרעג דיך, נו?

— אזעלכע זאַכן קאָן מען דען מיטאַמאָל באַשליסן?.. דאָ קאָן מען דעם קאָפּ לייגן אונטערן מעסער.

— גיב א קלער... לויטן באַפעל טרעטן מיר גלייכצייטיק אַרויס פון אַלע כוטערס. מיר לאָזן זיך וואַוועק צו אייך. מיר פאַרכאַפּן אייער ראַיאָנע סטאַניצע, די מיליציע און די קאָמוניסטן וועלן מיר איינ־ציקווייז אַרויסשלעפּן פון זייערע דירעס און דערנאָך וועט שוין פלאַ־קערן אָן א וויגט אויך.

— נאָר מיט וואָס?

— עס וועט זיך געפינען! אויך בא דיר איז מיסטאַמע פאַרבליבן?

— ווער וויים... האָבט זיך, ערגעץ האָט זיך געוואַלגערט עפּעס א שיסערל... אָן עסטרייכישער, אפּאָנעמ..

— מיר דאַרפן נאָר אָנהייבן, ווי אין א וואָך אַרום וועלן אויס־לענדישע שיפן ברענגען אין האַרמאַטן אי ביקסן. אַעראָפּלאַנען אפילע וועלן זיי ברענגען. נו?

— לאָז באַקלערן, העד יעסאַול! צווינגט ניט מיטאַמאָל...

דער גאַסט האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן אייוועלע. פון זיין פּאָנעם איז נאָך ניט אַראָפּ די בלאַסקייט. ער האָט דומפּ געזאָגט:

— ניט אין קאָלווירט רופן מיר און מיר צווינגען קיינעם ניט.

דיינ גוטער ווילנ, נאָר די צונג... זע, לוקיטש! זעקס אינ דיר אונ די זיבעטע... — אונ ער האָט לייַכט א דריי געטאָנ מיטנ פינגער דעמ צי־לינדער פונעמ נאגאנ, וואָס האָט גענומענ גראגערנ אינ זיינ קע־שענע.

— פאר דער צונג קאָנט איר שוינ זיינ רויִק, אָבער אייער אופטו איז א ריזיקע. איכ באהאלט ניט: שרעקלעכ צו גיינ אפ אזא זאכ, אָבער פארנ לעבנ איז אָפּגעשניטנ דער וועג. — ער איז אנשוויגנ געוואָרנ. — ווענ מע וואָלט ניט פארפאָלגט די רייכע, וואָלט איכ איצט, קאָנ זיינ, אנ אייגענעמ אווטאָמאָביל געהאלטנ! — האָט מיט פארביטערונג גענומענ רייידנ דער באלעבאָס נאָכ א ווייַלע שווייגנ.

— צוריקגערעדט, איז אליינ גיינ אפ אזעלכע... די הענט וועט מע באלד פארדרייענ...

— פארוואָס עפּעס אליינ? — האָט מיט פארדראָס אימ איבער־געשלאָגנ דער גאסט.

— נו, דאָס האָב איכ גלאט אזוי געזאָגט. נו, אָבער ווי זיינענ אנ־דערע? די וועלט, הייסט עס, ווי? דאָס פאָלק וועט גיינ?

— דאָס פאָלק איז ווי א טשערעדע שאָפּ. מע דארפ עס פירנ. האָסטו באשלאָסנ?

— ניטאָ זיכ וווּ אהינצוטאָנ, דערפאר באשליס איכ. לאָזט אָבער פונדעסטוועגנ א קלער טאָנ מיט קאָפּ. מארגנ אינדערפרי וועל איכ זאָגנ דאָס לעצטע וואָרט.

— אויסער דעמ, דארפסטו איינריידנ די קאָזאקנ, וואָס מע קאָנ זיכ אפ זיי פארלאָזנ. זוכ אזעלכע, וואָס טראָגנ א סינע אפ דער ראטנמאכט, — האָט שוינ באפוילנ פאָלאָוועצ.

— בא אזא לעבנ האָט עס יעדערער.

— אונ דיינ זונ ווי?

— ווי א פינגער פונ האנט — וווּהינ איכ, אהינ אויכ ער.

— עפּעס א ווילער באָכער, א פעסטער?

— א גוטער קאָזאק, — האָט מיט שטילנ שטאָלצ זיכ אָפּגערופנ דער באלעבאָס.

דעמ גאסט האָט מענ אויסגעבעט א גרויע רעדנע מיט א פעלצ אינ אלקער, בא דער לעזשאנקע. ער האָט אראָפּגעצויגנ די שטיוול, אָבער אויסגעטאָנ האָט ער זיכ ניט, אונ איז אנשלאָפנ געוואָרנ מיטאמאָל, ווי נאָר ער האָט זיכ מיט דער באק צוגערירט צו דער קילבלעכער, מיט פעדערנ שמעקנדיקער קישנ.

★

פארטאָג האָט יאַקאָוו לוקיטש אופגעוועקט זײַנ אבציקיקאַריקע אַלטיטשקע מוטעה, וואָס איז געשלאָפנ אינ זײַטיקנ צימערל. קורצ האָט ער איר דערציילט וועגנ דעמ, צוליב וואָס דער געוועזענער מײַיע־קאָמאַנדיר איז געקומענ. די אַלטיטשקע האָט זיכ צוגעהערט. פונ דער לעזשאַנקע זײַנען אַראָפּגעהאַנגענ אירע שוואַרצאָדערדיקע, פונ פראָסט אויסגעדרייטע פיס, אונ מיט דער דלאָניע האָט זי אָנגעבויגנ דאָס געלע אויער־שעלכל.

— בענטש, מאַמעשי. — יאַקאָוו לוקיטש האָט זיכ געשטעלט אפ די קני.

— גיי, גיי אפ זיי, אפ די ווידערשפּעניקע, מײַנ זונ, מײַנ לײַב־לעבער! גאָט וועט בענטשנ! די קלויסטערס פאַרמאַכנ זיי... די גאַלאָ־בימ לאָזנ זיי ניט לעבנ... גיי!

אינדערפרי האָט יאַקאָוו לוקיטש אופגעוועקט דעמ גאַסט:

— איכ האָב באַשלאָסנ! באַפוילט.

— לייענ איבער אונ שרײַב אונטער. — פּאָלאָווצעוו האָט אַרויס־באַקומענ פונ בוזעמ־קעשענע א פּאַפּיר.

„מיט אונדז איז גאָט. איכ, דער קאָזאַק פונעמ אַלמעכטיקנ דאָנער מיליטער, טרעט אַרײַנ אינ פאַרבאַנד „די באַפרײַונג פונ היימלענדישנ דאָנ“ אונ פאַרפליכט זיכ ביזנ לעצטנ טראָפּנ בלוט מיט אַלע קויכעס אונ מיטלעג צו שטרײַטנ לויטנ באַפעל פונ מײַנע נאַטשאַלניקעס קעגנ די קאָמוניסטנ־באָלשעוויקעס, די פאַרביסיינע פײַנט פונ דעמ קריסטלעכנ גלויבנ אונ די אונטערדריקער פונ רוסלענדישנ פאָלק. איכ פאַרפליכט זיכ צו זײַנ געהאָרכזאַמ אונ פאָלגנ מײַנע נאַטשאַלניקעס אינ קאָמאַנדירנ. איכ פאַרפליכט זיכ מײַנ גאַנצ פאַרמעגנ צו ברענגענ אפנ מיזבייעכ פונעמ פראַוואָסלאַוונעמ פאָטערלאַנד. אונ דערינ שרײַב איכ זיכ אונטער“.

## קאַפּיטל 4

צוויי אונ דרײַסיק מענטשנ — דער גרעמיאַטשער אַקטיוו אונ די אַרעמשאַפט — האָבנ געאָטעמט מיט איינ אָטעמ. דאַווידאָוו איז ניט געווענ קיינ מײַסטער צו האַלטנ רעדעס, אָבער געהערט האָט מענ אימ פונ אָנהייב אַזוי, ווי מע הערט ניט אַפילע דעמ סאַמע קונציקנ דערציילער.

—איכ, באַוויירימ, בינ אַליינ אַנ אַרבעטער פונ קראַסנאָפּוטי־

לאָווער זאוואָד. מיכ האָט צו אײַכ געשיקט אונדזער קאָמוניסטישע פּאַרטיי אונ דער אַרבעטער־קלאַס צו העלפֿנ אײַכ אָרגאַניזירנ א קאָל־ווירט אונ פֿאַרניכטנ דעמ באַלעגופֿ, אונדזער אַלגעמיינעמ בלוטזויגער. איכ וועל ריידנ קורצ. איר דאַרפֿט אַלע זיכ פֿאַרייניקנ אינ קאָלווירט, פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכנ די ערד, דעמ גאַנצנ אינווענטאַר אונ די בעהיימעס. פֿאַרוואָס אינ קאָלווירט? דערפֿאַר, נו, וואָס לעבנ אַזוי ווײַטער איז דאָכ אומעגלעכ! מיט ברויט זײַנענ שוועריקײַטנ דערפֿאַר, וואָס דער באַלעגופֿ לאָזט עס פֿוילנ אינ דער ערד; עס קומט אויס אינ שלאַכט נעמענ בא אימ דאָס ברויט! אונ איר וואָלט אַפֿילע געוועזנ צופֿרידנ צו געבנ, האָט איר אָבער אַליינ ווייניקלעכ. מיטנ מיטלפֿויערישנ אונ אָרעמפֿויערישנ ברויט קאָנ מענ דעמ ראַטנפֿאַרבאַנד ניט אָנהאָלטענ. מע דאַרפֿ מער זייענ. אָבער וויאַזוי קאָנ מענ מיט א סאָכע אָדער מיטנ איינמעכעדיקנ אַקער מער פֿאַרזייענ? נאָר א טראַקטער קאָנ אַרויספֿירנ אַפֿנ וועג. א פֿאַקט! איכ וויים ניט וויפֿל אַקערט מענ אופֿ בא אײַכ אַפֿנ דאָנ מיט איינ אַקער פֿריר־ערד אינ האַרבסט.

— פֿונ נאַכט ביז נאַכט, אַז מע האַלט זיכ פֿאַר די אַקער־העלנט־לעכ, קאָנ מענ ביז ווינטער א דעסיאַטינ צוועלפֿ אופֿהייבנ.

— האַ! צוועלפֿ? אונ אויב די ערד איז א פֿעסטע?

— וואָס רעדט איר דאָרטנ! — א שאַרפֿע פֿרויענ־שטימ — אינ אַקער דאַרפֿ מענ דרײַ, אונ אַז ניט איז פֿיר פּאָר גוטע אָקסנ, פֿונ־וואַנענ האָבנ מיר זיי? פֿאַראַנ, אָבער ניט בא יעדערנ, עפּעס א פּאָר פֿאַרק..., אַזוי אַקערנ מיר אַפֿ אָקסנ, וועלכע האָבנ ציצקעס. בא די רײַכע, פֿאַר זיי בלאָזט דער ווינט אינ רוקנ...

— ניט וועגנ דעמ ריידנ מיר! וואָלכט בעסער גענומענ דעמ שלומפּער אינ מויל אונ געשוויגנ, — עמעצנס א הייזעריקער באַס.

— האָסטו סייכל — לערנ דײַנ ווײַב, אונ מיכ דאַרפֿסטו ניט לערנענ!

— אונ מיט א טראַקטער?..

דאַווידאָוו האָט אָפּגעוואַרט ביז ס'איז שטיל געוואָרנ אונ געענט־פֿערט:

— אונ מיט א טראַקטער, זאָל זײַנ אַפֿילע מיט אונדזער פּוטי־לאָוועצ, קאָנענ גוטע טראַקטעריסטנ אינ א מעסלעס אינ צוויי וואָכ־טעס אופֿהייבנ די זעלבע צוועלפֿ דעסיאַטינ.

די פֿאַרזאַמלונג האָט דערשטוינט אויסגעשריענ. עמעצער האָט ווי פֿאַרלאָרנ א זאָג געטאָנ:

— אינ דײַנ מאמענ אריַינ!

— אָט דאָס — יאָ! מיט אַזאַ אָגער קאָנ מענ אנ אקער טאָנ... א קרעכצ מיט א טאָנ פונ קינע.

דאַווידאָוו האָט אויסגעווישט מיט דער דלאָניע די ליפּנ, אויסגעטריקנטע פונ אופרעגונג, און פאַרגעזעצט:

— איז אָט, אפנ זאַוואָד מאכנ מיר טראַקטערס פאַר אײַכ. פאַרנ אײַנצלנעמ אָרעמפויער און מיטלפויער איז קויפנ א טראַקטער שווער: ניטאָ קיינ קלינגערס! הייסט עס, איז אפ צו קויפנ אזא מאַשינ דאַרפ מענ קאָלעקטיוו פאַראייניקנ די באַטראַקעס, די אָרעמע און מיטעלע פויערימ. דער טראַקטער איז אזא מאַשינ, ווי איר ווייסט, וואָס טרײַבנ אימ אפ א קליינ שטיקל ערד לוינט ניט, עס גיט העזעק, עס דאַרפ א גרויסנ פאַרנעמ. אויכ פונ די קליינע אַרטעלנ איז אַזויפיל נוצנ, ווי פונ באָק מילכ.

— אזש נאָכ ווייניקער! — האָט וואָגיק א זעצ געטאָנ עמעצנס א באַס פונ די הינטערשטע רייענ.

— הייסט עס, ווי זאָל זײַנ? — האָט דאַווידאָוו פאַרגעזעצט, ניט געקוקט אפ דער רעפּליק — די פּאַרטיי זעט פאָרויס א דורכויסיקע קאָלעקטיוויזאַציע, קעדיי מיטנ טראַקטער אָנטשעפּענ און אַרויספירנ אײַכ פונ נויט. וואָס האָט כאַווער לענינ פאַרנ טויט געזאָגט? „נאָר אינ קאָלווירט קאָנ דער אַרבעטנדיקער פויער זיכ ראַטעווענ פונ אָרעמקײַט, אַנדערש וועט ער פליִענ אינ קוימענ! דער באַלעגופּ, דער וואַמפּיר, וועט אימ אויסטשמאָקענ זײַנ מאַרכ". דאַרפט איר גיינ אפנ אָנגעוויזענעמ וועג גאַנצ פעסט. אינ בונד מיט די אַרבעטער וועלנ די קאָלווירטניקעס באַמאַכנ אַלע באַלעגופּימ און פײַנט. איכ זאָג ריכטיק. און דערנאָכ גיי איכ אַריבער צו אײַער געזעלשאַפט. א קאַליבער איז בײַ איר א קליינער, א שוואַכקרעפּטיקער, און די געשעפּטנ אירע זײַנענ איבער דעמ זייער קלאָגעדיקע. און דערמיט אַלײנ גיסט זיכ וואַסער אפ דער מיל... מיט אײנ וואָרט, קיינ שומ וואַסער, נאָר בלויז העזעק האָט מענ פונ איר! אָבער מיר דאַרפנ די דאָזיקע געזעלשאַפט איבערשליסנ אינ א קאָלווירט און דאָס מאַכנ, ווי א ביינ, וואָס אַרומ אָט דעמ ביינ וועט אַרומוואַקסנ א מיטלפויערישע...

— וואַרט נאָר, איכל דיר א ביסל איבערשלאָגנ! — האָט זיכ אויפגעהויבנ דער פלאַקסיקער מיט די אומגלײַכע אויגנ, דיאָמקע אושאַקאָוו, וואָס איז געווענ א שטיקל צײַט א מיטגליד פונ דער געזעלשאַפט.

— בעט א וואָרט, וועסטו העמלט ריידן, — האָט שטרענג אים געגעבן צו וויסן נאגולנאָוו, וואָס איז געזעסן אין איין ריי מיט דא־ווידאָוון און אנדריי ראזמיאָטנאָוון.

— איך וועל אַן בעטעניש זאָגן — האָט זיך ארויסגעמאכט דיאָמ־קע און אַזוי קרום א קוק געטאָן מיט די אויגן, אז ס'האָט זיך גערוקט, קלוימערשט ער קוקט אין איין צייט אי אָפן פרעזידיום אי אָפ די פארזאמלטע. — און איבער וואָס, זייט מוחל, זיינען מיר געווען מיט העזוק, און פאר דער ראטנמאכט — א לאסט? איבער וואָס, פרעג איך אייך, האָבן מיר געלעבט אַזוי ווי קעסטקינדער בא דער קרע־דיט־געזעלשאפט? איבער דעם ליבן פאָרזיצער פון „טאָז"! איבער אַרקאשקע דעם בייטער!

— דו לייגסט, ווי אַן עלעמענט! — א האַנט־טעגאָרל פון די הינ־טערשטע רייען. ארקאשקע, שטויסנדיק מיט די עלנבויגנס, האָט זיך דורכגערודערט צום פרעזידיום־טיש.

— איכל באַווייזן! — באַם בלייך נעוואָרענעם דיאָמקא זיינען די אויגן זיך ציגויפגעקראָכן צו דער נאָז. און ניט געקוקט, וואָס ראז־מיאָטנאָוו קלאפט מיטן געזונטן פויסט, האָט ער זיך געווענדט צו ארקאשקען: — וועסט זיך ניט ארויסדרייען! ניט איבער דעם זיינען מיר אריינגעפאלן אין אָרעמקייט מיט אונדזער קאָלווירט, וואָס מיר זיינען ווייניק, נאָר איבער דיין בייטעניש. און פארן „עלעמענט" וועל איך דיך צושפאנען מיט דער גאנצער שטרענגקייט. א בוהיי אָפ א מאָטאָציקלעט האָסטו, ניט פרעגנדיק געביטן? געביטן! די אייעהדיקע הינער וועט האָט אויסגעטראכט צו בייטן אָפ...

— ווידערואמאָל לייגסטו! — האָט אין גאנג א זאָג געטאָן אַר־קאשקע.

— דריי שעפסן און א טעלעצע פאר א טאטשאנקע איז ניט דו האָסט איינגערעדט אָפגעבן? א סויכער מיטן נאָז אין ט...! אָט — האָט טריומפירט דיאָמקע.

— שטאטקאָוונער א ביסל! וואָס קריכט איר, ווי די הענער! — האָט זיי איינגענומענע נאגולנאָוו, און דער באַק־מוסקול האָט שוין בא אים גענומען ארומגיין אונטער דער רויט געוואָרענער הויט.

— גיט מיר א וואָרט צו דער אָרדענונג, — האָט געבעטן ארקאש־קע, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן צום טיש. ער האָט שוין געהאט ארײַנגענומען אין הויפן זיין בלאָנד בערדל און זיך געקליבן ריידן, נאָר דאווידאָוו האָט אים באַזייטיקט:

— איכל ענדיקנ, אונ איצט זײַ אזוי גוט שטער ניט. איז אָט, זאָג איכ, באווײַדימ! נאָר דורכנ קאָלווירט קאָנ מענ...

— דו אגיטיר אונדז ניט! מיר וועלנ אינ קאָלווירט מיט אונדזערע בעבעכעס גיינ, — האָט אימ איבערגעשלאָגנ דער רויטער פּארטיזאנ פּאַול ליובישקינ, וועלכער איז געזעסנ נעענטער פונ אלעמענ בא דער טיר.

— מיר זײַנענ אײַנשטימיק מיטנ קאָלווירט!

— צוזאמענ איז גוט אפילע דעמ טאטנ צו שלאָגנ.

— אָבער באלעבאטעווענ דארפ מענ מיט סייכל.

די געשרייענ האָט איבערגעשריענ דער זעלביקער ליובישקינ: ער איז אופגעשטאנענ פונ שטול, אראָפּגענומענ די שווארצע אָנגעדראָלענע פּאפּאכע אונ — הויכ, ווי א דעמב — האָט ער פארשטעלט די טיר.

— וואָס אגיטירסטו אונדז, דו מאָהנער מענטש, פאר דער ראטנמאכט? מיר האָבנ זי דאָ אינ דער מילכאָמע אליינ אפּ די פּיס געשטעלט, אליינ זי אינטערגעשפּארט מיטנ פּלייצע, זי זאָל זיכ ניט א שאָקל טאָנ. מיר ווייסנ, וואָס אזוינס איז א קאָלווירט, אונ מיר וועלנ גיינ אינ אימ. גיט מאשינעס! — ער האָט אויסגעשטרעקט די אויסגעשטשערבעטע דלאָניע — א טראקטער איז א זאכ, ניטאָ וואָס צו רייד'נ, אָבער וויניק האָט איר, ארבעטער, זיי געמאכט, אָט דערפאר וועלנ מיר אײַכ זידלענ! ניט פארוואָס זיכ אָנצוכאפּנ, אָט וואָס פאר א מײַסע. אונ מיט אָקסנ איז — מיט איינ האנט געשמיסנ אונ מיט דער צווייטער די טרערנ ווישנ — שוינ בעסער אָנ א קאָלווירט. איכ אליינ האָב ביז דער קאָלווירטישער איבערקערעניש געטראכט שרײַבנ א בריוו צו קאלינינענ, מע זאָל העלפנ די ערדארבעטער אָנהייבנ עפּעס א נײַ־לעבנ. ווײַל די ערשטע יאָרנ, ווי באמ אלטנ רעזשימ, — צאָל שטײַער, לעב, ווי דו קענסט, אונ די רקפּ איז צוליב וואָס? נו, אײַנגענומענ, אונ דערנאָכ וואָס? ווידעראמאָל דאָס אלטע — גיי נאָכנ אקער, ווער ס'האָט וואָס אינ אקער אײַנצושפּאנענ, אונ ווער ס'האָט ניט — מיט אנ אויסגעצויגענער האנט באמ קלויסטער זיכ זעצנ? אָדער מיט א הילצערנער נאָדל אונטערנ בריק שנײַדערוקעווענ, קראגנס פאר די סאָוועטישע סאָכרימ אונ קאָאָפּעראטיווניקעס שטעפּנ? ערד האָט מענ דערלויבט די רײַכע אינ ארענדע צו נעמענ, ארבעטער האָט מענ זיי דערלויבט דינגענ... אזוי האָט עס דענ די רעוואָליוציע געדיקטעוועט אינ 1918־טנ יאָר? די אויגנ האָט איר פארמאכט! אונ ווענ דו רעדסט: פאר וואָס

האָבנ מיר געקעמפט? איז די אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבנ קיינ פּול־ ווער ניט געשמעקט, לאָבנ פונ דעמ וואָרט, אונ מיט זיי צוזאַמענ מאַכט זיכ געלעכטערלעכ יעטווידע ווײַסע פאַסקודסטווע! ניינ, פאַרייד־ אונחז ניט די ציינ! וויפל פײַנע ווערטער האָבנ מיר געהערט. דו גיב אונדז א מאַשינע אָדער אפ אויסצאָלנ אָדער פאַר ברויט, אָבער ניט קיינ בוקער דאָרטנ, אָדער אנ אקערל, נאָר א גוטע מאַשינע! א טראַק־ טער, וועגנ וואָס דו האָסט דערציילט, גיב! דאָס האָב איכ פאַר וואָס באַקומענ? — ער האָט גלײַכ אריבערגעשפּאַנט איבער די קני פונ זי־ מענטשנ, וואָס זײַנענ געזעסנ אפ דער באַנק, צומ טיש צו אונ אפנ וועג אָפּגעשפּיליעט די צעריסענע פּלידערנ. ער האָט אָפּגערעקט דעמ ברעג העמד אונ אימ צוגעדריקט מיט דער מאָרדע צו דער ברוסט. אפנ טונקעלנ בויכ אונ דיכ האָבנ זיכ אָפּגערעקט שרעקלעכע שראַמענ, וואָס האָבנ צונויפגעצויגנ די הויט.

— פאַר וואָס האָב איכ באַקומענ די ברעקלעכ פונ דער קאַדעטי־ שער מאַטאָנע?

— טעוול דו איינער! וואָלסט שוינ אײַנגאַנצנ די הויזנ אראָפּגענע־ לאָזט — האָט אויפגעבראַכט אונ קוויטשיק אויסגעשריענ די אַלמאָנע אניסיע, וואָס איז געזעסנ אינ איינ ריי מיט דיאָמקע אושאַקאָוו.

— דיר ווילט זיכ עס? — האָט דיאָמקע מיט פאַראַכטונג אויס־ געקרימט אפ איר די אויגנ.

— שווײַג, מומע אניסיע! איכ האָב דאָ ניט וואָס צו שעמענ זיכ צו באַווײַזנ מײַנע פאַרוווּנדונגענ פאַר אנ ארבעטער־מענטשנ. זאָל ער קוקנ! דערפאַר ווײַל איכ אזוי ווײַטער לעבנ, האָב איכ אלציינס ניט מיט וואָס די האָזיקע מוזיקע צו פאַרדעקנ! שוינ איצט איז פונ די הויזנ פאַרבליבנ ניט מער ווי דער נאָמענ. פאַרבײַ מיידלעכ באַטאָג איז שוינ בעסער ניט צו גיינ, מע קאָנ זיי אָנשרעקנ ביז צומ טויט.

פונ הינטנ האָט זיכ אָנגעהויבנ א האַהאָקעניש, א טומלעניש, אָבער ליוּבישקינ האָט זיכ ארומגעקוקט מיט א האַרבנ קוק, אונ יעדער האָט מענ געקאָנט הערנ ווי עס ברענט מיט א שטילנ קנאַק דער קנויט אינ לאָמפּ.

— אפאָנעמ, איכ האָב מילכאָמע געהאַלטנ מיט די קאַדעטנ צו־ ליב דעמ, קעדיי די רײַכע זאָלנ ווידער לעבנ בעסער פאַר מיר? זיי זאָלנ עסנ א זיסנ ביסנ אונ איכ ברויט מיט ציבעלע? אזוי, כאַווער ארבעטער?, דו, מאַקאַר, פינטל ניט צו מיר מיט אנ אויגנ! איכ רייד איינ מאָל אינ יאָר, מעג איכ.

— רייד ווײַטער — האָט מיטנ קאָפּ א שאָקל געטאָנ דאַווי־דאָוו.

— איכ רייד ווייטער. איכ האָב געזויט האיאָר דרײַ דעסיאַטינ ווייצ, איכ האָב דרײַ קליינע קינדער, א שוועסטער א קאַליקע אונ א קראַנק ווײַב. מײַנ ברויט־פּלאַנ האָב איכ אָפּגעגעבנ, ראַזמיאַטנאָוו?

— האָסט אָפּגעגעבנ, טומל ניט.

— ניינ, איכל טומלענ! אונ דער באַלעגופּ פראָל דער גריסענער, אינ זײַנ נעשאָמע אַרײַנ!..

— נאַ־נאָ! — האָט מיטנ פויסט געגומענ קלאַפּנ נאַגולנאָוו.

פראָל דער גריסענער האָט זײַנ פּלאַנ אָפּגעגעבנ? ניינ!

— האָט אים דערפאַר דער געריכט אָפּגעשטראָפט אונ דאָס ברויט גענומענ, — האָט אַרײַנגעשטעלט ראַזמיאָטנאָוו, בליצנדיק מיט אויס־געלײַטערטע אויגנ אינ מיט פּאַרגעניגנ געהאָרכט ליובישקינענ.

— דו וואָלכט דאָ געהאַרפט זײַנ, שטילער וואָרעם! — האָט זיכ דאַווידאָוו דערמאָנט אָג דעם סעקרעטאַר פונ רײַקאָם.

— ער וועט ווידער האיאָר זײַנ א פראָל איגנאַטיטש! אונ וועסנע־צײַט וועט ער ווידער מיכ קומענ דינגענ! — אינ א וואָרפּ געטאָנ צו דאַווידאָוונ אונטער די פיס די פּאַפּאַכע.

— וואָס רעדסטו מיר וועגנ קאָלווירט? שנײַדט איבער באָמ באַ־לעגופּ די אָדערנ, דעמלסט וועלנ מיר גיינ! גיט אונדז אַוועק זײַנע מאַשינעס, זײַנע אָקסנ, זײַנ קויעכ גיט אונדז אַוועק. דעמלט וועט זײַנ אונדזער גלײַכקײַט! אז ניט איז עס מער ניט, ווי שמועסנ אונ רייד „דעמ באַלעגופּ וועלנ מיר פאַרניכטנ“, אָבער ער וואַקסט פונ יאָר צו יאָר, ווי ווילדגראָז, אונ פאַרשטעלט פונ אונדז די זונ.

— גיב אונדז אַוועק פראָלס פאַרמעגנ, אינ אַרקאַשקע דער בײַ־טער וועט עס אָפּ א יעראָפּלאַג אויסבײַטנ, — האָט דיאָמקע אַרײַנגע־האַקט.

— אָב־כאַ־כאַ־כאַ!..

— געטראָפנ ווי אינ פינטל!

— זײַט אײדעס אָפּ א באַליידיקונג!

— שאַ! דו לאָזט ניט הערנ, שטילער!

— קיינ מאַפּאָלע איז אָפּ אײַכ ניטאָ, טײַוולאָניק!

— אנו, שטילער!..

דאַווידאָוונ איז קוים געלונגענ אָפּשטעלנ דעם טומל.

— דערינ טאַקע שטעקט די פּאָליטיק פונ אונדזער פּאַרטיי! צו־

וואָס קלאַפּסטו אינ דער אָפּגענער טיר? פאַרניכטנ דעמ באַלעגופּ, ווי א קלאַס, זײַנ פאַרמעגנ אָפּגעבנ די קאָלווירטנ, פאַקט! אונ דו, כאַ־ווער פאַרטיזאַנ, האָסט אומזיסט דײַנ היטל אונטערנ טיש געוואָרפנ, זי וועט נאָכ צוניצ קומענ. וועגנ אַנדערע אַפּ עהד אונ דינגענ באַטראַ־קעמ קאָנ איצט קיינ רייד ניט זײַנ! דעמ באַלעגופּ האָבנ מיר געדולדעט איבער נויט, ער פלעגט מער, ווי די קאָלווירטנ, ברויט אָפּגעבנ. אונ איצט איז פאַרקערט. כאַווער סטאַלינ האָט פּינקטלעכ אויסגערעכנט די דאָזיקע אַריפמעטיק אונ געזאָגט: „באַפרײַענ דעמ באַלעגופּ פונעמ לעבנ! אָפּגעבנ זײַנ פאַרמעגנ די קאָלווירטנ". וועגנ מאַשינעס האָסטו זיכ אַלצ באַקלאָגט... פינפ הונדערט מיליאָנ קערבלעכ גיט מענ די קאָלווירטנ אַפּ צושטײַער, וואָס איז דאָס? האָסטו געהערט וועגנ דעמ? איז וואָס־זשע האַקסטו טשײַניקעס? צומ ערשטנ, דאַרפ מענ א קאָל־ווירט געווינענ, אונ דערנאָכ שוינ וועגנ מאַשינעס זאָרגנ. אונ דו ווילסט פריער א כאָמעט קויפנ, אונ צומ כאָמעט א פערד קויפנ, וואָס־זשע לאַכסטו? יאָ, יאָ!

— ליובישקינ האָט זיכ אויסגעקערעוועט מיטנ הינטנ צומ פאָרנ.

— כאַ־כאַ...

— מיר גייענ דאָכ מיטנ גאַנצנ האַרצנ אינ קאָלווירט.

— וועגנ כאָמעט האָט ער אימ גוט אַרײַנגעזאָגט...

— כאָטש הײַנט באַנאַכט!

— פאַרשרײַב באַלד!

— די באַלעגופּימ א רײַב טאָנ!

— ווער פאַרשרײַבט זיכ אינ קאָלווירט, הייבט די הענט, — האָט פאַרגעלייגט נאַגולנאָוו. באַמ ציילנ די אויפגעהויבענע הענט האָט זיכ אַרויסגעוויזנ דרײַ אונ דרײַסיק. עמעצער האָט זיכ פאַרגעסנ אונ אויפ־געהויבנ ביידע הענט.

די שטיקעניש האָט אַרויסגעטרייסלט דאַווידאָוונ פונ זײַנ מאַנטל אונ סורדעט, ער האָט אויפגעשפּיליעט דעמ קראַגנ פונ זײַנ העמד אונ שמייכלענדיק געוואַרט, ס'זאָל שטיל ווערנ.

— די באַוווסטזיניקײַט איז בא אײַכ א גוטע, א פאַקט! אָבער איר מיינט, אז איר וועט אַרײַנ אינ קאָלווירט אונ דאָס איז גאָר? ניינ, דאָס איז ווייניק! איר, די אָרעמשאַפט, זײַט דער אָנשפּאַר פונ דער ראַטנמאַכט. איר, גרינגע לייצימ, דאַרפט אַלײַנ אינ קאָלווירט גיינ אונ שלעפּנ מיט זיכ די וואַקלדיקע פיגור פונעמ מיטלפּויער.

— ווי־זשע קאָנ מענ אימ שלעפּנ, אויב ער וויל ניט? וואָס איז ער, אַנ אָקס, צי וואָס, אַרײַנגענומענ אינ יאָכ אונ געפֿירט? — האָט געפֿרעגט אַרקאַשקע דער בײַטער.

— איבערצײַג אים! וואָס פֿאַר א קעמפֿער ביסטו פֿאַר אונדזער עמעס, אויב דו קענסט ניט דעמ צווייטנ פֿאַרטײַטשנ? אָט וועט מאַכנ זײַנ א פֿאַרזאַמלונג. אַלײנ שטימ „פֿאַר" אונ דעמ שאַפֿנ דעמ מיט־בייער רייד אײַנ. איצט טרעטנ מיר צו באַטראַכטנ די באַלעגופֿימ. מיר נעמענ א באַשלוס וועגנ אַרויסזעצנ זיי פֿונ צאַפּנקאַווקאַזער קאַנט, אָדער ווי אַזוי?

— אונטערגעבאַסמעט!

— ביזנ וואָרצל!

— ניינ, שוינ בעסער מיטנ וואָרצל, אונ ניט ביזנ וואָרצל, — האָט דאַווידאָוו אויפֿגעבעסערט, אונ זיכ געווענדט צו ראַזמיאָטנאָוונ: — לייענ דאָס צעטל באַלעגופֿימ. באַלד וועלנ מיר זיי באַשטעטיקנ צו אַנטבאַלעגופֿעווענ.

אַנדריי האָט אַרויסגענומענ פֿונ דער פּאַפּקע א בויגנ אונ איבערגעגעבנ דאַווידאָוונ.

— פֿראָל דאַמאַסקאָוו, צי האָט ער פֿאַרדינט אַזא פּראָלעטאַרישע שטראָף?

די הענט האָבנ זיכ מיטאַמאָל אויפֿגעהויבנ. אָבער בײַמ ציילנ די שטימענ האָט דאַווידאָוו דערזענ, אַז אײנער האָט זיכ אָפּגעהאַלטנ.

— ביסטו ניט מאַסקימ? — האָט ער אויפֿגעהויבנ זײַנע מיט שוויס באַדעקטע ברעמענ.

— איכ האַלט זיכ אָפּ — האָט קירצ געענטפֿערט דער, וואָס האָט ניט געשטימט. לויטנ אויסזעענ איז עס געווענ א שטילער קאָזאַק, וואָס וואַרפֿט זיכ ניט אינ די אויגנ.

— פֿאַרוואָס עפּעס? — האָט דאַווידאָוו אויסגעפֿרעגט.

— דערפֿאַר, וואָס ער איז מײַנ שאָכנ אונ איכ האָב פֿונ אימ פֿיל גוטס געזענ. קאָנ איכ ניט הייבנ אַפּ אימ די האַנט.

— גיי אַרויס פֿונ דער פֿאַרזאַמלונג, מייקעפּ! — האָט באַפֿוילנ נאַגולנאָוו מיט אַנ איבערגעציטערט קאָל אונ זיכ אונטערגעהויבנ פּונקט ווי אַפּ סטרעמענעס.

— ניינ, אַזוי טאָר מענ ניט, כאַווער נאַגולנאָוו! — האָט דאַווידאָוו אימ שטרענג איבערגעריסנ. — גיי ניט אַוועק, בירגער! דערקלער דײַנ ליניע. דאַמאַסקאָוו איז א באַלעגופֿ, לויט דײַנ מיינונג, אָדער ניט?

— איך פאַרשטײ דאָך ניט. איך בין ניט קײן גראַמאַטנער... איך בעט מיך באַפרײַען פון דער פאַרזאַמלונג.

— נײן, דו דערצײל אונדז, זײַ אַזױ גוט, װאָסערע טײַװעס האָסטו פון אים באַקומען?

— די גאַנצע צײַט האָט ער מיר געהאָלפן, די אָקסן געגעבן, זריע אַנטלײַען... אַלע װאָס... אָבער איך בין ניט קעגן דער מאַכט. איך בין פאַר דער מאַכט...

— ער האָט דיך געבעטן פאַר אים זיך אײַנשטעלן? געלט דיר געשאָנקען, ברױט? זײַ זשע מודה, האָב ניט מורא! — האָט זיך ראַזמיאַטנאָװ אַרײַנגעמישט, — נו, זאָג, װאָס האָט ער דיר צוגעזאָגט.

אין פאַרשעמטן, פון באַרבע פאַר דעם מאַגאַזין און פאַר זײַנע אײגענע אָפענע פחדים, האָט ער א שמײכל געטאָן.

— און עפּשער טאַקע גאָרניט, װאָס װײסטו?

— ליגנט, טימאָפײ! ביסט א פאַרקױפטער מענטש, א באַלעגאַלעשער אינטעלעקטער, הײסט עס! — האָט עמעצער פון די רײען אױסגעשריִען.

— רופט מיך אָן, װי איר װילט...

דאַװידאָװ האָט א ברעג געטאָן, װי ער װאָלט א מעסער צוגעשטעלט צום האַלדז:

— דו ביסט פאַר דער ראַטנמאַכט, אָדער פאַרן באַלעגאַלע? זײַ ביטער, פאַרגעס ניט דעם אָרעמען קלאַס, װאָס אָפן דער פאַרזאַמלונג פאַר װעמענס ביסטו?

— װאָס דאַרף מען זיך מיט אים איבעררײַסן! — האָט ליובישקין איבערגעבראָכן איבערגעריסן — פאַר א פלעשל בראַנפן קאָן מען אים מיטן גאַנצן קלאַסבאַװוסטזײַן אָפקױפן! אַפ דיר, טימאָפײ, איז מיט די אױגן אױך שװער א קוק צו טאָן!

טימאָפײ באָרשטשעװ, װאָס האָט זיך אָפגעהאַלטן פון שטימען, האָט צום סאָף מיט א געמאַכטער אונטערטעניקײט געענטפערט.

— איך בין פאַר דער מאַכט, װאָס האָט איר זיך צוגעטשעפעט? מײַן פינצטערקײט האָט מיך פאַרפלאָנטערט... — אָבער די האַנט האָט ער באַם צװײטן מאָל אָפשטימען אױפגעהױבן מיט א קענטיקן נײַ װעלן.

דאַװידאָװ האָט קורץ פאַרצײכנט אין בלאָקנאָט: „טימאָפײ באָרשטשעװ איז א פאַרטונקלטער פינעם קלאַסנפײַנט. מע דאַרף באַאַרבעטן".

די פאַרזאַמלונג האָט אײַנשטימיק באַשטעטיקט נאָכ פיר באַלעגו־פייע ווירטשאַפטנ. אָבער וועגנ דאַווידאָוו האָט איבערגעלייענט.

— מיט באָראָדינ. ווער איז „פאַר”?

האָט די פאַרזאַמלונג אָנגעשטרענגט געשוויגנ. נאַגולנאָוו האָט אינ פאַרלעגנהייט זיכ איבערגעקוקט מיט ראַזמיאָטנאָוו. ליובישקינ האָט מיט דער באַפּאַכע גענומענ אָפּווישנ דעם נאַסנ שטערנ.

— פאַרוואָס איז שטיל געוואָרנ? וואָס פאַר א מײַסע? — דאַווידאָוו האָט, ניט פאַרשטייענדיק, באַקוקט די רייענ מענטשנ און, ניט באַגעגענענדיק זיכ מיט קיינעמס בליק, האָט ער א קוק געטאָנ אפ נאַגולנאָוו.

— אָט וואָס פאַר א מײַסע — האָט יענער אָנגעהויבנ ניט אַנטשלאָסנ. — דער דאָזיקער באָראָדינ, וועמענ מיר רופנ מיטנ צונעמעניש טיטאָק, איז צוזאַמענ מיט אונדז אינ 18־טנ יאָר פרײַוויליק אַוועק אינ דער רויטער גוואַרדיע. זײַענדיק פונ אָרעמענ שטאַם, האָט ער געשטריטנ פעסט. ער האָט פאַרוואונדונגענ און מאַטאָנעס — א זילבערנעם זייגער פאַר רעוואָלוציאָנערע פאַרדינסטנ. געדינט האָט ער אינ דומענקאָס אָטריאַד. אינ פאַרשטייסט, כאַווער ארבעטער, ווי עס האָט אינדז איבערנ האַרצ א שניט געטאָנ? מיט די ציינ, ווי א הונט אָנ א פאַלע, האָט ער זיכ אײַנגעגעסנ אינ דער ווירטשאַפט, ווענ ער איז געקומענ אַהיימ... און האָט גענומענ רײַכ ווערנ, ניט געקוקט אפ אונדזער וואָרעניש. געאַרבעט טאָג ווי נאַכט, באַוואַקסנ איינגאַנצנ מיט ווילדע האָר, אינ איינע ליוונטענע הויזנ זומער און ווינטער. ער האָט זיכ אָנגעלעבט דרײַ פאָר אָקסנ און א קילע פונ שווערנ טראָגנ פאַרשיידענע שוועריקייטנ, און אימ איז אַלצ געווענ ווייניק! האָט ער גענומענ דינגענ אַרבעטער, צוויי און דרײַ. זיכ אָנגעלעבט א ווינטמיל, און דערנאָכ האָט ער געקויפט א פינפקראַפטיקנ דאַמפ־באַוועגער און גענומענ אײַנשטעלנ אַנ אייל־מילכל, מיט בעהיימעס אינטערהאַנדלענ. אַליינ פלעגט ער שלעכט פרעסנ אינ די אַרבעטער פלעגט ער מיט הונגער פײַניקנ, כאָטש זיי פלעגנ אַרבעטנ צוואַנציק שעה אינ מעסלעס, און בײַנאַכט פלעגנ זיי א מאָל פינפ איפשטיינ אָנמישנ פאַר די פערד, אויסטערבענ די בעהיימעס. מיר האָבנ אימ ניט איינ מאָל אַרויסגערופנ אינ קעמערל און אינ ראַט, אימ געמאַכט צו אַש און צו בלאָטע. און געזאָגט: „הער אויפ, טיט, שטעל זיכ ניט אונדזער טײַערער ראַטנמאַכט אינ וועגנ! דו האָסט דאָכ פאַר איר געליטנ אפ די פראָנטנ קעגנ די ווײַסע”... — נאַגולנאָוו האָט

אָפּגעזיפּצט אונ פאַנאַנדערגענומענ די הענט, — וואָס קאָנ מענ טאָנ, אַז א מענטש איז מעשוגע געוואָרנ? מיר זענענ, דאָס אייגנטלעכ פּרעסט אימ אויפ! רופנ מיר אימ נאָכאַמאָל ארויס, דערמאָנענ אימ די שלאַכטנ אינ אונדזערע אַלעמענס לײדנ, מיר טײַנענ מיט אימ אײַנ, מיר שטראַשענ אימ, אַז מיר וועלנ אימ אינ דער ערד באַגראָבנ, וואָס ער שטעלט זיכ אונטער אינ וועג, ער ווערט א בורזשוי אונ וויל ניט יואַרטנ אפ דער אַלוועלטלעכער רעוואָליוציע.

— קירצער, — האָט דאַווידאָוו מיט אומגעדולד געבעטנ.

נאַגולנאָוס שטימ האָט אויפגעציטערט אונ איז געוואָרנ שטילער.

— וועגנ דעמ קאָנ מענ ניט קירצער. דאָס איז אזא ווייטעק, ווי מיט בלוט. נו, ער, דאָס הייסט, טיטאָק, ענטפערט אונדז: „איכ בינ אוים דעמ באַפעל פונ דער ראַטנמאַכט, איכ פאַרגעסער דעמ פאַר־ זיי. ואינ די אַרבעטער האַלט איכ לויטנ געזעצ. מײַנ ווײַב האָט הײַ־ בערישע קרענק. איכ בינ געווענ גאַרנישט אונ בינ געוואָרנ גאָר, אַלצ האָב איכ, פאַר דעמ האָב איכ געשטריטנ. אונ די ראַטנמאַכט האַלט זיכ, הייסט עס, ניט אפ אײַכ. איכ מיט מײַנע הענט גיב איר וואָכ צו קײַענ, אונ איר, פּאַרטפּעלגיקעס, איכ זע אײַכ אפ הורב אונ הורב". ווענ מיר ריידנ מיט אימ וועגנ דער מילכאָמע אונ וועגנ אונדזערע צוזאַמענ דורכגעליטענע שווערינקײטנ, טרעפט אַמאָל, אַז בא אימ אינ די אויגנ גיט א בליצ א טרער, נאָר ער גיט איר ניט קיינ געזעצלעכנ גאַנג, קערט זיכ אָפּ, פאַרהאַרטעוועט דאָס האַרצ אונ זאָגט: „וואָס געווענ איז געווענ". אונ מיר האָבנ בא אימ אָפּגענומענ די בירגער־ שטימ. ער האָט זיכ געווענ א וואָרפ געטאָנ אהער, אהינ, פּאַפּירנ געשריבנ אינ קאַנט אונ אינ מאָסקווע. נאָר איכ פאַרשטײ אַזוי, אַז אינ די צענטראַלע אַנשטאַלטנ זיצנ אפ די הויפּט־פּאָסטנס אַלטע רעוואָליוציאָנערנ אונ זיי פאַרשטייענ, אַז אויב פאַראַטנ — הייסט עס, אַז ער איז א סויגע, אונ קיינ שום ראַכמאָנעס!

— פונדעסטוועגנ מאַכ עס קירצער...

— איכ ענדיק באַלד. מע האָט אימ דאָרט אויכ ניט אויפגעשטעלט, אונ ביז איצט איז ער אזא, עמעס, די אַרבעטער האָט ער אָפּגעזאָגט....

— נו, איז אינ האָסקזשע האַנדלט זיכ עס — דאַווידאָוו האָט גלײַכ געקוקט אינ נאַגולנאָוס געזיכט. אָבער דער האָט צוגעמאַכט די אויגנ מיט די קורצע, פונ זונ פאַרברענטע וויִעס, אונ געענטפערט:

— דערפאַר טאַקע שווײַגט די פאַרזאַמלונג. איכ האָב נאָר דער־

קלערט, וואָס פאַר א מענטש עס איז געווענ אינ דער פאַרגאַנגענער טײַערער צײַט, מיט באָראָדינ, דער הײַנטיקער באלעגופ.

דאווידאָוו האָט צונויפגעדריקט די ליפנ אונ זיכ אָנגעכמורעט.

— מיט טראָצקינ וויסטו, ווי מיר האָבנ זיכ באגאנגענ? וואָס־זשע דערציילסטו אונדז ראכמאָנעסדיקע מעיסעס? געווענ א פאַרטײַ־ מאַנ — קומט אימ דערפאר קאָוועד, איז ער געוואָרנ א באלעגופ, איז ער א פײַנט אונ מע דאַרפ אימ דערקוועטשנ! וואָס פאַר א רייד קאָנענ דאָ זײַנ?

— ניט פונ ראכמאָנעס צו אימ האָב איכ דערציילט. די, כאווער, מאכ ניט אָפ מיר קיינ אומזיסטע בילבולימ!

— ווער איז דערפאַר, אז מע זאָל באראָדינענ אנטבאלעגופענענ? — דאווידאָוו האָט מיט די אויגנ באקוקט די רייענ.

די הענט האָבנ ניט מיטאמאָל, אייניציקווײַז, אָבער זיכ אופגעהויבנ.

נאָכ דער פארזאמלונג האָט נאגולנאָוו גערופנ דאווידאָוונ צו זיכ נעכטיקנ.

— מאָרגנ וועלנ מיר שוינ פאַר אײַכ א דירע געפינענ, — האָט ער געזאָגט, שטאפנדיק אינ דער פינצטער, באמ ארויסגייג פונ פירהויז. זיי זײַנענ געגאנגענ איבערנ סקריפענדיקנ שניי. נאגולנאָוו האָט ניט הויכ גענומענ ריידנ:

— איכ, טײַערער כאווער ארבעטער, אָטעמ גרינגער, ווענ אינ האָב דערהערט, אז מע דאַרפ דורכוויס ארײַנציִענ אינ קאָלוווירט דאָס ערדארבעטערישע אייגנטומ. איכ האָב צו אימ פונ קליינערהייט א פײַנטשאפט. דאָס גאנצע שלעכטס איז איבער דעמ, האָבנ ריכטיק געשריבנ די געלערנטע טאוואַרישמ מארקס אונ ענגעלס. אניט איז אפילע בא דער ראטנמאכט זײַנענ די מענטשנ, ווי כאזײַרימ בא דער קאָרעטע, מע רײַסט זיכ, מע שטופט זיכ איבער דער דאָזיקער פארשאָלטענער באפקורסטווע! אונ פריִער וואָס איז געווענ, באמ אלטנ רעזשימ? א שרעק צו דערמאָנענ! מײַנ טאטע איז געווענ א פארמעגלעכער קאָזאק, געהאט פיר פאָר אָקסנ אונ פינפ פערד. דער פארזיי איז בא אונדז געווענ א גרויסער, 60-70 ביז 100 דעסיאטינ. די מישפאָכע איז געווענ א היפשע, א האָרעפאשנע, טו נאָר א טראכט: דרײַ כאסענע געדאכטע ברידער האָב איכ געהאט. איז אָט, האָט זיכ בא מיר פארקריצט אינ זיכאָרנ אזא מעפאל, איבער וואָס איכ בינ אופגעשטאנענ קעגנ אייגנטומ. עפעס אמאָל איז דעמ שאָכנס באזער ארײַנגע־

קראַכנ צו אונדז אינ גאָרטנ אונ אופגעריסנ עטלעכע קוסטעס קאַר־
טאָפל. די מאַמע האָט עס דערזענ, האָט זי געכאַפּט מיטנ קענדל
זודיק וואַסער פונ טשוהונ אונ זאָגט צו מיר: „יאָג אימ, מאַקאַרקע,
אונ איכ וועל זיכ שטעלנ הינטערנ פּערטל". איכ בינ דערמיט אַלט
געווענ א יאָר צוועלפ. גו, האָב איכ געיאָגט דעמ אָרעמענ כאַזער.
די מאַמע האָט אפּ אימ א גאָס געטאָנ מיט זודיקנ וואַסער, אזש
די כאַזערהאָר האָבנ זיכ גענומענ רייבערנ! דאָס איז געווענ זומער־צײַט,
דער כאַזער איז געוואָרנ ווערעמדיק, דערנאָכ איז ער געפּייגערט.
דער שאָכנ האָט באַהאַלטנ זײַנ כינע. אונ אינ א וואָכ אַרומ איז בײַ
אונדז אינ סטעפּ פּאַרברענט געוואָרנ דרײַ קאָפּיצעס ווייץ. דער טאַטע
האָט שוינ געוווּסט וועמעס אַרבעט דאָס איז, האָט ער עס פּאַרליטנ
אינ דערלאַנגט אינ געריכט. אינ אזא כינע האָט זיכ צווישנ זיי פּאַר־
קאָכט, — איינער דעמ צווייטנ האָט אָנקוקנ ניט געקאָנט! טרינקט מענ
עטוואָס אויפ, איז באַלד א געשלעג. א יאָר פינפ האָבנ זיי זיכ גע־
מישפּעט, אונ ס'איז דערגאַנגענ ביז א טויט־צופאַל... דעמ שאָכנס
זונ האָט מענ א מאַכלעניצע געפונענ אינ שײַער א דערהאַרגעטנ.
עמעצער האָט אימ מיט א ווילע דורכגעשטאָכנ די ברוסט אינ עטלעכע
ערטער. איכ האָב זיכ פּינ עפּעס אָנגעשטויסנ, אז דאָס איז געווענ מײַ־
נע ברידערס אַרבעט. אָנ אויספּאָרשונג איז געווענ, די מערדער האָט
מענ ניט געפונענ, האָט מענ געמאַכט אָנ אַקט, אז ער איז אומגעקו־
מענ שיקערערהייט. איכ בינ פונ דערמיט אָנ אַוועק פונ טאַטנ אונ
געוואָרנ א באַטראַק. געווענ אפּ דער מילכאָמע. אונ אָט, ליגסט אזוי,
אינ דער דײַטש זעצט איבער דיר מיט שווערע קאַנאָנענ, ווי רויכ א
שוואַרצער מיט ערד טראָגט זיכ צומ הימל. ליגסט אונ טראַכסט: „פאַר־
וועמענס אייגנמוט לעב איכ דאָ איבער שרעק אונ טויט"? אונ אַלײַנ
וואָלט זיכ וועלנ כאָטשבי א טשוואָק ווערנ אינ אַרײַנקריכנ אינ דער־
ערד אַרײַנ איבערנ קאָפּ! עכ, מאַמע, דו געטרײַע! גאַנצ געשמעקט,
זיכ פּאַרכאַפּט. איצט, ווי נאָר א שטיקל באַרג־אַרופּ, אזוי הייבט עס
אָנ שטיקנ אונ דאָס בלוט גיט א קלאַפּ אינ קאָפּ. קלוגע מענטשנ האָבנ
נאָכ אפּנ פראָנט אונטערגעזאָגט, אונ אַחוץ בינ איכ געקומענ א באַל־
שעוויק. אינ בירגערקריג, אָב, האָב איכ זיי געשניטנ, די שלעכטנ, אָנ
ראַכמאָנעס! איכ בינ קאָנטוזיעט געוואָרנ הינטער קאַסטאָרנאַיאַ, דער־
נאָכ האָט מיכ געכאַפּט די פּאַליקע. אונ איצט, אָט דער צײַכנ, — נא,
גילנאָוו האָט אַרופּגעלייגט אפּנ אָרדענ זײַנ גרויסע האַנט אונ אײַנ
זײַנ שטימ האָבנ מיט א מאָרנער וואַרעמקײַט גענומענ קלינגענ נײַע

טענער: — פונ אימ ווערט מיר איצט ווארעמער. איכ בינ איצט, טײַ־ערער כאווער, ווי אינ די צײַטנ פונעמ בירגערקריג, ווי אפ די פאָזיציעס, אינ דער ערד זיכ באגראָבנ אונ אלעמענ אינ קאָלווירט ארײַנציִענ. אלצ נעענטער צו דער וועלט־רעוואָליוציע.

— מיט באָראָדינ קענסטו גאָט? — האָט שפאנענדיק פארטראכט דאווידאָוו געפרעגט.

— ווי־זשע דענ, מיר זײַנענ מיט אימ געווענ גוטע פרײַנט, נאָר איבער דעמ זײַנענ מיר זיכ פאנאנדערגעגאנגענ, וואָס ער איז אָנ א ברעג אנ אָנהענגער פונ איגנטומ. אינ 20־טנ יאָר זײַנענ מיר מיט אימ געווענ באמ אונטערדריקנ אנ אויפשטאנד אינ איינעמ א וואָלאָסט אינ דאָנער קרײַז. צוויי עסקאדראָנענ אונ דער „טשאָנ" זײַנענ געגאנגענ אינ אטאקע. הינטער סלאָבאָדקע האָט מענ פיל פויערימ אויסגעשניטנ. טיטאָק איז באנאכט געקומענ אהיימ אונ טראָגט פעין אינ שטוב. ער האָט זיי אויפגעטרייסלט אונ אויסגעשאָטנ אפ דער פאָדלאָגע אכט אָפגעהאקטע פיס, „ביסט משוגע געוואָרנ, אינ דײַנ מאַמענ!?" — זאָגט צו אימ א כאווער: — „טראָג זיכ באלד אָפ דערמיט!" — נאָר טיטאָק זאָגט: „זיי וועלנ שוינ מער ניט מאכנ קיינ אויפשטאנדנ, די נעקייוועס! אונ פאר מיר וועלנ די פיר פאָר שטיוול צוניצ קומענ. די גאנצע פאמיליע וועל איכ באשוכנ". ער האָט זיי געלייגט אפנ אויוונ, זיי זאָלנ אָפגיינ, אונ גענומענ אראָפרײַסנ די שטיוול פונ די פיס. ער פלעגט אויפטרענענ מיטנ שווערד דעמ גאָט פונ דער כאָליאווע אונ אראָפשלעפנ. די נאקעטע פיס האָט ער ארויסגעטראָגנ אונ זיי פארגראָבנ אינ א סקירדע היי. „איכ האָב זיי באערדיקט" — זאָגט ער. ווענ מיר וואָלטנ זיכ דערוואוסט, וואָלטנ מיר אימ דערשאָסנ, ווי א שלאנג! אָבער די כאוויירימ האָבנ אימ ניט ארויסגעגעבנ. דערנאָכ האָב איכ זיכ נאָכגעפרעגט, צי ס'איז עמעס? „עמעס, — זאָגט ער, — אזוי אראָפציִענ האָב איכ ניט געקאָנט, אויפנ פראָסט זײַנענ די פיס פארהילצערט געוואָרנ. האָב איכ זיי אָפגעשוינדנ מיטנ שווערד. מיר, ווי א שוסטער, איז א שאָדנ, וואָס גוטע שטיוול וועלנ אינ דער ערד צעפוילט ווערנ. נאָר איצט, זאָגט ער, איז מיר אליינ א שרעק. אנ אנדערנ מאָל כאפ איכ זיכ אופ באנאכט אונ בעט בא דעמ ווײַב, זי זאָל מיכ לאָזנ צו דער וואנט, ווײַל פונ ברעג האָב איכ מוירע"... נו, אט זײַנענ מיר געקומענ צו מיר אפ דער קוואַרטיר. — נאגולנאָוו איז ארײַנ אינ הויפ אונ א קלאפ געטאָנ מיטנ פאָרוקער.

# קאפיטל 5

אנדריי ראָזאמיאָטנאָוו איז אוועק דינענ אינ מיליטער־דינסט אינ יאָר 1913. לויט דער דעמאָלטיקער אָרדענונג האָט ער געדאַרפט גיינ דינענ מיט זײַנ אייגענעמ פערד. אָבער ניט נאָר קיינ פערד, נאָר אפילע די אמוניציע, וואָס עס דאַרפ האָבנ א קאָזאַק, האָט ער ניט געהאַט פאַר וואָס צו קויפנ. פונעמ געשטאָרבענעמ פאָטער זײַנעמ איז געבליבנ יערושע נאָר דעמ זיידנס א שווערד אינ אנ אָפּגעריבנ שיידל. זינט ער וועט לעבנ, וועט אנדריי ניט פאַרגעסנ זײַנ ביטערע דערני־דערונג! אפ דער אסיפע פונ דער סטאַניצע האָבנ אלטע לײַט באַשלאָסנ אימ שיקנ דינענ אפ זייער כעזשבנ: מע האָט אימ געקויפט א וואָלוול געלבלעכ פערדל, א זאָטל, צוויי שינעלנ, צוויי פאָר הויזנ, שטיוול... „אפ די מיטלענ פונ דער געמיינדע פראָווענ מיר דיכ אויס, אנדריוש־קא, זע, פאַרגעס ניט אונדזער טרייוע, פאַרשעמ ניט די סטאַניצע, דינ דעמ קייסער אָרנטלעכ..." — האָבנ געזאָגט די אלטע לײַט צו אנ־דרייענ.

אָבער די רײַכע קאָזאַקישע זינ פלעגנ אפ די וועטלויפנ זיכ באַ־רימענ מיט זייערע הונדערט־רובלדיקע פערד פונ קאַראַלקאָווער זאַ־וואָד, אָדער מיט די פּראָוואליער אָגערס, טײַערע זאָטלענ אונ מיט דער זילבער באַדעקטער זאָטל־אויסשטאַטונג — אינ נײַנקע קליידער... אנדרייס כוילעק ערד האָט גענומענ די סטאַניצע־פאַרוואַלטונג אונ די גאַנצע צײַט, וואָס אנדריי האָט זיכ געוואַלגערט אפ די פראָנטנ, אונ פאַרטיידיקט פרעמדע רײַכקײַט אונ פרעמד זאַט לעבנ, האָט מענ עס אָפּגעגעבנ אינ אַרענדע. אנדריי האָט זיכ באַדינט אינ דער דײַטשי־שער מילכאָמע דרײַ געאָרגיעס. די „געאָרגיע־געלט" פלעגט ער אָפּשיקנ דעמ ווײַב אונ דער מוטער. דערמיט האָט טאַקע געלעבט מיט דער שנור די אלטע, וואָס איר עלטער, מיט טרערנ א באַוואַלצענע, האָט אנדריי ערשט שפּעט געקאָנט באַרויִקנ.

סאָפ מילכאָמע האָט אנדריס ווײַב, וואָס האָט פונ האַרבסט אָנ זיכ אָנגעהונגערט אפ רעשנ, אָפּגעשפּאָרט א ביסל געלט אונ איז אַוועק־געפאָרנ אפנ פראָנט באַזוכנ דעמ מאַנ. זי האָט דאָרט פאַרבראַכט געצ־ציילטע טעג (דער עלפטער דאָנער קאָזאַק־פּאָלק, ווו אנדריי האָט גע־דינט, איז געשטאַנענ אפ אָפּרו) אונ זיכ אָפּגערוט אינעמ מאַנס אָרעמס. יענע נעכט האָבנ גיכ אָפּגעפלאַמט אינ די זומערדיקע באַני־

נענם. צי דארפ מענ רענ פיל צײַט פאר פינגל־זינר, פאר א ווײַבס הונגעריקנ שטיקל גליק? פונ דאָרט איז זי צוריק געקומענ מיט לויכטנדיקע אויגנ אונ אינ דער באַשטימטער צײַט ארומ האָט זי אָנ געשריי אינ טרערנ, אזוי ווי אומגערנ, גלייכ אפנ פעלד געבאָרנ א יינגל, געראָטנ אינ אנדרייענ, ווי אויסגעגאָסנ.

אינ 18־טנ יאָר האָט זיכ ראָמאַנאָוו אפ א קורצער צײַט אומגעקערט אינ גרעמיאטשי לאָג. פארבראכט האָט ער אינ כוטער ניט לאנג: פארינט די אונטערגעפילטע סאָכע אינ די קראָקוועס פונ די שײַערנ, איפגעאקערט צוויי דעסיאטינ ערד, דערנאָכ האָט ער א גאנצנ טאָג געשפּעסטעט זיכ מיטנ זינדעלע, אימ געזעצט אפנ האלדז, דעמ אײַנגעוואקסענעמ אינ די פלייצעס, געלאָפנ אינ שטוב, געלאכט, א. אינ די ווינקלענ פונ זײַנע ליכטיקע, געווײַנלעכ בייזלעכע אויגנ, האָט זײַנ ווײַב באמערקט אָנקוועלנדיקע טרערנ אונ איז בלייכ געוואָרנ: „דו פאָרסט טאקע אוועק, אנדרייושא?" — „מאָרגנ, גרייט צו שפּײַז".

אונ אפנ צווייטנ טאָג האָט ער, מאקאר נאגולנאָוו, דער אטאמאנעצ ליובישקינ, מיט באָראָדינ אונ נאָכ 8 פראָנט־קאזאקנ אינדערפרי זיכ פארזאמלט לעבנ אנדרייס הײַזקע. די אונטערגעזאָטלטע פארשייענקאָליריקע פערד האָבנ זיי ארויסגעטראָגנ פונ דער ווינט־מיל, אונ לאנג האָט זיכ געדרייט אפנ שליאכ דער לײַכטער פרילינגדיקער שטויב, וואָס עס האָבנ איפגעהויבנ די פערדישע קאָפּיטעס, באשמידטע אינ זומערדיקע פּאָדקאָוועס.

דעמ זעלבנ טאָג האָבנ איבער גרעמיאטשי לאָג, איבער די פרילינגדיקע וואסערנ, איבערנ סטעפּ, איבער דער גאנצער בלויער וועלט, פונ צאָפנ אפ דראָמ אינ דער הויכער ראבזעפדיקער זיכ געצילט, געפלויגנ אָנ געשריי, אָנ געפילדער סטאניצעס שווארצפליגלדיקע רינגלגענדז אונ ווילדע גענדז.

אנדריי איז אינ קאמענסקאיא אָפּגעשטאנענ פונ די כאַווירימ. מיט אײַנעמ פונ וואָראָשילאָווס טײַלנ איז ער אוועק אפ מאָראָזאָווסקאיא — צאַריצינ. מאקאר נאגולנאָוו, ליובישקינ אונ די איבעריקע זײַנענ ארײַנגעפאלנ אינ וואָראָניעזש. אונ אינ דרײַ כאָדאָשימ ארומ, אונטער קריוואיא מוזגא האָט אנדריי, לײַכט פארווונדעט פונ א גראַנאט, זיכ דערוווּסט אפנ סאניטאר־פּונקט פונ א צופעליק־באגעגנטנ סטאניטשניק, אז נאָכנ צעקלאָפּנ פּאָדטעלקאָווס אָטריאד אינ גרעמיאטשי לאָג האָבנ די ווײַסע קאזאקנ, אנדרייס ביטער־שׂונימ, נעקאָמע גענומענ פונ איר, וואָס ער איז אוועק מיט די רויטע, אונ ווילד

זיך איזדיעקעוועט איבער זײַן ווײַב, אז דאָס אלץ איז באַוווּסט געוואָרן אין בוטער און אז יעוודאָקיא האָט ניט איבערגעטראָגן דעם פינצטערן ביזויען און געמאַכט מיט זיך א סאָף.

...א פראָסטיקער טאָג. כמאַרנע דעקאַבער. גרעמיאַטשי לאָג. די שטויבער, שפּײַכלערס, פּאַרקנס, ביימער זײַנען אין ווייסן שניי פאַרהילט. הינטערן ווײַטן בערגל גייט א שלאַכט. טעמפּ פויקן געגעראַל גוסעלשטשיקאָווס האַרמאַטן. אף א אָנגעשוימטן פערד איז אַנדריי פאַרנאַכט געקומען צו רײַטן אין בוטער און ביז איצט געדענקט ער — ער דאַרף נאָר צומאַכן די אויגן אין דעם שטראָמיקן לויף פון זיקאָנווענדיג צו דער פאַרגאַנגענהייט... עס האָט א סקריפּע געטאָן די פאָרטקע. שווער אָטעמענדיק, ציט אָן אַנדריי די לייצעס און פירט אַרײַן אפן הויף דאָס פאַרמאַטערטע פערד. די מוטער איז אָן אָפּגערעקטע ארויסגעלאָפן פון פירהויז.

אָך, ווי ס'האָט א שניט געטאָן אַנדרייס געהער איר געוויין אין איר יאָמער נאָך דער טויטער!

— טײַערינקער דו מײַנס־בײַנער! פאַרמאַכט האָבן זיך אירע קלאָרע אייגעלעך!..

אזוי ווי אין א פרעמדן הויז איז אַרײַנגעפאָרן ראָזאָטיאַטנאָו: די לייצעס צוגעבונדן צום בריקל פון גאַניק, און אליין אַרײַן אין שטוב. מיט אײַנגעפאַלענע זײַטן, ווי בא א טויטן, האָט ער ארומגעקוקט דעם ליידיקן צימער, דאָס פוסטע וויגעלע.

— דאָס קינד ווו איז?

די מוטער, פאַרשטעקט אין פאָרהאַנג, האָט א דריי געטאָן מיטן גראָ ווערנדיקן קאָפּ.

מיט גוואַלד זיך דערשלאָגן אן ענטפער.

— ניט אײַנגעהיט האָב איך מײַן טײַבעלע! אף דער צווייטער וואָך נאָך דוניושקען... פון דיפטעריט.

— שרײַ ניט... וואָלט איך! וואָלט איך כאָטש א טרער געפינען! ווער האָט פאַרגוואַלדיקט יעוודאָקיען?

— אניקיי דעוויאַטקין האָט זי געשלעפט אין שײַער... מיך — מיטן קאַנטשיק... די קאָזאַקן האָט ער אין שײַער צונויפגערופן. די גאַנצע הענט איר די הײַסע האָט ער מיטן שווערד צעשניטן, געקומען צוריק אינגאַנצן א שוואַרצע... בלויז די אויגן...

— איצט איז ער אין דער היים?

— אַוועקגעפאָרן.

— איז װער בא זײ פאראַן אין שטוב?

— זײנ זוניב און דער אַלטער. אַנדריושאַ! שמדעק זײ ניט! פאַר פרעמדער זינד דארפן זײ ניט ענטפערן...

— דו!... דו װילסט מיר אָנװײזן?! — אַנדריי איז שװאַרצ געװאָרן, עס האָט אים געטיקט. ער האָט אויפגעריסן די העקלעך פונעם שינעל, דעם קאָלנער פון העמד. ער איז צוגעפאַלן צום טשוהונ האַ־סער מיט דער נאַקעטער ביינערדיקער ברוסט, געטרונקען און געביסן דעם ראַנד מיט די ציינ. דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען און, ניט אויפ־הייבנדיק די אויגן, געפרעגט:

— מאַמע! װאָס האָט זי מיר פאַרזאָגט פאַרן טויט?

די מוטער איז אַװעק אינ פאָדערשטן װינקל און פון אונטער די איקאָנעס ארויסגעשלעפט א פאַרגעלט שטיקל פאַפיר. און װי א נאָענ־טע שטימ האָבן זיך דערהערט דער טויטערס װערטער: „טײַערינקער מײַנער, אַנדריושינקאַ! זײ האָבן מיך פאַרמיִעסט, די פאַרשאָלטענע, געשענדעט מיך און מײַן געפיל צו דיר. מער װעל איך שוין ניט אָנ־קוקן דיך און גיט אָנזען איצט די װײַסע װעלט. מײַן געװיסן לאָזט מיך גיט, איך זאָל לעבן מיט א שלעכטער קרענק. אַנדריושינקאַ מײַ־נער, בלומל מײַן טײַערס! שוין די װיפלטע נאַכט שלאָף איך ניט און פאַרגיס דאָס קישן מיט טרערן. אַנדרזוער ליבע מיט דיר געדענק איך און אפ יענער װעלט װעל איך געדענקען. און נאָר איינס טוט מיר לייד — דאָס קינד און דו, װאָס מיט דיר איז אַנדרזער לעבן און ליבן געװען אזוי קורצע. אג אַנדערע װעסטו אינ דער היים ברענגען, — זאָל זי צוליב גאָט אפ אַנדרזער יינגעלע ראַכמאָנעס האָבן. האָב די אויך ראַכמאָנעס אפ אים, אפ מײַן יאָבעמל. דער מאַמען באַפויל, א זי זאָל מײַנע קלײדלעך און שאַלעכלעך אינ בלוזקעס אָפנעבן מײַן שװעסטערל, זי איז א קאַלע, זי דאַרף״...

אפ דעװיאַטקינס הויפ איז אַנדריי װי א היבער אָנגעפלויגן ריטנ־דיק, איז אראָפ פונ פערד, ארויסגעצויגן פונ שייד דעם שװערד און שנעל ארויסגעלאָפן אפן גאַנעק. אַניקײ דעװיאַטקינס פאָטער — א הויכער, גראָער זאָקן, — האָט אים דערזען, זיך איבערגעצײלעמט און זיך געשטעלט פאַר די איקאָנעס אפ די קני.

— אַנדריי סטעפאַנאָװיטש! — האָט ער גאָר געזאָגט, זיך א בוק געטאָן צו אַנדרייען, מער קיין װאָרט ניט ארויסגערעדט און דעם ראָזלעכן פליכן קאָפ פונ דער פאָדלאָגע ניט אויפגעהויבן.

— דו װעסט מיר פאַרן זונ ענטפערן! אינ אײַער גאָט, אינ צײ־

לעמ!... — אנדריי האָט מיט דער לינקער האנט געכאפּט דעמ אלטנס גראָע באָרד, מיט א שמייס פונ פוס געעפנט די טיר אונ מיט א טראסק ארויסגעשלעפּט דעוויאטקינענ אפנ גאנעק. די אלטע איז געלעגנ באמ אויוונ אינ אָנמאכט, נאָר דעוויאטקינס שנור — אניקיימס ווייב — האָט צונויפגענומענ אינ א קופּע די קינדערלעכ (זי האָט זיי געהאט זעקס שטיק) אונ איז מיט געוויינ ארויסגעשפּרונגענ אפנ גאנעק. אנדריי, ווייס, ווי א טויטער ביינ, ארומגעלעקט פונ ווינטנ, האָט זיכ אויסגעבויגנ אונ שוינ אויפגעהויבנ דעמ שווערד איבערנ אלטנס האלדז, נאָר דאָ האָבנ זיכ אימ א וואָרפ געטאָנ צו די פיס מיט געשריי, מיט גוואלד, מיט געוויינ די פארשמארעטע קינדערלעכ.

— שנייד זיי אלעמענ! אלע זיינענ זיי פונ אניקושקינס טינעפ, די הינטלעכ! מיכ שנייד! — האָט געשריענ אוודאטיא, אניקיימס ווייב, אונ איז געגאנגענ אפ אנדרייענ, אופגעשפּיליעט די ראָזע העמד אונ געשאָקלט, ווי א פיל-הינטיישע צויג, מיט די טרוקענע, איינגעדארטע בריסטנ. בא אנדריימ פיס האָבנ געפּויזעט די קינדערלעכ, איינס קלענער פארנ צווייטנ... איז ער צוריקגעטראָטנ, ווילד זיכ אומגעקוקט, ארײַנגעוואָרפנ דעמ שווערד אינ שיידל אונ, זיכ שטרויכלענדיק אפנ גלייכנ וועג, איז ער אוועק צומ פערד. ביז דער כאטע פּאָרטקע איז נאָכ אימ נאָכגעגאנגענ דער אלטער, געוויינט פונ פרייד אונ פונ איבערגעלעבטער שרעק אונ אלצ געזוכט ווי צוצופאלנ אונ א קוש טאָנ די סטרעמענע, אָבער אנדריי האָט מיט עקל אָפּגעריסנ דעמ פוס אונ ארויסגעכריפּעט:

— דיינ גליק!.. די קינדערלעכ...

אינ דער היימ האָט ער דריי מעסלעכ אינ זיכ געגאָסנ, געוויינט א שיכערער, אפ דער צווייטער נאכט האָט ער פארברענט דעמ שייער, ווו עס האָט זיכ אופגעהאנגענ יעוודאָקיא, אינ אפנ פעריטנ מעסלעכ, אנ אָפּגעשוואָלענער אונ שרעקלעכער, האָט ער שטיל זיכ געזעגנט מיט דער מוטער. זי האָט צוגעדריקט זיינ קאָפּ צו איר ברוסט אונ צומ ערשטנ מאָל באמערקט אינ זיינס בלאָנדנ טשוב גרויע פעדעמ.

אינ צוויי יאָר ארומ איז אנדריי צוריקגעקומענ אינ גרעמיאטשי פונ פוילישנ פראָנט. א יאָר האָט ער ארומגעבלאָנקעט איבער ווערכנעדאָנסקער קרייז מיט א דערנערונג-אָטריאד אינ דערנאָכ איז ער צוגעפאלנ צו דער ווירטשאפט. אפ דער מוטערס אייצעס כאסענע צו האָבנ פלעגט ער ניט ענטפערנ. נאָר איינמאָל איז די מוטער צוגעשטאנענ אונ גענומענ זיכ דערשלאָגנ אנ ענטפער.

— האָב כאַבענע, אַנדריושאַ! איך האָב שוין ניט קיין קויעך צו שלעפן די טעפּ. אַ יעדעס מיידל וועט לויפן פאַר דיר. מיט וועמען וועלן מיר זיך שאַרכענען?

— איך וויל ניט, מאַמעניו, שטייט ניט צו!

— אַרײַנגעהאַקט זיך אין קאָפּ און גענוג! זע נאָר באַ דיר אַפן קאָפּ האָט זיך שוין אַ שנײַ אויסגעשאָטן. ווען־זשע וועסטו זיך באַקלערן? ווען דו וועסט אַן אַלטער ווערן? וועגן דער מוטער קלערסטו ווייניק. און איך האָב שוין גערעכנט, אַז מיר וועט אויסקומען זיך ניאַנטשען מיט אייניקלעך. פון צוויי ציגן האָב איך דעם פּוך אָנגעזאַמלט, איך וואָלט פאַר די קינדערלעך זאָקן געשטריקט... אַרומוואַשן זיי, אויסבאָדן זיי — דאָס איז מײַן אַרבעט. די קו איז מיר שוין שווער אויסצומעלקן: די פינגער פאָלגן מיך שוין ניט. — און איז אַריבער אַפן געוויין: — און אין וועמען ביסטו מיר אַזוי געראָטן! אָנגעדראָלן זיך און סאָפּעט. וואָס־זשע שווײַגסטו?

אַנדריי האָט גענומען דאָס היטל און איז שווײַגנדיק אַרויס פון שטוב. אָבער די אַלטע האָט זיך ניט אָפּגעשטילט: אָנגעטעפּנעט מיט די שכײַנעס, געשושקעט זיך, געהאַלטן זיך אייצעס...

— נאָך יעוודאָקיען וועל איך קיינעם אין שטוב ניט ברענגען, — האָט זיך אײַנגעשפּאַרט אַף דאָס זײַניקע אַנדריי. און דער מוטערנס קאַס איז אַריבער אַף דער פאַרשטאָרבענער שנור.

— זי האָט אים פאַרקישעפט אָט די דאָזיקע שלאַנג! — האָט זי גערעדט מיט די אַלטע ווײַבער, ווען זי פלעגט זיך באַגעגענען באַם אַרויסטרײַבן די קו אין פעלד אַרײַן, אָדער זיצנדיק פאַרנאַכט לעבן איר הויף. — אַליין זיך אָפּגעהאַנגען און פון אים נעמט זי אַפּ דאָס לעבן. קיין אַנדערע וויל ער נישט נעמען. און מיר איז דען גרינג? אַך, ליבינקע! איך קוק אַף פרעמדע אייניקלעך און באַוואַש זיך מיט טרערן: אַנדערע באָבעס האָבן פרייד און נאַכעס, און איך בין אַליין אַזוי ווי אַ זיסלמויז אין דער נאָרע...

דעם זעלביקן יאָר איז אַנדריי זיך צונויפגעגאַנגען מיט מאַרינען, מיט דער אַלמאָנע פון דעם וואַכמײַסטער מיכאַיל פּאַיאַרקאָוו, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן הינטער נאָוואָטשערקאַסק. פאַריקן האַרבסט איז איר געוואָרן פערציק, נאָר זי האָט נאָך אײַנגעהיט אין איר פולן און קרעפּטיקן קערפּער, אינעם טונקעלן פּאָנעם סטעפּישע ניט־שרײַענדיקע שיינקייט.

אין אָקטיאַבער האָט אַנדריי געדעקט איר הײַזקע מיט טשאַקאַן.

פאַרנאַכט האָט זי אימ אַרײַנגעטראָגנ אינ שטוב, פלינק געגרייט צומ טיש, אַוועקגעשטעלט אַ שיסעלע באָרשטש, אַרופגעוואָרפנ אַפ אַנ־דריס קני אַנ אויסגענייטנ ריינעמ האַנטעכ, אַלײנ זיכ געזעצט אַנט־קעגנ אונ אונטערגעשפאַרט דאָס פּאָנעמ מיט דער האַנט. אַנדריי האָט פונ דער זײַט שווײַגנדיק געקוקט אַפ איר שטאָלצנ קאָפּ, דעמ שווער־באַדעקטנ מיט גלאַנציקע שוואַרצע האָר. געוועזנ זײַנענ זיי בײַ איר געדיכטע, אַפּנ אָנזעענ האַרטע אַזוי ווי אַ פערדישע גריווע, נאָר פאַזע די קליינע אויערנ האָבנ זיי זיכ קינדיש, אימרויק אונ ווייכ געקרײַזלט. מאַרינע האָט געזשמורעט אַפ אַנדרייענ די לענגלעכע, עטוואָס קרומ־געשניטענע שוואַרצע אויגנ.

— צוגיכנ נאָכ? — האָט זי געפרעגט.

— נו, וואָס־זשע, — האָט אײַנגעשטימט אַנדריי אונ מיט דער דלאָניע אָפּגעווישט די בלאָנדע וואָנצע. ער האָט זיכ ווידער גענומענ פאַרנ באָרשטש, אונ מאַרינע האָט פונסנײַ זיכ געזעצט אַנטקעגנ אימ אונ געקוקט מיט אַ וואַכזאַמענ אונ וואַרטנדיקנ בליק. אַזוי ווי אומ־גערנ האָט אַנדריי דערזענ אַפ איר פולבלעכנ האַלדז אַ שנעל־פולסירנ־דיק בלוי אָדערל, ער האָט זיכ עפעס ווי פאַרשעמט אונ אַוועקגעלייגט דעמ לעפל.

— וואָס־זשע? — האָט זי פאַרוואונדערט אויפגעהויבנ די שוואַר־צע פליגל־ברעמענ.

— זיכ אָנגעגעסנ, אַ דאַנק, מאָרגנ אינדערפרי וועל איכ קומענ ענדיקנ דעקנ.

מאַרינע איז אַרומגעגאַנגענ דעמ טיש. לאַנגזאַמ אָפּדעקנדיק אינ שמייכל אירע פעסט־צונויפגעפּרעסטע ציינ, זיכ צוגערוקט צו אַנדריי־ענ מיט דער גרויסער ווייכער ברוסט אונ שטיל געפרעגט:

— אונ עפשער וועסטו בײַ מיר נעכטיקנ?

— מע קענ, — האָט ניט געפונענ וואָס אַנדערש צו ענטפערנ אַנדריי.

מאַרינע, נעקאָמע נעמענדיק פאַרנ גאַרישנ וואָרט, האָט זיכ פאַר אימ פאַרנייגט.

אַ דאַנק, מײַנ ברויטגעבער! זיכ מעראַכעמ געוועזנ האָסטו, הייסט עס, אַפ אַנ אָרעמער אַלמאָנע... אינ איכ, זינדיקע, האָב זיכ געשראָקנ, כ'האָב געטראַכט, דו וועסט זיכ אָפּזאָגנ...

זי האָט שנעל פאַרלאָשנ דאָס קאַנעצל, אינ דער פינצטער אויס־

געבעט דאָס בעט, פאַרריגלט די טיר אונ מיט פאַראַכטונג, מיט א קוים באַמערקבאַרנ פאַרדראָס האָט זי געזאָגט:

— בא דיר איז דאָס קאָזאַקישע — איינ פאַסקודנער טראָפּנ. א טאַמבאָווער עמערמאַכער האָט דיכ געמאַכט.

— וואָס הייסט? — האָט זיכ באַליידיקט אַנדריי אונ דעמ שטיוול אויפגעהערט אַראָפּשלעפּנ.

— פונקט אַזוי ווי אַלע אַנדערע. אויב קוקנ אַפּ די אויגנ — זיינ־ענ זיי בא דיר בראַווע, אָבער בא א פרוי בעטנ האָסטו מוירע. אונ נאָכ באַקומענ געצאַנקיעס אַפּ דער מילכאָמע! — זי האָט גענומענ אומקלאָר רייד, פאַרדריקט די האָר־נאָדלענ אינ די ציינ אונ פאַנאַנדערגעפלאָכטנ די האָר. — מיינ מישקענ געדענקסטו? אינ וווּקס איז ער געווענ קלענער פונ דיר. דו ביסט מיט מיר אינ איינ הויכ אונ ער — עטוואָס נידעריקער. איז אָט, איכ האָב אימ געליבט נאָר פאַר זיינ דרייסטקייט. ער פלעגט פאַרנ כאַמע שטאַרקבינג אינ שענק ניט אָפּטרעטנ, כאָטש די נאָז איז שוינ פאַרבלוטיקט. נאָר ער איז נאָכ אַלץ ניט קיינ געשלאָגענער. קאָנ זיינ, אַז איבער דעמ איז ער געשטאָרבנ. ער האָט דאָס געוווּסט, פאַר וואָס איכ האָב אימ געליבט... — האָט זי מיט שטאָלץ פאַרענדיקט.

אַנדריי האָט זיכ דערמאָנט די מייסעס פונ די כוטער־קאָזאַקנ, וועלכע האָבנ געדינט מיט מאַרינעס מאַנ אינ איינ פּאָלק אונ זיינענ ביי־געווענ בא זיינ טויט: ווענ ער איז געווענ אינ רעקאָגנאָסצירונג, האָט ער געפירט זיינ ווזוואָד אינ אַטאַקע אַפּ אַנ אָטריאַד רויטאַרמייער, וואָס איז געווענ אינ צוויי מאָל גרעסער פאַר זיינעמ. די רויטאַרמייער האָבנ א קערעווע נעמאָנ אַפּ זיינ ווזוואָד זייער „ליוויס“,* פאַרטריבנ, פיר קאָזאַקנ — פונ זאָטל אַרויסגעשמיסנ, מיכאַיל פּאָיאַרקאָוו אַליינ האָבנ זיי אָפּגעשניטנ פונ די איבעריקע אונ געפרווּווט אימ אַניאָגנ. דריי רויטאַרמייער, וואָס האָבנ אימ פאַרפאָלגט, האָט ער פונ נאָענט דערשאָסנ אונ אַנטלויפנדיק זיכ אָפּגעשאָסנ. זייענדיק איינער פונ די בעסטע רייטערס אינ פּאָלק, האָט ער אָנגעהויבנ וואָלטיזשירנ, זיכ ראַטעווענדיק פונ די קוילנ, אונ ער וואָלט אַנטלאָפנ, נאָר דאָס פערד איז אַריינגעפאַלנ מיטנ פיס אינ עפּעס א גרוב אונ איבערגעבראָכנ באַמ פאַלנ דעמ פיס פונעמ רייטער. דאָ איז געקומענ א סאָפ צו דעמ בראַוונ וואַכמיסטער...

* [illegible]

אַנדריי האָט אַ שמייכל געטאָן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט די מײַ־סע וועגן פּאַיאַרקאָווס טויט.

מאַרינע האָט זיך געלייגט, אָפּגעאָטעמט און זיך צוגערוקט צו אַנדרייען. אין אַ האַלבער שעה אַרום, פֿאַרזעצנדיק דעם אָנגעהויבענעם שמועס, האָט זי געמורמלט:

— מישקען האָב איך פֿאַר זײַן דרייסטקייט געליבט. אָבער דיך... אַזוי, פֿאַר קיין זאַך ניט, — און זיך צוגעדריקט צו אַנדרייס ברוסט מיטן קליינעם ברענענדיקן אויער. אים האָט זיך אינעם האַלב־טונקל אויסגעדוכט, אַז איר אויג לײַכט זיך מיט פֿײַער און אײַגנווילן, ווי בײַ אַ ניט קיין באַריטן פֿערד. שוין באַגינען האָט זי אַ פֿרעג געטאָן:

— וועסט מאָרגן קומען פֿאַרענדיקן דעקן דאָס הויז?

— נו, ווי־זשע דען? — האָט זיך אַנדריי פֿאַרוווּנדערט.

— קום ניט...

— פֿאַרוואָס עפּעס?

— נו, וואָס פֿאַר אַ דעקער ביסטו! דער זיידע שטשוקאַר דעקט בע־סער פֿאַר דיר, — און האָט זיך הויך פֿונאַנדערגעלאַכט. — כ'האָב דיך אומיסטן גערופֿן... מיט וואָס־זשע האָב איך געקאָנט דיך אַרײַנ־נאַרן? אַט האָסטו מיר אָנגעמאַכט שאָדן! דאָס הויז דאַרף מען סײַ־ווי־סײַ איבערדעקן.

אין צווייטן טאָג אַרום האָט די הײַזקע איבערגעדעקט דער זיידע שטשוקאַר און געטאַדלט פֿאַר דער באַלעבאָסטע אַנדרייס שלעכטע אַר־בעט.

אַנדריי פֿלעגט פֿון יענער צײַט אָן יעדע נאַכט באַזוכן מאַרינען. זיס האָט זיך אים געדאַכט די ליבע פֿון אַ פֿרוי, וואָס איז מיט צען יאָר עלטער פֿאַר אים, זיס ווי אַ וואַלדיקער ווינטער־עפּל, וואָס דער ערשטער פֿראָסט האָט אים צוגעשמאַליעט...

אין כוטער האָט מען וועגן זייער פֿאַרבינדונג זיך אײַנגיכן דערוווּסט און מע האָט עס אויפֿגענומען פֿאַרשיידן. אַנדרייס מוטער האָט זיך אויסגעוויינט און זיך פֿאַרקלאָגט פֿאַר די שכנים. ס'אַרא באַרפֿע! מיט אַ זקנה האָט ער זיך פֿאַרבונדן. נאָר דערנאָך האָט זי זיך איבערגע־בעטן און איז שטיל געוואָרן. ניורקע, דאָס שכנישע מיידל, מיט וועל־כער אַנדריי פֿלעגט בײַ אַ געלעגנהייט זיך וויצלען און אַ שפּיל טאָן, האָט לאַנג אויסגעמיטן זיך מיט אים צו באַגעגענען, נאָר אײנמאָל בײַם אָנהאַקן צווײַגן האָט זי זיך באַגעגנט מיט אים פּנים צו פּנים און איז בלייך געוואָרן.

— זי האָט דיכ אָנגעזאָטלט, די אַלטע? — האָט זי געפרעגט אונ געשמייכלט מיט ציטערנדיקע ליפּנ אונ ניט געפרואווט באהאלטנ די טרערנ, וואָס האָבנ א בליצ געטאָנ אונטער די וויִעס.

— דעמ אָטעמ ניט איבערצוכאַפּנ! — האָט געפּרואווט זיכ אָפּוויצלענ אנדריי.

— קיינ יונגערע וואָלט זיכ דענ ניט געפונענ? — האָט אָפּגייענדיק געפרעגט ניורקע.

— אז איכ אַלייג בינ שוינ.. גיב א קוק. — אנדריי האָט אַראָפּגענומענ די פּאַפּאַכע אונ אָנגעוויזנ אפ זיינ גראָ-ווערנדיקנ קאָפּ.

— אונ איכ, נאָר איינע, האָב גאָר א גראָענ ליב באַקומענ. נו, הייסט עס, זייַ געזונט, — אונ איז אוועק, באַליידיקט טראָגנדיק איר קאָפּ.

מאַקאַר נאַגולנאָוו האָט קורצ געזאָגט:

— איכ באַגיטיק גיט, אנדריוכא! פאַר א וואַכמיסטער וועט זי דיכ מאַכנ אונ פאַר א קלייג־אייגנטימער. נו, נו, איכ לאַכ, דו זעסט דענ ניט?

—האָב שוינ מיט איר כאַסענע אפּ א געזעצלעכנ אופנ, — איז איינמאָל גוט געוואָרנ די מוטער. — זאָל זי ווערנ א שנור.

— ניט נייטיק, — האָט זיכ אנדריי אויסגעדרייט פונ אַנ ענטפער.

מאַרינע האָט אַזוי ווי צוואַנציק יאָר פונ די פּלייצעס אַראָפּגעוואָרפנ. זי פּלעגט באַגעגענענ אנדרייענ באַנאַכט אונ איינגעהאַלטנ שייַנענ מיט די עטוואָס קרומגעשטעלטע אויגנ. זי פּלעגט אימ ארומנעמענ מיט א מענלעכער קראַפט אונ ביז העלנ באַגינענ פּלעגט ניט אַראָפּגיינ פונ אירע טונקעלע באַקנ דער העלער קאַרשנרויט. ווי די מיידלשע צייט וואָלט זיכ אומגעקערט צו איר! זי פּלעגט אייַנגייענ פאַר אנדרייענ קאָליִרטע אונ געשטיקעוועטע פונ זייד=שטיקלעכ טאַבאַק־בייטעלעכ, פּלעגט גענטרייַ אויפּכאַפּנ זייַנ יעדע באַוועגונג, פּלעגט זיכ אונטערכאַנפענענ. דערנאָכ האָט זיכ מיט א ווילדער קראַפט דערוועקט אינ איר די אייפערזוכט אונ די שרעק צו פאַרלירנ אנדרייענ. זי האָט גענומענ גיינ אפּ פאַרזאַמלונגענ נאָר צוליב דעמ, כדי אכטונג צו געבנ אפ אימ, צי שפּילט ער זיכ ניט מיט יונגע ווייבלעכ? צי קיקט ער ניט אפ וועלכער־ניט־איז? אנדריי האָט זיכ די ערשטע צייט געפילט שלעכט פונ אזא אומדערוואַרט געקומענער אויפזיכט, געזידלט מאַרינענ אונ אפּילע עטלעכע מאָל זי אָפּגעשלאָגנ, אָבער דערנאָכ זיכ צוגעוווינט אונ זייַנ

מענערישער אייגנליבע האָט עס אפילע גענומענ געפעלנ ווערנ. מארינע האָט זיכ אויסגעפּיינט פאר אים אונ אים אָפּגעגעבנ דעמ מאַנס אלע קליידער. אונ אָט, אנדריי, וואָס איז ביז איצט געגאַנגענ אינ אָפּגעריסענער, האָט זיכ ניט געשעמט אונ מיט די רעכט פונ א יורעש האָט ער זיכ אויסגעפּוצט אונ גענומענ שפּאצירנ איבער גרעמיאטשי אינ געוועזענע וואכמיסטערשע הויזנ אונ העמדלעכ, וואָס די ארבל זיינענ אים געווענ קענטיק קורצ אונ ענגלעכ.

ער האָט געהאָלפנ זיינ געליבטער אינ דער ווירטשאפט, געבראַכט איר פונ געיעג א דערהארגעטנ האָז אָדער א בינטל קוראָפּאטקעס. אָבער מארינע האָט קיינמאָל ניט מיסברויכט מיט איר מאכט אונ אויכ ניט פארזענ אנדרייס מוטער, כאָטש זי האָט זיכ באַצויגנ צו איר מיט א געפיל פונ א באהאלטענער פיינטשאפט.

אָבער זי פלעגט אליינ ניט שלעכט זיכ ספראוועג מיט דער ווירטשאפט אונ וואָלט געקענט זיכ אויכ באגיינ אָנ מענערישער הילפ. ניט איינמאָל פלעגט ראָזמיאָטנאָוו מיט באהאלטענעמ פארגעניגנ נאָכקוקנ, ווי זי הייבט אופ אפנ גאָפּל א דריי־פודיקע קיפע ווייצ, אָדער, ווענ זי זיצט אפ דער שנייד־מאשינ, ווארפט זי פונ אונטער די גראגעדיקע פליגלענ קופעס געקאָסענע פולקערנדיקנ נעריטשנ. זי האָט געהאט אינ זיכ פיל מענערישע בראוקייט אונ קראפט. אפילע די פערד פלעגט זי איינשפּאנענ ווי א מאנצביל, אָנשפּארנדיק מיטנ פוס־טריט דאָס העלדזל פונ כאָמעט אונ מיט איינ מאָל איינציִענ דאָס רימענדל.

מיט יאָרנ איז דאָס געפיל צו מארינעס עלטער געוואָרנ אונ זיכ זיכער איינגעוואָרצלט. אנדריי פלעגט אָפט זיכ דערמאָנענ וועגנ ערשטנ ווייב, אָבער די דערינערונגענ פלעגנ שוינ ניט ברענגענ מיט זיכ דעמ פריערדיקנ שניידיקנ ווייטעק. נאָר אָפטמאָל, ווענ ער פלעגט זיכ באגעגענענ מיטנ עלטערנ זונ פונ אניקיי דעוויאטקינ, וואָס האָט עמיגרירט קיינ פראנקרייכ, פלעגט אנדריי בלייכ ווערנ: אזוי וווּנדערבאר איז געווענ די ענלעכקייט צווישנ דעמ פאָטער אינ זונ.

אונ דערנאָכ — ווידער אינ דער ארבעט, אינעמ קאמפ פארנ שטיקל ברויט, אינעמ הוהא האָט זיכ דער נארנ צעזייט, אונ ס'איז פארביי דער טעמפּער נאָגנדיקער ווייטעק, ענלעכ אפנ ווייטעק, וואָס ער פלעגט אָפטמאָל פילנ פונעמ שניט אפנ שטערנ, — אינ אָנדענק, וואָס אמאָל האָט אימ איבערגעלאָזט דער קינזשאל פונ א מאדיארישנ אָפיצער.

פונ דער ארעסטאנט־פארזאמלונג איז אנדריי אוועק גלייכ צו מא־
רינענ. זי האט געשפונענ וואל אונ געווארט אפ אימ. אינ נידעריקנ צי־
מער האט שלעפעריק געזשומעט דאס שפינדל. ס'איז געווענ הייס אנ־
געהייצט. א געקרייזלט שטיפעריש ציגעלע האט געקלאפט איבער דער
ערדישער פאדלאגע מיט זיינע קליינינקע טלאָעלעכ אונ זיכ געקליבנ
ארויפשפרינגענ אפנ בעט.

ראזמיאטנאוו האט אנ אויפגערעגטער זיכ פארקרימט.

— גענוג דיר דרייענ דאס רעדל!

מארינע האט אראפגענומענ פונעמ טרעטער איר פוס, אנגעשובט אינ
א שפיציעבילנ שטעקשוכ אונ מיט פארגעניגנ זיכ אויסגעצויגנ, אויס־
בייגנדיק איר ברייטנ רוקנ.

— וואס איז געווענ אפ דער פארזאמלונג?

— די באלעבאטימ וועלנ מיר מארגנ אנהייבנ טרייבערנ.

— אפ אנ עמעס?

— די גאנצע ארעמשאפט איז אינ קאלווירט ארייננגעטראטנ אפ
דער היינטיקער פארזאמלונג — אנדריי האט אראפנעמענדיק זיכ דאס
רעקל, זיכ צוגעלייגט אפנ בעט אונ ארויפגעכאפט אפ די הענט דאס צי־
געלע — א ווארעמ וואלנ קנוילעכל. — דו דערלאנג מארגנ א מעלדונג.

— א וועלכע? — האט זיכ איבערראשט מארינע.

— וועגנ ארייננעמענ דיכ אינ קאלווירט.

מארינע האט זיכ אנגעצונדנ אונ מיט היצ א שטעל געטאנ צומ
אויוונ דאס שפינדל.

— ביסט פונ זינענ אראפ? וואס האב איכ דארטנ ניט געזענ?

— לאָמיר, מארינקע, וועגנ דעמ זיכ ניט קריגנ. דו דארפסט זיינ
אינ קאלווירט. מע וועט זאגנ וועגנ מיר: „אנדערע רופט ער אינ קאל־
ווירט, אונ זיינ מארינע ניט". ס'וועט זיינ פארדראס.

— איכ וועל ניט גיינ! אלציינס וועל איכ ניט גיינ — מארינע
איז פארביינגעגאנגענ פארביי בעט אונ א פאכע געטאנ אפ אנדרייענ
מיטנ גערוכ פונ שווייס אונ צעהיצטנ קערפער.

— דעמאלט, זע אכארעט, וועט אונדז אויסקומענ זיכ פאנאנדערגיינ.

— אנגעשראקנ!

— איכ שרעק ניט, נאר אנדערש קאנ איכ ניט.

— נו, איז גיי! זיי וועל איכ אפגעבנ מיינ שטיקל בעהיימע, אונ
אליינ מיט וואס וועל איכ בלייבנ? דו וועסט קומענ? פרעסנ וועסטו
בעטנ?

— מילכ וועט זײַנ אלגעמײנע.

— עפּשער וועלנ ווײַבער אויכ זײַנ אלגעמײנע? אונ דעריבער שרעק־סטו מיכ?

— איכ וואָלט דיכ אָנגעשלאָגנ, נאָר כ'האָב עפּעס קײנ חשק ניט.

אנדריי האָט אראָפּגעשטופּט דאָס ציגעלע אפ דער פּאָדלאָגע, זיכ גענומענ צום היטל אונ ווי א שלענגל ארומגעדרײט ארומ האלדז זײַנ שאלעכל.

---

„ יעדנ טײוול דארפ מענ אײַנרײדנ אונ בעטנ! מארינקע, זי שטעלט זיכ אויכ אנטקעגנ. וואָס־זשע וועט זײַנ מאָרגנ אפ דער אלגעמײנער פארזאמלונג? מע וועט שלאָגנ, אויב מיר וועלנ צו שטארק אָנ־קוועטשנ". — האָט ער בײז געקלערט אונ דורכ די גערטנער געשפּאנט צו זײַנ שטיבל. ער איז לאנג ניט אײַנגעשלאָפנ, זיכ געדרײט, געהערט ווי די מוטער איז צוויי מאָל אויפגעשטאנענ. א קוק געטאָנ צומ טײַכ. אינ שפּײַכלער האָט געקרײט א האָנ מיט א לעציש־הײזעריק קאָל. אנדריי האָט מיט אומרויִקײט געטראכט וועגנ מאָרגנדיקנ טאָג, וועגנ דער גאנ־צער לאנדווירטשאפט, וואָס האָט זיכ געשטעלט באַמ שוועל פונ אי־בערבוי. ער האָט מוירע געהאט, אז דאווידקאָ, א טרוקענער מענטש (אזוי האָט זיכ אימ אויסגעדוכט), וועט מיט א וועלכנ ניט איז אימפּאָ־זיכטיקנ טריט אָפּשטויסנ פונ קאָלווירט די מיטלפּויערימ. נאָר ער האָט זיכ דערמאָנט דאווידקאָס קורצגעוויקסיקע, פעטע געזאָפּענע פיגור, דאָס אָנגעשטרענגטע פּנימ מיט די הארבע קארבנ באַ די זײַטנ באק, מיט די אָפּלאכעדיקע קלוגע אויגנ, זיכ דערמאָנט, ווי אפ דער פארזאמלונג האָט דאווידקאָ זיכ אָנגעבויגנ צו אימ הינטער נאגולנאָווס רוקנ, געאָ־טעמט אינ געזיכט מיט א קינדיש רײנעמ, שארפ־ווײניקנ גערוכ פונעמ מויל אונ געזאָגט, ווענ ליובישקינ איז ארויסגעטראָטנ: „אָט דער פּאר־טיזאנ איז א גרעבלעכער באָכער, נאָר איר האָט אימ פארלאָזנ, ניט דערצויגנ, א פאקט! מע דארפ מיט אימ ארבעטנ". ער האָט זיכ דער־מאָנט אונ צופרידנ באשלאָסנ: נײנ, אָט דער וועט ניט אינטערפירנ. מאקארנ, אָט וועמענ מע דארפ אײַנהאלטנ! ער זאָל נאָר אָקאָרשט אינ זײַנ היציקײט ניט אָפּטאָנ א וועלכנ־ניט־איז שפּיצל. אז מאקארנ פאלט ארונטער די שלײע אונטערנ עק, — דעמאָלט איז פארפאלנ דער וואָגנ. יאָ, פארפאלנ... וואָס פארפאלנ? דער וואָגנ... ווי קימט אהער א וואָגנ? מאקאר... טיטאָק... מאָרגנ..." דער שלאָפ האָט זיכ צו אימ גענומענ אונ געלאָשנ דעמ באוווסטזײַנ. אנדריי איז אײַנגעשלאָפנ אונ פונ זײַנע ליפּנ האָט לאנגזאמ, ווי טראָפּנס טײ פונ א בלאט אראָפּגערונענ א שמײכל.

# קאַפּיטל 6

אזויגער אכט אינדערפרי, ווענ דאַווידאָוו איז געקומענ אינ דאָרפּ־ראַט, האָט ער שוינ געטראָפנ פאַרזאַמלט פערצנ מאַנ פונ גרעמיאַטשער אַרעמשאַפט.

— מיר וואַרטנ שוינ אויפ אײַכ פונ לאַנג, פונ פאַרטאָג, — האָט א שמייכל געטאָנ ליובישקינ, ווענ ער האָט אַרײַנגענומענ אינ זײַנ נע־זונטער דלאָניע דאַווידאָווס האַנט.

— ניטאָ קיינ געדולד... — האָט דערקלערט דער אַלטער שטשו־קאַר.

דאָס האָט ער, אָנגעטאָנ אינ א ווײַסנ ווײַבערישנ פעלצ, דעמ ערשטנ טאָג, ווענ דאַווידאָוו איז געקומענ, זיכ מיט אימ געבאָכמעט אויפנ הויפ פונעמ דאָרפּראַט. פונ יענעמ טאָג אָנ האָט ער זיכ געהאַלטנ פאַר דאַ־ווידאָווס א נאָענטנ באַקאַנטנ אינ זיכ צו אימ באַצויגנ, ניט ווי די איי־בעריקע, נאָר מיט פרײַנטלעכער פאַמיליאַרקײַט. פאַר זײַנ קומענ האָט ער טאַקע אזוי גערעדט: „ווי איכ מיט דאַווידאָווּנ וועלנ באַשליסנ, אזוי וועט זײַנ. אייערנעכטנ האָבנ מיר מיט אימ לאַנג געשמועסט. נו, צווישנ ערנסטע רייד זײַנענ אויכ געווענ וויצלעכ, אָבער מער פונ אַלצ האָבנ מיר מיט אימ באַהאַנדלט די פלאַגעס, ווי דעמ קאָלווירט אײַנצואָר־דענענ. א פרייליכער מענטש איז ער, פונקט ווי איכ...".

דאַווידאָוו האָט דערקענט שטשוקאַרנ נאָכ ווײַסנ פעלצ אונ, אַליינ ניט וועלנדיק, האָט ער אימ שטאַרק באַליידיקט.

— א, דאָס ביסטו, זיידע? אָט וועסטו: אייערנעכטנ האָסטו אזוי ווי געהאַט פאַרדראָס, ווענ דו האָסט זיכ דערוווּסט נאָכ וואָס איכ בינ געקומענ, אונ הײַנט ביסטו שוינ אַליינ א קאָלווירטניק, מאָלאָדיעצ!

— ניט געווענ קיינ צײַט... דעריבער בינ איכ אַוועק... — האָט גע־בורטשעט דער אַלטער שטשוקאַר אונ מיט א זײַט זיכ אָפּגערוקט פונ דאַווידאָווּנ.

מע האָט באַשלאָסנ גיינ אַרומזוכנ די באַלעבאָטימ אונ זיכ צע־טיילט אויפ צוויי גרופּעס. די ערשטע האָבנ געדאַרפט גיינ אינ אויבערשטנ טייל כוטער, די צווייטע — אינ אונטערשטנ. אָבער נאַגולנאָוו, ווענ דאַווידאָוו האָט פאַרגעלייגט אָנצופירנ מיט דער ערשטער גרופּע, האָט זיכ קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. ער האָט זיכ מיעס פאַרשעמט פונ אַלע־מענס בליקנ אונ אָפּגערופנ דאַווידאָווּנ אָנ א זײַט.

— וואָס מאכסטו שטיק? — האָט קאלט געפרעגט דאווידאָוו.
— איכ וועל בעסער גיינ מיט דער צווייטער גרופּע אינ אינ־טערשטנ טייל.
— וואָס איז דער אונטערשייד?
גאגולנאָוו האָט פארביסנ די ליפּנ אונ אָנ א זײַט געזאָגט:
— וועגנ דעם... נו, סײַוויסײַ וועסטו זיכ דערוויסנ! מײַנ ווײַב... לושקע... לעבט מיט טימאָפּייענ, פראָל דאמאסקאָוס זונ — דעם בא־לעגופּס. וויל איכ ניט! מע וועט ריידנ. אינ אינטערשטנ טייל וועל איכ גיינ, אונ ראזמיאָטנאָוו זאָל גיינ מיט דער ערשטער גרופּע.
— ע, ברודער, שרעק זיכ ניט פאר רייד... אָבער איכ פאָדער ניט. קומ מיט מיר, מיט דער צווייטער גרופּע.
דאווידאָוו האָט זיכ פּלוצלינג דערמאָנט, אז הײַנט טאקע האָט ער געזענ בא נאגולנאָווס ווײַב, ווענ זי האָט אימ דערלאנגט פרישטיק, א ציטרינ-געלעכנ פארעלטערטנ בלויענ בײַל איבערנ ברעמ; קרימענדיק זיכ אונ מאכנדיק מיטנ האלדז, פּונקט ווי א שטרויעלע וואָלט אימ ארײַנגעפאלנ אינ קאָלנער, האָט ער געפרעגט:
— דאָס האָסטו איר אונטערגעשטעלט א לאמטער? שלאָגסט זי?
— ניינ, ניט איכ.
— ווער־זשע דענ?
— ער.
— ווער — ער?
— נו, טימאָשקע... פראָלס זונ...
דאווידאָוו האָט עטלעכע מינוט, ניט פארשטייענדיק, געשוויגנ אונ דערנאָכ איז ער בייז געוואָרנ:
— נו, כאפּט עס דער טײַוול! איכ פארשטיי ניט! קומ, וועגנ דעם שפּעטער.
נאגולנאָוו מיט דאווידאָווג, ליובישקינ, דער אלטער שטשוקאר אונ נאָכ דרײַ קאָזאקנ זײַנענ ארויס פונעמ דאָרפראט.
— פינ וועמענ וועלנ מיר אָנהייבנ? — האָט דאווידאָוו געפרעגט, ניט קוקנדיק אפ נאגולנאָווג. זיי ביידע האָבנ פארשייטנ געפילט נאָכנ שמועס א געוויסע פארלעגנהײַט.
— פונ טיטאָקנ.
אפ דער גאס איז מענ געגאנגענ שווײַגנדיק. פונ די פענצטער האָבנ אפ זיי נײַגעריק ארויסגעקוקט ווײַבער. קינדער האָבנ געוועג גע־לאָזט זיכ נאָכ זיי, נאָר ליובישקינ האָט ארויסגעצויגנ פונ פארקנ א

צוויגל און די אָנשטויסנדיקע זיבּ קינדער זײַנענ אָפּגעשטאַנענ. שוינ צוגײענדיק צו טיטאָקס הויז, האָט נאגולנאָוו, צו קײנעמ ניט גע־װענדט, געזאָגט:

— דאָס הויז דארפ מענ פאר דער קאָלווירט־פארוואלטונג פאר־נעמענ. א געראמ הויז, און פונ די שפּײַכלערס מאכנ א קאָלווירטישע שטאל.

דאָס הויז איז ווירקלעכ געווענ א געראמס. טיטאָק האָט עס גע־קויפט אינ שבײנעסדיקנ כוטער טובײאנסקאָיע. אינ הונגעריקנ 22־טנ יאָר פאר א יאַלעווער קו און דרײַ פוד מעל. די גאנצע מישפּאָכע פונ די געוועזענע אײגנטימער איז אויסגעשטאָרבנ. איז ניט געווענ, ווער עס זאָל זיכ דערמאָנענ מישפּעטנ מיט טיטאָקנ פארנ שווינדל. ער האָט דאָס הויז אריבערגעפירט אינ גרעמיאטשי, איבערגערוקט דעמ דאכ, אויפגעשטעלט הילצערנע שפּײַכלערס און א שטאל, זיכ געבויט אפ אייביק... פונעמ אָברע־באלקענעמ קארניז האָט צו דער גאס ארויס־געקוקט א געדריידלטע אויפשריפט מיט סלאוויאנישע בוכשטאבנ:

„ט. ק. באָראָדינ. 1923 יאָר".

דאווידאָוו האָט מיט נײַגער באקוקט דאָס הויז. דער ערשטער איז ארײַנ אינ פּערעטל נאגולנאָוו. אפנ קלאָפּ פונעמ פּאָרוקער איז פונ הינ־טערנ שפּײַכלער ארויסגעשפּרונגענ א גרויסער וואָלפּארטיקער קייט־הונט. ער האָט זיכ א ריס געטאָנ אָנ א האווקערײַ, געשטעלט זיכ אפ די הינטערשטע לאפּעס, באווײַזנדיק זײַנ ווײַסנ פּוכיקנ בויכ און כרי־פּענדיק און שטיקנדיק זיכ אינעמ האלדז־באנד, האָט ער טעמפּ א ריוּע געטאָנ: ער האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ פאָרויס, איבערגעקערט זיכ אפנ רוקנ, עטלעכע מאָל געפּרוּווט איבעררײַסנ די קייט, נאָר ניט באקומענדיק זי, האָט ער זיכ א יאָג געטאָנ צו דער שטאל, און אי־בער אימ האָט מיט געזאנג א קלונג געטאָנ דער קייט־רינג, וואָס האָט זיכ געגליטשט איבערנ דראָט.

— אז אזא טײַוול וועט זיכ אפ דיר ארופוועצנ — וועסטו זיכ שוינ ניט ארויסרײַסנ, — האָט געבורטשעט דער אלטער ששטשוקאר, וואָס האָט מיט שרעק זיכ געהאלטנ אָנ א זײַט, נעענטער צומ פּארקנ.

אינ שטוב איז מענ ארײַנ מיטאמאָל. טיטאָקס ווײַב, א הויכע, דאר־רע פרוי, האָט פונ א מולטער געפּויעט א מעלעצע. זי האָט מיט בײזנ כשאד באקוקט די אומדערווארטע געסט. אפ דער באגריסונג האָט זי א בורטשע געטאָנ עפּעס ענלעכס אפ „דער טײַוול טראָגט זיי"...

— טיט איז אינ דער היימ? — האָט נאגולנאָוו געפרעגט.

— ניטאָ.

— ווו איז ער?

— איכ ווייס ניט, — האָט אָפּגעהאקט די באָלעבאָסטע.

— דו ווייסט, פערפיליעווגא, נאָכ וואָס מיר זײַנענ געקומענ? מיר... — האָט געהיימניספול געהאט אָנגעהויבנ דער אלטער שטשוקאר, נאָר נאגולנאָוו האָט אזא גלאָצ געטאָנ צו זײַנ זײַט מיט די אויגנ, אז דער אלטער האָט קראַמפּהאפט אראָפּגעשלונגענ דאָס שפּײַעכץ, זיכ אָפּגעהוסט אונ צוגעזעצט זיכ אפנ באנק, מיט כשיוועס פארדעקט די פאָלעס פונעמ ווײַסנ ניט דורכגעלירטנ פעלצל...

— די פערד זײַנענ אינ דער היימ? — האָט נאגולנאָוו געפרעגט, פונקט ווי ער וואָלט ניט באמערקנ דעמ אומפרײַנטלעכנ אופנעמ.

אינ דער היימ.

—אונ די אָקסנ?

— ניטאָ. נאָכ וואָס זײַט איר עס געקומענ?

— מיט דיר קאָנענ מיר ניט... — האָט ווידער געהאט אָנגעהויבנ דער אלטער שטשוקאר, אָבער דאָס מאָל האָט ליובישקינ, גייענדיק הינטערווײַלעכס צו דער טיר, אימ א צי געטאָנ פאר דער פּאָלע, אונ דער אלטער, וואָס איז שנעל געצווּנגנ געוואָרנ צומ פירהויז, האָט ניט באוויזנ צו פארענדיקנ די פראזע.

— ווו-זשע זײַנענ די אָקסנ?

— טיט איז אפ זיי אוועקגעפאָרנ.

— ווהינ?

— כ'וואָלט דיר געזאָגט, נאָר כ'ווייס ניט.

נאגולנאָוו האָט א וווּנק געטאָנ צו דאווידאָווג אונ איז ארויס. שטשוקארנ האָט ער אינ גאנג אונטערגעטראָגנ צו דער באָרד א פויסט אונ אימ געראטנ:

— דו שווײַג, ביז מע וועט בא דיר ניט פרעגנ! — אונ צו דאווידאָוונ: — שלעכטע געשעפטנ! מע דארפ א קוק טאָנ, ווו זײַנענ די אָקסנ אהינגעקומענ. אויב ער האָט זיי שוינ ניט באשטאט...

— איז אָנ די אָקסנ...

— וואָס רעדסטו! — האָט זיכ דערשראָקנ נאגולנאָוו. — זײַנע אָקסנ זײַנענ די ערשטע אינ כוטער. די הערנער ניט צו דערלאנגענ. וואָס הייסט! מע דארפ זוכנ טיטאָקנ מיט די אָקסנ — זיכ א שושקע געטאָנ מיט ליובישקינענ, זײַנענ זיי אוועק צומ פירהויפ, פונ דארטנ

הינטערנ שפּיכלער אונ אינ שפּיכלער. אינ א פינפ מינוט ארומ האָט ליובישקינ, באוואָפנט מיט א שטאנג, געצוווּנגענ דעמ הינט אָפּצוטרעטנ אונ אימ פארלאָזט הינטערנ שפּיכלער, אונ נאגולנאָוו האָט ארויסגעצ־ פירט פונ הינטער שטאל א הויכ פערד, ארומגענומענ עס פארנ האלדז, זיכ צוגעבאָגנ פאר דער גריווע אונ זיכ געזעצט רייטנ.

— וואָס איז עס, מאקאר, ניט פרעגנדיק האָסטו זיכ גענומענ באַ־ לעבאטעווענ אפ א פרעמדנ הויפ? — האָט גענומענ שרייענ די באלע־ באָסטע, וואָס איז ארויסגעלאָפנ אפנ גאנעק, אינ א שטעק געטאָנ די הענט אינ די זייטנ. — אַט וועט מיינ מאנ קומענ וועל איכ אימ!.. ער וועט שוינ מיט דיר זיכ אויסטייטשנ!..

— שריי ניט! איכ וואָלט אליינ מיט אימ זיכ אויסגעטייטשט, ווענ ער וואָלט אינ דער היימ געווענ. כאָטש דאווידאָוו, קומ נאָר אהער!

דאווידאָוו, וואָס האָט ניט פארשטאנענ נאגולנאָווס איפירונג, איז צוגעגאנגענ.

— פונעמ שייער פירנ פרישע אָקסנ־טריט צומ שליאכ — קענטיק מיט האָט דערשמעקט אינ ארויסגעטריבנ די אָקסנ זיי אָפּצוגעבנ. אָבער דער שליטנ איז נאָכ אלץ אינ שפּיכלער. זי לייגט, יינג ווייב! גייט, פארענדיקט דערהויל מיט קאָטשעטאָוו, אונ איכ וועל אוועק־ רייטנ אינ טוביאנסקאָיע. אויבער אהינ האָט ער זיי ניט וואוהינ צו טרייבנ. ברעכ נאָר אָפּ א צווייגל אפ אָנטרייבנ.

גלייכ הורבנ שייער האָט זיכ נאגולנאָוו געלאָזט אפנ שליאכ. הינ־ טער אימ האָט זיכ אופגעהויבנ א ווייסער שטויב, וואָס האָט זיכ לאנג־ זאמ אָפּגעזעצט אפ די בארקנס אונ אפ די צווייגלעכ פונעמ ווילד־ גראָז, ווי בלענד-העלער קרישטאָל־זילבער. די אָקסנ־שפּורנ אונ באַ דער זייט די טלאָגנ־שפּורנ פונ א פערד האָבנ זיכ געצויגנ ביזנ שליאכ אונ דאָרט זיינענ זיי פארשוווּנדנ. נאגולנאָוו איז דורכגעלאָפנ אינ דער ריכ־ טונג צו טוביאנסקאָיע א קלאפטער הונדערט. אינ וועג, אפ די שניי־ פארשטאָטענע ערטער, האָט ער געזען אלץ די זעלבע שפּורנ, עטוואָס ציגעשאטענע מיט ערד, אונ, באַרויקט, וואָס די ריכטונג איז א ריכטי־ קע, איז ער ווייטער געפאָרנ. אזוי האָט ער אוועקגעמאכט א גאנ־ דערהאלבנ ווערסט, ווי פלוצלינג אפ א נייעמ שניי־שוט האָט ער קיינ שפּורנ מער ניט געזען. ער האָט שארפ א קערעווע געטאָנ דאָס פערד, איז ארויפגעשפּרונגענ אונ אופמערקזאמ זיכ צוגעקוקט: צי זיינענ זיי ניט פארשטאָטנ מיט שניי. דער שניי־שוט איז געווענ ניט גערירט, ריינ. נאָר אונטנ האָבנ זיכ געזען צייכלעכ פונ האָזנ־שפּורנ. אויס־

געזירלט זיכ, איז נאגולנאָוו אװעקגעריטנ צוריק שױנ לאנגזאמ, זיכ צוקוקנדיק פונ בײדע זײטנ. אײנגיכנ איז ער געקומענ אפנ שפור. די אָקסנ, לױט זיכ אױס, האָבנ פארקערעװעט פונעמ שליאכ ניט װײט פונ דער טאָלאָקע. װענ ער איז שנעל געריטנ, האָט נאגולנאָװ זײערע שפורנ ניט באמערקט. ער האָט זיכ אָנגעשטױסנ, אז טימאָק האָט זיכ געלאָזט גײנ אריבער בערגל גלײכ אינ כוטער װאָיסקאָװאָי. „אפּאָ־נעמ, צו עמעצנ פונ זײנע באקאנטע" — האָט ער א קלער געטאָנ, געװענדט דאָס פערד נאָכ די שפורנ אונ אײנגעהאלטנ זײנ געלאפּ. אפ יענער זײט בערגל לעבנ מיאָרטװי־בױעראק האָט ער באמערקט אפנ שנײ אָקסנ־טריטנ אונ זיכ אָפּגעשטעלט: דאָ מיטנ איז געװענ פריש, אז אימ האָט זיכ ערשט ניט לאנג געלײגט א דינ אײזהײטל. נאגולנאָװ האָט א טאפּ געטאָנ אינ דער קעשענע פונעמ פעלצל דאָס קאלטע הענטל פונעמ נאגאנ. אינ בױעראק האָט ער זיכ אראָפּגעלאָזט לאנגזאמ. נאָכ בא א האלבע װערסט איז ער געריטנ אינ ערשט דער־מיט האָט ער דערזען ניט װײט, הינטער דער קופּע נאקעטע דעמבעס, א רײטער אונ א פּאָר אױסגעיאָכטע אָקסנ. דער רײטער האָט געפּאָ־כעט איבער די אָקסנ מיט א רימענ, זיכ געהױקערט אינ זאָטל. הינ־טער זײנ רוקנ האָט זיכ געטראָגנ א בלױ טאבעק־רױכל.

— צוריק!

טימאָק האָט אָפּגעשטעלט זײנ הױכשטענדיק פערד, זיכ אומגע־קוקט, אױסגעשפּיגנ דאָס ציגארל, לאנגזאם ארױסגעריטנ פארױס די אָקסנ אפנ װעג אונ ניט הױכ געזאָגט:

— װאָס עפּעס? טפּרו, האָפּ, שטײט!

נאגולנאָװ איז צוגעריטנ. טימאָק האָט אימ באגעגנט מיט א לאנגנ קוק.

— װוהינ ביסטו עס געפאָרנ?

— די אָקסנ האָב איכ געװאָלט פארקױפנ, מאקאר, איכ באדארפ זײ ניט. — טימאָק האָט אױסגעשנײצט די נאָז. זײנע געלע, אראָפּגע־האנגענע װאָנצעס, װי בא א מאָנגאָל, האָט ער גוט אױסגעװישט מיטנ ארבל. זײ זײנענ געשטאנענ, רײטנדיק, אײנער אנטקעגנ דעמ אנדערנ. זײערע פערד האָבנ מיט א כראפּ זיכ ארומגעשמעקט. נאגולנאָװס אָפּגעברענטע געזיכט איז געװענ אױסגעקאָכט, בײז. טימאָק איז אױ־סערלעכ געװענ רויק אונ שטיל.

— קערעװע אױס די אָקסנ אינ יאָר אהײמ! — האָט נאגולנאָװ באפױלנ, שטעלנדיק זיכ אנ א זײט.

איינ מינוט האָט טיטאַק זיכ געוואקלט... איבערגעלייגט די לייצעס פונ האנט אינ האנט, ווי אינ דרעמל אַנגעבויגנ דעמ קאָפּ, האלב פאר־מאכט די אויגנ, אונ אינ זײַנ גראָענ הײמישנ קאפּטנ מיטנ ארופּגע־וואָרפענעמ צעריסענעמ קאַפּיושאָנ איז ער געווענ ענלעכ אפ א דרע־מלדיקנ שפּארבער. „אויב ער האָט עפּעס וואָס אונטערנ קאפּטנ, וועט ער באלד אַפּשפּילענ דאָס העקל", — האָט נאגולנאָוו געטראכט, ניט אראָפּלאָזנדיק קײנ אויג פונעמ אומבאוועגלעכנ טיטאַקנ. אָבער ער, פונקט ווי ער וואָלט זיכ אויפגעכאפּט, האָט א פּאָכע געטאָנ מיטנ רימענ. די אָקסנ זײַנענ אוועק אפנ וועג צוריק.

— איר וועט צונעמענ? אנטבאלעגיפּעווענ? — האָט נאָכ א לאנגנ שטילשווײַגנ געפרעגט טיטאַק, אונ א בליצ געטאָנ מיט די בלויע ווײַסלענ פונ אונטערנ ארופּגערוקטנ קאַפּיושאָנ אפ נאגולנאָוונ.

— דערלעבט! איכ טרײַב דיכ, ווי א געפּאנגענעמ שלאנג! — האָט ניט אויסגעהאלטנ אונ אויסגעשריגנ נאגולנאָוו.

טיטאַק האָט זיכ אײַנגעקאַרטשעט. ביז סאַמע בערגל האָט ער געשוויגנ. דערנאָכ האָט ער געפרעגט:

— מיכ וווּ וועט איר אהינטאָנ?

— מיר וועלנ דיכ ארויסשיקנ. וואָס שפּארט עס ארויס בײַ דיר פונ אונטערנ קאַפּטנ?

— אנ אָברעז* — טיטאַק האָט פונ דער זײַט א קוק געטאָנ אפ נאגולנאָוונ אונ פאנאנדערגעגומענ די פּאָלעס פונעמ קאפּטנ.

פונ דער קעשענע האָט ווײַס ארויסגעקוקט דאָס נאכלעסיק ארומ־געהובליעוועטע פארשמירטע הענטל פונ אנ אָברעז.

— גיב מיר אימ אַקאָרשט. — נאגולנאָוו האָט אויסגעשטרעקט די האנט, נאָר טיטאַק האָט רויק זי אָפּגערוקט.

— ניינ, איכל ניט געבנ! — אונ ער האָט א שמייכל געטאָנ, אָפּ־דעקנדיק אונטער די ארויפגעהאנגענע וואַנצעס שווארצע פארויכערטע ציינ. ער האָט געקוקט אפ נאגולנאָוונ מיט שארפע, נאָר פריילעכע אויגנ.

— איכל ניט געבנ! דאָס אייגנטימ נעמט איר צו, ווילט איר נאָכ דעמ לעצטנ אָברעז? א באלעגופּ דארפ זײַנ מיט אנ אָברעז, אזוי שרײַבט מענ וועגנ אימ אינ די צײַטונגענ. אומבאדינגט מיט אנ אָב־רעז. איכ וועל מיט אימ שפּעטער זיכ דערשלאָגנ ברויט פאר זיכ,

* א ביקס מיט אנ אָפּגעהאקטער רער.

האָל די דאָרפקאָרנ דאַרפ איכ ניט... — ער האָט געלאַכט, געשאָקלט מיטנ קאָפּ אונ די הענט פונ זאָטלאויסבייג ניט אַראָפּגענומענ. נאַגולנאָוו האָט זיכ ניט אײַנגעאַקשנט, ער זאָל אימ אָפּגעבנ דעמ אָבריעז. — „דאָרט אינ כוטער וועל איכ דיכ אײַנבּרעכנ“ — האָט ער באַשלאָסנ.

— נאָכ וואָס, טראַכטסטו אַפּאָנעמ, מאַקאַר, איז ער מיטנ אָבריעז געפאָרנ? — האָט פאַרגעזעצט טיטאָק — א צאָרע מיט אימ... ער איז בא מיר דער טײַוול ווייסט פונ וואַנ אָנ, ווענ איכ האָב אימ יאָנ געבראַכט פונ באַכאָלישנ אויפשטאַנד, געדענקסט? נו, ליגט זיכ דער אָבריעז, פאַרזשאַווערט געוואָרנ. האָב איכ אימ אָפּגערייניקט, אויסגעשמירט, ווי עס דאַרפ צו זײַנ, אונ טראַכט זיכ, אַז עפּשער פונ א בײַע, צי פונ א שלעכטנ מענטשנ וועט ער צוניץ קומענ. אונ נעכט: דערוויס איכ זיכ, אַז איר קלײַבט זיכ גיינ די באַלעגופים טרײַבערנ... אָבער איכ האָב זיכ ניט געכאַפּט, אַז איר וועט זיכ הײַנט לאָזנ... אַניט וואָלט איכ מיט די אָקסנ נאָכ באַנאַכט זיכ אָפּגעקאָמאַנדירט...

— פונ וועמענ האָסטו זיכ דערוווּסט?

— נו, גיי זאָג אימ! עס קלינגט דאָכ די וועלט. יאַ־אַ־אָ, האָבנ מיר זיכ מעיאַשעוו געווענ באַנאַכט מיטנ ווײַב אָפּגעבנ די אָקסנ אינ זיבערע הענט. דעמ אָבריעז האָב איכ מיט זיכ פאַרכאַפּט, געוואָלט אימ באַהאַלטנ אינ סטעפּ, מע זאָל צופעליק ניט געפינענ אפנ הויפ, אונ כ'האָב אימ טאַקע געזשאַלעוועט. אונ דאָ ביסטו! האָט בא מיר אינ די קני גענומענ קיצלענ! — האָט ער לעבהאַפט גערעדט, מיט כוועסל געשפילט מיט די אויגנ אונ געדריקט אפ נאַגולנאָווס פערד מיט דער ברוסט פונ זײַנ שקאַפּע.

— כאָכמעס וועסטו דערנאָכ זאָגנ, טיטאָק! אונ איצט האַלט זיכ שטרענגער.

— כאַ! דאַפקע איצט קאָנ איכ זיכ כאָכמענענ. איכ האָב אויסגעקעמפט א זיס לעבנ, די גערעכטיקע מאַכט פאַרטיידיקט, אונ זי האָט מיכ גענומענ פאַרנ קאָלנער... — טיטאָקס שטימ האָט זיכ אָפּגעהאַקט. פונ דעמ מאָמענט אָנ איז ער געריטנ שווײַגנדיק, אומיסטנ אײַנגעהאַלטנ די שקאַפּע, אונ געזוכט דורכצולאָזנ מאַקאַרנ כאָטש אפ א האַלבנ פערד פאָרויס, אָבער יענער האָט זיכ פונ פאָרזיכטיקײַט וועגנ אויכ געהאַלטנ פונ הינטנ. די אָקסנ זײַנענ ווײַט פונ זיי אַוועק.

— ריר זיכ, ריר זיכ! — האָט געזאָגט נאַגולנאָוו אונ אָנגעשטרענגט נאָכגעקוקט נאָכ טיטאָקנ, דריקנדיק אינ קעשענע דעמ נאַ־

גאנג. ער האָט שוינ גוט געקענט טיטאָקנ! געקענט אימ, ווי קיינער ניט. — שטיי ניט אָפּ! דו רעדנ נאָר ניט א שאָס טאָג, — מ'וועט אלצייגס ניט אויסקומענ, וועסט ניט באווייזנ.

— ביסט א שרעקעוודיקער געוואָרנ! — האָט טיטאָק א שמייכל געטאָנ, א שמיץ געטאָנ דאָס פערדל מיטנ רימענ און איז אוועקגעריטנ פאָרויס.

# קאפיטל 7

אנדריי ראזמיאָטנאָוו איז מיט זיינ גרופּע געקומענ צו פראָל דאמאסקאָוונ, ווענ ער מיט דער פאמיליע האָבנ געגעסנ אָנבייסנ. בײַמ טיש זיינענ געזעסנ: פראָל אליינ — א קליינינקער, איינגעשרומפּענער אלטיטשקער מיט א שפּיציק בערדל און אנ אָפּגעריסענעמ לינקנ נאָזלאָכ (נאָכ קינדווייז האָט ער צעשעדיקט דאָס פּאָנעמ, ווענ ער איז אראָפּגעפאלנ פונ אנ עפּלבוימ, דערפונ נעמט זיכ דאָס צונעמעניש געריסענער), זיינ ווייב — א וואָלפּיקע און א גרויסבארטיקע אלטע, זיינ זונ טימאָפּיי — א באָכער פונ א יאָר צוויי און צוואנציק, און די טאָכטער — א מיידל אינ שידוכימ.

טימאָפּיי, ענלעכ אפ דער מוטער, א שטאלטנער און א שיינער, איז אופגעשטאנענ פונ טיש. מיט א טיכל האָט ער אויסגעווישט זיינע העל־רויטע ליפּנ אונטער די יונגטלעכע וואָנצעס, פארזשמורעט זיינע ביצפּעדיקע אויסטארטשענדיקע אויגנ און מיט דער ברייטקייט פונעמ בעסטנ הארמאָניסט אינ כוטער, באליבט פונ אלע מיידלעכ, האָט ער אָנגעוויזנ מיט דער האנט:

— קומט אריינ, זעצט זיכ, טייערע מאכט!

— זעצנ זיכ איז קיינ צייט ניטאָ, — אנדריי האָט ארויסגענומענ פונ דער טאַשקע א בויגנ — די פארזאמלונג פונ דער אָרעמשאפט האָט באשטימט דיכ, בידנער פראָל דאמאסקאָוו, ארויסזעצנ פונ הויפ און קאָנפיסקירנ דאָס גאנצע אייגנטומ און פי. אזוי אז דו פארענדיק דעמ אָנבייסנ און טראָג זיכ ארויס פונ הויפ. איצט וועלנ מיר איבערשרייבנ דיינ אייגנטומ.

— פארוואָס עפּעס אזוינס? — האָט א וואָרפ געטאָנ דעמ לעפל און איז אופגעשטאנענ פראָל.

— מיר פארניכטנ דיכ, ווי א באלעבאטישנ קלאס, — האָט אימ דערקלערט דיאָמקע אושאקאָוו. פראָל איז אוועק אינ צווייטנ צימער,

סקריפּענדיק מיט די מיט לערער באַנייטע גוטע וואַליקעס און אַרויסגע־טראָגן פון דאָרטן א פּאַפּירל.

— אָט איז א צעטעניש, דו אַליין, ראַזמיאַטאַוו, האָסט עס אײַנ־טערגעשריבן.

— וואָס פאַר א צעטעניש?

— וועגן דעם, אַז ברויט האָב איך אויסגעפּילט.

— ברויט האָט דאָ קיינער שײַכעס ניט.

— איז פּאַרוואָס טרײַבט מען מיך פון שטוב ארוים און מע קאָנפיסקירט?

— די אָרעמשאַפט האָט באַשטימט, איך האָב דאָך דיר דער־קלערט.

— אַזעלכע געזעצן זײַנען ניטאָ! — האָט שאַרף א געשריי גע־טאָן טימאָפיי. — ראַבעוועס זײַט איר געקומען! פּאַפּעניו, איך וועל באַלד אין רײַוויספּירקאָם פאָרן, ווו איז דער זאָטל?

— דו וועסט אין רײַוויספּירקאָם גייט צופוס, אויב דו ווילסט. קיין פערד וועל איך ניט געבן. — אַנדריי האָט זיך צוגעזעצט צום ברעג טיש און אַרויסגענומען א בלײַפעדער און פּאַפּיר. בא פראָלן האָט זיך די אופגעריסענע נאָז אָנגעגאָסן מיט בלויקײַט און דער קאָפּ האָט זיך גענומען טרייסלען. אַזוי ווי ער איז געשטאַנען, אַזוי האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אַפ דער פּאָדלאָגע און שווער באַוועגט דעם אָנגעשוואָ־לענעם שווארצגעוואָרענעם צונג.

— היג-טי־שע!.. הינטישע זין! ראַבעוועט! קוילעט!

— פּאַפּעניו, שטייט אוף, אום גאָטס ווילן! — האָט גענומען וויינען דאָס מיידל און אונטערגעכאַפּט דעם פאָטער אונטער די אָרעמס.

פראָל איז געקומען צו זיך, איז אופגעשטאַנען, געלייגט זיך אַפן באַנק און שוין גלײַכגילטיק זיך צוגעהערט, ווי דיאָמקע אושאַקאָוו און דער הויכער שעמעוודיקער מיכאַיל איגנאַטיאָנאָק האָבן דיקטירט ראַז־מיאָטנאָוון:

— אַן אײַזערנע בעט מיט ווײַסע קוילן, א פערענע, דרײַ קישנס, נאָך צוויי בעטן הילצערנע...

— א פּאָליצע מיט געפעס, דאָס גאַנצע געפעס אויסרעכענען? כאַפּט עס דער וואַטנמאַכער!

— צוועלף שטולן, איינס לאַנגער שטול מיט א ווענטל. א דרײַ־רייִקע האַרמאָניע.

— די האַרמאָניע וועל איך ניט געבן! — טימאָפּיי האָט זי אַרויסגעכאַפּט פון דיאָמקעס הענט: — קריך ניט קאָסאָקער, אַניט וועל איך די נאָז צעהאַקן!

— כ׳וועל דיך אַזוי צעהאַקן, אַז די מאַמע וועט דיך ניט אַרומוואַשן.

— די שליסלען פון די קופערטס גיב אַהער, באַלעבאָסטע.

— גיט זיי ניט, מאַמעניו! זאָלן זיי ברעכן, אויב זיי האָבן אַזעלכע רעכט!

— מיר האָבן דאָס רעכט צו ברעכן? — האָט לעבהאַפט געפרעגט דעמיד דער שווייגער, באַרימט דערמיט, וואָס ער רעדט נאָר בײַ אַן עקסטער נייטיקייט, און די איבעריקע צײַט אַרבעט ער שווייגנדיק, רייבערט שווייגנדיק מיט די קאַזאַקן, וואָס קלײַבן זיך צונויף יאָנטעוו־צײַט אין געסל, שווייגנדיק זיצט ער אויף פאַרזאַמלונגען, ענטפערט געוויינלעך זעלטן אויף פראַגן און שמייכלט שולדיק און נעבעכדיק. די צעעפנטע וועלט איז פאַר דעמידן פול געווען מיט איבעריקע הויכע קלאַנגען. זיי גיסן אין דאָס לעבן פול, ווי אין אויג, ווערן ניט שטיל באַנאַכט אויך, זיי שטערן זיך צוהערן צו דער שטילקייט און רײַסן אויף די קלוגע שווײַגעדיקייט, מיט וואָס עס איז פול דער סטעפּ און דער וואַלד האַרבסט־צײַט. דעמיד האָט ניט ליב געהאַט קיין מענטשלעכן טומל. געוווינט האָט ער חעחווײַטערט אין עק כוטער, איז געווען אַן אַרבעטזאַמער, און לויט זײַן קוייער דער ערשטער אין גאַנצן קרײַז. נאָר עפּעס ווי דער גורל זײַנער וואָלט אים פאַרפלעקט מיט באַליידיקונגען, אים פאַרטיילט, ווי אַ שטיפקינד... פינף יאָר האָט ער געלעבט בײַ פראָל האַמאַסקאָווע אַלס באַטראַק, דערנאָך האָט ער באַזעסן געהאַט און זיך גענומען צו זײַן אייגענער ווירטשאַפט. נאָך ניט באַוויזן זיך אויסצובויען, ווי ער האָט שוין אָפּגעברענט. אין אַ יאָר אַרום האָט אים אַ סרייפע ווידער איבערגעלאָזט אויפן הויף בלויז אַ פאַרויכערטע סאָכע. און אינגיכן איז אַוועק פון אים זײַן ווײַב און אים געמאָלדן: „צוויי יאָר האָב איך מיט דיר געלעבט און קיין צוויי ווערטער ניט געהערט. ניין, לעב שוין אַליין! אין וואַלד מיט אַ בער וועט מיר שוין פרייליכער זײַן, דאָ מיט דיר קען מען אַראָפּ פון זינען. מיט זיך אַליין האָב איך שוין גענומען רײדן“...

דאָס ווײַב זײַנס האָט זיך שוין אַזוי ווי געהאַט צוגעוווינט צו דעמידן. די ערשטע באַראָשים, עמעס, האָט זי געוויינט און איז צוגעשטאַנען צום מאַן. „דעמידושקאַ! טו כאָטש אַ רייד מיט מיר, נו,

זאָג א וואָרט!“ דעמיד האָט נאָר געשמייכלט מיט א שטילנ קינדישנ שמייכל און געקראַצט די האָריקע ברוסט. און ווענ ער האָט שוינ ניט געקענט אויסהאַלטנ פונ זײַנ ווײַבס טײַנעס, האָט ער מיט אנ אינגווייניקסטנ באַס א זאָג געטאָנ: „פונקט ווי א סאָראָקע ביסטו!“ — און איז אוועקגעגאַנגענ. דעמידנ האָט די וועלט געהאַלטנ פאַר א מענטשנ א באַלגײַווע און א כיטרענ, פונ די קלוגיטשקע. קאָנ זײַנ דערפאַר, וואָס זײַנ גאַנצ לעבנ האָט ער זיכ געזײַטיקט פונ טומלדיקע מענטשנ?

דעריבער האָט אנדריי א הייב געטאָנ דעמ קאָפּ, ווענ ער האָט דערהערט איבער זיכ דעמ טעמפּנ דונער פונ דעמידס קאָל.

— רעכט? — האָט ער איבערגעפרעגט און געקוקט אפנ שווײַגער אזוי, ווי ער וואָלט אימ דאָס ערשטע מאָל דערזענ, — פאַראַנ רעכט!

דעמיד האָט בלאָטיק געטראָטנ די פּאָדלאָגע מיט זײַנע נאַסע אויסגעטראָטענע טשיריקעס און איז אוועק אינ צווייטנ צימער. שמייכלענדיק, האָט ער לײַכט ווי א צווײַגעלע אָפּגערוקט טימאָפייענ, וואָס איז געשטאַנענ אינ דער טיר און איז אוועק פאַרבײַ דער פּאָליצע מיטנ געפעס, וואָס האָט פונ זײַנע טריט טרויעריק גענומענ קלינגענ, צומ קופערט. ער האָט זיכ צוגעזעצט אפּ די שפּיץ פינגער און א דריי געטאָנ אינ די פינגער דעמ וואָגיקנ שלאָס. אינ א מינוט ארומ איז דער שלאָס מיטנ אָפּגעבראָכענעמ העלדזל געלעגנ אפנ קאַסטנ און אַרקאַשע דער בײַטער האָט מיט אנ אָפּענער איבעראַשונג באַקוקט דעמ שווײַגער און אנציקט אויסגעשריענ:

אָט מיט וועמענ מע וואָלט זיכ געדאַרפט בײַטנ מיט די קויכעס.

אנדריי האָט ניט באַוויזנ צו פאַרשרײַבנ. פונעמ צימער, פונעמ זאַל האָט דיאָמקע אושאַקאָוו, אַרקאַשקע און די מומע וואַסיליסא — די איינציקע פרוי אינ אנדריים גרופּע — איינער נאָכנ צווייטנ מיט פאַרשיידענע שטימענ געשריענ:

— א ווײַבערשנ פּעלצ, א דאָנער!

— א טולופּ.

— דרײַ פּאָר נײַע שטיוול מיט קאַלאָשנ!

— פיר שטיקלעכ געוואַנט!

— אנדריי! ראַזמיאָטנאָוו! דאָ, באָכער, איז פאַראַנ סכוירע אפּ א גאַנצנ וואָגנ! אי ציץ, אי סאַטינ שוואַרצע, און אלערליי אנדערע...

ווענ אנדריי איז געגאַנגענ אינ אַלקער, האָט ער דערהערט פונ פירהויז א מיידלשע קלאַנגעניש, דעמ געשריי פונ דער באַלעבאָסטע און איגנאַטיאָנאָקס אײַנשטילנדיק קאָל. אנדריי האָט געעפנט די טיר:

— וואָס איז דאָ בײַ אײַכ?

די אויסגעשוואָלענע פונ טרערנ קורצזעזלדיקע טאָכטער פונעם באַלעבאָס, אָנגעשפּאַרט אָנ דער טיר, האָט געוויינט ניט מיט איר קאָל. לעבנ איר האָט זיכ געוואָרפנ אונ געקוואָקטשעט די מוטער. איגנאַטיאַנאָק, א רויטער, מיט א פאַרשעמטנ שמייכל, האָט געצויגנ דאָס מיידל פאַרנ קליידל:

— וואָס האָסטו זיכ דאָ צעלאָזנ... אינ דײַנ מאַמענ?! — אַנדריי, ניט פאַנאַנדערקלײַבנדיק, וואָס דאָ טוט זיכ, האָט זיכ פאַרכלינעט פונ כאַס אונ מיט קראַפט א שטויס געטאָנ איגנאַטיאַנאָקנ. יענער איז אַנידערגעפאַלנ אויפנ רוקנ אונ פאַרריסנ די לאַנגע פיס אינ די וואַליקעס. — אַרומ אונ אַרומ איז פּאָליטיקע! דער אָנגריפ אויפנ פײַנט, אונ דו אינ די ווינקלענ טאַפּסטו מיידלעכ?! אינ געריכט פאַר...

— וואַרט אַקאָרשט, האַלט! — איז א דערשראָקענער אויפגעשפּרונגענ פונ דער פּאָדלאָגע איגנאַטיאַנאָק — אַפּ וואָס פאַר א... ניט געטראַכט אפילע!.. טאַפּנ גאָר! גיב גאָר א קוק, זי טוט אָנ אַפּ זיכ שוינ דאָס נײַנטע קליידל. איכ דערלאָז עס ניט, אונ דו — שטופּסט זיכ...

ערשט דאָ האָט אַנדריי דערזענ, אַז דאָס מיידל האָט אינ טומל אַרויסגעשלעפּט פונ צימער א פּעקל קליידער אונ שוינ טאַקע באַוויזנ אַרויפשלעפּנ אַפּ זיכ א היפּש ביסל וואָלענע קליידער. זי איז געשטאַנענ פאַרוקט אינ ווינקל, געצויפּט אַפּ זיכ דאָס אויבערשטע קליידל אונ איז געווענ מעשונע אומגעלומפּערט פונ די פילע מאַלבושים, וואָס האָבנ געשטערט איר צו באַוועגנ זיכ. אַנדרייענ איז געוואָרנ עקלהאַפט פונ אירע נאַסע רויטע אויגנ ווי בײַ א קראָליק. ער האָט א זעץ געטאָנ מיט דער טיר אונ געזאָגט צו איגנאַטיאַנאָקנ:

— דו זאָלסט זי ניט טשעפּענ! — וואָס זי האָט שוינ באַוויזנ אָנטאָנ, — כאַפּט איר דער טײַוול אונ דאָס פּעקל נעמ צו.

דאָס איבערשרײַבנ דאָס הויז־אײַגנטומ האָט געהאַלטנ בײַמ סאָפ.

— די שליסלענ פונ שפּײַכלער, — האָט געפאָדערט אַנדריי.

פּראַל, שוואַרצ, ווי אַנ אָפּגעברענטער וואָרצל, האָט א מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט.

— ניטאָ קיינ שליסלענ!

— גיי ברעכ אויפ, — האָט באַפוילנ אַנדריי דעמידנ.

יענער איז אַוועק צומ שפּײַכלער אונ אינ וועג אַרויסגעריסנ פונ דער אַרבע דעמ שוואָרענ.

דעמ פינפפונטיקנ שלאָסגעוויכט האָבנ זיי קוימ מיט דער האק ביינגעקומענ.

— דאָס ביישטידל האק ניט! דער שפּייכלער איז איצט אונדזערער, האַרפּ מענ, ווי א באַלעבאָס, פאַרזיכטיקער! — האָט געראָטנ דיאָמקע דעמ פאַרסאָפּעטנ שוויגער, מע האָט אָנגעהויבנ איבערמעסטנ די טווגע.

— עפּשער וועלנ מיר עס גלייכ אפנ אָרט איבערווייענ? אָנ שטייט א ווייעלקע, — האָט פאָרגעלייגט איגנאַטיאָנאָק, פאַרשיקערט פונ פרייד.

מע האָט אימ אויסגעלאַכט אונ לאַנג איבער אימ זיכ געוויצלט, ווענ מע האָט געשאָטנ אינ מעסטל דעמ שווער־וואָגיקנ ווייצ.

— דאָ קאָנ מענ נאָכ אפ ברויט-פאַרגרייטונגענ א פּוד צוויי הונ־דערט אָנשיטנ, — האָט געזאָגט דיאָמקע אושאַקאָוו, קריכנדיק איבער די קני אינ קערנער. ער האָט געוואָרפנ דעמ ווייצ מיט א לאָפּעטע, געכאַפּט אימ מיט דער האַנט, דורכגעזייט דורכ די פינגער.

— עס האָט היפּשע וואָג.

— אפ דער פּולקע דאַרפ ער א היפּש ביסל ווענג.

— נאָכ א מינ! א גאָלדענער ווייצ, נאָר אפּאָנעמ, אז ער איז גע־ווענ אינ דער ערד באַהאַלטנ, זעסט, שוינ א ביסל קאַליע. — אַרקאַ־שקע דער בייטער אונ נאָכ איינ באָכער פונ דער גרופּע האָבנ געבאַ־לעבאַטעוועט אפנ הויפ. אַרקאַשקע האָט געגלעט זיינ בלאָנד בערדל אונ אָנגעוויזנ אפנ אָקסנ־מיסט, פונוואַנענ עס האָט זיכ אַרויסגעזעענ ניט קיינ איבערגעקאָכטע קוקורוזע-קערנער:

— פאַרוואָס זאָלנ זיי ניט קענענ אַרבעטנ? זיי עסנ ריינע קער־נער און בא אונדז אינ דער געזעלשאַפט איז קוימ היי פאַראַנ.

פונעמ שפּייכלער האָבנ זיכ געטראָגנ לעבהאַפטע שטימענ, געלעכ־טער, א שמעקנדיקער טוועע־שטויב, אמאָל א פעסט זידלוואָרט... אַנדריי איז אַרופ צוריק אפנ הויפ. די באַלעבאָסטע מיט דער טאָכטער האָבנ צונויפגענומענ אינ א זאַק די טעפּ אונ געפעס. פראָל איז ווי א טויטער געלעגנ אפנ באַנק, פאַרלייגט די הענט אפנ האַרצנ, אינ איינע זאָקנ. דער שטיל געוואָרענער טימאָפיי האָט א קוק געטאָנ מיט סינע אונ זיכ אָפּגעקערט צומ פענצטער.

אינ צימער האָט אַנדריי דערזענ דעמ שווייגער, וואָס איז געזעסנ אפ די שפּיצ פינגער. ער האָט שוינ געהאַט אָנגעטאָנ פראָלס נייע מיט לעדער באַנייטע וואָליקעס... ניט זעענדיק דעמ אַריינקומענדיקנ

אונטערוו, האָט ער געשעפּט מיט אַ עס־לעפל האָניק פונעם עמער ריקנ בלעכענעם קעסל, געגעסנ מיט זיסער האַנאַ, געפּאטשט מיט די ליפּנ, אונ אָפּג באָרד האָבנ געטריפט געלע קלעפּיקע טראָפּנס.

# קאַפּיטל 8

נאַגולנאָוו אונ טימאָק זײַנענ צוריקגעקומענ אינ בוטער שוינ צו האַלבנ טאָג. פאַר דער צײַט, וואָס זיי זײַנענ ניט געווענ, האָט דאַוווי־דאָוו איבערגעשריבנ דאָס אײַנגעטומ אינ צוויי באַלעגופּישע ווירטשאַפטנ, אַרויסגעזעצט די באַלעבאַטים, דערנאָך איז ער צוריקגעקומענ צו טי־מאָקנ אָפּנ הויף אונ צוזאַמענ מיט ליובישקינענ איבערגעמאָסטנ אונ אָפּגעווויגנ די טוווּע, וואָס מע האָט געפונענ אינ קויזיק־שפּײַכלער. דער אַלטער שטשוקאַר האָט געגעבנ עסנ די שעפּסנ אונ איז געשווינד אוועק פונעם שעפּסנ־הויף, ווענ ער האָט דערזענ דעם פאַרבײַגײענדיקנ טימאָקנ.

טימאָק איז אַרומגעגאַנגענ איבערנ הויף אינ צעשפּיליעטנ פעלץ מיט אַ בלויזנ קאָפּ. ער האָט זיך געהאַט געלאָזט גײנ צום שײַער, נאָר נאַגולנאָוו האָט צו אים אַ געשריי געטאָנ:

— קער זיך אום באַלד צוריק, אַניט וועל איך דיך אינ שפּײַכלער פאַרשפּאַרנ!..

ער איז געווענ בייז, אופגערעגט אונ שטאַרקער ווי געוויינלעך האָט זיך געצופּט זײַנ באַק... ער האָט ניט באַמערקט, וויאַזוי אונ ווו טי־מאָק האָט באַוויזנ אַרויסצוואַרפנ זײַנ אָבערעז. אָבער ווי נאָר זיי זײַ־נענ צוגעפּאָרנ צום שײַער, האָט נאַגולנאָוו אַ פרעג געטאָנ:

— דעמ אָברעז וועסטו אָפּגעבנ? אַניט וועלנ מיר דאָך צונעמענ.

— גענוג זיך באַכמענ! — טימאָק האָט גענומענ שמייכלענ — עס האָט זיך דיר אָפּאַנעמ געכאָלעמט?... — דער אָברעז איז ניט געווענ אונטער זײַנ פעלץ. פאָרנ צוריק אימ זוכנ איז געווענ אַ אומזינ. אינ טיפנ שניי אונ אינ בוריאַנ קאָנ מענ סײַוויסײַ ניט געפי־נענ. נאַגולנאָוו, בייז אָפּ זיך, האָט דערציילט וועגנ דעם דאַווידאָווונ.

דאַווידאָוו האָט די גאַנצע צײַט מיט נײַגעריקײַט זיך צוגעקוקט צו טימאָקנ אונ איז צוגעגאַנגענ צו אים:

— דאָס געווער גיב אָפּ, בירגער! אַזוי וועט עס זײַנ רויִקער פאַר דיר.

— איך האָב ניט געהאַט קיינ געווער! נאַגולנאָוו האָט אָפּ מיר

א האַרץ, — טיטאָק האָט געשמייכלט און געשפּילט מיט זײַנע טכויר־אויגנ.

— נו, הייסט עס, וועט מענ דיכ מוזנ ארעסטירנ און אָפּשיקנ אינ ראיאָנ.

— מיכ?

— יאָ, דיכ. און ווי האָסטו געטראַכט? מיר וועלנ זיכ רעכענענ מיט דײַנ פאַרגאַנגענהײַט? דאָס ברויט באַהאַלטסטו, דו גרייטסט....

— מיכ?.. — האָט אײַנגעבייגנדיק זיכ, ווי אפ א שפּרונג צו טאָנ, אָטעמענדיק מיט א פּײַפ, נאָכאַמאָל געפרעגט טיטאָק.

די גאַנצע געמאַכטע פרייליכקײַט, זײַנ זעלבסטבאַהערשונג, זײַנ אײַנגעהאַלטנקײַט — אַלצ האָט זיכ פונ אים אָפּגעטאָנ אינ דעם מאָמענט. דאַווידאָווס ווערטער זײַנענ געווענ, ווי א שטויס, עס זאָל אופרײַסנ די ביז איצט אָנגעזאַמלטע און אײַנגעהאַלטענע בייזקײַט. ער האָט א שפּרײַז געטאָנ צו דאַווידאָוונ, וועלכער האָט זיכ צוריקגעצויגנ, האָט זיכ געשטרויכלט אָנעמ יאָכ, וואָס איז געלעגנ אינמיטנ הויפ, זיכ אײַנגעבויגנ און מיטאַמאָל ארויסגעריסנ אנ אײַזערנעמ שטעכער. נאַגוליַנאָוו און ליובישקינ האָבנ זיכ געוואָרפנ צו דאַווידאָוונ. דער אַלטער שטשוקאַר איז אַנטלאָפנ פונעמ הויפ. ווי אַפּצולאָכעס האָט ער זיכ פאַרפּלאָנטערט אינ די צו לאַנגע פּאָלעס פונ זײַנ פּעלצ, איז אַנידערגעפאַלנ און ווילד געשריִענ:

— קאַראַ־א־ול, גוטע מענטשנ! מע קוילעט!

טיטאָק, וועמענ דאַווידאָוו האָט געכאַפּט פאַר דער לינקער האַנט, האָט מיט דער רעכטער באַוויזנ אים צו דערלאַנגענ א זעצ איבערנ קאָפּ. דאַווידאָוו האָט זיכ א וואַקל געטאָנ, אָבער ער איז געבליבנ שטיינ אפ די פיס. דאָס בלוט פונ דער אופגעשפּאָלטענער וואַנד האָט געדיכט א פלייצ געטאָנ אים אינ די אויגנ און פאַרבלענדט. דאַווידאָוו האָט ארויסגעלאָזט טיטאָקס האַנט און, וואַקלענדיק זיכ, האָט ער פאַרשטעלט מיט דער האַנט די אויגנ. דער צווייטער זעצ האָט אים אַנידערגעוואָרפנ אפנ שניי. און אָט אינ דעם מאָמענט האָט ליובישקינ טיטאָקנ א כאַפּ געטאָנ פאַפּערעק. ער האָט אים ניט אײַנגעהאַלטנ, ניט געקוקט אפ זײַנ היפּשער קראַפט. טיטאָק האָט זיכ ארויסגעריסנ פונ זײַנע הענט און מיט עטלעכע שפּרונג אוועקגעלאָפנ צומ שײַער. באַמ טויער האָט אים אָנגעיאָגט נאַגוליַנאָוו און מיטנ נאַגאַנ־העַנטל אים א זעצ געטאָנ איבערנ פלאַכנ געדיכטהאָריקנ קאַרק.

דעמ טומל האָט נאָכ פאַרגרעסערט טיטאָקס ווײַב. ווענ זי האָט

דערזענ, אַז צומ מאַנ לויפנ ליובישקינ אונ נאַגולנאָוו, האָט זי זיכ א וואָרפ געטאָנ צומ שפּײַכלער אונ אָפּגעלאָזט דעמ הונט פונ דער קייט. דער הונט האָט, קלינגענדיק מיט אײַזערנעמ האַלדזבאַנד, אינ געלאָפּ זיכ געלאָזט ארומ הויפ און, צוגעצויגנ פונ דעמ אלטנ שטשוקאַרס שרעק־געשרייען אונ פונ זײַנ אויסגעשפּרייטנ פּעלצ אפנ שניי, האָט ער זיכ ארופגעוואָרפנ אפ אימ... פונעמ ווײַסנ פּעלצ האָבנ מיט קנאַק אונ מיט שטויב גענומענ פליענ שטיקלעכ שמאַטעס אונ פּעלצ. דער אלטער שטשוקאַר איז אופגעשפּרונגענ, מיט מוט גײַברייסעט מיט די פיס דעמ הונט אונ געפּרוווט אויסברעכנ פונעמ פּאַרקנ א פּלאָקנ. א צוויי קלאַפּטער האָט ער געשלעפּט אפ זיכ דעמ צעווילדעוועטנ קייט־הונט, וואָס האָט זיכ אײַנגעקלאַמערט אינ זײַנ קאָלנער, אונ זיכ געשאָקלט פונ זײַנע מעכטיקע ריסנ. ענדלעכ איז אימ מיט פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונגענ געלונגענ ארויסצורײַסנ א פּלאָקנ. דער הונט איז מיט א האַווקערײַ אָפּגעשפּרונגענ, אָבער ער האָט פונדעסטוועגנ באַוויזנ צו צעטרענענ דעמ אלטנס פּעלצ אפּדערהעלפט.

— גיב מיר דעמ ליוואָלווערט, מאַקאַר!.. — האָט מיט אויסגעסטאַרטשעטע אויגנ אונ מיט א גאָרגל־שטימע א געשריי געטאָנ דער אופגעמונטערטער אלטער שטשוקאַר. — גיב, קאָלזמאַנ דאָס האַרצ ברעכט! איכ בא אימ צוזאַמענ מיט זײַנ באַלעבאָסטע דאָס לעבנ אפּנעמענ!..

דערווײַל האָט מענ דאַווידאָווג געהאָלפנ ארײַנגיינ אינ שטוב, אויסגעשאָרנ די האָר ארומ דער וווּנד, פונוואַנענ עס איז נאָכ אלצ בלעזלדיק גערונענ שוואַרצ בלוט. אפנ הויפ האָט ליובישקינ אײַנגעשפּאַנט אינ צווייפערדיקנ שליטנ טיטאָקס פערד. נאַגולנאָוו האָט באַמ טיש געשווינד געשריבנ:

..דעמ ראַיאָנעמ באַפולמעכטיקטנ פונ ג. פּ. או. דעמ כ׳ זאַכאַרענקאָ. איכ שיק איבער אינ אײַער רעשום דעמ באַלעגופ באָראָדינ, טיט קאָנסטאַנטינאָוויטשנ, ווי א קאָנטררעוואָליוציאָנערנ פּאַסקודנעמ עלעמענט. באַמ איבערשרײַבנ דאָס אייגנטומ בא אָט דעמ באַלעגופ האָט ער אָפּיציעל געמאַכט אנ אָנפאַל אפנ צוגעשיקטנ 25-טויזנטיקנ כ׳ דאַווידאָוו אונ ס׳איז אימ געלונגענ צוויי מאָל אימ א האַק צו טאָנ איבערנ קאָפּ מיט אנ אײַזערנעמ שטעכער.

אויסער דעמ מעלדע איכ, אַז איכ האָב געזען בא באָראָדינענ א ביקס־אָברעז פונ רוסישנ מוסטער, וואָס איכ האָב ניט געקאָנט אָפּנעמענ איבער די באַדינגונגענ, ווײַל איכ האָב זיכ געפונענ אפנ בערגל

אונ האָב מוירע געהאַט פאַר בלוט־פאַרגיסונג. דעמ אָבערעז האָט ער אומבאַמערקט אַרויסגעוואָרפנ אינ שניי. אַז מיר וועלנ אימ אָפּזוכנ, וועלנ מיר אימ צושטעלנ צו אײַכ, ווי אַ זאַכלעכקײַט.

סעקרעטאַר פונ גרעמיאַטשער קעמערל אַלקפּ(ב) אונ רויטפּאַניקער מ. נאַגולנאָוו".

טיטאָקנ האָט מענ אַרײַנגעזעצט אינ שליטנ. ער האָט געבעטנ טרינקענ אונ צורופנ צו אימ נאַגולנאָוונ. יענער האָט פונעמ גאַנעק אַ געשריי געטאָנ:

— וואָס דאַרפסטו?

— מאַקאַר! געדענק! — האָט גערעדט טיטאָק מיט די געבונ־דענע הענט, ווי אַ שיכערער, אונ געשריִענ — געדענק: אונדזערע וועגנ וועלנ זיכ צונויפטרעפנ! דו האָסט מיכ געטראָטנ, אָבער דעמלט וועל איכ שוינ אַלציינס — כ'וועל אַוועקהאַרגענענ! באַגראָבנ אונדזער פרײַנטשאַפט!

— פאָר, קאָנטרע! — נאַגולנאָוו האָט אַ מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט.

די פערד האָבנ זיכ לעבעדיק אַרויסגעטראָגנ פונ הויפ.

## קאַפּיטל 9

פאַרנאַכט־צו האָט אַנדריי ראַזמיאָטנאָוו פאַנאַנדערגעלאָזנ די מיט־הילפ־גרופּע פונ דער אָרעמשאַפט, וואָס האָט מיט אימ געאַרבעט. אָפּגעשיקט פונ דעמ אַנטבאַלעגופּטנ גאַיעווס הויפ די לעצטע פור קאָנפיסקירטנ פאַרמעגנ צו טיטאָקנ, וווּהינ מע האָט צונויפגעפירט אַלע באַלעגופּישע זאַכנ, אונ איז אַוועק אינ דאָרפראַט. אינדערפרי האָט ער געהאַט אָפּגעמאַכט מיט דאַווידאָוונ דאָרט זיכ צו באַגעגע־נענ אַ שאָ פאַר דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, וואָס האָט זיכ געזאָלט אָנהייבנ, ווי נאָר ס'וועט ווערנ פינצטער.

אַנדריי האָט נאָכ פונעמ פירהויז דערזענ אינ דעמ ווינקל־צימער פונעמ דאָרפראַט ליכט, איז ער אַרײַנ, ברייט עפענענדיק די טיר. דאַ־ווידאָוו האָט אויפגעהויבנ פונעמ נאָטיצ־ביכל זײַנ ווײַס איבערגעבונ־דענעמ קאָפּ אונ אַ שמייכל געטאָנ.

— אָט איז ראַזמיאָטנאָוו אויכ. זעצ זיכ, מיר רעכענענ צונויפ, וויפל מע האָט געפונענ בא די באַלעגופּימ טיוו'ע גו, ווי איז בא דיר, געענדיקט?

— געענדיקט... וואָס האָסטו עפּעס פּאַרבונדן דעם קאָפּ?
נאגולנאָוו, וואָס האָט געהאַלטן אין איינפּראַווען פון ציטונג־פּאַ־פּיר אַן אַבאַזשור צום לאָמפּ, האָט אַ כיישעק געזאָגט:
— דאָס האָט אים טיטאָק. מיט אַ שטעכער. איך האָב טיטאָקן אָפּגעשיקט צו זאַכאַרטשענקען אין ג. פּ. או.
— וואַרט, מירן דיר באַלד דערציילן. — דאַווידאָוו האָט צוגע־רוקט איבערן טיש די רעכנביינדלעך. — לייג הונדערט פּופּצן. פאַ־ראַנען? הונדערט אַכט...
— וואַרט! וואַרט! — האָט נאַגולנאָוו אומרויִק אַ מורמל געטאָן און פּאַרויסטיק גערוקט מיטן פינגער די רעכנביינדלעך.
אַנדריי האָט אַ קוק געטאָן אויף זיי און מיט ציטערנדיקע ליפּן האָט ער שטיל געזאָגט:
— מער אַרבעט איך ניט.
— וואָס הייסט דו אַרבעטסט ניט? ווי? — נאַגולנאָוו האָט אַוועק־געלייגט די רעכנביינדלעך.
— אַנטבאַלעקופּעווען וועל איך מער ניט גיין. נו, וואָס האָסטו אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן? הו האַלטסט בא אַן אָנמאַל פון דער פּאַליקער, אַפּאָנעמע?
— דו — ביסט שיקער? — דאַווידאָוו האָט מיט אומרו און אויפ־מערקזאַם אַריינגעקוקט אין אַנדרייס געזיכט, וואָס איז פול געווען מיט בייזער אַנטשלאָסנקייט. — וואָס איז מיט דיר? וואָס הייסט — דו וועסט ניט?
פון זיין רויִק טענאָרל איז אַנדריי ווילד געוואָרן און, שטאַמלענ־דיק אין אויפרעגונג, געשריִען:
— דאָס האָט מען מיך ניט געלערנט! מיט קינדער מילכאָמע האַלטן האָט מען מיך ניט געלערנט... אַפן פראָנט איז אַן אַנדער זאַך! דאָרט איז מיטן שווערד, מיט וואָס דו ווילסט... און גייט אייַך צו ואַלדי הוכעס!.. איך'ל ניט גיין! — אַנדרייס שטים, ווי דער קלאַנג פון אַן אָנגעצויגענער סטרונע, איז געשטיגן אַלץ העכער און העכער, און ס'האָט זיך געהויבן, און אָט, אָט רייסט זי זיך אויף. אָבער אַנדריי האָט מיט כריפּעניש אָפּגעאָטעמט און איז אומדערוואַרט אַריבער אויף שטילער שושקעניש: — נו, וואָס פאַר אַן אַרבעט איז עס? אָט איך, וואָס בין איך דען, אַ העננקער? אָדער מיין האַרץ איז פון שטיין? די מילכאָמע האָט מיך... און ווידער גענומען שרייען:
— בא גאַיעוון זיינען פּאַראַן עלף שטיק קינדער! זיינען מיר געע־

קומענ, אַז זיי האָבנ זיכ עס צעפּילדערט, — פאַרנ היטל זיכ גע־
כאַפּט! באַ מיר האָבנ זיכ אַזש די האָר געשטעלט קאַפּויר! האָבנ מיר
גענומענ זיי פונ שטוב אַרויסטרײַבנ... נו, דאָ האָב איכ די אויגנ פאַר־
זשמורעט, די אויערנ פאַרשטאָפּט אונ ביז אַנטלאָפנ אויפנ הויפ! די
ווײַבער האָבנ, ווי אַ טויטנ, מיט וואַסער אָפּגעמונטערט די שנור... די
קינדער... גייט אײַכ צו אַלדי רוכעס!

— צעוויינ זיכ! וועט דיר גרינגער ווערנ, — האָט געראַטנ נאַ־
גולנאָוו, אונ מיט דער האַנט, פעסט ביז רויט ווערנ, צוגעדריקט דעמ
זיכ צופּנדיקנ באַק־מוסקול אונ ניט אַראָפּגענומענ די צעפּלאָמטע אויגנ
פונ אַנדרייענ.

— כ'וועל וויינענ אויכ! איכ, קאָנ זײַנ, האָב מײַנ ייִנגל... — אַנ־
דריי האָט זיכ אָפּגעשטעלט, אויסגעשטשירעט די ציינ אונ זיכ געגעבנ
אַ דריי אומ מיטנ רוקנ צומ טיש.

ס'איז געוואָרנ שטיל.

ראַזווידאָוו האָט זיכ אופגעהויבנ פונעמ שטול לאַנגזאַמ... אונ פּונקט
אַזוי לאַנגזאַמ האָט זיכ באַדעקט מיט אַ טויטער בלויקייט זײַנ ניט
פאַרבונדענע באַק אונ ס'איז בלאַס געוואָרנ זײַנ אויער. ער איז צו־
געגאַנגענ צו אַנדרייענ, גענומענ אימ פאַר די פּלייצעס אונ לײַכט אימ
אויסגעדרייט. ער האָט גענומענ ריידנ, שטיקנדיק זיכ, אונ ניט אַראָפּ
גענומענ די אויגנ פונ אַנדרייס גרויס געוואָרענעמ פּאָנעמ.

— דו האָסט אַפּ זיי ראַכמאָנעס... דיכ פאַרדריסט. אונ זיי האָבנ
אַפּ אונדז ראַכמאָנעס געהאַט? די סאָנימ האָבנ געוויינט איבער די
טרערנ פונ אונדזערע קינדער? איבער די יעסוימימ פונ די דערהאַרגעטע
האָבנ זיי געוויינט? נו? מײַנ טאַטנ האָט מענ אָפּגעזאָגט נאָכנ שטרײַק
פונעמ זאַוואָד, פאַרשיקט אימ קיינ סיביר... באַ דער מאַמענ זײַנענ
מיר פיר געווענ... איכ, דער עלטסטער, בינ דעמאָלט נײַנ יאָר אַלט גע־
ווענ.. ס'איז ניט געווענ וואָס צו עסנ, איז די מאַמע אַוועק.. דו קוק
אַהערצו! זי איז אַוועק אינ גאַס, די מאַמע. מיר זאָלנ פונ הונגער
ניט פּייגערנ. אונ אינ אונדזער צימערל — אינ אַ קעלער האָבנ מיר
געוווינט — פירט זי אַ גאַסט... איינ בעט געבליבנ... זײַנענ מיר הינ־
טערנ פאַרהאַנג... אַפ דער ערד... נײַנ יאָר בינ איכ אַלט... שיכּורע
פלעגנ קומענ מיט איר... איכ פלעג פאַרשטאָפּנ די מײַלער באַ מײַנע
קליינע שוועסטערלעכ, זיי זאָלנ זיכ ניט פונאַנדערוויינענ... ווער האָט
אונדזערע טרערנ אויסגעווישט? דו הערסט?.. אינדערפרי פלעג איכ נע־
מענ אַט דעמ פאַרשאָלטענעמ רובל...—ראַזווידאָוו האָט צוגעטראָגנ צו

אנדרייס פּאָנעמ זײַנ פּאַרלעדערטע דלאָניע אונ מיט פּײַנ א סקריפּעועטאָנ מיט די ציינ, — דעמ רובל, וואָס די מאמע האָט פּאַרדינט, אונ פּלעג גיינ נאָכ ברויט... — אונ פּלוצעמ האָט ער, ווי מיט א בייקאַנטשיק א שמיצ געטאָנ אפּנ טיש זײַנ שוואַרצנ פּויסט אונ אויסגעשריִענ: — דו!! ווי קאָנסטו ראכמאָנעס האָבנ?!

אונ ווידער איז געוואָרנ שטיל. נאגולנאָוו האָט זיכ אײַנגעגנעגלט אינ טיש־ברעטל אונ עס געהאלטנ, ווי א שפּאַרבער זײַנ רויב. אנדריי האָט געשוויגנ. שווער, מיט שלוכצנ אָטעמדיק איז דאַווידאָוו ביז א מינוט געגאַנגענ איבערנ צימער, דערנאָכ האָט ער ארומגענומענ אנדרייענ פּאַר די פּלייצעס, צוזאַמענ מיט אימ זיכ געזעצט אפּנ באַנק אונ מיט א געבראָכענער שטימ געזאָגט:

— עכ, דו נאַר אײנער! געקומענ אונ גענומענ שרײַענ... „איכ וועל ניט אַרבעטנ... קינדער... א ראכמאָנעס...“ נו, וואָס האָסטו אָנגערעדט, דערמאָנ זיכ? לאָמיר זיכ דורכשמועסנ. האָסט ראכמאָנעס, ווענ מע זעצט ארויס באַלעבאָטישע פאמיליעס? יאָ — וואָ! איבער דעמ זעצנ מיר זיי טאַקע ארויס, זיי זאָלנ אונדז ניט שטערנ בויענ דאָס לעבנ, אָנ אַזעלכע־אָ... עס זאָל זיכ אינ דער צוקונפט ניט איבערכאַזערנ... דו ביסט די ראַטנמאַכט אינ גרעמיאַטשי, אונ איכ דאַרפ דיכ אגיטירנ? — אונ מיט שווערקײַט, אָנגעצויגנ א שמייכל געטאָנ:

— נו, מירנ ארויסזעצנ די באַלעבאָטימ צו אלדי רוכעס, אפּ סאָלאָווקי וועלנ מיר זיי ארויסזעצנ. אָבער פּייגערנ וועלנ זיי דאָכ ניט? וועלנ זיי אַרבעטנ — וועלנ מיר זיי געבנ עסנ. אונ ווענ מיר וועלנ אויפּבויענ, וועלנ שוינ די קינדער ניט זײַנ קיינ באַלעבאָטישע קינדער. דער אַרבעטער־קלאַס וועט זיי איבערדערציִענ. — ער האָט ארויסגענומענ א פּעקל פּאַפּיראָסנ אונ לאַנג מיט די ציטערנדיקע פינגער ניט געקאָנט ארויסציִענ א פּאַפּיראָס.

אנדריי האָט אָנ אויפהער אַרײַנגעקוקט אינ נאגולנאָווס געזיכט. וואָס האָט זיכ פּאַרצויגנ מיט א טויט־הײַטל. אומדערוואַרט פּאַר דאַווידאָוונ איז ער שנעל אויפגעשטאַנענ, אונ אינ זעלביקנ מאָמענט איז, ווי געוואָרפנ פונ א טראַמפּלינ, נאגולנאָוו אונטערגעשפּרונגענ.

— שלאַנג! — האָט ער ארויסגעהויכט אונ צונויפגעפּרעסט די פויסטנ: — ווי דינסטו דער רעוואָליוציע? דו האָסט ראכמאָנעס? אונ איכ... טויזנטער שטעל באַלד אַוועק זיידעס, קינדערלעכ, ווײַבער... אונ זאָג מיר, אז מע דאַרפ זיי צעשיסנ... פאַר דער רעוואָליוציע דאַרפ מענ... וועל איכ זיי פונ א קוילנוואַרפער... אלעמענ צעלעכערנ!! —

האָט פּלוצעמ ווילד א געשריי געטאָנ גאגולגאָוו, אונ אינ זײַנע גרויסע געברייטערטע שווארצאַפּלענ האָט א פלאַטער געטאָנ מעשוגאַס, אַפּ די מויל־ווינקלענ האָט אויפגעשוימט א שוים.

— דו שרײַ ניט! זעצ זיכ! — איז דאַווידאָוו אומרויִק געוואָרנ. אנדריי איז, אומוואַרפנדיק דעמ טיש, שנעל צוגעגאנגענ צו נאגולנאָוונ, אָבער דער איז מיט א פארוואָרפענעמ קאָפּ געשטאַנענ, אָנגעשפּארט אָנ דער וואנט מיט פאַרקאַשערטע אויגנ, אונ גרילצנדיק צעצויגנ זיכ צעשריִענ.

— איכל שנײַ — ײַ — ײַדנ!.. — אונ אליינ האָט ער שוינ גענומענ פאלנ אַפּ א זײַט, מיט דער לינקער האנט געכאַפּט די לופט, זוכנדיק באַ דער זײַט דעמ שיידל אונ מיט דער רעכטער קראַמפּהאַפּט געזוכט דאָס ניט פאַראַנענע שווערד־הענטל.

אנדריי האָט באַוויזנ אימ אונטערצוכאַפּנ אַפּ די הענט אונ געפילט, ווי שרעקלעכ עס האָבנ זיכ אָנגעשטרענגט אלע מוסקולנ פונ מאַקאַרס שווער געוואָרענעמ גופּ, ווי עס האָבנ זיכ זײַנע פיס אויסגעצויגנ, ווי א שטאָלענע ספּרוזשינע.

— די פּאליקע... האַלט אימ צו די פיס!.. — האָט ער באַוויזנ א געשריי טאָנ צו דאַווידאָוונ.

★

אינ דער שול זײַנענ זיי געקומענ, ווענ דאָרט איז שוינ געווענ פול געפּאַקט מיט מענטשנ, געקומענע אַפּ דער פאַרזאַמלונג. דער לאָקאל האָט ניט געקאָנט אלעמענ אַרײַננעמענ. קאָזאַקנ, ווײַבער אונ מיידלעכ זײַנענ געדיכט געשטאַנענ אינ קאָרידאָר, אַפּנ גאַנעק. פונ דער צעעפנטער טיר האָט זיכ געטראָגנ א פאַרע, אויסגעמישט מיט טאַבעקדרויכ.

נאגולנאָוו, א בלייכער, מיט פאַרטריקנט בלוט אַפּ די צעהאַקטע ליפּנ, איז געגאַנגענ איבערנ קאָרידאָר דער ערשטער. אונטער זײַנע געמאָסטענע טריט האָט געקנאַקט דאָס קערלעכ־שאָלעכץ. די קאָזאַקנ האָבנ, אײַנגעהאַלטנ נאָכגעקוקט נאָכ אימ אונ אימ אָפּגעטראָטנ דעמ וועג. דערזעענדיק דאַווידאָוונ, האָט מענ גענומענ זיכ שושקענ:

— אָט דאָס איז ער, דאַווידאָוו? — האָט הויכ געפרעגט א מיידל אינ א שאַלעכל מיט קווייטנ אונ אָנגעטייט אַפּ דאַווידאָווס מיטנ נאָזיכל, פול געפּאַקט מיט קערלעכ.

— אינ פּאַלטנ... ניט קיינ גרויסער אזא.

— ניט קיינ גרויסער, אָבער א געזעצטער, זע, א האַלדז באַ אימ,

ווי בא א גוטנ בוהיי! מע האָט אימ צו אונדז אפּ באַלויפנ זיכ געשיקט, — האָט אייגע געלאַכט אונ געזשמורעט אפּ דאַווידאָוונ אירע קיילעכדיקע גרויע אויגנ.

— ברייטע פּלייצעס בא אימ, באַמ טויזנטיק. דער־א, מיידלעכ, קאָנ זיכ, ווייַזט אויס גוט ארומנעמענ, — האָט אָפּנ גערעדט נאַטאַליע די סאָלדאַטקע אונ צוגעווונקענ מיט די אונטערגעפאַרבטע ברעמענ.

א גרעבלעכע אָנגעראויכערטע שטימ פונ א באָכער האָט מיט גיפט א זאָג געטאָנ:

— אונדזער נאַטאַלקע דאַרפ נאָר אַבי הויזנ.

— ווייַזט אויס, — דעמ קאָפּ האָט מענ אימ שוינ צעקלאַפּט? פאַרבאַנדאַזשירט...

— דאָס איז פונ די ציינ, מיסטאַמע...

— ניינ, ס'איז טיטאַק...

— מיידלעכ איכ קליידלעכ! וואָס האָט איר אפּ א געקומענעמ מענטשנ די קוקערס אָנגעשטעלט? בא מיר איז ווענ ערגער? — א ניט־יונגער קאָזאַק ביז בלוי אָפּגעגאָלט, האָט לאַכנדיק ארומגעכאַפּט מיט די לאַנגע הענט א גאַנצנ פּאַק מיידלעכ אונ זיי צעדריקט צו דער וואַנט. איז געוואָרנ א קוויטשעריי. איבער דעמ קאָזאַקס רוקנ האָבנ זיכ גענומענ שיטנ מיידלשע פויסטנ.

דאַווידאָוו איז פאַרשוויצט געוואָרנ, ביזוואַנענ ער האָט זיכ דערקליבנ צו די קלאַס־טירנ. פונ אוילעמ האָט זיכ געטראָגנ א ריח פונ זונרויזנ־קערלעכ, פונ ציבעלע, מאַכאָרקע, פונ ווייץ־אָפּגערעפּצעניש. פונ די מיידלעכ אונ יונגע ווייַבלעכ האָט זיכ געטראָגנ דער שאַרפער גערוכ פונ קליידער, לאַנג פאַרלעגענע אינ די קופערטנ, פונ פּאָמאַדע. א פאַרשטיקטער בינענ־געראויש האָט זיכ געטראָגנ איבער דער שול, אונ די מענטשנ גופע האָבנ זיכ באַוועגט, ווי א שוואַרצער קאָכנדיקער קוויל, עולעכ אפּ אנ אויפגעריסענ בינשטאָק.

— בראַווע מיידלעכ בא אייַכ, — האָט פאַרשעמט געזאָגט דאַווידאָוו, ווענ ער איז ארויפ אפּ דער סצענע. אפּ דער צונויפגעקלאַפּטער סצענע פונ אַבאַפּאָלעס, זייַנענ געשטאַנענ צוויי צונויפגערוקטע שילער־פאַרטעס. דאַווידאָוו אונ נאַגולנאָוו האָבנ זיכ געזעצט. כאַזומיאַטנאָוו האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג. דעמ פרעזידיומ האָט מענ אויסגעקליבנ אָנ שיעס.

— א וואָרט וועגנ קאָלווירט באַקומט דער כאַווער באַפולמעכטיק־

טער פונעם רייקאָמ פונ דער פארטיי דאווידאָוו — ראזמיאָטנאָוו איז אנשווינג געוואָרנ. דער גערויש פונ די שמועסנ האָט זיכ שטארק פארקלענערט אונ איז אלץ שטילער געוואָרנ. דאווידאָוו איז אויפגע־שטאנענ, פאריכט אפנ קאָפּ דעמ באשליק. בא א האלבער שעה האָט ער גערעדט מיט א הייזעריקער שטימ. די פארזאמלונג האָט געשוויגנ. אלץ פילבארער איז געוואָרנ די דושנעקייט. באמ טונקעלנ שייַנ פונ צוויי לאָמפּנ האָט דאווידאָוו געזענ אינ די ערשטע רייענ פּענעמער, וואָס האָבנ געגלאנצט פונ שוויים. ווייַטער איז אלץ געווענ פארהילט אינ האלבטונקל. מע האָט אימ קיינ איינ מאָל ניט איבערגעריסנ, אָבער ווענ ער האָט פארענדיקט אונ זיכ גענומענ פארנ גלאָז וואסער, האָבנ א פלייץ געטאָנ פראגנ:

— אלץ דארפ מענ פארגעזעלשאפטלעכנ?

— אונ די הייַזער?

— דער קאָלווירט איז נאָר אפּ א ווייַלע אָדער אפּ שטענדיק?

— וואָס וועט זייַנ מיט די אינדיווידואלנ?

— די ערד וועט מענ בא זיי ניט אָפּנעמענ?

— אונ פרעסנ וועט מענ צוזאמענ?

דאווידאָוו האָט לאנג אונ גענוי געענטפערט. ווענ עס האָט זיכ געהאנדלט וועגנ קאָמפּליצירטע פראגנ פונ דער לאנדווירטשאפט, האָבנ אימ געהאָלפנ נאגולנאָוו אונ אנדריי. מע האָט איבערגעלייענט דעמ מוסטער־סטאטוט, אָבער ניט געקוקט דערופ האָבנ די פראגנ ניט אופּ־געהערט. ענדלעכ האָט זיכ פונ די מיטלסטע רייענ אויפגעהויבנ א קאָזאק אינ א פיקסענער קוטשמע אונ אינ אנ אָפנ צעשפיליעט שווארצ פעלצל. ער האָט געבעטנ א וואָרט. דער הענג־לאָמפּ האָט געוואָרפנ א קרומע שייַנ אפ דער פיקסענער קוטשמע, אונ אירע געלע הערעלעכ האָבנ אזויווי אויפגעפלאקערט אונ זיכ גערויכערט.

— איכ בינ א מיטלפויער, אונ ערדארבעטער, איכ זאָג אזוי, ביר־גער, אז, פארשטייט זיכ, ניטאָ וואָס צו ריידנ, א זאכ איז עס א גו־טע, דער קאָלווירט, נאָר מע דארפ דאָ גוט באקלערנ! אזוי טאָר מענ ניט, — כאפּ־לאפּ אונ אינ מויל — צאפּ, נא, עס פונ אלעמ פאו־טיקנ. דער כאווער, דער באפולמעכטיקטער פונ דער פארטיי, האָט דאָ געזאָגט, אז הייסט עס: „לייגט זיכ פּאַשעט צונויפ מיט די קוי־כעס, וועט שוינ זייַנ גוט. אזוי הייסט עס, האָט אפילו דער כאווער לע־נינ געזאָגט". דער כאווער באפולמעכטיקטער פארשטייט אינ דער לאנד־ווירטשאפט ווייניק, הינטערנ אקער איז ער אפּאָנעמ ניט געגאנגענ זינט

ער לעבט און ווייס אפאָנעמ ניט צו אנ אָקס פונ וועלכער זייַט צו צוגיינ. איבער דעמ האָט ער א קאפעלע א טאָעס געהאט. אינ איינ קאָלווירט דארפ מענ, ווי איכ מיינ, די מענטשנ ניט צונויפנעמענ: די, וואָס ארבעטנ און האָבנ א בעהיימע — די דארפ מענ אינ איינ קאָלווירט, די אָרעמשאפט — אינ א צווייטנ, די פארמעגלעכע — באזונדער, און די סאמע פויליאקעס ארויסזעצנ, אז די געפעו זאָל זיי אויסלערנענ ארבעטנ. עס איז נאָכ וויניק צונויפווארפנ מענטשנ אינ איינ קופע, קיינ טאָלק וועט סייַוויסייַ ניט זייַנ, אזוי ווי אינ דער מייַסע ווערט דערציילט: דער שוואנ פאטשט מיט די פליגלענ און וויל פליִענ. דער ראק האָט אימ באמ היגטנ געפאקט און ציט אימ אפ צוריק, און דער העכט איז אייַנגעשפארט און קריכט אינ וואסער...

די פארזאמלונג האָט זיכ אָפּגערופנ מיט אנ אייַנגעהאלטנ געלעכטערל. פונ הינטנ האָט שארפ און גרילצ געטאָנ א מיידל, און באלד האָט עמעצנס אופגעבראכטע שטימ א געשריי געטאָנ:

— היי, איר, שלאָפינקע, ארויס פונדאנענ!

דער אייגנטימער פונ דער פיקסענער קוטשמע האָט מיט א טיכל אויסגעווישט דעמ שטערנ און די ליפנ און פארגעזעצט:

— מענטשנ דארפ מענ אזוי צוקלייַבנ, אזוי ווי א גוטער באלעבאָס קלייַבט צו אָקסנ. ער קלייַבט דאָכ צו די אָקסנ גלייַכע לויט זייער קויעכ און זייער וווּקס, פרוווט, שפאנט אינ פארשיידענע, וואָס וועט זיכ באקומענ: דער שטארקערער וועט שלעפנ, דער שוואכערער וועט בלייַבנ שטיינ, און איבער אימ קומט אויס דעמ שטארקנ זיכ אויכ אָפּשטעלנ. וואָס איז עס פאר אנ ארבעט? דער סאָוועט האָט געזאָגט: דער גאנצער כוטער אינ איינ קאָלווירט, אויסער די באלעגופימ... אָט וועט זיכ טאקע באקומענ: טיט און אלעקסאנדער, נעמט אונדז פאנאנדער!..

ליובישקינ איז אופגעשטאנענ, ניט צומ גוטנ א דריי געטאָנ די שווארצע וואָנצע און זיכ געווענדט צומ רעדנער:

— ווי גוט און זיס, קוזמא, דו רעדסט און אונדזעריש מאָל... וואָלט איכ א ווייַבל געווענ, וואָלט איכ דיכ אייביק געהערט! (א געלעכטערל האָט זיכ א טראָג געטאָנ). דו רעדסט אייַנ די פארזאמלונג, ווי פאלאגייע קוזמיטשאָוונע... — א געלעכטער האָט מיט א קנאל אויסגעשאָסנ. פונעמ לאָמפ האָט זיכ א ריס געטאָנ א שארפער שלאנגענצונג פייַער. פאר דער גאנצער פארזאמלונג איז געווענ פארשטענדלעכ די אָנצוהערעניש, וואָס האָט אפאָנעמ אנטהאלטנ אינ זיכ עפעס א

ניט־אָנשטענדיק פריילעכע זאכ. אפילע נאגולנאָוו האָט א שמייכל געטאָנ מיט די אויגנ. דאווידאָוו האָט נאָר געוואָלט פרעגנ בא אימ, פארוואָס מע לאכט, ווי ליובישקינ האָט גענומענ אריבערשרייַענ דעמ גערויש פונ די קוילעס:

די שטימ איז טאקע דייַנע, נאָר דאָס לידל איז א פרעמדס! פאר דיר איז גוט אזוי אָפּצוקלייַבנ מענטשנ. דו האָסט זיכ עס אויסגעלערנט, ווענ דו ביסט בא פחאָל דעמ געריסענעמ אינ דער מאשינ־געזעלשאפט א מיטגליד געווענ? דעמ באוועגער האָט מענ בא אייַכ נאָכ פאראיאָרנ אָפּגענומענ. אונ איצט האָבנ מיר דייַנ פראָלנ ווי א וואנצ אויסגעברענט אונ אויסגערויכערט! איר האָט זיכ צונויפגענומענ ארומ פראָלס באוועגער אויכ אזוי ווי א קאָלווירט, נאָר א באלעגופישער. די האָסט ניט פארגעסנ, וויפל איר האָט פאר דרעשנ געשונדנ די הויט? דעמ אכטנ פוד, הא? דו וואָלסט עפשער איצט אויכ געוואָלט: זיינ צוטוליענ צו די רייַכינקע...

איז געוואָרנ אזא טומל, אז דאווידאָוו איז קוימ געלונגענ אייַנצושטעלנ די אָרדענונג. אונ לאנג נאָכ האָט זיכ ווי א פרילינג־האָגל געשאָטנ:

— אָנגעלעבט זיכ אינ ארטעל, הא!

— איינע לייַז, מיט קיינ טראקטער וועסטו זיי ניט צעקנאקנ!

— דייַנ הארצ האָבנ די קולאקעס פארשטאָפּט!

— לעק אימ!

— מיט דייַנ קאָפּ איז גוט קערלעכ צו קנאקנ!

א וואָרט לויט דער ריי האָט אויסגעבעטנ דער ווייניק־פארמעגלעכער מיטלפויער ניקאָלייַ לאשגיוא.

— דו זאָלסט נאָר אָנ דעבאטנ. דאָ איז א קלאָרע זאכ. — האָט אימ נאגולנאָוו געוואָרנט.

— ס'הייסט, וואָס־זשע? אונ עפשער וויל איכ טאקע דעבאטנ פירנ. אָבער איכ טאָר ניט אנטקעגנ דייַנ מיינונג ארויסטרעטנ? איכ זאָג אזוי: א קאָלווירט איז א פרייוויליקע זאכ, ווילסטו — גייסטו, ווילסטו ניט — קוקסטו פונ דער זייַט. איז מיר ווילנ טאקע קוקנ פונ דער זייַט.

— ווער איז עס דער „מיר"? — האָט דאווידאָוו געפרעגט.

— די ערדארבעטער, הייסט עס.

— דו רייד נאָר פאר זיכ. יעדער האָט א צונג אנ אייגענעמ, יוצט ער זאָגנ.

— איך קאָן ריידן נאָר פאַר זיך. ס'הייסט, פאַר זיך טאַקע רייד איך. איך וויל א קוק טאָן, וואָס פאַר א לעבן ס'וועט אין קאָלווירט א שפּיל טאָן. אויב א גוט לעבן — וועל איך זיך פאַרשרייבן, אויב ניט — איז וואָס־זשע וועל איך אַהין קריכן? א פּיש נאָר קריכט אין נעץ...

— ריכטיק!

— פאַראַן נאָך צײַט אַרײַנגעצוטרעטן!

— זאָלן אַנדערע פּרוּוון דאָס נײַע לעבן!

—וואָס איז דאָ צו פּרוּוון, ס'ניט קיין מיידל.

— דאָס וואָרט באַקומט אַכוואַטקין. רייד.

—וועגן זיך, טײַערע בירגער, וועל איך זאָגן: אַט האָבן מיר מיטן לײַבלעכן ברודער, מיט פּיאָטערן, געלעבט צוזאַמען, האָבן מיר זיך טאַקע ניט צונויפגעלעבט! אָדער די ווײַבער פלעגן צווישן זיך פאַרפירן אַן אײַזעק, ניט פאַנאַנדערצוריסן זיי, אָדער מיר מיט פּיאָטערן פלעגן ניט הויזן. און דאָ וויל מען דעם גאַנצן כוטער אין איין קופּע אָנוואַרפן! וועט זיך באַקומען א מישמאַש, אַז ווען מירן אין סטעפּ אַרויספאָרן אַקערן, וועלן מיר זיך אַוואַדע צעשלאָגן. דאָ האָט איוואַן מײַנע אָקסן צופיל פאַריאָגט, דאָ האָב איך זײַנע פערד ניט אָפּגעהיט... ס'וועט אויסקומען דער מיליציע דאָ שטענדיק צו ווײַנען. ס'וועט זיך טאָן כווישעב. איינער וועט מער אָפּאַרבעטן, אַן אַנדערער ווינציקער. אונדזער אַרבעט איז א פאַרשיידענע, ניט ווי באַם ווערקשטעל שטיין אויפן זאַוואָד. האָרט האָב איך אָפּגעדעזשורעט אכט שאָ אָהן הײַדא מיטן שטעקל שפּאַצירן...

— דו ביסט אַמאָל געווען אַפן א זאַוואָד?

— איך, כאַווער דאַווידאָוו, בין ניט געווען, נאָר איך ווייס.

— דו ווייסט גאָרנישט ניט וועגן אַרבעטער! און אויב דו ביסט ניט געווען, ניט געזען, איז וואָס־זשע האַקסטו טשײַניקעס! ס'איז באַ־לעגופישע רייד וועגן אַרבעטער מיטן שטעקל!

— נו, זאָל זײַן אַן א שטעקל: אָבער אָפּגעאַרבעט, איז גיי. און בא אונדז שטייט מען אויף, ווען ס'איז נאָך פינצטער, און מע אַקערט. ביז נאַכט גיסט זיך דער זיבעטער שווייס, אויף די פּיס געשווירן, ווי אַן איי די גרייס. און בײַנאַכט דאַרף מען די אָקסן פיטערן, ניט שלאָפן: וועט זיך דער אָקס ניט אָנפרעסן, וועט ער דעם אַקער ניט שלעפּן. און איך וועל אײַך קאָלווירט זיך סטאַרען, אײַן אַן אַנדערער, ווי לעמאָשל, אונדזער קאָליבע, וועט זיך לייגן שלאָפן. כאָטש די ראַטנ־

מאכט זאָגט, אז קיין פּויליאקעס זײַנען בא דער אָרעמשאפט ניטאָ, או דאָס האָבן די באלעגופּימ אויסגעטראכט, אָבער דאָס איז ניט ריכטיק. קאָליבע איז א גאנצ לעבן געלעגן אפן אויוון. דער גאנצער כוטער ווייס, ווי איינמאָל אומ ווינטער האָט ער זיך אזוי געווארעמט אפן אויוון, און די פּיס געהאלטן אויסגעצויגן צו דער טיר. איטרעהפּרי זײַנען זײַנע פּיס געווען באדעקט מיט אײַז, און א זײַט זײַנע האָט ער אפן ציגל אָפּגעבּרענט. הייסט עס, דער מענטש איז אזוי געוואָרן פויל, או אראָפּקריכן פון אויוון צו גיין אפן לופט האָט ער שוין ניט געקאָנט. איז ווי וועל איך מיט אזא מענטשן ארבעטן? איך פארשרײַב זיך ניט אין קאָלווירט!

— א וואָרט באקומט קאָנדראַט מײַדאניקאָוו. רייד.

פון די הינטערשטע רייען האָט זיך לאנג געשטופּט צו דער סצענע ניט קיין הויכער קאָזאק אין א גרויסער סערמענגע. דער אָפּגעבליאקעוועטער שפּיצ פון דער בודיאָנאָווקע האָט זיך צעוויגט איבער פּאפּאכעס און באהאשקענע היטלען, איבער פארשײדנפארביקע ווײַבערשע שאלעכלעך און טיכלעך. ער איז צוטעקומען, זיך געשטעלט מיטן רוקן צומ פּרעזידיומ און ניט געײַלט ארײַנגעקראָכן אין די הויזן־קעשענעס.

— דו וועסט לייענען דײַן רעדע? — האָט דיאָמקע אושאקאָוו געפרעגט, שמייכלענדיק.

— דאָס היטל נעמ אראָפּ!

— זאָג אפ אויסנווייניק!

— דער דאָזיקער פארשרײַבט זײַן גאנצ לעבן אפן פּאפּיר.

— כא, כא! א גראַ־א־מעט־נער!..

מײַדאניקאָוו האָט ארויסגענומען א פארשמאָלצן נאָטיצ־ביכל און שנעל גענומען בלעטערן די פארשריבענע זײַטלעך.

— אײַלט זיך ניט צו לאכן. עפּשער וועט נאָך אײַך אויסקומען וויינען!.. — האָט ער מיט קאס גענומען ריידן. — יאָ, איך פארשרײַב, מיט וואָס איך קאָרמע זיך. און אָט באלד וועל איך אײַך איבערלייענען. פארשיידענע שטימען האָבן מיר דאָ געהערט, נאָר קיין אייגנע ניט קיין רעכטע. וועגן לעבן טראכט איר ווייניק...

דאווידאָוו האָט זיך אָנגעשפּיצט. אין די פאָדערשטע רייען האָבן זיך געלאָזט זעען שמייכלען. איבער דער שול—א זשומ פון שטימען.

— מײַן ווירטשאפט איז א מיטעלע, — האָט זיך מײַדאניקאָוו ניט פארלאָרן און פּעסט גענומען ריידן, — פאראיאָרן האָב איך געזייט פינפ דעסיאטין. איך פארמאָג, ווי איר אלע ווייסט, א פּאָר אָקסן, א

פערד, א קו, א ווײַב און דרײַ קינדער. אַרבעטהענט — אַט זײַנענ זיי, איינ פּאָר. פונעם פאַרזיי האָב איכ אַראָפּגענומענ: נײַנציק פּוד ווייצ, אכצנ פּוד קאָרנ און דריי און צוואַנציק האָבער. אַליינ דאַרפ איכ האָבנ זעכציק פּוד צו האָדעווענ די פאַמיליע, פאַר די אויפעס דאַרפ מענ א פּוד צענ, דער האָבער בלײַבט פאַרנ פערד. וואָס קענ איכ פאַרקויפנ דער מעלוכע? אכט און דרײַסיק פּוד. קייפּל דאָס אָפּ א רובל מיט צענ קאָ-פּעקעס באַקומט זיכ איינ און פערציק רובל ריינע האַכנאָסע. נו, אַז איכל די אויפעס פאַרקויפנ, די קאַטשקעס אָפּפירנ אינ דער סטאַניצע, וועל איכ לייזנ א רובל פופצנ. — און מיט טרויער אינ די אויגנ, האָט ער גענומענ ריידנ העכער: — צי קאָנ מענ פאַר דעמ געלט זיכ שוכנ, קליידנ, קויפנ גאַזע, שוועבעלעכ, זייפ? און דאָס פערד אונטערשמידנ קאָסט געלט? וואָס-זשע שווײַגט איר? צי קאָנ איכ אַזוי ווײַטער לעבנ? און דאָס איז גוט, אַז ס'איז א גערעטעניש, א גוטע, צי א שלעכ-טע. און, ווי איז, אַז ס'איז אַנ אומגערעטעניש, ווער בינ איכ דעמאָלט? א בעטלער. איז וואָסערע רעכט האָט איר, אינ אײַער מאַמענ, מיכ פו-נעמ קאָלווירט אָפּצושטויסנ? שוינ-זשע וועט מיר דאָרטנ זײַנ ערגער? איר לײַגט! אַלע וועלנ דאָס אײַכ זאָגנ, אַלע מיטלפויערימ. און איבער וואָס פאַר א סיבע איר זײַט קעגנ, און סײַ זיכ סײַ אַנדערע דרייט איר דעמ קאָפּ, וועל איכ אײַכ באַלד זאָגנ.

— דערלאַנג זיי, די היגטיישע קעפּ, קאָנטראַ! — האָט אינ היס-פּילעס געשריִענ ליובישקינ.

— און כ'וועל טאַקע דערלאַנגענ, זאָלנ זיי זיכ אויסטשוכענ! איבער דעמ זײַט איר קעגנ קאָלווירט, וואָס הינטער אײַער קו און הינטער אײַער פּיצל הויפל — עט איר ניט די ליכטיקע וועלט. כאָטש א פאַרשמאַרכעטס, נאָר מיינס. די פּאַרטיי שטויסט אײַכ צו א נײַ לעבנ, און איר זײַט, ווי א בלינד קעלבל: מע פירט עס צו דער קו אונטערנ אײַטער, און דאָס בריקעוועט זיכ נאָכ מיט די פיס און שאָקלט מיטנ קאָפּ. און אַז א קעלבל זויגט ניט דעמ אײַטער — לעבט עס ניט אָפּ דער וועלט! דאָס גאָר. טאַקע הײַנט זעצ איכ זיכ שרײַבנ א מעלדונג אינ קאָלווירט און דערצו רופ איכ אויכ אַנדערע. און ווער עס וויל ניט — זאָל ער ניט שטערנ אַנדערע.

ראַזמיאָטנאָוו האָט זיכ אויפגעשטעלט:

— ס'איז א קלאָרע זאַכ, בירגער! די לאָמפּנ אונדזערע לעשנ זיכ און ס'איז שוינ שפּעט. הייבט די הענט, ווער ס'איז פאַרנ קאָלווירט, נאָר באַלעבאַטימ פונ הויפנ הייבנ די הענט.

פונ צוויי הונדערט זיבעצנ בײַטשעוועזנע הויז־באַלעבאַטימ האָבנ די הענט געהויבנ נאָר זיבנ און זיבעציק.

— ווער איז קעגנ?

קיינ איינ האנט האָט זיכ ניט אופגעהויבנ.

— איר ווילט זיכ ניט פאַרשרײַבנ אינ קאָלווירט? — האָט גע־פרעגט חאַווידאָוו. — הייסט עס, אַז ריכטיק האָט געזאָגט מײַראַניקאָוו?

— מיר פאַר־לאַנ־גענ ניט! — אַ ווײַבערשע שטימ אונטערנ נאָז.

— דײַנ מײַראַניקאָוו איז פאַר אונדז ניט קיינ באַווײַז!

— די מאַטעס־זיידעס האָבנ געלעבט...

— דו פאַרגוואַלטיק אונדז ניט!

און ווענ ס'זײַנענ שוינ אַנשווייגנ געוואָרנ די אויסגעשרייענ, האָט זיכ פונ די הינטערשטע רייענ, פונ דער פינצטער, וואָס פלעגט באַ־לויכטנ ווערנ פונ די ציגאַרקע־פאַפּיראָסנ, זיכ דערהערט עמעצענס אַ פאַרשפּעטיקטע, בייזע שטימ:

— נימאַ אונדז וואָס צו פאַרנאַרנ! טיטאַק האָט דיר שוינ איינ־מאָל געלאָזנ בלוט און מע קאָנ נאָכ...

ווי מיט אַ בײַטש וואָלט מענ דאַווידאָוונ אַ שמיץ געטאָנ. אינ דער שרעקלעכער שטילקײַט איז ער אַ מינוט געשטאַנענ אונ געשוויגנ, בלייכ ווערנדיק, האַלב אָפנ דאָס מויל, דערנאָכ האָט ער הייזעריק אויסגעשריענ:

— דו! סוינעס קאָל! באַ מיר האָט מענ ווייניק בלוט געלאָזנ! אונ איכ וועל נאָכ דערלעבנ ביז דער צײַט, ווענ מיר וועלנ אַלע אַזוינע, ווי דו, באַגראָבנ. נאָר, אויב מע וועט דאַרפנ, וועל איכ פאַר דער פאַרטיי... וועל איכ פאַר מײַנ פאַרטיי, פאַר דער אַרבעטער־זאַכ מײַנ גאַנצ בלוט אָפּגעבנ! דו הערסט, באַלעגופישע פּאַסקודסטווע? דאָס גאַנצע בלוט, ביזנ לעצטנ טראָפּנ!

— ווער האָט עס אויסגעשריענ? — האָט זיכ נאַגולנאָוו אויס־געגלײַכט.

ראַזמיאָטנאָוו איז אַראָפּגעשפּרונגענ פונ דער סצענע. אינ די הינטערשטע רייענ האָט געפּלאַצט אַ באַנק, אונ אוילעמ פונ אַ מאַנ צוואַנציק איז מיט אַ טומל אַרויס אינ קאָרידאָר. מע האָט זיכ גענו־מענ אופּשטעלנ אויכ פונ מיטנ. אַ שויב האָט אַ בראַזג געטאָנ: עמעצער האָט אויסגעקוועטשט דאָס פענצטער־אויגל. אינ פענצטערל האָט אַ שפּאַר געטאָנ אַ פרישער ווינט, ווי אַ זאַווערוכע האָט זיכ גענומענ דרייענ דער ווײַסער האַמפּ.

— ווײַזט אויס, טימאַשקע האָט עס אויסגעשריִען! פּראָל דעם געריסענעמס...

— אַרויסזעצן זײַ פונעם כוטער!

— ניין, דאָס איז אַקימקע! פאַראַן דאָ קאָזאַקן פון טוביאַנסק.

— טומלער, אַ רועב אין זייער יאָדער. אַרויסיאָגן!..

שפּעט נאָך האַלבע נאַכט האָט זיך געענדיקט די פאַרזאַמלונג. מע האָט געערדט אין פאַרן קאָלווירט אין קעגן איים ביז הייזעריק ווערן, ביז טונקל ווערן אין די אויגן. וואָ־גיטהווו און אַפילו בײַ דער סצענע פלעגן זיך די קעגנער צונויפקומען און אָנעמען איינער דעם אַנדערן פאַר דער ברוסט, דערוויילנדיק זײַן געראַכטיקייט. אויף קאָנדראַט מעדיאַניקאָוון האָט זײַן לײַבלעכער מעכוטן און יאָכן צעריסן דאָס העמד ביזן פּופּיק. עס איז שיִער ניט דערטראָנגען ביז געשלעג. דיאָמקע אושאַקאָוו האָט זיך שוין געהאַט געלאָזט צו הילף קאָנדראַטן, שפּרינגענדיק איבער די בענק, איבער די קעפּ פון די זיצנדיקע, אָבער די מעכוטאָנים האָט דאַווידאָוו פאַנאַנדערגענומען. און טאַקע דיאָמקע האָט דער ערשטער אַ שמאָך געטאָן מעדיאַניקאָוון:

— אַנו, קאָנדראַט, גיב אַ כעזשבן, וויפל שאָ דאַרפסטו אַקערן פאַרן צעריסענעם העמד?

— רעכן דו אויס, וויפל האָט דײַן ווײַב...

— נו־נו! פאַר אַזעלכע כאָכמעס וועל איך פון דער פאַרזאַמלונג באַזײַטיקן.

דעמיד דער שווײַגער איז רויִק געשלאָפן אונטערן באַנק אין די הינטערשטע רייען. ער איז, ווי אַ כײַע, געלעגן מיטן קאָפּ צום ווינט, וואָס האָט געצויגן פון דער טיר, אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ אין דער פּאָלע פון דער סערמעגע. די עלטערע ווײַבער, וואָס זײַנען אויף דער פאַרזאַמלונג געקומען מיט ניט קיין רעשטריקטע זאָקן, האָבן געדרעמלט, ווי הינער אויף דער סידעלע און פאַרלאָרן די קנײַלעכלעך און די שפּיזלעכן. אַ סאַך זײַנען אַוועקגעגאַנגען. ווען אַרקאַשקע דער בײַטער, וואָס איז שוין ניט איין מאָל אַרויסגעטראָטן, האָט געוואָלט נאָך עפּעס וואָס זאָגן פאַרן קאָלווירט, האָט זיך פון זײַן גאַרגל אַרויסגעריסן עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען ענלעך אויף אַ גראַגער פון אַ גאַנדז. אַרקאַשקע האָט אַ קוועטש געטאָן דעם גאָרגל, ביטער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, אָבער פונדעסטוועגן ניט אויסגעהאַלטן — זעצנדיק זיך, האָט ער אָן ווערטער געוויזן דעם פאַרביטערטן קעגנער פון קאָלווירט, ניקאָלײַ אַבוואַטקינען, וואָס מיט אים וועט זײַן נאָך

דער דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע: אױפֿנ פֿאַרויכערטנ נאָגל פֿונ גראָבנ פֿינגער. האָט ער אַרויפֿגעלייגט דעמ אַנדערנ נאָגל און — קנאַק! ני־קאָלײַ האָט נאָר אויסגעשפּיגנ און אינ דער שטיל אויסגעזידלט זיך אינ דער מאַמענ.

# קאַפּיטל 10

קאָנדראַט מײַדאַניקאָוו איז געגאַנגענ פֿונ דער פֿאַרזאַמלונג. אינ דער הייך, איבער אימ, האָבנ ווי א ניט אויסגעלאָשענער שײַטער־הויפֿנ געטליִעט די שטערנ. ס'איז געווענ אַזוי שטיל, אַז פּינטלטיג האָט זיך געהערט, ווי עס פּלאַצט די ערד, פֿונ פּראָסט, ווי עס טרעשטשעט א פֿאַרפֿראָרנ צווײַגל. אינ דער היימ איז קאָנדראַט אַרײַנ אַפֿנ הויפֿ צו די אָקסנ. ער האָט זיי אונטערגעלייגט א קאַרג בינטל היי און זיך דערמאָנט, אַז מאָרגנ דאַרפֿ ער זיי אָפּפֿירנ אַפֿנ אַלגעמיינעמ הויפֿ, האָט ער אָנגענומענ א גאָר גרויסנ הויפֿנ היי און אַפֿנ קול געזאָגט:

— נו, אָט האָט מענ זיך שוינ צעשיידנ... רוק זיך, פֿליכוואַטער! פֿיר יאָר האָבנ מיר, דער קאָזאַק פֿאַרנ אָקס און דער אָקס פֿאַרנ קאָזאַק געאַרבעט... און קיינ שומ טאָלק האָט זיך בײַ אונדז ניט באַקומענ. אי איר זײַט האַלב הונגעריק, אי מיר איז ניט היימלעך. איבער דעמ בײַט איך אײַך אויס אַפֿ א געמיינזאַמ לעבנ. נו, וואָס האָסטו אויסגעשטעלט די אויערנ, פּונקט ווי דו וואָלסט אָפּגענומענ פֿאַרשטאַנענ? — ער האָט מיטנ פֿיס א שטויס געטאָנ דעמ אָקער־אָקס, מיט דער האַנט אָפּגעשטופּט זײַנ קנעכטישע פֿאַרגאַווערטע מאָרדע, און אַז זײַנע אויגנ האָבנ זיך באַגעגנט מיטנ פּיאָלעטעווונ אָקסנ־אויג, האָט ער זיך פּלוצעמ דערמאָנט, ווי ער האָט געוואַרט אַפֿ אָט דעמ אָקס מיט פֿינפֿ יאָר צוריק. די אַלטע קו האָט דעמאָלט זיך געלאָזט באַלויפֿנ פֿונעמ באַהאַלטנ אַזוי געהיימ, אַז ניט דער פּאַסטעך, ניט קאָנדראַט האָבנ עס ניט געזענ. האַרבסט־צײַט איז לאַנג ניט געווענ צו באַמערקנ אַפֿ איר, אַז זי איז א באַלאָפֿענע... „א יאַלעווע געבליבנ, די פֿאַרפֿלוכטע!" — האָט קאָנדראַט גערופֿעט, קוקנדיק אַפֿ דער קו. אָבער זי איז פֿיל געוואָרנ סאָפּ נאָיאַבער, אַזוי ווי אַלע אַלטע קי, — א כוידעש פֿאַרנ קעלבנ זיך. וויפֿל מאָל אינ די קאַלטע נעכט פֿלעגט קאָנדראַט זיך אויפֿכאַפּנ, ווי פֿונ א זעצ, אַרײַנשטעקנ די פֿיס אינ די וואַליקעס און אינ איינע גאַטקעס לויפֿנ אינ פֿאַרעמענ שטאַל א קוק טאָנ: צי האָט זי זיך שוינ ניט אָפּגעקעלבט. פֿרעסט האָבנ געגלימצערט, דאָס קעלבל

האָט געקאָנט פאַרפרוירן ווערן, אײדער די מוטער זײַנע וואָלט נאָכ באַוויזנ אים אַרומצולעקנ... צום כאַפּ פונ גרויסנ טאָגעס* איז קאָנדראַט קימאַט ווי ניט געשלאָפנ. איינמאָל אינ אַ פרימאָרגנ איז אַנע — זײַנ ווײַב — אַרײַנ אַ פרייליכע, אַ פײַערלעכע:

— די אַלטע האָט שוינ די אָדערנ אָפּגעלאָזט. מיסטאָמע וועט זי באַנאַכט האָבנ.

קאָנדראַט האָט זיכ אײַנגעוואונט צוגעלייגט אינ אָנטאָג און ניט פאַרלאָשנ דעם לאַמטערנ. זיבנ מאָל איז ער אַרויס צו דער קו! און ערשט דאָס אַכטע מאָל, שוינ פאַרטאָג, נאָכ ניט באַוויזנ צו עפענענ דאָס טירל פונעם קו-שטאַל, האָט ער דערהערט אַ טופּנ און שווערנ קרעכצ און איז אַרײַנ: די קו האָט זיכ אויסגעליידיקט פונ געבורט-אָרט און דאָס קליינע קעלבל מיט ווײַסע נאָזלעכער, שוינ אַנ אַרומגעלעקטס, אַ שוואַרצטיקס, אַ ציטערדיקס, האָט מיט זײַנע אָפּגעקילטע ליפּנ געזוכט דעם אײַטער. קאָנדראַט האָט געכאַפּט דאָס אַרויסגעפאַלענע אָרט. די קו זאָל עס ניט אויפעסנ** און דערנאָכ האָט ער דאָס קעלבל גענומענ אַפּ די הענט און גענומענ עס וואַרעמענ מיט זײַנ אָטעמ, אײַנגעקוטעט אינ דער פאָלע פונ זײַנ סערמענגע און אינ גיכ לאַפּ עס אָפּגעטראָגנ אינ שטוב.

— אַנ עקסל! — האָט ער אַ דערפרייטער אויסגעשריִענ.

אַנע האָט זיכ איבערגעציילעמט:

— אַ דאַנק גאָט! ער האָט זיכ, דער דערבאַרעמדיקער, אומגעקוקט אַפּ אונדזער נויט!

און נויט האָט קאָנדראַט מיט זײַנ אייגנ פערדל געהאַט איבערגענוג. און אָט איז אויסגעוואַקסנ אַנ אָקס, וואָס האָט גוט געאַרבעט פאַר קאָנדראַטנ, זומער און אינ די ווינטערדיקע קעלטנ, ואָג אַ שיר מאָל טרעטנדיק מיט זײַנע צעשפּאָלטענע טלאָענ די וועגנ און פעלדער, און געשלעפּט נאָכ זיכ דעם אַקער אָדער די אַרבע.

קאָנדראַט האָט געקוקט אויפנ אָקס און פּלוצעמ דערפילט אַ שאַרפ קנײַפּל אינ האַלדז, אַ ווייטיק אינ די אויגנ. ער האָט זיכ צעוויינט און איז אַרויס פונ שטאַל, ווי עס וואָלט אימ גרינגער געוואָרנ פונ די טרערנ. דעם איבעריקנ טייל נאַכט איז ער ניט געשלאָפנ און גערויכערט.

* קריסטלעכער טאָנעס פאַר פּאַסכע. — ר ע ד.

** ביז איצט נאָכ איז אַפּנ אויבער-דאָנ ברייט פאַרשפּרייט די איינרייִדעניש, אַז אויב די קו עסט אויפ דאָס געבורט-אָרט — טאָר מענ די מילכ ניט באַנוצנ צוועלפ טעג.

„ווי וועט עס זײַן אין קאָלווירט? צי וועט דען יעדערער דערפֿילן און פֿאַרשטיין אַזוי, ווי ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דער וועג אהין איז דער איינציקער, אַז דאָס מוז אַזוי זײַן? אַז ווי עס זאָל ניט באַנק טאָן אָפּצופֿירן און לאָזן אָפּן אַלגעמיינעם באַראַט די בעהיימע, וואָס איז אויסגעוואַקסן צוזאַמען מיט די מענטשן, אָפּ דער ערדישער פֿאָדלאָגע פֿון דער שטוב, האַרף מען זי אָפּפֿירן. אַז אָט דעם באַסקורנעם פֿאַרדראָס אָפּ זײַן האָב און גוטס דאַרף מען שטיקן, ניט דערלאָזן אים צום האַרצן!" — וועגן דעם האָט געטראַכט קאַנדראַט, ליגנדיק לעבן זײַן כראָפּעמדיק ווײַב, און געקוקט אין דער פֿינצטערניש אַרײַן מיט גיט זעענדיקע, פֿון דער פֿינצטערניש פֿאַרבלענדעטע אויגן. און נאָך האָט ער געטראַכט: „ווּהין וועלן מיר די שעפּעלעך און ציגעלעך אָפּפֿירן? פֿאַר זיי דאַרף מען דאָך אַ וואַרעמע שטוב, אַ גוטע אויפֿפּאַסונג. ווי וועט מען זיי קאָנען פֿאַנאַנדערקלײַבן, אַז זיי זײַנען קימאַט אַלע די זעלביקע? אי די מוטערס, אי די מענטשן וועלן זיך פּלאָנטערן, און די קי? ווי וועט מען זיי פּיטער ברענגען? אַ סאַך וועלן פֿאַרלאָרן גיין! און טאָמער וועלן זיך די מענטשן פֿאַנאַנדערגיין אין אַ וואָך אַרום, דערשרעקנדיק זיך פֿאַר שוועריקײַטן? דעמלט בלײַבט איבעריגיין אין שאָכטע און פֿאַרלאָזן גרעמיאַטשי אָפּן גאַנצן לעבן. עס בלײַבט ניט באַ וואָס צו לעבן"

פֿאַרטאָג איז ער אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ דרעמל. און איך אין שלאָף איז אים געווען שווער. ניט לײַכט איז קאַנדראַט אײַנגעגאַנגען אָפּן קאָלווירט! מיט טרערן און בלוט האָט ער געריסן מיט זײַן אייגנטום, מיט זײַנע אָקסן, מיט זײַן לײַבלעכן כיילעק ערד...

אינדערפֿרי האָט ער איבערגעביכן, לאַנג געשריבן די מעלדונג, קנייטשנדיק דעם שטערן, באַזוימט מיט אַ פֿאַרברויגטן פּאַס פֿון דער זון. עס האָט זיך באַקומען:

„דעם סאַוועט מאַקאַר נאַגולנאָוו אין קעמערל פֿון דער קאָמוניסטישער גרעמיאַטשער פּאַרטיי.

א מעלדונג

איך, קאָנדראַט כריסטאָפֿאָראָוויטש מײַדאַניקאָוו, אַ מיטלפּויער, בעט מיך אויפֿנעמען אין קאָלווירט מיט מײַן פֿרוי און קינדער, מיט מײַן פֿאַרמעגן און מיט אַלע באַלעבײַים. איך בעט צולאָזן מיך צום נײַעם לעבן, ווײַל איך בין מיט אים פֿולקום מאַסקים.

ק. מײַדאַניקאָוו.

— אַרײַנגעטראָטן? — האָט געפֿרעגט דאָס ווײַב.

— ארײַנגעטראָטנ.

— די בעהיימע וועסטו אָפּפירנ?

— באַלד פיר איכ זי אָפּ. נו, וואָס־זשע שרײַסטו, נאַר אײנע? ווייניק ווערטער האָב איכ אױפ דיר געפּאַטערט, דיכ אײַנגערעדט, אונ דו — ווידער פונ אָנהייב? דו האָסט דאָכ אײַנגעשטימט!

— מיר, קאָנדראַשע, טוט נאָר באַנק די בעהיימע... איכ בינ אנ אײַנשטימיקע. נאָר דאָס הארצ טוט זייער וויי... — האָט זי גערעדט שמייכלענדיק אונ מיטנ פאַרהענגל געווישט די טרערנ. נאָכ דער מו־טער האָט זיכ פאַנאַנדערגעווײנט כריסטישקע, דאָס יינגסטע פיריאָ־ריקע מיידעלע.

קאָנדראַט האָט אַרויסגעלאָזט פונ שטאַל די קו אונ די אָקסנ, א גלעט געטאָנ דאָס פערד אונ זיי אַוועקגעטריבנ צומ טײַכל. זיי אָנגעטרונקענ. די אָקסנ האָבנ לעכאַטכילע גענומענ גײנ אהיים, אָבער קאָנדראַט האָט מיט אנ אױפגעזאָדנ האַרצ, אַרופרײַטנדיק מיטנ פערד, זיי פאַרשטעלט דעמ וועג אונ זיי אַוועקגעטריבנ צומ דאָרפראַט.

ניט אָפּטרעטנדיק פונ די פענצטער, האָבנ די ווײַבער אױפ דער גאַס אַרויסגעקוקט. די קאָזאַקנ האָבנ נאָכגעקוקט פונ הינטער די פּאַרקאַ־נעס אונ זיכ ניט באַוויזנ אױפנ גאַס. קאָנדראַטנ איז געוואָרנ ניט היימלעכ! אָבער באַמ דאָרפראַט האָט ער דערזענ, הינטערנ ראָג, א גרויסע אָנגעטריבענע מאַכנע, ווי אױפ א יאַריד, — אָקסנ, פערד, שעפּסנ. פונ א שכײנעסדיק געסל האָט זיכ אַרויסגעלאָזט ליובישקינ. ער האָט געשלעפּט א געיאָכטע קו, הינטער איר איז נאָכגעלאָפנ א קעלבל מיט א שטריקל אױפנ האַלדז.

— לאָמיר זיי צונויפבינדנ די עקנ אונ צוזאַמענ זיי טרײַבנ, — האָט ליובישקינ געפּרוווט זיכ וויצלענ, אונ אַלײנ איז ער געווענ אזוי ווי פאַרקלערט, שטרענג. אימ איז ניט גרינג אָנגעקומענ אַוועקצופירנ די קו, דער פרישער קראַץ אױפנ באַק איז געגליִענ אונ אײדעמ...

— ווער האָט עס דיר צעשקראַבעט?

— איכ בינ זיכ מוידע: דאָס ווײַב! דאָס ווײַב האָט זיכ ווי א טײַוול געוואָרפנ נאָכ דער קו.

ליובישקינ האָט אַרײַנגענומענ אינ מויל דעמ בערנ וואָנצע אונ אומצופרידנ געזײַט דורכ די ציינ:

— געטאַנצנ אױפ מיר אינ אָנגריפ, ווי א טאַנקע. האָט זיכ באַקור־מענ אַזאַ בלוטפאַרגיסונג באַמ שטאַל, אז ס'איז א כאַרפּע פאַר די שכײנימ. זיכ געוואָרפנ מיט דער קאַטשערע, דו'סט גלייבנ? „א, זאָג

איכ, שלאָגנ א רויטנ פּארטיזאנ וועסטו? מיר, זאָג איכ, האָבנ אפילע גענערעלער פארטריבנ!“ אזנ א שניט איר אונ שלייפ. פארנ זײַטיקנ, וואָס האָט עס צוגעקוקט, איז עס געווענ א מינ ספּעקטאקל...

פונעמ דאָרפּראַט האָט מענ זיכ געלאָזט אפנ הויפ צו טיטאָקנ. אינדערפרי נאָכ האָבנ צוועלפ מיטלפויערימ, וואָס האָבנ באנאכט זיכ באטראכט, געבראכט מעלדונגענ אונ די בעהיימעס.

נאגולנאָוו אונ צוויי טעסלער האָבנ אפ טיטאָקס הויפ געטעסעט אָלכע אפ צו מאכנ פּיטער־ראַמענ פאַר דעמ ערשטנ געזעלשאפטלעכנ שטאל אינ גרעמיאטשי לאָג.

# קאפּיטל 11

קאָנדראט האָט לאַנג געדרייבעט מיט א לאָמ די פּאַרפרוירענע ערד אונ געגראָבנ גריבער פאַר די זײַלנ. לעבנ אימ האָט זיכ אויכ געסמאַרעט ליובישקינ. פונ אונטער זײַנ שווארצער פּאפּאַכע, וואָס איז געהאנגענ, ווי א כמארנער וואָלקנ, האָט זיכ געגאָסנ שוויים, דאָס פּאָנעמ האָט געפלאמט. מיט אנ אָפּנ מויל האָט ער מיט קויעכ, מיט וווט געהאקט מיטנ לאָמ. ברעקלעכ אונ שטיקלעכ פאַרפרוירענע ערד זײַנענ געפלויגנ אינ דער הייכ אונ אינ די זײַטנ אונ ווי שרויט געקלאפּט אָנ די ווענט. די פּיטער־ראַמענ האָט מענ אופגעבנ צונויפגעקלאפּט אונ ארײַנגעטריבנ אינ שפּייכלער די אכט אונ צוואנציק פאָר אָקסנ, וואָס די קאָמיסיע האָט שוינ באוויזנ אָפּצושאצנ. נאגולנאָוו איז אינ איינ כאקי־העמדל, א צוגעקלעפּטס צו די פּארשוויצטע לאָפּעטקעס, ארײַנ אינ שפּײַכלער.

— דו האָסט נאָר איינ מאָל געטאָנ מיט דער האַק אונ דאָס העמדל איז שוינ בא דיר אויסצעדרייענ? א שלעכטער ארבעטער ביסטו, מאַלאָר! — האָט ליובישקינ געשאָקלט מיטנ קאָפּ. — זע, ווי איכ האַכ! האַכ!.. טיטאָסס האַק איז א גוטע... האַכ!.. טו גיכער אָנ דאָס פּעלצל, אניט וועסטו זיכ צוקילנ אונ וועסט אויסציִענ די קאָפּיטעס!

נאגולנאָוו האָט אָנגעטאָנ דאָס פּעלצל. פונ זײַנע באקנ איז פּאַמעלעכ פארשוונדנ די בלוטיקע רויטקײַט.

— דאָס איז פונ די גאזנ. ווי נאָר איכ ארבעט, אָדער איכ גיי באַרג־ארופּ, באלד הייבט אָנ צו שטיקנ, דאָס הארצ צו קלאַפּנ... דער לעצטער זײַל? נו איז גוט! זע וואָס פאַר א ווירטשאפט בא אונדז איז! — נאגולנאָוו האָט מיט זײַנע אופגעצונדנ־גלאַנציקע אויגנ ארומ־

געכאַפּט די לאַנגע רײַ אָקסנ, וואָס האָבנ זיכ אויסגעשטעלט אונטער די נײַע פּיטער־ראַמענ, שמעקנדיקע, ווי פֿרישע שפּענער.

ווענ מע האָט אַפֿנ אָפֿענעמ הויפֿ צעשטעלט די קי, איז געקומענ ראַזמיאַטנאָוו אינ דיאָמקע אושאַקאָוו. ער האָט נאַגולנאָוו אָפּגערופֿנ אָנ א זײַט אונ אימ אָנגעכאַפּט פֿאַר דער האַנט.

— מאַקאַר, פֿרײַנט, פֿאַר דאָס נעכטיקע זײַ ניט באַרויגעז... איכ האָב זיכ אָנגעהערט דעמ געשריי פֿונ די קינדער, האָב איכ זיכ דערמאָנט אָנ מײַנ יינגל. נו, האָט עס מיר פֿאַרקוועטשט...

— פֿאַרקוועטשנ זאָל דאָס דיר דעמ כיישעק, טײַוול!

— נו. פֿאַרשטייט זיכ! לויט דײַנע אויגנ זע איכ שוינ, אַז דײַנ האַרצ האָט זיכ אָפּגעקילט.

— זאָל שוינ זײַנ גענוג, פּלאָמפּלער! וואוהינ גייסטו? מע דאַרפֿ היי ברענגענ. ווו איז דאַווידאָוו?

ער מיטנ בײַטער קלײַבנ אינ ראַט פֿאַנאַנדער די מעלדונגענ אינ קאָלווירט. אונ איכ גיי... בא מיר איז נאָכ איינ באַלעגופֿישער הויפֿ פֿאַרבליבנ א גאַנצער, סעמיאָנ לאַפּשינאָווס...

— וועסט אַהינ קומענ, וועסטו ווידער?.. — נאַגולנאָוו האָט א שמייכל געטאָנ.

— הער אויפֿ! וועמענ זאָל איכ נעמענ מיט זיכ? עס טוט זיכ אַזוינס, ס'האָט זיכ אַלצ צונויפֿגעפּלאָנטערט. ווי אינ שלאַכט! די בעהיימעס שלעפּט מענ, היי פֿירט מענ. עמעצער האָט שוינ זריִע געבראַכט. איכ האָב זיי צוריק אָפּגעשיקט. שפּעטער וועלנ מיר זיכ נעמענ פֿאַר זריִע. וועמענ נעמט מענ צו הילפֿ?

— אָט נעמ קאָנדראַט מײַדאַניקאָוו. קאָנדראַט! אַנו, גיי אַהער. נעמ אונ גיי מיטנ פֿאַרזיצער אַנטבאַלעגופֿעווענ לאַפּשינאָווס. האָסט ניט מוירע? אַנדערע ווילנ ניט, פֿאַראַנ אַזוינע ווייכהאַרציקע, אָט אַזוי, ווי טימאָפֿיי באָרשטשעוו... אַפּ אונטערלעקנ זיכ האָט ער געוויסנ, אָבער דאָס אָנגעראַבעוועטע אָפּצונעמענ — לאָזט אימ דאָס האַרצ ניט...

— גיינ, פֿאַרוואָס זשע ניט גיינ? איכל גיינ. גערנ.

דיאָמקע אושאַקאָוו איז צוגעקומענ. זאַלבעדריט זײַנענ זיי אַרויס אַפֿנ גאַס. קוקנדיק אַפֿ קאָנדראַטנ, האָט ראַזמיאַטנאָוו געפֿרעגט:

— וואָס האָסטו זיכ אָנגעדראָלט? מע דאַרפֿ זיכ פֿרייענ, זע, ווי דער כוטער האָט אויפֿגעלעבט, פּונקט ווי א נעסט פֿונ מוראַשקעס האָט זיכ גערירט.

— פרייענ זיך, איז ניטאָ וואָס זיך צו אײַלנ. עס וועט זײַנ שווער, — האָט קאָנדראַט טרוקנ זיך אָפּגערופנ.

— מיט וואָס?

— אי מיטנ פאַרזיי אי מיטנ אויפפּאַסנ די בעהיימעס. דו'סט געזענ: דרײַ אַרבעטנ, און צענ זיצנ הינטערנ פּאַרקאַנ אַפ די שפּיץ פינגער און ימע פאַרדרייט ציגײַערס...

— אַלע וועלנ אַרבעטנ! דאָס איז נאָר אינ אָנהייב. עס וועט ניט זײַנ וואָס צו קײַענ, וועלנ זיי ווײַניקער דרייבערנ.

אַפנ ראָג איז געשטאַנענ א שליטנ איבערגעקערט אַפ א זײַט. בא דער זײַט איז געלעגנ א קופּע צעשאָטענע היי, זיך געוואַלגערט אָפּגעבראָכענע דרענגלעך. די אויסגעשפּאַנטע אָקסנ האָבנ געקײַט העלגרינעמ וועקגראָז* אַפנ שניי. א יונגער באָכער, דער זונ פונ סעמיאָנ קוזשענקאָוו, וואָס איז אַרײַנגעטראָטנ אינ קאָלווירט, — האָט פויל צונויפגעשאַרט דאָס היי מיט א דרײַ־ציינערדיקנ גאָפּל.

— נו, וואָס גייסטו, ווי ניט קיינ לעבעדיקער? אינ דײַנע יאָרנ בינ איך געווענ, ווי אַפ שרויפנ! צי אַזוי אַרבעט מענ? אַנו, גיב אַהער דעמ גאָפּל! — דיאָמקע אושאַקאָוו האָט אַרויסגעריסנ דעמ גאָפּל באַמ שמייכלענדיקנ באָכער פונ די הענט און מיט א קרעכצ האָט ער א נעמ געטאָנ די גאַנצע קופּע.

— וויאַזוי האָסטו זיך אַריבערגעקוליעט? — האָט קאָנדראַט געפרעגט.

— באַרגאַראָפּ, האָט זיך א זעצ געטאָנ, ווייסט ניט ווי?

— נו, לויפ נאָך א האָק, נעמ בא די דאָנעצקאָיומ.

דעמ שליטנ האָט מענ אויפגעהויבנ. מע האָט אַרומגעטעסעט און אַרײַנגעשטעלט דרענגלעך. דיאָמקע האָט זאָרגזאַמ אויפגעלייגט דאָס היי און עס אַרומגעקעמט מיט דער הראַבליע.

— קוזשענקאָוו, דו, קוזשענקאָוו! מע האַרפ דיך שמײַסנ מיט א געשמירטנ רימענ און שרײַענ דיך ניט לאָזנ. זע נאָר, וויפל היי די אָקסנ האָבנ אָנגעטראָטנ! וואָלסט גענומענ דעמ יאָך, זיי אָפּגעצויגנ צומ פּאַרקנ, געגעבנ זיי א הויפנ און זאָלנ זיי עסנ. ווער לאָזט עס אַזוי פראַנקס און פרײַ?

דער באָכער האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט און א צי געטאָנ די אָקסנ.

— שוינ איצטער ניט אונדזערס, דעמ קאָלווירטס.

---

* פּירײַ — רעד.

— געזען אַזאַ היינטישנ זונ? — דיאָמקע האָט מיט צעפּאָרענע אויגנ גענומענ באַקוקנ קאָנטראַסטנ און ראַזמיואָטנאָוונ און ניט גוט זיכ אויסגעזידלט.

ביז מע האָט באַ לאַפּשינאָוונ אָפּגעשריבנ די זאַכנ, האָבנ זיכ אָפּנ הויפּ צונויפּגעקליבנ 'א מאַנ דרײַסיק. אינ גרעסטנ טייל ווײַבער — שכיינעס, קאָזאַקנ זײַנענ געווענ ווייניק. ווענ מע האָט לאַפּשינאָוונ, דעמ הויכנ שפּיציקבערדיקנ גרײַז פאַרגעלייגט פאַרלאָזנ דאָס הויז, האָט זיכ אינ אוילעמ, וואָס האָט זיכ אָנגעזאַמלט אינ פירהויז, דערהערט א שושקערײַ און א שטילער געשפּרעכ:

— וואָס דענ? אָנגעזאַמלט, אָנגעזאַמלט, און איצט גיי אָפּנ בעסוילעמ.

— ניט קיינ פריילעכ לידל...

— אָפּאָנעמ, אז 'ימ פאַרדריסט! הא?

— יעדערנ טוט ווי זײַנ ווייטעק.

— עס געפעלט אימ, אָפּאָנעמ, ניט. און אז ער אליינ האָט באַמ אַלטנ רעזשימ אָפּגענומענ פאַר כויוועס טריפּאָנאָווס האָב־און־גוטס, האָט ער וועגנ דעמ ניט געטראַכט.

— וואָס פאַר א גוטמאָרגנ, אַזאַ...

— גוט אַזוי, דעמ טײַוול, דעמ בערדיקנ באָק! אונטערגעשאָטנ הייסע קוילנ אונטערנ עק!

— ס'א זינד, ווײַבעלעכ, צו האָבנ האַנאָע פונ יענעמס צאָרעס. די צאָרע, קאָנ מענ זאָגנ, איז אַנ אייגענע.

— א טײַוול אַזאַ! אונדזער אייגנס, ווי באַ א פויגל אָפּנ עק. קנאַפּע גליקנ!

— פאַראיאָרנ האָט ער פאַרנ אַנטלײַענ מיר די שנײַדער־מאַשינ אַרויסגעריסנ באַ מיר, ווי באַ א טײַבעלע, צענ קאָרבנ. און דאָס הייסט — יושער?

לאַפּשינאָוונ האָט מענ שוינ פונ לאַנג געהאַלטנ פאַר א מענטשנ, וואָס האָט געלט. מע האָט געוווסט, אז נאָכ ביז דער מילכאָמע האָט ער געהאַט ניט קיינ קליינ פאַרמעגנ, ווײַל דער אַלטער האָט זיכ ניט געשעמט אויסצולײַענ אָפּ יא היפּשנ פּראָצענט און אויכ געגאַנווטע זאַכנ שטילערהײַט אײַנצוקויפנ. א צײַט לאַנג זײַנענ געגאַנגענ קלאַנגענ, אז אָפּ זײַנ הויפּ האָבנ זיכ אופּגעהאַלטנ געגאַנווטע פערד, צו אימ פלעגנ צײַטנווײַז, ס'ראָוו באַנאַכט, קומענ ציגײַנער, פערד־הענדלער. מע זאָגט, אז דורכ לאַפּשינאָווס אָדערדיקע הענט זײַנענ די פערד

געגאנגענ אפ א גנייווישנ ברייטנ טראקט קיינ צאריצינ, טאגאנראג, אונ אוריופינסקאיא. מע האט אינ כוטער גענוי געוווסט, אז לאפ־שינאוו פלעגט אינ די אלטע צײַטנ א מאל דרײַ אינ יאר פירנ אויס־בײַטנ אינ דער סטאניצע פאפירענע יעקאטערינקעס אפ גאלדענע אימפעריאלנ. אינ 1912 יאר האט מענ אימ אפילע געפרווט „נעמענ אינ דער ארבעט", אבער לאפשינאוו, — א קרעפטיקער אונ פעסטער אלטער — האט זיכ אפגעשלאגנ פונ די אנגעפאלענע גאזלאנימ בלויז מיטנ העלצל פונ א ראד אונ איז אנטלאפנ. אבער ער אליינ איז אויכ געווענ א קנאפ נעבעכל: מע פלעגט אימ פאקנ אינ סטעפ מיט פרעמדע קאפיצעס — דאס איז נאכ יונגערהייט, אונ אפ דער עלטער האט ער זיכ ביכלאל ניט געמאכט וויסנ: ער פלעגט נעמענ אלצ, וואס עס פלעגט זיכ מאכנ. קארג איז ער געווענ אזוי ווײַט, אז עס פלעגט טרעפנ, ער פלעגט אינ קלויסטער שטעלנ א קאפעקענע ליכטל פאר ניקאלײַ מירליקיערס איקאנע, פלעגט ער עס לאזנ א ווײַלע ברענענ אונ דערנאכ צוגיינ אונ פארלעשנ, זיכ איבערצײלעמענ אונ ארײַנלייגנ עס אינ קעשענע. אזוי פלעגט ער איינ ליכטל שטעלנ א גאנצ יאר, אונ דעמ, ווער עס פלעגט אימ פארווארפנ פאר אזא ביי־לעלהאשעמ, פלעגט ער ענטפערנ: „גאט איז קליגער פאר אײַכ, נא־ראנימ! ער דארפ ניט קיינ ליכטל, נאר קאוועד. גאט דארפ מיכ ניט ארײַנברענגענ אינ העזעק. ער פלעגט אפילע מיט א שטריק שמײַסנ די, וואס פלעגנ האנדלענ אינ קלויסטער".

לאפשינאוו האט רויק באגעגנט די יעדיע וועגנ אנטבאלעגופעווענ. ער האט ניט געהאט וואס מוירע צו האבנ. אלדאס ווערטפולע איז באצײַטנס געווענ באהאלטנ אונ אפגעגעבנ אינ זיכערע הענט. ער אליינ האט געהאלפנ איבערשרײַבנ די זאכנ. אפ דער אלטער זײַנער, וואס האט געיאמערט, האט ער א טופע געטאנ מיטנ פוס, אונ אינ א ווײַלע ארומ האט ער מיט האכנאע א זאג געטאנ:

— שרײַ ניט, מוטער, אונדזערע יעסורימ וועט גאט פארנעמענ. ער, דער דערבארעמדיקער, זעט אלצ...

— צי זעט ער ניט, ווי דו האסט דעמ נײַעמ פוטער באגראבנ? — האט ערנסט, אינ טאנ, געפרעגט דיאמקע.

— וואסער פוטער?

— אינ וועלכנ דו ביסט פאריקנ זונטיק געגאנגענ אינ קלויסטער.

— איכ האב ניט געהאט קיינ נײַעמ פוטער.

— געווענ אונ איצט האט ער זיכ ערגעצוו באהאלטנ.

— וואָס רעדסטו, דעמענטי, ווי פאַר גאָט זאָג איכ — ניט געווענ!

— גאָט וועט שטראָפנ, זיידע! ער וועט דיר אַרײַנהאַקנ!

— אָט האָסטו דיר אַ ישוע, בא קריסטוסנ, אומזיסט האָסטו אויסגעטראַכט... — האָט זיכ לאַפשינאָוו געציילעמט.

— דו נעמסט אַ זינד אופ דײַנ נעשאָמיצ! — דיאָמקע האָט אונ־טערגעווונקענ צומ אוילעמ, אַרויסרופנדיק בא די ווײַבער אונ קאָזאַקנ אַ שמייכל.

— איכ בינ ניט זינדיק פאַר אימ, אופ מײַנ וואָרט!

— האָסט באַהאַלטנ דעמ פוטער! וועסט ענטפערנ אופ יענער וועלט!

— פאַר מײַנ אייגענעמ פוטער וועל איכ דאָס דאַרפנ ענט־פערנ — איז לאַפשינאָוו אופגעקאָכט געוואָרנ.

— פאַרנ באַהאַלטנ וועסטו ענטפערנ!

— גאָט האָט ניט קיינ קלענערנ סייכל פאַר דיר, פלוידערזאַק! ער וועט זיכ אינ אַזעלכע אייסאָקימ ניט מישנ!.. ניטאָ קיינ פוטער!.. ווי שעמסטו זיכ ניט צו לאַכנ פונ אַנ אַלטנ מענטשנ, שעמ זיכ פאַר גאָט אונ פאַר לײַטנ!

— אונ דו האָסט זיכ ניט געשעמט פאַר די צוויי מאָס פראָסע, וואָס איכ האָב בא דיר גענומענ אופ זריִע, צו נעמענ בא מיר דרײַ?— האָט קאָנדראַט געפרעגט. זײַנ שטימ איז געווענ אַ שטילע אונ אַ היי־זעריקע. אינ אַלגעמיינעמ טומל האָט זי זיכ ניט געהערט. אָבער לאַפ־שינאָוו האָט זיכ אַ קער געטאָנ צו אימ מיט אַ יוגנטלעכער לעב־האַפטיקײַט.

— קאָנדראַט! אַנ אָנגעזעענעמ טאַטנ האָסטו געהאַט, אָבער דו... דו וואָלסט כאָטש צוליב זײַנ גוטנ אָנדענק ניט געזינדיקט! אינ די הייליקע שריפטנ ווערט געזאָגט: „אַ פאַלנדיקנ זאָלסטו ניט שטויסנ", אונ דו, ווי באַגייסטו זיכ? ווענ האָב איכ בא דיר גענומענ דרײַ מאָס פאַר צוויי? אונ גאָט? ער זעט דאָכ אַלצ!

— ער וואָלט געוואָלט, אַז מע זאָל אימ, דעמ אָפּרעסינעמעמ גוי־לעמ, אומזיסט די פראָסע אָפּגעבנ! — האָט זיכ צעקוויטשעט די לאַפשיניכע.

— טומל ניט, מוטער! דער אויבערשטער האָט געליטנ אונ אונדז געהייסנ לײַדנ. ער, דער לײַדנדיקער, האָט אַ דערנער־קראַנצ אָנגעטאָנ אונ געוויינט מיט בלוטיקע טרערנ... — לאַפשינאָוו האָט אויסגעווישט די טומנע טרערנ מיטנ אַרבל.

די גראַגערנדיקע ווײַבער זײַנען שטיל געוואָרן און גענומען זיפֿצן. ראַזמיאָטנאָוו האָט געענדיקט שרײַבן און שטרענג געזאָגט:

— נו, זיידע לאַפּשינאָוו, וואַרף זיך אַרויס פֿונדאַנען. דײַן טרער איז ניט פֿון די שטאַרק חיונדיקע. פֿיל מענטשן האָסטו באַוויינט אין דײַן לעבן, און איצט גיבן מיר דיר אַליין די פֿאַרקירצונג, אַ גאַט, אַרויס!

לאַפּשינאָוו האָט גענומען פֿאַר דער האַנט זײַן שטאַמלדיקן, גוויילעמדיקן זון, אים אָנגעטאָן אַפֿן קאָפּ דאָס היטל און איז אַרויס פֿון הויז. דער אוילעם האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אים. אַפֿן הויף האָט זיך דער אַלטער געשטעלט אויף די קני, אונטערבעטנדיק פֿרײַער אַפֿן שנײ די פֿאָלע פֿונעם פּעלצל. ער האָט איבערגעציילעמט זײַן אָנגעכמורעטן שטערן און זיך געבוקט צו דער ערד אויף אַלע פֿיר זײַטן.

— גיי! גיי! — האָט ראַזמיאָטנאָוו אים באַפֿוילן. אָבער דער אוילעם האָט באַרשטיקט געגומענע טומלען, עס הערן זיך אויסגעשרייען:

— לאָזט אים באָטש מיטן אייגענעם הויף זיך געזעגענען!

— אַנדריי, מאַך זיך ניט נאַריש, אַ מענטש שטייט מיט אייגן פֿוס אין קייווער, און דו...

— ער וואָלט נאָך באַ זײַן לעבן געדאַרפֿט אַהין קריכן מיט ביידע פֿיס! — האָט קאָנדראַט אויסגעשריִען. אים האָט איבערגעריסן דער אַלטער גלאַדילין — דער קיטיטער פֿון קלויסטער:

— דו פֿײַנסט זיך אויס פֿאַר דער מאַכט? שלאָגן דאַרף מען אײַך!

— איך וועל דיר, באַזערשער שנוק, אַזוי אַ קלאַפּ טאָן, אַז דו וועסט דעם וועג צו זיך אַהיים פֿאַרגעסן!

לאַפּשינאָוו האָט זיך געבוקט, געציילעמט, גערעדט אַפֿן אויבערקאָל, אַלע זאָלן הערן, און גערירט די ווייכע ווײַבערשע הערצער:

— זײַט געזונט, פּראַוואָסלאַוונע! זײַט געזונט, מײַנע טײַערע! גאָט זאָל אײַך געבן געזונט... באַנוצט זיך מיט מײַן האָב און גוטס. געלעבט האָב איך, ערלעך געאַרבעט...

— געגאַנוועטע געקויפֿט! — האָט אים דיאָמקע נאָכגעשריִען פֿונעם גאַנעק אַראָפּ.

— ... מיטן שווייס פֿון מײַן פּאָנעם האָב איך מײַן שטיקל ברויט פֿאַרדינט...

— מענטשן אומגליקלעך געמאַכט, פּראָצענטן געריסן, אַליין נעגאַנוועט, זײַ זיך מיסוואַרדע! נעמען דיך פֿאַרן קאָלנער און אַ זעץ טאָן אָן דער ערד, הינטישע צוויג!

— ...מײַנ שטיקל ברויט, זאָג איכ, אונ איצט צו די עלטערע יאָרנ...

די װײַבער האָבנ גענומענ שנײַצנ די נעזער, געצויגנ צו די אויגנ די ברעגנ פונ די טיכלעכ. ראזומיאָטנאָװו האָט זיכ נאָר געקליבנ אופשטעלנ לאפשינאָװנ אונ אימ ארויסשטויסנ פונ הויפ, ער האָט שוינ געהאט אויסגעשריִענ: „דו אגיטיר ניט, אניט"..., װי אפנ גאנעק, װו דיאָמקע איז געשטאנענ אָנגעשפארט אָנ דער פארענטשע, איז פלוצעמ געװאָרנ א טומל, א גערודער...

די לאפשיניכע איז ארויסגעשפרונגענ פונ קיכ. אינ איינ האנט האָט זי געטראָגנ א קוישל מיט אויסגעזעסענע גענדזענע אייער, אונ אינ דער צווייטער האנט — אנ אנשוויגענע גאנדז, פארבלענדט פונעמ שניי אונ פונ דער זונ. דיאָמקע האָט לײַכט גענומענ פונ איר האנט דאָס קוישל, אָבער אינ דער גאנדז האָט זיכ די לאפשיניכע איינגעקלאמערט מיט ביידע הענט.

— טשעפע ניט, מי־עס־קײַט! טשעפע ניט!

— זי איז איצט א קאָלווירטישע, די גאנדז!.. — האָט דיאָמקע גענומענ שרײַענ אונ זיכ אָנגעכאפט פאר דעמ אויסגעצויגענעמ גענדזענעמ האלדז.

די לאפשיניכע האָט געהאלטנ פאר די פיס. יעדער האָט געצויגנ צו זיכ אונ מיט האסט געשלעפט איינער דעמ אנדערנ איבערנ גאנעק.

— גיב אָפ, קרומער!

— איכל דיר אָפגעבנ!

— לאָז אָפ, זאָג איכ!

— ס'א קאָלווירטיש געגנדזל!.. — האָט דיאָמקע סאָפענדיק געשריִענ. — זי וועט אונדז צו פרילינג... גענדזלעכ!.. גיי אוועק, אלטע, אניט וועל איכ מיטנ פוס אינ זײַט... גענדזלעכ... וועט זי אויסזיצנ!.. איר האָט אײַערס אָפגעפרעסנ...

די צעשויבערטע לאפשיניכע האָט זיכ איינגעשפארט אָנ שוועל מיטנ וואָליק אונ געצויגנ צו זיכ, שפריצנדיק מיט שפײַעכץ. די גאנדז, וואָס האָט אינ אָנהייב א גרילצ געטאָנ מיט א ווילד קאָל, איז אנשוויגנ געוואָרנ; ווײַזט אויס, אז דיאָמקע האָט איר פארשטיקט דעמ אָטעמ, אָבער זי האָט מיט א ווילדער שנעלקײַט געפאטשט מיט די פליגלענ. ווײַסע פוכ אונ פעדערנ האָבנ זיכ ווי שנייעלעכ גענומענ דרייענ איבערנ גאנעק. עס האָט זיכ געדוכט: נאָכ איינ רעגע, אונ דיאָמקע וועט בײַקומענ, וועט ארויסרײַסנ די האלב־לעבעדיקע גאנדז

פונ לאַפשיניכעס ביינערדיקע הענט, אָבער אינ דעם מאָמענט האָט דער ניט פעסטער גענדזענער האַלדז שטיל א קנאַק געטאָנ מיט די רוקנ־ביינדלעכ און זיכ אָפּגעריסנ. די לאַפשיניכע האָט פאַרדעקט מיטנ קלייד דעמ קאָפּ און אַראָפּגעגליטשט זיכ פונעמ גאַנעק, קנײַק־לענדיק זיכ פונ די טרעפּלעכ. דיאָמקע האָט פונ אומדערוואַרטקייט א געשריי געטאָנ, און בלויז מיטנ גענדזענעמ קאָפּ אינ דער האַנט איז ער אַנידערגעפאַלנ אפנ קוישל, וואָס איז געשטאַנענ הינטער אימ, אינ צעקוועטש די אויסגעזעסענע גענדזענע אייער. דער אויסברוכ פונ אנ הויכגעהערטנ געלעכטער האָט אָפּגעריסנ די אײַז-ליכטלעכ פונעמ דאַכ. לאַפשינאָוו האָט זיכ אויפגעשטעלט פונ דער ערד, אַרויפגעצויגנ דאָס היטל און מיט קאַס א צי געטאָנ פאַר דער האַנט זײַנ גאַווערדיקנ, צו אַלצ גלײַכגילטיקנ זונ, און קימאַט אינ געלאָפּ אימ אַרויסגעשלעפּט פונ הויפ. די לאַפשיניכע איז אויפגעשטאַנענ, שוואַרצ פונ קאַס אינ ווייטעק. אָפּטרייסלענדיק איר קליידל, האָט זי געוואָלט נעמענ די גאַנדז, וואָס האָט זיכ געצאַפּלט באַמ גאַנעק, אָבער דער געלער הונט, וואָס האָט זיכ געדרייט אַרומ גאַנעק, האָט דערזענ דאָס בלוט, וואָס איז געפלאָכטנ פונ דער גאַנדזס האַלדז, און איז פלוצעמ אויפגעשפּרונגענ, אָנגעשפּיצט די פעל אפנ רוקנ, און פונ אונטער לאַפשיניכעס נאָז האָט ער אַרויסגעכאַפּט די גאַנדז, זי געשלעפּט איבערנ הויפ בא א פײַפערײַ און „הוראַ” פונ די קינדער.

דיאָמקע האָט צוגעוואָרפנ לאַפשיניכענ דעמ גענדזענעמ קאָפּ, וואָס האָט נאָכ אַלצ געקוקט אפ דער וועלט מיטנ אפ אייביק איבעראַשטנ אָראַנזש־אויג, און איז אַוועק אינ שטוב. און לאַנג נאָכ איז געהאַנגענ איבערנ הויפ און געסל דער פילשטימיקער, אופרײַסנדיקער געלעכטער, וואָס האָט באַמרויִקט און געשראָקנ די פייגלעכ פונ דער קופּע טרוקענע צווײַגנ.

## קאַפּיטל 12

דאָס לעבנ אינ גרעמיאַטשי לאָג האָט זיכ קאַפּויר געשטעלט, ווי א קאַפּריזנער פערד פאַר א שווערער שטרויכלונג. די קאָזאַקנ פלעגנ זיכ באַטאָג צונויפזאַמלענ אינ די געסלעכ, אינ די הײַזער, זיכ קריגנ און אַמפּערנ זיכ וועגנ די קאָלווירטנ און אַרויסזאָגנ זייערע האַשאַרעס. פאַרזאַמלונגענ זײַנענ פאָרגעקומענ אינ פאַרלויפ פונ פיר טעג נאָכאַנאַנד, יעדנ אָוונט, און זיכ געצויגנ ביז האָנענקריי.

נאגולנאָוו איז די טעג געוואָרנ אזוי אויסגעמאַטערט, פונקט ווי ער וואָלט געלעגנ א לאנגע צייט אינ א שווערער קרענק. אָבער דאַווידאָוו איז ווי פריִער געווענ אויסערלעכ רויִק, בלויז טיפע אקשאָנעס-קנייטשנ האָבנ זיכ שארפער איינגעשניטנ איבער די ליפנ, אינ די זייטנ באקנ. אימ איז געלונגענ איינצופלאנצנ זיכערקייט אויכ אינ ראזמיאָטנאָוונ, וועלכער פלעגט געוויינלעכ לייכט אויפגעפלאמט ווערנ און פונקט אזוי לייכט ארייַנפאלנ אינ ניט קיינ בארעכטיקטער פאניק. אנדריי פלעגט גיינ איבערנ כוטער, באקוקנ די אלגעמיינע בעהיימעס-שטאלנ מיט א זיכער שמייכעלע, וואָס האָט געשפילט אינ זייַנע בייזלעכע אויגנ, צו ארקאשקע דעמ בייטער, וואָס האָט אָנגעפירט ביז די וואלנ פונ דער קאָלווירט-פארוואלטונג מיט דער קאָלווירטישער מאכט, פלעגט ער אָפט זאָגנ:

— מיר וועלנ זיי די הערנער אויסדרייענ! אלע וועלנ זייַנ אינ קאָלווירט.

דאַווידאָוו האָט געשיקט אינ ראַיקאָמ א רייטער מיט דער מיטיילונג וועגנ דעמ, אז אינעמ קאָלווירט זייַנענ דערווייל ארייַנגעצויגנ נאָר 32 פראָצענט, נאָר אז די ארבעט אפ ארייַנציִענ אינ קאָלווירט ווערט פארגעזעצט מיט שלאָגלערישע טעמפנ.

די ארויסגעזעצטע באלעגופימ האָבנ זיכ באזעצט בא זייערע קרויווימ אונ נאָענטע. פראָל דער געריסענער האָט אוועקגעשיקט טימאָפייענ גלייַכ אינ קרייַז-שטאָט צומ פראָקוראָר, ער אליינ האָט זיכ באזעצט בא זייַנ פרייַנט באָרשטשעוונ, דער זעלביקער, וואָס האָט אפ דער פארזאמלונג פונ דער אָרעמשאפט זיכ אָפגעזאָגט צו שטימענ. בא באָרשטשעוונ אינ דער ענגער שטוב פלעגט זיכ צונויפקלייַבנ דער באלעגופישער אקטיוו.

באטאָג, קעדיי צו באוואָרענענ זיכ פונ אונטערהערעניש אונ אונטערקוקעניש, פלעגנ זיי זיכ געוויינלעכ צונויפקומענ צו באָרשטשעוונ איינציקווייַז אונ צו צוויי. מיט די הינטערגערטענער, עס זאָל זיכ ניט וואַרפנ אינ די אויגנ אונ ניט צוציִענ די אויפמערקזאמקייט פונעמ ראט. עס פלעגט קומענ גאיִעוו האָוויד אונ דער דורכגעטריבענער פלוט לאפשינאָוו, וואָס איז נאָכנ אנטבאלעגופעווענ געוואָרנ זייער פרומ. אמאָל פלעגט קומענ יאקאָוו לוקיטש אָסטראָוונאָוו אנצוטאפנ אינ וואָגנ. צומ „שטאב" זייַנענ צוגעשטאנענ אויכ אייניקע מיטלפויערימ, וואָס זייַנענ אנטשיידנ געווענ קעגנ דעמ קאָלווירט, ניקאָליי ליושניא אונ אנדערע. אויסער באָרשטשעוונ זייַנענ צוויי אפילע געווענ

פונ דער אָרעמשאַפּט: איינער דער הויכער, אָנבּרעמענדיקער קאָזאַק אַטאַמאַנטשוקאָוו וואַסילי, א שטענדיקער שווײַגער, נאַקעט ווי אַנ איי. אַפּ ריינ אַרומגעשאָרנ און אָפּגעגאָלט, דער צווייטער — כּאַפּראָוו ני־קיטאַ, אַנ אַרטילעריסט פונ א גוואַרדיע־באַטאַריי, וואָס האָט געדינט צוזאַמענ מיט פּאָדטיעלקאָוונ. פונעם בירגערקריג האָט ער זיכ די גאַנ־צע צײַט אַרויסגעדרייט און איז דאָכ אַרײַנגעפאַלנ אינ 1919 יאָ־רינענ אינעם שטראָפּ־אָטריאַד פונעם קאַלמיק פּאָלקאָווניק אושטימאָוו. דאָס האָט באַשטימט כּאַפּראָווס ווייטערדיק לעבנ ביז דער ראַטנמאַכט. דרײַ מענטשנ אינ כוטער: יאַקאָוו אָסטראָוונאָוו מיטנ זונ און לאַפּשי־נאָוו דער עלטער האָבנ אים געזענ באַם צוריק־מאַרש אינ 1920 יאָר אינ קושטשעווקע אינ אשטימאָווס שטראָפּ־אָטריאַד מיט א ווײַס פּאַ־סיקל פונ א פּאָרכאָרונזשי אַפּ דער שליפע, זיי האָבנ געזענ, ווי ער מיט דרײַ קאָזאַקנ קאַלמיקנ האָבנ געטריבנ אַרעסטירטע אַרבעטער פונעם אײַזנבאַנ־דעפּאָ צו אַשטימאָוונ אַפּנ פּאַרהער... זיי האָבנ גע־זענ... וויפל געזונט האָט כּאַפּראָוו פּאַרלאָרנ נאָכ דעם, ווי ער האָט זיכ אומגעקערט פונ נאָוואָראָסיסק אינ גרעמיאַטשי לאָג און זיכ דער־וווּסט, אַז די אָסטראָוונאָווס און לאַפּשינאָוו זײַנענ גאַנצ געבליבנ? וויפל שרעק האָט איבערגעלעבט דער ברייט־ברוסטיקער גוואַרדיע־באַ־טאַרייעצ פּאַר די יאָרנ פונ שטרענגנ אָפּרעכענענ זיכ מיט דער קאָנטררעוואָלוציע? און ער, וואָס פלעגט באַם שמידנ אײַנהאַלטנ יעדער פערד פּאַר דער קאָפּיטע פונ דעם הינטערשטנ פוס, האָט גע־ציטערט, ווי א לעצט פּאַרפרוירנ העמבּבלעטל, ווענ ער פלעגט זיכ באַגעגענענ מיט ביטער־שמייכלענדיקנ לאַפּשינאָוונ. פאַר אים האָט ער זיכ געשראָקנ מער ווי פאַר אַלעמענ. ער פלעגט זיכ באַגעגענענ, און הייזעריק קוים באַוועגנ מיט די ליפּנ:

— זיידעניו, ברענג ניט אום א קאָזאַקישע נעשאָמע, גיב ניט אַרויס!

לאַפּשינאָוו פלעגט מיט געמאַכטער אופרעגונג אים באַרויקנ:

— וואָס רעדסטו, ניקיטאַ! גאָט איז מיט דיר! טראָג איכ דענ ניט קיינ צײַלעמ אַפּ מײַנ ברוסט? דער אויסלייזער האָט דאָכ אַזוי געלערנט: „האָב ראַכמאָנעס אַפּ דײַנ נאָענטנ, ווי אַפּ זיכ אַליינ". קלער אַפּילע ניט, איבּל ניט זאָגנ! שנײַד — וועט קיינ בלוט ניט גיינ. איכ ביג אַזא מענטש... אָבער אויכ דו העלפ, טאָמער וואָס... אַפּ א פּאַרזאַמלונג, טאָמער קעגנ מיר, אָדער די מאַכט וועט צוקוועטשנ... גיב א זאָג, אַפּ יעדנ פאַל... איינ האַנט וואַשט די צווייטע. אָבער

דער, וואָס הייבט אויף דעם שווערד, וועט פונעם שווערד אומקומען. אזוי דאָך? איך וואָלט דיך גאָר געוואָלט 'בעטן, זאָלסט מיר העלפן אופּאַסערן. אַ זון האָט מיר גאָט געגעבן אַ געראָטן פון זינען, ער איז גיט קיין הילף, און אַ מענטשן דינגען קאָסט טײַער.

יאָר אײַן יאָר אויס פלעגט ניקיטאַ כאַפּראָוו „אונטערהעלפן" לאַפּשינאָוון; פלעגט אומזיסט פאַר אים אַקערן, בראָנעווען, פלעגט רוקן אין לאַפּשינאָווס דרעש־מאַשין לאַפּשינאָווס ווייץ, אַרבעטנדיק אַלס דערלאַנגער. און דערנאָך פלעגט ער קומען אַהיים, זיך זעצן בײַם טיש, פלעגט באַהאַלטן אין זײַנע טשוהונענע הענט דאָס ברייטע גל, וואָנצענדיקע פּנים און קלערן: „ביז ווי לאַנג וועט זיך עס אזוי ציִען? איכל אים דערהאַרגענען!"

אַסטראָוונאָוו יאַקאָוו לוקיטש פלעגט זיך ניט טשעפּען, פלעגט גיט סטראַשען, ער האָט געוווּסט, אַז אויב ער וועט אים אַמאָל אײַנבעט טאָן, וועט כאַפּראָוו ניט נאָר אַ פּלעשל בראַנפן שטעלן, נאָר אפילע אַ גרעסערע זאַך ניט האָבן די האָזע אָפּצוזאָגן. און בראַנפן פלעגט טאַקע יאַקאָוו לוקיטש בײַ כאַפּראָוון טרינקען גאַנץ אָפט און שטענדיק באַדאַנקען: „אַ דאַנק פאַרן קיבעד".

„דערהווערג זיך מיטן בראַנפן!" — פלעגט כאַפּראָוו טראַכטן, מיט סינע צוגויפּדריקנדיק אונטערן טיש זײַנע האַלבפּודיקע געוויכטנפויסטן.

פּאָלאָווצעוו האָט זיך נאָך אַלץ אופגעהאַלטן בײַ יאַקאָוו לוקיטשן אין קליינעם זאַלקעלע, ווו עס האָט פריִער געוווינט די אַלטע אָסטראָווניכע. זי האָט זיך איבערגעפעקלט אויפן אויוון. און פּאָלאָווצעוו פלעגט אין איר אַלקערל רייכערן אַן אויפהער, ליגנדיק אָפּ דער קורצער לעזשאַנקע, און מיט די בראָנעסע אָדערדיקע פיס זיך אָנשפּאַרן אָן הייסן אייווועלע. באַנאַכט פלעגט ער אָפּט אַרומגיין איבערן שלאָפנדיקן הויז (קיין איין טיר פלעגט ניט סקריפּען — זיי זײַנען זאָרגזאַם געווען אויסגעשמירט מיט גענדזן־שמאַלץ), אַמאָל פלעגט ער אַרויסוואַרפן דאָס פּעלצל, אויסלעשן דאָס ציגאַרל און אווועק כאַפּן אַ קוק אָפן פערד, וואָס איז געשטאַנען באַהאַלטן אין מעקענע־שײַער. דאָס צוגעשמאַנענע פערד פלעגט אים באַגעגענען מיט אַ ציטערדיקן צוגעשטיקטן הירזשען, פונקט ווי עס וואָלט געוווּסט, אַז איצט איז ניט די צײַט אויסצודריקן זײַנע געפילן הויך אָפן קאָל. דער באַלעבאָס פלעגט עס גלעטן מיט די הענט, באַטאַפּן די גלענקען פון זײַנע פיס מיט די ניט בייגנדיקע אײַזערנע פינגער. איינמאָל, אין אַ

זייער פינצטערער נאַכט, האָט ער עס אַרויסגעפירט פונעם שײַער אונ איז אַוועקגעשפּרונגענ מיט דעמ אינ סטעפּ. געקומענ צוריק איז ער פאַרטאָג. דאָס פּערד איז געווענ נאַס, ווי אַרומגעוואַשנ מיט שווייס, האָט אָפּט געצויגנ מיט די זײַטנ אונ זיכ געטרייסלט פונ א שווערנ ניט אָפּטנ ציטער. אינדערפרי האָט פּאָלאָוועצעוו געזאָגט צו יאַקאָוונ לוקיטשנ:

— איכ בינ געווענ אינ מײַנ סטאַניצע. מע זוכט מיכ דאָרט... די קאָזאַקנ זײַנענ גרייט אונ וואַרטנ נאָר אַפ א באַפעל.

דאָס האָט ער געגעבנ די אייצע יאַקאָוו לוקיטשנ, ווענ ס'איז געווענ די צווייטע פאַרזאַמלונג פונ די גרעמיאַטשער וועגנ דעמ קאָלווירט, אַרויסצוטרעטנ מיט א רופ, מע זאָל אַרײַנטרעטנ אינ קאָלווירט. דאַווידאָוו איז געווענ עטוואָס דערפרייט פונ זײַנ קלוגער, זאַכלעכער רעדע אונ דערפונ, וואָס נאָכ די רייד פונ יאַקאָוו לוקיטש, וואָס האָט אינ כוטער געהאַט אויטאָריטעט, אונ נאָכ זײַנ מעלדונג, אַז ער טרעט אַרײַנ אינ קאָלווירט, איז טייקעפּ אָנגעקומענ איינ אונ דרײַסיק מעלדונגענ.

פײַנ האָט גערעדט יאַקאָוו לוקיטש וועגנ קאָלווירט. אונ אַפ מאָרגנ איז ער געגאַנגענ איבער די הויפנ אונ אַפ פּאָלאָוועצעווס געלט מעכאַבעד געווענ די זיכערע מיטלפּויערים, וואָס זײַנענ געווענ געשטימט קעגנ קאָלווירט. ער אַליינ האָט אויכ א ביסל אויסגעטרונקענ אונ גערעדט גאָר אַנדערש:

— ביסט א יאָלד, ברודער. איכ דאַרפ מער ווי דו זײַנ אינ קאָלווירט אונ טאָר ניט ריידנ קעגנ אים. איכ האָב געלעבט גוט, קאָנ מענ אַנטבאַלעגופּעווענ. אָבער דו, וואָס דאַרפסטו זיכ אַהינ רוקנ? האָסט קיינ יאָכ ניט געזענ? אינ קאָלווירט וועט מענ דיכ, ברודערל, אַזוי אײַנשפּאַנענ, אַז דו וועסט די וועלט ניט זענ! — אונ אָנגעהויבנ אינ דער שטיל דערציילנ דאָס אויסגעלערנטע אַפ אויסווייניק וועגנ דעמ קומענדיקנ אויפשטאַנד, וועגנ פאַרגעזעלשאַפטלעכנ די ווײַבער. אונ אויב דער צוהערער פלעגט זיכ אַרויסווײַזנ, אַז ער איז גרייט אַפ אַלצ פונ בייזקײַט, פלעגט ער אימ אײַנרייִדנ, אײַנבעטנ, סטראַשענ מיט נעקאָמע, וועגנ פונ אויסלאַנד וועלנ קומענ „אונדזערע“, אונ פלעגט זיכ ענדלעכ דערשלאָגנ זײַנס: ער פלעגט אַוועקגיינ, באַקומענדיק די אײַנשטימונג אַרײַנצוטרעטנ אינ „פאַריינ”.

אַלצ איז געגאַנגענ גוט אונ פײַנ. יאַקאָוו לוקיטש האָט ווערבירט אַרומ דרײַסיק קאָזאַקנ אונ שטרענג געוואָרנט, מע זאָל מיט קיינעמ ניט

ייִדנ וועגנ זייער אַרײַנטרעטנ אינ „פּאַריינ“, וועגנ זייער שמועס מיט אימ. אָבער איינמאָל, ווענ ער איז אַוועק פֿאַרענדיקנ אינ איינעמ אינ באַלעגופֿישנ שטאָב (אַפֿ די אַנטבאַלעגופֿעוועטע אונ אַפֿ די, וואָס האָבנ זיכ גרופּירט אַרומ זיי, איז בײַ אימ אונ בײַ פּאָלאָוועצווג געווענ אַ זיכערע האָפֿענונג, דערפֿאַר האָט מענ זיכ ניט געאײַלט זיי אַרײַנצוציִענ, — ס'איז געווענ ניט קיינ שווערע זאַכ), האָט זיכ דאָ צומ ערשטנ מאָל בײַ אימ באַקומענ אַ מײַסע... יאַקאָוו לוקיטש, אײַנגעקורטעט אינ פּערמענגע, איז געקומענ צו באָכשטשעוונ פֿאַרנאַכט. אינ דער קאַלטער שטוב האָט זיכ געהייצט דאָס אייוועלע. אַלע זײַנענ שוינ דאָ געווענ. דער באַלעבאָס — טימאָפֿיי באָרשטשעוו — איז געשטאַנענ אַפֿ די קני אונ גערוקט אינ אייוועלע קליינ־אָנגעבראָכענע צווײַגעלעכ. אַפֿ די בענק, אַפֿ די קירבעסנ, וואָס זײַנענ געלעגנ אָנגעוואָרפֿנ אינ ווינקל, אָנגעמאָלטע, ווי געאָרגי־סטענגעס, מיט אָראַנזשעווע אונ שוואַרצע פּאַסנ, איז געזעסנ פֿראָל דער גריסענער, לאַפּשינאָוו, נאַיעוו, ניקאָלײַ קאָשניא, אַטאַמאַנטשוקאָוו וואַסילי אונ דער באַטאַרייעצ כאָפּראָוו. מיטנ רוקנ צומ פֿענצטער איז געשטאַנענ דער נאַראָוואָס געקומענער פֿונ קרײַז טימאָפֿיי — פֿראָל דעמ גריסענעמס זונ. ער האָט דערציילט וועגנ דעמ, ווי שטרענג עס האָט אימ באַגעגנט דער פּראָקוראָר, ווי ער האָט געוואָלט אָנשטאָט צו באַטראַכטנ זײַנ אָנקלאָגע אימ אַרעסטירנ אונ אָפּשיקנ צוריק אינ ראַיאָנ, יאַקאָוו לוקיטש איז אַרײַנ, אונ טימאָפֿיי איז אַנשווײַגנ געוואָרנ, אָבער זײַנ פֿאָטער האָט אימ אונטערגעגעבנ מוט:

— דאָס איז אונדזערער אַ מענטש, טימאָשע! שרעק זיכ ניט פֿאַר אימ.

טימאָפֿיי האָט פֿאַרענדיקט דערציילנ, אונ גלאָצנדיק מיט די אויגנ, האָט ער געזאָגט:

— אַזאַ לעבנ, אַז אויב ס'וואָלט איצט געווענ אַ באַנדע, וואָלט איכ זיכ געזעצט אַפֿנ פֿערד אונ וואָלט אָנגעהויבנ לאָזנ בלוט בײַ די קאָמוניסטנ!

—אַ שווער לעבנ געוואָרנ, אַ שווערס... — האָט באַשטעטיקט אויכ יאַקאָוו לוקיטש — אונ דאָס, אויב עס וואָלט זיכ דערמיט געענדיקט, איז נאָכ אַ האַנק גאָט...

— וואָס נאָכ פֿאַר אַ צאָרעס קאָנ מענ וואַרטנ? — איז בייז געוואָרנ פֿראָל דער גריסענער. — דיכ האָט מענ ניט געטשעפּעט, איז דיר גוט, אונ מיכ הייבט שוינ אָנ דאָס ברויט צו עסנ. מיר האָבנ גע־

לעבט מיט דיר קימאט אלציינס באם קייסער, און אָט איצט ביסטו ווי אַנ אופגעלאָפּענער, און פונ מיר האָט מענ די לעצטע וואָליקעס אראָפּגענומענ.

— ניט וועגנ דעמ זאָג איכ, איכ האָב מוירע, עס זאָל זיכ עפּעס ניט אויסלאָזנ....

— וואָס־זשע?

— א מילכאָמע זאָל זיכ ניט!..

— גיב גאָט! כאָטשבי באלד! ווי סע שטייט אינ די הייליקע שריפטנ...

— מיט דרענגלעכ וואָלטנ מיר גענאנגענ, ווי די וועשענצער אינ 19־טנ יאָר!

— די אָרדערנ וואָלט איכ פונ לעבעדיקע געצויגנ, עכ, המ—מ—מ!..

אטאמאנטשוקאָוו, וואָס איז געווענ פּאראווונדעט אינ האלדז הינטער דער סטאניצע פּילאָנאָווסקאיא, האָט געריידט, ווי ער וואָלט אינ א פּאסטעכ־פּײַפּל געשפּילט, — פּאנפּעוואטע אונ דינ:

— דאָס פּאָלק איז ווילד געוואָרנ, מיט די ציינ וועט מענ רײַסנ!..

יאקאָוו לוקיטש האָט פּאראזיכטיק געגעבנ אָנצוהערעניש, אז אינ די שכײַנעסדיקע סטאניצעס איז ניט רויִק, אז קלוימערשט ערגעץ־וווּ לערנט מענ שוינ מיט די קאָמוניסטנ סייכל, אפּ א קאָזאקישנ אויפנ, ווי מע האָט אינ די אלטע צײַטנ געלערנט מיט די ניט געוווּנטשענע אטאמאנענ, וואָס פלעגנ זיכ צולאָזנ צו מאָסקווע. אונ געלערנט מיט זיי האָט מענ פּאָשעט — דעמ קאָפּ אינ א זאק אונ אינ וואסער. ער האָט גערעדט שטיל, געוויגנ אונ געמאָסטנ, באטראכטנדיק יעדעס וואָרט. פארבײַגייענדיק האָט ער באמערקט, אז אינ גאנצ צאָפּנ־קאווקאזער קאנט איז ניט רויִק, אז אינ די אונטערשטע סטאניצעס האָט מענ שוינ פארגעזעלשאפטלעכט די ווײַבער, אונ די קאָמוניסטנ שלאָפנ די ערשטע מיט די פרעמדע ווײַבער פאר אלעמענ אינ די אויגנ, אינ אז צו פרילינג ווארט מענ אפּ א דעסאנט. וועגנ דעמ, הייסט עס, האָט אימ געזאָגט א באקאנטער אָפיצער, מיט אימ פונ איינ פּאָלק, וואָס איז מיט א וואָכ צוריק דורכגעפאָרנ דורכ גרעמיאטשי, איינ זאכ נאָר האָט יאקאָוו לוקיטש באהאלטנ, אז דער דאָזיקער אָפיצער ליגט נאָכ ביז איצט באהאלטנ בײַ אימ.

ניקיטא כאָפּראָוו, וואָס האָט ביז דעמ די גאנצע צײַט געשוויגנ, האָט געפרעגט:

— יאקאָוו לוקיטש, זאָג נאָר אָט וואָס: נו גוט, מירנ מאכנ אנ

אופשטאַנד, מירנ דערהאַרגענענ אַלע קאָמוניסטנ, אונ דערנאָכ? מיט דער מיליציע וועלנ מיר זיכ ספּראַווענ, אָבער ווי איז, אַז פונ דער סטאַניצע וועט מענ אַ רוק טאָנ אַפ זאונדז אַרמייִשע טיילנ, דעמלט וואָס? ווער־זשע וועט אונדז קעגנ זיי פירנ? קיינ אָפיצערנ זײַנענ ניטאָ, מיר זײַנענ פינצטערע, לויט די שטערנ טרעפנ מיר דעם וועג... אָבער אינ אַ מילכאָמע גייענ די טיילנ ניט גלאַט אַזוי, זיי זוכנ די וועגנ אַפ די פלאַנענ, אינ די שטאַבנ מאָלט מענ קאַרטעס. הענט וועלנ מיר האָבנ אונ קיינ קאָפ ניט.

— אַ קאָפ וועט אויכ זײַנ! — האָט מיט היץ פאַרזיכערט יאַקאָוו לוקיטש. — אָפיצערנ וועלנ קומענ. זיי זײַנענ געלערנטער, אײדער די רויטע קאָמאַנדירנ. פונ די אַלטע יונקערס זײַנענ זיי געוואָרנ נאַטשאַלסטווע, זיי האָבנ אײדעלע וויסנשאַפטנ בײַגעקומענ. אונ בײַ די רויטע, וואָס פאַר אַ קאָמאַנדירנ זײַנענ פאַראַנ? אָט, לעמאָשל, אונדזער מאַקאַר נאַגולנאָוו? אַראָפהאַקנ אַ קאָפ — דאָס קאָנ ער, אָבער אַ מייע קענ ער דענ פירנ? קיינמאָל אינ לעבנ! ער קלײַבט זיכ עפעס שטאַרק פאַנאַנדער אינ די קאַרטעס?

— פונוואַנענ וועלנ זיכ די אָפיצערנ נעמענ?

— עס וועלנ זיי ווײַבער אָנפלאָדערנ! — איז יאַקאָוו לוקיטש בייז געוואָרנ. — נו, וואָס האָסטו זיכ, ניקיטאַ, צוגעטשעפעט צו מיר, ווי אַ בערעלע צו אַ שעפסנ־עק? „פונוואַנענ, פונוואַנענ“, איכ ווייס פונוואַנענ?

— פונ אויסלאַנד וועלנ זיי קומענ. אומבאַדינגט קומענ! — האָט פאַרזיכערט פראָל דער געריסענער אונ, פאַרשטעלנדיק זיכ דעם אופשטאַנד, די בלוטיקע זיסקײַט פונ נעקאָמע, האָט ער פונ פאַרגעניגנ אופגעבלאָזנ דעמ אײנציק־פאַרבליבענעמ נאָזלאָכ אונ מיט אַ כליופ אַרײַנגעצויגנ דורכ אימ די אָנגערויכערטע לופט.

כאָפראָוו איז אופגעשטאַנענ, מיטנ פוס אַ שטופ געטאָנ אַ קירבעס, אונ גלעטנדיק די געלע ברייטע וואָנצעס, האָט ער וואָגיק געזאָגט:

— עס איז טאַקע אַזוי... אָבער די קאָזאַקנ זײַנענ איצט געוואָרנ געלערנטע. מע האָט זיי צומ טויט געשלאָגנ פאַר מאַכנ אופשטאַנדנ. זיי וועלנ ניט גיינ. קובאַנ וועט ניט אונטערהאַלטנ....

יאַקאָוו לוקיטש האָט געשמייכלט אינ די גראָ ווערנדיקע וואָנצעס אונ געטײַנעט:

— זיי וועלנ גיינ, ווי איינ מענטש! אינ קובאַנ וועט אופפלאַקערנ מיט אַ פלאַקער... אינ געשלעג איז דאָכ אַלעמאָל אַזוי: איצט בינ איכ

פון אונטן און קוועטש מיט די לאַפּעטקעס די ערד, גיסט א קוק, אין א צייט אַרום, ליגן איך שוין פון אויבן אויף און פונט אזוי שטיק אוים.

— נייע, ברידערלעך, ווי איר ווילט, נאָר איך בין דערמיט ניט איינשטימיק, — האָט כאַפּראָוו גענומען רייזדן, קאַלט ווערנדיק פונעם צופּלוס אַנטשלאָסנקייט — איך וועל קעגן דער מאכט ניט גיין און איך האָב ניט אנדערע דאָס צו טאָן. און דו, יאַקאָוו לוקיטש, אומזיסט רייצסטו אונטער אַף אַזעלכע זאַכן... דער אָפיצער, וואָס האָט באַ דיר געגנעכטיקט, איז א פרעמדער, א פיינצטערער מענטש. ער וועט מוטנע מאַכן דאָס וואַסער און וועט זיך אוועקגיין, און מיר וועלן האָבן דאָס אויסבלעטשעגן. אויב אין אָט דער מילכאָמע האָבן זיי אונדז געשטויסן קעגן דער האָטנמאַכט. זיי האָבן אָנגעניים בענדלעך די קאַזאַקן אַף די שליפּעס, אָנגעבאַקן פון זיי פריש געבאַקענע אָפּיצערן, און אַליין זיינען זיי אַוועק אין הינטערלאַנד אין די שטאַבן, מיט די דינפּיסיקע פריילנס שפּאַצירן... געדענקסט, אַז ווען ס'איז געקומען צו באַצאָלן, ווער האָט פאַר די אַלגעמיינע זינד געצאָלט? אין נאָוואָראָסיסק האָבן די רויטע אין האַפן געהאַקט די קאַלמיקישע קעפּ, און די אָפיצערן און די אַנדערע איידעלע מענטשן זיינען אין דער זעלבער צייט געשוואומען אַף שיפן אין די פרעמדע וואַרעמע לענדער. די גאַנצע האָנער אַרמיי, ווי א סטאַדע שאָף, האָט זיך אָנגעזאַמלט אין נאָוואָראָסיסק, און די גענעראַלן?.. עכ! איך וואָלט נאָך אַגעוו געוואָלט א פרעג טאָן: דער האָזיקער „וווילגעבירטיקער“, וואָס האָט געגנעכטיקט, האָט וועט זיך איצט ניט באַ דיר? א פּאָר מאָל האָב איך באַמערקט, אַז דו טראָגסט א צעבער וואַסער אין מעקענע־שייער... צוליב וואָס, טראַכט איך, טראָגט עס יאַקאָוו לוקיטש אַהין־צו וואַסער, וועלכן טייוול פּויעט ער דאָרט? און דערנאָך האָב איך אַמאָל דערהערט, — א פערד הירזשעט. — כאַפּראָוו האָט מיט פאַרגעניגן געזען, ווי יאַקאָוו לוקיטשס פּאָנעם ווערט ווייס, ווי די גרויליקע וואָנצעס. עס איז געוואָרן אַן אַלגעמיינער טומל און א דערשראָקנקייט. א ווילדע פרייד האָט געשפּאַרט כאַפּראָווס ברוסט. ער האָט געוואָרפן די ווערטער, און אַליין, ווי פון דער זייט, ווי א פרעמדנס רעדע, האָט ער געהערט זיין שטים און האַנאָע געהאַט.

— קיין שום אָפיצער איז באַ מיר ניטאָ! — האָט פאַרשטיקט געזאָגט יאַקאָוו לוקיטש. — געהירזשעט האָט מיין שקאַפע, און קיין וואַסער האָב איך אין שייער ניט געטראָגן, עפּשער די פּאָמעניצע... א קנור שטייט דאָרט באַ אונדז...

— די שטימ פונ דײַנ שקאפּע קענ איכ, װעסט מיכ ניט אָפּנאַרנ, נאָר װאָס גײט עס מיכ אָנ? אָבער איג אַנער אײסעק בינ איכ ניט קײנ אָנטײלנעמער, אונ איר גײט, פּרװוט... — כאַפּראָװ האָט אָנגע־טאָנ די פּאַפּאַכע, אונ קוקנדיק אָנ א זײַט, איז ער אַװעק צו דער טיר. לאַפּשינאָװ האָט אימ פאַרשטעלט דעמ װעג. זײַנ גרויע באָרד האָט זיכ געטרײסלט, אונ מאָדנע בוקנדיק זיכ, פאַנאַנדערנעמענדיק די הענט, האָט ער געפרעגט:

— גײסט מאַסערנ? יודא? פאַרקויפסט זיכ? אונ אויב מע זאָל זאָגנ, אז דו ביסט געװענ אינ שטראָפ־אָטריאַד, מיט די קאַלמיקנ...

— הע, זײדע, בעבע ניט! — האָט מיט קאַלטבלוטיקער אויפגע־רײצטקײַט כאַפּראָװ גענומענ רײדנ, אויפהײבנדיק צו לאַפּשינאָװס באָרד זײַנ געגאָסענעמ פויסט. — איכ אלײנ װעל פריִער אָפּ זיכ מאַ־סערנ אינ אזוי װעל איכ זאָגנ: איכ בינ געװענ אינ שטראָפ־אָטריאַד, געװענ א פּאָדכאָרונזשי, מישפּעט מיכ, אָבער איר — זעט! אי דו, אַלטער הינטישער עק... אי דו... — כאַפּראָװ האָט געשטיקט, אינ זײַנ ברײטער ברוסט האָט געכריפּעט, װי אינ א שמידס בלאָזזאַק. — דו האָסט פונ מיר דאָס גאַנצע בלוט אויסגעזויגנ! כאָטש אײנ מאָל איבער דיר דאָס הארץ זיכ קילנ!

אָנ א פאַרמעסט האָט ער גלײַכ פונ אָרט א זעצ געטאָנ לאַפּשי־נאָװנ אינ דער צורע אונ איז ארויס, א קלאַפּ טוענדיק מיט דער טיר אינ גיט אומגעקוקט זיכ אפּנ אבידערגעפאַלענעמ אַלטנ באַמ שװעל. טימאָפּײ באַרשטשעװ האָט געבראַכט א לײַדיקנ עמער אונ לאַפּשי־נאָװ האָט זיכ געשטעלט איבער אימ אפּ די קני. שװאַרצ בלוט האָט א זעצ געטאָנ פונ זײַנע נאָזלעכער, פּונקט װי פונ א געעפנטנ אָדער. אינ דער פאַרלאָרענער שטילקײַט האָט זיכ נאָר געהערט, װי לאַפּשינאָװ כליפּעט אונ קריצט מיט די צײנ אונ װי עס טריפנ אינ עמער אַרײַנ ריטשקעלעכ בלוט, אראָפּרינענדיק פונ דער באָרד.

— איצט זײַנענ מיר פאַרפאַלנ, אַלע, װי אײנער! — האָט געזאָגט דער אָנטבאַלעגופּעטער גאַיעװ. אונ גלײַכ איז אופגעשפּרונגענ ניקאָלײַ ליושניא אונ, ניט געזעגנט זיכ, מיט אנ אָפּגערעקטנ קאָפּ, האָט ער זיכ געלאָזט גײנ פונ שטוב. נאָכ אימ איז רויִק ארויסגעגאַנגענ אטאַ־מאַנטשוקאָװ אונ דינ אונ הײזעריק געזאָגט פאַרנ אװעקגײנ:

— מע דאַרפ זיכ פאַנאַנדערגײנ: אפּ קײנ גוטס איז ניטאָ װאָס צו װאַרטנ.

עטלעכע מינוט איז יאַקאָװ לוקיטש געזעסנ שטיל־שװײַגנדיק. זײַנ

האַרץ איז אַזוי ווי געוואָרן אויפגעשוואָלן און זיך צוגעקײַקלט צום האַלדז. ס'איז שווער געוואָרן צו אָטעמען. דאָס בלוט האָט שנעל גע־קלאַפּט אין קאָפּ און זײַן שטערן איז באַגאָסן געוואָרן מיט אַ קאַלטן שוויס. ער איז אויפגעשטאַנען, ווען אַ סאַך זײַנען שוין אַוועקגעגאַנ־גען, מיט עקל איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום לאַפּשינאָוון, וואָס איז געשטאַנען אָנגעבויגן איבערן עמער, און שטיל געזאָגט צו טימאָפּיי דעם געריסענעם:

— קום מיט מיר, טימאָפּיי!

יענער האָט שווײַגנדיק אָנגעטאָן דאָס רעקל, דאָס היטל. זיי זײַנען אַרויס. אין כוטער האָבן זיך געלאָשן די לעצטע פײַערן.

— וווהין וועלן מיר גיין? — האָט טימאָפּיי געפרעגט.

— צו מיר.

— נאָך וואָס?

— וועסט זיך דערנאָך דערוויסן, לאָמיר צוײַלן.

יאַקאָוו לוקיטש איז אומעטום פאַרבײַגעגאַנגען פאַרבײַ דעם דאָרף ראַט. דאָרט איז קיין פײַער ניט געווען, פינצטער איז געווען אין די פענצטער. זיי זײַנען אַרײַן צו יאַקאָוו לוקיטשן אויפן הויף. לעבן גאַנעק האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אָנגענומען באַם אַרבל פון טימאָפּייס רעקל.

— וואַרט אַ ווײַלע דאָ. איך וועל דיך אַ רוף טאָן.

— גוט.

יאַקאָוו לוקיטש האָט אָנגעקלאַפּט. די שנור האָט אַרויסגענומען דעם פאַרוקער פון האָקן.

— דו, טאַטע?

— איך. — ער האָט פעסט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, איז ניט אַרײַן אין קיך און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פונעם אַלקערל. אַ הייזעריקע שטים האָט געפרעגט:

— ווער?

— דאָס בין איך, אַלעקסאַנדער אַניסימאָוויטש. מע קאָן?

— גיי אַרײַן.

פּאָלאָווצעוו איז געזעסן באַם טישל קעגן פענצטער, וואָס איז גע־ווען פאַרהאַנגען מיט אַ שוואַרצן שאַל, און עפּעס געשריבן. דעם פאַרשריבענעם בויגן האָט ער פאַרדעקט מיט זײַן ברייטער דלאָניע און אויסגעקערעוועט זײַן שטערנדיקן קאָפּ.

— נו, וואָס? ווי גייט עס?

— שלעכט... אַנ אומגליק!

— וואָס? זאָגט גיכער!.. — פּאָלאָוועצעוו איז אויפגעשפּרונגען. ארײַנגערוקט דעמ פאַרשריבענעמ בויגנ אינ קעשענע, געשווינד פאַרשפּיליעט דעמ קאָלנער פונ דער טאָלסטאָווקע. אָנגעגאָסנ מיט בלוט, א רויט געוואָרענער, האָט ער זיכ אָנגעבויגנ, גרייט ווי א גרויסע קוויב־כײַע א שפּרונג צו טאָנ.

יאַקאָוו לוקיטש האָט, איבערשלאָגנדיק זיכ אַליינ, אימ דערציילט וועגנ דאָס געשעענע. פּאָלאָוועצעוו האָט געהאָרכט אונ ניט ארויסגעזאָגט קיינ איינ וואָרט. פונ די טיפע אויגנ־לעכער האָבנ שווער אונ גלײַכ געקוקט אופ יאַקאָוו לוקיטשנ זײַנע בלוילעכע אייגעלעכ. ער האָט זיכ לאַנגזאַמ אויסגעגלײַכט, צונויפגעדריקט אונ געעפנט די פויסטנ, ענדלעכ האָט ער שרעקלעכ אויסגעקרימט זײַנע געגאָלטע ליפּנ אונ א שפּאַנ געטאָנ צו יאַקאָוו לוקיטשנ.

— מע־נו־וול! וואָס ווילסטו, אינ דײַנ מאַמענ, דו אַלטע פאַדלע, אומברענגענ מיכ! די גאַנצע זאַכ ווילסטו אומברענגענ? אופ א העלפט האָסטו זי שוינ אומגעבראַכט מיט דײַנ אומפּאָרזיכטיקײַט! ווי האָב איכ דיר באַפוילנ? ווי האָב איכ דיר באַפוילנ? מע האָט געדאַרפט אײַנציקווײַז אָנטאַפּנ פריִער די שטימונג בײַ ואַלעמענ! אונ די — ווי אַנ אָקס פונ פעלד!.. — זײַנ צוגעשטיקט, גרעבלעכ באָרכלענדיק שעפּטשענ האָט יאַקאָוו לוקיטשנ געמאַכט בלאַס, אונ אימ נאָכ מער ארײַנגעוואָרפנ אינ גרויסער שרעק אונ צעטומלטקײַט. — וואָס זאָל מענ איצט טאָנ? ער האָט שוינ איבערגעגעבנ, אָט דער כאָפּראָוו? הא? ניינ? ריידזשע, גרעמיאַטשער פלאָקנ? ניינ? ווהינ איז ער אוועק, צו האָסטו ניט נאָכגעשפּיוכט?

— ניינ... אַלעקסאַנדער אַניסימאָוויטש, אויסלייזער אונדזערער, מיר זײַנענ איצט פאַרפאַלנ! — יאַקאָוו לוקיטש האָט זיכ געכאַפּט פאַרנ קאָפּ. איבער זײַנ ברוינער באַק אופ דער גראָער וואָנצע האָט קיצלענדיק זיכ אַראָפּגעקײַקלט א טרערעלע. אָבער פּאָלאָוועצעוו האָט נאָר מיט די ציינ א קריצ געטאָנ.

— דו! ווײַבערשע... מע דאַרפ טאָנ, אונ ניט... דײַנ זונ איז אינ דער היימ?

— איכ ווייס ניט... איכ האָב געבראַכט מיט זיכ א מענטשנ.

— אַוועלכנ?

— פראָל דעמ געריסענעמס זונ.

— אהא. נאָכ וואָס האָסטו אימ געבראַכט?

זיי האבנ זיכ באגעגנט מיט די אויגנ, איינער דעמ אנדערנ פארשטאנענ אנ ווערטער. יאקאוו לוקיטש האט דער ערשטער אפגעפערט די אויגנ. אפ פאלאוועצעווס פראגע „צי איז ער א זיכערער באכער?” האט ער נאר שווייגנדיק א שאקל געטאנ מיטנ קאפ. פאלאוועצעוו האט א צערייצטער אראפגעריסנ פונ טשוואק זיינ פעלצל, ארויסגענומענ פונ אונטערנ קישנ דעמ ערשט אויסגערייניקטנ נאגאנ, א דריי געטאנ דעמ צילינדער, אונ אינ די לייכטנדיקע נעסט־לעכער האט א בליאסק געטאנ דער ניקל פונ די קוילנ־קעפלעכ, ארײנגעדריקטע אינ די הילדזנ.

פאלאוועצעוו האט פארשפיליעט דאס פעלצל אונ דיטלעכ, ווי אינ שלאכט, א קאמאנדעווע געטאנ:

— נעמ די האק. פיר מיטנ סאמע קירצסטנ וועג. וויפל מינוט גאנג?

— דא ניט ווייט, א הויפנ אכט...

— זיינ פאמיליע?

— בלויז א ווייב.

— שכייניִמ זיינענ נאענט?

— פונ איינ זייט א שפייכלער, פונ דער צווייטער זייט א סאד.

— דער דארפראט ?

— צו אימ איז ווייט...

— געגאנגענ!

ווענ יאקאוו לוקיטש איז אוועק נאכ דער האק, האט פאלאוועצעוו מיט דער לינקער האנט צונויפגעדריקט טימאפייס עלנבויגנ אונ ניט הויכ געזאגט:

— אנ דערוואַרטונגען מיכ פאלגנ! מירנ קומענ אהינ, זאלסטו באכערל, ענדערנ דיינ שטימ אונ זאגנ, אז דו ביסט דער דעזשורנער פונ דארפראט, אז דו האסט פאר אימ א פאפירל. מע דארפ, ער זאל אליינ עפענענ די טיר.

— זעט, כאווער, ווי הייסט איר... איכ בינ ניט באקאנט מיט אייכ... דער דאזיקער כאפראוו איז שטארק ווי אנ אקס, ער, אויב איר וועט ניט טרעפנ, קאנ אזוי א טונק טאנ מיטנ בלויזנ פויסט, אז..! — האט זיכ טימאפיי גוטברודעריש צערעדט.

— שווייג! — האט אימ פאלאוועצעוו איבערגעריסנ אונ אויסגעשטרעקט די האנט צו יאקאוו לוקיטשנ. — גיב אקארשט אהער. פיר. דאס אשבוימ־הענטל פונ דער האק, אנגעווארעמט אונ נאס פונ

יאקאָוו לוקיטשס האַנט, האָט ער ארונטערגערוקט אונטערן פּעלצל הינטער דעם הויזן־רימען און אויפגעשטעלט דעם קאָלנער.

איבערן געסל זיינען זיי געגאַנגען שווייגנדיק. אין פּאַרגלייך מיט פּאָלאָווצעוום פּעסטער, גרויסער פיגור האָט טימאָפּיי אויסגעזען, ווי א יינגלינג. ער איז געגאַנגען אין דער ריי מיטן שפּאַנענדיקן יעסאַול און ניי‌געריק ארייַנגעקוקט אים אין פּאָנעם. אָבער די פינצטערניש און דער אויפגעשטעלטער קאָלנער האָבן געשטערט. איבערן פּאַרקאַן זיינען זיי אריבערגעקראָכן צום שייער.

— גיי נאָך מיר אין טראָט, עס זאָל איין שפּור זיין — האָט פּאָלאָווצעוו באַפוילן אינדערשטיל.

איבערן ניט געריירטן שניי זיינען זיי געגאַנגען מיט וועלפישע טריט, איינער הינטערן אַנדערן. באַם פּערטל אין הויף ארייַן האָט יאקאָוו לוקיטש צוגעדריקט די האַנט צו דער לינקער זייט און פּארו־מערט א שעפּטשע געטאָן:

— גאָט...

פּאָלאָווצעוו האָט אָנגעוויזן אויף דער טיר.

— קלאַפּ!.. — האָט טימאָפּיי פון זיינע ליפּן גיכער פּאַרשטאַ־נען, ווי דערהערט. ער האָט שטיל א קלאַפּ געטאָן מיטן פּאַרוקער און באַלד דערהערט, ווי אויפגערייצט עס שקראָבען און רייַסן די העקלעך פונעם פּעלצל די פינגער פונעם פּרעמדן מענטשן אין דער ווייסער פּאַפּאַכע, וואָס איז געשטאַנען רעכטס פון דער טיר. טימאָפּיי האָט נאָכאַמאָל א קלאַפּ געטאָן. מיט שרעק האָט יאקאָוו לוקיטש געקוקט אויפן הינטל, וואָס איז ארויסגעקראָכן פון אונטערן בוקער, וואָס איז געשטאַנען אויפן הויף. אָבער דאָס אָנגעדראָלענע הינטל האָט שטיל א סקאָוויטשע געטאָן, איז זיך געלאָזט צום געדעקטן מיט אָטשערעט קעלער.



כאָפּראָוו איז געקומען אהיים אין שווערע געדאַנקען, בייסן גיין האָט ער זיך עטוואָס באַרויִקט. דאָס ווייב האָט אים דערלאַנגט וועטשערע.

ער האָט געגעסן אָן כיישעק און טרויעריק געזאָגט:

— איך וואָלט איצט, מאַריע, א געזייערטן קאַוון געגעסן.

— נאָך א טרונק ביסטו, צי וואָס? — האָט זי געשמייכלט.

— ניין, איך האָב היינט ניט געטרונקען. מאָרגן, מאַשוטקע, וועל

איך מעלדן דער מאכט, אז איך בין געווען בא די שטראָפּער. איך האָב קיין קויעך ניט ווײַטער אַזוי צו לעבן.

— אָכ, צוגעטראַכט! ביסט עפּעס הײַנט ווי א צעדרייטער. איך פארשטיי ניט.

ניקיטא האָט געשמייכלט, געדרייט די ברייטע געלע וואָנצע, און זיך לייגנדיק שלאָפן, האָט ער ווידער ערנסט געזאָגט:

— גרייט מיר צו סוכארעס, אָדער געבעקס אפן וועג באַק אוים. איך גיין אָפּזיצן.

און איז דערנאָך לאנג געלעגן מיט אָפענע אויגן, ניט געהערט דעם ווײַבס אײַנטײַנען מיט אים און געטראַכט: „איך וועל וועגן זיך מעלדן און וועגן אָסטראָוונאָוונ, זאָל מען אויך זיי, די טײַוואָלאָנים, ארײַנזעצן! וואָס קאָן מיט אים זײַן? מע וועט דאָך ניט שיסן? איך אָפּזיצן א דרײַ יאָר, אפּ אוראל האָלצ האקן און וועל פון דאָרטן ארויס א ריינער. קיינער וועט מיר שוין דעמאָלט ניט אויפוואַרפן מײַן פארגאנגענהײַט. אפּ קיינעם וועל איך שוין פאר מײַן זינד ניט דאַרפן ארבעטן. כ'וועל דערציילן דעם עמעס, ווי איך בין צו אשטימאָווונג ארײַנגעפאלן. אזוי מאַקע וועל איך זאָגן: „אזוי און אזוי, איך האָב זיך געראַטעוועט פונעם פראָנט, ווער האָט עס בייזשעק אונטערגע־שטעלן דעם שטערן אונטער קוילן". זאָל מען מיך מישפּעטן, פאר אלטע זינד וועט מען ווייבער באשטראָפן. אלץ וועל איך דערציילן! קיין מענטשן האָב איך אליין ניט געשאָסן, נו, און וואָס איז שײַעך שמיצ... נו, שמיצ האָב איך ארײַנגעהאקט אי די קאָזאקן־דעזערטירן אי עמעצן פאר באָלשעוויזמ... דעמאָלט בין איך פינצטערער ווי די נאכט געווען, ניט געוווּסט, וואָס און ווּהין".

ער איז אנשלאָפן געוואָרן. אײַנגיכן האָט אים פונעם ערשטן שלאָף אויפגעריסן א קלאַפּ. ער איז געלעגן. „ווּעמען האָט עס געקאָנט אָנ־שפּארן?" דער קלאַפּ האָט זיך איבערגעכאַזערט. ניקיטא האָט מיט פארדראָס גענומען אופשטיין, געוואָלט אָנצינדן דעם לאָמפּ, נאָר מאַ־ריע האָט זיך אויפגעכאַפּט און גענומען שעפּטשען:

— שוין ווײַטער אפּ א פארזאמלונג? צינד ניט אָן. ניט באַטאָג, ניט באנאכט לאָזט מען ניט צורו... זיי זײַנען מעשוגע געוואָרן די פארפלוכטע!

ניקיטא איז באַרוועסערהײַט ארויס אין פירהויז.

— ווער איז?

— דאָס בין איך, פעטערל ניקיטא, פון ראַט.

עפּעס ענלעכעס אפ אומרו, א סימענ פונ צעטראָגנקייט האָט ניקי־טא דערשפּירט אונ געפרעגט:

— ווער איז עס? וואָס האָרפּסטו?

— דאָס בינ איכ, קוזשענקאָוו ניקאָלײַ. א פּאַפּירל פונ פּאָרוציצער צו דיר, געהייסנ באַלד גיינ אינ חאָט.

— רוק ארײַנ אונטער דער טיר.

... א סעקונדע שטיל פונ יענער זײַט טיר... א גרויזאַמער אונ־טערטרײַבנדיקער בליק פונ אונטער דער ווײַסער פּאַפּאַכע, אונ טי־מאָפיי, וואָס האָט זיכ אפ א ווײַלע פארלאָרנ, געפינט אנ אויסוועג:

— מע דארפ זיכ אונטערשרײַבנ אפנ פּאַפּירל, יעפנ.

ער הערט ווי כאַפּראָוו טרעט מיט אומגעדולד אונ שארקעט איבער דער ערד־פּאָדלאָגע פונעמ פירהויז מיט די באָרוועסע פיס. ס׳האָט א קלאַפּ געטאָנ דער טיר־פּארוקער, אינעמ טיר־קוואדראט באַווײַזט זיכ אפנ טונקעלנ פאָנ כאַפּראָווס ווײַסע פיגור. אינ דער רעגע שטעלט פּאַלאָווצעוו ארופ זײַנ לינקנ פוס אפנ שוועל, צעפּאַכעט זיכ מיט דער האַק אונ דערלאַנגט א זעצ מיט דער לינקער זײַט האַק איבער כאַפּראָווס שטערנ.

ווי אנ אָקס בארנ קוילענ, פארטייבט פונעמ זעצ מיטנ האַמער, איז ניקיטא אומגעפאלנ אפ די קני אונ ווייכ זיכ געלייגט אפנ רוקנ.

— ארײַנגיינ! די טיר פארשפּארנ! — גיט אָפּ פּאָלאָווצעוו ניט הויכ די קאָמאַנדע. ער טאַפּט אָנ דאָס טיר־הענטל, אונ ניט ארויס־לאָזנדיק פונ דער האַנט די האַק, עפנט ער די טיר אינ שטוב ארײַנ. פונעמ ווינקל, פונ בעט הערט זיכ אנ אומרויִקע ווײַבערשע שטימ:

— שוינ־זשע האָסטו עפּעס איבערגעקערט?.. ווער איז דאָרט, ני־קיטושקא?

פּאָלאָווצעוו וואַרפט אוועק די האַק אונ מיט אויסגעשטרעקטע הענט וואַרפט ער זיכ צומ בעט.

— אוי, מענטשנ!.. ווער איז?.. קאַר...

טימאָפיי שלאָגט זיכ אָפּ אָנ אויבערשוועל אונ לויפט ארײַנ אינ שטוב. ער הערט א כריפּעניש אונ א געראַנגל אינ ווינקל. פּאָלאָווצעוו איז ארופגעפאלנ אפ דער פרוי, מיטנ קישנ צוגעדריקט איר פּאָנעמ אונ דרייט, בינדט מיט א האַנטעכ אירע הענט. זײַנע עלנבויגנ גליטשנ זיכ איבער די שיטערע, ווייכע בריסט פונ דער פרוי, אונטער אימ בייגט זיכ עלאַסטיש איר ברוסט־קאַסטנ. ער פילט די וואַרעמ־קײַט פונ איר קרעפטיקנ לײַב, וואָס וואַרפט זיכ מיט אָנשטרענגונג

צו באַפרײַענ זיכ, דאָס שנעלע קלאַפנ פונ איר האַרצ, ווי בא א געפאַנגענעמ פויגל. פלוצלינג און בלויז אפ א רעגע פלאַקערט בא אימ אופ, ווי עס וואָלט אָפבריִענ, א שאַרפער פאַרלאַנג, נאָר ער רעוועט, מיט ווּוט רוקט ער אַרונטער זײַנ האַנט אונטערנ קישנ און ווי בא א פערד רײַסט ער אופ דאָס מויל בא הער פרוי. אונטער זײַנע צונויפגעקאָרטשעטע פינגער גיט זיכ ווי גומי אונטער און קריכט ווייכ די צעריסענע ליפ, זײַנ פינגער איז אינ ווארעמ בלוט, אָבער די פרוי שרײַט שוינ ניט פאַרשטיקט און צעצויגנ: אינ איר מויל ביזנ סאַמע שלונג האָט ער אָנגעשטאָפט א צונויפגעקנייטשט קליידל.

פאַלאָווצעוו לאָזט איבער לעבנ דער געבונדענער באַלעבאָסטע טימאָפייענ און אליינ גייט ער אינ פירהויז. אָטעמט מיט א כריפ, ווי א סאַפּקראַנקער פערד.

— א שוועבעלע!

יאקאָוו לוקיטש ציטערט אָנ. באַמ קאַרגנ שײַנ בייגט זיכ פאַלאָווצעוו אָנ צומ געפאַלענעמ כאָפראָוונ. דער באַטאַרייעצ ליגט אונטערגעבויגנ די פיס, צוגעדריקט מיט דער באַק צו דער ערד־פאָדלאָגע. ער אָטעמט, זײַנ ברייטע, אויסגעבויגענע ברוסט הייבט זיכ ניט גלײַכמעסיק, און באַמ אַרויסאָטעמענ לאָזט זיכ יעדעס מאָל אַראָפ זײַנ געלע וואָנצע אינ א רויט ריטשקעלע. דאָס שוועבעלע לעשט זיכ. פאַלאָווצעוו טאַפט אָנ אינ דער פינצטער אפ כאָפראָווס שטערנ קאָם אָרט פונעמ קלאַפ. אונטער זײַנע פינגער פילט ער דעמ צעשמעטערטנ ביינ. א געשווילעכצ דעקט צו דעמ ברעמ פונעמ לינקנ אויג.

— באַפרײַט מיכ... אפ בלוט איז מײַנ האַרצ א שוואַכס... — שושקעט יאקאָוו לוקיטש. עס וואַרפט אימ אינ קאַדאָכעס, די פיס בייגנ זיכ אונטער, נאָר פאַלאָווצעוו ענטפערט ניט און באַפוילט:

— ברענגט די האַק. זי איז דאָרט לעבנ בעט. און וואַסער.

דאָס וואַסער קערט אומ כאָפראָוונ צומ באַוווּסטזײַנ. פאַלאָווצעוו דריקט אימ מיטנ קני די ברוסט, און שעפטשעט:

— האָסט געמאַסערט, פאַרעטער, זאָג! איי, דו, א שוועבעלע!

דאָס שוועבעלע באַלײַכט ווידער אפ א פאָר סעקונדעס כאָפראָווס פאָנעמ, זײַנ האַלב אָפנ אויג. יאקאָוו לוקיטשס האַנט ציטערט, עס ציטערט אויכ דאָס קליינע פייערל. אינ פירהויז, איבער די אַראָפגעהאַנגענע אָטשערעט־בעזעמלעכ פונעמ דאַכ שפרינגענ געלע בליקנ. דאָס שוועבעלע דערברענט, ברענט אָפ יאקאָוו לוקיטשס נעגל, אָבער ער פילט ניט קיינ ווייטעק. פאַלאָווצעוו כאַזערט צוויי מאָל איבער זײַנ

פראגע, דערנאָכ הייבט ער אָנ ברעכנ כאַפראָווס פינגער. יענער קרעכצט אונ פלוצעמ לייגט ער זיכ אַפנ בויכ, לאַנגזאַמ אונ שווער שטעלט ער זיכ אַפ אַלע פיר אונ שטייט אוּפ. פּאָלאָווצעוו קרעכצט פונ אָנשטרענגונג אונ פרווט אימ ווידער איבערקערנ אַפנ רוקנ, אָבער דער בערישער קויעכ פונעמ באַטאַרייעצ העלפט אימ זיכ שטעלנ אַפ די פיס. מיט דער לינקער האַנט כאַפט ער יאַקאָוו לוקיטשנ פאַרנ גאָרגל, מיט דער רעכטער כאַפט ער אַרומ פּאָלאָווצעווס האַלדז. יענער ציט אַרײַנ דעמ קאָפ אינ די פלייצעס, באַהאַלט דעמ גאָרגל, צו וועלכנ עס ציִענ זיכ כאַפראָווס קאַלטע פינגער, ער שרײַט:

— פײַער!.. פאַרשאָלטנ זאָלסטו ווערנ! פײַער זאָגט מענ דאָכ! — ער קאָנ אינ דער פינצטער ניט געפינענ מיט די הענט די האַק.

טימאָפיי רוקט זיכ אַרויס פונ דער קיכ אונ פליסטערט אינ דער הויכ:

— היי, איר! אונטערנ לעפעלע דערלאַנגט אימ... אונטערנ לעפעלע מיט דער האַק, מיטנ שאַרפ, דעמלט וועט ער זאָגנ!

די האַק איז בײַ פּאָלאָווצעוונ אינ די הענט; מיט גרויס אָנשטרענגונג רײַסט ער זיכ אַרויס פונ כאַפראָווס אָרעמס אונ דערלאַנגט אימ שוינ מיטנ שאַרפ פונ דער האַק איינ מאָל אונ נאָכ אַ מאָל. כאַפראָוו פאַלט אונ באַמ פאַלנ קלאַפט ער זיכ מיטנ קאָפ אָנ באַנק. פונעמ באַנק פאַלט אַראָפ דער עמער. דער טראַסק פונעמ עמערס פאַלנ איז ווי אַ שאָס. פּאָלאָווצעוו קריצט מיט די ציינ אונ פאַרענדיקט מיטנ געפאַלענעמ; מיט דער פּוס טאַפט ער אָנ זײַנ קאָפ. האַקט מיט דער האַק אונ הערט, ווי דאָס בלוט פליסט אונ בולקעט פרײַ. דערנאָכ שטופט ער מיט גוואַלד אַרײַנ יאַקאָוו לוקיטשנ אינ שטוב, פאַרמאַכט הינטער זיכ די טיר, אונ רעדט ניט הויכ:

— דו, אַ רוּעכ אינ דײַנ מאַמענ... יאָרער! האַלט צו די פרייע האַרנ קאָפ, מיר דאַרפנ זיכ דערוויסנ, צי האָט ער באַוויזנ צו מעלדנ, אָדער ניט? דו, באָבער, דריק איר צו די פיס!

פּאָלאָווצעוו האָט זיכ מיט דער ברוסט אָנגעלייגט אַפ דער געבונדענער פרוי. פונ אימ טראָגט אַ בײַסיקער רייעכ פונ שווייס. ער פרעגט, באַזונדער אַרויסריידנדיק יעדעס וואָרט:

— דער מאַנ איז נאָכ זײַנ קומענ אינאָוונט געגאַנגענ אינ ראַט, אָדער נאָכ ערגעצוווּ?

אינעמ האַלבטונקל פונ דער שטוב זעט ער אויגנ מעשוגע געוואָרענע פונ שרעק, אויסגעשוואָלענע פונ ניט אויסגעוויינטע טרערנ, אַ

פּאָנעמ פארשווארצט פונעמ שטיקנ, אימ ווערט ניט נוט, עס ווילט זיכ דאָס גיכער אוועקגיינ פונדאנענ, אפ דער לופט... מיט בייזקײַט, מיט עקל דריקט ער איר מיט די פינגער הינטער די אויערנ. פונעמ מע־שונעדיקנ ווייטעק וואַרפט זי זיכ, אונ אפ א קורצער צײַט פארלירט זי דעמ באוווּסטזײַנ. דערנאָכ, ווענ זי קומט צו זיכ, שטויסט זי פלוצעמ ארויס מיטנ צונג א הייס קנוילעכל שפּײַעכץ... אָבער זי שרײַט ניט, נאָר מיט א פארכלינעטנ הריבנעמ פליסטערנ בעט זי זיכ:

— טײַערינקע!.. טײַערינקע, האָט ראכמאָנעס! אלצ וועל איכ זאָגנ! — זי דערקענט יאקאָוו לוקיטשנ, ער איז דאָכ איר טויפ־פאָ־טער, ומיט אימ האָט זי מיט זיבנ יאָר צוריק געטויפט איר שוועס־טערס זונ, אונ שווער, ווי א שטאמלערנ, באוועגט זי מיט די צעקריפל־טע צעריסענע ליפּנ:

— פאָטערל!.. טײַערער!.. פארוואָס?..

פּאָלאָווצעוו פארדעקט מיט שרעק איר מויל מיט זײַנ ברייטער דלאָניע. זי פרווּט זיכ נאָכ אינ האָפענונג אפ ראכמאָנעס קושנ די דאָזיקע דלאָניע מיט אירע פארבלוטיקטע ליפּנ. זי וויל לעבנ! ס׳איז איר שרעקלעכ!

— דער מאנ איז ערגעצ געגאנגענ, אָדער ניט?

זי שאָקלט מיטנ קאָפּ אפ ניינ. יאקאָוו לוקיטש כאפּט זיכ פאר פּאָלאָווצעווס הענט:

— אײַער... אײַער... קסאנ אניסימיטש!.. רירט זי ניט... מירנ זי אָנשרעקנ, וועט זי ניט זאָגנ!.. איכ לעבנ וועט זי ניט זאָגנ!..

פּאָלאָווצעוו שטופּט אימ אָפּ. דאָס ערשטע מאָל אינ די דאָזיקע שווערע מינוטנ ווישט ער אויס מיט דער לינקער זײַט האנט דאָס פּאָנעמ אונ טראכט: „אפ מאָרגנ וועט זי אויסזאָגנ! אָבער זי איז א פרוי, א קאָזאטשקע, פאר מיר, אינ אָפּיצער, איז א כארפּע... צומ טײַוול!.. פארמאכנ איר די אויגנ, זי זאָל דאָס לעצטע ניט זענ...״

ער פארקאשערט איר אפנ קאָפּ דעמ ברעג פונ דער לײַוונטענער אונטערהעמד, אפ א סעקונדע שטעלט ער אָפּ זײַנ בליק אפנ פּײַנעמ לײַב פונ דער דאָזיקער ניט געשוואנגערטער דרײַסיקיאָריקער פרוי. זי ליגט אפ א זײַט, אונטערגעבויגנ א פוס, ווי א גרויסער, ווײַסער אונטערגעשאָסענער פויגל... פּאָלאָווצעוו זעט פלוצעמ אינעמ האלב־טונקל: דער צווישנברוסט, דער ברוינער בויכ פונ דער פרוי הייבנ אָנ גלאנצנ אונ ווערנ שנעל באדעקט מיט שווייס. „זי האָט פאר־

שטאַנענ. זי האָט פאַרשטאַנענ, צוליבן וואָס איך האָב איר דעם קאָפּ פאַרדרעקט. צום טײַוול!..״ פּאָלאָווצעוו האָט זיך צעפּאָכעט און אַראָפּ־געלאָזן דעם שאַרף פונ דער האַק אויפנ העמד, וואָס האָט פאַרדרעקט דאָס פּאַנעם.

יאַקאָוו לוקיטש פילט פלוצעם, ווי אַ לאַנגלעכער קראַמפּ האָט אַ ציִ געטאָן דעם קערפּער פונ זײַנ קרוּווע. אינ די נאָזלעכער האָט אים אַרײַנגעפּלייצט דער זיסלעכער גערוך פונ פרישנ בלוט... וואַקלענדיק זיך, איז ער צוגעגאַנגענ צום אייוועלע, אַ שרעקלעכע מייקעניש האָט אים אָפּגעטרייסלט און מיט פּײַנ איבערגעקערט זײַנע אינגעווייד.

אויפנ גאַנעק האָט פּאָלאָווצעוו ווי שיכּור זיך אַ וואַקל געטאָנ, מיט די ליפּנ איז ער צוגעפאַלנ און גענומענ כאַפּנ פונ דער פּאַרענטשע דעם אָנגעפאַלענעם פרישנ און פּוכיקנ שניי. וויי זײַנענ אַרויס דורכנ פּערטל. טימאָפּיי דער גריסענער איז אָפּגעשטאַנענ, אַרומגערינגלט אַ קוואַרטל און איז אַוועק צו דער זינגענדיקער שטימ פונ אַ האַרמאָניק, וואָס האָט זיך געטראָגנ פונ דער שול. לעבנ דער שול גייט אַ שפּיל. טימאָפּיי האָט קנײַפּנדיק די מיידלעך זיך אַרײַנגעקליבנ אינמיטנ קרײַז און גע־בעטנ באַם האַרמאָניסט דעם האַרמאָניק.

— טימאָשאַ! שפּיל אונדז אויס אַ ציגײַנערישס מיט טרעלערלעך האָט איינע אַ מיידל געבעטנ.

טימאָפּיי האָט געהאַט גענומענ דעם האַרמאָניק און אים אַרויס־געלאָזט פונ די הענט. שטיל זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און ווידער אויס־געשטרעקט די האַנט און ווידער אַרויסגעלאָזט פונ די הענט, ניט באַ־ווײַזנדיק אַרופצוּוואַרפנ אויפנ לינקנ אַקסל דעם רימענ. די פינ־גער האָבנ אים ניט געפאָלגט. ער האָט מיט זיי אַ מאַך געטאָנ, זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און אָפּגעגעבנ דעם האַרמאָניק.

— זיך שוינ אָנגעזשליאָקעט ערגעצ!

— דאָס רעקל שוינ פאַרמייקעט! פּײַנ!..

די מיידלעך האָבנ זיך אָפּגערוקט פונ טימאָפּייענ. דער באַלעבאָס פונעם האַרמאָניק האָט אומצופרידנ אַראָפּגעבלאָזנ פונ די האַרמאָניק־פאַלדנ דעם שניי און ניט זיכער גענומענ שפּילנ די „ציגאַנאָטשקע״. אוליאַנע אַבוואַטקינע, די כאַמע געוויקסיקע פונ די מיידלעך, „געמאַכט ווי פאַר אַ גוואַרדייעצ״, ווי מע האָט איר כוטער זי גערופנ, איז אַוועק אַ טאַנצ; צוגעסקריפּעט מיט די נידעריקע קנאַפּל פונ די טשיריקעס און אויסגעבויגנ, ווי אַ קאַראָמיסלע די הענט. „מע דאַרפ דאָ זיצנ ביז טאָג, — האָט ווי וועגנ אַ זײַטיקער זאַך געטראַכט טימאָפּיי, —

דאנ וועט קיינער אינ פאל פונ אנ אויספארשונג זיכ ניט אונטערגראבנ". ער איז אופגעשטאנענ, אונ שוינ באוווסטזיניק נאכמאכנדיק די באוועגונגענ פונ א שיקערנ, איז ער וואקלענדיק צוגעגאנגענ צומ מיידל, וואס איז געזעסנ אפנ שוועל פונ דער שול אונ אוועקגעלייגט דעמ קאפ אפ אירע ווארעמע קני:

— לויז מיכ, ליבינקע!..



יאקאוו לוקיטש, אנ אויסגעמייקעטער, א גרינער ווי א קרויטבלאט, ווי נאר ער איז ארײַנ אינ שטוב, איז ער אנידערגעפאלנ אפנ בעט אונ דעמ קאפ פונעמ קישנ ניט אופגעהויבנ. ער האט געהערט, ווי אונטערנ האנטפאס האט פאלאווצעוו געזייפט די הענט, געפליוסקעט דאס וואסער, געפארשקעט אונ איז דערנאכ אוועק צו זיכ אינ אלקערל. שוינ האלבע נאכט האט ער אופגעוועקט די באלעבאסטע:

— פאראנ פארזארגס, באלעבאסטינקע? שעפ אנ א טרונק צו טאנ.

ער האט זיכ אנגעטרונקענ (יאקאוו לוקיטש האט געקוקט אפ אימ פונעמ קישנ מיט איינ אויג), ארויסגענומענ אנ אפגעקאכטע באר, געפאטשט מיט די ליפנ אונ איז אוועק, רייכערנדיק א ציגארל אונ גלעטנדיק, ווי א פרוי, די נאקעטע, עטוואס פוכקע ברוסט. אינ צימערל האט פאלאווצעוו אויסגעצויגנ די בארוועסע פיס צומ ניט אפגעקילטנ אייוועלע. ער האט ליב באנאכט צו ווארעמענ די פיס, וואס נאגנ אימ פונ רעוומאטיזמ. ער האט זיי צוגעקילט אינ 1916 יאר, ווענ ער האט ווינטער אריבערגעשווומענ דעמ בוג, דינענדיק מיט לײַב אונ לעבנ זײַנ אימפעראטערישער מאיעסטעט, פארטיידיקנדיק דאס פאטערלאנד. אט פונ יענער צײַט אנ ציט עס דעמ יעסאול פאלאווצעוו צו ווארעמקײַט, צו ווארעמע וואליקעס...

## קאפיטל 13

פאר דער וואכ צײַט, וואס דאווידאוו איז געווענ אינ גרעמיאטשי לאג, האבנ זיכ פאר אימ ווי א וואנט געשטעלט א ריי פראגנ... באנאכט, קומענדיק פונעמ דארפראט אדער פונ דער קאלווירט־פארוואלטונג, וואס האט זיכ באזעצט אינ טיטאקס געראמ הויז, פלעגט ער לאנג ארומגיינ איבערנ צימער, רייכערנ אונ דערנאכ לייענענ די

„פראַווּדאַ“, דעמ „מאָלאָט“, וואָס די רינג־פּאָסט האָט געבראַכט, אונ פלעגט ווידער אינ די געדאַנקענ זיכ אומקערנ צו די מענטשנ פונ גרעמיאַטשי, צומ קאָלווירט, צו די געשעענישנ פונעמ איבערגעלעבטנ טאָג. ווי א פאַריאָגטער וואָלף, האָט ער זיכ געפּרוּווט אַרויסרייסנ פונעמ קרייז געדאַנקענ, וואָס זיינענ פאַרבונדנ מיטנ קאָלווירט, ער פלעגט זיכ דערמאָנענ אָנ זיינ צעכ, אָנ די כאַווייריעמ, אָנ דער אַרבעט. עס פלעגט א ביסעלע טרויעריק ווערנ דערפונ, וואָס דאָרטנ האָט זיכ איצט פיל געענדערט, אונ דאָס אַלץ אינ זיינ אָפּוועזנהייט; וואָס ער וועט שוינ איצט ניט קענענ זיצנ דורכ נאַכט איבער די צייכענונגענ פונ א קאַטערפּילער־מאָטאָר, פרוּוונדיק זיכ געפינענ א נייעמ גאַנג צומ איבעראַרבעטנ דאָס שנעלקייט־קעסטל; דערפונ, וואָס אפ זיינ קאַפּריזנ אונ קאָמפּליצירטנ וואָרקשטעל אַרבעט אַנ אַנדערער, מיסטאָמע אָט דער אינ זיכ איינגעגליבטער גאָלדשמידט; דערפונ, וואָס כאָטש באַמ באַגלייטנ די אָפּפאָרנדיקע פינפ־אונ־צוואַנציק־טויזנטניקעס האָט מענ געהאַלטנ גוטע אונ הייסע רעדעס, אָבער איצט, האָט מענ שוינ, אַפּאָנעמ, אָנ אימ פאַרגעסנ. אונ פלוצעמ פלעגט דער געדאַנק זיכ ווידער איבערשליסנ אפ גרעמיאַטשי, פונקט ווי אינ מאָרכ וואָלט עמעצער מיט א זיכערער האַנט איבערוקנ דעמ עלעקטרישנ שאַלטער אונ אפ א נייעמ וועג ווענדנ דעמ שטראָמ געדאַנקענ. ער איז געפאָרנ אפ דער אַרבעט אינ דאָרפ שוינ גאָר ניט אַזאַ נאַיִווער שטאָט־מענטש, אָבער דער פאַרנעמ פונעמ קלאַסנקאַמפ, זיינע פאַרפּלאָנטערטע קנופּנ אונ אָפטמאָל די באַהאַלטענע געהיימע פאָרמענ האָבנ אימ פונדעסט־וועגנ ניט אויסגעזענ צו זיינ אַזעלכע קאָמפּליצירטע, ווי ער האָט עס דערזענ שוינ די ערשטע טעג פונ זיינ קומענ אינ גרעמיאַטשי. דאָס, וואָס די מערהייט מיטלפּויערימ האָבנ פאַראַקשנט ניט געוואָלט גיינ אינ קאָלווירט, ניט געקוקט אפ די גרויסע מיילעס פונ דער קאָלווירטישער ווירטשאַפט, איז פאַר אימ געווענ אומפאַרשטענדלעכ. אפ צו עפענענ פאַר זיכ די דערקענטעניש פונ פיל מענטשנ אונ זייערע קעגנזייטיקע באַציִונגענ האָט ער ניט געקענט צוקלייבנ קיינ שליסל. טימאָק, דער נעכטיקער פּאַרטיזאַנ, איז היינט א באַלעגופ אונ א סוינע. טימאָפיי באָרשטשעוו, אַנ אָרעמפּויער, האָט זיכ אָפּנ געשטעלט פאַרטיידיקנ דעמ באַלעגופ. אָסטראָווגאָוו, א קולטורעלער באַלעבאָס, וואָס איז באַוווסטזיניק געגאַנגענ אינ קאָלווירט, באַציט זיכ צו אימ נאַגולנאָוו פאַרזיכטיק־פיינטלעכ. אַלע גרעמיאַטשער מענטשנ זיינענ פאַרבייגעגאַנגענ פאַרביי דאַווידאָווס געדאַנקענ... אונ פיל זאַכנ באַ זיי איז

פאר אימ געווענ אומפארשטענדלעכ, עס פארשטעלט עפּעס א ניט עק־זיסטירנדיקער, א ניט אָנזיכטיקער פאָרהאנג. דער כוטער איז פאר אימ געווענ, ווי אַ קאָמפּליצירטער מאָטאָר פונ א נײַער קאָנסטרוקציע, אונ דאווידאָוו האָט אופמערקזאמ אונ אָנגעשטרענגט זיכ געפּרוווט אימ באנעמענ, דערלערנענ, דורכטאפּנ יעדע דעטאל, הערנ יעדנ פאר־האק אינ דעמ טעגלעכנ שטענדיקנ אָנגעשטרענגטנ גאנג פונ דער האָ־זיקער קלוגער מאשינ...

דער געהיימניספולער מאָרד פונעמ אָרעמפּויער כאָפּראָוו מיט זײַנ ווײַב האָט אימ ארופגעשטויסנ אופנ געדאנק, אַז עפּעס א באהאלטענע כפרושינע ארבעט דאָ אינ אָט דער מאשינ. ער האָט ניט קלאָר זיכ אָנגעשטויסנ, אז אינ כאָפּראָווס טויט איז פאראנ אנ אורזאכלעכע פארבינדונג מיט דער קאָלעקטיוויזאציע, מיט דאָס נײַע, וואָס האָט שטורמיש זיכ ארײַנגעריסנ אינ די אונטערגעפּוילטע ווענט פונ דער צעפּיצלטער ווירטשאפט. דעמ פרימאָרגנ, ווענ מע האָט געפונענ די טויטע קערפּערס פונ כאָפּראָוונ אונ זײַנ ווײַב, האָט ער לאנג גערעדט מיט ראזומיאָטנאָוונ אונ נאגולנאָוונ. יענע האָבנ אליינ פארמאָנט ניט מער ווי האשאָרעס אונ גוטנ ווילנ צו טרעפנ. כאָפּראָוו איז געווענ אנ אָרעמפּויער, אינ דער פארגאנגענהײַט — א ווײַסער, אינ געזעלשאפט־לעכנ לעבנ א פּאסיווער, וואָס האָט זיכ עפּעס אזוי ווי צוגעטוליעט צומ באלעגופּ לאפּשינאָוו. די האשאָרע, וואָס עמעצער האָט געמאכט, אז מע האָט זיי דערהארגעט מיטנ ציל צו באראבעווענ, איז קלאָר געווענ אנ אומגעלומפּערטע, ווײַל פונעמ פארמעגנ זייערנ האָט מענ גאָרניש ניט גענומענ, אונ אייגנטלעכ איז בא כאָפּראָוונ ניט געווענ וואָס צו נעמענ. ראזומיאָטנאָוו האָט עס געמאכט צו קליינ־געלט:

— מיסטאמע האָט ער עמעצנ באליידיקט אופ דער ווײַבערשער ליניע. עמעצנס א פרעמד ווײַב געהאלטנ אינ די הענט, האָט מענ אימ פארקירצט זײַנ לעבנ.

נאגולנאָוו האָט געשוויגנ, ער האָט ניט ליב געהאט צו ריידנ ניט דורכגעטראכט. אָבער ווענ דאווידאָוו האָט ארויסגעזאָגט די האשאָרע, אז צומ מאָרד האָט א שײַכעס עמעצער פונ די באלעגופּימ אונ פאָ־געלייגט זיי דרינגנד ארויסזעצנ פונעמ כוטער, האָט אימ נאגולנאָוו אנטשלאָסנ אונטערגעשטיצט:

— עמעצער פונ זייער לאגער האָט דערהארגעט כאָפּראָוונ, קלאָר ווי דער טאָג! ארויסזעצנ די שלענג אינ די קאלטע ערטער!

ראזמיאָטנאָוו האָט אונטערגעשמייכלט און געקוועטשט מיט די פּלייצעס:

— ארויסזעצן זיי דאַרף מען, דאָס איז קלאָר. זיי שטערן דעם אוילעמ ארײַנצוטרעטן אין קאָלווירט. אָבער כאָפּראָוו האָט ניט איבער זיי געליטן. ער האָט צו זיי קיין שייכעס ניט. ער האָט זיך געטוליעט צו לאַפּשינאָוון, שטענדיק געארבעט בײַ אים, דאָס איז ריכטיק, אָבער דאָס איז דאָך ניט פון זאַטקײַט, אַפּאַנעמ? די נויט האָט צוגע־קוועטשט, איז ער געגאַנגען צו לאַפּשינאָוון. מע קאָן דאָך ניט אַלץ וואַרפן אַף די באַלעגאָפּים, מאַכט זיך ניט צו קיין גאַרן, ברידערלעך! ניין, דאָ איז אַ ווײַבערשער ווייסעך, ווי איר ווילט!

פון ראַיאָן זײַנען געקומען דער געריכט־אויספאָרשער און דער דאָקטער. נעפּאַלמעכט די קערפּערס פון די דערהאַרגעטע, אויסגעפּרעגט כאָפּראָווס און לאַפּשינאָווס שכיינים. אָבער דעם אויספאָרשער איז ניט געלונגען צו פּאַקן פּיִרנדיקן פּאָדעמ און צוּדעקן די אַנטייל־נעמער און די סיבעס פונעמ מאָרד. אַף מאָרגן, דעם 4־טן פעווראַל, האָט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג פון די קאָלווירטניקעס איינשטימיק אָנגענומען אַ באַשלוס וועגן ארויסזעצן אויסער די גרענעצן פון צאָפּנ־קאַווקאַזער קאַנט די באַלעגופּישע מישפּאָכעס. די דאָזיקע פאַרזאַמ־לונג האָט אויך באַשטעטיקט די קאָלווירט־פאַרוואַלטונג, וואָס די באַ־פּולמעכטיקטע האָבן אויסגעווײַלט. אין דער פאַרוואַלטונג זײַנען ארײַן: יאַקאָוו לוקיטש אָסטראָווגאָוו (זײַן קאַנדידאַטור האָט הייס געשטיצט דאַווידאָוו אין ראַזמיאָטנאָוו, ניט געקוקט אַף נאַגולנאָווס דערווידע־רונגען), פּאַוול ליובישקין, דיאָמקע אושאַקאָוו, מיט מאַטערניש איז דורכגעגאַנגען ארקאַשקע דער בײַטער. דעם פּינפטן האָט מען איינ־שטימיק, אָן כלוקעדייעס, אויסגעקליבן דאַווידאָוון. דערצו האָט גע־האָלפן דאָס פּאַפּירל, וואָס איז מיט אַ טאָג פריִער אָנגעקומען פונעמ ראַיאָנעמ פּעלדרצוכטפאַרבאַנד. אין פּאַפּירל איז געווען געשריבן, אַז דער רײַפּאַרטקאָמ און דעסקוקעמ מיטן ראַיאָנעמ פעלדרצוכטפאַרבאַנד שטעלן ארויס אַלס פּאָרזיצער פון דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג דעם באַפּולמעכטיקטן פונעם רײַפּאַרטקאָמ, דעם פּינפּונצוואַנציק־טויזנטניק, כאַווער דאַווידאָוו.

אַף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט מען זיך לאַנג געאַמפּערט, ווי אַ נאָמען צו געבן דעם קאָלווירט. ראַזמיאָטנאָוו האָט צום סאָף געהאַלטן אַ רעדע:

— איך גיב אַ דערווידערונג צום נאָמען „רויטער קאָזאַק“, דאָס

איז א טויטער אונ פאַרפאַטשקעטער נאָמענ. מיט א קאָזאַק פלעגנ אמאָל די ארבעטער שרעקנ קליינע קינדער. איך לייג פאָר, טײַערע באַווייִרימ, איצטיקע קאָלווירטניקעס, א נאָמענ צו געבנ אונדזער טײַערנ וועג, וואָס גייט גלײַך אינ סאָציאַליזמ, דעמ קאָלווירט מיטנ נאָמענ פונ כ׳ סטאַלינ. וועגנ אימ ווייסנ מיר אלע, אז פונ אָנהייב אָנ גייט ער מיטנ גלײַכנ וועג, ניט אהער ניט אהינ בייגט ער זיך ניט אונ מיר גייענ נאָך אימ אינ א צעשאָטענער לאַווע אינ אָט דעמ זעלביקנ לײַבלעכנ סאָציאַליזמ, פאַרוואָס מיר האָבנ זיך געשלאָגנ, ווײַב אונ קינדער געוואָרפנ, אונדזער יונג לעבנ פאַרגעסנ אונ אינ אייגנ אונ אינ פרעמד בלוט די הענט געוואַשנ אָנ ראַכמאָנעס.

אנדריי האָט זיך קענטיק גערעגט, אפ זײַנ שטערנ איז רויט געוואָרנ דער שראַמ. אפ א געוויסער רעגע האָבנ זיך זײַנע בייזלעכע אויגנ באַוויגנ מיט א טרערנ-הײַטל, אָבער ער האָט זיך אײַנגענומענ אונ די שטימ איז געוואָרנ פעסטער:

— ניעכײַ, ברידערלעך, זאָל אונדזער כאַווער יאָסיפ וויסאַריאָנאָוויטש לאַנג לעבנ אונ אָנפירנ! איך לייג פאָר זיך אופשטעלנ פאַר זײַנ קאָווער אונ די היטלענ אַראָפנעמענ!

די פאַרזאַמלונג איז אופגעשטאַנענ, עס האָבנ אופגעלויכטנ אָפגעדעקטע פליכנ אונ צעפאַטלטע פאַרשיידנהאָריקע קעפ. ראַזמיאַטנאָוו האָט פאַרגעזעצט: — אונ מיר, לאָמיר זיך אָנרופנ מיט זײַנ נאָמענ. אויסער דעמ גיב איך א פאַקטישע ספּראַווקע: ווענ מיר האָבנ פאַרטיידיקט צאַריצינ, האָב איך אליינ אפנ פאָדערשטנ פײַער געזענ אונ געהערט דעמ כ׳ סטאַלינ. ער איז דעמלט צוזאַמענ מיט וואָראָשילאָוונ א רעוואָליוציאָנער-מיליטראַט געווענ. קליידער האָט ער געטראָגנ בירגערלעכע, אָבער איך דאַרפ זאָגנ, — ער איז א יאַט! דעמלט פלעגט ער אפ אנ איבערקוק, אפ דער פײַער-ליניע מיט אונדז. קריגער, ריידנ וועגנ שטאַנדהאַפטיקײַט...

— דו רעדסט ניט אינ טאַך, ראַזמיאַטנאָוו, — האָט אימ דאַווידאָוו איבערגעריסנ.

— ניט אינ טאַך? — דאַנ אנטשולדיק איך זיך, פאַרשטייט זיך, אָבער איך שטיי פעסט פאַר זײַנ נאָמענ!

— דאָס אלץ איז באַוווּסט, איך בינ אויך דערפאַר, מע זאָל מיט סטאַלינס נאָמענ דעמ קאָלווירט אָנרופנ, אָבער דאָס איז א פאַראַנטוואָרטלעכער נאָמענ, — האָט דאַווידאָוו אײַנגעטײַנעט, — פאַרשעמענ

אים טאָר מענ ניט! דארפ מענ אזוי ארבעטנ, אז מיר זאָלנ אריבער־יאָגנ אלע ארומיקע.

— דערמיט זײַנענ מיר ביזנ סאמע וואָרצל אײַנשטימיק, — האָט דער אלטער שטשוקאר געזאָגט.

— פארשטייט זיכ! — האָט ראזמיאָטנאָוו א שמייכל געטאָנ. — איכ, טײַערע באוויירימ, הערקולער אויטאָריטעט, ווי א פּאָרזיצער פּינעמ ראט: קיינ בעסערער נאָמענ ווי סטאלינ קאָנ ניט זײַנ. איכ וואָלט אלע קאָלווירטנ אזוי אָנגערופנ. אונדזער קאָמוניסטישע פּארטיי שטייט אזוי ענג אונ אזוי פעסט ארומ דעמ באוועג סטאלינ אונ שעצט אימ אזוי שטארק, אז דאָ קאָנ מענ בעסער ניט צוטראכטנ. מיר, לעמאָשל, איז אינ 19־טנ יאָר אויסגעקומענ צו זענ, ווי לעבנ כוטער טאָפּאָלקי האָבנ אונחזערע רויטע פּוסגייער אײַנגענומענ די דאמבע אפנ טײַכל צווילימ, לעבנ דער וואסער־מיל...

— ער האָט שוינ ווידער זיכ אוועקגעלאָזט אינ זיכרוינעס, — האָט מיט פארדראָס דאווידאָוו געזאָגט. — זײַ אזוי גוט אונ פיר די פארזאמלונג אונ שטימ אָפּ קאָנקרעט!

— איכ אנטשולדיק זיכ, שטימט, ביחגער, אָבער אז מע דערמאָנט זיכ די מילכאָמע — חייבט אָנ דאָס הארצ צו שקראָבענ, ווילט זיכ ארויסזאָגנ א וואָרט, — האָט ראזמיאָטנאָוו שולדיק געשמייכלט אונ זיכ געזעצט.

די פארזאמלונג האָט אײַנשטימיק אָנגערופנ דעמ קאָלווירט מיט סטאלינס נאָמענ.



דאווידאָוו האָט נאָכ אלצ געוווינט בײַ די נאגולנאָווס. געשלאָפנ אפנ קופערט, וואָס איז געווענ אָפּגעטיילט פונ זייער פאמיליענ־בעט מיט ניט קיינ הויכנ ציצ־פאָרהענגל. אינ ערשטנ צימער האָט געוווינט די באלעבאָסטע — אנ אלמאָנע אָנ קינדער. דאווידאָוו האָט פארשטאנענ, אז ער שטערט מאקארנ, אָבער איבערנ הוהא אונ טומל אינ די ערשטע טעג האָט ער קיינ צײַט ניט געהאט צוצוזוכנ א דירע. לושקע — נאגולנאָווס ווײַב — איז מיט דאווידאָוונ געווענ שטענדיק ליבלעכ, אָבער ניט געקוקט דערויפ האָט ער גאָכנ צופעליקנ שמועס מיט מאקארנ, ווענ יענער האָט אימ אויסגעזאָגט, אז זײַנ ווײַב לעבט מיט טימאָפּיי דעמ געריסענעמ, זיכ באצווייגנ צו איר מיט א שלעכט באהאלטענער אומפרײַנטלעכקײַט אונ אימ איז שווער געוואָרנ זײַנ

ציטווײַליקער זײַנ בא זיי. אונדערהפרי פלעגט דאוויהאָוו, ניט אריינ־טרעטנדיק אינ או שמועס מיט איר, אָפּט פונ דער זײַט נאָכקוקנ נאָכ לושקען. אפנ אויסזענ איז זי אלט געווענ ניט מער ווי פינפ אונ צוואנציק יאָר. קליינע זומערשפּרענקלעכ האָבנ געדיכט באדעקט אירע לענגלעכע באקנ. איר בונט געזיכט האָט דערמאָנט אנ איי פונ א סאָראָקע. אָבער עפּעס א צוציִענדיקע אונ ניט קיינ רייִנע שיינקײַט איז געווענ אינ אירע הזעגעכצ־שווארצע אויגנ, אינ איר גאנצער מאָגער־לעכער שטאטנער פיגור. אירע קײַלעכיקע צארטע ברעמענ זײַנענ שטענדיק געווענ עטוואָס אונטערגעהויבנ. עס האָט זיכ געדוכט, אז שטענדיק וואַרט זי אפ עפּעס פרייהייקס; די רויטע ליפּנ האָבנ אינ די מויל־ווינקלענ גרייט געהאלטנ א שמייכל, ניט פארדעקנדיק פעסטע אירע צונויפגעגאָסענע בוילעטע ציינ. אונ גיינ פלעגט זי אזוי באַוועגנדיק מיט אירע רונדע פלייצעס, פּונקט ווי זי וואָלט געוואָרט, אז אָט באלד וועט זי פונ הינטנ עמעצער צודריקנ אונ ארומאָרעמענ איר מיידלשנ שמאָלנ אקסל. געקליידט האָט זי זיכ, ווי אלע גרעמיאטשער קאָזאטשקעס, געווענ, קאָנ זײַנ, א ביסל ריינער. איינמאָל באגיינענ האָט דאווידאָוו דערהערט מאקארס שטימ פונ הינטערנ פאָרהענגל:

— בא מיר אינ פעלצל אינ קעשענע ליגנ גומענדלעכ. בא סעמיאָנענ האָסטו עס געהאט באשטעלט? נעכטנ איז ער געקומענ צו פאָרנ פונ דער סטאניצע, אונ געהייסנ דיר איבערגעבנ.

— מאקארושקא, עמעס? — לושקעס שטימ, א ווארעמע פונ שלאָפ, האָט א ציטער געטאָנ פונ פרייד... אינ איינ העמד האָט זי א שפרונג געטאָנ פונ בעט צומ פעלצל, וואָס איז געהאנגענ אפנ טשוואָק, ארויסגענומענ פונ קעשענע ניט קיינ קײַלעכדיקע גומענדלעכ, וואָס ציִענ אײַנ די איקרעס, נאָר שטאָטישע, מיט א גורט, באנייט מיט בלומענ. דאווידאָוו האָט זי געזענ אינ שפּיגל: זי איז געשטאנענ אונ אָנגעמאָכטנ אפ איר מרוקנ־געגאָסענעמ פוס די מאטאָנע אינ ווי א יינגל אויסגעצויגנ דעמ האלדז. דאווידאָוו האָט אינ שפּיגל געזענ די שמייכל־שטראלעכלעכ איבער אירע אופגעפלאמטע אויגנ אונ די בלאסע רויטקײַט אפ אירע געשפּרענקלטע באקנ. בייגנדלענדיק זיכ מיטנ שווארצנ זאָק, וואָס האָט פעסט ארומגעכאפּט איר פוס, האָט זי זיכ געווענדט מיטנ געזיכט צו דאווידאָוונ. אינ העמד־שניט האָבנ אופגעציטערט אירע ברוינלעכע פעסטע בריסט, וואָס האָבנ, ווי בא א ציג, געסטארטשעט אפ ארויפ אונ צעשיידט. זי האָט אימ באלד דערזענ דורכנ פאָרהענגל. מיט דער לינקער האנט האָט זי פארצויגנ דעמ

קאָלנער און, ניט אָפּרוקנדיק זיכ, מיט פאַרזשמורעטע אויגנ, האָט זי פאַרצויגנ געשמייכלט. „זע, ס'אַראַ שיינע איכ בינ!“ — האָבנ געזאָגט אירע אומפאַרשעמטע אויגנ.

דאַווידאָוו האָט זיכ אַ וואָרפ געטאָנ אָפנ סקריפּעטדיקנ קופּערט, איז רויט געוואָרנ און מיט אַלע פינפ פינגער אָפּגעוואָרפנ פונ שטערנ די גלאַנציק שוואַרצע פּאַסמעס האָר. „דער טײַוול ווייס! זי'ט נאָכ מיינענ, אַז איכ האָב אונטערגעקוקט... אירט נאָכ אײַנפאַלנ, אַז איכ אינטערעסיר זיכ...“

— וואָלסט כאָטש פאַר אַ פרעמדנ מענטשנ זיכ געשעמט אַרומצו-גיינ נאַקעט — האָט מאַקאַר אומצופרידנ אַ בורטשע געטאָנ, ווענ ער האָט דערהערט, ווי דאַווידאָוו האָט אַ פאַרשעמטער געמורמלט:

— עס זעט זיכ ניט.

— נייג, עס זעט זיכ. — דאַווידאָוו האָט הינטערנ פאַרהענגל אַ הוסט געטאָנ.

— אויב עס זעט זיכ, איז קוקט צו געזונט, — האָט זי גלײַכ-גילטיק געזאָגט, איבערנ קאָפּ אָנטוענדיק דאָס קליידל. — קיינ פרעמ-דע, מאַקאַרושקאַ זײַנענ ניטאָ. הײַנט איז ער אַ פרעמדער, און מאָרגנ, אויב איכ וויל, וועט ער זײַנ מײַנער, — האָט זי זיכ פאַנאַנדערגעלאַכט און מיט געלאָפּ זיכ אַ וואָרפ געטאָנ אָפנ בעט. — דו ביסט בײַ מיר אַ שטילינקער! אַ טפרו... טפרוזשעניוקעלע! קעלבעלע!..



נאָכנ פרישטיק, ווי נאָר זיי זײַנענ אַרויס פונ טויער, האָט דאַווי-דאָוו אַרויסגעפּויקט:

— אַ פּאַסקודנע ווײַב בײַ דיר!..

— צו דיר האָט עס קיינ שײַכעס ניט... — האָט נאַגולנאָוו שטיל געענטפערט און ניט געקוקט אָפ דאַווידאָוונ.

— צו דיר האָט עס אָבער יאָ אַ שײַכעס! הײַנט נאָכ גיי איכ אַריבער אינ אַנ אַנדער דירע, מיכ עקלט צו קוקנ! אַזאַ באָבער ווי דו, און מיט איר צאַצקעסטו זיכ! האָסט דאָכ אַליינ געזאָגט, אַז זי לעבט מיטנ געריסענעמ.

— שלאָגנ זי, צי וואָס?

— ניט שלאָגנ, נאָר אויפוויריקנ! נאָר איכ'ל דיר אָפנ זאָגנ: אָט בינ איכ אַ קאָמוניסט, אָבער אָפ דעמ זײַנענ בײַ מיר די דערוונ איי-דעלע, איכ וואָלט זיי אָנגעשלאָגנ און אַרויסגעטריבנ צומ טײַוול! זי

דיסקרעדיטירט דאָכ דיכ פאַר דער מאַסע, און דו שווײַגסט. ווו ווערט זי פאַרפאַלנ אַפ א גאַנצער נאַכט? מיר קומענ פונ א פאַרזאַמלונג, און זי איז נאָכ ניטאָ! איכ מיש זיכ ניט אינ אַנדערע אינערלעכע איניאַנים...

— דו ביסט א באַוואַכטער?

— ניינ, נאָר אַז איכ האָב אַפ דײַנ פאַמיליע א קוק געטאָנ, וועל איכ שוינ איצט ביזנ קיינווער ניט כאַסענע האָבנ.

— דו קוקסט אַפ א פרוי, ווי אַפ אַנ אייגנטומ.

— איי, כאַפּט דיכ דער טײַוול. אַנאַרכיסט קרומ-לאָמער! אייגנטומ, אייגנטומ! אייגנטומ עקזיסטירט דאָכ נאָכ, וואָס-זשע, שאַפסטו עס אָפּ? די פאַמיליע עקזיסטירט דאָכ נאָכ? און דו... אַפ דײַנ ווײַב קריגט מענ.... אויסגעלאַסנקײַט פאַרשפּרייטסטו, טאָלעראַנטקײַט. איכ וועל וועגנ דעמ שטעלנ די פראַגע אינ קאָמערל!.. פונ דיר דאַרפ דער פויער א בײַשפּיל נעמענ. א גוטער בײַשפּיל!

— נו, איכ וועל זי דערהאַרגענענ!

— גוטמאָרגנ!

— נו, אָט וואָס... דו קריכ ניט אינ דעמ אײַנעמ... — האָט געבעטנ מאַקאַר און זיכ אָפּגעשטעלט אינמיטנ גאַס. — איכ וועל זיכ אַליינ אינ דעמ פאַנאַנדערקלײַבנ, איצט איז ניט די צײַט. וואָלט זיכ דאָס נעמענ אָנגעהויבנ, אָבער איכ האָב זיכ שוינ צוגעווינט... איכל א ביסל צוואַרטנ, דערנאָכ... מיטנ האַרצ בינ איכ צו איר צוגעוואַקסנ... אַניט וואָלט איכ שוינ לאַנג. וווּהינ גייסטו, אינ ראַט? — האָט ער געביטנ דעמ שמועס.

— ניינ, איכ וועל אַרײַנגיינ צו אָסטראָוונאָוונ. איכ האָב כיישעק אינ זײַנ שטוביקנ וואַרשטאַט זיכ דורכשמועסנ מיט אימ. ער איז א קלוגער פויער. איכ וויל אימ פאַר א ווירטשאַפט-פאַרוואַלטער מאַכנ, ווי רעכנסטו? עס איז נייטיק א באַלעבאָס, וואָס בײַ אימ זאָל א קאָלווירטישע קאָפּעקע זײַנ טײַער. אָסטראָוונאָוו איז, ווי עס שײַנט, אַזאַ.

נאַגולנאָוו האָט א מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט און איז בייז געוואָרנ.

— ווידער די זעלבע אײַנרײַדעניש! געפעלנ געוואָרנ דיר מיט אָנדרייענ אָסטראָוונאָוו! ער איז אַזוי נייטיק דעמ קאָלווירט, ווי פאַר אַנ ארכירײַ אָט דאָס... איכ בינ קעגנ! איכ וועל זיכ דערשלאָגנ, מע זאָל אימ אויסשליסנ פונ קאָלווירט! צוויי יאָר האָט ער געצאָלט דעמ לאַנדווירטשאַפטלעכנ שטייער מיט פראָצענט. א פאַרמעגלעכער שלאַנג,

ביז דער מילכאָמע האָט ער געלעבט, ווי א באלעגופ, און מירנ אימ ארויסרוקנ?

— ער איז א קולטורעלער באלעבאָס! וואָס־זשע מיינסטו, אז איכ פארטייִדיק א באלעגופ?

— ווענ מע וואָלט אימ די פליגלעכ ניט געשנימנ, וואָלט ער שוינ לאנג געווענ א באלעגופ!

זיי זײַנענ זיכ פאנאנדערגעגאנגענ, ניט צונויפגערעדט, שטארק ניט צופרידנ איינער מיטנ אנדערנ.

# קאפיטל 14

פעווראל...

קעלטנ דריקנ און קאָרטשענ די ערד. אינ ווײַסנ פראָסט־גלי שטייט אופ די זונ. דאָרט, ווו די ווינטנ האָבנ אָפּגעלעקט דעם שניי, פלאצט הילכיק באנאכט די ערד. די בערגלעכ אינ סטעפ, — ווי אי־בערגעצײַטיקטע קאווענעס — פול מיט געשלעגלטע שפאלטנ. הינטערנ כוטער לעבנ דעמ פריר=אוקער שימערירנ די שניי־אָנשיטנ אומדער־טרעגלעכ, בלענדנדיק. די טאָפּאָלנ באמ טײַכל זײַנענ אלע, ווי פונ זילבער געגאָסנ. פונ די קוימענס זײַנענ אויסגעשטעלט אלע אינדערפרי ווי א סאָסנע=וואלד גלײַכע, אראנזשעווע רויכ־שטאמענ. און אינ די שײַערס שמעקט דופטיק פונ פראָסט דאָס ווייצ־שטרוי מיט בלויענ אווגוסט, מיט הייסנ אָטעמ פונ טרוקנווינטנ, מיט זומערדיקנ הימל.

אינ די קאלטע שטאלנ בלאָנקענ ארומ ביז אינדערפרי די אָקסנ און קי. צו באגינענ־צו איז אינ די קאָרעטעס ניט צו געפינענ קיינ איינ פיצל בוריאנ. די שעפעלעכ און די ציגעלעכ פונעמ ווינטער־פי לאָזט מענ שוינ ניט איבער אינ די שטאלנ. פארשלאָפענע ווײַבער טראָגנ זיי באנאכט ארויס צו די מוטערס, און דערנאָכ טראָגנ זיי זיי ווידער אינ ברעג קלייד אינ דער טשאד־ווארעמקײַט פונ די שטי־בער. פונ די ציגעלעכ, פונ זייערע קרײַזלדיקע האָר, שמעקט פריש און צערטלעכ מיט פראָסט=לופט, מיט פארשיידנגראָזיקנ היי, מיט זיסער ציגנ־מילכ. דער שניי־געדעק איז ווי א יאָדערדיקער, קערנדיקער, טרעשטשעדיקער זאלצ. אינ האלבנאכט איז אזוי שטיל, דער הימל איז אזוי קאלט אויסגעפרוירנ מיט שעמערירנדיקנ שטערנ־שיט, אז עס דוכט זיכ — די וועלט איז געלאָזט אפ העפקער. אינ בלויענ סטעפ גייט איבערנ ניט גערירטנ שניי א וואָלפ, אפנ שניי ליגנ זיכ ניט די

אָפּדרוקנ פונ זײנע לאַפּע־קישעלעכ, נאָר האָרטנ, ווו די נעגל זײנע רײסנ ארויס אנ אײנ־פארפרוירענעמ ברעקל פונעמ שניי־גערעק, בלײבט א פינקלדיקער קריץ — א פערלדיקער שפור.

באנאכט, אויב עס איז שטיל, גיט א הירזשע א טראגעדיקע שקאפּע אונ פילט, ווי אינ איר שווארצנ אטלאס־אײטער פליסט צו מילכ, דאָס הירזשעלע הערט זיכ אפּ פילע ווערסטנ ארומ.

פעווראל...

באגינענדיקע בלויע שטילקײט.

עס לעשט זיכ דער וויסטער מילכוועג.

אינ די טונקעלע פענצטער פונ די הײזקעס פלאטערנ אופ רויטע פײער־צונגענ: דער אָפּשײנ פונ די הײצנדיקע אויװנס.

אפנ טײכל קלינגט אונטערנ לאָמ דאָס אײז.

פעווראל...

פארטאָג האָט יאקאָוו לוקיטש אופגעוועקט דעמ זונ אונ די ווײבער. מע האָט אײנגעהײצט דעמ אויװנ. יאקאָוו לוקיטשס זונ, סעמיאָנ, האָט מיט א שלײפ־שטײנדל געשלײפט די מעסערס. יעסאול פאָלאָווצעוו האָט זארגזאמ ארומגעוויקלט מיט אָנעטשעס די וואָלענע זאָקנ אפ די פיס אונ אָנגעטאָנ אינ וואָליקעס. צוזאמענ מיט סעמיאָנענ זײנענ זיי אוועק אינ שעפּסנ־שטאל. יאקאָוו לוקיטש האָט 17 שעפּסנ אונ 2 ציגנ. כעמיאָנ ווייס, וועלכע שעפּס עס איז טראגעדיק, וועלכע עס האָט שוינ שעפּעלעכ. ער כאפּט אינ קלײבט אויס די בעק, די באראנעס, די שעפּעלעכ אונ אײנציקווײז שטופּט ער זיי ארויס אינ ווארעמענ לאטיכ. פּאָלאָווצעוו פארוקט אפנ שטערנ די ווײסע פּאפּאכע, כאפּט א באָק פאר דעמ קאלטנ געקארבטנ אויסבייג פונעמ פארדרייטנ האָרנ, ווארפט אימ אפ דער ערד, אונ, אָנגעלייגט מיט דער ברוסט אפנ אויסגעצויגענעמ באָק, פארײסט ער אימ דעמ קאָפּ, שנײדט מיטנ מעסער זײנ גארגל אונ לאָזט ארויס שווארצ שטראָמענדיק בלוט.

יאקאָוו לוקיטש איז א באלעבאטישער מענטש. ער וויל ניט, אז מיטנ פלייש פונ זײנע שעפּסנ זאָל זיכ ערגעצ אינ א פאבריק־קיכ שפײזנ אנ ארבעטער אָדער א רויטארמייער. זיי זײנענ סאָוועטישע, אונ די סאָוועטישע מאכט האָט צענ יאָר נאָכאנאנד באראוולט יאקאָוו לוקיטשנ מיט שטײערנ אונ אָפּצאָלונגענ, זי האָט אימ ניט געגעבנ די מעגלעכקײט ברייט צו פירנ זײנ ווירטשאפט, לעבנ רײכ — זאטער ווי זאט. די חאטעמאכט אונ יאקאָוו לוקיטש — זיי האָבנ זיכ אײנ־

אַנדער פּנימ, זיי זײַנענ אײנער דעמ אַנדערנ בלוט־סאָנימ. יאַקאָוו לוקיטש האָט זיכ, ווי אַ קינד צו פֿײַער, אַ גאַנצ לעבנ געצויגנ צו רײַכקײַט. נאָכ פֿאַר דער רעוואָליוציע האָט ער אָנגעהויבנ פֿעסטער ווערנ, גערעכנט דעמ זונ אָפּגעבנ לערנענ אינ דער נאָוואָטשערקאַס־קער יונקער־שול, גערעכנט צו קויפֿנ אַנ אײל־זאַוואָדל אונ שוינ גע־האַט אָפּגעשפּאָרט געלט, גערעכנט אַרומ זיכ צו האָדעווענ אַ מאַנ דרײַ אַרבעטער (דעמלט פֿלעגט טרעפֿנ, דאָס האַרצ פֿלעגט שפּרינגענ פֿונעמ גליק, וואָס דאָס לעבנ האָט פֿאָרויסגעזאָגט!)... עס האָט זיכ אימ געטרוימט צו עפֿענענ אַ קראָמ, אָפּקויפֿנ בײַמ שלימאַזלדיקנ גוט־באַזיצער — בײַמ מיליטער־עלטסטנ זשאַראָוו — זײַנ האַלבפֿאַרוואַר־פֿענע וואַלצ־מיל... אינ די גראַנקענ האָט דעמלט יאַקאָוו לוקיטש זיכ געזענ ניט אינ הויזנ פֿונ „טשאַרטאָווע קאָזשע", נאָר אינ אַ גאַרניטער פֿונ טשעסוטשאַ, מיט אַ גאָלדענער קייט איבערנ בויכ, ניט מיט פֿאַר־מאַזאָליעטע, נאָר מיט ווײַבע אונ ווײַסע הענט, פֿונ וועלכע עס ווערנ, ווי די הויט פֿונ אַ שלאַנג, אַראָפּקריכנ די שוואַרצע שמוציקע נעגל. דער זונ וואָלט געוואָרנ אַ פּאָלקאָווניק אונ וואָלט כאַסענע געהאַט מיט אַ געבילדעטער פֿרײלנ, אונ יאַקאָוו לוקיטש וואָלט אַמאָל צוגעפֿאָרנ נאָכ זיי צו דער סטאַנציע ניט אױפֿ אַ בריטשקע, נאָר אױפֿ אַנ אײגענעמ אויטאָמאָביל, אױפֿ אַזאַ, ווי בײַ דעמ גוטסבאַזיצער נאָוואָפּאַוולאָוו... עכ, מאַלע וואָס עס האָט זיכ יאַקאָוו לוקיטשנ געכאָלעמט אינ יענע אומ־פֿאַרגעסלעכע צײַטנ, ווענ דאָס לעבנ האָט געשײַנט אונ געקנאַקט בײַ אימ אינ די הענט ווי אַ שײַנענדיקע יעקאַטערינקע! די רעוואָליוציע האָט אַ הויכ געטאָנ מיט קעלט פֿונ אומגעהערטע אופֿטרייסלונגענ, די ערד האָט זיכ אַ וואַקל געטאָנ אונטער יאַקאָוו לוקיטשס פֿיס, אָבער ער האָט זיכ ניט פֿאַרלאָרנ. מיט זײַנ גאַנצער ניכטערקײַט אונ כיטרעקײַט האָט ער פֿאַנוואַנדערט געזענ די אָנקומענדיקע אומאָרדענונגענ, אונ שנעל, אומבאַמערקט פֿאַר די שכײנימ אונ כוטעריאַנער, האָט ער אָפּגע־זעצט דאָס אײַנגעשאַפֿטע... פֿאַרקויפֿט דעמ דאַמבאַוועגער, וואָס ער האָט געקויפֿט אינ 1916 יאָר, פֿאַרגראָבנ אינ אַ קרוג דרײַסיק גאָל־דענע צענערלעכ אונ אַ לעדערנעמ בײַטל מיט זילבער, פֿאַרקויפֿט דאָס איבעריקע פֿי, פֿאַרקלענערט דעמ פֿאַרזיי. ער האָט זיכ צוגעגרייט. אונ די רעוואָליוציע, די מילכאָמע, די פֿראָנטנ זײַנענ אַריבער איבער אימ, ווי אַ שוואַרצער סטעפּ־געוויטער איבער גראָז: עס האָט אימ גע־בויגנ, אָבער ניט געבראָכנ. אינ אַ שטורעמ ברעכנ זיכ נאָר טאָפּאָלנ אונ דעמבנ אונ ווערנ אויסגעריסנ מיטנ וואָרצל. אָבער ווילדגראָז

בייגט זיכ נאָר צו דער ערד, ציט זיכ אויס, אונ דערנאָכ שמייט עס ווידער אופ. אָבער „אופשטייג״ איז שוינ יאַקאָוו לוקיטשנ ניט אויס־געקומענ! דערפאַר איז ער טאַקע קעגנ דער ראַטנמאַכט, דערפאַר האָט ער געלעבט אינ אומעט, ווי א קאַסטרירטער בהמה: ניט קיינ באַשע־פעניש, ניט קיינ שיקערע פרייד קאָנ פונ אימ ניט זײַנ. דערפאַר טאַ־קע איז אימ איצט פּאָלאָווצעוו נאָענטער פונעמ ווײַב, ליבלעכער ווי דער לײַבלעכער זונ. אָדער מיט אימ, קעדיי אומצוקערנ דאָס לעבנ. וואָס האָט פריִער געלויכטנ אונ געקנאַקט ווי א פאַרביקער הונדערטער, אָדער דאָס איצטיקע אויכ פאַרשלײַדערנ! דערפאַר קוילעט ער עס איצט זײַנע פערצנ שטיק שעפּסנ, יאַקאָוו לוקיטש — דער מיטגליד פונ דער פאַרוואַלטונג פונ גרעמיאַטשער קאָלווירט „אפּ סטאַלינס נאָ־מענ״. „בעסער וואַרפנ דאָס שעפּסנפלייש פאַר אָט דעמ שוואַרצנ הונט, וואָס לעקט בײַ די פיס בײַנעמ יאַסאַול פּאָלאָווצעוו דאָס רייכער־דיקע שעפּסנבלוט, איידער אָפּגעבנ די שעפּסנ אינ דער קאָלווירטישער סטאַדע, זיי זאָלנ פעט ווערנ אונ זיכ פרוכפּערנ אפּ שפּײַז פונ דער פײַנטלעכער מאַכט! — טראַכט יאַקאָוו לוקיטש. — אונ ריכטיק זאָגט דער געלערנטער יעסאַול פּאָלאָווצעוו: „מע דאַרפ קוילענ דאָס פיִ! מע דאַרפ רײַסנ פונ אונטער די באָלשעוויקעס די ערד. זאָלנ אויספּײַ־גערנ די אָקסנ פונ ניט אופּפּאַסנ, אָקסנ וועלנ מיר זיכ אײַנשאַפנ, ווענ מיר וועלנ פאַרכאַפּנ די מאַכט! אָקסנ וועט מענ אונדז פונ אַמע־ריקע אונ פונ שוועדנ שיקנ. מיט הונגער, מיט כורבנ, מיט אופשטאַנד וועלנ מיר זיי דערשטיקנ! וועגנ דער שקאַפּע זאָל דיכ ניט אַרנ, יאַקאָוו לוקיטש! דאָס איז גוט, וואָס די פערד זײַנענ פאַרגעזעלשאַפטלעכט. דאָס איז פאַר אונדז באַקוועמ אונ עס לוינט... ווענ מיר וועלנ מאַכנ דעמ אופשטאַנד אונ מיר וועלנ פאַרנעמענ די כוטערס, וועט פּאַשע־טער זײַנ די פערד אַרויסצופירנ פונ די אַלגעמיינע שטאַלנ אונ אָנ־זאָטלענ זיי, איידער צו לויפנ פונ הויפ צו הויפ זיי זוכנ״. גאָלדענע ווערטער! דער קאָפּ דינט דעמ יעסאַול פּאָלאָווצעוו פונקט אַזוי גוט, ווי די הענט דינענ אימ...

יאַקאָוו לוקיטש איז געשטאַנענ באַמ שפּײַכלער אונ געקוקט, ווי פּאָלאָווצעוו אונ סעמיאָנ באַלעבאַטעווענ אונ שינדנ די שעפּסנ, וואָס זײַנענ אונטערגעהאַנגענ אפּ א לײַסטל. דער לאַמטערנ „פלעדערמויז״ האָט העל באַלויכטנ דעמ ווײַסנ אונטערשלאַק פונעמ שעפּסנ־פעל. שינדנ איז געווענ גרינג. יאַקאָוו לוקיטש האָט א קוק געטאָנ אפּ דער געקוילעטער שעפּס, וואָס איז געהאַנגענ מיטנ אָפּגעשניטענעמ האַלדז

אראָפּ, אפּנ פּארקאַשערטנ פּעל, וואָס איז אראָפּגעהאַנגענ ביזנ בלויענ בויכ, א קוק געטאָנ אפּנ שווארצנ שעפּסנ־קאָפּ, וואָס האָט זיכ נעג־וואַלגערט בא דער קאַרעטע, אונ אופגעציטערט, ווי פונ א זעץ אונטער־די קני, אונ איז בלאָס געוואָרנ...

איגעמ בלויענ שעפּסנ־אויג מיטנ גרויסנ, נאָכ ניט אויסגעלאָשענעמ שוואַרצאַפּל, איז געבליבנ פאַרגליווערט טויטשרעק. עס האָט זיכ יאַקאָוו לוקיטשנ דערמאָנט כאַפּראָווס ווײַב, איר שטאַמלענדיקער, שרעקלעכער שעפּטשענ: „פּאַטערל!.. טײַערינקער, פאַרוואָס?" יאַקאָוו לוקיטש האָט מיט עקל א קוק געטאָנ אפּנ אָפּגעשוונדענעמ פּיאָלעט־ראָזעווג שעפּס, אפּ זײַנע אָפּגערעקטע אָדערנ אונ מוסקול־געפּלעכט. דער שאַרפער בלוט־ריח האָט בא אימ, ווי דעמלט, אַרויסגערופנ א עקל אינ געצוווּנגענ זיכ א וואַקל טאָנ. ער איז שנעל ארויס פונ שפּײַכלער.

— עס גייט מיר ניט אײַנ קיינ פליישׁ... גאָטעניו!.. אפילע אפּנ גערוכ ניט.

— נאָכ וואָסער טײַוול ביסטו אהער געקומענ? אונ דיר וועלנ מיר זיכ כּפראיענ, אדלמאַנ! — האָט פּאַלאַוצעוו געשמייכלט אונ מיט די פאַרבליטיקטע פינגער, פאַרשטינקענ פונעמ שעפּסנ־פעטס, האָט ער גענומענ צונויפדרייענ א ציגאַרל.

ביז פרישטיק האָבנ זיי זיכ קוימ ספּראַוועט. די אָפּגעשוונדענע שעפּסנ האָבנ זיי אופגעהאַנגענ אינ שפּײַכלער. די ווײַבער האָבנ אויס־געפּרעגלט דאָס עקנ־פעטס. פּאַלאַוצעוו האָט זיכ פאַרשפּאַרט אינ אַלקערל (באַטאָג פּלעגט ער ניט אַרויסקריכנ פונ דאָרטנ). מע האָט אימ געבראַכט פריש געקעכטס מיט שעפּסנ־פלייש אונ גריוונ פונ שעפּסנ־עק. ווי נאָר די שנור האָט פונ אימ ארויסגעטראָגנ דאָס לײ־דיקע שיסעלע, האָט אפּנ הויפּ דאָס פערטל א סקריפּע געטאָנ.

— טאַטע! דאַווידאָוו גייט צו אונדז — האָט סעמיאָנ א געשריי געטאָנ. ער האָט דער ערשטער דערזענ דאַווידאָוונ, וואָס איז אַרײַנ אינ הויפּ. יאַקאָוו לוקיטש איז געוואָרנ ווײַס, ווי אויסגעזייפט מעל. דאַווידאָוו האָט שוינ אינ פירהויז נעריייניקט מיטנ בעזעמ די שיכ, שמאַרק געהוסט, איז אַרײַנ זיכער, פעסט שטעלנדיק די טריט.

— „פּאַרפּאַלנ! — האָט יאַקאָוו לוקיטש געטראַכט.—ווי ער גייט עס, דער הינטישער זונ! ווי ער וואָלט געוועזנ באַלעבאָס איבער דער גאַנצער ערד! — ווי ער וואָלט בא זיכ אינ שטוב געגאַנגענ! אַכ, פאַרפּאַלנ! מיסטאַמע פאַר ניקיטענ אַרעסטירנ, זיכ דערוווּסט, דער בלוטפּײַנט".

א קלאפ אין טיר, א הייזעריק טענאָרל:

— דערלויבט אריינגיין?

— גייט אריין, — יאקאָוו לוקיטש האָט געוואָלט זאָגן הויך, אָבער זיין שטים האָט זיך איבערגעריסן.

דאווידאָוו האָט געעפנט די טיר. יאקאָוו לוקיטש איז ניט אויפגעשטאנען פון טיש (ער האָט ניט געקאָנט! ער האָט אפילו די ציטערדיקע, פארבאלעשטע פינגער ניט געקענט אונטערגעהויבן, עס זאָל זיך ניט הערן, ווי די קנאָפל פון די טשיריקעס קלאפן אָן דער פאָדלאָגע).

— א גוטמאָרגן, באלעבאָס!

— גוטמאָרגן, באוועך! — האָבן מיט איין קאָל געענטפערט יאקאָוו לוקיטש און זיין ווייב.

— א פראָסט אין דרויסן...

— יאָ, פראָסטיק.

— דער קאָרן וועט ניט אויספרירן, ווי רעכנסטו? — דאווידאָוו איז אריינגעקראָכן אין קעשענע, ארויסגענומען א שווארץ טיכל, ווי די ערד, עס אריינגענומען אין פויסט און אויסגעשנייצט די נאָז.

— קומט אריין, באוועך, — האָט איינגעלאדן יאקאָוו לוקיטש.

„וואָס האָט ער זיך דערשראָקן, דער נאר" — האָט זיך דאווידאָוו געוואונדערט, ווען ער האָט באמערקט, ווי עס איז בלאס געוואָרן דער באלעבאָס, ווי זיינע ליפן האָבן זיך קוים באוועגט פון שרעק.

— איז ווי איז מיטן קאָרן?

— ניין, ער וועט ניט פרירן... דער שניי האָט אים צוגעדעקט... עפשער וועט אים א כאפ טאָן דער פראָסט, ווו דער שניי איז אראָפגעבלאָזן...

„ער הייבט אָן פונעם קאָרן, און באלד וועט ער מיסטאמע א זאָג טאָן: „נו, לאָמיר גיין!" עפשער האָט ווער געמאָסערט וועגן פאָלאָוצעוון? אָן אונטערהוודונג". — האָט יאקאָוו לוקיטש געטראכט. ביסלעכווייז איז ער געקומען צו זיך פון שרעק, צום געזיכט האָט מיטאמאָל א שלאָג געטאָן דאָס בלוט, פון די הויט־גריבעלעך איז ארויס א שוויים, זיך געקייקלט איבערן שטערן, אפ די גרויליכע וואָנצעס, אפ דער שטעכיקער מאָרדע.

— זייט א גאסט, קומט אריין אין צימער.

— איך בין געקומען זיך דורכשמועסן מיט דיר, ווי איז ריין נאָמען?

— יאקאָוו, לוקאס זון.

— יאקאָוו לוקיטש? איז אָט, יאקאָוו לוקיטש, דו האָסט זייער

גוט און זאכלעכ גערעדט אפ דער פארזאמלונג וועגנ קאָלווירט. געוויס, דו ביסט גערעכט, אז א קאָלווירט דארפ האָבנ א קאָמפּליצירטע מא-שינ. מיט וועגנ אָרגאניזירנ די ארבעט האָסטו א טאָעס געהאט, א פאקט, מיר רעכענענ דיכ ארויסרוקנ פאר א ווירטשאפט-פארוואלטער. איכ האָב וועגנ דיר געהערט, ווי וועגנ א קולטורעלנ באלעבאָס...

— איז קומט ארײַנ, טײַערער כאווער! גאשא, שטעל דאָס סא-מאָווארל. אָדער עפשער וועט איר א ביסל געקעכצ? צי א קאוועלע א געזײַערטע אופשנײַדנ? קומט ארײַנ, אונטזער טײַערער גאסט! צו א נײַ לעבנ... — יאקאָוו לוקיטש האָט זיכ פארבלינעט פונ פרייד, פונ די פלייצעס איז ווי א בארג אראָפגעפאלנ. — איכ האָב קולטורנ באלעבאָטעווע, ריכטיק האָט איר געזאָגט. אונדזער פינצטערנ אווילעמ האָב איכ פונ די זיידעס געווינהײַטנ געוואלט אָפגעוווינענ... ווי אקערט מענ? מע באראבעוועט די ערד! א לויב-אטעסטאט פונ דער קרײַזיקער ערד-פארוואלטונג האָב איכ באקומענ. סעמיאָנ! ברענג דעמ אטעסטאט, וואָס הענגט אינ ראָמל. איכ'ל אליינ גיינ, מע דארפ ניט.

יאקאָוו לוקיטש האָט ארײַנגעפירט דעמ גאסט אינ אלקער, אונ ניט באמערקט א יונגנ געטאָנ צו סעמיאָנענ. יענער האָט פארשטאנענ, איז ארויס אינ קאָרידאָר צו פארמאכנ דאָס אלקערל, ווו עס איז געזעסנ באהאלטנ פאלאָווצעוו, ער האָט אהינ ארײַנגעקוקט אונ זיכ דער-שראָקנ: אינ אלקערל איז קיינער ניט געווענ. סעמיאָנ האָט ארײַנ-געקוקט אינ זאל. פאלאָווצעוו איז אינ איינע וואָלענע זאָקנ געשטאנענ בא דער טיר, וואָס פירט צומ אלקער. ער האָט געגעבנ א ווונק, סע-מיאָנ זאָל ארויסגיינ אונ צוגעלייגט צו דער טיר דעמ אויער, וואָס האָט ארויסגעשטארטשעט, ווי בא א רויב-כײַע. „א שרעקלאָזער טײַוול!" — האָט סעמיאָנ א קלער געטאָנ, ארויסגייענדיק פונ זאל.

ווינטער איז דער גרויסער, קאלטער זאל אינ אָסטראָוונאָווס הויז געווענ ניט באזעצט. אפ דער געפאָרבענער פאדלאָגע פלעגנ זײַנ אינ איינעמ פונ די ווינקלענ פונ יאָר צו יאָר צונויפגעשיטנ קאָנאָפליע-זריע. לעבנ דער טיר איז געשטאנענ א דייזשקע מיט געזײַערטע עפל. פאלאָווצעוו האָט זיכ צוגעזעצט אפנ ברעג דייזשקע. יעדעס וואָרט פונעמ שמועס האָט ער געהערט. אינ די פארפרוירענע פענצטער האָט זיכ געגאָסנ די ראָזעווע פארנאכטיקע שײַנ. פאלאָווצעוו איז קאלט געוואָרנ אינ די פיס. אָבער ער איז געזעסנ, זיכ ניט גערירט אונ מיט ווייטערדיקער סינע זיכ צוגעהערט צומ הייזעריקנ טענאָרל פונעמ פײַנט, וואָס איז געזעסנ אָפגעטיילט פונ אימ בלויז מיט דער טיר. „הייזעריק

געוואָרג, דער הונט, אויף זײַנע מיטיינגען! איך וואָלט ריכ... אַך, וועג מע קאָן דאָס איצט!" — פּאָלאָווצעוו האָט צוגעדריקט צו דער ברוסט די מיט בלוט אָנגעלאָפענע פויסטן, זײַנע נעגל האָבן זיך אײַנגעשניטן אין די דלאָניעס.

הינטער דער טיר:

— איכ'ל אײַך אזוי זאָגן, טײַערער אָנפירער פון קאָלווירט: עס טויג גיט צו פּיריג די ווירטשאפט אפן אלטן שטייגער. לאָמיר נעמען: כאָטשבי קאָרן, איבער וואָס פּירט עס אויס און עס מאכט אויס אַ א דעסיאטין, אויב גוט, א פּוד צוואנציק, און אנדערע נעמען אפילע גיט אראָפּ אפ זריע? און בא מיר קאָן מען קיינמאָל ניט דורכשטופּן זיך דורכ די זאנגען. איך פלעג אמאָל ארויסרײַטן אפ דער אָנגעזאָטל־טער שקאַפּע און איבערן זאָטל פלעג איך די זאנגען צונויפבינדן. דער זאנג איז אזא, אז אפן האנט ליגט ער זיך ניט אויס. דאָס איז אלץ איבער דעם, וואָס איך פלעג דעם שניי פאַרהאַלטן, די ערד גע־פויעט. אן אנדערער בירגער שנײַדט אָפּ די זונרויזן באם וואָרצל — ער זשאַלעוועט, עס וועט, הייסט עס, צוניץ קומען אפ הייצונג, זומער האָט דער הינטישער זון קיין צײַט ניט אָנצושנײַדן קיזיק אפן הויף, זײַנע פּוילקײַט איז נאָך פריער פון אים געבוירן געוואָרן. פארקלאפּט אים דעם קאָפּ און ער פארשטייט ניט, אז די הויזן־שטעקנס, אויב מע שנײַדט נאָר די הויכע אליינ פון די רויזן, וועלן פאַרהאַלטן דעם שניי, צווישן זיי וועט זיך דער ווינט ניט צעהוליען און וועט דעם שניי ניט אוועקטראָגן אין די באלקעס. צו פרילינג איז אזא ערד בעסער ווי דער סאמע טיפסטער פּיר־אקער. אָבער, אז מע פארהאלט ניט דעם שניי, ווערט ער אומזיסט צעגאנגען, דאָס פעטע וואסער רינט אראָפּ און ניט דער מענטש, נאָר די ערד האָט פון אים קיין נוצן ניט.

— דאָס איז, פארשטייט זיך, ריכטיק.

— מיר, באַוועט דאַווידאָוו, האָט אונדזער שפּײַזערן, די ראַטנ־מאכט, ניט אומזיסט אונטערגעטראָגן א לויב־אַטעסטאט! איך ווייס וואָס און ווען. די אגראָנאָמען האָבן אויך אין אנדערע זאכן א טאָעס, אָבער א סאך זאכן זײַנען ריכטיקע אין זייער געלערנטקײַט. אָט, לעמאָשל, האָב איך אויסגעשריבן אן אגראָנאָמישן זשורנאַל, און אין זשורנאַל האָט איינער זייער א געלערנטער מענטש פון יענע, וואָס לערנען מיט די סטודענטן, געשריבן, אז קאָרן, הייסט עס, פרירט אפילע ניט, נאָר ער ווערט פארפאלן איבער דעם, וואָס די נאקעטע

ערד, אפ וועלכער ס'איז ניטאָ קיינ שנײ־צורעק, פלאצט אונ צוזאמענ מיט זיכ רײַסט זי די ווארצלענ פונעמ זאנג.

— א, דאָס איז אינטערעסאנט! איכ האָב וועגנ דעמ ניט געהערט.

— ער שרײַבט ריכטיק. איכ בינ אײַנשטימיק מיט אימ. איכ האָב אפילע אליינ אויסגעפרווט. איכ גראָב אויס אונ זע: די פיצינקע אונ דינינקע אָפּעלעכ אפנ ווארצל, אָט דאָס, מיט וואָס די באַווארצלטע קערנער זויגנ פונ דער ערד דאָס שווארצע בלוט, מיט וואָס זײ שפּײַזנ זיכ, — זײַנענ געפּלאצט אונ צעריסנ. דאָס קערנדל האָט ניט מיט וואָס צו שפּײַזנ זיכ, קומט עס אומ. בא א מענטשנ, אז מע שנײַדט איבער די אָדערנ — וועט ער דאָכ אויכ ניט לעבנ אפ דער וועלט? אזוי איז דאָס קערנדל.

— יאָ, יאקאָוו לוקיטש, דאָס רעדסטו פּאקטיש. מע דארפ דעם שנײ פארהאלטנ. גיב מיר אָט די אגראָנאָמישע זשורנאלנ צו לייענענ.

„דיר וועט עס גיט צוניצ קומענ! וועסט ניט צאווײַזנ. א קורציע מאָס איז פאר דיר אָפּגעמאָסטנ אינ לעבנ!” — האָט פּאָלאָווצעוו געשמייכלט.

— אָדער, וויאזוי דארפ מענ פארהאלטנ אפנ פעלד־אקער דעמ שנײ? מע דארפ האָבנ פארקנדלעכ. איכ האָב שוינ צוגעטראכט אזא פארקנדל פונ צווײַגלעכ... מיט די באלקעס דארפ מענ שטרײַטנ, זײ נעמענ בא אונדז אפ יעדעס יאָר מער פונ טויזנט דעסיאטינ.

— דאָס אלצ איז ריכטיק. דו זאָג נאָר, ווי זאָלנ מיר בעסער באוואָרענענ די געבײַדעס פארנ פּי. עס זאָל זײַנ ביליק אונ גוט, האַ?

— די שטאלנ? דאָס אלצ וועלנ מיר מאכנ! מע דארפ די ווײַבער הייסנ באשמירנ די געפּלאָכטענע ווענט, דאָס איז איינס, אונ אז ניט קאָנ מענ צווישנ צוויי געפּלאָכטענע ווענט מיסט אָנשיטנ.

— יאָ־יאָ־יאָ... נו, אונ וועגנ דורכסאמענ?

פּאָלאָווצעוו האָט זיכ בעסער געוואָלט אײַנאָרדענענ אפ דער דייזשקע, האָט אָבער דאָס רעדל זיכ ארויסגעגליטשט פונ אונטער אימ אונ איז מיט א טראסק ארָאָפּגעפאלנ. פּאָלאָווצעוו האָט א קריצגעטאָנ מיט די צײנ, ווענ ער האָט דערהערט, ווי האווידראָוו האָט געפרעגט:

— וואָס איז עס דאָרטנ אראָפּגעפאלנ?

— מיסטאמע האָט די קאצ עפּעס אראָפּגעוואָרפנ. מיר ווינענ דאָרט ניט ווינטער. איכ וויל אײַכ טאקע באווײַזנ סאָרטיקע קאָנאָפּליע, אויסגעשריבענע, זי ווינטערט בא אונדז אינ אָט דעמ זאל. קומט ארײַנ.

פּאָלאָוועצו האָט מיט איינ שפּרונג זיכ א וואָרפ געטאָנ צומ ארויסגאַנג אינ קאָרידאָר. די טיר, וואָס איז באַצייטנס געווענ אויסגעשמירט מיט געגנדזענע שמאַלצ, האָט קיינ סקריפּ ניט געטאָנ אונ אָנ טומל אימ ארויסגעלאָזט...

דאַווידאָוו איז ארויס פונ יאַקאָוו לוקיטשנ מיט א פּעקל זשורנאַלנ אונטערנ אָרעמ, צופרידנ מיט די רעזולטאַטנ פונ זייַנ באַזוכ אונ נאָכ מער איבערצייַגט אינ אָסטראָווגאָווס נוצלעכקייט. „אָט מיט אַזעלכע קאָנ מענ אינ א יאָר איבערקערנ דאָס דאָרפ! א קלוגער פּויער, דער טייַוול, אנ אָנגעלייענטער. ווי גוט ער קענ עס די ווירטשאַפט אונ די ערד. אָט דאָס איז קוואַליפיקאַציע! איכ פאַרשטיי ניט, פאַרוואָס קוקט מאַקאַר אַפּ אימ קרומ, א פאַקט, אַז ער וועט ברענגענ דעמ קאָלווירט קאָלאָסאַלע נוצנ!“ — האָט ער געטראַכט, שפּאַנענדיק צומ דאָרפראַט.

## קאַפּיטל 15

נאָכ יאַקאָוו לוקיטשנ איז עס אַוועק — אַלע נאַכט האָט מענ גענומענ קוילענ פי אינ גרעמיאַטשי. ווי נאָר ס'ווערט פינצטער, הערט זיכ שוינ, ווי ערגעצ־וווּ ניט קורצ אונ פאַרשטיקט א מעקע א שעפּס, ווי א טויט=קוויטש פונ א כאַזער בויערט דורכ די שטילקייט, אָדער א קעלבל גיט א טויבנ מרוקע. ס'האָבנ געקוילעט אי די, וואָס זייַנענ אַרייַנגעטראָטנ אינ קאָלווירט, אי די אינדיווידואַלנ. מע האָט געקוילעט אָקסנ, שעפּסנ, כאַזיירימ, אַפילע קי; מע האָט געקוילעט דאָס פי, וואָס מע האָט געלאָזט אַפּ פלאָד... אינ צוויי נעכט איז געוואָרנ א העלפט פונ דער צאָל האָרנפי אינ גרעמיאַטשי. איבערנ כוטער האָבנ הינט גענומענ שלעפּנ קישקעס אונ אינגעווייד. די קעלערס אונ שפּייַכלערס זייַנענ פול געוואָרנ מיט פלייש. אינ צוויי טעג האָט די קאָאָפּעראַטיווע קלייט אויספאַרקויפט אַרומ צוויי הונדערט פּוד זאַלצ, וואָס איז אָנדערהאַלבנ יאָר געלעגנ אַפנ סקלאַד. „קוילעט, איצט איז עס ניט אונדזערס!“ „קוילעט, אַלצ איינס וועט מענ עס צונעמענ אַפ פלייש־פאַרגרייטונג!“ „קוילעט, ווייל אינ קאָלווירט וועט מ'ניט אויסקומענ צו פאַרזוכנ דעמ טאַמ פונ א ביסנ פלייש!“ — איז געקראָכנ א שוואַרצער קלאַנג אונ מע האָט געקוילעט. מע האָט זיכ איבערגעפרעסנ. אַפנ מאָגנ האָבנ געקרענקט אַלע, פונ קליינ ביז גרויס. מיטיקצייט פלעגנ די טישנ אינ די הייַזער זיכ ברעכנ פונ געקאָכט אונ געבראָטנ פלייש. מיטיקצייט פלעגנ בא אַלעמענ די מייַלער זייַנ פעט, יעדער פלעגט גרעפּצנ,

ווי אפ א סודע; פונ דער שיקערער זאטקײַט זײַנענ בא אלעמענ די אויגנ געווענ פארגאסנ.

דער אלטער שטשוקאר האט פונ די ערשטע געקוילעט זײַנ פאר־איאָריקע טעלעצע. צוזאמענ מיט דער אלטער האבנ זיי זי געוואָלט אונטערהענגענ אפנ באלקנ, עס זאָל באקוועמער זײַנ זי אָפצושינדנ; זיי האבנ זיכ געמאטערט לאנג אונ אומזיסט (זי איז געווענ א שווערע, די פעטגעוואָרענע טעלעצע), די אלטע האט אפילע דעם קרייצ אויס־געלונקענ, הייבנדיק דעם זאָדעק פונ דער טעלעצע, אונ א וואָכ צײַט נאָכ דעם פלעגט איר די באבקע אפנ רוקנ שטעלנ א טשוהונ. דער אלטער שטשוקאר האט אפ מאָרגנ איבערפרי אליינ געקאָכט אונ, צי פונ פארדראָס, וואָס די אלטע האט זיכ אויסגעלונקענ, צי פונ גרויסער פרעסערײַ, נאָר צו מיטיק האט ער זיכ אזוי אָנגעפרעסנ מיט ברוסט־פלייש, אז עטלעכע מעסלעס נאָכ אָט דעם מיטיק פלעגט ער ניט אראָפגיינ פונ הויפ, די זאק־הויזנ ניט פארשפיליענ אונ גאנצע מעס־לעסנ אָפזיצנ אפ דער גרויסער קעלט הינטערנ שפײַכלער, אינ די זונרויזנ. ווער עס פלעגט יענע טעג פארבײַגיינ פארבײַ שטשוקארס האלב־אײַנ־געפאלענער הײַזקע, דער פלעגט זענ: דעם אלטנס מאלעכײַ שטעקט ארויס אפנ גאָרטנ, צווישנ די זונרויזנ־שטעקנס שטעקט עס ארויס אונ רירט זיכ ניט; דערנאָכ פלעגט זיכ דער אלטער שטשוקאר אליינ פלוצעמ באווײַזנ פונ די זונרויזנ, פלעגט אוועקריכנ צו דער הײַזקע, ניט קוקנדיק אפנ געסל, אונ אינ וועג אונטערהאלטנ די ניט פארשפיליעטע הויזנ. מיט פארמאטערטע טריט, קוימ שלעפנדיק די פיס, פלעגט ער דערגיינ ביזנ טויערל, אונ פלוצעמ, פונקט ווי ער וואָלט זיכ דערמאָנט עפעס א וויכטיקס איניענ, פלעגט ער זיכ אומקערנ אונ מיט דריבנע טריטעלעכ ווידער אוועקלויפנ צו די זונרויזנ. אונ ווידער פלעגט אומ־באוועגלעכ אונ וואזשנע ארויסשטעקנ פונ די רויזנ־שטעקנס דעמ אלטנס מאלעכײַ. אונ דער פראָסט קנאקט! אונ דער ווינט שיט א שניי אי־בערנ גאָרטנ אונ וויעט אָנ ארומ דעמ אלטנ פארשפיצטע שניי־בערגלעכ!

ראזמיאָטנאָוו איז אפנ צווייטנ מעסלעס, פארנאכט, ווי נאָר ער האָט זיכ דערוווסט, אז דאָס פי ווערט אפ א מאסנ־אויפנ אויסגע־קוילעט, געקומענ צו לויפנ צו דאווידאָוונ.

— דו זיצסט?

— איכ לייענ. — דאווידאָוו האט פארבויגנ דאָס זײַטל אינעמ קליינעמ געלבלעכנ ביכל אונ פארקלערט א שמייכל געטאָנ: — אָט,

ברודער, איז א ביכל, — עס פארכאפט דעם אָטעם, — האָט ער זיכ פאנאנדערגעלאכט מיט א געעפנט מויל אונ צעוואָרפנ די קורצע פעט־טע הענט.

— ראָמאנעס לייענסטו! אָדער לידלעכ, אונ אינ כוטער...

— נאר איינגערנ! ראָמאנעס! וואָסערע לידלעכ! — דאווידאָוו האָט לאכנדיק אוועקגעזעצט אנדרייענ אפ א בענקל אנטקעגנ זיכ אונ אים ארײַנגערוקט אינ די הענט דאָס ביכל. — דאָס איז דאָכ אטהרייעווס פארטראג אפנ ראָסטאָווער פארטאקטיוו. דאָס איז, ברודער, ווערט מער פונ צענ ראָמאנענ! א פאקט! איכ האָב גענומענ לייענענ אונ פארגעסנ אפצועסנ, זיכ פארלייענט. ע, צום טייוול, א שאָד... איצט איז שוינ מיסטאָמע פארקילט געוואָרנ. — אפ דאווידאָווס פארברוינט פּאָנעם האָט זיכ געלייגט א פארדראָס. ער איז אויפגעשטאנענ, צעטראָגנ אונטערגעהויבנ די קורצע הויזנ, ארײַנגערוקט די הענט אינ די קעשענעס אונ איז אוועק אינ קיכ.

— דו וועסט מיכ אויסהערנ? — האָט בייז ווערנדיק ראזמיאָטנאָוו געפרעגט.

— ווי־זשע דענ! געווים וועל איכ אויסהערנ, באלד.

דאווידאָוו האָט פונ קיכ געבראכט א ליימענע שיסעלע מיט קאלט געקעכץ אונ זיכ געזעצט. ער האָט אפאמאָל אָפּגעביסנ א גרויס שטיק ברויט אונ געקייעט, באוועגנדיק אונטער די האָזלעכע באקנ מיט די באקצייגער. שווייגנדיק האָט ער אָנגעשטעלט אפ ראזמיאָטנאָוונ די פארמאטערט־פארזשמורעטע גרויע אויגנ. אפנ געקעכץ איז פונ אויבנ פארקילט געבליבנ אָראנזשעווע גלאנציקע אייגעלעכ פונעם רינדער־פלייש פעטס, ווי א רויט פלעמל האָט ארויסגעקוקט דער שווימענדיקער רויטער פעפער.

— מיט פלייש איז דאָס געקעכץ? — האָט אנדריי ביטער א פרעג געטאָנ אונ אָנגעוויזנ אפנ שיסעלע מיטנ פארויכערטנ פינגער.

דאווידאָוו האָט ווערגנדיק זיכ און, אָנגעשטרענגט שמייכלענדיק, צופרידנ א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.

— פונוואנענ איז דאָס פלייש?

— איכ ווייס ניט, וואָס איז?

— וואָס איז?... א העלפט פי האָט מענ אויסגעקוילעט אינ כוטער.

— ווער? — דאווידאָוו האָט א דריי געטאָנ דאָס שטיק ברויט אונ עס אָפּגערוקט.

— די טייוולאָנים! — דער שראָמ אפ ראזמיאָטנאָווס שטערנ איז

רויט געוואָרנ. — פאָרזיצער פונ קאָלווירט! גיגאַנטנ בויסטו! דײַנע אײגענע קאָלווירטניקעס קוילענ, אָט ווער! אונ די אינדיווידואַלנ אויכ. זיי זײַנענ מעשוגע געוואָרנ, א רועכ אינ זייער מאַמענ! מע קוילעט אוים אַלצ, אפילע די אָקסנ קוילעט מענ.

— אָט א טעווע בא דיר... שרײַסט, ווי אַפּ א מיטינג... — האָט מיט פאַרדראָס געזאָגט דאַווידאָוו אונ זיכ גענומענ פאַרנ געקעכצ.

— דו דערצייל מיר רויִק אונ געלאַסנ, ווער קוילעט, פאַרוואָס.

— איכ ווייס פאַרוואָס?

— קעסיידער מיט גרילצ אונ געשריי... מע זאָל פאַרמאַכנ די אויגנ — האָסטו דיר פונקט דאָס ליבע זיבעצנטע יאָר.

— דו האָסט א ברייִרע... סע שרײַט ארויס פונ מיר!

ראַזמיאָטנאָוו האָט דערציילט, וואָס ער האָט געוווּסט וועגנ דעם פי, וואָס מע האָט גענומענ אויסקוילענ. צום סאָפ האָט שוינ דאַווידאָוו געגעסנ, קימאַט ניט צעקײַענדיק. די שפּאַס־שטימונג איז פונ אימ אַוועק, ווי מיט דער האַנט וואָלט מענ זי בא אימ אראָפּגענומענ.

אַרום די אויגנ האָבנ זיכ געזאַמלט קנייטשנ־שניטלעכ, דאָס פּאָנעם איז אַזוי ווי עלטער געוואָרנ.

— ניי באַלד אונ רופ צונויפ אנ אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג. נאַגול־נאָוונ... איבעריקנס, איכ וועל אַליינ צו אימ ארײַנ.

— נאָכ וואָס צונויפרופנ?

— וואָס הייסט, נאָכ וואָס? מירנ פאַרווערנ קוילענ דאָס פי! מיר וועלנ דערפאַר פונ קאָלווירט ארויסטרײַבנ אונ מישפּעטנ. דאָס איז דאָכ שרעקלעכ וויכטיק, א פאַקט!... דאָס האָט ווידער דער באַלעגופ אונדז אונטערגעשטעלט שטעקנס אינ די רעדער! נו, נא — פאַרייכער אונ גיי. אַגעוו, איכ האָב פאַרגעסנ צו באַרימענ זיכ. — אַפּ דאַ־ווידאָווס פּאָנעם איז דורכגעלאָפנ א וואַרעם, גליקלעכ שמייכעלע; ער האָט זײַנ פרייד ניט געקאָנט באַהאַלטנ, וויפל ער האָט ניט גע־פרווּוט אײַנפּרעסנ די ליפּנ.

— איכ האָב הײַנט באַקומענ א פּאָסט־פּעקל פונ לענינגראַד... יאָ, א פּעקל פונ די כאַווייִרימ... — ער האָט זיכ אײַנגעבויגנ, ארויס־געצויגנ פונ אונטערנ קישנ ניט קיינ גרויס קעסטעלע אונ, רויט פונ פאַרגעניגנ, האָט ער אויפגעהויבנ דאָס דעקל.

אינ קעסטל זײַנענ אינ אָרדענונג געלעגנ פּעקלעכ פּאַפּיראָסנ, א שאַכטל געבעקס, ביכער, א הילצערנער געשניצטער פּאָרטציגאַר, נאָכ עפּעס אינ פּעקלעכ אונ שקאַרמיצנ.

— די באַוויירימ האָבנ זיכ דערמאָנט און צוגעשיקט... דאָס זײַנענ, ברודער, אונדזערע פּאַפּיראָסנ, לענינגראַדער... אַפּילע שאָקאָלאַד, די זעסט, אַפ וואָס דאַרפ איכ אימ? מע דאַרפ עס אָפּגעבנ עמעצנ קינדער... נו, דאָ איז וויכטיק דער פּאַקט, און ניט דאָס. ריכטיק? דעריקער — זיי האָבנ זיכ דערמאָנט, צוגעשיקט און א בריוו איז דאָ...

האַווידראָווס שטימ איז געווענ אומגעווײנלעכ ווייכ; אזא צעדולט־גליקלעכנ האָט אַנדריי דעמ באַוער האַווידראָוו געזענ דאָס ערשטע מאָל. זײַנ אופגעבראַוזטקייט האָט אומבאַוווּסט וויאַזוי, אָנגעשטעקט ראַזומיאָטאָוונ. וועלנדיק זאָגנ עפּעס אָנגענעמס, האָט ער א בורטשע געטאָנ:

— נו, גוט. דו ביסט א ווילער באָכער, האָט מענ דיר, הייסט עס, געשיקט. דאָ איז אַפּאַנעמ, ניט פאַר איינ רובל פאַראַנ גוטס.

— ניט דאָס איז דער איקער! הו פאַרשטייסט דאָב, איכ בינ, כאַפּט עס דער טײַוול, א מינ הימלאָזער, אָנ א ווײַב, אָנ קיינעמ, א פּאַקט! און דאָ — נא דיר! — אָט האָסטו דיר א פּעקל. א רידנ־דיקער פּאַקט... אינ בריוו, זעסט וויפל אונטערשריפטנ. — האַווידראָוו האָט מיט איינ האַנט דערלאַנגט א פּעקל פּאַפּיראָסנ, און אינ דער צווייטער געהאַלטנ דעמ בריוו, באַווײַזט מיט פילצאָליקע אונטערשריפט. זײַנע הענט האָבנ געציטערט.

ראַזומיאָטאָוו האָט גערויכערט א לענינגראַדער פּאַפּיראָס און געפרעגט:

— נו, ביסט צופרידנ פונ דײַנ דירע? די באַלעבאָסטע איז א נישקאָשעדיקע? ווי האָבטו זיכ אײַנגעאָרדנט מיט וועש? דו וואָלסט מײַנ מאַמענ געגעבנ וואַשנ, האַ? אָדער דו וואָלסט אָפּגערעדט מיט דער באַלאַבאָסטע... דאָס העמד אַפ דיר איז מיט א שווערד ניט דורכ־צוהאַקנ, און שווייס הערט זיכ פונ דיר, ווי פונ א געמאָרעטנ פערד.

האַווידראָוו איז רויט געוואָרנ:

— יאָ, ביכט גערעכט... באַ נאַגולנאָוונ, ווענ איכ האָב געוווינט, איז עפּעס ניט באַקוועמ געווענ... עפּעס פאַרנייענ פלעג איכ אליינ, און געוואַשנ האָב איכ אויכ אזוי ווי אליינ. און אזוי ביכלאַל האָב איכ זיכ נאָכ ניט אַרומגעוואַשנ, דאָס איז א פּאַקט! און דאָס לײַבל אויכ... ניטאָ דאָ קיינ זייפ אינ קלייטל, איכ האָב שוינ געבעטנ דער באַלעבאָסטע, זאָגט זי: „ניט זייפ". איכ'ל אָנשרײַבנ די באַוויירימ, מע זאָל צושיקנ צומ וואַשנ. די דירע איז נישקאָשע, קיינ קינדער זײַ־נענ ניטאָ, מע קאָנ לייענענ אומגעשטערט, און ביכלאַל...

— איז ברענג צו מײַן מאַמען. זי וועט אויסוואַשן. שעם זיך ניט, איך בעט דיך: זי איז בײַ מיר אַ גוטע אַלטינקע.

— איך וועל זיך שוין אײַנאָרדענען, זײַ רויִק, אַ דאַנק. מע דאַרף אַ באָד מאַכן פאַרן קאָלווירט, דאָס יאָ! מירן אײַנאָרדענען, אַ פאַקט. נו, גיי, אָרגאַניזיר די פאַרזאַמלונג.

ראַזמיאָטנאָוו האָט געענדיקט רייכערן און איז אַוועק. דאַווידאָוו האָט גלאַט אַזוי איבערגעלייגט אין קעסטל די פעקלעך, אָפּגעזיפצט, פאַרצויגן דעם קאָלנער פון דעם מוטנע־געלן פאַרשמוציקטן לײַבל און, פאַרגלעטנדיק די שוואַרצע אַף אַרויף פאַרקעמטע האָר, האָט ער זיך גענומען אָנטאָן.

אַפן וועג איז ער אַרײַן צו נאַגולנאָוו. יענער האָט אים באַגעגנט פאַרכמורעט און געקוקט אָן אַ זײַט.

— מע קוילעט דאָס פי... ס'איז אַ שאָד געוואָרן דאָס אייגנטום. אַזאַ מין צערודערונג קומט פאַר אינעם קליינעם בורזשוי — אַז ס'איז ניט אויסצודערציילן... — האָט ער גענומען מורמלען, זיך באַגריסנדיק. און באַלד שטרענג זיך געווענדט צו זײַן ווײַב. — גליקעריאַ, גיי גלײַך אַרויס פונדאַנען. זיץ אַ ווײַלע בײַ דער באַלעבאָסטע, פאַר דיר אין די אויגן קאָן איך ניט ריידן.

אַ פאַרטרויערטע אַפן אויוון, איז לושקע אַרויס אין קיך. די גאַנצע צײַט, זינט צוזאַמען מיט די באַלעגופישע פאַמיליעס איז אויך אַוועקגעפאָרן טימאָפיי דער געריסענער, איז זי אַרומגעגאַנגען, ווי ניט בײַ זיך. אונטער אירע אויפגעלאָפענע אויגן איז געלעגן אַ טרויעריקע בלויקײַט; די נאָז האָט זיך פאַרשאַרפט, ווי ניט בײַ אַ לעבעדיקער. אָפּנעם, שווער געווען צו שיידן זיך מיטן געליבטן. דערמלט בײַם אַרויסבאַגלייטן די באַלעגופים, וואָס זײַנען אַוועקגעפאָרן אין די קאַלטע פאָליוס־קאַנטן, האָט זי אָפן, ניט געשעמט אַרומגעבלאָנקעט אַרום באָרשטשעווס הויף און געוואַרט אַף טימאָפייען. און ווען אין אָוונט זײַנען פון גרעמיאַטשי אַרויסגעפאָרן די פורן מיט די באַלעגופישע פאַמיליעס און מיט די וואַכן, האָט זי אויסגעשריִען מיט אַ ביטערן יאָמערדיקן געשריי און זיך געוואָרפן אַפן שניי. טימאָפיי האָט זיך געהאַט געוואָרפן צו איר פון דער פור, נאָר פראָל דער געריסענער האָט אים צוריקגעקערט מיט אַ דראָענדיקן רוף. טימאָפיי איז אַוועק נאָך דער פור, אָפּט זיך אומגעקוקט אַף גרעמיאַטשי און געביסן די ליפּן, די ווײַס געוואָרענע פון הייסער סינע.

אַזוי ווי די בלעטלעך אַפן טאָפּאָל האָבן אָפּגעציטערט טימאָפייס

צערטלעכע ווערטער: זעט אויס, מער וועט זיי לושע ניט הערנ. איז ווי־זשע זאָל דאָס ווײַבעלע ניט פארטריקנט ווערנ פונ בענקעניש ווי־זשע זאָל זי ניט אויסגײנ! ווער וועט איר איצט זאָגנ, קוקנדיק מיט ליבע אינ די אויגנ: „אײַכ קלײדט אזוי דאָס גרינע קלײדל, לושע! איר זעט אינ אים נאָכ קנאַקעדיקער, ווי אנ אָפיצערשע פונ דער אלטער צײַט אָדער מיט די ווערטער פונעמ ווײַבערשנ לידל: „אדיע, מײַנ שײנהײט, א גוטע נאכט. דײַנ שײנקײט געפעלט מיר,—א פראכט", בלויז טימאָפײ האָט געקענט מיט כניפע אונ מיט הארציקער אומ פארשעמטקײט אופטרײסלענ לושקעס געשאָמעלע.

פונעמ מאנ האָט זי פונ יענעמ טאָג אָנ אײנגאנצנ זיכ אָפּגע־פרעמדט. מאקאר האָט דעמלט גערעדט רויִק, וואָגיק אונ אומגעוויינ־לעכ פיל:

— לעב בא מיר אָפּ די לעצטע טעג. אונ דערנאָכ נעמ צונויפ דײַנע בעבעכעס, די גומענדלעכ אונ סלויעקלעכ פאָמאָדע אונ הײַדא, וווהינ דו ווילסט. ליבנדיק דיכ, האָב איכ פיל ביזיונעס איבערגע־טראָגנ, אָבער איצט האָט געפלאצט מײַנ געדולד! מיטנ באלעגופישנ זונ האָסטו זיכ געדרײט — האָב איכ געשוויגנ. אָבער אז דו האָסט פארנ גאנצנ קאָלווירטישנ באוווסטזיניקנ פאָלק פארגאָסנ נאָכ אימ טרערנ, האָב איכ שוינ מער קײנ געדולד ניט! מיט דיר, מײדל, איז ניט וואָס ביז דער וועלט־רעוואָלוציע וועל איכ ניט דערציִענ, נאָר איכ קאָנ אײנגאנצנ אראָפּ פונ מארק. דו ביסט מיר אינ לעבנ ווי אָנ איבעריקער פאק אפ מײַנ האָרב. וואָרפ איכ אראָפּ דעמ דאָזיקנ פאק! פארשטאנענ?

— פארשטאנענ, — האָט לושקע געענטפערט אונ איז אנשוויגנ גע־וואָרנ.

אײנאָוונט איז דעמלט געווענ בא דאווידאָוונ מיט מאקארנ אנ אינ־טימער שמועס.

— זי האָט דיכ פארפאטשקעט דאָס ווײַבל ביזנ דעק! ווי וועסטו איצט קוקנ אינ די אויגנ דער קאָלווירטישער מאסע, נאגולנאָוו?

— שוינ ווידער דאָס אלטע...

— פלאָקנ דו אײנער! אקסענער ווײדל! — דאווידאָוו האלדז איז רויט געוואָרנ, די אָדערנ אפנ שטערנ האָבנ זיכ אופגעבלאָזנ.

— ווי זאָל איכ מיט דיר רײדנ? — נאגולנאָוו איז ארומגעגאנגענ איבערנ צימער, געקנאקט מיט די פינגער אונ שטיל ביטרע גע־שמײכלט. — ווי נאָר ניט אזוי געזאָגט, טשעפעסטו זיכ באלד ווי אָנ

א האקן: „אַנאַרכיסט! אַפּגעגליט! טראָצקיסט!“ דו ווייסט, ווי אַ־כ
קוק אַפּ אַ פרוי און איבער וואָס פאַר אַ באַדערפעניש איך האָב געליטן
אַזאַ מיגן כאַרפּע? איך האָב דיר שוין, דאַכט זיך, געזאָגט: ניט וועגן
איר האַלט איך אין טראַכטן. וועגן אַ שעפסנ־עק האָסטו עפּעס
וואָס געטראַכט?

— קיי־יינ... — האָט דאַווידאָוו אויסגעצויגן, איבעראַשט פונעם
אומדערוואַרטן קער אין מאַקאַרס רעדע.

— און איך האָב געטראַכט: צוליב וואָס דאַרף אַ שעפּס אַן עק,
צוגעקלעפּט פון דער נאַטור? דאַכט זיך, צוליב גאָרנישט. נו, אַן אָקס,
אַ פערד, אָדער אַ הונט,—די טרייבן אָפּ מיטן עק די פליגן, אָבער
בא אַ שעפּס האָט מען אָנגעהאַנגען אַכט פונט פעטס, זי טרייסלט
מיט אים, אָבער די פליגן אַראָפּטרייבן קען זי ניט, זומער איז אַ־
היים פונעם עק, בערעלעך טשעפּען זיך אָן אים.

— וואָס פאַר אַ שייכעס האָבן דאָ פאַרשיידענע עקן? — דאַווי־
דאָוו האָט ווידער אָנגעהויבן אינדערשטיל בייז צו ווערן.

— אָבער גאַגולנאָוו האָט געלאַסן פאָרגעזעצט:

— דאָס האָט מען איר, לויט מיין מיינונג, דעם עק צוגעמאַכט,
קעדיי די שאַנד צו פאַרשטעלן. ניט באַקוועם, וואָלסטו אויף איר
אָרט זיך אַהינגעטאָן? אָט איז פאַר מיר די פרוי, דאָס ווייב
הייסט עס, נייטיק, ווי פאַר אַ שעפּס דער עק. איך בין אינגאַנצן אָנ־
געשפּיצט אויף דער וועלט־רעוואָלוציע. איך וואַרט אויף איר, אויף מיין
טייערער... אָבער דאָס ווייב איז פאַר מיר טפוי, און מער גאָרנישט.
אַ ווייב איז זיך אַזוי צווישן אַנדערע זאַכן. אָן אַ ווייב קאָן מען אויך
ניט. די שאַנד דאַרף מען דאָך פאַרדעקן... אַ מאַנצביל בין איך מיט
אַ שטיקל פייער, כאָטש אַ קראַנקער, אָבער אין אַ פרייער מינוט קאָן
איך אַנטשפּרעכן. אויב זי האָט געהאַט פון פאָרנט אַ שוואַכקייט, איז
כאַפּט איר דער וואָנטמאַכער! איך האָב איר אַזוי טאַקע געזאָגט.
„ליפּטער זיך, אויב דו פילסט אַ נויט דערין, אָבער זע נאָר, דו זאָלסט
מיר אין כאַרטעכ עפּעס ניט ברענגען, און קיין קרענק זאָלסטו מיר
ניט פאַרכאַפּן, אַניט וועל איך דיין קאָפּ אָפּ אַ זייט פאַרדרייען!“ און
דו, כאָוועד דאַווידאָוו, פאַרשטייסט דאָס אַלץ גאָרניט. דו ביסט ווי אַן
אייזערנער צוזיפּגעליגטער אַרשין. און אויך צו דער רעוואָלוציע
הערסטו זיך ניט אַזוי צו... נו, וואָס יאָרעסטו מיך פאַר דער ווייבערשער
זינד? אויך פאַר מיר וועט בא איר קלעקן, נאָר דאָס, וואָס זי האָט
זיך מיטן באַלעגופּ פאַרבונדן און געקלאָגט נאָך אים, נאָכן קלאַסן

סוינע, פאר דערפאר איז זי א פאסקודע, אונ איכ וועל זי — וועסנ
זענ — פונ הויפ פארטרייבנ. שלאָגנ זי בינ איכ ניט בעקויעכ. איכ
טרעט אריינ אינ א נייַ לעבנ, ב׳וויל ניט די הענט פארפאטשקענ. אונ
דו וואָלסט זי, זעט אויס, אָנגעשלאָגנ, הא? איז דעמלט, וואָס פאר אַנ
אונטערשייד וועט זײַנ צווישנ דיר, דעמ קאָמוניסט, אונ לאָמיר זאָגנ,
מיט א פארגאנגענעמ מענטשנ, מיט א וואָסערנ טשינאָווניק? די דאָ־
זיקע האָבנ אַלעמאָל געשלאָגנ זייערע ווייבער! אָט דאָס טאקע! ניינ,
ברודער, דו הער אופ מיט מיר וועגנ לושקענ צו ריידנ. איכ וועל אליינ
זיכ מיט איר אָפרעכענענ, דו ביסט דאָ איבעריק. א ווייַב — דאָס איז
זייער אַנ ערנסטער איניענ! פונ איר הענגט אָפ זייער פיל. — נאגול־
נאָוו האָט טרוימעריש זיכ צעשמייכלט אונ פארגעזעצט: — אָט, אז
מיר וועלנ צעברעכנ אַלע גרענעצנ, וועל איכ דער ערשטער א געשריי
טאָנ: „גייט, האָט כאסענע מיט ווייבער פונ אנדערע בלוטנ!“ — אלע
וועלנ זיכ דורכמישנ, אונ ס׳וועט אפ דער ווייסער וועלט ניט זײַנ
אזא כארפע, וואָס איינער איז אפנ לייַב א ווייסער, דער אנדערער א
געלער, אונ דער דריטער א שווארצער: אונ די ווייסע ווארפנ אופ די
אנדערע דעמ פארכ פונ זייער לייַב אונ האלטנ זיי פאר נידעריקערע.
אלע וועלנ אפנ פענעמל זײַנ אָנגענעמ־פארברוינטע, אונ אלע גלייַכע.
וועגנ דעמ קלער איכ אמאָל גאנצע נעכט...

— דו לעבסט ווי אינ כאָלעמ, מאקאר! — האָט אומצופרידנ דאַ־
ווידאָוו געזאָגט, — פיל זאכנ פארשטיי איכ ניט אינ דיר. די ראסנ־
אָפגעפרעמדקייט — דאָס איז טאקע אזוי, אָבער אלדאָס איבעריקע...
אינ די שטייגער־פראגנ בינ איכ מיט דיר ניט מאסקימ. נו, כאפט
דיכ דער טייוול! אָבער מער וועל איכ באַ דיר ניט וויינענ... א
פאקט!

דאווידאָוו האָט ארויסגעשלעפט פונ אונטערנ טיש דעמ טשעמאָ־
דאנ (אינ טשעמאָדאנ האָבנ פארשטיקט א בראזנ געטאָנ די אינסטרו־
מענטנ, וואָס האָבנ זיכ דאָ אָנ ארבעט געוואלגערט) אונ איז ארויס.
נאגולנאָוו האָט אימ באגלייט אפ דער נייַער דירע, צומ קינדערלאָזנ
קאָלווירטניק פילימאָנאָוו. דעמלט האָבנ זיי דעמ גאנצנ וועג ביז פ
לימאָנאָווס הויפ גערעדט וועגנ דעמ פארזיי, אָבער די פראגנ פונ פאַ־
מיליע אונ שטייגער האָבנ זיי מער ניט באריקט. פונ דעמלט אָנ א־
נאָכ פילבארער געוואָרנ די קילבלעכקייט אינ זייערע קעגנזייַטיקע בא־
ציונגענ...

איז אויכ יאָט דאָס מאָל האָט נאגולנאָוו באגעגנט דאווידאָוונ אלצ

קוקנדיק אָנ אַ זײַט אונ אַראָפּ, אָבער נאָכ דעמ, ווי לושקע איז ארויס, האָט ער לעבהאפטער גענומענ ריידנ:

— מע קוילעט דאָס פּי, פּאסקודעס! זיי זײַנענ קאפּאבל מיט דרײַ העלדזער צו פרעסנ, אבי ניט אָפּצוגעבנ אינ קאָלווירט. איכ לייג פּאָר אַט וואָס: הײַנט טאקע אפּ דער פֿאַרזאמלונג שיקנ א הישטאדלעס, אז די בייזוויליקע קוילער זאָל מענ דערשיסנ!

— וואָ־אָ־אָס?

— דערשיסנ, זאָג איכ. בא ועמענ הארפּ מענ זיכ מיישטאדל זײַנ וועגנ דערשיסנ? דער פֿאָלקסגעריכט וועט עס ניט קענענ, הא? אָט, אז מע וואָלט צעקנאקט א פּאָר אזוינע, וואָס האָבנ טראָגעדיקע קי געקוילעט, וואָלטנ די איבעריקע, ווײַזט אויס, זיכ אויסגעטשוכעט! איצט דארפּ מענ מיט דער גאנצער שטרענגקײַט.

דאווידאָוו האָט א וואָרפּ געטאָנ די קעפּקע אפּנ קופּערט אונ גענומענ ארומשפּאנענ איבערנ צימער. אינ זײַנ שטימ איז געווענ אומצופרידנקײַט אונ פֿארקלערטקײַט:

— אָט, ווידעחאמאָל פֿארבייגסטו... אנ אומגליק מיט דיר, מאַקאר! נו, גיב נאָר א קלער: צי מעג מענ דענ פּארנ קוילנ א קו דערשיסנ?! ניטאָ אזעלכע געזעצנ, א פּאקט! ס׳איז געווענ א באשטימונג פֿונ וציק, איז וועגנ דעמ האָרט קלאָר געזאָגט: אפּ צוויי יאָ־ ארײַנזעצנ, מע מעג אפּנעמענ די ערד, די בייזוויליקע ארויסזעצנ פּינעמ קאנט, אָבער דו — זיכ מישטאדל זײַנ וועגנ דערשיסנ. בעעמעס, עפּעס אזא...

— עפּעס אזא! קיינ שומ אזא בינ איכ ניט! דו צילסט זיכ אלצ אָנ אונ פּלאָנטעווסט. אָבער מיט וועמענ וועלנ מיר זייענ? מיט וועמענ, אויב די ניט ארײַנגעטראָטענע אינ קאָלווירט וועלנ די אָקסנ אויסקוילענ. — מאקאר איז הארט צוגעגאנגענ צו דאווידאָוונ אונ ארופגעלייגט די הענט אפּ זײַנע ברייטע פּלייצעס.

ער איז געווענ קימאט מיט א קאָפּ העכער פֿאַר דאווידאָוונ, געקוקט אפּ אימ פֿונ אויבנ אראָפּ אונ, ווידער גערעדט:

— סיאָמאַ! באַל־האכמימ מײַנער! פֿארוואָס איז בא דיר דער מארב אזא פֿוילער? — אונ קימאט אויסגעשריענ: — מירנ דאָכ אומקומענ, אויב מירנ מיטנ פֿארזיי זיכ ניט ספּראווענ! שווינ־זשע פֿארשטייסטו ניט? מע מוז, אומבאדינגט, א צווייידריי פּאסקודעס דערשיסנ פֿארנ פּי! די באלעגופימ דארפּ מענ דערשיסנ! דאָס איז זייער ארבעט! מע דארפּ בעטנ די העכערע מאכטנ!

— טיפּעש!

— אַט, ווידער בין איך געבליבן דער נאַר... — נאַגולאַוו האָט פאַרנורעט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און גלייך אים פאַריסן, ווי א פערד, וואָס דערפילט די מויל־אייזנס, און גענומען דונערן: — זיי וועלן אַלץ אויסקוילען! די צייט איז איצט א פּאָזיציעדיקע ווי אין בירגערקריג, דער פיינט שפּאַרט פון אַלע זייטן, און דו! איר, אזעלכע און אַזעלכע וועט אומברענגען די וועלט־רעוואָלוציע!.. איבער אַנב וועט זי ניט קומען, שווער־מויעכדיקע! דאָרטן אומעטום פּייניקן די בורזשויען דאָס אַרבעטער־פאָלק, זיי פאַרניכטן די רויטע כינעזער, יוי א רויך, אַלערליי שוואַרצהויטיקע האַרגענען זיי אויס, און דו צאַצקעסט זיך דאָ מיטן פּיינט! ווי שעמסטו זיך ניט! א שאַנדע א גרויסע! אין האַרצן טריקענען די בלוטן, ווען מע גיט א קלער וועגן אונדזערע ליבלעכע ברידער, איבער ווענען די בורזשויען איזדיעקעווען זיך אין די אויסלאַנדן! איך קען איבער דעם טאַקע קיין ציטונגען ניט לייענען!.. פון די ציטונגען קערן זיך מיר איבער מיינע גאַנצע איינגעווייד! און דו... וואָס קלערסטו וועגן די ליבלעכע ברידער, וואָס די פּאַנים לאָזן זיי פוילן אין די טורמעס? דו האָסט אַפּ זיי קיין ראַכמאָנעס ניט!..

האַווידאָוו האָט גענומען שרעקלעך סאָפּען און מיט אַלע פינף פינגער צעשויבערט די פּעטרושוואַטע האָר:

— צום טייוול! וואָס הייסט, כ'האָב קיין ראַכמאָנעס ניט? א פּאַקט! און שריי ניט, איך בעט דיך! אליין א פּסיך און מאַכט אַנדערע פאַר פּסיכן! אַפּ דער מילכאָמע האָב איך צוליב לושקעס אויגן, אָדער וואָס, מיט דער קאָנטרע זיך אָפּגערעכנט? וואָס לייגסטו פאָר? באַטראַכט זיך! ניטאָ וואָס צו ריידן וועגן דערשיסן! דו וואָלסט בעסער מאַסן־אַרבעט געפירט און דערקלערט אונדזער פּאָליטיק, אָבער הערשיסן — דאָס איז לייכט! אַלעמאָל ביסטו אַזאַ! ווי נאַר אַזוי, פּאַלסטו באַלד אַריין אין עקסטרעמקייט, א פאַקט! אָבער ווו ביסטו געווען ביי דעם?

— דאָרטן ווו דו!

— דערין שטעקט דער פאַקט! מיר האָבן אַלע פאַרזען די דאָזיקע קאָמפּאַניע, דאַרף מען איצט פאַריכטן, אָבער ניט ריידן וועגן דערשיסונגען. גענוג די היסטעריקעס צו מאַכן! נעם זיך פאַר דער אַרבעט! א פריילן, צום טייוול! נאָך ערגער פון א פריילן מיט געפאַרבענע נעגעלעך.

— בא מיר זײַנען זיי מיט בלוט געפּאַטשט!

— בא אַלעמען אַזוי, װער עס האָט נאָר דאָס געשעקס מיליטער גע־האַלטן, א פּאָקן!

— סעמיאָן, ווי קענסטו מיר אָנרופן פּרייליק?

— דאָס רעדט זיך אַזוי.

— נעם צוריק דאָס וואָרט — האָט נאַגולנאָוו שטיל געבעטן.

דאַווידאָוו האָט שווײַגנדיק א קוק געטאָן אויף אים און זיך צע־לאַכט.

— איך נעם, בארויק זיך און קום אויף דער פּאַרזאַמלונג. מע דאַרף גוט אָנאַגיטירן טאָן קעגן דעם אויסקוילען!

— נעכטן האָב איך א גאַנצן טאָג איבער די הויפן געשליאָנ־דערט און אײַנגערעדט.

— דאָס איז א גוטער מעטאָד. מע דאַרף נאָכאַמאָל זיך דורכגיין, מיר אַלע.

— אָט, ווידעראַמאָל... נעכטן ערשט גיי איך פון הויף ארויס און טראַכט: „נו, דאַכט זיך אײַנגערעדט!“ איך גיי ארויס און איך הער: „אוי, אוי!“ — א כאַזערל האָט שוין אונטערן מעסער געקוויטשעט. און איך האָב דאָס מיט די זעלבע פּאַסקודנע אייגנטימער ביז דעם א שאָ גערעדט וועגן דער וועלט־רעוואָליוציע און וועגן קאָמוניזם! און ווי נאָך גערעדט! אַז איך אַליין האָב עטלעכע מאָל א טרער גע־לאָזט פון גערירטקײַט. ניין, ניט אײַנריידן דאַרף מען זיי, נאָר קלאַפּן איבערן קאָפּ, קלאַפּן און אויסטײַטשן: „פּאַלג ניט דעם באַלעגוף, שעד־לעכער שלאַנג! לערן זיך ניט בא אים צו זײַן אַזא אייגנטימער! קוילע ניט, פּאַסקודע, דאָס פּי!“ ער מיינט, אַז ער קוילעט אַן אָקס, אינדער־עמעסן זעצט ער ארײַן א מעסער אין רוקן דער וועלט־רעוואָליוציע!

— וועמען מע דאַרף שלאָגן און וועמען — לערנען — איז דאַווי־דאָוו געבליבן אײַנגעשפּאַרט.

זיי זײַנען ארויס אויפן הויף. עס האָט געשאָטן א נאַסער שניי. קלעפּיקע שניי־פּערלעך האָבן געדעקט דעם פאַרעלטערטן שניי און ציגאַנטען אויף די דעכער. אין דער שטאַק־פינצטערניש האָבן זיי זיך דערקליבן ביז דער שול. אויף דער פּאַרזאַמלונג איז געקומען נאָר א העלפט גרעמיאַטשער. ראַזמיאָטנאָוו האָט איבערגעלייענט די באַשטי־מונג פונעם „וציק“ און ראַטפאָלקאָם „וועגן די קאַמפּ־מיטלען קעגן דעם רויבערישן אויסקוילען דאָס פי“. דערנאָך האָט דאַווידאָוו גע־האַלטן א רעדע. צום סאָף האָט ער אָפן געשטעלט די פראַגע:

— מיר האָבנ, בירגער, זעקס און צוואנציק מעלדונגענ וועגנ ארײַנטרעטנ אינ קאָלווירט. מאָרגנ וועלנ מיר זײ באטראכטנ אפ דער פארזאמלונג און דעמ, וואָס האָט זיכ אונטערגעגעבנ אפנ באלעגופט ווענטקע און האָט אויסגעקוילעט דאָס פי פארנ ארײַנטרעטנ אינ קאָלווירט, וועלנ מיר ניט ארײַנעמענ, א פאקט!

— און אויב אנ ארײַנגעטראָטענער אינ קאָלווירט קוילעט דאָס יונגפי, ווי איז? — האָט ליובישקינ געפרעגט.

— יענע וועלנ מיר אויסשליסנ!

די פארזאמלונג האָט זיכ אופגערודערט.

— דעמלט לאָזט פאנאנדער דעמ קאָלווירט! ניטאָ אינ כוטער אזא הויפ, וו מע זאָל ניט האָבנ געקוילעט קיינ בעהיימעלע! — האָט באָרשטשעוו אויסגעשריִענ.

נאגולנאָוו איז אפ אימ ארופגעפאלנ און נעפאָכעט מיט די פויסטנ:

— דו שוויַג, באלעגופישער אונטערלעקער! אינ די קאָלווירטישע איניאָנימ קריכ ניט, מיר וועלנ זיכ אָנ דיר ספראווענ! דו אליינ האָסט ניט געקוילעט דאָס דרײַיאָריקע עקסל?

— אפ מײַנ פי בינ איכ אליינ דער באלעבאָס!

— יאָט וועל איכ דיכ מאָרגנ שיקנ אָפזיצנ, דאָרטנ וועסטו באלעבאטעווענ!

— שטרענג זייער! צופיל שטרענג שטעלט איר אײַנ! — האָט עמעצנס הייזעריקע שטימ געשריִענ.

די פארזאמלונג איז געווענ אפילע א קליינע אינ צאָל, אָבער א שטורמישע. פאנאנדערגייענדיק זיכ, האָבנ די כוטעריאנער צוגעשוויגנ, און, נאָר ארויסגייענדיק פונ שול גרופעסווײַז, האָט מענ אינ וועג גענומענ זיכ טיילנ מיט די מיינונגענ.

— דער טײַוול האָט מיכ געשלעפט קוילענ צוויי שעפסנ! — האָט פאר ליובישקינענ זיכ געקלאָגט דער קאָלווירטניק קרושענקאָוו סעמיאָנ. — איר וועט איצט דאָס פלייש פונ גאָרגל ארויסנעמענ...

— איכ, באָבער, האָב זיכ אליינ פארפאסקודעט, איכ האָב אוועקגעקוילעט די ציג... — האָט שווער געזיפצט ליובישקינ. — איצט פינטל מיט די אויגנ פאר דער פארזאמלונג. אָכ, דו, אינ דײַנ מאמעס ארײַנ, מיט די האָזיקע ווײַבער! ארײַנגעשלעפט אינ א זינד, א רועכ אינ איר זײַט! „קוילע און קוילע". פלייש האָט זיכ איר פארוואָלט! אכ, דו, אנטשיבעל אינ קליידל! איכ קומ אהיימ — פויקו איכ זי אָנ!

— עס איז נייטיק, נייטיק אָנצולערנען זי. — האָט געזיפֿצעט ליוּ־בישקינס מעכוטן — דער אַלטער זיידע בעסבּלעבנאָוו אַקים. — פֿאַר דיר, מעכוטן, איז דאָס גאָר ניט שיין, דו ביסט דאָך אַ קאָלווירטי־שער מיטגליד.

— אָט דאָס איז עס טאַקע, — האָט ליובישקין געזיפֿצט, און דער פֿינצטערער אָפּגעווישט פֿון די וואָנצעס די צוקלעפּטע שניי־פֿערדעלעך און זיך געשטרויכלט איבער די הורדעס.

— און דו, זיידע אַקים, האָסט דעם געפֿלעקטן אָקס, דאַכט זיך, אויך געקוילעט? — האָט אומטערהוסטנדיק געפֿרעגט דיאָמקע אושאַ־קאָוו, וואָס האָט געוווינט מיט בעסבּלעבנאָוון אין שכיינעס.

— געקוילעט, ליבער, ווי־זשע אים ניט קוילען? דער אָקס האָט צעבראָכן אַ פֿוס, צעבראָכן, דער געפֿלעקטער! אפֿן קעלער האָט אים דער טייוול פֿאַרשלעפּט און ער האָט צעבראָכן אַ פֿוס.

— אָט דאָס טאַקע האָב איך באַגיינען געזען, ווי דו און די שנור האָבן מיט ריטעלעך אים געטריבן צום קעלער...

— וואָס רעדסטו! וואָס רעדסטו, דעמענטי! טשוכע זיך אויס! — האָט זיך דער זיידע אַקים דערשראָקן און זיך אפֿילו אָפּגעשטעלט אינ־מיטן געסל, אָפּט פֿינטלענדיק אין דער נאַכטיקער שטאָק־פֿינצטערניש.

— קום, קום זיידעניו, — האָט אים דיאָמקע בארויקט. — גו, וואָס שטייסטו, ווי אַן אײַנגעגראָבענע סאָכע? האָסט דאָך דעם אָקס פֿאַר־טריבן אין קעלער...

— ער איז אַליין אַרײַן, דעמענטי! זינדיק ניט, אָבּ, אַ גרויסע זינד!

— ביסט כיטרע, אָבער ניט כיטרער פֿון אַן אָקס. אַן אָקס דער־לאַנגט מיטן צונג אונטערן עק, און דו, ווײַזט אויס, קענסט ניט אַזוי, האַ? האָסט געטראַכט: „איך דעם אָקס מאַכן פֿאַר אַ קאַליקע, און שאַ־שטיל“?

איבערן כוטער האָט געווילדעוועט אַ פֿינצטער ווינט. איבערן טײַך האָבן אין די לעוואַדעס געררוישט די טאָפּאָלן און ווערבעס. אַ שוואַר־צער צודעק, אַן אויבּ אויסצושטעכן, האָט פֿאַרדעקט דעם כוטער, פֿאַרשטיקט פֿון דער פֿינצטערניש האָבן איבער די געסלעך זיך געטראָגן שטימען. דער שניי האָט געשאָטן. דער ווינטער האָט אויסגעטריבן די לעצטע ווינטער־קערנער.

# קאפּיטל 16

פונ דער פארזאמלונג איז דאווידאָוו אוועק מיט ראזמיאָטנאָוונ. דער שנײ האָט געשמיסנ געדיכט און פּײַכט. אינ דער פינצטער האָבנ וו־ניט־ווו אופגעבליצט פײַערלעכ. דאָס הינטישע בילנ, צעריסנ פונ די ווינט־צוגנ, האָט זיכ געטראָגנ איבערנ כוטער פארומערט און אָנ אופהער. דאווידאָוו האָט זיכ דערמאָנט יאקאָוו לוקיטשס דערציילונג וועגנ פארהאלטנ דעמ שנײ און ער האָט אָפּגעזיפצט: „נײנ, האיאָר קריכט עס ניט אינ קאָפּ. וויפל שנײ וואָלט פונ אזא זאווערוכע זיכ געלײגט אפ די אקער־פעלדער! פּאָשעט, א שאָדנ, א פאקט!”

— קומ ארײַנ אינ פערד־שטאל, לאָמיר א קוק טאָנ אפ די קאָלווירטישע פערד, — האָט ראזמיאָטנאָוו פארגעלײגט.

— קומ.

זײ האָבנ פארקער־עוועט אינ געסל. אינגיכנ האָט זיכ באוויזנ א פײַערל: לעבנ לאפּשינאָווס הײ־שײַער, וואָס מע האָט איבערגעמאכט פאר א שטאל, איז נעהאנגענ א לאמטערנ. זײ זײַנענ ארײַנ אפנ הויפ. באַ דער טיר אינ שטאל ארײַנ, אונטער דער שאָפּע, זײַנענ געשטאנענ א מאנ אכט קאָזאקנ.

— ווער דעזשורעט הײַנט? — האָט ראזמיאָטנאָוו געפרעגט. אײנער פונ די קאָזאקנ האָט פארלאָשנ אָנ שטיוול דאָס ציגארל אינ געענטפערט:

— קאָנדראט מײַדאניקאָוו.

— פארוואָס שטײט דאָ אנ אוילעמ? וואָס טוט איר דאָ? — האָט דאווידאָוו זיכ פארינטערעסירט.

— אזוי, כאווער דאווידאָוו... מיר שטײענ, אנ אלגעמײנעמ רײכערנ האָבנ מיר געמאכט...

— הײ האָבנ מיר פונ אָוונט געבראכט.

— מיר האָבנ גענומענ רײכערנ און זיכ צעשמועסט. מיר רעכענענ אריבערוואַרטנ די זאווערוכע.

די פערד אינ די אָפּגעצוימטע געשטעלנ קײַענ געמאָסטנ. א גערוכ פונ שוויס, פונ פערדישער מיסט און האשטאָנע צונויפגעמישט מיטנ לײַכטנ, שוועבנדיקנ רײעכ פונעמ סטעפּישנ קאטראנ־הײ. אנטקעגנ יעדנ געשטעל, אפ הילצערנע פלעקלעכ, הענגט דער כאָמעט, די שלײעס, אדער די פאסטראָמקעס. דער דורכגאנג איז רײנ אויסגעקערט און איז לײַכט פארשאָטנ מיט געלנ זאמד.

— מײַדאַניקאָװ! — האָט אַנדרײ אױסגערופֿן.

— אאַ! — האָט זיך אַ שטים אָפּגערופֿן אין עק שטאַל.

מײַדאַניקאָװ האָט אױף אַ גאָפּל געטראָגן אַ קופּע קאָרן־שטרױ. ער איז אַרײַן אין פֿערטן געשטעל פֿון דער טיר־זײַט, מיטן פּוס אופֿגע־הױבן דעם ראָב־שװאַרצן פֿערד, װאָס איז געלעגן, און צעשאַרט דאָס שטרױ.

— דרײ זיך אױס! טײַ־יײַװל! — האָט ער בײז געשריִען און זיך פֿאַרמאָסטן מיטן גאָפּל־שטעקן אױפֿן צוגעדרעמלטן פֿערד.

דאָס פֿערד האָט דערשראָקן גענומען קלאַפּן מיט די קאָפּיטעס, פֿאַרוקט די פֿיס אױף דער הילצערנער פּאָדלאָגע, געפּאַרשקעט און זיך אַ ציִ געטאָן צו דער קאָרעטע, און װי עס װײַזט אױס, האָט עס מער ניט געקלערט זיך צו לײגן. קאָנדראַט איז צוגעגאַנגען צו דאַװידאָװן, אײַנגעאָטעמט דורכגענומענעם מיטן געדיכטן פֿונעם פֿערד־שטאַל און שטרױ, און אױסגעשטרעקט אַ קאַלטע האַנט.

— נו, װי גײט עס, כאַװער מײַדאַניקאָװ?

— נישקאָשע, כאַװער פּאָרזיצער פֿון קאָלװירט.

— ביסט מיר עפּעס צופֿיל אָפֿיציעל: „כאַװער פּאָרזיצער פֿון קאָלװירט“...

— דאַװידאָװ האָט אַ שמײכל געטאָן.

— איך בין איצט אױף מײַן פּאָסטן.

— פֿאַרװאָס דרײט זיך דאָ אַרום אַן אױלעם באַם שטאַל?

— פֿרעגט זײ אַלײן! — אין קאָנדראַטס שטים האָט זיך דערהערט אַ בײזער פֿאַרדראָס. — װי נאָר מע דאַרף באַנאַכט אונטערבעטן די פֿערד, אַזױ טראָגט זײ אָן דער טײַװל. דער אױלעם קאָן זיך בעשום־ױפֿן ניט אָפּזאָגן פֿון איבערװױדװאַלקײט. דאָס זיצן אַלץ באַלעבאַטימ! זײ קומען צו גײן: „מײַן גניאַדע האָסטו אונטערגעלײגט הײ?“ „און דעם בולאַנעם האָסטו אונטערגעבעטט?“ „מײַן שקאַפּע איז דאָ נאָך אַ גאַנצע?“ און װוהין, לעמאָשל, קאָן זײַן שקאַפּע אַהינקומען? אין מױל װעל איך זי פֿאַרשטױפּן, צי װאָס? קריכן אַלץ און בעטן זיך: „לאָז איך׳ל דיר העלפֿן אונטערבעטן די פֿערד!“ און יעדערער זעט מער אונטערצוליײגן הײ אונטער זײַן פֿערד... אַן אומגליק! מע דאַרף אָננעמען אַ באַשלוס, אַז קײן איבעריקער אױלעם זאָל זיך דאָ ניט אַרומשליאָנדרעװען.

— האָסטו געהערט? — אַנדרײ האָט אונטערגעװוּנקען צו דאַװי־דאָװן און פֿאַרומערט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— טרײַב זיי אַלעמען פֿונאַנדער! — האָט האָווידאָוו באַפֿוילן, אין כּעס ווערנדיק. — קיינער אויסער דעזשורנע און זײַן געהילף זאָל דאָ ניט זײַן. וויפֿל ביסטו היינט? דו וועגסט?

— ניין, איך וועג ניט אָפּ. איך בין איצט מיט אַ האַלבן פּוד אַ פֿערד.

— דו בעטסט אונטער אַלעמען?

— וואָס איז עס, מרנוואָרט! — קאָנדראַט האָט פֿאַרצאָרנט אַ טרייסל געטאָן מיט דער בודיאָנאָווקע. איך פֿאַרברוינטע געשטעל פֿון זײַן האַלדז, איך קאָלנער פֿון דער אָפּגעטראָגענער סערמעגע האָבן זיך אַ שיט געטאָן ווייכע לושפּײַקעס. — אונדזער ווירטשאַפֿט־פֿאַרוואַלטער, אַסטראַכאָוו, יאַקאָוו לוקיטש, איז הײַנט געווען. ער זאָגט: „בעט אונטער די פֿערד מיט רעשטלעך. איז עס דען אַן אָרדענונג? און ער, דער טײַוול, רעכנט זיך דאָך פֿאַרן בעסטן באַלעבאָס, און רעדט אַזעלכע נאַרישקײַטן!

— וואָס איז?

— ווי־זשע, האָווידאָוו! די רעשטלעך — דאָס איז דורכויס גוטער קאָרם. דער קאַטראַן, וואָס געפֿינט זיך דאָ, איז קלענער, וואָס מע קאָן עסן, אָדער דער בוריאַן, דאָס אַלץ קאָנען די שעפּסן אין ציגן ביזן דעק אויפֿעסן, זיי וועלן שוין אויסקלײַבן, און ער באַפֿוילט עס געבן אויף אונטערבעטן די פֿערד! איך האָב געהאַט געזאָגט קעגן אים, און ער: „ניט דײַן זאַך מיר אָנצווײַזן!"

— בעט ניט אונטער קיין רעשטלעך. ריכטיק! מיר וועלן אים מאַכן דעם עק אָנדרייען! — האָט האָווידאָוו צוגעזאָגט.

— און נאָך אַ זאַך: מע האָט גענומען פֿון דער היי־סקירדע, וואָס מיר האָבן באַם ברונעם צונויפֿגעלייגט. פֿרעגט זיך, צוליב וואָס?

— מיר האָט יאַקאָוו לוקיטש געזאָגט, אַז דאָס היי איז ערגערס. ער וויל דאָס שלעכטע היי ווינטער געבן אויף פּיטער, און דאָס גוטע לאָזן צום פֿאַרזיי.

— נו, אויב אַזוי איז ריכטיק — האָט קאָנדראַט אײַנגעשטימט — אָבער וועגן די רעשטלעך זאָגט אים.

— איך'ל זאָגן. נאָ, פֿאַרטײַבער אַ ילעניגראַדער פּאַפּיראָס... — האָווידאָוו האָט אָפּגעהוסט — די כאָווייריום האָבן מיר ציגעשיקט פֿון זאַוואָד... די פֿערד זײַנען אַלע געזונט?

— אַדאַנק. גיט צו רייבערן. די פֿערד זײַנען אַלע אין אָרדענונג. פֿאַריקע נאַכט האָט זיך אָוועקגעלייגט אונדזער פֿערד, דער שפּרינגער

דער געוועזענער לאפשינאָווס, האָבן מיר אכטונג געגעבן. אזוי איז אלץ אין אָרדענונג. אָט איז פאראן איינער א טײַוול, לייגט זיך ניט פאר קיין פאל. א גאנצע נאכט, זאָגט מען, איז ער אָפּגעשטאנען. מאָרגן וועלן מיר אלעמען שמירן די פאָדערשטע פיס. געווען א גליטש האָט דער אײַז אף ריין אָפּגעשײַערט די ציינער פון די פאָדקאָוועס. נו, א גוטן. איך האָב נאָך ניט אלעמען אויסגעגעבעט.

ראזמיאָטנאָוו איז געגאנגען באגלייטן דאווידאָוון. שמועסנדיק, זײַנען זיי פארבײַגעגאנגען א קווארטאל, גאָר אפן ראָג צו דאווידאָווס דירע האָט זיך ראזמיאָטנאָוו אָפּגעשטעלט אנטקעגן דעם הויף פונעם אינדיווידואל לוקאשקע טשעבאקאָוו, אָנגענומען דאווידאָוון פאר דער פלייצע און אים ארײַנגערוימט:

— קוק!

באַם פערטל, — הרײַ טריט פון זיי — האָט זיך געשווארצט די פיגור פון א מענטשן. ראזמיאָטנאָוו איז מיטאמאָל שנעל צוגעלאָפן, מיט דער לינקער האנט געכאפט דעם מענטשן, וואָס איז געשטאנען פון יענער זײַט פערטל, און מיט דער רעכטער אײַנגעפרעסט דאָס הענטל פונעם נאגאן.

— דו, לוקא?

— האָס זײַט איר, אנדריי סטעפאניטש?

— וואָס האלטסטו אין דער רעכטער האנט? נו, גיב אָפּ! געשווינד!

— וואָס רעדט איר? כאַווער ראזמיאָטנאָוו!

— גיב אָפּ, זאָגט מען דיר! איך וועל א זעץ טאָן!..

דאווידאָוו איז צוגעגאנגען, קורצזיכטיק זשמורענדיק די אויגן.

— וואָס נעמסטו בא אים אָפּ?

— גיב אָפּ, לוקא! איך'ל אויסשיסן!

— נאט, נעמט, וואָס זײַט איר, מעשוגע געוואָרן?

— אָט מיט וואָס ער איז געשטאנען באַם פערטל! עך דו, אין דײַן מאמען! נאָך וואָס שטייסטו דאָ מיט א מעסער באנאכט? אף וועמען האָסטו געווארט? ניט אף דאווידאָוון? נאָכוואָס פרעג איך, ביסטו געשטאנען מיט א פינקע? קאַשטרע? ס'טאָגוואָלט ווערן א מערדער?

נאָר אנדרייס יעגער-אויגן האָבן געקענט דערזען אין דער האנט באַם מענטשן, וואָס איז געשטאנען באַם פערטל, דעם ווײַסן קלינג פון א מעסער. דערפאר האָט ער זיך געוואָרפן אים אנטוואָפענען. און האָט אים אנטוואָפנט. אָבער ווען ער האָט גענומען, שיוער אָטע־

מענדיק, אויספרעגנ דעמ צעדולטנ לוקאשקענ, האָט יענער געעפנט דאָס פערטל, און מיט א נעענדערטער שטימ גזאָגט:

— אויב שוינ אזוי, קאָן איכ ניט שווייגנ! איר קענט מיכ נאָכ בוישעד זיינ, אינ וואָס מע טאָר ניט, באהיט גאָט, אנדריי סטעפּאניטש! קומט אריינ.

— וווהינ איז עס?

— אינ קאטוכ.

— נאָכוואָס?

— גיט א קוק, און ס'וועט פאר אייכ ווערנ קלאָר, גאָכ וואָס איכ האָב מיט א מעסער אויסגעקוקט אינ געסל...

— קומ א קוק טאָנ, — האָט דאווידאָוו פאַרגעלייגט און איז דער ערשטער אריינ אפּ לוקאשקעס הויפ. — וווהינ גייננ?

— קומט נאָכ מיר.

אינ קאטוכ, וואָס איז אינוויינינ געווענ אָנגעוואלגערט מיט איינגעפאלענעמ קיזיק, איז אפּ א בענקל געשטאנענ אנ אָנגעצונדענער לאמטערנ, נעבנ אימ איז אפּ די שפּיצ פינגער געשטאנענ לוקאשקעס ווייב — א שיינע, פולגעזיכטיקע און רינ־ברעמענדיקע פריי. זי האָט זיכ דערשראָקנ אופגעשטעלט, דערזעענדיק פרעמדע, און מיט זיכ פארשטעלט צוויי צעבער וואסער און א טאצ, וואָס זיינענ געשטאנענ בא דער וואנט. הינטער איר, אינ סאמע ווינקל, אפּ ריינעמ שטרוי, ווי עס ווייזט אויס, נאָרוואָס אונטערגעבעט, האָט זיכ געטאָפּטשעט א זאטער כאזער. אראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ אינ א גרויסער שיסל, האָט ער געטשמאָקעט און געפּרעסנ פּאמעניעס.

— איר זעט, ס'ארא אומגליק... — האָט צעטומלט און ניט געבונדנ גערעדט לוקאשקע, ווייזנדיק אפּנ כאזער.

— מיר האָבנ זיכ באקלערט דעמ כאזער שטילערהייט דערשטעכנ... דאָס ווייב האָט געוועט אים אונטער און איכ האָב אים שוינ געוואָלט אנידערוואלגערנ אונ קוילענ, מיטאמאָל, איכ הער מע רעדט ערגעץ אינ געסל. „לאָמיר, טראכט איכ, ארויסגיינ א קוק טאָנ, טאָמער מאכט זיכ, עמעצער וועט דערהערנ". איז ווי איכ בינ געווענ מיט פארקאשערטע ארבל אינ פארטעכ מיטנ מעסער אזוי בינ איכ ארויס צומ פערטל. און איר — אָט זייט איר. איר האָט אפּ מיר וואָס געקלערט? א מענטשנ קוילעט מענ דענ אינ א פארטעכ מיט פארקאשערטע ארבל? — לוקאשקע האָט אראָפּגענומענ דעמ פארטעכ און

פארשעמט א שמייכל געטאָן. מיט איינגעהאלטענער בייזקייט האָט ער א געשריי געטאָן צום ווייב:

— נו, וואָס שטייסטו, נאַר איינע? טרייב ארויס דעם כאזער!

— קוילע אים ניט — האָט ראזומיאָטנאָוו עטוואָס א פארשעמטע געזאָגט — נאָרוואָס איז געווען א פארזאמלונג, מע טאָר ניט קוילען קיין פי.

— איך וועל שוין ניט קוילען. דעם גאנצן ביישעק האָט איר מיר אָפּגעשלאָגן...

דאווידאָוו איז ארויס און ביז דער וווינונג האָט ער געכוויזעקט איבער אנדרייען:

— אָפּגעשלאָגן דעם אָנפאל אפן לעבן פונעם קאָלווירט־פאָרזיצער! אנטוואָפנט א קאָנטררעוואָלוציאָנער! א פאקט! כאַ־כאַ־כאַ!..

— דערפאר האָב איך געראטעוועט דאָס לעבן פונעם כאזער, — האָט ראזומיאָטנאָוו צוריקגעשפאסט.

## קאפיטל 17

אפן צווייטן טאָג איז אפ דער פארנאכטער פארזאמלונג פון גרעמיאטשער פארטיי־קעמערל איינשטימיק באשלאָסן געוואָרן צו פארגעזעלשאפטלעכן דאָס גאנצע פי, סיי דאָס גרויסע האָרנפי, סיי דאָס קליינפי, וואָס געהערט די מיטגלידער פונעם גרעמיאטשער קאָלווירט אפ סטאלינס נאָמען. אויסערן פי איז באשלאָסן געוואָרן צו פארגעזעלשאפטלעכן אויך די אויפעס.

דאווידאָוו איז אין אָנהייב איינגעשפארט ארויסגעטראָטן קעגן פארגעזעלשאפטלעכן דאָס קליינפי און די אויפעס, אָבער נאגולנאָוו האָט אנטשיידן דערקלערט, אז אויב מע וועט אפ דער קאָלווירט־פארזאמלונג ניט דורכפירן דעם באשלוס וועגן פארגעזעלשאפטלעכן אלע באלעכייִם, וועט דער פרילינג־פארזיי אראָפּגעריסן ווערן, ווייל דאָס גאנצע פי וועט אויסגעקוילעט ווערן און פאריינס אויך די אויפעס. אים האָט אונטערגעהאלטן ראזומיאָטנאָוו, און נאָך א געוויסער וואקלעניש האָט אויך דאווידאָוו איינגעשטימט.

אויסער דעם איז געווען באשלאָסן און פארשריבן אין פראָטאָקאָל פון דער פארזאמלונג: פאנאנדערוויקלען א פארשטארקטע אגיטאציע־קאָמפּאניע אפ אָפּשטעלן דאָס בייזוויליקע קוילען, צוליב דעם האָבן אלע פארטיי־מיטגלידער געדארפט אין אָרדענונג פון זעלבסט־

פארפליכטונג זיכ אוועקלאָזנ דעמ טאָג איבער די הויפנ. וואָס איז טײַעב גערײַכט-מיטלענ בענעגייע די אנטפלעקטע קוילער, איז דערחײַבאשטימט געוואָרנ זיי גיט אָנוועגדנ צו קיינעמ, נאָר אָפּוואַרטנ אַפ די רעזולטאטנ פונ דער אגיט־קאמפאניע.

— אזוי וועט פארנ פי אונ די אויפעס זײַנ זיכערער. אגיט וועלנ מיר צו פרילינג צו אינ כוטער ניט הערנ מער ניט קיינ מרוקענ פונ אנ אָקס, ניט קיינ קריי פונ א האָנ, — האָט גערעדט דער צופרידענער נאגולנאָוו, ארײַנלייגנדיק דעמ פראָטאָקאָל אינ דער פאפקע.

די קאָלווירט־פארזאמלונג האָט גערנ אָנגענומענ דעמ באשלוס צו פארגעזעלשאפטלעכנ דאָס גאנצע פי, אַפ וויפל דאָס ארבעט־פי אונ דאָס מילכ־פראָדוקטיווע פי (איז) שויג געווענ פארגעזעלשאפטלעכט. דער באשלוס האָט געהאט א שטײַכעס בלויז צומ יונג־פי אינ צו שעפסנ אונ כאזיירימ. אָבער וועגנ די אויפעס איז אויסגעבראָכנ א לאנגע דעבאטע. באזונדערס האָבנ דערהווידערט די ווײַבער. צומ סאָפ איז זייער אקשאָנעס געבראָכנ געוואָרנ, געהאָלפנ האָט אינ א גרויסער מאָס נאגולנאָוו. דאָס האָט ער, צודריקנדיק צומ אָרדענ זײַנע לאנגע דלאָניעס, מיט הארצ גערעדט:

— ווײַבעלעכ, טײַערע מײַנע! האלט זיכ גיט פאר די הינער אונ געגדז! אפנ רוקנ זיכ ניט אײַנגעהאלטנ, איז אפנ עק שוינ אוודאי ניט אײַנצוהאלטנ זיכ. זאָלנ אויכ די הינער לעבנ אינ קאָלווירט. צו פרילינג וועלנ מיר אויסשרײַבנ א קובאטער אונ, אָנשטאָט די קוואָטשקעס, וועט ער אונדז אָנהייבנ ארויסלאָזנ הינדעלעכ אינ די הונדערטער. פאראנ אזא מאשינ־קובאטער, זיצט זי אויס הינדעלעכ אנ אנטיק. שפארט זיכ ניט אײַנ, איכ בעט אײַכ! זיי וועלנ זײַנ אײַערע, די הינער, נאָר אפנ אלגעמײנעמ הויפ. קיינ הינערשע אייגנטומ דארפ ניט זײַנ, טײַערע מומינקעס! אונ וואָס פאר א נוצנ האָט איר פונ די הינער? סײַווי־סײַ לייגנ זיי זיכ איצט ניט. אונ פרילינג־צײַט האָט איר פונ זיי געהאקטע צאָרעס. דאָ שפרינגט זי ארופ, די הינ, הייבט עס אָפּ גארטנ אונ פיקט אויס די זאָט, דאָ גייסטו א קוק, האָט זי אנ איי ערגעץ־ווו הינטערנ שפײַכלער געלייגט, דאָ דרייט איר א טכויר דעמ האלדז אראָפ... מאלע וואָס עס קאָנ מיט איר פאסירנ? אונ יעדעס מאָל דארפט איר אינ קאטוכ קריכנ אונ טאפנ: וועלכע איז מיט אנ איי, אונ וועלכע א פוסטע. מע קריכט אהינ אינ מע נעמט זיכ אָנ מיט הינער־לײַז, אנ אָנשטעקעניש. גאָר א סוכאָטע מיט זיי אונ א פּעלער אינ הארצנ. אָבער אינ קאָלווירט ווי וועלנ זיי לעבנ? אנ אנטיק!

אַנ אויפּפּאַסונג וועלנ זיי האָבנ א גוטע: א וועלבנ־ניט־איז אַלטינקע, אַנ אַלמענ וועלנ מיר צו זיי אַוועקשטעלנ, אָט אַזא ווי דעמ זיידנ אַקימ בעסבּלעבנאָוו, און זאָל ער זיי א גאַנצע טאָג טאַפּנ, אויפּ די סידעלעס קריכנ. עס איז א פרייליכע, א גרינגע זאַכ, פּונקט פאַר אַנ אַלטינקנ. פונ אַזא אַרבעט קאָנ מענ אויפּנ לעבנ קיינ קילע ניט באַקומענ. קומט, מײַנע ליבינקע, צו איינשטימיקײַט!

די ווײַבער האָבנ געלאַכט, געזיפּצט, געטײַנעט און „געקומענ צו איינשטימיקײַט“.

באַלד נאָכ דער פאַרזאַמלונג האָבנ זיכ נאַגולנאָוו און דאַווידאָוו געלאָזט גיינ איבער די הויפנ. פונעמ ערשטנ קוואַרטאַל איז קלאָר געוואָרנ, אַז מע קוילעט טאַקע אויפּ יעדנ הויפ.... צו מיטיק זײַנענ זיי אַרײַנ צומ אַלטנ שטשוקאַר.

— ער איז אַנ אַקטיוויסט, ער האָט אַליינ געזאָגט, אַז האָס פּי דאַרפּ מענ אָפּהיטנ. דער וועט ניט קוילענ, — האָט נאַגולנאָוו פאַרזיכערט, אַרײַנגייענדיק אויפּ שטשוקאַרס הויפ.

דער „אַקטיוויסט“ איז געלעגנ אויפּנ בעט, פאַריסנ די פיס. זײַנ העמד איז געווענ פאַרקאַשערט ביזנ קאָלטעגעוואַטנ בערדל. אויפּנ מאָרגנ, בלאַסנ בויכ, באַוואַקסנ מיט גרויע קודלאַטע וואָל, איז געשטאַנענ אײַנגעגעסנ מיט די שאַרפע קאַנטנ אַנ איבערגעקערטער ליימענער טאָפּ, וואָס נעמט אַרײַנ א ליטער זעקס. פונ די זײַטנ זײַנענ זי פּיאַווקעס געווענ אָנגעשטעלט צוויי אַפּטייק־באַנקעס. דער אַלטער שטשוקאַר האָט אויפּ די אַרײַנגעקומענע קיינ קוק ניט געטאָנ. זײַנע הענט, פאַרלייגט אויפּ דער ברוסט, ווי בײַ א טויטנ, האָבנ געציטערט, די אויגנ, אַרויסגעקראָכענע פונ די אויגנ־לעכער, מעשוגע פונ ווייטעק, האָבנ זיכ לאַנגזאַמ געדרייט. נאַגולנאָוו האָט זיכ אויסגעדוכט, אַז אינ שטוב שטינקט טאַקע, ווי פונ א טויטנ. די געפּאַקטע שטשוקאַריכע איז געשטאַנענ באַמ אויוונ, און באַמ בעט האָט זיכ געפּאָרקעט די פלינקע, גרויע ווי א מויז, די באַבקע — די רויפּעטע מאַמיטשיכע. מאַמיטשיכע איז ברייט באַוווּסט אינ דער אומגעגנט דערמיט, וואָס זי האָט געקענט שטעלנ באַנקעס, שטעלנ טשוהונעס, אײַנפּראַווענ אויס־געלונקענע ביינער, לאָזנ און פאַרריידנ בלוט און מאַכנ אַבאָרטנ מיט אַנ אײַזערנעמ שטריק־שפּיזל. זי האָט עס איצט „קורירט“ דעמ שלי־מאַזלדיקנ אַלטנ שטשוקאַר.

דאַווידאָוו איז אַרײַנ און אויסגעשטעלט די אויגנ:

— גוטמאָרגנ, זיידע! וואָס איז עס בײַ דיר אויפּנ בויכ?

— איכ ל־ל־לײַד! אפנ ב־ב־ויכ!... — האָט מיט שווערקײַט קוים ארויסגערעדט דער אלטער שטשוקאר. אונ באלד האָט ער מיט א דינינק שטימעלע גענומענ שרײַענ אונ סקאווטשענ ווי א הינטל: — נעמ אראָפ דעמ טאָפ! נעמ אראָפ, מאכשייפע! אוי, עס צערײַסט מיר דעמ בויכ!

— לײַד צו! באלד וועט גרינגער ווערנ, — האָט אימ שעפּטשענדיק אײַנגערעדט די באבקע מאמיטשיכע, אונ אומזיסט געפּרוווט אָפּרײַסנ דעמ קאנט פונ טאָפּ, וואָס האָט זיכ אײַנגעזויגנ אינ לײַב.

אָבער דער אלטער שטשוקאר האָט פּלוצעמ א רעווע געטאָנ, ווי א ווילדע כײַע, א בריק געטאָנ די רויפּעטע מיטנ פוס אונ מיט בײַדע הענט זיכ אײַנגעקלאמערט אינ טאָפּ. דעמלט איז אימ דאַווידאָוו געקומענ צו הילפ: ער האָט פונעמ פּריפּעטשעק געכאפּט א האָלצ, אָפּגעשטיפּט די אלטיטשקע, אונ א זעצ געטאָנ מיטנ האָלצ איבערנ דעק פונעמ טאָפּ. דער טאָפּ האָט זיכ צעבראָכנ אונ פונ די שערבלעכ האָט זיכ מיט א פײַפ ארויסגעריסנ די לופט. דער אלטער שטשוקאר האָט אָפּגעשלוקערצט, פרײַער אונ אָפטער גענומענ אָטעמענ, אונ אָנ אָנשטרענגונג אראָפּגעריסנ די באנקעס. דאַווידאָוו האָט א קוק געטאָנ אפנ אלטנס בויכ, וואָס האָט פונ אונטער די שערבלעכ ארויסגעשטעקט, ווי א גרויסער בלוי געוואָרענער פופיק אונ איז געפאלנ אפנ באנק, שטיקנדיק זיכ פונ א ווילדנ געלעכטער. איבער זײַנע באקנ זײַנענ גערונענ טרערנ, דאָס היטל איז אראָפּגעפאלנ, איבער די אויגנ זײַנענ אראָפּגעהאנגענ שוואַרצע האָר־לאָקנ...

דער אלטער שטשוקאר האָט נאָכ געהאט אינ זיכ לעבנ! ווי נאָר די באבקע מאמיטשיכע האָט גענומענ באקלאָגנ דעמ צעבראָכענעמ טאָפּ, האָט ער אראָפּגעלאָזט דאָס העמד אונ זיכ אופגעהויבנ.

— מײַנ לעבנ, מײַנ פארביטערטס! — האָט אפנ קאָל געיאָמערט די באבקע — ער האָט צעבראָכנ, דער שעד, די קיילע! אזעלכע, ווי איכ היילנ, וועט קיינ גוטס ניט ארויסקומענ!

— טראָג זיכ אָפּ, באבקע! דעמ מאָמענט טראָג זיכ אָפּ פונדאנענ! — שטשוקאר האָט מיט דער האנט אָנגעוויזנ אפ דער טיר. — דו האָסט מיר שיר דאָס לעבנ ניט אָפּגענומענ! אפ דײַנ קאָפּ וואָלט מענ דעמ טאָפּ געהארפט צעברעכנ! טראָג זיכ אָפּ, אניט קאָנ איכ ביז רעציכע דערגייִנ! איכ בינ אפ אזעלכע זאכנ א רעצייעכ!

— פונ וואָס איז עס דיר געקומענ? — האָט נאגולנאָוו געפרעגט, ווי נאָר די טיר האָט זיכ הינטער מאמיטשיכנ פארמאכט.

— אַך, זינעלעך מײַנע, איר גלייבט: שוין קימאַט געווען פֿאַר פֿאַלן. צוויי מעסלעס פֿונעם הויף ניט אַראָפּגעגאַנגען, ראָק די הייזן אין די הענט געהאַלטן... אַזאַ מין לויזקייט האָט מיך אָנגעכאַפּט — ניט איינצוהאַלטן! מיסטאָמע פֿאַרדאָרבן דעם מאָגן, סע האָט געשאָסן, ווי פֿון אַ נענדזענער...

— אָנגעפּרעסן זיך מיט פֿלייש?

— מיט פֿלייש...

— געקוילעט די טעלעצע?

— ניטאָ שוין די טעלעצע.. ניט צום גוטן איז זי מיר אָנגעקומען...

מאַקאַר האָט אָפּגעהוסט, מיט סינע באַקוקט דעם אַלטן און דורכגעזייט:

— דיר, ואַלטער טײַוול, דאַרף מען ניט קיין טאָפּ אַפּן בויך שטעלן, נאָר אַ דרײַעמערדיקן טשוהון! ער זאָל דיך אינגאַנצן מיטן אינגעווייד אַרײַנציִען! מירן דיך אַרויסיאָגן פֿון קאָלווירט, וועט שוין דיך דעמלט ניט אַזוי טרײַבן! פֿאַרוואָס האָסטו געקוילעט?

— פֿאַרקראָכן ואין זינד, מאַקאַרושקע... די אַלטע האָט אײַנגערעדט, און אַ נאַכט־קוקאַווקע וועט דיך שטענדיק פֿאַרקוקאָווען... האָט ראַכמאָנעס... כאַווער דאַווידאָוו! גיטע פֿרײַנט זײַנען מיר מיט אײַך געווען, זאָגט מיר ניט אָפּ פֿון קאָלווירט. איך האָב שוין אַזוי אײַנגעליטן פֿאַר מײַן גומס...

— נו, וואָס קאָן מען מיט אים מאַכן? — נאַגולנאָוו האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — קום, דאַווידאָוו. דו, כוואַראָבע, נעם ביקסנ-אייל, מיש אויס מיט זאַלץ און טרינק עס אויס, ווי מיט דער האַנט וועט עס אַראָפּנעמען.

באַמ אַלטן שטשוקאַר האָבן באַליידיקט געציטערט די ליפּן:

— איר בוזעקט פֿון מיר?

— איך זאָג אָפּנעמעס. אין דער אַלטער אַרמיי פֿלעגן מיר פֿון בויכווייטעקן דערמיט זיך ראַטעווען.

— וואָס בין איך, אַן אײַזערנער, צי וואָס? מיט וואָס מע רייניקט אַ שטומענע ביקס, דערמיט דאַרף איך זיך היילן? איך וויל ניט געמען! בעסער וועל איך שטאַרבן צווישן די זונרויזן, נאָר קיין אייל וועל איך ניט אײַנעמען!

אַפֿן צווייטן טאָג איז דער אַלטער שטשוקאַר אַ לעבעדיקער געקראָכן איבערן כוטער און יעדן באַגעגנטן דערציילט, ווי צו אים צו

גאַסט זײַנען געקומען דאַווידאָוו מיט נאַגולנאָוו, ווי זיי האָבן געפרעגט בײַ אים אַן אייצע מיקויעס רעמאָנטירן דעם אינווענטאַר צום פאַרזיי און וועגן אַנדערע קאָלווירטישע איניאָנים. צום סאָף דערציילונג פלעגט ער אַלמאָל אויסהאַלטן אַ לענגערע פּויזע, צונויפדרייען אַ ציגאַרל און אָפּזיפצן:

— כ'האָב נאָך אַ ביסל אונטערגעקרעכצט, זײַנען זיי שוין געקומען. זיי קענען זיך ניט ספּראַווען אָן מיר. אַלערליי רעפּוּעס פאָרגעלייגט. „היילן זיך, — זאָגן זיי — זיידעניו, אַניט, גאָט זאָל אויסהיטן, וועסטו שטאַרבן און מיר וועלן אָן דיר פאַרפאַלן ווערן!" זיי קענען טאַקע פאַרפאַלן ווערן, ווי קריסטוס איז הייליק! ווי נאָר וואָס—רופט מען מיך אין קעמערל: עפּעס אַן אייצע וועל איך זיי שוין געבן. איך רייד זעלטן, אָבער אין פּינטל. מײַנס אַ וואָרט גייט, כ'לעבן, ניט פאַרפאַלן!—און פלעגט אויפהייבן אויפן באַגעגנטן די אויסגעבליאַקעוועטע טריומפירנדיקע אייגלעך און וועלן זען, וואָס פאַר אַן אײַנדרוק עס האָט געמאַכט זײַן דערציילונג.

# קאַפּיטל 18

און ווידער האָט עס אויפגעוואַכט אינעם געוועסט שטיל געוואָרענעם גרעמיאַטשי לאָג... דאָס פי האָט מען אויפגעהערט קוילען. אָפּ די געזעלשאַפטלעכע הויפן האָט מען צוויי מעסלעס געטריבן און געשלעפּט פאַרשיידנערליי שעפּסן און ציגן, אין זעק האָט מען געטראָגן הינער. אַ געשריי איז געשטאַנען איבערן כוטער פונעם פירעוועג און פונעם אויפעסגראַניערן.

אין קאָלווירט האָבן זיך שוין גערעכנט הונדערט צוועלף ווירטשאַפטן. עס זײַנען געשאַפן געוואָרן דרײַ בריגאַדעס. יאַקאָוו לוקיטש האָט די פאַרוואַלטונג באַפולמעכטיקט פאַנאַנדערצולייגן דער אָרעמשאַפט, וואָס האָט זיך גענייטיקט, קליידער און שיך, די באַלעגופישע בעלצלעך, שטיוול און אַנדערע זאַכן. מע האָט פאָרויס פאַרשריבן ווער אין וואָס עס נייטיקט זיך. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלעמען באַפרידיקן איז די פאַרוואַלטונג ניט אימשטאַנד געווען.

אָפּ טיטאָקס הויף, ווו יאַקאָוו לוקיטש האָט פאַנאַנדערגעטיילט די קאָנפיסקירטע באַלעגופישע קליידער, איז ביז פינצטער געשטאַנען אַ קעסיידערדיקער טומל פון קוילעס. דאָ טאַקע, לעבן שפּײַכלער, פלעגט מען זיך אויסטאָן באָרוועס, אָנטאָן דאָס גוטע באַלעגופישע שוכוואַרג,

אָנטאָן פּאַריאָווקעס, פּידזשאַקעס, קאַפּטעס און פּעלצלעכ. די גליקלעכע, וועמענ די קאָמיסיע פלעגט באַשטימענ אַרויסצוגעבנ קלײדער אָדער שיכ אַפּנ כעזשבנ פונעמ קומענדיקנ פאַרדינסט, האָבנ זיכ געשטויסנ דאָ מאַקע באַמ שפּײַכלער־קלײט, צופרידנ אונטערגעהוסט, די אויגנ האָבנ געגלאַנצט, און די פאַרברויגטע פּענעמער האָבנ געלויכטנ פונ קאַרגע, ציטערדיקע שמייכלענ. אינ אײַנזעלעניש פלעגנ זיי אײַנדרייענ זייערע אַל־טע, פאַרלאַטעטע און איבערגעלאַטעטע שמאַכטעס, פלעגנ זיכ אַנקלייחנ אינ די נײַע קלײדער, וואָס דורכ זיי האָט שוינ דאָס לײַב זיכ גיט דורכ־געזענ. הײַנט פאַר דעמ, איידער מע פלעגט שוינ עפּעס נעמענ, וויפל שמועסנ, אײַנצעס, אַרויסגעזאָגטע ספּייקעס, זיכלערײַ... ליובישקינענ האָט דאַווידאָוו פאַראַרדנט אַרויסצוגעבנ אַ רעקל, הויזנ און שטיוול. דער פאַרכמורעטער יאַקאָוו לוקיטש האָט אַרויסגעשלעפּט פונעמ קופערט אַ פעקל קלײדער און אַ וואָרפ געטאָנ עס צו ליובישקינענ:

— קלײַב זיכ אויס, וואָס דיר ווילט זיכ.

באַמ אַטאַמאַנעצ האָבנ די וואָנצעס אַ ציטער געטאָנ, די הענט זיכ געטרייסלט... ער האָט שוינ געקליבנ, געקליבנ אַ רעקל — ביזנ לעצטנ שווייס! ער טוט אַ פּרוּוו דעמ געוואַנט מיט די ציינ, קוקט אַפּנ ליכט: צי האָט עס דער מילב ניט געפרעסנ, און אַ מינוט צענ קנייטשט ער דאָס מיט די שוואַרצע פינגער. אַרומ אימ אָטעמט מענ הייס, מענ טומלט זיכ:

— נעמ, ס'וועט נאָכ בלײַבנ פאַר די קינדער צו דערטראָגנ.

— ווו זײַנענ דײַנע אויגנ? זעסט ניט — איבערגעניצעוועט.

— לײַגסט!

— פרעס אַליינ!

— נעמ, פּאַוולאָ!

— נעמ ניט, מעסט אָנ א צווייטנ!

ליובישקינס פּאָנעמ איז ווי רויטער געברענטער ציגל. ער קײַט די שוואַרצע וואָנצעס, קוקט זיכ אַרומ, ווי אַ פאַרסאַמטער, און נעמט זיכ פאַר אַ צווייטנ רעקל. ער קלײַבט שוינ אויס. לויט אַלע פונקטנ איז עס אַ גוט רעקל! רוקט ער אַרײַנ זײַנע לאַנגע הענט אינ די אַרבל, זײַנענ זיי אימ ביזנ עלנבויגנ, די נעט פּלאַצנ אינ די פּלייצעס. און ווידער נעמט ער זיכ גריבלענ, אַ פאַרשעמטער און אויפגערעגטער, אינ דער קופּע קלײדער. די אויגנ ווערנ גרויס, ווי בא אַ קליינ קינד אַפּנ יאַריד פאַר אַ שעפּע שפּילצײַג. אופ די ליפּנ איז בא אימ אַזאַ לויטער קינדער־שמייכל, אַז עס ווילט זיכ, ווי אַ קינד, אַ גלעט טאָנ דעמ קלאַפּטעדיקנ

אטאמאנ ליובישקינ איבערנ קאפּ. אזוי האָט ער ביז האלבנ טאָג טאקע ניט אויסגעקליבנ. הויזנ און שטיוול האָט ער אָנגעטאָנ און דעם פאר-כמורעטנ יאקאָוו לוקיטשנ האָט ער געזאָגט, אראָפּשלינגענדיק א קרעכצ:

— כ׳וועל שוינ מאָרגנ קומענ אָנפּאסנ. — פונעמ הויפ איז ער אוועק אינ נייע הויזנ מיט לאמפּאסנ, אינ שטיוול מיט א סקריפּ, א יונגער געוואָרענער מיטאמאָל אפ א יאָר צענ. ער איז בעקיוונ ארויס אפ דער הויפּטגאס, כאָטש זי איז ניט געלעגנ אפנ וועג. אפ די געס-לעכ פלעגט ער זיכ אָפּט אָפּשטעלנ, דאָ פארייכערנ, דאָ א שמועס טאָנ מיט די באגעגנטע. א שאָ הרבּי איז ער געגאנגענ ביז דער היימ, זיכ בארימט, און אינאָוונט האָט זיכ שוינ איבער גאנצ גרעמיאטשי גע-טראָגנ א קלאנג: „מע האָט ליובישקינענ אויסגעפּוצט, ווי צו דינסט! ער האָט היינט א גאנצנ טאָג געקליבנ קליידער... אינ אלעמ נייעמ איז ער אוועק אהיימ, אינ יאָנטעוודיקע הויזנ. ווי א בושעל איז ער גע-גאנגענ, די פיס ניט געפּילט"...

דיאָמקע אושאקאָוס ווייבל איז, ווי א פארכאלעשטע, געבליבנ שטיינ באמ קופערט, מע האָט זי קוימ אָפּגעשטופּט. זי האָט אָנגעטאָנ א וואָלנ קליידל אינ פאלדנ, וואָס האָט אמאָל געהערט צו טיטאָקס ווייב, ארייגעשטעקט די פיס אינ נייע טשיריקעס, זיכ פארדעקט מיט א בלומענ-שאלכל, און ערשט דעמלט האָט זי זיכ אלעמענ א וואָרפּ געטאָנ אינ די אויגנ, ערשט דעמלט האָט מענ זיכ ארומגעקוקט, אז דיאָמקעס ווייבל איז גאָר ניט קיינ מיעסע און א גאנצ שטאלטנע. איז פארוואָס טאקע האָט זי, די הארציקע, ניט געקאָנט פארכאלעשט ווערנ פונעמ קאָלווירטישנ גוטס, ווענ זי האָט פאר איר גאנצ ביטער לעבנ קיינ פעטנ ביסנ ניט אופגעגעסנ, קיינ נייַ קאָפּטל אפ די פלייצעס ניט געטראָגנ? וויזשע האָבנ ניט געקאָט בלייכ ווערנ אירע ליפּנ, די פאר-וועלקטע פונ שטענדיקער נויט און פונ ניט דערעסנ, ווענ יאקאָוו לו-קיטש האָט ארויסגעקערט פונעמ קופערט א קופּע ווייבערשע מאָרע-קליידער? יאָר נאָכ יאָר פלעגט זי געבוירנ קינדער און וויקלענ זיי אינ צעפּוילטע וויקעלעכ און אינ אָפּגעטראָגענע פעלצ-רעשטלעכ. און זי אליינ, וואָס האָט פונ צאָרעס און פונ שטענדיקער דאסקעס פארלאָרנ איר געוועזענע שיינקייט, איר געזונט און פרישקייט, פלעגט א גאנצנ זומער גיינ אינ איינ קליידל, א שיטערס, ווי א זיפּ. ווינטער פלעגט זי אויסוואשנ איר איינציקע העמד, ווי עס האָט געשוויבלט מיט לייז, און זיצנ צוזאמענ מיט די קינדער אפנ אויוונ א נאקעטע, וויל עס איז ניט געווענ וואָס אומצובייטנ...

— טײערע!.. טײערינקע!.. װארט, איכ װעל נאכ עפּעס ניט גע-
מענ דאס קלײדל... איכל אומבײטנ... עפּשער פֿאר די קינדערלעכ עפּעס
װאס... פֿאר מישקענ... פֿאר דונקענ... — האט זי א צעדודערטע גע-
פּליסטערט, זיכ אײנגעקלאמערט אינ קופּערטדעק און די צעפּלאמטע
אויגנ ניט אראפּגעלאזט פֿונ דער פּילפּארביקער קופּע קלײדער.

בא דאװידאװנ, װאס איז צופֿעליק בײגעװענ בא אט דער סצענע,
האט דאס הארצ א ציטער געטאנ... ער האט זיכ צוגערוקט צומ קו-
פּערט און געפֿרעגט:

— װיפֿל קינדער האסטו, בירגערנ?

— זיבנ... — האט שטיל געענטפֿערט דיאמקעס װײב און פֿונ זי-
כער דערװארטונג מוירע געהאט אופֿצוהײבנ די אויגנ.

— דו האסט דא עפּעס פֿאר קינדער? — האט דאװידאװ ניט הויכ
געפֿרעגט בא יאקאװ לוקיטשנ.

— פֿאראנ.

— גיב ארויס אט דער פֿרוי פֿאר אירע קינדער אלצ, װאס זי װעט
זאגנ.

— צו פּעט באר איר!..

— װאס נאכ ס'טו זאגנ? ני?.. — דאװידאװ האט בײז צעעפּנט
דאס מויל און יאקאװ לוקיטש האט געשװינד זיכ אנגעהויבנ איבערנ
קופּערט.

דיאמקע אושאקאװ, געװײנלעכ א באריידעװדיקער און א בײזע
צונג, איז געשטאנענ הינטער זײנ װײב און שטיל באלעקט די פֿאר-
טריקנטע ליפּנ, אײנהאלטנדיק דעמ אטעמ. אבער בא דאװידאװס לעצטע
װערטער האט ער אפּ אימ א קוק געטאנ... פֿונ דיאמקעס קאסאקע
אויגנ האבנ, װי זאפּט פֿונ א צײטיקער פֿרוכט, פּלוצעמ א שפּריצ גע-
טאנ טרערנ. ער האט זיכ א ריס געטאנ פֿונ ארט, איז צוגעלאפֿנ צומ
ארויסגאנג, מיט דער לינקער האנט פֿאנאנדערגעשטופּט דעמ אוילעמ
און מיט דער רעכטער — פֿארשטעלט די אויגנ. אראפּגעשפּרונגענ פֿונ
בריקל, האט דיאמקע אװעקגעשפּאנט פֿונ הויפּ, זיכ געשעמט און בא-
האלטנ פֿונ מענטשנ זײנע טרערנ. און טרערנ האבנ זיכ געגאסנ פֿונ
אונטער זײנ שװארצער דלאניע איבער די באקנ, געיאגט אײנס דאס
אנדערע, ליכטיקע און לויכטנדיקע, װי טראפּעלעכ טוי.

פֿארנאכט איז אונטערגעקומענ אויכ דער אלטער שטשוקאר. ער
האט זיכ ארײנגעריסנ אינ הויז פֿונ דער קאלװירט-פֿארװאלטונג, קוימ
אפּסאפּנדיק דעמ אטעמ, — צו דאװידאװנ:

— א גוט העלפ, כאווער דאווידאָוו! א לעבעדיקנ אײַכ זענ.

— א גוט העלפ.

— שרײַבט מיר אָנ א בלאנקע.

— וואָס פאר א בלאנקע?

— א בלאנקע צו באקומענ קליידער.

— פארוואָס קומט עס דיר קליידער? — נאגולנאָוו, וואָס איז געזעסנ בא דאווידאָוונ, האָט אויפגעהויבנ די צעשפרייטע ברעמענ, — רעדפאר, וואָס דו האָסט די טעלעצע געקוילעט?

— ווער עס האלט דאָס אלטע אינ זינענ, זאָל אימ, מאקארושקע. דאָס אויג אויסרינענ, ווייסט? וואָס הייסט פארוואָס? ווער האָט געליטנ, ווענ מע האָט טיטאָקנ אנטבאלעגופעוועט? מיר מיטנ כאווער דאווידאָוו! אימ האָט מענ כאָטש דעמ קאָפ צעהאקט, האָס איז א קלייניקײַט, אָבער בא מיר, וואָס האָט דער הונט געמאכט פונ פעלצ? נאָר אָנגעטשעפעט אפ די פיס זײַנע פונ פעלצ געבליבנ! איכ, דער געליטענער פאר דער ראטנמאכט, דארפ, הייסט עס, ניט באקומענ? בעסער וואָלט מיר שוינ טיטאָק דעמ קאָפ אפ שערבעלעכ צעשפאָלטנ, אָבער דעמ פעלצ ניט געטשעפעט. דער פעלצ איז געווענ מײַנ אלטערס, צי ניט? זי וועט מיכ נאָכ פארנ פעלצ פונ דער וועלט אומברענגענ, וואָס וועט דעמלט זײַנ? יאהא, אָט דאָס איז עס טאקע!

— וואָלסט ניט געלאָפנ, וואָלט דער פעלצ גאנצ געבליבנ.

— וואָס הייסט, ניט געלאָפנ? דו האָסט געהערט מאקארושקע, וואָס טיטאָקס מאכשייפע האָט אָפגעטאָנ? זי האָט אָנגערייצט אפ מיר דעמ הונט אונ געשריִענ: „בײַס אימ! כאפ אימ, סערקאָ! ער איז דאָ דער באמע שעדלעכער!" אָט, כאווער דאווידאָוו קאָנ דאָס באשטעטיקנ.

— דו ביסט טאקע אנ אלטער, אָבער דו לײַגסט, ווי א מיוּוּע שקאפע!

— כאווער דאווידאָוו, באשטעטיקט!

— איכ געדענק עפּעס ניט...

— בא קריסטוס, שווער איכ: זי האָט אזוי געשריִענ! נו, די שרעק פאר די אויגנ, האָב איכ פארשטייט זיכ, געלאָזט זיכ גיינ פונ הויפ. וואָלט ער, דער הונט, געווענ ווי אלע אנדערע הינט, אָבער ער איז נאָכ שרעקלעכער פונ א טיגער!

— קיינער האָט אפ דיר דעמ הונט ניט געדרייצט, טראכסט אויס!

— מאקארושקע, דו געדענקסט דאָכ ניט, טײַבעלע! דו אליינ האָסט

זיך דערמלט אזוי דערשראָקן, אַז מע האָט דיך ניט געקאָנט דערקע־נען! איך האָב נאָך דערמלט א טראַכט געטאָן: „באַלד וועט מאַקאַר זיך לאָזן לויפן"! אָבער מיך האָט דער הונט אזוי געשלעפּט איבער׳ן הויף — איך געדענק דאָס אַלץ, ביז א האָר! ווען ניט דער הונט, וואָלט טיטאָק בא מיר קיין לעבעדיקער פון די הענט ניט אַרויס, אַ־קאָנ שווערן! איך בין א רעצייעכ!

נאַנולנאָוו האָט זיך פאַרקרימט, ווי פון צאָנווייטעק, און געזאָגט צו דאַווידאָוון:

— שרײַב אים אָן גיכער, זאָל ער זיך אָפּטראָגן.

— איך, מאַקאַרושקע, פּלעג פון קלײַנווײַז אָן מיט די פויסטן, עס־איז געניינט צו שמועסן.

— איך, מאַקאַרושקע, פּלעג פון קליינווײַז אָן מיט די פויסטן, הכמען דו ווילסט...

— אַך, באַלבע ניט, מיר׳ן שוין געהערט! עפּשער ווילסטו, מע זאָל אָנשרײַבן ארויסגעבן דיר אַן עמעהדיקן משׂוהונ? אַניט, איז מיט וואָס ווערסטו דײַן בויך האַלן?

א בלוטיק באַלײַדיקטער, האָט דער אַלטער שטשוקאַר גענומען דאָס צעטעלע און איז אַרויס, ניט געזעגנט זיך. אָבער ווען ער האָט פון יאַקאָוו לוקיטשן באַקומען א געראַם דובלירט פעלצל, איז בא אים ווידער געוואָרן א גוטע שטימונג. זײַנע אייגעלעך האָבן זיך זאַט געזשמורעט פון טריומף. מיט די שפּיץ פינגער, ווי מע נעמט זאַלצ פון זאַלצ־מעסטל, פלעגט ער אָנעמען די פאָלע פונעם פעלצל, זי אויפ־הייבן, ווי א פרוי הייבט איר קלייד, ווען זי קלײַבט זיך אַריבערגיין איבער א קאַלוזשע, געשמאָקעט מיטן צונג און זיך באַרימט פאַר די קאָזאַקן:

— אָט דאָס איז א פעלצל! מיטן אײַנענעם האָרב פאַרדינט. אַלע ווייסן: ווען מיר האָבן טיטאָקן אַנטבאַלעגופּשוועט, איז ער אָנגעפאַלן שטעכן דעם באַוועהר דאַווידאָוון. „ער וועט אומקומען, — טראַכט איך, — מײַן פרײַנט!" דעם מאָמענט האָב איך זיך געוואָרפן האַטע־ווען, יאָ ווי א העלד, אים אָפּגעראַטעוועט. ווען איך זאָל ניט זײַן, וואָלט געווען א סאָף צו דאַווידאָוון.

— מע האָט אָבער געשמועסט, אַז דו ביסט גאָר פונעם הונט אַנטלאָפן און אַנידערגעפאַלן, און ער האָט גענומען, ווי בא א באַזעט דײַנע אויערן רײַסן, — האָט עמעצער פון די צוהערער אַרײַנגעזאָגט.

— א ליגן! אָט וואָס פאַר א וועלט ס׳איז געוואָרן: מע האָסט

טשײניקעס! נו, וואָס איז א הונט? א הונט איז א נארישע אונ פאכ־קודנע באשעפעניש. קײנ שומ לאָשנ פארשטײט ער ניט... — אינ דער אלטער שטשוקאר האָט קינציק אריבערגעפירט דעמ שמועס אפ אנ אנדער טעמע.

# קאפיטל 19

נאכט...

צו צאָפנ פונ גרעמיאטשי לאָג, ווײט־ווײט הינטער די שיפועס פונ די פארנאכטיקע סטעפ־בערגלעכ, הינטער די טאָלנ אונ באלקעס, הינטער די דורכויסיקע וועלדער, — ליגט די הויפטשטאָט פונעמ ראטנ־פארבאנד. איבער איר איז אויסגעגאָסנ א פולער טײכ מיט עלעקטרישע פײערנ. זײער ציטערדיקער בלויער שימער שטײט, ווי א פלאמ פונ א שטילער סרײפע, איבער די פילשטאָקיקע הײזער אונ פארטונקלט די ניט נײטיקע שײנ פונ די האלבנאכטיקע לעוואָנע אונ שטערנ.

אָפגעשײדט פונ גרעמיאטשי לאָג מיט אנדערהאלבנ טויזנט קילאָמעטער, לעבט אויכ באנאכט די אינ שטײנ געשמידטע מאָסקווע: צעצויגנ אונ רופעריש רעווענ די לאָקאָמאָטיוו־פײפנ; ווי די קלאווישנ פונ א קאָלאָסאלנ הארמאָניק שפילנ די אווטאָמאָביל־סירענעס, עס גראגערנ, קוויטשענ אונ טראסקענ די טראמווײענ. אונ הינטער לענינס מאווזאָלײ, הינטער דער קרעמל־וואנט, אפנ הויכנ קאלטנ ווינט, אינ באלויכטענעמ הימל פלאטערט אונ וויקלט זיכ דער לײוונט פונ דער רויטער פאָנ. באלויכטנ פונ אונטנ מיטנ ווײסנ גלי פונ עלעקטרישער שײנ, ברענט זי זודיק, שטראָמט, ווי פליסנדיק רויט בלוט. ווי א ספיראל־עקבער הרײט זיכ דער אויבערשטער ווינט, ער וויקלט צונויפ אפ א ווײלע די שווער אראָפגעהאנגענע פאָנ, אונ ווידער פלאטערט זי אופ, אונ שטרעקט אויס איר ברעג דאָ אפ מײרעוו, דאָ אפ מיזרעכ, זי פלאקערט מיט רויטנ אופשטאנד־פלאמ אונ רופט צומ קאמפ...

צוויי יאָר צוריק, באנאכט, איז קאָנדראט מײדאניקאָוו, וואָס איז דעמאלט געווענ אפנ אלרוסלענדישנ ראטנ־צוזאמענפאָר, געקומענ אפנ רויטנ פלאצ, א קוק געטאָנ אפנ מאווזאָלײ, אפ דער רויטער פאָנ, וואָס לײכט זיגעריש אינ הימל, אונ געשווינד אראָפגעריסנ פונ קאָפ די בודיאָנאָווקע. מיט א בלויזנ קאָפ, אינ דער צעשפיליעטער הײמישער סערמענגע איז ער געשטאנענ לאנג אונ אומבאוועגלעכ...

אינ גרעמיאטשי לאָג גליוערט אָבער באנאכט די טויטע שטיל־

קויט. עס פינקלענ די וויסטע אַרומיקע בערגלעכ, באַשאָטנ מיט שוואַ־
גענעפּוכ פונעמ יונגנ שניי. אינ די באַלקעס, אַפ די בערגלעכ... אי־
בערנ בוריאַנ ליגנ געדיכט־בלויע שאָטנס. דער דישל פונעמ גרויסנ
בער רירט אָנ קימאַט דעמ האָריזאָנט. ווי א שוואַרצע ליכט ציט זיכ
צומ טיפ־הויכנ, שוואַרצנ הימל דער טאָפּאָל, וואָס וואַקסט באַמ דאָרפ־
האַט. עס קלינגט אונ פּליסטערט, ווי א מאַכשייפע, דאָס קרעניצע־וואַ־
סער, אַראָפּפליסנדיק אינ טײַכל. אינ דעמ פליסנדיקנ טײַכל־וואַסער
קאָנסטו זענ, ווי עס פאַלנ די אָפּגעלויכטענע שטערנ. הער זיכ אײַנ אינ
דער קלוימערשטער שטילקײַט פונ דער נאַכט, אונ דו וועסט דערהערנ,
פרײַנט, ווי דער האָז שפּײַזט זיכ אונ פרעסט, שקראַבעט א צווײַגל
מיט זײַנע געלע ציינ פונעמ האָלצ־זאַפט. אנטקעגנ דער לעוואָנע לײַכט
קוימ אפנ שטאַמ פונעמ קאַרשנבוימ דער בורשטינ־גלאַנצ פונעמ פאַר־
פרוירענעמ קליי. רײַס עס אָפּ אונ גיב א קוק: דאָס קליי־קײַקעלע, ווי
א צײַטיקער אויסגעדאַרטער פלוימ, איז באַדעקט מיטנ צאַרטסטנ הויכ־
הײַטל. זעלטנ ווענ ס'פאַלט אַראָפּ פונ א צווײַגל דאָס אײַז־הײַטעלע —
די נאַכט הילט אײַנ דעמ קרישטאָל־קלונג מיט שטילקײַט. אומבאַוועג־
לעכ־טויט זײַנענ די אָפּצווײַגנ פונ די קאַרשנ־צווײַגנ מיט די געקאַרב־
טע גרויע אויערינגלעכ אַפ זיי; קינדער האָבנ זיי „קוקאַוקע־
טרערנ"...

שטיל...

אונ נאָר באַגינענ, ווענ פונ צאַפּנ, פונ אונטער די וואָלקנס, פּאַ־
כענדיק איבערנ שניי מיט זײַנע קאַלטע פליגלענ, קומט צו פליִענ דער
מאָסקווער ווינט, צעקלינגענ זיכ אינ גרעמיאַטשי לאָג די אינדער־
פריִיִקע לעבנ־שטימענ: עס נעמענ רוישנ אינ די לעוואַדעס די נאַ־
קעטע טאָפּאָל־צווײַגנ, עס נעמענ פּישטשענ, רופנדיק איינע די אַנדע־
רע, די קוראָפּאַטקעס, וואָס זײַנענ פאַרבליבנ ווינטער לעבנ כוטער אונ
וואָס שפּײַזנ זיכ באַנאַכט אינ די שײַערס. זיי וועלנ אָוועקפליִענ טאָגנ
אינ די ווערמוטגראָזנ, אַפ די זאַמד־אויסבייגנ פונ די טאָלנ, איבער־
לאָזנדיק אפנ שניי לעבנ די מעקענע־שפּײַכלערס, ווי ציילעמלעכ —
געהאַפּטע, שטראַלנדיקע שפּור־שריט אונ קופּקעלעכ שטרוי. קעלבלעכ
נעמענ מעקענ, אונ בעטנ זיכ צו דער מוטער, מיט קאַמ צעקרייענ זיכ
די פאַרגעזעלשאַפטלעכטע הענער, עס צעטראָגט זיכ איבערנ כוטער
דער ביטערער קיזיק־רויכ...

אָבער דערווײַל ליגט איבערנ כוטער די נאַכט. ווײַזט אויס, אינ
גאַנצ גרעמיאַטשי שלאָפט ניט בלויז איינ קאָנדראַט מײַדאַניקאָוו. אינ

מויל אין אימ ביטער פונעמ היימישנ טאבעק, דער קאפ איז אימ פורנעמ רייכערנ שווער ווי א געוויכט, ס'איז אימ ניט גוט...

האלבע נאכט. קאנדראטנ שטעלט זיכ פאר דער טריומפירנדיקער פײַער־פלאקער איבער מאסקווע, אונ ער זעט דעמ גרויזאמענ אונ צארנדיקנ פלאטער פונעמ רויטנ לײַכט, וואס איז צעשפרייט איבערנ קרעמל, איבער דער ענדלאזער וועלט, ווו עס גיסט זיכ אזויפיל טרערנ פונ די אויגנ פונ פונקט אזעלכע ארבעט־מענטשנ, ווי קאנדראט, וואס לעבנ הינטער די גרענעצנ פונעמ ראטנפארבאנד. ער דערמאנט זיכ די ווערטער פונ זײַנ פארשטארבענער מוטער, וואס זי האט אמאל געזאגט, קעדיי צו שטילנ זײַנע קינדער־טרערנ!

— שרײַ ניט, ליבער קאנדראט, ברענג ניט ארײַנ גאט אינ צארנ. ארעמע מענטשנ אפ דער גאנצער ליכטיקער וועלט וויינענ אזוי אויכ אלע טאג, זיי קלאגנ זיכ פאר גאט אפ זייער נויט, אפ די רײַכע, וואס האבנ אלע רײַכקײַטנ צו זיכ צוגענומענ. גאט האט די ארעמע געהייסנ לײַדנ. אונ אט ווערט ער פארצארנט, וואס די ארעמע אונ הונגעריקע וויינענ אלצ אונ וויינענ. נעמט ער צונויפ זייערע טרערנ אונ מאכט עס פאר א נעפל, ווארפט עס אינ די בלויע יאמענ אונ פארהילט דעמ הימל מיט א הילע. אט דעמלט הייבנ עס אנ בלאנדזשענ די שיפנ אפנ יאמ אונ זיי פארלירנ זייער וואסער־וועג. שפרינגט ארופ א שיפ אפ א יאמ־שטיינ אונ דערטרינקט זיכ. אדער גאט מאכט פונ די טרערנ א טוי. אינ איינער א נאכט פאלט א געזאלצענער טוי אפנ ברויט איבער דער גאנצער ערד, אפ אונחזורנ אונ אפנ פרעמד־ווײַצנ, ברענענ אויס פונ טרערנ־ביטערקײַט די ברויט־קערנער אונ א גרויסער הונגער אונ א מאגייפע גייט איבער דער וועלט... הייסט עס, אז די ארעמע טארנ ניט וויינענ, אניט קאנ מענ אנוויינענ פאר זיכ צארעמ... פארשטייסט, מײַנ טײַערינקער?

אונ שטרענג פארענדיקט: — בעט גאט, קאנדראטקע! דײַנ טפילע וועט גיכער דערפליִענ!

— מיר זײַנענ ארעמע, מאמעלע? דער טאטע איז אנ ארעמער? — פלעגט פרעגנ דער קליינער קאנדראט זײַנ פרומער מאמענ.

— ארעמע.

קאנדראט פלעגט פאלנ אפ די קני פאר דער טונקעלער סטאראווערישער איקאנע, געהאוונט אונ ביז טרוקנ געריבנ די אויגנ, דער בייזער גאט זאל קיינ טרערעלע ניט זענ...

קאנדראט ליגט אונ, ווי נעצ־קניפלעכ, פלײַבט ער איבער אינ זי־

קאַרג זײַן פאַרגאַנגענהייט. פון פּאַטערס זײַט איז ער געװען א דאָנער קאָזאַק, איצט — א קאָלװיר־טניק. פיל האָט ער דורכגעטראַכט אין די נעכט, װאָס זײַנען אַזױ לאַנג, װי די סטעפּ־שליאַכן. קאַנדראַטס פאָ־טער, װען ער איז געװען אַפן מיליטער־דינסט, האָט צוזאַמען מיט זײַן מיע געשמיסן מיטן קאַנטשיק און געשניטן מיטן שװערד די שטרײַקנדיקע איװאַנאָװאָ־װאָזנעסענסקער װעבער, פּאַרטײַדיקנדיק די אינטערעסן פון די פאַבריקאַנטן. דער פאָטער איז געשטאָרבן, איז קאַנדראַט אױסגעװאַקסן און אין 1920 יאָר האָט ער געשניטן די װײַספּאָליאַקן אין די װראַנגעלצעס, פאַרטײַדיקנדיק זײַן ראַטנמאַכט, די מאַכט פון די זעלביקע איװאַנאָװאָ־װאָזנעסענסקער װעבער פונעם אַנ־פאַל, װאָס די פאַבריקאַנטן און זײערע אָנגעװאָרנע האָבן געמאַכט.

קאַנדראַט גלײבט שױן לאַנג ניט אין גאָט. ער גלײבט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ, װאָס פירט די אַרבעטנדיקע פון גאָר דער װעלט צו באַפרײַונג, צו בליװער צוקונפט. ער האָט אָפּגעפירט אַפן קאָלװירטישן הױף זײַן פערד, אינגאַנצן ביז אײן פערד, האָט ער אָפּגע־טראָגן די אױפּעס. ער איז דערפאַר, אַז ברױט זאָל עסן און גראָז זאָל טרעטן נאָר דער, װער עס אַרבעט. ער איז פעסט, ניט אָפּצורײַסן, צוגעװאַקסן צו דער ראַטנמאַכט. אָבער עס שלאָפט זיך ניט קאַנדראַטן באַנאַכט... און עס שלאָפט זיך אים ניט דערפאַר, װאָס בײַ אים איז געבליבן א פּאַסקודנער פּאַרדראָס אַף זײַן גוטס, אַף זײַן אײגענער בײַ־הײמע, װאָס ער אַלײן האָט פרײַװיליק אָפּגעגעבן... ער האָט זיך אַרײַנ־געדרײט אין האַרצן, דער פּאַסקודנער פאַרדראָס, און גודעט מיט בענ־קעניש און אומעט...

פריִער פלעגט טרעפן, אַז דער גאַנצער טאָג איז געװען בײַ אים פאַרנומען: אינדערפרי גיט ער עסן די אָקסן, דער בעהײמע, די שעפּסן און דעם פערד, ער פּױעט זײ; מיטיק־צײַט שלעפּט ער װידער פון שײַער קופּעס הײ און שטרױ און ציטערט צו פאַרלירן א גרעזל, און אַף דער נאַכט דאַרף מען װידער אױפּראַמען. און אפילע באַנאַכט פלעגט ער עטלעכע מאָל אַרױסגײן אין פּי־שטאַל, געװװירע װערן, אױפקלײַבן דאָס הײ פון אונטער די פיס. פון װירטשאַפט־זאָרג פרײט זיך דאָס האַרץ. און איצט איז פּוסט, טױט בײַ קאַנדראַטן אַפן הױף. ניטאָ צו װעמען אַרױסצוגײן. די קאַרעטעס שטײען לײדיקע, דער טױ־ער שטײט אָפן, אפילע קײן האָנעגקרײ הערט זיך ניט די גאַנצע לאַנ־גע נאַכט; ניטאָ אפילע אַן װאָס צו זאָרגן, איז זיך װאָסער שײַ עס גײט אין מעשעכ פון דער נאַכט...

גאָר דעמלט פאַרשווינדט דער אומעט, ווען עס קומט אויס צו דעזשורען אין דער קאָלווירטישער שטאַל. באַטאָג זעט ער אוועקצוגיין וואָס גיכער פון דער היים, קעדיי ניט צו זען דעם שרעקלעכן ליידיק געוואָרענעם הויף, קעדיי ניט צו זען די טרויעריקע, פאַרשניטענע אויגן פונעם ווײַב.

אָס שלאָפט זי איצט מיט אים בײַ דער זײַט, זי אָטעמט גלײַכ־מעסיק. אפֿן אויוון וואַרפט זיך כריסטישקאַ, טשמאַקעט זיס מיט די ליפן און פלוידערט פון שלאָף: „טאַטעלע, פאַוואָלינקע!.. פאַוואָ־לינקע, פאַוואָלינקע". אין שלאָף זעט זי מיסטאָמע אירע באַזונדערע, ליכטיקע, קינדערשע כאַלוימעס; עס לעבט זיך איר גרינג, עס אָטעמט זיך איר לײַכט. איר פרייט א ליידיקע שוועבעלעך־קעסטעלע. זי נעמט און מאַכט דערפֿון א שליטעלע פאַר איר שמאַטע־ליאַלקע. מיטן שלי־טעלע וועט זי זיך שפּילן ביז פאַרנאַכט, און דער מאָרגנדיקער טאָג וועט צו איר א שמייכל טאָן מיט א נײַער שפּיל.

קאָנדראַט האָט אָבער זײַנע אייגענע געדאַנקען. ער וואַרפט זיך אין זיי, ווי א געפאַנגענער פיש... „וועניושע וועסטו אײַנגעדאַרט ווערן, שעדלעכער טײַוול? פאַרוואָס איז עס, אייגנטלעך? איך גיי פאַרבײַ פרעמדע געשטעלן, פרעמדע פערד שטייען, — זאָל עס מיך אַרן, אָבער ווי נאָר איך גיי צו צו מײַן אייגענעם פערד און גיב א קוק אפֿן זײַן רוקן מיטן שוואַרצן רימען ביזן סאַמע עק, אפֿן גע־צייכנטן לינקן אויער, נעמט עס זויגן אונטערן לעפֿעלע, ס'דאַכט זיך, אַז ער איז מיר ליבער, ווי דאָס ווײַב אין דער מינוט. און איך זע אַלץ א זיסערע ביסל היי אים אונטערצוואַרפֿן, א גרײַפֿלדיקערע. און די אַנדערע זײַנען אויך אַזוי: יעדערער טרינקט זיך אין בענקעניש לעבן זײַן פערד, און וועגן אַנדערע זאָרגט ער זיך ניט שטאַרק. דאַכט זיך, שוין ניטאָ איצט קיין פרעמדע, אַלע אייגענע, אָבער אַזוי איז עס... אפֿן די בעהיימעס וויל מען ניט אַכטונג געבן, זיי זײַנען זיי געוואָרן פרעמד... נעכטן האָט געדעזשורעט קוזשענקאָוו, די פערד האָט ער אליין ניט געפירט אָנפּויען, געשיקט דאָס יינגל; דער האָט זיך געזעצט רײַטנדיק און אוועקגעיאָגט דעם גאַנצן טאַבון אין גאַלאָפּ. ער האָט זיך ניט שטאַרק צוגעקוקט, צי האָט זיך ווער אָנגעטרונקען אָדער ניט אָנגעטרונקען — צוריק אוועקגעיאָגט אין גאַלאָפּ ביז דער שטאַל. און קיינעם זאָג ניט קיין קרום וואָרט, מע נעמט הירושען: „האַאַא, דו דאַרפסט מער פאַר אַלעמען!" דאָס אַלץ איז דערפֿאַר, וואָס עס איז שווער אָנגעקומען. ווער עס האָט אַלץ איבערן האַרץ, דעם פאַר־

הריסט אפּאָנעם ניט... ניט פאַרגעסנ צו זאָגנ מאָרגנ האוויראָוונ, ווי קוזשענקאָוו האָט געפּויעט נעכטנ די פערד. מיט אזא אופּפאסנ וועט דאָס פערדל אינ פרילינג די בראָנע פונ אָרט ניט רירנ. מע דאַרפ מאָרגנ אינדערפרי א קוק טאָנ, ווי מע גיט אכטונג אפ די הינער. ווײַ־בער האָבנ געבאָלבעט, אז א זיבנ שטיק זײַנענ געפּייגערט פונ ענג־שאַפט. אכ, שווער! נאָכ וואָס האָט מענ איצט די אויפּעס צונויפגענו־מענ? כאָטשבי לאָזנ צו איינ האָנ אפ א הויפ, אָנשטאָט א זייגער... אינ דער קאָאָפּעראטיווער קלייט איז קיינ סכוירע ניטאָ, אונ כריסטיש־קע איז א באַחוועסע. באָטש שרײַ — גאָר א פּאָר טשיריקלעכ דאַרפ מענ איר קויפנ! שוינ נימעס געוואָרנ בעטנ בא האוויראָוונ... ניינ, זאָל זי שוינ דעם ווינטער איבערווינטערנ אפנ אויוונ, אונ אפ זומער דאַרפ זי דאָס ניט האָבנ". קאָנדראט טראַכט וועגנ דער נויט, וואָס עס לײַדט דאָס לאַנד, וואָס בויט דעם פּינפיאָר, אונ ער דריקט צונויפ אונטער דער קאָלדרע די פויסטנ. מיט סינע רעדט ער אינ די געדאַנ־קענ צו יענע אַרבעטער אינ אויסלאַנד, וועלכע זײַנענ ניט מיט די קאָמוניסטנ: „איר האָט אונדז פאַרקויפט פאַר דעם גוטנ געהאלט, וואָס עס גיבנ אײַכ אײַערע באַלעבאַטימ! איר האָט אונדז, ברידער־לעכ, אויסגעביטנ אפ א זאַט לעבנ!.. איבער וואָס איז בא אײַכ ביז איצט ניטאָ קיינ ראַטנמאַכט? איבער וואָס האָט איר זיכ אזוי פאַר־שפּעטיקט? אויב עס וואָלט זיכ אײַכ שלעכט געלעבט, וואָלט איר שוינ איצט יא רעוואָליוציע געמאַכט. אָבער ווי ס'זעט אויס, האָט אײַכ קיינ געבראָטענער האָנ אינ הינטנ נאָכ קיינ פּיק ניט געטאָנ: איר טשוכעט זיכ אַלצ אונ קאָנט זיכ ניט אויסטשוכענ, אונ עפּעס אזוי אפּגעזונ־דערט, קוימ וואָס איר קריכט... נאָר ער וועט אײַכ א פּיק טאָנ! ביזנ בייג וועט ער א פּיק טאָנ!.. אָדער איר זעט ניט איבערנ גרענעצ, ווי שווער ס'איז אונדז צו הייבנ די ווירטשאַפט? וואָסערע נויט מיר לײַדנ, האַלב־באָרוועסע אונ האַלב־נאַקעטע, אונ מיר אַליינ דריקנ צונויפ די ליפּנ אונ אַרבעטנ. שעמענ וועט איר זיכ דאַרפנ, ברידערלעכ, צו קו־מענ אפ אלעמ פאַרטיקנ! מע וואָלט געדאַרפט מאַכנ אזא זייער הויכנ סלופּ, אז איר אַלע זאָלט אימ זענ, וואָלט איכ אַרופגעקראָכנ אפנ סאַ־מע שפּיצ פונ אָט דעמ סלופּ אונ וואָלט אײַכ אזוי אַרײַנגעהאַקט אינ הער מאַמענ!..” קאָנדראַט שלאָפט אײַנ. פונ זײַנע ליפּנ פאַלט אַרויס דאָס ציגאַרל אונ ברענט דורכ א גרויסע שוואַרצע לאָכ אפנ איינציקנ העמד. ער כאַפּט זיכ אויפ פונעמ ברי, שטייט אויפ אונ זידלט זיכ אינ־דערשטיל, ער זוכט אינ דער פינצטער א נאָדל צו פאַרנייענ די לאָכ

אפנ העמד; אנע קאָנ נאָכ אינדערהפרי באמערקנ די לאָכ אונ אימ יאַ־דענ דערפאר צוויי שאָ... קיינ נאָדל געפינט ער אָבער ניט.

ער ווערט ווידער אנשלאָפנ.

באגינענ, ווענ ער כאפט זיכ אופ, גייט ער ארויס אפנ הויפ אונ דערהערט פלוצעמ א מאָדנע זאכ: די פארגעזעלשאפטלעכטע הענער, וואָס נעכטיקנ אינ איינ שטייער, קרייענ מיטאמאָל, ווי א פארשיידנ־שטימיקער אונ מעכטיקער כאָר. קאָנדראט שטייט מיט צעעפנטע פאר־וונדערטע, אופגעלאָפענע אויגנ, הערט זיכ צו א מינוט צוויי צומ דורכויסיקנ, קעסיידערדיקנ קרייענ פונ די הענער, אונ ווענ עס ווערט איינליק אנשוויגנ דער לעצטער, פארשפעטיקטער קו — קע — קו ו ג״, שמייכלט ער פארשלאָפנ: „נו, זיכ צעקרייט, די טייוולשע זינ! פונקט ווי אנ אָרקעסטער מוזיקע. ווער עס לעבט לעבנ זייער שטייער, דער קאָנ פארלירנ דעמ שלאָפ אונ די רו. פריער אָבער פלעגט דאָ אינ איינ עק כוטער, דאָ אינ א צווייטנ זיכ הערנ א קריי — אָנ א סיידער אונ אָנ א טאָלק... עכ! א לעבנ!“ — אונ ער גייט דערשלאָפנ דעמ באַר־גינענ.

אינדערהפרי, ווענ ער האָט איבערגעביסנ, איז ער אוועק אפנ אַיי־פעסהויפ. דער אלטער איקימ בעסכלעבנאָוו באגעגנט אימ מיט א בייזנ געשריי:

— נו, וואָס שליאָנדערסטו ארומ שפראָצ באגינענ?

— געקומענ זענ, וואָס דו אונ די הינער מאכנ. וואָס מאכסטו עפעס, זיידע?

— כ'האָב געלעבט, אונ איצט — גאָט זאָל אָפּהיטנ!

— וואָס איז?

— די שטעלע בא די הינער טרייבט מיכ פונ דער וועלט!

— מיט וואָס?

— הו זיי נאָר אָפּ דאָ א טאָג, וועסטו זיכ דערוויסנ! די פאר־שאָלטענע הענער שלאָגנ זיכ א גאנצנ טאָג. איכ פאל שוינ פונ די פיס, יאָגנדיק זיכ נאָכ זיי. וואָס דארפסטו מער — הינער זיינענ שוינ, דאכט זיכ, פונ ווייבערשנ מינ, איז אויכ זיי כאפנ איינע די אנדערע פארנ קאמ — אונ מע שלאָגט זיכ! גייט זי אינ הר'עחד אזא שטעלע! היינט נאָכ וועל איכ גיינ צו האָוויראָוונ זיכ באפרייענ, כ'וועל זיכ אָפּבעטנ צו די בינענ.

— זיי וועלנ זיכ צוגעוווינענ, זיידע.

— אייידער זיי וועלנ זיכ צוגעווינענ, וועל איכ די פיס אויסציִענ.

דאָס איז דענ א מאַנצבלשע אַרבעט? ווי דו ווילסט, זיכ, אָבער איכ בינ דאָכ א קאָזאַק, אינ דער טערקישער קאַמפּאַניע זיכ באַטייליקט. אונ דאָ — נאַ דיר — געמאַכט מיכ פאַר א הויפּט־קאָמאַנדיר איבער הינער, צוויי טעג ווי איכ בינ אַפ דער שטעלע, קאָנ איכ שוינ איבער די קינדער אַפנ גאַס זיכ ניט באַווייַזנ. ווי נאָר איכ גיי אַהיימ, קומענ זיי — די יונגאַטשעס — אונ שרייַענ: „זיידע, הינערטאַפּער! — זיידע אַקימ דער הינערטאַפּער!" אַלע פּלעגנ מיר אָפּגעבנ קאָוועד, אונ איצט, אַפ דער עלטער זאָל איכ שטאַרבנ מיטנ צונעמעניש „הינער־טאַפּער"? איכ האָב ניט אַזאַ פאַרלאַנג!

— בלאָטע, זיידעניו אַקימ! וואָס קאָנ מענ פונ קינדער פאָדערנ?

— ווענ נאָר זיי אַליינ, די קינדערלעכ, וואָלטנ זיכ נאַריש געמאַכט, אָבער אויכ אַנדערע ווייַבער שטייענ צו צו זיי. נעכטנ גיי איכ אַהיימ עסנ וואַרעמעס, שטייט לעבנ ברונעמ נאַסטיאַנקע האָגעציקאָווס אונ שעפּט וואַסער. „ספּראַוועט זיכ מיט די הינער, זיידע?" — פרעגט זי. „איכ ספּראַווע זיכ" — זאָג איכ. „וועלכע הינער לייגנ אייער, זיידע?" „עס לייגנ, — זאָג איכ, — מאַמעלע, אָבער ווייניק". אָבער זי, די שקאַפּיכע די קאַלמיקישע, הירזשעט זיכ פאַנאַנדער: „זע, — זאָגט זי — אַז ביזנ אָקערנ זאָלנ זיי אָנלייגנ א קוישל אייער, אַניט וועלנ מיר דיכ אַליינ צווינגענ קריכנ אַפ די הינער!" איכ בינ שוינ צו אַלט צו הערנ אַזוינע כאָכמעס. די דאָזיקע שטעלע איז פאַר מיר זייער אַנ אַבידנע!

דער אַלטער האָט געוואָלט נאָכ עפּעס זאָגנ, אָבער לעבנ פּלויט האָבנ זיכ צוויי הענער א זעץ געטאָנ איינער אָנ אַנדערנ, בא איינעמ איז פונ קאַמ געראָנענ בלוט אונ באַמ אַנדערנ איז פונ דער וואָליע אַרויסגעפלויגנ א הויפנ פעדערנ.

דער אַלטער אַקימ האָט זיכ געלאָזט צו זיי מיט געלאָפ אונ אינ וועג געכאַפּט א צווייַגל.

אינ דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג, כאָטש ס'איז נאָכ געווענ גאָר פרי, איז שוינ געווענ פול מיט מענטשנ. אַפנ הויפ, באַמ גאַנעק, זייַ־נענ געשטאַנענ א פּאָר פערד, אייַנגעשפּאַנט אינ א שליטנ אונ גע־וואַרט אַפ דאַווידאָוונ, וואָס האָט זיכ געקליבנ פאָרנ אינ ראַיאָנ. דער באַזאָטלטער לאַפּשינאָווס „אינאָכאָדעצ" האָט מיטנ פוס געגראָבנ דעמ שניי, דערבייַ איז געשטאַנענ ליובישקינ אונ אונטערגעצויגנ די פּאַפּרוהע. ער האָט זיכ אויכ געגרייט צו פאָרנ אינ טוביאַנסקאַיאַ, ווייַ ער האָט געדאַרפט זיכ צונויפרייִדנ מיט דער דאָרטיקער קאָלווירט־

פאַרוואַלטונג וועגנ א טרויער. קאָנדראַט איז אַרײַנ אינ ערשטנ צימער. באַמ טיש האָט זיכ געגריבלט אינ די ביכער דער כעשבנ־פירער, וואָס איז ניט לאַנג געקומענ פונ דער סטאַניצע. יאַקאָוו לוקיטש, וואָס איז די לעצטע צײַט געוואָרנ אָפּגעצערט און פאַרכמורעט, האָט עפּעס גע־שריבנ, זיצנדיק אַנטקעגנ. דאָ זײַנענ אויכ געווענ די קאָלווירטניקעס, וואָס זײַנענ געווענ באַשטימט אַפּ צו פירנ היי. דער בריגאַדיר פונ דער דריטער בריגאַדע דער געשטופּלטער אַגאַפּאָנ דובצאָוו און אַרקאַשקע דער בײַטער האָבנ וועגנ עפּעס זיכ געאַמפּערט מיטנ אײנציקנ שמיד אינ כוטער, מיט איפּאָליט שאַלי. פונ שכײנעסדיקנ צימער האָט זיכ געהערט ראַזמיאַטנאָווס שאַרפע און פרײלעכע שטימ.

ער איז נאָרוואָס געקומענ און אײַלנדיק און שמײכלענדיק דער־ציילט דאַווידאָוונ:

— גאַנצ פרי זײַנענ געקומענ צו מיר פיר אַלטיטשקע. די אָנ־פירערקע זייערע איז די אַלטע אוליאַנע, מישקע איגנאַטענקאָס מוטער. דו קענסט זי? נײַנ? אַנ אַלטע פונ א פּוד אַכט, מיט א בראָדעווקע אַפנ נאָז. זיי קומענ. די אַלטע אוליאַנע שטורעמט, קאָנ ניט אָפּעטעמענ פונ צאָרנ, און די בראָדעווקע אַפנ נאָז שפּרינגט אונטער. און גלײַכ זיכ א נעמ געטאָנ פאַר מיר: „אַכ, דו אַזאַ און אַזאַ!" באַ מיר אינ ראַט שטייט אַנ אוילעמ, און זי מאַכט מאַמעס. זאָג איכ צו איר, פאַר־שטייט זיכ, שטרענג: „פאַרשטאָפּ דאָס מויל און הער אויפ די אויס־דרוקנ, אַניט וועל איכ דיכ אָפּשיקנ אינ דער סטאַניצע פאַרנ באַלײַ־דיקנ די מאַכט. וואָס, — פרעג איכ, — האָסטו זיכ צעקאָכט?" זאָגט זי: „וואָס איזדיעקעוועט איר זיכ איבער אַלטע ווײַבער? אַזוי קענט איר פונ אונדזערע שוועסטער אָפּלאַכנ?" קוימ זיכ דערוווּסט וועגנ וואָס עס האַנדלט זיכ. לאָזט זיכ אויס, זיי האָבנ געהערט, אַז קלוימערש אַלע אַלטע ווײַבער, וואָס טויגנ ניט צו דער אַרבעט, וועל־כע זײַנענ עלטער פונ זעכציק יאָר, וועט די קאָלווירט־פאַרוואַלטונג באַשטימענ צו פרילינג... — ראַזמיאַטנאָוו האָט זיכ אָנגעבלאָזנ, אײַנ־האַלטנדיק זיכ פונ געלעכטער, און פאַרענדיקט: — אַז קלוימערשט איבערנ מאַנגל אינ האַמפּמאַשינעס, וואָס זיצנ אויס אייער, וועט מענ די אַלטע באַשטימענ אַפּ דער דאָזיקער אַרבעט. זײַנענ זיי געוואָרנ אויפגעקאָכטע. די אַלטע אוליאַנע שרײַט, ווי א געקוילעטע: „וואָס, א רועכ אינ דײַנ מאַמענ! אַפּ אייער וועט איר מיכ זעצנ? ניטאָ אַזעל־כע אייער, אַפּ וועלכע איכ זאָל זיכ זעצנ! אײַכ אַלעמענ וועל איכ מיט א האַקמעסער דערהאַרגענענ און אַליינ וועל איכ זיכ דערטרינקענ!"

קומ זיי אײַנגעגומענ: „טרינק זיכ ניט, — זאָג איכ — באָבינקע אור־ליאַנע, סײַוויסײַ וועט פאַר דיר איג אונדזער טײַכל קיינ וואַסער ניט קלעקנ זיכ צו דערטרינקענ. דאָס אַלצ איז א ליגנ אונ באַלעגופּישע באָבעמײַסעס". אָט, וואָסערע געשעפטנ, כּאַווער דאַווידאָוו! — זיי לאָזנ פאַנאַנדער קלאַנגענ, די פּײַנט, אונ מע מאַכט אונדז א טאַר־מאָז. איכ האָב גענומענ אויספרעגנ, פונוואַנענ זײַנענ צו זיי די קלאַנגענ דערגאַנגענ, אונ כ׳האָב זיכ דערוווּסט: אײַערנעכטנ איז פונ וואָסקאָוויע געקומענ א מאָנאַשקע אינ כוטער, גענעכטיקט בא טימאָפיי באָרשטשעווונ אונ דערציילט, אז די הינער נעמט מענ, הייסט עס, צונויפ צוליב דעמ, קעדיי זיי אָפּצושיקנ איג שטאָט אפ קאָכנ לאָקשנ, אונ פאַר די אַלטע ווײַבער וועט מענ קלוימערשט מאַכנ אזעלכע שמאָלכעלעכ פונ א באַזונדערנ פאַסאָנ, מע וועט אונטערבעטנ שטרוי אונ מע וועט זיי צווינגענ זיכ זעצנ אפ אײַער, אונ די, וואָס וועלנ בונטעווענ, די, הייסט עס, וועט מענ צובינדנ צומ שטול.

— ווו איז זי איצט די מאָנאַשקע? — האָט לעבהאַפט געפרעגט נאַגולנאָוו, וואָס איז בײַגעווענ באַמ דערציילנ.

— זי האָט זיכ אָפּגעטראָגנ. זי איז ניט קיינ נאַר: זי לײַגט אָנ אונ גייט ווײַטער.

— אזעלכע שוואַרצעקיקע ראָבנ דאַרפ מענ אַרעסטירנ אונ אָפּשיקנ, וווּהינ מע דאַרפ. ווענ זי פאַלט אַרײַנ צו מיר אינ די הענט, וואָלט איכ איר פאַרבונדנ דאָס קליידל אפנ קאָפּ, אונ וואָלט איר אַרײַנגעציילט מיטנ קאַנטשיק... אונ בא דיר, פּאָרזיצער פונ ראַט, נעכטיקנ אינ כוטער, ווער עס וויל. אויכ אַנ אָרדענונג!

— דער טײַוול קאָנ זיי אַלעמענ אײַנהיטנ!

דאַווידאָוו איז אינעמ פּעלצ, אָנגעטאָנ אפנ מאַנטל, געזעסנ באַמ טיש. דאָס לעצטע מאָל האָט ער איבערגעקוקט דעמ פּלאַנ פונ די פרילינגדיקע פעלד־אַרבעטנ, וואָס די קאָלווירט־פאַרזאַמלונג האָט באַשטעטיקט. ניט אופהייבנדיק די אויגנ פונעמ פּאַפּיר, האָט ער געזאָגט.

— רעכילעס אפ אונדז איז אנ אַלטער גאַנג פונעמ פײַנט. ער, דער פּאַראַזיט, וויל אונדזער גאַנצע בויונג פאַרפּאַטשקענ. אונ מיר גיבנ אימ אָפּטמאָל א טרומפ אינ האַנט. אָט ווי מיט די אויפּעס...

— מיט וואָס דענ? — האָט נאַגולנאָוו אָנגעבלאָזנ די נאָזלעכער.

— דערמיט אַליינ, וואָס מיר זײַנענ געגאַנגענ פאַרזעלשאַפטלעכנ די אויפּעס.

— ניט ריכטיק!

— א פאקט, ריכטיק! מיר האָבנ ניט געדארפט זיכ צעבײַטנ אפ קליינגעלט. מיר האָבנ נאָכ אפילע קיינ זריִע-מאטעריאל ניט פארגרייט, אונ מיר האָבנ זיכ גענומענ פאר די אויפעס. אזא נארישקײַט! איכ וואָלט זיכ איצט דעמ עלנבויגנ אײַנגעביסנ... אינ רײַקאָמ וועט מענ מיכ אָנדרייענ פארנ ועק פאר דעמ זריִע-פאָנד, א פאקט! מאקע בעעמעס ניט קיינ אָנגענעמער פאקט...

— דו זאָג נאָר, פארוואָס דארפ מענ די אויפעס ניט פארגעזעלשאפטלעכנ? די פארזאמלונג האָט אײַנגעשטימט?

— ניט אינ דער פארזאמלונג גייט עס! — האָט זיכ דאווידאָוו פארקרימט, — ווי פארשטייסטו ניט, אז אויפעס איז א קלייניקײַט, אונ מיר דארפנ לייזנ דעמ איקער: פארפעסטיקנ דעמ קאָלווירט, דערפירנ דעמ פראָצענט ארײַנגעטראָטענע ביז הונדערט, אונ צומ סאָפ, פארזייענ. איכ, מאקאר, לייג ערנסט פאָר אָט וואָס: מיר האָבנ פאָליטיש געמאכט א פעלער מיט די פארפלוכטע אויפעס, א פאקט, א פעלער! הײַנט באנאכט האָב איכ עפעס געלייענט וועגנ אָרגאניזירנ די קאָלווירטנ אונ כ'האָב פארשטאנענ, אינ וואָס עס שטעקט דער פעלער: בא אונדז איז דאָכ א קאָלווירט, דאָס הייסט, אנ ארטעל, אונ מיר האָבנ זיכ פארמאָסטנ אפ א קאָמונע. ריכטיק? אָט דאָס טאקע איז א לינקער אָפנייג, א פאקט! גיב נאָר א טראכט. איכ אפ דײַנ אָרט (חוץ האָסט עס דורכגעפירט אונ אונדז דורכאגיטירט) וואָלט מיט באָלשעוויסטישע דרייסטקײַט אנערקענט דעמ דאָזיקנ פעלער אונ וואָלט באפוילנ אָפגעבנ די הינער אונ אנדערע אויפעס צוריק אהיימ, הא? נו, אונ אויב דו וועסט עס ניט טאָנ, וועל איכ עס טאָנ אפ מײַנ פאראנטוואָרטלעכקײַט, ווי נאָר איכ וועל קומענ צוריק. איכ פאָר, א גוטנ.

ער האָט ארופגעזעצט די קעפי אפנ קאָפ, אויפגעשטעלט דעמ הויכנ, פארנאפטאלינעוועטנ קאָלנער פונעמ באלעגופישנ פעלצ אונ געזאָגט, פארבינדנדיק די פאפקע:

— פארשיידענע מאָנאשקעס קריכנ דאָ ארומ אונ רייצנ אופ אפ אונדז די ווײַבער, די אלטינקע העצנ זיי קעגנ אונדז. אבער די באָלשעוויסטישע זאכ איז אזא יונגע אונ נייטיקע. אלע דארפנ זײַנ פאר אונדז! אי די אלטע אי די ווײַבער. די פרוי האָט אויכ איר ראָליע אינ קאָלווירט, א פאקט! — אונ איז ארויס, ברייט אונ שווער שפאנענדיק.

— קומ, מאקאר, פאנאנדערטרײַבנ די הינער אהיימ. דאווידאָוו האָט ריכטיקע רייד גערעדט. — ראזמיאָטנאָוו האָט, ווארטנדיק אפ אנ ענטפער, לאנג געקוקט אפ נאגולנאָוונ... יענער איז געזעסנ אפנ

פענצטער, צעשפיליעט דאָס פעלצל, געדרייט אינ די הענט דאָס היטל אונ שטיל באוועגט מיט די ליפנ. אזוי איז אריבער א מינוט דרײַ. מאקאר האָט דעמ קאָפ אופגעהויבנ מיטאמאָל, אונ ראזומיאָטנאָוו האָט באגעגנט זײַנ אָפענעמ בליק.

— קומ. ניט געטראָפנ. ריכטיק! דאווידאָוו, דער טײַוול, איז פונקט גערעכט... — אינ עטוואָס פארשעמט זיך צעשמייכלט.

— דאווידאָוו האָט זיך געזעצט אינ שליטנ. לעבנ אימ איז געשטאנענ קאָנדראט מײַדאניקאָוו. זיי האָבנ וועגנ עפעס לעבהאפט גערעדט. קאָנדראט האָט געמאכט מיט די הענט אונ מיט היץ דערציילט. דער פורמאנ האָט מיט אומגעדולד פאנאנדערגענומענ די לייצעס אונ פאריכט די בײַטש, וואָס איז געווענ פארשטעקט אונטערנ געזעס. דאווידאָוו האָט געהערט, בײַסנדיק די ליפנ.

ראזומיאָטנאָוו, וואָס איז אראָפ פונ גאנעק, האָט געהערט, ווי ער האָט געזאָגט:

— היץ זיך ניט. רויִקער. אלץ איז אינ אונדזערע הענט, מירנ אלץ אָפטאָנ, א פאקט! מירנ אײַנפירנ א סיסטעמ פונ שטראָפנ, מירנ פארפליכטנ די בריגאדירנ אפ זייער פערזענלעכער פאראנטוואָרטלעכקײַט. נו, א גוטנ!

איבער די פערדישע רוקנס האָט א פײַפ געטאָנ די בײַטש. דער שליטנ האָט אָנגעצייכנט אפנ שניי א בלויענ רונדנ שפור פונ די שינעס אונ איז פארשוואונדנ הינטערנ טויער.

אפנ אויפעס־הויפ זײַנענ הונדערטער הינער געווענ צעשפרייט, ווי א פארשייטנפארביקער געוועב. דער אלטער אקימ גייט ארומ מיט א צווײַגל איבערנ הויפ. דאָס ווינטל שפילט מיט זײַנ גראָ בערדל אונ טריקנט אפנ שטערנ דעמ גרײַפלדיקנ שווייס. דער „הינערטאפער" גייט ארומ, שטופט פאנאנדער די הינער מיט די וואָליקעס. איבערנ פלייצע הענגט בא אימ א זאק אפ א העלפט פול מיט נאָכווייקערנער. דער אלטער שיט די קערנער אפ א שמאָל סטעזשקעלע פונעמ אמבאר ביזנ שפײַכלער, בא זײַנע פיס קאָכט עס פונ די הינער אונ עס הערט זיך דער נאָבאנאנדיקער אײַליק־זאָרגעוודיקער: „קאָ־קאָ־קאָ־קאָ־קאָ־קאָ־קאָ!"

אינ שײַער, אָפגעצוימט מיט דרענגלעכ, ווײַסלענ זיך, ווי א דורכויסיק קאַלב־בערגל, די גענדז־סטאדעס. פונ דאָרטנ, ווי אינ פרילינג איבערפלי בייסנ געווויסער, טראָגט זיך א גרילציקער גראגער אונ א פליגל־פאטשערײַ.

באם שײַער שטייט א געדיכטער אוילעם מענטשנ. דרויסנ שטעקנ בלויז די רוקנס אונ הינטנס. די קעפ זײַנענ אָנגעבויגנ אפ אראָפ; די אויגנ זײַנענ געצילט ערגעצ אהינ, אונטער די פיס, אינמיטנ קרײַז.

ראזמיאָטנאָוו איז צוגעגאנגענ, אריבערגעקוקט איבער די רוקנס אונ געפרוווט זען, וואָס טוט זיכ דאָרטנ אינעם קרײַז. מענטשנ סאָפענ אונ ריידנ זיכ דורכ ניט הויכ:

— דער רויטער וועט אָפשלאָגנ.

— נעכטיקע טעג! זע, דער קאַם איז שוינ בא אים אָנ א זײַט.

— אָכ, ווי ער האָט אים א זעצ געטאָנ!

— דעם שנאָבל האָט ער געעפנט, זיכ שוינ פארמאטערט...

דעם אלטנ שטשוקארס שטימ:

— שטופ ניט! שטופ ניט! ער וועט אלײנ אָנהייבנ! שטופ ניט, צעדרייטער! אָט וועל איכ דיר געבנ א שטופ אונטערנ גאָרגל!..

אינעם קרײַז, פאנאנדערגעלאָזנ די פליגל, גייענ ארומ צוויי הענער, אײנער א העל-רויטער, דער צווייטער מיט בלוי-שווארצע שוואלב-פעדערנ באפעדערט. זייערע קאמענ זײַנענ צעפיקט אונ שווארצ פונעמ פארטריקנטנ בלוט, אונטער זייערע פיס איז אָנגעטראָטנ שווארצע אונ רויטע פעדערנ. די שלעגער זײַנענ פארמאטערט. זיי גייענ זיכ פאנאנדער, מאכנ אנ אָנשטעל, אז זיי פיקנ עפעס, זיי גראָבנ מיט די פיס דעם צעגייענדיקנ שניי אונ שפירנ נאָכ אײנער נאָכנ אנדערנ מיט אנ אָנגעשפיצטנ בליק. זייער געמאכטער גלײַכגילט איז א קורצער: דער שווארצער גיט זיכ פלוצעמ א הייב פונ דער ערד, פליט ער איבער דער הייכ, ווי א פויגל פונ א סרייפע. דער רויטער שפרינגט אויכ איבער. זיי קלאפנ זיכ אונ אינדערלופטנ אײנ מאל אונ נאָכאמאָל...

דער אלטער שטשוקאר קוקט, פארגעסנדיק אָנ אלצ אינ דער וועלט. אפנ שפיצ נאָז טרייסלט זיכ, ווי פונ קעלט, א טראָפנ סמארק, נאָר ער באמערקט עס ניט. זײַנ גאנצע אויפמערקזאמקײַט איז קאָנצענטרירט אפנ רויטנ האָנ. דער רויטער מוז זיגנ. דער אלטער שטשוקאר איז געגאנגענ אינ געוועט מיט דעמיד דעם שווײַגער. פונ זײַנ אָנגעשטרענגטסטנ צושטאנד פירט אים פלוצעמ ארויס עמעצנס א האנט: זי שלעפט דעם אלטנ גראָב פארנ קאָלנער פונ זײַנ פעלצל אונ שלעפט אים ארויס פונעמ קרײַז. שטשוקאר קערט זיכ אויס. זײַנ פּאָנעמ איז פארקרימט פונ אומגעווייגלעכער בייזקײַט אונ איז פול מיט הענערשער אנטשלאָסנקײַט זיכ צו ווארפנ אפנ באלײדיקער. אָבער דער אויסדרוק פונ זײַנ פּאָנעמ בײַט זיכ מאָמענטאל אונ ווערט צופרי-

און ליבלעך: דאָס איז נאגולנאָווס האַנט. א פארכמורעטער שלעפט ער פאנאנדער די צוזשויער, טרײַבט פאנאנדער די הענט־ און רעדט פארוואָלקנט:

— די שטיוועלעך — שלאָגט איר דאָ אָפּ, די הענער רײַצט איר־ אָן... אנו, צו דער ארבעט, פּאָליאקעס! גייט ברענגען הײַ אין פערד־ שטאַל, אויב איר האָט גיט וואָס צו טאָן. גייט פירן מיסט אָפּ די גערטנער. צוויי זאָלן גיין איבער די הויפן און אָנזאָגן די ווײַבער, זיי זאָלן גיין פאנאנדערנעמען די הינער.

— מע לאָזט פאנאנדער דעם הינער־קאָלווירט? — פרעגט איינער פון די ליבהאָבער פון האָגן־שלאַכט, אַן אינדיווידואַל אין א פיקסע־ נעם היטל, מיט נאָמען באַניק. — אפּאָנעם זייער באוווּסטזיניקײַט איז נאָך ניט דערוואַקסן צו זײַן אין א קאָלווירט! באַם סיציליזם וועלן זיך די הענער שלאָגן אָדער ניט?

— נאגולנאָוו מעסט אָפּ דעם פרעגער מיט א שווערן בליק און ווערט בלאַס:

— דו שפּאַס, אָבער ווייס איבער וואָס צו שפּאַסן. פאַרן כאָציִ־ אַליזם זײַנען די סאַמע בעסטע מענטשן אומגעקומען, און דו, היני־ טישע טינעפּ, מאכסט איבער אים בוויזעק? מראָג זיך באַלד אָפּ פון־ דאַנען, קאָנטרע, אַניט וועל איך דיר דערלאַנגען אין דער נעשאָמע, אַז דו וועסט אוועקשווימען אָפּ יענער וועלט. אוועק, דו פאַסקודע, קאָלזמאַן איך האָב פון דיר קיין בארמינען ניט געמאַכט! איך קאָן דאָך אויך א שפּאַס טאָן!

ער גייט אָפּ פון די ישטיל געוואָרענע קאָזאַקן. צום לעצטן מאָל גיט ער א קוק אָפּן הויף, וואָס איז פול מיט אויפּעס, און גייט לאַנג־ זאַם, אײַנגעהויקערט צום פערטל, דערשטיקנדיק דעם שווערן קרעכץ.

# קאַפּיטל 20

אין ראַיקאָם האָט בלוי זיך געקרײַזלט דער טאַבעק־רויך, געקלאַפּט א שרײַב־מאַשינקע און פון האָלענדישן אויוון האָט געשלאָגן א היץ. צוויי אזייגער באַטאָג דאַרף זײַן די זיצונג פון דער ביוראָ. דער סעקרעטאַר פון ראַיקאָם — א געעלטער, פארשוויצטער, מיט א צע־ שפּיליעטן, איבער דער שטיקעניש, קאָלנער פון זײַן געוואַנט־העמדל — האָט זיך געײַלט; ער האָט דאַווידאָוון אַנגעוויזן אָפּ א שטול, א קראַץ געטאָן דעם אָפּגעדעקטן ווײַס־פּוכקן האַלדז און געזאָגט:

— איכ האָב ווייניק צײַט, נעמ דאָס אײַנ אַכט. נו, ווי איז דאָרט באַ דיר? וואָס פֿאַר א פּראָצענט קאָלעקטיוויזאַציע? ביז הונדערט וועסטו אײַנגיכנ דעריאָגנ? רייד קורצ.

— ניכ. אָבער דאָ האַנדלט זיכ ניט וועגנ פּראָצענט. אָט, וואָס זאָל מענ טאָנ מיט דער אינערלעכער לאַגע? איכ האָב געבראַכט דענ פּלאַנ פֿונ די פֿרילינגדיקע פֿעלד־אַרבעטנ, אפֿשער וועסטו א קוק טאָנ?

— ניינ, ניינ! — האָט זיכ דער סעקרעטאַר דערשראָקנ און, קרענקלעכ זשמורענדיק די זעקלדיקע אויגנ, האָט ער מיט א טיכל אויסגעווישט דעמ שווייס פֿונעמ שטערנ. — דערמיט גיי צו לופּע־טאָוונ אינ רײַפֿעלדצוכטפֿאַרבאַנד. ער וועט עס דאָרטנ א קוק טאָנ און באַשטעטיקנ. איכ האָב קיינ צײַט ניט: פֿונעמ קרײַזקאָמיטעט איז געקומענ א באַווער, באַלד וועט זײַנ די זיצונג פֿונ דער ביוראָ. נו, פֿרעגט זיכ, צו וועלכנ טײַוול האָסטו צו אונדז די באַלעגופֿימ געשיקט? אַנ אומגליק מיט דיר... איכ האָב דאָכ קלאָר געזאָגט און געוואָרנט: „דערמיט אײַל זיכ ניט, אָפּ וויפֿל מיר האָבנ ניט קיינ דירעקטיוונ".

איז אָנשטאָט צו יאָגנ זיכ נאָכ די באַלעגופֿימ און, ניט שאַפֿנ־דיק קיינ קאָלווירט, אָנהייבנ אַנטבאַלעגופֿעווענ, וואָלסטו בעסער פֿאַרענדיקט די דורכווייזיקע. און וואָס טוט זיכ עס באַ דיר מיטנ זריִע־פֿאָנד? דו האָסט באַקומענ די דירעקטיוו פֿונעמ רײַקאָמ וועגנ שאַפֿנ טייקעף א זריִע־פֿאָנד? פֿאַרוואָס איז ביז איצט גאָרניש ניט געטאָנ געוואָרנ אָפּ אויספֿילנ די דאָזיקע דירעקטיוו? איכ וועל זײַנ געצוווּנגענ צו שטעלנ טאַקע הײַנט די פֿראַגע וועגנ דיר — און וועגנ נאַ־גולנאָוונ. מיר וועט אויסקומענ צו באַשטײַנ, מע זאָל דאָס איבער פֿאַר־שרײַבנ אינ אײַערע פּאַפּירנ. דאָס איז דאָכ א סקאַנדאַל! געדענק, דאָ־ווידאָוו! דאָס ניט אויספֿילנ די וויכטיקסטע דירעקטיוו פֿונעמ רײַקאָמ וועט ברענגענ צו זייער ניט קיינ אָנגענעמע אָרג־אויספֿירנ פֿאַר דיר! וויפֿל איז באַ דיר אָנגעזאַמלט זריִע לויט די לעצטע ידיִעס? איכ וועל באַלד דורכקאָנטראָלירנ. — דער סעקרעטאַר האָט אַרויסגענומענ פֿונ טיש א צעווירעטנ בויגנ פּאַפּיר, פֿאַרזשמורעט א פּיר געטאָנ איבער אימ מיט די אויגנ און איז מיטאַמאָל באַדעקט געוואָרנ מיט א רויטער פֿאַרב: — נו, פֿאַרשטייט זיכ! קיינ איינ פּוד ניט מער! וואָס־זשע שווײַגסטו?

— דו לאָזט דאָכ ניט ריידנ. מיטנ זריִע־פֿאָנד האָבנ מיר, ריבטיק

זיך נאָך ניט פארנומען. היינט נאָך וועל איך קומען און מיר וועלן אָנהייבן. די גאַנצע צייט האָבן מיר צונויפגערופן יעדן טאָג פאר־זאמלונגען, אָרגאַניזירט דעם קאָלווירט, די פאַרוואַלטונג, די בריגאַדעס, א פאקט! ארבעט איז פאראן זייער פיל, מע קאָן דאָך ניט, ווי די־ר ווילט זיך: איינס־צוויי, און פארטיק דער קאָלווירט. דעם באַלעגום פארטריבן און דעם זריִעס־פאָנד אָנגעזאַמלט... דאָס אַלץ וועלן מיר אויספילן און דו איַיל זיך ניט צו פארשרייבן אין די פאפירן, וועסט נאָך באַוויַזן.

— וואָס הייסט איַיל זיך גיט, ווען דער קריזיס און דער קאַנט דריקן, מע לאָזט ניט אָטעמען! דער זריִעס־פאָנד האָט געדאַרפט גע־שאפן ווערן נאָך ביזן ערשטן פעווראַל, און דו...

— און איך וועל אים שאפן צום פונקטלעכן, א פאקט! ניט אין פעווראַל וועלן מיר דאָך זייען! היינט האָב איך געשיקט א מיטגליד פון דער פאַרוואַלטונג אין טוביאַגסקאָיע נאָך א טריִער. דאָרט דרייט א קאָפּ דער קאָלווירט־פאָרזיצער, גניעדיך. אפּ אונדזער שריפטלעכער אָנ־פראַגע, ווען וועט בא זיי באַפרייט ווערן דער טריִער, האָט ער ארויסגעלייגט א רעזאָלוציע. „די קומענדיקע צייטן". אויך א ווויצלינג, א פאקט!

— דו דערציייל מיר גיט וועגן גניעדיכן. וועגן דיין קאָלווירט דערציייל.

— מיר האָבן דורכגעפירט א קאמפאניע וועגן אויסקוילען דאָס פי, איצט קוילעט מען שוין ניט. די טעג האָבן מיר אָנגענומען א באַשלוס צו פארגעזעלשאפטלעכן די אויפעס און דאָס קליינפי, מוירע האָבנדיק, אז מע וועט זיי אויסקוילען, און ביכלאַל... אָבער היינט האָב איך געזאָגט נאַגולנאָוון, ער זאָל צוריק פאַנאַנדערטיילן די אויפעס.

— נאָך וואָס איז עס?

— איך האָלט פאר א פעלער די פארגעזעלשאפטלעכונג פונעם קלייגפי און אויפעס. אין קאָלווירט זיינען זיי דערווייל ניט נייטיק.

— די קאָלווירטישע פארזאמלונג האָט אָנגענומען אזא באַשלוס?

— אָנגענומען.

— איז אין וואָס גייט עס?

— ס'איז ניטאָ קיין אויפעס־שטאַלן. די שטימונג בא די קאָל־ווירטניקעס איז געפאלן, א פאקט! מע דאַרף אים ניט אופרעגן איבער קלייניקייטן... די אויפעס איז ניט קיין מוז צו פארגעזעלשאפטלעכן, מיר בויען ניט קיין קאָמונע, נאָר א קאָלווירט.

— שוינ איינמאָל א טעאָריע! אונ אָפּגעבנ צוריק דארפ מענ? געווים האָט מענ ניט געדארפט זיכ נעמענ פאר די אויפעס, נאָר אויב מע האָט שוינ דורכגעפירט, דארפ מענ ניט גיינ אפ צוריק. בא אייַכ זעט זיכ דאָרט א מינ טאָפּטשענ זיכ אפ איינ אָרט, א צעצווייטקייט... מע דארפ אנטשיידנ זיכ אונטערציִענ! קיינ איינ זריִעפּאָנד איז ניט געשאפנ, קיינ הונדערט פראָצענט קאָלעקטיוויזאציע איז ניטאָ, דער אינווענטאר איז ניט רעמאָנטירט...

— הייַנט האָבנ מיר זיכ צונויפגערעדט מיטנ שמיד.

— זעסטו, איכ זאָג דאָכ, אז קיינ טעמפּנ זייַנענ ניטאָ! מע דארפ אומבאדינגט שיקנ צו אייַכ אנ אגיט-קאָלאָנע, זי וועט אייַכ אויס-לערנענ ארבעטנ.

— שיק, ס'וועט זייַנ זייער גוט, א פאקט!

—אָבער מיט וואָס מע דארפ זיכ ניט אייַלנ, האָט איר מאָמענטאל אָפּגעטאָנ. רויכער, — דער סעקרעטאר האָט אימ אויסגעשטרעקט דעמ פאָרטציגאר, — פּלוצעמ, ווי א שניי אפנ קאָפּ, קומענ אָנ פורנ מיט באלעגופימ. עס קלינגט מיר פונ ג.פ.או. זאכארטשענקאָ: „וווהינ זיי אהינטאָנ? פונעמ קרייַז איז גאָרנישט ניטאָ. מע דארפ פאר זיי עשעלאָנענ, אפ וואָס זיי אָפּצושיקנ, וווהינ זיי שיקנ?” זעסט, וואָס איר האָט אָנגעטאָנ! עס איז ניט געווענ ניט קאָנטאקטירט, ניט פארבונדנ...

— איז וואָס-זשע האָב איכ געדארפט מיט זיי טאָנ? — האָ-ווידאָוו איז אינ קאס געוואָרנ. אונ ווענ ער האָט גענומענ ריידנ מיט הארצ, געשווינד, האָט ער עטוואָס געשטאמלט, ווייַל אינ זייַנ ארויס-געזעצטנ צאָנ פלעגט זיכ ארייַנשטעקנ די צונג אונ געמאכט זייַנ ריידנ אזוי, ווי ער וואָלט צוגעסמאָקעט. אָט איצט האָט ער אויכ עטוואָס געשטאמלט, העכער אונ לייַכטשאפטלעכ גענומענ ריידנ מיט זייַנ גרעבלעכ טענאָרל:

— אפנ האלדז האָב איכ זיי געזאָלט אָנהענגענ? זיי האָבנ דער-הארגעט דעמ אָרעמפויער כאָפּראָוו אונ זייַנ ווייַב...

— די אויספאָרשונג האָט עס ניט דערוויזנ, — האָט דער סעקרעטאר אימ איבערגעשלאָגנ, — דאָרט האָבנ געקאָנט זייַנ זייטיקע סיבעס.

— א שלעכטער פאָרשער, אונ דערפאר איז עס ניט דערוויזנ. אונ די זייַטיקע סיבעס איז — בלאָטע! א באלעגופיש שטיקל ארבעט — א פאקט! זיי האָבנ אונדז מיט אלע מיטלענ געשטערט צו אָרגאניזירנ דעמ קאָלווירט, געפירט א קאמפּ קעגנ אימ — איז אָט, האָבנ מיר

זיי ארויסגעזעצט צומ טײַוול. איכ פארשטיי ניט, פארוואָס דערמאָנסטו וועגנ דעמ אלעמ? פונקט ווי דו ביסט ניט צופרידנ...

— א נארישער אײַנפאל! דריק זיכ אויס פאָרזיכטיקער! איכ בינ קעגנ זעלבסטטעטיקײַט אינ אזוינע פאלנ, ווענ דער פּלאנ, די פּלאנ-מעסיקע ארבעט ווערט פארביטנ מיט פּארטיזאנערײַ. אונ דו האָסט דער ערשטער זיכ געקליגט ארויסצוווארפנ פונ דײַנ בוטער די באלע-גופימ, אונ אונדז אוועקגעשטעלט אינ א שרעקלעכ-שווערער לאגע מיטנ ארויסזעצנ זיי. אונ דערנאָכ, וואָס איז עס פאר אנ אָרטיקער פּאט-ריאָטיזמ, פארוואָס האָסטו זיי אָפּגעשיקט אפ דײַנע פורנ בלויז ביזנ ראיאָנ? פארוואָס ניט גלײַכ אפ דער סטאנציע, אינ קרײַז?

— מיר האָבנ געדארפט די פורנ.

— זאָג איכ דאָכ — אָרטיקער פּאטריאָטיזמ! נו, גענוג! איז אָט האָסטו דיר די אויפגאבע אפ די נאָענטסטע טעג: פולקומ צונויפזאמ-לענ דעמ זריע-פאָנד, אָפּרעמאָנטירנ דעמ אינווענטאר צומ פארזיי, דערשלאָגנ זיכ א הונדערטפּראָצענטיקע קאָלעקטיוויזאציע. דײַנ קאָלווירט וועט זײַנ א זעלבשטענדיקער. ער איז טעריטאָריעל דערווײַטערט פונ די איבעריקע באפעלקערטע פונקטנ אונ אינעמ „גיגאנט" וועט ער, צומ באדויערנ, ניט ארײַנגיינ. אונ דאָ אינ קרײַז — דער טײַוול זאָל זיי נעמענ! — פּלאָנטערט מענ: דאָ גיב זיי „גיגאנטנ", דאָ צעגלידער! דער מויעכ. קערט זיכ — דער סעקרעטאר האָט זיכ געכאפּט פארנ קאָפּ, געזעסנ א מינוט שטיל אונ שוינ מיט אנ אנדער טאָנ געזאָגט:

— גיי, קאָנטאקטיר דעמ פּלאנ אינ רײַפעלדצוכטפארבאנד, דער-נאָכ עס אָפּ מיטיק אינ קיכ, אונ אויב דאָרט וועט קיינ מיטיק ניט זײַנ, גיי צו מיר אהיימ, דאָס ווײַב וועט דיכ אָנקאָרמענ. וואַרט! איכ'ל א צעטל אָנשרײַבנ.

ער האָט שנעל עפּעס א שרײַב געטאָנ אפ א שטיקל פּאפּיר, אײַנ-געשטופּט דאווידאָווג אונ, ארײַנטוענדיק זיכ אינ די פּאפּירנ, האָט ער אויסגעשטרעקט א קאלטע שווייסיקע האנט:

— אונ פאר באלד. זײַ געזונט. אפ דער ביוראָ וועל איכ וועגנ אײַכ טאקע שטעלנ די פראגע. איבעריקנס, ניינ. נאָר גארטלט זיכ אונטער. אויב ניט — איז אָרג-אויספירנ.

דאווידאָוו איז ארויס אונ אופגעוויקלט דאָס צעטעלע. מיט א בלויענ בלײַפעדער איז געווענ ברייט צעשריבנ: „ליזע! איכ לייג דיר קאטעגאָריש פאָר אומגעזאמט אונ אומבאדינגט געבנ א מיטיק דעמ דערלאנגער פונ אָט דעמ צעטעלע. נ. קאָרטשזשינסקי".

„נײַן, שוין בעסער אָן מיטיק, אײדער מיט אזא מאַנדאַט" — האָט באַרומערט באַשלאָסן דער אויסגעהונגערטער האַווירדאָוו, איבערלײענענדיק דאָס צעטעלע, און איז אוועק אין רײַפֿעלדצוכטפֿאַרבאַנד.

## קאַפּיטל 21

לויטן פּלאַן האָט דער שטעטעל פֿרילינג־אַקער אין גרעמיאַטשי לאָג געדאַרפֿט דאָס יאָר באַטרעפֿן 472 העקטאַר, פֿון זײ 110 רויערד. אַף פֿרילינג־אַקער איז האַרבסט געווען אויפֿגעאַקערט — נאָך אַף אַן אינדיווידועלן אויפֿן — 643 העקטאַר, ווינטער־קאָרן איז געווען פֿאַרזײט 210 הא. דעם אַלגעמײנעם פֿאַרזײ־שטעטעל האָט מען גערעכנט צעטײלן אַף בײ־ויט־און אײל־קולטורן אַף אזא אויפֿן: ווייץ — 667 העקטאַר, קאָרן — 210, גערשטן — 108, האָבער — 50, פּראָסע — 65, קוקורוזע — 167, קערלעך — 45, קאַנאָפּליע — 13. סאַכאַקל — 1325 הא, פֿליוס די 91 הא איבערגעלאָזענע אַף באַשטאַנעס זאַמדערד, וואָס ציט זיך אַף דאָרעם פֿון גרעמיאַטשי לאָג ביז דער אָוושאַטשער באַלקע.

אַף דער פֿאַרברייטערטער פּראָדוקציר־באַראַטונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען נאָך דעם צוזאַמענפֿאָרן פֿון פּעסטראַל, ווי עס האָבן זיך באַטייליקט העכער פֿערציק מענטשן פֿונעם קאָלווירטישן אַקטיוו, איז געשטאַנען די פֿראַגע וועגן שאַפֿן דעם זריע־פֿאָנד, וועגן די אַרבעט־נאָרמעס אַף די פֿעלד־אַרבעטן, וועגן דעם רעמאָנט פֿונעם אינווענטאַר צום פֿאַרזײ און וועגן אויסטיילן פֿון די פֿוראַזש־רעזערוו א פֿאַרפֿאַנצערטן פֿאָנד אַף דער צײַט פֿון די פֿרילינגדיקע פֿעלד־אַרבעטן.

לויט יאַקאָוו לוקיטשס אײַצע האָט דאַווידאָוו פֿאָרגעלײגט אָנשיטן זריע־ווייץ אַרום און אַרום צו זיבן פּוד אַף א העקטאַר, סאַכאַקל 4669 פּוד. דאָ האָט זיך עס אָנגעהויבן דער גוואַלדיקער געשריי. יעדערער האָט געשריען פֿאַר זיך, ביז הערנדיק דעם צווייטן. פֿונעם טומל האָבן די שויבן אין טיטאָקס הויז געציטערט און געקלונגען.

— שוין צו פֿיל!

— איבערגעבאַפּט די מאָס!

— אַף די גרוי זאַמדיקע ערדן האָבן מיר אין לעבן אַזויפֿיל ניט אויסגעזייט.

— א געלעכטער אין די הויפֿנס!

— פֿינף פּוד איז איבערגענוג.

— נו, פינף א האלב.

— פעטע ערד, וואָס פאָרערט צו זיבן אפּ א דעסיאַטינע, האָבן מיר אפּן שפּיץ מעסער! די טאָלאָקע וואָלט מען געראַרפט אופּאַקערן, וואָס האָט די מאכט געקוקט?

— אָדער די פּאסן לעבן פּאניושקינס באַראַק.

— האָ! די סאמע גראָז־ערטער פּאראַקערן! אַרײַנגעפּויקט, ווי מיט א שטיין אין וואַסער!

— זאָגט אונדז וועגן טווע, ווייל קילאָ דאַרף מען האָבן אויף דעם האָ.

— דרייט אונדז ניט קיין קאָפּ מיט די קילעס! אפּן מעסטל אָדער אפּן פּוד וועגן אָפּ!

— בירגערן! בירגער, שטילער! בירגער, אין אײַער מאַמען! טיר־ריז, מעשוגע געוואָרן! נאָר איין ווערטעלע גיט מירן! — האָט זיך אויס אונטערגעריסן שרײַענדיק ליובישקין, דער בריגאַדיר פון דער צווייטער בריגאַדע.

— נעמט זיי אלע, מיר גיבן!

— נו, אַן אוילעם, א רועך זיי אין זײַט! בעהיימעס און גאָר... איגנאַטן! וואָס רעוועסטו ווי א בוהײַ? אזש בלוי געוואָרן אינגאַנצן פון אָנשטרענגונג...

— בא דיר אליין שלאָגט פון מויל א שוים, ווי בא א מעשוגע־נעם הונט!

— גיט ליובישקינען א וואָרט!

— ניט אויסצוהאַלטן פון געפּילדער!

די באראַטונג האָט געצאָרנט אין אויסגעשרייען. ענדלעך, ווען די סאַמע שרײַער זײַנען עטוואָס הייזעריק געוואָרן, האָט דאַווידאָוו, אָנ אופגערייצטער, אומגעוויינלעך פּאַר אים, גענומען שרײַען:

— ווער באַראַט זיך עס אזוי, ווי איר, האָ?.. וואָס שרײַט מען? יעדער דאַרף ריידן אין אָרדענונג, די איבעריקע שווײַגן, א פאַקט! קיין באַנדיטיזמוס דאַרף מען דאָ ניט מאַכן! מע דאַרף באַוווסטזיני־קײַט האָבן! — און שטילער פאָרגעזעצט: — איר דאַרפט זיך באַם אַרבעטער־קלאַס לערנען, ווי מע דאַרף אָרגאַניזירט דורכפירן א פאַר־זאַמלונג. בא אונדז אין צעך, לעמאָשל, אָדער אין קלוב איז א פאַר־זאַמלונג, גייט זי מיט אַן אָרדענונג, א פאַקט! אייגער טרעט אַרויס. די איבעריקע האָרכן, און איר שרײַט אלע מיטאַמאָל, און מע קאָן גאָרניט פאַרשטיין!

ווער ס'וועט פּילדערן, וועג עמעצער וועט ריידן, דעם וועל איך מיט אָט דעם פּאַרוקער אַ שנייַד טאָן איבערן קאַרק, ערגוואָרט! ער זאָל די קאַפּיטעס אויסציִען אָן אַ זײַט! — ליובישקין איז אופגע־שטאַנען און אַ שאָקל געטאָן מיט אַ דעמבענעם היפּש גראָבן פאַ־רוקער.

— אזוי אַרום קאָנסטו אוגדז אַלעמען צום סאָף פאַרזאַמלונג פאַר קאַליקעס מאַכן! — האָט אַרויסגעזאָגט זײַן האַשאָרע דיאָמקע אוי־שאַקאָוו.

די באַראַטונג האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט, מע האָט פאַרױכערט און שוין ערנסט גענומען זיך באַהאַנדלען די פראַגע וועגן דער פאַר־זיי־נאָהמע. לאָזט זיך אויס, אַז מע האָט גאָר ניט געהאַט וואָס צו אַמפּערן זיך און שרײַען... דער ערשטער האָט גענומען דאָס וואָרט יאַקאָוו לוקיטש און באַלד פאַרענטפערט אַלע ווידערשפּרוכן:

— מע האָט זיך אומזיסט געריסן מיט געשרייען. פאַרוואָס האָט באַוער דאַווידאָוו פאַרגעלייגט צו זיבן פּוד? גאָר פּאַשעט, דאָס איז אונזער אַלגעמיינע אייצע. דורכסאַמען און רייניקן אַפּן טריִער וועלן מיר? מיר וועלן. אָפּפאַל וועט זײַן? ס'וועט זײַן. און עס קאָן זײַן פיל אָפּפאַל, ווײַל בײַ אַנדערע באַלעבאַטים, וואָס סטאַרען זיך ניט קאָן מען ניט אונטערשיידן אַ זריִע־קערנדל פון אַ נאָסוויי־קערנדל. מע האַלט עס מיט דער עס־טווע צוזאַמען, מע פאַרזייט עס, אַבי ווי. נו, און אויב עס וועט זײַן רעשטלעך, וועט עס האָב ניט פאַרפאַלן גיין. פאַר די אויפעס און בעהיימעס וועלן מיר דאָס געבן.

מע האָט באַשלאָסן — צו זיבן פּוד. ערגער איז עס געגאַנגען, ווען מע האָט באַטראַכט די אַרבעט־נאָרמעס אַף אַן אַקער. דאָ איז אַוועק אַזאַ מישמאַש איג די רעדעס, אַז דאַווידאָוו האָט זיך קױמאַט פאַר־לאָרן.

— ווי קענסטו מיר פאָרויס אײַנשטעלן די אויסאַרבעטונג אַפּן אַקער, אויב דו ווייסט ניט וואָס פאַר אַ וועטער עס וועט זײַן? — האָט געשריִען דער בריגאַדיר פון דער דריטער בריגאַדע, דער געשטופּלטער און היפּשער אַגאַפּאָן דובצאָוו, אָנפּאַלנדיק אַפּ דאַווידאָוון. — דו ווייסט דען, ווי ס'וועט צעגיין דער שניי און וואָס פאַר אַן ערד עס וועט פון אונטער אים אַרויסניין, אַ פײַכטע אָדער אַ טרוקענע? וואָס־זשע, דו זעסט דורך און דורך די ערד?

— וואָס־זשע לייגסטו פאָר, דובצאָוו? — האָט דאַווידאָוו גע־פרעגט.

— איך לייג פאַר קיין פּאַפּיר גלאַט ניט פּאַטערן און איצט גאָר ניט שרײַבן. עס וועט קומען דער פּאַרזיי, וועלן מיר זען.

— דו, א בריגאַדיר, און דו טרעטסט אומבאַוווסטזיניק אַרויף קעגן פּלאַן? דו האַלטסט, אַז ער איז ניט גייטיק?

— מע קאָן פּאַרויס ניט זאָגן, וואָס און ווי! — האָט אומדעריוואַרט יאַקאָוו לוקיטש געשטיצט דובצאָוון, — און א נאָרמע ווי אַזוי קאָן מען איינשטעלן? בא אײַך, לעמאָשל, גייען געשפּאַנט אין אַקער דרײַ פּאָר גוטע, אַלטע אָקסן, און בא מיר גייען דרײַיאָריקע, ניט דערוואַקסענע. וועל איך דען אַזויפיל אויפאַקערן, ווי איר? איך לעבן ניט!

אָבער דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט קאָנדראַט מײַדאַניקאָוו:

— פון אָסטראָוונאָוון דעם ווירטשאַפט־פּאַרוואַלטער איז אונדז זייער א גרויסער כידעש צו הערן אַזעלכע רייד! ווי־זשע ווערסטו אָן אויפגאַבן אַרבעטן? ווי גאָט וועט הייסן? איך וועל פונעם אַקער די הענט ניט אַראָפּנעמען, און דו וועסט אויף דער זון דעם רוקן וואַרעמען, און באַקומען וועלן מיר דער־פאַר אַלציינס? לאַנג לעבן זאָלסטו, יאַקאָוו לוקיטש!

— א דאַנק, קאָנדראַט כריסטאָפּאָריטש! איז ווי־זשע פּאַרגלײַכסטו די אָקסן־קהאַפּט מיט דער ערד! בא דיר וועט זײַן ווייכע ערד, און בא מיר — פעסטע, בא דיר איז דער פּאַס אין א טאָל, און בא מיר — אויף א בערגל. זאָג־זשע, אויב דו ביסט אַזא כאָכעם.

— אויף האַרטער ערד איז איין אויפגאַבע, און אויף ווייכער — אַן אַנדערע. די אָקסן קאָן מען אויסגלײַכן אין די געשפּאַנען. אַלץ קאָן מען אויסרעכענען, דערציי׳ל מיר ניט!

— אושאַקאָוו וויל ריידן!

— מיר בעטן!

— איך וואָלט, ברידער, אַזוי געזאָגט: די בעהיימעס דאַרף מען, ווי עס פירט זיך שטענדיק, מיט א כוידעש פאַרן פּאַרזיי אָנהייבן קאָרמען מיט האַרטן פיטער: מיט גוט היי, מיט קוקורוזע, גערשטן, איז דאָ א פּראַגעלע, ווי וועט בא אונדז זײַן מיט פוראַזש... די ברויט־פאַרגרייטונג האָט בא אונדז אויפגעגעסן די איבעריקע טוועס...

— וועגן דעם פוי וועלן מיר דערנאָך ריידן. איצט איז עס ניט אין טאָך, א פּאַקט! מע דאַרף לייזן די פראַגע וועגן די נאָרמעס פון מאַן־אויסאַרבעטונג אויף אַקערן. וויפיל העקטאַר אויף האַרטער ערד, וויפיל אויף אַן אַקער, וויפיל אויף א זייעלקע.

— זייעלקעס זײַנען אויך פּאַראַן פּאַרשיידענע! אויף אַן עלפּריי־

קער קאָנ מענ ניט אויסארבעטנ אזויפיל, וויפל אפ א זיבעצנריייִקער.

— א פאקט! מאכ דײַנ פאָרשלאָג. אונ איר, בירגער, פארוואָס שווײַגט איר די גאנצע צײַט? איר רעכנט זיכ אינ אקטיוו, אונ אײַער שטימ האָב איכ נאָכ ניט געהערט.

רעמיד דער שווײַגער האָט פארווונדערט א קוק געטאָנ אפ דאווי־דאָווג אונ געענטפערט מיט אנ אינווייניקסטנ כאס:

— איכ בינ אײַנשטימיק.

— מיט וואָס?

— אז מע דארפ אקערנ, הייסט עס... אונ זייענ.

— נו?

— האָס גאָר.

— גאָר?

— הם.

— זיכ דורכגערעדט! — דאווידאָוו האָט א שמייכל געטאָנ, נאָכ עפעס געזאָגט, אָבער איבער דעמ אלגעמיינעמ געלעכטער האָט מענ זײַנע רייד ניט געהערט. דערנאָכ האָט שוינ פארנ שווײַגער געגעבנ דערקלערונגענ דער אלטער שטשוקאר:

— בא אונדז אינ כוטער, כאווער דאווידאָוו, רופט מענ אימ דער שווײַגער. א גאנצ לעבנ שווײַגט ער, ער רעדט זעלטנ, איבער דעמ האָט אימ זײַנ ווײַב געוואָרפנ. א קאָזאק איז ער ניט קיינ נארישער, נאָר אזוי ווי א צעדרייטער, אָדער איידעלער צו זאָגנ, אזוי ווי מיט א מעשוגאַס, אָדער אנ ערעכ אזוי, ווי מע וואָלט אימ מיט א זאק דער־לאַנגט פונ הינטער א ווינקל. א ייִנגל איז ער געווענ, געדענק איכ, א סמארק אזא אונ א טויגעניכצ, אָג הויזלעכ ארומגעלאָפנ, אונ קיינע שום טאלאנטנ האָט מענ בא אימ ניט באמערקט, אונ איצט, אָט איז ער אויסגעוואָקסנ אונ שווײַגט. בא אימ האָט נאָכ באמ אלטנ רעזשימ דער טוביאנסקער גאלעכ אפילע זײַנ ווידע אָפּגענומענ, אפ דער ווידע האָט ער אימ צונעדעקט מיט א שווארצנ טוכ אונ געפרעגט (ס׳איז געווענ בייסנ גרויסנ טאָנעס, אפ דער זיבעטער וואָכ, דאכט זיכ): „דו גאנוועסט, הייליקע שאָפ?“ ער שווײַגט. „דו ביסט מעזאנע?“ שווײַגט ער ווײַטער. „טאבעק רייכערסטו? זינדיקנ טוטסו טאָג מיט ווײַבער?“ שווײַגט ער גאָכאמאָל. ער, דער שויטע, וואָלט געהאפט זאָגנ: „איכ בינ זינדיק, פאָטערל!“ אונ די מאָמענט וואָלט מענ אימ מויכל געווענ די זינד.

— פארשטאָפ דאָס מויל, דו! — א שטיכ פונ הינטנ אונ א גע־לעכטער.

— ... באלד, אינ איינ סעקונדע ענדיק איכ! נו, אונ ער סאַפּעט נאָר אונ גלאָצט מיט די אויגנ, ווי א באָק אפ א נייעמ מויער. דער גאַלעכ איז געקומענ אינ פאַרצווייפלונג, אינ שרעק אריינגעפאַלנ, דער ביטראַכיל ציטערט אפ אימ, פונדערסטוועגנ פרעגט ער: „עפּשער האָסטו אַמאָל א פרעמד ווייב פאַרלאַנגט. אָדער דעמ נאָענטנ אייזל זיינעמ אָדער זיינ איבעריק פי?” נו, אונ פאַרשיידענע אַנדערע זאַכנ פונעמ יעוואַנגעל... דעמיד שוויַגט ווידער. אונ וואָס טאַקע זאָל ער זאָגנ, נו, ווער̇מעס ווייב ער זאָל ניט פאַרלאַנגענ, וואָלט סיי ווי סיי גאָרניט דערפונ ניט ארויסגעקומענ; קיינע, די סאַמע לעצטע וועט אימ ניט...

— ענדיק, זיידע! צומ איניענ האָט דיינ דערציילונג קיינ שייַכעס ניט! — האָט האַווידראָוו שטרענג באַפוילנ.

— זי וועט באַלד האָבנ, אָט־אָט דערגייענ מיר צומ איניענ. דאָס איז נאָר א צומיט. נאָכ איינ סעקונדע! מיכ איבערגעשלאָגנ... אכ, כאַפּט דיכ דער וואַטנמאַכער! פאַרגעסנ וועגנ וואָס איכ האָב גערעדט!.. לאָמיר זיכ אָקאָרשט דערמאָנענ... אינ דער מאַמענ מיט אַזא זיקאָרנ! זיכ דערמאָנט! — דער אַלטער שטשוקאַר האָט זיכ א פּאַטש געטאָנ איבערנ פּליכ, אונ גענומענ שיטנ, ווי פונ א קוילנוואַרפער: — מיקויעכ א פרעמד ווייבל זיינענ דעמידס געשעפטנ געווענ פּאַסקודנע, אונ אנ אייזל, וואָס ער זאָל פאַרלאַנגענ, אָדער אנ אַנדער הייליק בעהיימעלע? קאָנ זיינ, אז ער וואָלט עפשער פאַרלאַנגט, אַזוי ווי ער איז אינ דער ווירטשאַפט אָנ א פערד, אָבער בא אונדז זיינענ זיי ניטאָ אונ ער האָט זיי אינ לעבנ ניט געזענ. איכ פרעג אייַכ, טייַערע בירגער, פונוואַנענ קומענ צו אונדז אייזלענ? פונ קאַרמוינימ זיינענ זיי דאָ ניט געווענ! א טיגער דאַרטנ, צי אנ אייזל, דאָס זעלביקע. א קעמל...

— דו וועסט הייַנט אנשווייגנ ווערנ? — האָט נאַגולנאָוו געפרעגט, — כ'וועל דיכ באַלד ארויספירנ פונ שטוב.

— דו, מאַקאַרושקע, האָסט דעמ ערשטנ מייַ וועגנ דער וועלט־רעוואָליוציע גערעדט אינ דער שול פונ האַלבנ טאָג ביז פאַרנאַכט. לאַנגווייליק גערעדט, ניטאָ וואָס צו ריידנ, אַלצ דאָס זעלבע געשטויסנ. איכ האָב זיכ שטילינקערהייט צונויפגעדרייט אפנ באַנק אונ איינגעשלאָפנ, אָבער איבערשלאָגנ דיכ האָב איכ ניט באַשלאָסנ בא זיכ, אונ אָט דו שלאָגסט מיר איבער...

— נעכייַ זאָל ער ענדיקנ, דער זיידע. צייַט איז דאָ, — האָט גע־

זאָגט ראזמיאָטנאָוו, וואָס האָט שטארק ליב געהאט א וויץ אונ א ברייִ־
לעכע דערציילונג. דעמ אלטנ האָט מענ פארלענגערט די צײַט אפּ צוויי
מינוט אונ ער האָט, שלינגענדיק די ווערטער, פארענדיקט:

— עפּשער טאקע איבער דעמ האָט ער געשוויגנ, קיינער ווייס עס ניט.
דער נאלעב האָט זיכ געהאלטנ אינ איינ וווּנדערנ. קריכט ער מיטנ
קאָפּ צו דעמידנ אונטערנ טוכ אונ פרעגט: „ביסט ניט קיינ שטומער?“
זאָגט אימ שוינ דאָ דעמיד: „גיינ, זאָגט ער, דו האָסט מיר חער־
עסנ!“ איז דער נאלעב אינ כּאַס געוואָרנ, ניטאָ וואָס צו זאָגנ, אזש
גרינ געוואָרנ אפנ פּאָנעמ אונ גענומענ שטילינקערהייט שיפּענ, די
אלטימשקע זאָלנ ניט הערנ: „איז וואָס־זשע שווײַגסטו, אינ דײַנ מאַ־
מענ אריינ, ווי א סלופּ?“ אונ א־א־א זעצ געטאָנ דעמידנ צווישנ די
אויגנ מיטנ קליינעמ לײַכטער!

דעמ געלעכטער פארטויבט דעמידס דונערדיקער באס:

— דו לײַגסט! ער האָט ניט דערלאנגט קיינ זעצ.

— שוינ־זשע ניט דערלאנגט? — האָט זיכ שרעקלעכ פארוווּנ־
דערט דער אלטער שטשוקאר. — נו, אלציינס, ער האָט געוואָלט, אפּאָ־
נעמ, א זעצ טאָנ... דאָ האָט ער אימ געלאָזנ אָנ ווירע. וואָס־זשע,
בירגער, דעמיד שווײַגט, אונ מיר וועלנ ריידנ, צו אונדז האָט עס קיינ
שײַכעס ניט. כאָטש צוריק גערעדט א גוט וואָרט, ווי מײַנס, איז זיל־
בער אונ שווײַגנ איז גאָלד.

— דו וואָלסט דײַנ גאנצ זילבער אויסגעביטנ אפּ גאָלד! וואָלט־
אנדערע קיינ צאָרעס ניט געהאט — האָט נאגולנאָוו געראטנ.

דער געלעכטער פלעגט אמאָל אויפלאקערנ, ווי א ברענענדיקער טרו־
קענער בוימ, אמאָל זיכ פארלעשנ. דעמ אלטנ שטשוקארס דערציי־
לונג האָט געהאט געשטערט די זאכלעכע שטימונג. אָבער דאווידאָוו
האָט אָפּגעווישט פונ פּאָנעמ דעמ שמייכל אונ געפרעגט:

— וואָס האָסטו געוואָלט זאָגנ וועגנ דער ארבעט־נאָרמע? טרעט
צו צומ איניענ!

— איכ? — דער אלטער שטשוקאר האָט אָפּגעווישט מיטנ ארבל
דעמ פארשוויצטנ שטערנ אונ גענומענ פינטלענ מיט די אויגנ. — איכ
האָב גארנישט ניט געוואָלט וועגנ איר זאָגנ... איכ האָב נאָר באלויבטנ
די פראגע וועגנ דעמידנ... אָבער די נאָרמע געהערט דאָ ניט...

— איכ נעמ אָפּ בא דיר דאָס וואָרט אפּ דער פארזאמלונג! ריידנ
דארפ מענ אינ טאָכ, אונ טרײַבנ קאטאָוועס קאָנ מענ שפּעטער, א
פּאקט!

— א דעסיאטינ אינ א מעסלעם אפ אנ אקער, — האט פאנעלינט איינער פונ די אגראָ־באפולמעכטיקטע — דער קאָלווירטניק אי־וואנ באטאלשטשיקאָוו.

אבער דובצאָוו האָט אופג'ערעגט אויסגעשריִענ:

— ביסט מעשוגע! גיי דיינ ווײַב דערציילנ מײַסעס! וועסט קיינ דעסיאטינ אינ א מעסלעם ניט אופאקערנ! וועסט שוויצנ אונ ניט אויסארבעטנ!

— איכ פלעג אמאָל אופאקערנ. נו, עפשער א טראָפעלע ווייניקער...

— אָט דאָס איז עס טאקע, וואָס ווייניקער!

— א האלבע דעסיאטינ אפ אנ אקער, דאָס איז אפ הארטער ערד.

נאָכ לאנגע אמפערנישנ האָט מענ זיכ אפגעשטעלט אפ אזא מעסלעס־נאָרמע פונ אופאקערנ: הארטע ערד אפ איינ אקער — 0,60 העקטאר, ווייכע — 0,75

אונ אפ דייעג פאר די זייעלקעס: אפ אנ עלפרייִקער — 3¼ העקטאר, אפ א דרײַצנרייִקער — 4, אפ א זיבעצנרייִקער — 4¾.

בא חער אלגעמיינער צאָל 184 פאָר אָקסנ אונ 73 פערד אינ גרעמיאטשי לאָג איז דער פלאנ פונעמ פרילינג־פארזיי געווענ ניט קיינ אנגעשטרענגטער. וועגנ דעמ האָט טאקע געמאָלדנ יאקאָוו לוקיטש:

— מיר וועלנ פארזייענ פרי, אויב מיר וועלנ ארבעטנ מיט פלײַס. אפ א געשפאנ מאכט אויס 4½ דעסיאטינ אפנ פרילינג. דאָס איז גרינג, ברידערלעכ! ניטאָ וואָס צו ריידנ.

— אָט אינ טוביאנסקאָיע מאכט אויס צו 8 אפ א געשפאנ, — האָט ליובישקינ מיטגעטיילט.

— נו, זאָלנ זיי שוויצנ! מיר האָבנ פאָריקנ הארבסט ביז די פרעסטלעכ געאקערט אפ פריר־אקער, אונ זיי האָבנ שוינ פונעמ יאָנטעוו פאָקראָוו אָנגעהויבנ טיילנ הייצונג, געביטנ א שוב אפ א לאפטשע.

מע האָט באשלאָסנ אָנשיטנ דעמ זריִע־פאָנד אינ פארלויפ פונ דרײַ טעג. מע האָט אויכגעהערט די ניט פריילעכע מעלדונג פונעמ שמיד איפאָליט שאלי. ער האָט גערעדט שרײַענדיק, ווײַל ער איז געווענ טויבלעכ, אונ די גאנצע צײַט געדרייט אינ די שווארצע, פינ דער ארבעט צעפלעטשטע הענט דאָס פארפעטסטע היטל. פאר אזא גרויסער פארזאמלונג איז ער געווענ עטוואָס ג'עפאלנ בא זיכ:

— מע קאָנ אלץ אפרעמאָנטירנ. אינ מיר איז ניטאָ קיינ מעניִע.

אָבער וואָס טוט מען מיט אײַזן? מע דאַרף זובן מיט אַלע קוויטלעך, איצט איז שווער צו קריגן. ניטאָ קיין ברעקל אײַזן אויף די לאָמעכעס און אויף די אַקערן. ניטאָ מיט וואָס צו אַרבעטן. צו די זייעלקעס נעמט איך זיך פון מאָרגנעדיקן טאָג. איך האָב אַ לערניינגל און קוילן. און וואָס וועט מיר דער קאָלווירט צאָלן?

האוויהאָוו האָט אים אויסגעהערט פאַרקלערט וועגן זײַן לוין אין פאַרגלײַכט יאַקאָוו לוקיטשן מאָרגן אוועקצופאָרן אין ראַיאָן נאָך אײַזן און קוילן. די פראַגע וועגן שאַפן אַ פֿוראַזש־פאָנד האָט מען שנעל געלייזט. דערנאָך האָט יאַקאָוו לוקיטש גענומען דאָס וואָרט:

— מיר דאַרפן געגוי באַהאַנדלען, ברידער, ווי, וווּ און וואָס צו זייען, און אַ פעלדציכטלער דאַרף מען אויסקלײַבן אַ וויסנדיקן, אַ גראַמעטנעם מענטשן. וואָס־זשע, מיר האָבן ביזן קאָלווירט געהאַט פינף אַגראָ־באַפּולמעכטיקטע, אָבער זייער אַרבעט זעט מען ניט. און אַ פעלדציכטלער דאַרף מען אויסקלײַבן פון די אַלטע קאָזאַקן, וועלכער ווייס אונדזער גאַנצע ערד, אי די נאָענטע אי די אַריבערגעטראָגענע. קאָלזמאַן די נײַע ערד־אײַנאָרדענונג איז נאָך ניט דורכגעגאַנגען, וועט ער אונדז שטאַרק צוניץ קומען! איך זאָג אַזוי: איצט איז בײַ אונדז אין קאָלווירט קימאַט דער גאַנצער כוטער. מע טרעט ביסלעכ־ווײַז אַרײַן. אַ הויפן פּוסטיק זײַנען געבליבן אינדיווידועלע, אָבער די וועלן אויך מאָרגן זיך אויפכאַפּן, ווי קאָלווירטניקעס... איז אָט, דאַרפן מיר זייען ווי די ווויסנשאַפט דיקטירט. איך זאָג עס אַנטקעגן דעם, וואָס פון די 200 דעסיאַטין, וואָס זײַנען בײַ אונדז אָנגעמערקט אויף דורכאַקער־קולטורן, זאָל מען אַ העלפט אָפּאַרבעטן אויף בערסאָנער פּאַר. האיאָר וועסנע וועלן מיר 110 דעסיאַטין אויפהייבן רויערד, פון אָט דער ערד וועט אַלציינס האיאָר קיין גוטע געררעטעניש ניט זײַן, איז לאָמיר דאָס מאַכן פּאַר בערסאָנער פּאַר.

— קיינמאָל אין לעבן ניט געהערט וועגן אַזאַ פּאַר.

— וואָס איז עס פּאַר אַ בערסאָן?

— דו באַלויכט עס פּאַר אונדז פּאַקטיש, — האָט האוויהאָוו גע־בעטן, שטאָלצירנדיק מיט די קענטעגישן פון זײַן פיל־דערפאַרענע־ווירטשאַפט־פּאַרוואַלטער.

— דאָס איז אַזאַ מין פּאַר, ער הייסט נאָך יאויך קוליסן־פּאַר, אַמעריקאַנער. דאָס איז שטאַרק מערקווירדיק און קלוג צוגעטראַכט! לעמאָשל, איר זייט האיאָר דורכאַקער־קולטורן, נו, קוקורוזע, אָדער קער־לעכ, איר זייט עס אין זעלטענע רייען, צוויי מאָל זעלטענער, ווי אַלע־

מאָל, אַזוי, אַז אַ גערעטעניש וועט איר אראָפּנעמען גאָר 50 פּראָצענט דערפון, וואָס איר וואָלט אַראָפּגענומען פון א ריכטיקן, עמעסדיקן פּאַרזיי. די קאַטשאַנעס קוקורוזע נעמט איר אַראָפּ, אָדער די היטלען קערלעך ברעכט איר אָפּ, און די שטעקנס לאָזט איר איבער אויפן אָרט. און אין זעלביקן האַרבסט פּאַרזייט איר צווישן די שטעקנס אין די קוליסן ווינטער־ווייץ.

— ווי־אַזוי זייט מען? די זייעלקע קאָן דאָך די שטעקנס צע־ברעכן? — האָט געפּרעגט קאָנדראַט מיכאַילאָוויטש, וועלכער האָט נײַ־געריק מיט אַן אָפּן מויל געהערט.

— פאַרוואָס צעברעכן? די רייען זײַנען דאָך זעלטענע, איבער דעם וועט זי די שטעקנס ניט פאַרטשעפּען, אירע רעדער וועלן פאַרבײַגיין. הייסט עס, אַז דער שניי וועט זיך לייגן און פאַרהאַלטן ווערן צווישן די שטעקנס. אַפּגייען וועט ער ביסלעכווײַז און פּינקטלעך וועט ער געבן מער. און פרילינג, ווען דער ווייץ גייט אויף, דערווײַטערט מען די דאָזיקע שטעקנס און מע יעט דורך. זייער אינטערעסאַנט פאַרטראַכט. איך אַליין האָב נאָך אַפילע ניט געפּרווט אַזוי צו זייען, אָבער האַיאָר האָב איך זיך שוין געקליבן אויספּרוון. דאָס איז ריכטיק אויסגע־רעכנט. אַן מאָעס!

— דאָס, זעט איר, האַלט איך אונטער! — דאַווידאָוו האָט שטיל א שטופּ געטאָן מיטן פוס נאַגולנאָוון און שטיל געזאָגט: — זעסט? און דו ביסט אַלץ געווען קעגן אים...

— איך בין אויך איצט קעגן.

— דאָס איז שוין צוליב אײַנגעשפּאַרטקײַט, אַ פאַקט! זיך אײַנ־געשפּאַרט ווי אַן אָקס...

די פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען יאַקאָוו לוקיטשס פאָרשלאָג. נאָך דעם האָט מען נאָך געלייזט אין באַטראַכט א גאַנצן באַרג קליינע פראַגן. מע האָט אָנגעהויבן זיך פאַנאַנדערגיין. דאַווידאָוו און נאַגול־נאָוו האָבן נאָך ניט באַוויזן צוגיין ביזן הויף פון דאָרפראַט, ווי צו זיי אַנטקעגן האָט זיך געלאָזט גיין גיך קיין הויכער יונג אין אַ צע־שפּיליעטער לעדערנער טוזשורקע און אין אַ יונגשטורמישן קאָסטיום. צוהאַלטנדיק מיט דער האַנט די געקעסטלטע שטאָטישע קעפּי פון דעם ווינט, וואָס האָט זיך געטראָגן, האָט ער זיך שנעל דערנענטערט:

— פון ראַיאָן עמעצער, — האָט נאַגולנאָוו זיך פאַרזשמורעט.

דער יונג איז צוגעטאָנגען נאָענט און ווי אַ מיליטער־מענטש צו־געלייגט די האַנט צום קעפּי־דאַשעק:

— איר גייט ניט פונעמ דאָרפראט?

— וועמענ דארפט איר?

— דעמ סעקרעטאר פונעמ היגנ קעמערל אָדער דעמ פּאָרזיצער פונעמ דאָרפראט.

— איכ בינ דער סעקרעטאר פונעמ קעמערל, אונ ער איז דער פּאָרזיצער פונעמ קאָלווירט.

— זייער גוט. איכ, באוויירימ, בינ פונ דער אגיט־קאָלאָנע. מיר זיינענ נאָרוואָס געקומענ צו פאָרנ אונ מיר וואַרטנ אפ אייכ אינ דאָרפראט.

דער יונג מיטנ קורצנ נעזל אונ פארברוינטנ געזיכט האָט מיט די אויגנ שנעל באקוקט דאווידאָוונ אונ זיכ צעשמייכלט מיט א פראגע:

— דו ביסט ניט דאווידאָוו, באווער?

— דאווידאָוו.

— איכ האָב דיכ דערקענט. מיט צוויי וואָכנ צוריק האָבנ מיר זיכ מיט דיר באגעגנט אינ קרייזקאָמ. איכ ארבעט אינ דער קרייז־שטאָט, אינעמ אייל־זאוואָד, אלס פרעסער.

ערשט איצט האָט דאווידאָוו פארשטאנענ פארוואָס עס האָט פּלו־צעמ אזוי דופטיק אונ זיס א שמעק געטאָנ מיט רויזנאייל, ווענ דער יונג איז צו אימ צוגעגאנגענ: זיינ דורכגעפעטסטע לעדערנע קורט־קע איז אפ דורכ אונ דורכ געווענ דורכגעזאפט מיט אָט דעמ גע־שמאקנ גערוכ.

## קאפיטל 22

אפנ גאנעק פונעמ דאָרפראט, מיטנ רוקנ צו דאווידאָוונ, וואָס איז אהער געגאנגענ איז געשטאנענ א קורצוווקסיקער מענטש אינ א שווארצ, נידעריק קובאנקע־היטל, מיט א ווייסנ געקרייצ פונ אויבנ, אונ אינ א שווארצ געדעמבעוועט פעלצל אינ פאלדנ. די פלייצעס באמ מענטשנ אינ דער קובאנקע זיינענ געווענ אויסערגעוויינלעכ ברייטע, דער זעלטנ־ברייטער רוקנ האָט פארשטעלט די גאנצע טיר צוזאמענ מיט די ביימשידלעכ. ער איז געשטאנענ, צעשטעלט די קורצע, פעסטע פיס, א נידעריקער אונ מעכטיקער, ווי א סטעפ־בוימ. די שטיוול מיט די זייער ברייטע, געקנייטשטע כאָליעוועס אונ אָפּגעטראָטענע קנאפל,

האָט זיך געדוכט, זײַנען אַרײַנגעוואָקסן אין דער גאַנעק־פּאָדלאָגע, אַרײַנגעקוועטשטע דורך דער שווערקייט פֿון זײַן בערישן גוף.

— דאָס איז דער קאָמאַנדיר פֿון אונדזער אַגיט־קאָלאָנע, כאַ־ווער קאַנדראַטקאָ, — האָט געזאָגט דער יונג, וואָס איז געגאַנגען צו־זאַמען מיט דאַווידאָוון. און אַז ער האָט באַמערקט אַ שמייכל אויף זײַנע ליפּן, האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן: — צווישן זיך רופֿן מיר אים אײַך אַ וויץ „באַטקאָ קוואַדראַטקאָ“... ער איז פֿונעם לוגאַנסקער לאָקאָמאָטיוו־בוי־זאַוואָד. אַ טאָקער. לויטן עלטער זעט ער אויס, ווי אַ טאַטע, נאָר אַזוי איז ער אַ ווױלער יאָט!

אין דעם מאָמענט האָט קאָנדראַטקאָ דערהערט דעם שמועס און זיך אומגעקערט מיטן רויטן פּנים צו דאַווידאָוון. אונטער זײַנע אַראָפּגעהאַנגענע אשפּאַרביקע וואָנצעס האָבן אין שמייכל ווײַס אַ בליץ געטאָן די ציינער:

— אָט דאָס, אַפּאָנעם, איז די ראַטנמאַכט? זדראַוואָ בולי, בראַטקי!

— אַ גוטמאָרגן, כאַווער. איך בין דער פּאַרזיצער פֿונעם קאָל־ווירט, און דאָס איז דער סעקרעטאַר פֿונעם פּאַרט־קעמערל.

— גוט. קומט אין שטוב, ווײַל מײַנע כעווריע וואַרט שוין לאַנג. אַזוי ווי איך בין אויך דער אַגיט־קאָלאָנע דער אָנפֿירער, וועל איך מיט אײַך באַלד אַ שמועס טאָן. מע רופֿט מיך קאָנדראַטקאָ, און ווען מײַ־נע כעווריע וועלן אײַך זאָגן, אַז מע רופֿט מיך קוואַדראַטקאָ, זאָלט איר זײַן אַזוי גוט און זיי ניט גלייבן, ווײַל זיי זײַנען בײַ מיר אַזעלכע מע־שוגאָים און צעדרייטע, אַז ס'איז שווער אײַך צו דערציילן... — האָט ער געענדיקט מיט אַ דונערדיקן באַס און מיט אַ זײַט זיך אַרײַנגע־שפּאַרט אין טיר.

אָסיפּ קאָנדראַטקאָ האָט געאַרבעט אין דאָרעם־רוסלאַנד מער פֿון צוואַנציק יאָר. פֿון אָנהייב אין טאַגאַנראָג, דערנאָך אין ראָסטאָוו־דאָן, אין מאַריופּאָל און ענדלעך אין לוגאַנסק, פֿונוואַנען ער איז אַוועק אין דער רויטער גוואַרדיע, קעדיי אונטערשטיצן מיט זײַן ברייטער פּלייצע די יונגע ראַטנמאַכט. פֿאַר די יאָרן, וואָס ער האָט זיך באַגעגנט מיט רוסן, האָט ער פֿאַרלאָרן די ריינקייט פֿון זײַן אוקראַ־יִנישן מאַמעלאָשן אָבער לויטן אָנבליק, לויט די אַראָפּגעהאַנגענע שעוטשענקאָווישע וואָנצעס האָט מען גאָר אין אים געקאָנט דערקאָ־נען אַן אוקראַיִנער. צוזאַמען מיט די דאָנעצער שאַכטיאָרן, מיט וואָ־ראָשילאָוון איז ער אין 1918 יאָר געגאַנגען דורך די קאָזאַקישע בו־

מערם, וואָס האָבנ געפלאַקערט אינ קאָנטררעוואָליוציאָנערע אופ־שטאַנדנ, אפ צאַריצינ... אונ שוינ שפעטער, ווענ מע האָט אינ א שמו־עס דערמאָנט די פאַרפלויגענע יאָרנ פונעמ בירגערקריג, וואָס זײַנ אָפ־קלאַנג לעבט אומשטערבלעכ אינ די הערצער אונ אינ זיקאָרנ פונ די אָנטיילנעמער, האָט קאָנדראַטקאָ מיט שטילנ שטאָלצ געזאָגט: „אונדזער קלעמענטי איז א לוגאַנסקער... ווי־זשע, אמאָל זײַנענ מיר געווענ גוטע באַקאַנטע, אונ מיסטאָמע וועלנ מיר זיכ נאָכ זענ. ער וועט מיכ באַל־דערקענענ! אונטער צאַריצינ, אז מיר האָבנ זיכ געשלאָגנ מיט די יויי־סע, האָט ער מיט מיר וויפל מאָל זיכ געוויצלט: „נו, ווי גייט עס, זאָגט ער, קאָנדראַטקאָ? דו לעבסט נאָכ, אַלטער וואָלף?" — „איכ לעב נאָכ, זאָג איכ, קלעמענטי אָברימיטש, ניטאָ איצט קיינ צײַט צו שטאַרבנ, איר זעט, ווי מיר שנײַדנ זיכ מיט דער קאָנטרע? ווי מע־שוגענע! ווענ מיר וואָלטנ זיכ געזענ, וואָלט ער מיכ באַלד דער־קענט" — האָט מיט זיכערקײַט קאָנדראַטקאָ פאַרענדיקט.

נאָכ דער מילכאָמע איז ער ווידער אַרײַנגעפאַלנ אינ לוגאַנסק, גע־דינט אינ די אָרגאַנענ פונ דער „טשעקאַ" אפנ טראַנספאָרט, דערנאָכ האָט מענ אימ אריבערגעוואָרפנ אפ פאַרטיי־אַרבעט, אונ ווידער אפנ זאַוואָד. פונ דאָרטנ טאַקע איז ער לויט דער פאַרטיי־מאָביליזאַציע גע־שיקט געוואָרנ צו העלפנ דעמ זיכ קאָלעקטיוויזירנדיקנ דאָרפ. די לעצטע יאָרנ איז קאָנדראַטקאָ געוואָרנ דיק אונ ברייט... איצט וואָלטנ שוינ זײַנע מיטקעמפער ניט דערקענט דעמ זעלבנ אָסיפ קאָנדראַטקאָ, וואָס האָט אינ 1918 יאָר באַמ אָנגריפ אפ צאַריצינ צעשניטנ אינ שלאַכט פיר קאָזאַקנ אונ דעמ קובאַנער סאָטניק מאַלימאָנאַ, וואָס האָט „פאַר געוואַגטקײַט" באַקומענ פונ ווראַנגעלנ גופע א זילבערנע שווערד מיט א גילדנ הענטל. ער איז עלטער געוואָרנ, אָסיפ, אפנ פנעמ האָבנ זיכ געלייגט בלויע אונ פיאָלעטעווע אָדערלעכ... ווי דער שנעלער גאַלאָפ אונ מידקײַט באַדעקט דעמ פערד מיט גרויענ שוויים, אזוי האָט אויכ אָסיפנ די צײַט באַשאָטנ מיט גרויקײַט; אפילע אינ די אַראָפגעהאַנגע־נע וואָנצעס — אויכ דאָרטנ האָט זיכ באַזעצט די פאַרעטערישע גרוי־קײַט. אָבער דער ווילנ אינ דער קויעכ הינגענ נאָכ אָסיפ קאָנדראַטקאָנ, אונ וואָס איז שײַעכ דער ניט מעסיקער אָנוואַקסנדיקער פולקײַט, איז עס — נארישקײַטנ. „טאַראַס בולבאַ איז נאָכ גרעבער פונ מיר גע־ווענ, אונ ווי האָט ער מיט די ליאַכעס זיכ געשלאָגנ? אָט דאָס איז עס! ווענ ס'וועט אויסקומענ מילכאָמע צו האַלטנ, וועל איכ נאָכ קע־נענ פונ א וועלכנ־ניט־איז אָפיצער מאַכנ צוויי! אינ, די האַלבע מײַנע

יאָרנ מײַנע, איז וואָס איז! מײַנ טאַטע האָט הונדערט יאָר געלעבט באַ דער צאַרישער מאַכט, וועל איכ איצט באַ אונדזער לײַבלעכער מאַכט אָנדערהאַלבנ הונדערט יאָר לעבנ!" — זאָגט ער, ווענ מע מאַכט אימ אַ באַמערקונג וועגנ זײַנע יאָרנ אונ וועגנ זײַנ אַלצ וואַקסנדיקער דיקײַט.

קאָנדראַטקאָ איז דער ערשטער אַרײַנ אינ צימער פונעמ דאָרפּראַט.

— איכ בעט זײַג שטילער, כעווערע! דאָס איז דער פּאָרזיצער פונעמ קאָלווירט, אונ דאָס — דער סעקרעטאַר פונעמ קעמערל. מיר דאַרפנ איצט אויסהערנ, ווי גייענ דאָ די געשעפטנ, וועלנ מיר דעמלט וויסנ, וואָס מיר זאָלנ טאָנ. נו, זעצט זיכ!

אַ מאַנ פופצנ פונ דער אַגיטקאָלאָנע האָבנ, ריידנדיק, זיכ גענומענ אויסזעצנ. צווי זײַנענ אַרויס אויפנ הויפ, אָפּאָנעמ צו די פערד. דאַווידאָוו האָט באַטראַכטנדיק די אומבאַקאַנטע פּנעמער דערקענט דרײַ ראַיאָנע טוער: דעמ אַגראָנאָמ, דעמ לערער פונ דער שול פונ דער צווייטער שטופּע אונ דעמ דאָקטער: די איבעריקע זײַנענ צוגעשיקט געוואָרנ פונעמ קרײַז. אייניקע — ווי מע האָט געקאָנט אויסטיילנ — זײַנענ געווענ פונ דער פּראָדוקציע. ביז מע האָט זיכ אויסגעזעצט, רוקנדיק די שטולנ אונ אונטערהוסטנדיק, האָט קאָנדראַטקאָ אַרײַנגערוימט דאַווידאָוונ:

— באַפּויל, אַז מע זאָל אונדזערע פערד געבנ היי אונ אַז די פורמאַנעס זאָלנ ניט אַוועקגיינ. — אונ ביטרע זיכ פאַרזשמורעט. — אונ עפּשער וועלנ מיר באַ דיר אַ ביסל האָבער אויכ באַקומענ?

— ניטאָ קיינ האָבער, געבליבנ בלויז אויפ זריע — האָט דאַווידאָוו געענטפערט, אונ באַלד איז אימ אינווייניק קאַלט געוואָרנ, שאַרפ פילנדיק אָנ אומבאַקוועמקײַט אונ אומפרײַנטשאַפט צו זיכ אַליינ... האָבער אויפ פיטער איז נאָכ געווענ מער פונ הונדערט פוד. אָבער ער האָט געענטפערט מיט אַנ אָפּזאָג דערפאַר, וואָס דעמ פאַרבליבענעמ האָבער האָט מענ ווי האָס שוואַרצאַפּל פונ אויג אָפּגעהיט צומ אָנהייב פונ די פרילינגדיקע אַרבעטנ; יאַקאָוו לוקיטש פלעגט קימאַט וויינענדיק אַרויסגעבנ פאַר די פערד (בלויז פאַר די פאַרוואַלטונג-פערד!) צו איינ שעפל פונ די שאַצבאַרע קערנער, אונ דאָס נאָר פאַר לאַנגע אונ שווערע נעסיעס.

„אָט דאָס איז זי, די קליינאייגנטימערישע סטיכיי! אויכ מיכ הייבט זי אָנ פאַרכאַפּנ... — האָט דאַווידאָוו אַ קלער געטאָנ. — קיינ

שוין ענלעכעס איז פריער בא מיר ניט געווען, א פאקט! אב, דו... געבן, צי וואס, האבער? ניין, איצט איז שוין ניט כאקוועם".

— עפשער איז גערשטן דא?

— קיין גערשטן איז אויך ניטא.

קיין גערשטן איז טאקע אפאנגעמעסן ניט געווען, נאר דאווידאוו איז רויט געווארן פון קאנדראטקאס שמייכלענדיקן פארשטייענדיקן קוק:

— ניין, ערנסט, — ניטא קיין גערשטן.

— א גוטער באלעבאס וואלט פון דיר געווארן... און עפשער, קאן זיין, א באלעגופ נאך דערצו... — האט לאכנדיק אין די וואנצעס געזאגט קאנדראטקא, אבער, זעענדיק, אז דאווידאוו רוקט צונויף די ברעמען, האט ער אים ארומגענומען און עטוואס אונטערגעהויבן. — ניין־ניין! דאס לאך איך. ניטא, איז ניטא! באהאלט פאר זיך מער, עס זאל פאר די איינענע בעהיימעס זיין מיט וואס צו האדעווען. נו, ברידערלעך, צו דער זאך! עס זאל טויט שטיל זיין. — און צו דאווי־דאוון און נאגולנאוון זיך געווענדט: — מיר זיינען געקומען צו אייך, קעדיי צו געבן אייך א געוויסע הילף, דאס איז אייך, רעכן איך, באוווסט. איז אט, דערציילט, ווי גייען דא בא אייך די געשעפטן?

נאכן אויספירלעכן באריכט, וואס דאווידאוו האט געמאכט וועגן דעם גאנג פון דער קאלעקטיוויזאציע און וועגן אנשיטן דעם זריע־פאנד, האט קאנדראטקא אזוי באשלאסן:

— מיר אלע פאראמאל האבן דא ניט וואס צו טאן, — ער האט, קרעכצנדיק, ארויסגענומען פון קעשענע א נאטיץ־ביכל, א קארטע — א דריי־וויארסטיקע און געפירט איבער איר מיטן גרויסן פינגער, — מירן פארן קיין טוביאנסקאיע ביז אט דעם כוטער, ווי איך זע, איז פונדאנען נאענט, און בא אייך דא וועלן מיר איבערלאזן א ברינגאדע פון פיר מענטשן, זאלן זיי אייך העלפן אין דער ארבעט. און וואס איז שייעך דער פראגע וועגן שנעלערן צונויפנעמען דעם זריע־פאנד, וויל איך אייך האטן אט וואס: איך אנהייב פירט דורך א פארזאמלונג, דערציילט די עיד־ארבעטער, וואס און ווען, און דעמלט וועט איר שוין פאנאנדערוויקלען די מאסן־ארבעט, — האט ער דערקלערט גע־גוי, ניט געיילט.

דאווידאוו האט מיט פארגעניגן געהערט זיין רעדע, צייטנווייז ניט גאר קלאר זיך פאנאנדערגעקליבן אין באזונדערע אויסדרוקן, וואס זיי־נען פאר אים געווען פארטונקלט איבער דער האלבפארשטענדלעכער־

אוקראַיִנישער שפּראַך. אָבער ער האָט פעסט געפילט, אַז קאָנדראַטקאָ מאַכט אין גרונט אַ ריכטיקן פּלאַן צו דער קאַמפּאַניִע אַף אָנשיטן דעם זריִע־פאָנד. און קאָנדראַטקאָ האָט נאָך אַלץ אַזוי ניט געצײַלט געהאַלטן אין אָנמערקן די ליניע, וואָס מע דאַרף פירן בענעגייע דעם אינדיווי־דואַל און דעם פאַרמעגלעכן טייל פונעם כוטער, אויב זיי וועלן זיך אײַנשפּאַרן, און אַזוי אַ־ער אַנדערש אַנטקעגנשטעלן זיך די מיטלענ צו זאַמלען זריִע; ער האָט אָנגעוויזן אַף די סאַמע עפעקטיווע מעטאָדן, וואָס די אַגיטקאָלאָניע האָט באַקומען פון איר דערפאַרונג אין אַנדערע דאָרפראַטן; ער האָט די גאַנצע צײַט געערעדט ווייך, אָן דעם קלענסטן ווונק, אַז ער וויל אָנפירן און לערנען. אין גאַנג פון זײַן רעדע האָט ער זיך באַראַטן דאָ מיט ראַווידאָוון, דאָ מיט ראַזמיאָטנאָוון, וואָס איז אַנטערגעקומען, דאָ מיט נאַגולנאָוון. „דעם איניען דאַרף מען אָט אַזוי דורכפירן. ווי מיינט איר, גרעמיאַטשער? אָט דאָס טאַקע האָב איך זיך געטראַכט!"

ראַווידאָוו, וואָס האָט שמייכלענדיק געקוקט אַפן רויטן אָרערדיקן פּאָנעם פונעם טאַקער קאָנדראַטקאָ, אַפן ביטערן גלאַנץ פון זײַנע טיף אַרײַנגעזעצטע אייגעלעך, האָט געטראַכט: „קלוג, ווי דער טײַוול. וויל, קלוימערשט, ניט בײַדן אונדזער איניציאַטיוו, גיט ער אָן אייצע, אָבער פרווו נאָר דערוויירען קעגן זײַן ריכטיקער פאַנאַנדערשטעלונג, — וועט ער פונקט אַזוי געלאַסן אויסקערעווען אַף זײַן זײַט, אַ פאַקט! איך האָב שוין געזען אַזעלכע, ערנווואָרט!"

נאָך איין קליינער צופאַל האָט פאַרפעסטיקט זײַנע סימפּאַטיעס צום סאַווער קאָנדראַטקאָ: איידער ער איז אָפּגעפאָרן, האָט ער אָפּגע־רופן אָן אַ זײַט דעם בריגאַדיר, וואָס איז געבליבן מיט דרײַ כאַווייריִם אין גרעמיאַטשי לאָג, און צווישן זיי איז פאָרגעקומען אַ קורצער שמו־עס:

— וואָס האָסטו עס אָנגעטאָן איבערן רעקל דעם נאַגאַנ? וואַרפּ שוין אַראָפּ!

— אָבער, כאַווער קאָנטראַטקאָ, דאָס באַלעגופּנטום... קלאַסנ־קאַמפּ...

— וואָס דערציילסטו מיר מײַסעס? באַלעגופּנטום, נו איז וואָס, באַלעגופּנטום? דו ביסט געקומען אַגיטירן, און אויב דו האָסט זיך דערשראָקן פאַר די באַלעגופּים, איז האַלט דעם נאַגאַנ, אָבער פון אויבן זאָלסטו אים ניט טראָגן. סאַראַ כאָכעם! ווי אַ קינד אַ קליינס! צאַצקעט זיך מיטן געווער, און אָנגעהאַנגען עס פון אויבן... באַלד

זאָלסטו עס באַהאַלטן אין קעשענע, עס זאָל דער באַלעגופישער אונ־טערטענצער ניט זאָגן וועגן דיר: „זעט נאָר, מענטשן טײַערע, אָט ווי מע איז געקומען אײַך אַגיטירן מיט נאַגאַנעס!“ — און דורך די ציינער דורכגעזײַט: — אַזאַ נאַר...

און זיך זעצנדיק אין שליטן האָט ער צוגערופן דאַווידאָווען און געדרייט זײַן קנעפּל אַפן פּאַלטאָ:

— איך האָב מײַנע כעוורע גוט אָנגעדרייט, זיי וועלן אַרבעטן, ווי טייוולאָנים! אָבער זעט, איר זאָלט אויך גוט אַרבעטן, אַז אַלץ זאָל אָפּגעטאָן ווערן וואָס גיכער! איך וועל זײַן אין טאָבױאַנסקאָיע, טאָמער וואָס — איז גיב צו וויסן. מירן קומען אַהין און, מיסטאָמע נאָך הײַנט, וועט אויסקומען צו שטעלן אַ ספּעקטאַקל. אָט, וואָלסטו אַ קוק געטאָן, ווי איך שפּיל די ראָליע פון אַ באַלעגופ! איך האָב דאָך אַזאַ קאָמפּלעקציע, וואָס דערלויבט מיר צו שפּילן אַ באַלעגופ פון דער נאַ־טור... אָט, וואָס דעם אַלטן קאָנדראַטקאַ איז אויסגעקומען אַפּ דער עלטער! וועגן דעם האָבער, מייג ניט, אַז איך האָב אַפּ דיר פּאַ־ריבל, — און אַ שמייכל געטאָן, זיך אָנשפּאַרנדיק מיט זײַן ברייטסטן רוקן צום ווענטל פון שליטן.

— ואי מיטן סייכל אין קאָפּ אי מיט די פּלייצעס אי מיט די פיס און מיט דאָיִמ! — האָט האַזמיאַטנאָוו געלאַכט, — איז ער פּונקט ווי אַ טראַקטער, און אַלייג, מע זאָל אים אײַנשפּאַנען אין בוקער, וועט ער שלעפּן אָנשטאָט דרײַ פּאָר אָקסן. ס'איז מיר אַפילע וווּנדער־לעך: פון וואָס מאַכט מען זיי, אַזעלכע יאָרערדיקע מענטשן, ווי רעכנ־סטו, מאַקאַר?

— דו ביסט שוין געוואָרן ווי דער אַלטער שטשוקאַר! ווערסט אַ פּלאַפּלער! — האָט זיך יענער מיט קאָם אַרויסגעדרייט.

## קאַפּיטל 23

דער יעסאַול פּאָלאָווצעוו, וואָס האָט געוווינט בא יאַקאָוו לוקיטשן, האָט זיך טיכטיק געגרייט צום פרילינג, צו אַן אויפשטאַנד. באַנאַכט פלעגט ער ביזן האַנענקריי זיצן אין זײַן צימערל, עפּעס שרײַבן, צייכענען מיט אַ כימישן בלײַפעדער קאַרטעס, לייענען. אַמאָל, ווען יאַ־קאָוו לוקיטש פלעגט צו אים אַרײַנקוקן, פלעגט ער זיך ווי פּאָלאָוו־צעוו זיצט אָנגעבויגן דעם שטערנדיקן קאָפּ איבערן טישל און לייענט, שטיל באַוועגנדיק מיט די האַרטע ליפּן. אָבער אַמאָל פלעגט אים יאַ־

קאָוו לוקיטש טרעפנ אינ א צושטאַנד פונ שווערסטער פאַרקלערטקײַט. אינ אזעלכע מינוטנ פלעגט ער געוויינלעכ זיצנ אָנגעלענט, אַרײַנגע־רוקט די פינגער אינ די שיטער ווערגדיקע, אונטערגעוואַקסענע ווײַס־לעכע האָר. זײַנע צונויפגעקלאַמערטע קינבאַקנ פלעגנ זיכ באַוועגנ, פונקט ווי זיי וואָלטנ געקײַט עפּעס זייער א האַרטע זאַכ, די אויגנ פלעגנ זײַנ האַלב פאַרמאַכט. ערשט נאָכ עטלעכע מאָל אָנרופנ פלעגט ער אויפהייבנ דעמ קאָפּ און אינ די פּיצינקע, שווידערלעכע אינ זייער פאַרגליווערטקײַט שוואַרצאַפּלענ זײַנע פלעגט אויפפלאַקערנ בייזקײַט. „נו, וואָס דאַרפסטו?” פלעגט ער פרעגנ מיט א בילנדיקנ באַס. אינ אזעלכע מינוטנ פלעגט יאַקאָוו לוקיטש פילנ נאָכ מער שרעק און ניט ווילנדיקנ אָפּשײַ צו אימ.

יאַקאָוו לוקיטש האָט צווישנ אַנדערע אָפּגאַבנ געהאַט אויכ די פליכט טאָגטעגלעכ מיטיילנ פּאָלאָווצעוונ וועגנ דעמ, וואָס עס טוט זיכ אינ כוטער, אינ קאָלווירט; ער פלעגט עס מיטיילנ געוויסנהאַפט, אָבער יעדער טאָג פלעגט פּאָלאָווצעוונ ברענגענ נײַע ערגערנישנ און אײַנשנײַדנ אפ זײַנע באַקנ נאָכ טיפערע קווער־קנייטשנ.

נאָכ דעמ, ווי פונ גרעמיאַטשי לאָג זײַנענ אַרויסגעזעצט געוואָרנ די באַלעגופימ, איז פּאָלאָווצעוו א גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפנ. זײַנ שווער־ער אָבער וויכער טראָט האָט זיכ געהערט ביז באַגינענ. אינ יאַ־קאָוו לוקיטש פלעגט אפ די שפּיצ פינגער צוגיינ צו דער טיר פונ זײַנ צימערל אונ הערנ, ווי ער פלעגט קריצנדיק מיט די ציינ מורמלענ: „זיי רײַסנ פונ אונטער די פיס די ערד! דעמ שטיצפּונקט נעמענ זיי צו... שנײַדנ! שנײַדנ! שנײַדנ! אָנ האַכמאָנעס!” — ער פלעגט אַנשוויגנ ווערנ, ווידער נעמענ אַרומגיינ, ווייכ שטעלנדיק די פיס אינ די וואָ־ליקעס. עס פלעגט זיכ הערנ, ווי פינגער שקראַבענ דאָס לײַב, ווי ער קראַצט פונ געוווינהײַט די ברוסט אונ ווידער, פאַרשטיקט: „שנײַדנ! שנײַדנ!..” — אונ ווייכער מיט א פאַרשטיקטנ כאָרכל אינ גאָרגל:

— „גאָט דערבאַרעמדיקער, אַלצ זעענדיקער, גערעכטיקער!.. האַלט מיכ אונטער!.. ווענ־זשע וועט שוינ זײַנ די שאָ?.. גאָט, דערנענטער דײַנ שטראָפ!”..

דער אויפגערודערטער יאַקאָוו לוקיטש איז שוינ באַגינענ צוגעגאַנ־גענ צו דער טיר פונ אַלקערל אונ ווידער צוגעלייגט דעמ אויער צומ שליסל־לאָכ: פּאָלאָווצעוו האָט געפליסטערט א טפילע, קרעכצנדיק זיכ געשטעלט אפ די קני אונ זיכ געבוקט. דערנאָכ האָט ער פאַרלאָשנ דאָס פײַער, זיכ געלייגט אונ אינ געדרעמל שוינ ווידעראַמאָל קלאָר

ארויסגעזאגט: „שנעלער אלעמען... ביז איינעמ!“ — און געגומען זיפצן.

אינ עטלעכע טעג ארום האט יאקאוו לוקיטש דערהערט באנאכט א קלאפ אינ לאדן און איז ארויס אינ פירהויז.

— ווער?

— עפנ, באלעבאס!

— ווער איז עס?

— צו אלעקסאנדער אניסימאוויטשן... — א שושקען פונ הינטער דער טיר.

— צו וועלכנ? ניטא דא אזעלכע.

— זאג אים, אז איכ בינ פונ טשארנינ מיט א פאקעט.

יאקאוו לוקיטש האט אפגעווארט און געעפנט די טיר: „זאל זײַנ, וואס ס'וועט זײַנ!“ ס'איז אריינ עמעצער, א נידעריקער, פארוויקלט אינ א באשליק. פאלאווצעוו האט אים ארײַנגעפירט צו זיכ, פעסט פארריגלט די טיר און א שעה אנדערהאלבנ האט זיכ פונעמ אלקערל געהערט א פארשטיקטער אייליקער געשפרעכ. דערווײַל האט יאקאוו לוקיטשס זונ אונטערגעלייגט היי פאר דעמ פערד פונעמ עקסטרע־געקומענעם, אפגעשוואכט דעמ זאטל־געשפאנ און אפגעלאזט דעמ צוים.

דערנאכ פלעגנ קומענ די פערד־שילוחימ קימאט יעדנ טאג, אבער שוינ ניט האלבע נאכט, נאר נעענטער צו באגינענ, אזייגער דרײַ־פיר באנאכט. מע פלעגט קומענ, אפאנעמ, פונ ווײַטערע ערטער ווי דער ערשטער.

מיט א ציצווייטנ מעשונעדיקנ לעבנ האט די טעג געלעבט יאקאוו לוקיטש. אינדערפרי פלעגט ער גיינ אינ דער קאלווירט־פארוואלטונג, פלעגט ריידנ מיט דאווידאוונ, מיט נאגולנאוונ, מיט די טעסלער, מיט די בריגאדירנ. די דײַגעס וועגנ אײַנאָרדענענ שטאלנ פארנ פי, וועגנ דורכסאמענ די זריע, וועגנ רעמאנטירנ דעמ אינווענטאר פלעגנ ניט איבערלאזנ קיינ מינוט אפ זײַטיקע געדאנקענ. דער טיכטיקער יאקאוו לוקיטש איז אומדערוווארט פאר זיכ אלײנ ארײַנגעפאלנ אינ אומשטענדנ, וואס זײַנענ געווענ נאענט זײַנ הארצנ, אינ אומשטענדנ פונ זאכלעכער טעטיקײַט און שטענדיקער פארדײַגעטקײַט, אבער מיט דעמ וועזנטלעכנ אונטערשייד, וואס איצט פלעג ער זיכ טראגנ איבערנ כוטער, פלעגט ארומפארנ צוליב געשעפטנ ניט פאר זײַנ פערזענלעכנ רײַכ ווערנ, נאר ארבעטנדיק פארנ קאלווירט. אבער ער איז אויכ דערפונ

געוועזן צופרידן, אבי זיך צעשטרייען פון די שוואַרצע געדאַנקען און ניט טראַכטן. אים האָט פאַרכאַפּט די אַרבעט, עס האָט זיך געוואָלט טאָן, אין קאָפּ פלעגן געבאָרן ווערן פאַרשיידענע פּראָיעקטן. ער פלעגט זיך מיט היץ נעמען וואַרעם מאַכן די שטאַלן, בויען א קאַפּיטאַלע פערד־שטאַל, אָנפירן מיטן איבערטראָגן די פאַרגעזעלשאַפטלעכטע שפּייכלערס און מיט בויען א נייעם קאָלווירטישן שפּייכלער; אָבער אינגאַנצן, ווי נאָר ס'פלעגט שטיל ווערן דער הויזהאָף פונעם אַרבעטטאָג און ס'פלעגט קומען די צייט צו גיין אַהיים, פלעגט בא יאַקאָוו לוקיטשן אָנהייבן נאָגן אונטערן לעפעלע פון דעם איינעם געדאַנק, אז דאָרט, אין אַלקערל, זיצט פּאָלאָווצעוו, ווי א שפּאַרבער א געוויילע־פּרעסער אַפּ א קייוועריבערגל, א פאַרכמורעטער, א שרעקלעכער און זיין איינזאַמקייט. — יאַקאָוו לוקיטשס באַוועגונגען פלעגן דעמאָלט ווערן פּוילע. אן אויסערגעוויינלעכע מידקייט פלעגט אַרומכאַפּן זיין קערפּער... ער פלעגט זיך אומקערן אַהיים און פאַרן אָפּעסן אונטערן פלעגט ער גיין צו פּאָלאָווצעוון.

— רייד... — פלעגט יענער באַפוילן, צונויפדרייענדיק א ציגאַרל, גרייט מיט נייגעריקייט צו הערן. און יאַקאָוו לוקיטש פלעגט דערציילן וועגן דעם טאָג, וואָס איז פאַרגאַנגען אין קאָלווירטישע איניאַנים. פּאָלאָווצעוו פלעגט געוויינלעך אויסהערן שווייגנדיק, בלויז איין איינציק מאָל, נאָך דעם, ווי יאַקאָוו לוקיטש האָט מיטגעטיילט, אז מע האָט צעטיילט צווישן דער אָרעמשאַפט די באַלעגופישע קליידער און שיך, האָט ער זיך ניט איינגעהאַלטן: מיט ווילדקייט, מיט א כאָרכלעריי אין גאָרגל האָט ער אויסגעשריען: —

— פּרילינג וועלן מיר די גאָרגלען אויסרייסן בא די, וואָס האָבן גענומען! בא די אַלע... אָט די אַלע מענוואָלים נעם אַפּן צעטל! דו הערסט?

— א צעטל האָב איך, אַלעקסאַנדער אַניסימאָוויטש.

— האָסט עס בא זיך?

— בא זיך.

— גיב אַהער!

גענומען דאָס צעטל און אַראָפּגעשריבן פון אים א פּינקטלעכע קאָפּיע, פאַרשריבן די נעמען, די פאָטערס נעמען, די פאַמיליעס און די גענומענע זאַכן. אנטקעגן דער פאַמיליע פון יעדערן, וואָס האָט דאָ־ קומען קליידער אָדער שיך, האָט ער עשטעלט א צייכעמל.

גענענדיקט ריידן מיט פּאָלאָווצעוון, פלעגט יאַקאָוו לוקיטש גיין

עסן אָונטערבויט און פאַרן שלאָפֿ פֿלעגט ער ווידער גיין צו אים און באַקומען אינסטרוקציעס, וואָס צו טאָן מאָרגן.

דאָס האָט לויט פּלאַצעווס געדאַנק יאַקאָוו לוקיטש באַפֿוילן דעם 8־טן פֿעוראַל דעם אָרדערער פֿון דער צווייטער בריגאַדע אויסצוטיילן פֿיר פֿורן מיט מענטשן און ברענגען צו די אָקסן־שטאַלן טייך־זאַמד. זאַמד האָט מען געבראַכט. יאַקאָוו לוקיטש האָט פֿאַראָרדנט ריין אויפֿראַמען די ערדפֿאַדלאָגעס פֿון די אָקסן־שטאַלן און באַשיטן זיי מיט זאַמד. צום סאָף פֿון אַ טאָג ארבעט איז אפֿן הויף פֿון דער צווייטער בריגאַדע געקומען האָוויראָוו.

— מיר שיטן אויס.

— נאָכוואָס?

א שטיל־שווייגן.

— נאָכוואָס, פֿרעג איך?

— איך ווייס ניט.

— ווער האָט פֿאַראָרדנט אויסצושיטן דאָ מיט זאַמד?

— דער ווירטשאַפֿט־פֿאַרוואַלטער.

— וואָס האָט ער געזאָגט?

— מע דאַרף, זאָגט ער, האַלטן ריין... ער טראַכט עס אויס, דער הינטישער זון!

— דאָס איז גוט, א פֿאַקט! עס וועט ווירקלעך זיין ריין, אַזוי איז דאָ מיסט און שטינקעניש, די אָקסן קאָנען זיך נאָך אָנשטעקן. זיי דאַרפֿן אויך ריינקייט, אַזוי זאָגן די וועטערינאַרן, א פֿאַקט! אומזיסט ביסטו, ווי הייסט עס... אומצופֿרידן. אַפֿילע קוקן איז איצט אָנגענעם אפֿן אָקסן־שטאַל: זאַמד, ריין, הא? ווי רעכנסטו?

אָבער מיטן שווייגער האָט זיך דאַוויראָוו ניט אָנגערעדט; שווייגנדיק, איז יענער אוועק אין מעקענע־שייער, און דאַוויהאָוו האָט אין געדאַנק באַגיטיקט די איניציאַטיוו פֿון זיין ווירטשאַפֿט־פֿאַרוואַלטער און איז אוועק עסן מיטיק.

פֿאַרנאַכט איז צו אים געקומען צו לויפֿן ליובישקין און בייז געפֿרעגט:

— אָנשטאָט אַן אונטערבעט פֿאַר די אָקסן וועלן מיר, הייסט עס, פֿון היינט אָן זאַמד אונטערשיטן?

— יאָ, זאַמד.

— ער, דאָט דער אַסטראָנאָמאָוו, איז וואָס? מ... מ... מעשוגע גע־

יאָרנ, צי וואָס? ווו איז עס געהערט געוואָרנ? אונ דו, כאווער דאוויִ־
דאָוו? באגיטיקסט דענ אויכ אזא מעשוגאַס?

— זײַ ניט אופגערעגט, ליובישקינ! דאָ איז די גאנצע זאכ אינ
היגיענע, אונ אַסטראָוונאָוו האָט ריכטיק געטאָנ. ס'איז ווייניקער גע־
פאר, ווענ ס'איז ריינ, ס'וועט ניט זײַנ קיינ אָנשטעקונג.

— וואָס פאר א היִגיענע איז דאָס, א רועכ איר אינ זײַט! אפ וואָס־
זשע וועט דער אָקס ליגנ? זע, ס'אראַ פרעסט עס דערלאַנגט איצט!
אפנ שטרוי איז דאָכ אימ ווארעמ, אונ אפנ זאמד, פרווו לייג זיכ!

— ניינ! דערווײַלע שוינ ניט בעסער! מע דארפ אופהערנ אופ־
פאסנ דאָס פײַ, ווי אינ די אלטע צײַטנ! אונטער אלצ דארפ מענ אונ־
טערפירנ א וויסנשאפטלעכע באזע.

— וואָס איז עס פאר א באזע? עכ!.. — ליובישקינ האָט א זעצ
געטאָנ מיט זײַנ שווארצער פאפאכע איבערנ שטיוול אונ איז ארומ־
געשפרונגענ פונ דאוויִדאָווג מיט א פאָנעמ, רויט ווי א בורעק.

אונ אינדערפרי האָבנ דרײַ אונ צוואנציק אָקסנ ניט געקאָנט אופ־
שטיינ פונ דער ערד. באנאכט האָט דאָס פארפרוירענע זאמד ניט דורכ־
געלאָזט די אָקסענע האיִטאָנע, דער אָקס פלעגט זיכ לייגנ אפנ נאסנ
אינ פלעגט צופרירנ... אייניקע האָבנ זיכ אופגעהויבנ, איבערלאָזנדיק
אפנ פארשטיינערטנ זאמד שטיקלעכ פעל. בא פיר אָקסנ האָבנ זיכ אָפּ־
געבראָכנ די צונעפראָרענע עקנ, די איבעריקע זײַנענ קראנק געוואָרנ.

שוינ צופיל האָט זיכ יאקאָוו לוקיטיש געסטארעט אויסצופילנ פאָ־
לאָוועציִס פארארדענונגענ; ער האָט זיכ קוימ, קוימ אײַנגעהאלטנ אפ
דער שטעלע פונ א ווירטשאפט־פארוואלטער. „פארפריר זיי די אָקסנ
מיט אזא מיטל! ויי, די נאראָנימ, וועלנ גלייכנ, אז דו האָסט עס גע־
טאָנ צוליב רייִנקײַט. אָבער די פעדר היט מיר אָפּ, אז אלע זאָלנ באַמיש
הײַנט זײַנ גרייט!“ — האָט מיט א טאָג פאר דעמ פאָלאָוועצעוו גע־
זאָגט. אונ יאקאָוו לוקיטיש האָט אויסגעפילט.

אינדערפרי האָט אימ דאוויִדאָוו ארויסגערופנ, פארשלאָסנ די טיר
אפנ האקנ, אונ ניט אופהייבנדיק די אויגנ געפרעגט:

— וואָס האָסטו אָפּגעטאָנ?..

— ס'האָט זיכ באקומענ א טאָעס, טײַערער כאווער דאוויִדאָוו!
איכ... גאָטעניו מײַנער... בינ גרייט די האָר, צו רײַסנ פונ...

— וואָס האָסטו אָפּגעטאָנ, שלאנג!.. — דאוויִדאָוו איז ווײַס גע־
וואָרנ אונ מיטאמאָל אופגעשטעלט אפ יאקאָוו לוקיטשנ די אויגנ, פול
מיט טרערנ פונ צאָרנ — מיט שעדיקערײַ פארנעמסטו זיכ?.. דו האָסט

ניט געוווסט, אז קיין זאמד טאָר מען אין די געשטעלן ניט שיטן? ניט געוווסט, אז די אָקסן קאָנען צופרירן? געוווסט!

— שווייג דו מיט דיינע!.. איך גלייב ניט, אז דו — אזא ווירט-שאפטלעכער פויער — האָסטו ניט געוווסט!

יאקאָוו לוקיטש האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט, געשנייצט די נאָז און אַלע געמורמלט איינס און דאָס זעלבע:

— איך האָב געוואָלט אָפּהיטן ריינקייט... עס זאָל קיין מיסט ניט זיין... איך האָב ניט געוווסט, ניט דערטראַכט, אז ס'וועט זיך אזוי באַקומען...

— גיי, גיב איבער אורשאַקאָוון דיינע געשעפטן. מיר וועלן דיך מישפּטן.

—כאַווער דאַווידאָוו!..

— גיי ארויס, זאָגט מען דיר!

נאָך יאקאָוו לוקיטשס אוועקגיין האָט דאַווידאָוו שוין רויִקער דורכ-געטראַכט דאָס געשעענע. כווישעד זיינע יאקאָוו לוקיטשן און שעדיקע-ריי — האָט זיך אים שוין איצט אויסגעדוכט — איז געווען אומגע-לומפּערט. אַסטראָוונאָוו איז דאָך ניט געווען קיין באַלעגופּ. און אויב עמעצער פלעגט אים אמאָל אזוי אָנרופן, פלעגט עס זיין פּאָשעט אי-בער פערזענלעכער אומפריינטשאַפט. איינמאָל, אינגיכן נאָך דעם, ווי אָסטראָוונאָוו איז ארויסגערוקט געוואָרן אלס ווירטשאַפט-פאַרוואלטער, האָט ליובישקין אזוי ווי פאַרביַיגייענדיק געוואָרפן א פראַזע: „אָס-טראָוונאָוו אליין איז א געוועזענער באַלעגופּ". דאַווידאָוו האָט דעמלט דורכגעקאָנטראָלירט און פעסטגעשטעלט, אז יאקאָוו לוקיטש האָט מיט פיל יאָר צוריק ווירקלעך געלעבט פאַרמעגלעך, אָבער דערנאָך האָט אים די אומגערעטעניש רויִנירט און געמאַכט פאַר א מיטלפּויער. דאַווידאָוו האָט געקלערט, געקלערט און איז געקומען צום אויספיר, אז יאקאָוו לוקיטש איז ניט שולדיק אין דעם אומגליקלעכן פאַל מיט די אָקסן, אז אויסשיטן מיט זאמד די אָקסן-שטאַל האָט ער באַפוילן, זייענדיק באַוועגט פון דעם ווונטש איינצושטעלן ריינקייט און — טיילווייז — קאָן זיין, — מיט זיין שטענדיקן שטרעבן צו נייסן. „אויב ער וואָלט געווען א שעדיקער, וואָלט ער ניט געאַרבעט אזוי שלאַנגלעריש, אויסער דעם האָבן דאָך אויך דערפון געליטן זיינע פּאַר אָקסן — האָט דאַ-ווידאָוו געטראַכט. — ניין, — אָסטראָוונאָוו איז אן איבערגעגעבענער קאָלווירטניק, און דער פאַל מיטן זאמד איז פּאָשעט א טרויעריקער טעות, א פאַקט!" ער האָט זיך דערמאָנט, ווי יאקאָוו לוקיטש האָט

זאָרגזאַמ און מיט סייכל אײַנגעאָרדנט וואַרעמע שטאַלנ, ווי ער האָט אָפּגעהיט דאָס היי, ווי איינמאָל, ווענ עס זײַנענ קראַנק געוואָרנ דרײַ קאָלווירטישע פערד, איז ער פונ אָוונט ביז אינדערפרי געווענ אינ שטאַל און אַלייִנ מיט די אייגענע הענט געשטעלט די פערד קאָנעס, אַרײַנגעגאָסנ זיי אינווייניק קאָמפּליע־אייל, עס זאָל געלינדערט ווערנ די שטעכעניש; דערנאָכ האָט ער דער ערשטער פאָרגעלייגט אַרויס־וואַרפנ פונ קאָלווירט די שולדיקע אינ דער קראַנקײַט פונ די פערד — דעמ פערד־אָפּזעער פונ דער ערשטער בריגאַדע קוזשענקאָוו, וועלכער האָט, ווי עס האָט זיכ אַרויסגעוויזנ, אַ גאַנצע וואָכ געקאָרמעט די פערד בלויז מיט געריבענ־שטרוי. לויט דאַווידאָווס באַאָבאַכטונגענ האָט יאַקאָוו לוקיטש געזאָרגט וועגנ די פערד מער ווי ווער־עס־איז. ווענ ער האָט זיכ דאָס אַלצ דערמאָנט, האָט דאַווידאָוו זיכ דערפילט אַ פאַר־שעמטער, אַ שולדיקער פאַרנ ווירטשאַפט־פאַרוואַלטער פאַר זײַנ אָנצינדנ זיכ און אומבאַרעכטיקטנ קאַס. אימ איז געווענ ניט באַקוועמ, וואָס ער האָט אַזוי גראָב אָנגעשריִענ אויפנ גוטנ קאָלווירטניק, אויפנ מיטגליד פונ דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג, וואָס איז געאַכט פונ אַלע מיטגלידער, און האָט אַפילע כווישעד געווענ אימ — וואָס איז שולדיק ניט מער ווי אינ אומפאָרזיכטיקײַט — אינ שעדיקערײַ! — דאַווידאָוו האָט אַ שאַר געטאָנ די האָר, פאַרשעמט אָפּגעהוסט און איז אַרויס פונ צימער.

יאַקאָוו לוקיטש האָט גערעדט מיטנ כעזשבנ־פירער, האַלטנדיק אינ האַנט אַ בינטל שליסלעג. זײַנע ליפּנ האָבנ באַליידיקט געציטערט...

— אָט וואָס, אָסטראָוונאָוו... די געשעפטנ גיב ניט איבער, אַרבעט ווײַטער, אַ פאַקט! נאָר אויב באַ דיר וועט אַזאַ זאַכ ווידער טרעפנ... מיט איינ וואָרט, אָט דאָס־אָ... רופ אַרויס פונ ראַיאָנ דעמ וועטערי־נאַרנ פעלדשער, די בריגאַדירנ זאָג, אַז מע זאָל די אָפּגעפרוירענע אָקסנ באַפרײַענ פונ אַרבעט.

יאַקאָוו לוקיטשס ערשטער פּרוּוו צו שעדיקנ דעמ קאָלווירט האָט זיכ פאַר אימ געענדיקט גוט. פּאָלאָווצעוו האָט צײַטווײַליק באַפרײַט אָסטראָוונאָוו פונ ווײַטערדיקע אויפגאַבנ, ווײַל ער איז געווענ פאַרנו־מענ מיט עפּעס אַנדערש: צו אימ איז געקומענ צו פאָרנ, ווי אַלעמאָל באַנאַכט, אַ נײַער מענטש. ער האָט אָפּגעלאָזנ די פור, איז אַרײַנ אינ שטוב, און באַלד האָט אימ פּאָלאָווצעוו אַרײַנגענומענ צו זיכ אינ אַל־קערל און באַפוילנ, קיינער זאָל ניט אַרײַנגיינ. זיי האָבנ גערעדט ביז שפּעט, און אינ מאָרגנ אינדערפרי האָט דער פרייִלעכ געוואָרענער פּאָ־לאָווצעוו אַרײַנגערופנ צו זיכ יאַקאָוו לוקיטשנ:

— אָט וואָס, מײַנ טײַערער יאַקאָוו לוקיטש, דאָס איז א מיטגליד פונ אונדזער פאַרבאַנד, אַזוי צו זאָגנ אונדזער א מיטקעמפער, דער פּאָדפּאָרוטשיק, אַפּ קאָזאַקיש — דער פּאָדיעסאַול, ליאַטיעווסקי, וואַצ־לאַוו אווגוסטאָוויטש. נעמ אימ אופּ אונ ליב אימ. אונ דאָס איז מײַנ באַלעבאָס, א קאָזאַק פונ אַלטנ שניט, אָבער איצט קומט ער אָפּ אינ קאָלווירט אַלס ווירטשאַפטס־פאַרוואַלטער... מע קאָנ זאָגנ, — א סאָ־וועטישער אָנגעשטעלטער...

דער פּאָדפּאָרוטשיק איז אופגעשטאַנענ פונ בעט אונ אויסגע־שטרעקט יאַקאָוו לוקיטשנ א ווײַסע ברייטע האַנט. לויטנ אויסזעענ איז ער געווענ אַלט א יאָר דרײַסיק, געל אפּנ פּנעמ אונ מאָגער. די שוואַרצע קרײַזלדיקע האָר, פאַרקעמט אָפּ אַרופּ, האָבנ זיכ אַראָפּגע־לאָזט ביזנ שטייענדיקנ קראַגנ פונעמ שוואַרצנ כאַלאַט־העמדל. איבער די ברייטלעכע ליפּנ האָבנ זיכ געקרײַזט שיטערע וואָנצעלעכ. דאָס לינ־קע אויג איז אפּ אייביק געווענ צוגעזשמורעט, ווי עס שײַנט, פונ א קאָנטוזיע; אונטער דעמ אויג האָט אומבאַוועגלעכ געסטאַרטשעט די הויט, צונויפגענומענ אינ טויטע פאַלדנ, א טרוקענע אונ אַנ אָנזאַפּטי־קע, ווי א האַרבסט־בלאַט. אָבער דאָס צוגעזשמורעטע אויג האָט ניט געשטערט, נאָר אַזוי ווי אונטערגעשטראָכנ דעמ פריילעכנ, אָפּלאַכנדיקנ אויסדרוק פונעמ פּנעמ באַמ געוועזענעמ פּאָדפּאָרוטשיק ליאַטיעווסקי. עס האָט זיכ געדוכט, אַז זײַנ ברוינ אויג וועט אָט־אָט כיטרע א פינטל טאָנ, די הויט וועט זיכ אויסגלעטנ אונ וועט אינ שטראַלנדיקע קנייטשעלעכ זיכ פאַנאַנדערגיינ צומ שלייפ, אונ דער לעבנספריילעכער פּאָדפּאָרוטשיק אַליינ וועט זיכ פאַנאַנדערלאַכנ יונג אונ אָנשטעקנד. די קלוימערשטע זעקלאַרטיקייט פונ זײַנע קליידער איז געווענ אפּ אומ־מיסטנ, זי האָט ניט געשטערט זײַנע שאַרפע באַוועגונגענ אונ ניט באַהאַלטנ זײַנ פראַנטישע שטאַלטונג.

פּאָלאָווצעוו איז דעמ טאָג געווענ אומגעוויינלעכ פריילעכ אונ ליב־לעכ אפילע מיט יאַקאָוו לוקיטשנ. דעמ גאָרנישט זאָגנדיקנ שמועס האָט ער אינגיכנ פאַרענדיקט, אונ אומקערנדיק זיכ מיטנ פּנעמ צו אָסטראָוונאָוונ, האָט ער געמאָלדנ:

— דער פּאָדפּאָרוטשיק ליאַטיעווסקי וועט פאַרבלײַבנ באַ דיר א וואָכנ צוויי, אונ איכ וועל הײַנט, ווי נאָר עס וועט פינצטער ווערנ, אוועקפאָרנ. אַלצ, וואָס וואַצלאַוו אווגוסטאָוויטש וועט באַדאַרפנ, שטעל אימ צו, אַלע זײַנע באַפעלנ זײַנענ מײַנע באַפעלנ, פאַרשטאַנענ? אַזוי איז עס, יאַקאָוו לוקיטש! — אונ באַטײַטנדיק אונטערגעשטראָכנ דער־

מיט, וואָס ער האָט אוועקגעלייגט זײַן טרוקענע האַנט אַף יאַקאָוו לו־קיטשס קני. — איינגיכן הייבן מיר אָן! ניט פיל איז שוין געבליבן צו לײַדן. אזוי זאָלסטו זאָגן אונדזערע קאָזאַקן, זאָלן זיי ווערן מונטערער אין גײַסט. נו, און איצט גייט, מיר דאַרפן נאָך ריידן.

עס האָט פּאַסירט עפּעס אומגעוויינלעכעס, וואָס האָט געצוווּנגען פּאָלאָווצעוון אַרויסצופאָרן פון גרעמיאַטשי לאָג אַף צוויי וואָכן. יאַ־קאָוו לוקיטש האָט געברענט פון אומגעדולד צו דערוויסן זיך. מיט דעם ציל האָט ער זיך פאַרקליבן אין זאַל, פונוואַנען פּאָלאָווצעוו האָט אַמאָל אונטערגעהערט זײַן שמועס מיט דאַווידאָוון, און איז צוגעפאַלן מיטן אויער צום דינעם ווענטל. פון הינטערן ווענטל, פונעם צימערל האָט ער קוים געהערט דעם שמועס:

ליאַטיעווסקי: איר מוזט זיך אומבאַדינגט פאַרבינדן מיט בײַ־קאָדאָראָוון... זייער עקסעלענץ, פאַרשטייט זיך, וועט אײַך מיטטיילן באַם זען זיך, אַז די פּלענער... אַ געלונגענע סיטואַציע... דאָס איז דאָך גלענ־צנדיק!.. אין סאָלסקער קרייז... פּאַנצערצוג... אין פאַל פון אַ מאָפּאָלע...

פּאָלאָווצעוו: טססס!..

ליאַטיעווסקי: איך האָף, אַז אונדז הערט קיינער ניט אונטער?

פּאָלאָווצעוו: אָבער פונדעסטוועגן... קאָנספּיראַציע אין אַלץ...

ליאַטיעווסקי (נאָך שטילער, אַזוי אַז יאַקאָוו לוקיטש האָט ניט ווילנדיק פאַרלאָרן די פאַרבינדונג פון זײַנע רייד)... מאָפּאָלעס... יע־ווים... אַפגאַניסטאַן... מיט זייער הילף זיך אַריבערקלײַבן...

פּאָלאָווצעוו: אָבער מיטלען... ג. פּ. או... (און ווײַטער אַ דורכוויסיקער — בורבורבורבו...)

ליאַטיעווסקי: דער וואַריאַנט איז אַזאַ: אַריבערגיין די גרע־נעץ... אין מינסק... אויסמײַדנדיק... איך פאַרזיכער אײַך, אַז... די גרענעץ־וואַך... אין אַפּטייל פונעם געשטאַב וועט מען אומבאַדינגט אופנעמען... פּאָלקאָווניק, זײַן פאַמיליע איז מיר באַוווּסט... אַ באַ־שטימטע דירע... דאָס איז דאָך אַ מעכטיקע הילף! אַזאַ פּראָטעקטאָ־ראַט... די זאַך איז דאָך ניט אין סובסידיע...

פּאָלאָווצעוו: און די מיינונג פונעם באַזונדערן?

ליאַטיעווסקי: איך בין זיכער, אַז דער גענעראַל וועט עס אי־בערבאַזערן... אַ סאַך! מיר האָט מען געהייסן מיט ווערטער, אַז... זיי־ער אַן אָנגעשטרענגטע... אויסנוצנדיק... ניט דורכלאָזן דעם מאָמענט...

די שטימען זײַנען אַריבער אין אַ שושקערײַ, און יאַקאָוו לוקיטש, וואָס האָט גאָרניט פאַרשטאַנען פונעם אָפּגעריסענעם געשפּרעך, האָט

אָפגעזיפצט אונ איז אַוועק אינ דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג. אונ ווידער, ווענ ער איז צוגעגאַנגענ צו טיטאָקס געוועזענעמ הויז אונ צוגעווינט א בליק געטאָנ אפנ צוגעשלאָגענעמ ווײַסנ ברעטל צומ טויער מיטנ אויפשריפט: „פאַרוואַלטונג פונעמ גרעמיאַטשער קאָלווירט אפ סטאַלינס נאָמענ“, האָט ער דערפילט די געוויינלעכע צעצווייטקייט... דערנאָכ האָט ער זיכ דערמאָנט דעמ פאָרפאָרוטשיק ליאַטיעווסקי אונ פּאָלאָווצעווס זיכערע ווערטער: „אינגיכנ הייבנ מיר אָנ!“ אונ מיט בייזוויליקײַט, מיט בייזקײַט אפ זיכ, האָט ער א קלער געטאָנ: „כאָטשבי גיכער! אַניט וועל איכ צווישנ זיי אונ דעמ קאָלווירט צעריסנ ווערנ, ווי אַנ אָקס אפנ גליטש!“

באַנאַכט האָט פּאָלאָווצעוו אָנגעזאָטלט האָס פערד, אַרײַנגעלייגט אינ זאָטל־בײַטל אַלע זײַנע פאַפּירנ, גענומענ שפּײַז אונ זיכ געזעגנט. יאַקאָוו לוקיטש האָט געהערט, ווי פאַרבײַ די פענצטער איז, פריילעכ אונטערשפרינגענדיק, פאַרבײַגעלאָפנ דורכגעטאַנצט מיט א טרוקענעמ טלאָענ־געקלאַפּ פּאָלאָווצעווס צוגעשטאַנענ פערד.

דער נײַער שאָכנ האָט זיכ אַרויסגעוויזנ פאַר א מענטשנ, וואָס קאָנ ניט אײַנזיצנ אונ צערעמאָניעט זיכ ניט. גאַנצענע טעג פלעגט ער א פריילעכער, א שמייכלענדיקער זיכ אַרומשלעפנ איבערנ שטוב, זיכ געוויצלט מיט די ווײַבער, ניט געלאָזט צורו די אַלטע באָבע, וואָס האָט ביז טויט פײַנט געהאַט דעמ טאַבעק־רויכ; ער פלעגט אַרומגיינ אונ ניט מוירע האָבנ, אַז צו יאַקאָוו לוקיטשנ וועט עמיצער א זײַטיקער אַרײַנקומענ, אַזוי אַז יאַקאָוו לוקיטש האָט אימ אפילע געמאַכט א באַמערקונג:

— א ביסל פאָרזיכטיקער... עס קאָנ זיכ מאַכנ, אַז עמעצער זאָל אַרײַנקומענ אונ אײַכ דערזענ, אײַער ווילגעבורט.

— בא מיר איז דענ אפנ שטערנ אָנגעשריבנ, אַז איכ בינ אַנ „אײַער ווילגעבורט“?

— ניינ, אָבער מע קאָנ דאָכ פרעגנ, ווער זײַט איר, פונוואַנענ...

— בא מיר, באַלעבאָס, זײַנענ פולע קעשענעס מיט ליפּעס, אונ אַז עס וועט האַלטנ שמאָל אונ מע וועט ניט גלייבנ, וועל איכ באַווײַזנ אָט דעמ מאַנדאַט... מיט אימ קאָנ מענ אומעטומ דורכגיינ! — אונ אַרויסגענומענ פונ בוזעמ א שוואַרצנ מאַט־גלאַנציקנ מאַוזער, אַלצ אַזוי פריילעכ שמייכלענדיק, אונ אַרויסרופעריש געקוקט מיטנ אומבאַוועגלעכנ אויג, וואָס איז געלעגנ באַהאַלטנ הינטערנ בערגלדיקנ הויטנ־קנייטש.

די פּריווילעגײַט פֿונעם פּלינקן פּאָדפּאָרוטשיק איז יאַקאָוו לוקיטשן ניט געפֿעלן, באַזונדערס נאָכן דעם פֿאַל, ווען ער איז איינמאָל געקומען פֿון דער פֿאַרוואַלטונג און דערהערט אין פֿירהויז פֿאַרשטיקטע שטימען, אַ באַהאַלטענעם געלעכטער און אַ פֿאַרקעניש. ער האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און דערזען אין ווינקל הינטערן קאָסטן מיטן סלײַען האָט אײַנזאַם גלאַנציקע ליאַטיעווסקיס אויג, און לעבן אים זײַן שנור, רויט, ווי בלוט, וואָס האָט פֿאַרשעמט אַראָפּגעלאָזט דאָס קליידל און פֿאַריכט דאָס טיכל, וואָס איז פֿאַרקראָכן אַפֿן קאַרק... יאַקאָוו ליקיטש האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט און זיך געלאָזט גיין אין קיך, אָבער ליאַטיעווסקי האָט אים אָנגעיאָגט באַם שוועל, אַ פּאַטש געטאָן אים איבער דער פּלייצע און אים אַרײַנגערוימט:

— דו, פּאַפּאַשע, זאָלסט שווײַגן... דײַן זון זאָלסטו ניט אופֿרעגן. באַ אונדז, באַ מיליטערישע, ווייסטו ווי עס טוט זיך? שנעלקײַט און דראַנג! ווער האָט עס אין דער יוגנט ניט געזינדיקט. קבע, הם... נאַ דיר אַ פּאַפּיראָס, פֿאַררייכער. דו אַליין צו דער שנור קריכסטו ניט? אַך, דו אַלטער לעץ — יאַקאָוו לוקיטש האָט זיך אַזוי פֿאַרלאָרן, אַז ער האָט גענומען דעם פּאַפּיראָס און ער איז ערשט דאַן אַרײַן אין קיך, ווען ער האָט אים פֿאַרייכערט אָן ליאַטיעווסקיס שוועבעלע. און יענער, ווען ער האָט מעכאַנער געוועזן דעם באַלעבאָס מיט פֿײַער, האָט מיט מוסער, דערשטיקנדיק דעם גענעץ, געזאָגט:

— ווען מע טוט דיר אַ געפֿעליקײַט, לעמאָשל, מע צינדט אָן אַ שוועבעלע, דאַרף מען באַדאַנקען. עך, דו, גראָבער יונג, און נאָך אַ ווירטשאַפֿט־פֿאַרוואַלטער! אַמאָל וואָלט איך דיך אַפֿילע פֿאַר קיין דענשטשיק ניט גענומען.

„נו, אַ שאָבן האָט דער טײַוול אָנידערגעזעצט אַף מײַן קאַרק!" — האָט יאַקאָוו לוקיטש אַ טראַכט געטאָן.

ליאַטיעווסקיס פֿרעכהײַט האָט אַף אים געווירקט דערהדריקנד. זײַן זון סעמיאָן איז ניט געוועזן. ער איז אַוועקגעפֿאָרן אין ראַיאָן נאָכן וועטערינאַרן פֿעלדשער. אָבער יאַקאָוו לוקיטש האָט באַשלאָסן אים גאָרניט זאָגן, נאָר ער אַליין האָט גערופֿן די שנור אין שפּײַכלער און דאָרטן שטילערהייט זי אָנגעלערנט — אָנגעשמיסן דאָס ווײַבל מיטן גראָבן רימען; אָבער אַזוי־ווי ער האָט געשמיסן ניט איבערן פּאָנעם, נאָר איבערן רוקן און נידעריקער, זײַנען קיין אָנזעעוודיקע סימאָנים פֿון די שמיץ ניט געבליבן. און אַפֿילע סעמיאָן האָט גאָרניט ניט באַמערקט. ער איז געקומען פֿון דער סטאַניצע באַנאַכט, דאָס ווײַבל האָט

אים געגעבנ עסנ, אונ ווענ זי האָט זיכ צוגעזעצט אפנ ברעג באנק, — האָט זיכ סעמיאָנ טמימעסדיק פארווונדערט:

— וואָס זיצסטו עפּעס, ווי צוגאסט?

— געשוויר באַ מיר... זיכ געזעצט... — סעמיאָנס ווײַבל איז רויט געוואָרנ אונ זיכ אופגעשטעלט.

— וואָלסט געדאַרפט אײַנקײַענ ציבעלע מיט ברויט אונ עס צוי־ ליגנ—עס ציט מיטאמאָל ארויס, — האָט מיט מיטלײַד געײַעצעט יאַקאָוו לוקיטש, וואָס האָט אינ דער זעלבער צײַט געדרייט באמ אייווע־ לע א חראטווע. די שנור האָט אפּ אימ א בליץ געטאָנ מיט די אויגנ, אָבער געענטפערט האָט זי פרום:

— א דאנק, פאָטער, ס'וועט אזוי אויכ אריבערגײנ...

ליאטיעווסקינ פלעגט מענ צײַטנווײַז ברענג'ענ פאקעטנ. ער פלעגט איבערלייענ דעמ אינהאלט אונ זיי באלד פארברענענ אינ דער הרובּ־ קע. ענדלעכ האָט ער באנאכט געגומענ טרינקענ, מיט יאקאָוו לוקיטשס שנור האָט ער מער זיכ ניט געשפּילט, איז געוואָרנ אָנגעהראָלנ אונ אלץ אָפטער געבעטנ יאקאָוו לוקיטשנ אָדער סעמיאָנענ קריגנ פאר אימ א „האלבנ ליטער“ אונ זיי געשטופּט אינ די הענט נײַע קנאקנדי־ קע טשערוואָנצעס. אָנטרינקענדיק זיכ, איז ער געווענ גענייגט צו פּאָ־ ליטישע געשפרעכנ — צו ברייטע פאראלגעמיינערונגענ אונ — אפ זײַנ אופנ — געגעבנ אנ אָביעקטיווע אָפּשאצונג פונ דער ווירקלעכ־ קײַט. איינמאָל האָט ער יאקאָוו לוקיטשנ ארײַנגעבראכט אינ גרויס פארלעגנהײַט: ער האָט אימ ארײַנגערופנ צו זיכ אינ אלקערל, מעבאַ־ בער געווענ מיט בראנפנ אונ, ציניש אונטערווינקענדיק, אימ געפרעגט:

— דו צעוואלגערסט דעמ קאָלווירט?

— ניינ, נאָכוואָס? — האָט יאקאָוו לוקיטש זיכ געמאכט פאר־ווונדערט.

— מיט וועלכע־זשע מעטאָדנ ארבעטסטו?

— וואָס הייסט, מיט וועלכע?

— וואָסער ארבעט פירסטו? דו ביסט דאָכ א דיווערסיאָנער.. נו, וואָס טוסטו דאָרטנ? די פערד מיט סטריכנינ סאמסטו, די פּראָדוציר־ געצײַג מאכסטו קאליע, אָדער עפּעס נאָכ וואָס?

— די פערד האָט מענ מיר ניט באפוילנ טשעפּענ, אפילע פונקט פארקערט... — האָט זיכ יאקאָוו לוקיטש מוידע געווענ.

די לעצטע צײַט האָט ער קימאט ווי ניט געטרונקענ, ווײַל א גלאָז בראָנפנ פלעגט אפּ אימ ווירקנ אזוי, אז עס פלעגט אימ ציִענ צו

אפנהארציקייט. אימ האט זיכ געוואלט באקלאגנ דערופ, ווי אימ טוט ווי דאס הארצ, ווענ אינ איינ און דער זעלבער צייט בויט ער און צעשטערט די פארגעזעלשאפטלעכטע כוטער־ווירטשאפט, אבער ליאטיעווסקי האט אימ ניט געלאזט ריידנ: אויסטרינקענדיק דעמ בראנפנ און מער ניט געבנדיק יאקאוו לוקיטשנ, האט ער געפרעגט:

— נאכ וואס האסטו, נאר איינער, זיכ פארבונדנ מיט אונדז? נו, פרעגט זיכ, נאכ וואס? צוליב וועלכנ טייוול? פאלאוועצ און איכ האב זיכ ניט ווו אהינצוטאנ, מיר גייענ אפ טויט... יא, אפ טויט! אדער מירנ זיגנ, כאטש דו ווייסט, באמלעט, אז שאנסנ אפ א זיג זיינענ טרויעריק ווייניק... איינ הונדערטל פונ א פראצענט, ניט מער! אבער מיר זיינענ שוינ אזעלכע, מיר האבנ ניט וואס אנצווערנ אויסער די קייטנ, ווי עס זאגנ די קאמוניסטנ, אבער דו? דו ביסט, נאכ מיינ מיינונג, פאשעט, א קארבנ אנ אונטיקער. לעבנ וואלסטו געדארפט, נאר איינער... לאמיר זאגנ, אז איכ גלייב ניט, אז אזעלכע ווי דו, כאמלעטנ, זאלנ קענענ אויסבויענ דעמ סאציאליזמ, אבער פארט... איר וואלט כאטש דאס וואסער מוטנע געמאכט איג דער וועלט־בלאטע. און אז ס'וועט זיינ אנ אופשטאנד, וועט מענ דיכ שיסנ, אלטער טייוול, אדער מע וועט דיכ פאשעט נעמענ איג געפאנגענשאפט און אלס ניט קיינ באוווסטזיניקנ וועט מענ דיכ אוועקשיקנ איג ארכאנגעלסקער גובערניע. וועסט דארטנ סאסנעס האקנ ביזנ צווייטנ אנקומ פונעמ קאמוניזמ... עכ, דו, שטיוויליע! מיר איז פארשטענדלעכ, פארוואס מע דארפ מאכנ אנ אופשטאנד, איכ בינ דאכ אנ אחלמאנ! מיינ פאטער האט געהאט אקער־ערד ארומ פינפ טויזנט דעסיאטינ און וואלד קימאט 8 הונדערט. פאר מיר און פאר אנדערע, ווי איכ, איז געווענ א בלוטיקע באליידיקונג צו פארלאזנ אונדזער לאנד און פארנ ערגעצ און דער פרעמד פארהארעווענ, ווי מע זאגט, מיטנ שווייס דאס שטיקל ברויט. אבער דו? ווער ביסטו? א ברויט־ארבעטער און א ברויט־עסער! א מיסט־זשוק! ווייניק האט מענ אייכ, הינטישע זינ, קאזאקלעכ אנגעשמיסנ פאר דעמ בירגערקריג!

— אבער מיר קאנענ דאכ ניט לעבנ! — האט יאקאוו לוקיטש דערוויידערט. — מיט די שטייערנ האבנ זיי דערשטיקט, די בעהיימעס נעמענ זיי צו, ניטא קיינ אינדיווידועל לעבנ, אנימ, פארשטייט זיכ טאקע, אפ וועלכע צארעס דארפנ מיר אייכ די אדלייט און אנדערע ענלעכע אפ אייכ! איכ וואלט אפנ לעבנ ניט געגאנגענ אפ אזא זאכ!

— אויכ מיר א זאכ, שטייערנ! פונקט ווי אינ אנדערע לענדער

צאָלן ניט די פּויערים קיין שטײַערן. מע צאָלט נאָך מער!

— עס קאָן ניט זײַן.

איך פֿאַרזיכער דיך!

— פֿונוואַנען ווייסט איר עס, ווי מע לעבט דאָרט און וואָס מע צאָלט?

— איך האָב דאָרט געלעבט, ווייס איך.

— איר, הייסט עס, זײַט פֿון אויסלאַנד געקומען?

— וואָס האָט עס צו דיר?

— פֿון אינטערעס וועגן.

— וועסט פֿיל וויסן, וועסטו זייער גיך אַלט ווערן. גיי ברענג מיר בראַנפֿן.

יאַקאָוו לוקיטש האָט נאָך בראַנפֿן געשיקט סעמיאָנען, און אַליין האָט זיך אים פֿאַרגלוסט איינזאַמקייט. ער איז אַוועק אין שײַער און איז אַ שאָ צוויי אָפּגעזעסן אונטער דער שטרוי־סטעליע, געטראַכט: „אָט אַ פֿאַרשאָלטענער, הער צעקנייטשטער! אָנגערעדט, אַז דער קאָפּ איז מיר געשוואָלן. אָדער ער פּרוּווט מיך אויס, וואָס איך וועל זאָגן, און צי וועל איך ניט גיין אַנטקעגן זיי, און דערנאָך וועט ער עס אַלעקסאַנדער אַניסימיטשן איבערגעבן, ווען יענער וועט קומען און... מיך אַ האַק טאָן, ווי כאַפּראָווען? אָדער עפּשער טראַכט ער אַזוי אַפּאַנעמעס? ווײַל, וואָס בײַ אַ ניכטערן אָפּן לונג, איז בײַ אַ שיכורן אָפּן צונג... קאָן זײַן, אַז מע וואָלט זיך טאַקע ניט געדאַרפֿט פֿאַרבינדן מיט פּאָלאָוצעוון און אָפּלײַדן שטילערהייט אין קאָלווירט אַ יאָר צוויי? עפּשער וועט די מאַכט אין אַ יאָר אַרום די קאָלווירטן פֿאַנאַנדערלאָזן, ווען זי וועט הערזען, ווי שלעכט עס גייען האָרט די געשעפֿטן? און איך וואָלט ווידער געלעבט ווי אַ מענטש... אַך, גאָט מײַנער, גאָט מײַנער! וווּהין זיך איצט אַהינטאָן? איך'ל מײַן קאָפּ ניט אויסטראָגן... איצט איז שווער, ווי עס ווײַזט אויס, אַלציינס... צי מיטן קאָפּ אין דרערד, צי אין דרערד מיטן קאָפּ, אָבער אַלציינס וועט מען בלײַבן אָן אַ קאָפּ"...

אין שײַער, אַריבערקריכנדיק איבערן פּאַרקן, פֿלעגט באַלעבאַטיש זיך אַרײַנלאָזן דער ווינט. ער האָט צו דער סקירדע געבראַכט דאָס שטרוי, וואָס איז געווען צעשאָטן לעבן פּערטל, אָנגעשטאָפּט עס אין די לעכער, וואָס די הינט האָבן זיך אײַנגעאָרדנט, אַרומגעקעמט די אָפּגעשויבערטע האָגן פֿון דער סקירדע, וווּ דאָס שטרוי איז ניט אַזוי שטײַף געווען אײַנגעלייגט, און אָפּגעקערט פֿון אויבן דעם טרוקענעם

שניי. דער ווינט איז געווען א גרויסער, א שטארקער, א קאלטער. יא־קאוו לוקיטש האט לאנג געפרווט פארשטיין, פון וועלכער זייט ער בלאזט, — און ניט געקענט. עס האט זיך אים געדוכט, אז דער ווינט דרייט זיך ארום דער סקירדע און בלאזט לויט דער ריי פון אלע פיר זייטן. אינעם שטרוי, צערודערט פונעם ווינט, האבן זיך גע־נומען טראגן מייז. פישטשענדיק זיינען זיי געלאפן מיט זייערע געהויי־מע שטעגן, אפטמאל גאר נאענט פון יאקאוו לוקיטשס הוקן, וואס האט זיך צוגעשפארט צו דער סקירדע. זיך צוהערנדיק צום ווינט, צום שארך פונעם שטרוי, צום מייזישן קוויטשען און צום סקריפ פונעם ברונעם-שטאנג, האט יאקאוו לוקיטש ווי איינגעדרעמלט: אלע נאכט־קלאנגען האבן אים געגומען אויסדוכטן, זיינען ענלעך צו א רעוואָלוצי־טערער מעשונעדיקער און טרויעריקער מוזיק. מיט האלב־פארמאכ־טע, פארטרערטע אויגן האט ער געקוקט אפן אויסגעשטערנטן הימל, איינגעאטעמט דעם ריחעכ פונעם שטרוי און סטעפ־ווינט; אלדאס אחוץ־מיקע האט אים אויסגעזען שיין און פראסט...

נאך האלבער נאכט איז פון פאלאווצעוו געקומען פונעם כוטער וואיסקאוויע א פערד־שאליעב. ליאטיעווסקי האט איבערגעליינט דעם בריוו מיטן צושריפט אפן קאנווערט „זייער דרינגענדיק", אופגעוועקט יאקאוו לוקיטשן, וואס איז געשלאפן אין קיך: — נא, אט, לייען איבער.

יאקאוו לוקיטש האט געריבן די אויגן און גענומען דעם בריוו, וואס איז געווען אדרעסירט צו ליאטיעווסקין. מיט א כימישן בלייפעד איז אפ א בלעטל פון א נאטיץ־ביכל געווען דייטלעך אנגעשריבן:

„הער פארוטשיק!

מיר האבן באקומען ידיעות, אז דער צק פון די באלשע־וויקעס זאמלט צווישן דער ערדארבעטערשער באפעלקערונג ברויט, קלוימערשט פארן קאלווירטישן פאנד. אינדערעמעסן וועט דאס ברויט גיין אפן פארקויף אין אויסלאנד, און די ערדארבעטער, הערין אויך די קאלווירטניקעס, וועלן זיין פארורטיילט אפ א גרויזאמען הונגער. די ראטנמאכט, וואס פילט איר אומפארמיידלעכן און נאענטן סאף, פאר־קויפט דאס לעצטע ברויט און רוינירט ענדגילטיק רוסלאנד. איך באַ־פויל אייך טייקעפ פאנאנדערוויקלען צווישן דער באפעלקערונג פון גרעמיאטשי לאג, ווי איר שטעלט איצט פאר אונדזער פארבאנד, אן אגיטאציע קעגן צונויפזאמלען דעם קלוימערשטן זריע־פאנד. ניט צו וויכן דעם אינהאלט פון מיין בריוו צו אייך יא.ל. און פארפליכט אים

הרינגענדיק צו פירנ אנ אופקלער־ארבעט. עס איז אויסערסט נייטיק, וואָס עס זאָל ניט זײַנ, צו שטערנ אָנשיטנ די טוווע.

אינדערפרי איז יאקאָוו לוקיטש, ניט אריַינגייענדיק אינ דער פארוואלטונג, אוועק צו באניקנ אונ צו די איבעריקע אָנהענגער, וואָס ער האט פארווערבירט אינעם „פארבאנד צו באפרײַענ דעם דאָנ“.

## קאפיטל 24

די בריגאדע פונ דרײַ מאנ, וואָס דער בריגאדיר פונ דער אגיטקאָלאָנע קאָנדראטקאָ האט איבערגעלאָזט אינ גרעמיאטשי לאָג, איז צוגעטראָטנ זאמלענ דעם זריִע־פאָנד. פארנ שטאב פונ דער בריגאדע האָבנ זיי פארנומענ איינס פונ די ליידיקע באלעגופישע הײַזער. פונ באגינענ אָנ האָט דער יונגער אגראָנאָמ וועטיוטנעוו פאנאנדערגעארבעט אונ פארפינקטלעכט מיט יאקאָוו לוקיטשס הילפ דעם פלאנ פונעמ פרילינג־פארזיי אונ, געגעבנ יעדיִעס די געקומענע קאָזאקנ וועגנ פראגנ פונ דער לאנדווירטשאפט. די איבעריקע צײַט האט ער ניט מיד ווערנדיק אכטונג געגעבנ אפנ אָפרייניקנ אונ דורכסאמענ די זריִע, וואָס פלעגט אָנקומענ אינ די שפײַכלערס. אמאָל פלעגט ער אויב גיינ, ווי ער פלעגט זאָגנ, „וועטערינארעווענ“: היילנ עמעצנס א קראנק געוואָרענע קו אָדער שעפס. פארנ וויזיט פלעגט ער געוויינלעכ באקומענ מיט „נאטור“: געגעסנ מיטיק באמ באלעבאָס פונ דער קראנק געוואָרענער בעהיימע, אונ אמאָל פלעגט ער אפילע ברענגענ פאר זײַנע כאווייריִמ א קריגל מילכ אָדער א טאָפ געקאָכטע קארטאָפל. די איבעריקע צוויי — פאָרפירי לובנאָ, דער וואלצ־ארבעטער פונ דער קרײַזישער מעלובע־מיל, אונ דער קאָמיוגיסט פונעמ אייל־זאוואָד איוואנ נײַדיאָנאָוו — פלעגנ ארויסרופנ אינ שטאב די גרעמיאטשער, קאָנטראָלירנ לויטנ צעטל פונעמ שפײַכלער־פארוואלטער, וויפל דער ארויסגערופענער בירגער האט אָנגעשאָטנ זריִע, אונ אפ וויפל זיי האָבנ געקענט, האָבנ זיי אגיטירט.

פונ די ערשטע טעג ארבעט איז קלאָר געוואָרנ, אז אָנשיטנ דעם זריִע־פאָנד וועט אויסקומענ מיט ניט קיינ קליינע שוועריקײַטנ אונ מיט א — היפשער פארשפעטיקונג אינ טערמינ. אלע מאָסמיטלענ, וואָס די בריגאדע אונ דאָס אָרטיקע קעמערל האָבנ אָנגענומענ מיטנ ציל צו פארשנעלערנ די טעמפנ פונ זאמלענ די זריִע, פלעגנ זיכ אָנשטויסנ אפ א גוואלדיקנ ווידערשטאנד מיצאד דער מערהײַט קאָלווירט־

ניקעס און איטדיווידואלג. איבערנ כוטער האָבנ זיך צעטראָגנ קלאַנגען, אז דאָס ברויט זאמלט מען צום אָפּשיקן קיין אויסלאַנד, אז קיין פּאַרזוי וועט האָס יאָר ניט זײַן. אז פונ שאָ צו שאָ וואַרט מען אפ א מיל־כאָמע... באַנדיטנאַוו פלעגט מאָנטשעגלעך צונויפרופנ פאַרזאַמלונגען און מיט דער הילפ פונ דער בריגאַדע דערקלערט, אָפּגעלייקנט די אומגעלומ־פערטע קלאַנגען, געחראָנט מיט דער גרוזאַמסטער שטראָפ די, וואָס וועלנ דעמאַסקירט ווערנ אין „אַנטיסאָוועטישע פּראָפּאַגאַנדעס". אָבער מווּע פלעגט אלצ אָנקומען זייער לאַנגזאַם. די קאָזאַקן פלעגנ אויסמאַר־קירנ פונ אינדערפרי אוועקצופארנ וווהינ עס איז פונ דער היים, צי אינ וואַלד נאָך האָלצ, צי נאָך מיסטגראָזנ; אָדער אוועקגיין צום שאָכנ און צוזאַמען מיט אים איבערהוואַרטנ דעם אומרויקן טאָג אינ א באַקוועמ אָרט, קעדיי ניט צו קומען לויטנ אַרויסרופ אינ חאַרפּראַט אָדער אינ בריגאַדע־שטאַב. די ווײַבער האָבנ גאָר אופגעהערט צו גיינ אפ פאַר־זאַמלונגען, און ווענ עס פלעגט קומען דער דעזשורנער פונ דאַרפּראַט, פלעגט מען אָפּקומען מיט דער קורצער פראַזע: „מײַנ באַלעבאָס איז אינ שטוב ניטאָ, און איך ווייס גאָרניט ניט".

פּונקט ווי עמעצנס מעכטיקע האַנט וואָלט געהאַלטנ פאַרקוועטשט די טווּע...

איינעם בריגאַדע־שטאַב פלעגנ געווײַנלעך פאָרקומען אזעלכע גע־געשפּרעכנ:

— שוינ אָנגעשאָטנ זריָע?

— ניינ.

— פאַרוואָס?

ניטאָ קיינ טווּע.

— וואָס הייסט — ניטאָ?

— אזוי, גאָר פּאָשעט... איך האָב גערעכנט האַלטנ אפנ פּאַרזוי, און דערנאָך האָב איך אָפּגעגעבנ די העשטלעך אפ דער ברויט־פאַר־גרייטונג. פאַר מיר אליינ איז גאָרנישט ניט געבליבנ צו עסנ. האָב איך דאָס דורכגעסאָמט.

— וואָס־זשע, דו האָסט גאָרניט גערעכנט צו זייענ?

— כ'האָב גערעכנט, אָבער ס'איז ניטאָ מיט וואָס... א סאַך האָבנ זיך געשטיצט דערופ, אז זיי האָבנ קלוימערשט אָפּגעגעבנ אפ דער ברויט־פאַרגרייטונג אויך די זריָע. האַווידאָוו — אינ דער פאַרוואַלטונג, און וואַניא נײַדיאָנאָוו — אינעם שטאַב האָבנ זיך געגריבלט אינ די צעטלען, איג די קוויטאַנציעס פונ די שיט־פּונקטנ, קאָנטראָלירט און

רעמאַסקירט דעם אײַנגעשפּאַרטנ אינ געבנ ניט קיינ ריכטיקע יעדיִעס: אפֿ זריִע, ווי עס ווײַזט זיכ ארויס, איז געבליבנ. אָפּטמאָל פּלעגט מענ צוליב דעם דאַרפֿנ אויסרעכענענ די אומגעפּעריקע צאָל פֿונעמ דרעשנ אינ יאָר 1929, מאַכנ דעם סאַכאַקל פֿונ דער אַלגעמײַנער צאָל ברויט, וואָס איז אַוועק אפֿ ברויט־פֿאַרגרייטונג, אונ זוכנ דאָס רעשטל. אָבער אויכ דעמלט, ווענ עס פּלעגט זיכ ארויסווײַזנ, אז ברויט איז פֿאַרבליבנ, פּלעגט דער אײַנגעשפּאַרטער זיכ ניט אונטער־געבנ:

— עס איז געבליבנ ווייצ, ניטאָ וואָס צו ריידנ. אָבער איר ווייסט דאָכ, כאַווײרים, ווי עס איז אינ א ווירטשאַפֿט? מיר זײַנענ געוווינט צו עסנ ברויט אָנ וואָג, אויסגעבנ אָנ א מאָס. פֿאַר מיר האָט מענ איבערגעלאָזט צו פּוד אפֿ א נעפֿעש, אפֿ א כוידעש פֿאַר אנ עסער, אונ איכ, לעמאָשל, עס אופֿ א טאָג דרײַ—פֿיר פֿונט. איבער דעם עס איכ אופֿ, וואָס צו פֿאַרקאָכנ איז ניטאָ וואָס, אָט איז אײַכ די הויצאָע. ניטאָ קיינ ברויט, כאָטש זוכט!

נאַגולנאָוו האָט אפֿ דער פֿאַרזאַמלונג פֿונעמ קעמערל פֿאָרגעלייגט צו מאַכנ אונטערזוכונגענ בײַ דעמ סאַמע פֿאַרמעגלעכנ טייל כומער־ריאַנער, וואָס האָט ניט אָנגעשאָטנ קיינ זריִע, אָבער קעגנ דעם זײַנענ געווענ האַווידאָוו, לובנאָ, גײַדיאָנאָוו, ראַזמיאָטנאָוו. אויכ אינ דער דירעקטיוו פֿונעמ ראַיקאָם וועגנ זאַמלענ דעם זריִע־פֿאָנד איז געווענ שטרענג פֿאַרווערט צו מאַכנ אונטערזוכונגענ.

פֿאַר דרײַ טעג ארבעט פֿונ דער בריגאַדע אונ קאָלווירט־פֿאַרוואַל־טונג איז אינעמ קאָלווירטישנ סעקטער געווענ אָנגעשאָטנ נאָר 480 פּוד, אונ אינעמ אינדיווידועלנ — סאַכאַקל 35 פּוד. דער קאָלווירטישער אקטיוו האָט פֿולקומ אָנגעשאָטנ זײַנ כיילעק. קאָנדראַט מײַדאַניקאָוו, ליובישקינ, דובצאָוו, דעמיד דער שווײַגער, דער אַלטער שטשוקאַר, ארקאַשקע דער בײַטער, דער שמיד שאַלי, אַנדריי ראַזמיאָטנאָוו אונ אַנדערע האָבנ געבראַכט די זריִע שוינ דעמ ערשטנ טאָג. אפֿנ צווייטנ טאָג אינדערפֿרי איז צום געזעלשאַפֿטלעכנ שפּײַכלער צוגעפֿאָרנ אפֿ צוויי פֿורנ סעמיאָנ, יאַקאָוו לוקיטשעס זונ, אונ יאַקאָוו לוקיטש אַליינ. לוקיטש איז באַלד אַוועק אינ דער פֿאַרוואַלטונג, אונ סיאָמקע האָט גענומענ אראָפּנעמענ פֿונעמ שליטנ די זעק טווע. אויפֿגענומענ אונ געוויגנ האָט דיאָמקע אושאַקאָוו. פֿיר זעק האָט סעמיאָנ אויסגעשאָטנ, אונ ווענ ער האָט אויפֿגעבונדנ דעמ פֿינפֿטנ, איז אושאַקאָוו אָנגעפֿלויגנ אפֿ אים, ווי א שפּאַרבער:

— מיט אזא זריע האָט עס דײנ טאטע זיכ געקליבנ זייענ? — און אונטערגערוקט סעמיאָנענ אונטער דער נאָז א הויפנ קערנער.

— מיט וועלכער? — האָט זיכ סעמיאָנ אָנגעצונדנ, — מיט דײַנע קרומע אויגנ האָסטו, ווײַזט אויס, ווייץ פארעכנט פאר קוקורוזע!

— ניינ ניט פאר קוקורוזע! איכ בינ טאקע א קרומער, אָבער איכ זע בעסער פאר דיר, דעמ זשוליק! ביידע זײַט איר מיטנ טאַטינקענ פײַנע לײַט, מיר ווײ-ײַ-ײַיסנ! וואָס איז דאָס? זריע? דרייַ ניט מיט דער נאָז! וואָס האָסטו עס אינ דער ריינער טוווע ארײַנגעמאָכט, שלאנגישער זונ?

דיאָמקע האָט געשטופט סעמיאָנענ אינ געזיכט זײַנ דלאָניע, און אפ דער דלאָניע איז געלעגנ א הויפנ פארמיסטיקטע קערנער, אויס-בײַטנ, א טאָעס מ'זיכ באַקומענ...

— איכ'ל באלד רופנ מענטשנ...

— דו שלאָג זיכ ניט! — האָט זיכ סעמיאָנ דערשראָקנ. — ווײַזט אויס, אלפי טאָעס פארכאפט ניט דעמ זאק. איכ וועל באלד צוריקפאָרנ און אומבײַטנ... א צעדרייטער, ערנוואָרט! נו, וואָס האָסטו זיכ צעקאָכט, ווי דעמ באָנדערס פערד? כ'האָב געזאָגט, איכ'ל אומ-בײַטנ, א טאָעס מ'זיכ באַקומענ...

דיאָמקע האָט פונ פערצנ געבראכטע זעק זעקס פארבראקירט. און ווענ סעמיאָנ האָט אימ געבעטנ העלפנ ארופלייגנ אפ דער פּלייצע איינעמ א זאק פארבראקירטע טוווע, האָט זיכ דיאָמקע אָפּגעדרייט צומ וואָג, ווי ער וואָלט קלוימערשט ניט געהערט.

— הערסט ניט, הייסט עס? — האָט מיט א ציטער אינ שטימ סעמיאָנ געפרעגט.

— אויכ א יושער! אינ דער היימ איז, ווײַזט אויס, לײַכט גע-ווענ, און איצט איז געוואָרנ שווער? הייב אליינ, דו אזוינער!

א מאלינאָווער פונ אָנשטרענגונג, האָט סעמיאָנ ארומגעגומענ דעמ זאק איבערנ מיטנ און ארויסגעטראָגנ...

די צוויי ווײַטערדיקע טעג איז קימאט גאָרנישט ניט אָנגעקומענ. אפ דער פארזאמלונג, פונעמ קעמערל האָט מענ באשלאָסנ צו גיינ איבער די הויפנ. דאווידאָוו איז א טאָג פאר דעמ ארויסגעפאָרנ אינ שכייִנעסדיקנ ראיאָנ אפ דער סעלעקציע-סטאנציע מיטנ ציל צו באַ-קומענ אויסערנ פּלאנ אפּ צו פּאַרזייענ כאָטש בי עטלעכע העקטאר זו-מער-ווייץ, שטאנדהאפּטיקע אינ א טריקעניש. אָט דער ווייץ האָט גלענ-צנדיק אויסגעהאלטנ א רעגנלאָזנ פּעריאָד און געגעבנ פּאַריקס יאָר

אפן פרוווּפעלד פון דער סטאַנציע אַן אויסגעצייכנטע גערעטעניש. יאַ־קאָוו לוקיטש און דער בריגאַדיר אַגאַפאָן דובצאָוו האָבן פיל גערעדט וועגן דעם נײַעם סאָרט ווייץ, וואָס די סעלעקציע-סטאַנציע האָט אַרויס־באַקומען דורכן צונויפפּאָרן דעם געבראַכטן „קאַליפאָרניער" מיטן אָרטיקן „בעלאָזערער" ווייץ. האַווידאָוו, וואָס האָט אין די לעצטע נעכט שטאַרק זיך אָנגעלייענט מיט די אַגראָטעכנישע זשורנאַלן, האָט באַשלאָסן פּאָרן אַף דער סטאַנציע באַקומען דעם נײַעם ווייץ.

פון דער רײַזע איז ער געקומען דעם פערטן מאַרט, און מיט אַ טאָג פריִער פאַר זײַן קומען איז געשען פאָלגנדיקעס: מאַקאַר נאַגול־נאָוו, וואָס איז געווען צוגעפּעסטיקט צו דער צווייטער בריגאַדע, האָט איינהערפרי באַזוכט צוזאַמען מיט ליובישקינען בא אַ הרײַסיק הויפן, און אײַנאָוונט, ווען פונעם דאָרפראַט זײַנען ראַזמיאָטנאָוו און דער סעקרעטאַר אַוועקגעגאַנגען, האָט ער גענומען אַרויסרופן די באַלע־באַטים, וואָס ער האָט באַטאָג ניט באַוויזן צו זײַן בא זיי. אַ פיר מענטשן האָט ער אָפּגעלאָזט ניט דערשלאָגנדיק זיך בא זיי קיין פּאָזי־טיווע רעזולטאַטן. „ניטאָ קיין טוווע אַף זריִע. זאָל די מעליכע געבן". נאַגולנאָוו האָט אין אָנהייב רויִק אײַנגערעדט, דערנאָך האָט ער גענו־מען קלאַפּן מיטן פויסט:

— ווי זאָגט איר, אַז קיין טוווע איז ניטאָ? אַט דו, צום בײַשפּיל, קאָנסטאַנטין גאַוורילאָוויטש, האָסט האָב אַ פוד דרײַ הונדערט אין האַרבסט אָנגעדראָשן!

— און ברויט האָסטו פאַר מיר אָפּגעגעבן דער מעליכע?

— וויפל האָסטו אָפּגעגעבן?

— נו, הונדערט דרײַסיק.

— דאָס איבעריקע ווו איז?

— ווייסט ניט ווו? כ'האָב אופגעגעסן!

— ליִיגנסט! ווען בלאַצן פון אַזוי פיל ברויט אופעסן. פיר און ניט גערעדט, אַניט וועלן מיר פון קאָלווירט דיך אויסשליסן איינס און צוויי.

— לאָזט אָפּ פונעם קאָלווירט, וואָס איר ווילט, דאָס טוט, אָבער קיין ברויט איז, ווי קריסטוס איז הייליק, ניטאָ! זאָל די מאַכט כאָטש אַף פראָצענטן אַרויסגעבן...

— דו האָסט זיך צוגעוווינט די ראַטנמאַכט צו זויגן! דאָס געלט, וואָס דו האָסט גענומען אַף קרעדיט צו קויפן זייעלקעס און שנײַד־מאַשינעס, האָסטו דער קרעדיט-געזעלשאַפט אומגעקערט צוריק?

אָט, זעסטו! דאָס געלט האָסטו אַראָפּגעלאָזט, און ווילסט נאָך ברויט באַקומען?

— סײַוויסײַ זײַנען איצט אין די שנײַדער־מאַשינעס אין די זייעלקעס קאָלווירטישע, מיר אַליין איז ניט אויסגעקומען צו באַנוצן זיך מיט זיי, האָסטו ניט וואָס פאַרצוואַרפן!

— דו פיר דאָס ברויט, אַניט וועט זײַן שלעכט פאַר דיר! האָסט זיך אויסגעלײַנט ביזן דעק! מיִעס!

— איך וואָלט מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, ווען ס'וואָלט געווען...

ווי נאַגולנאָוו האָט זיך ניט געוואָרפן, ווי ער האָט ניט אײַנגערעדט, מיט וואָס ער האָט ניט געשראָקן, אָבער ער האָט פאָרט געמוזט אָפּלאָזן די, וואָס האָבן ניט געוואָלט אָנשיטן זריִע, זיי זײַנען אַרויס, א מינוט צוויי זיך הערנדיק געשמועסט אין פירהויז און דערנאָך האָבן די טרעפּלעך גענומען סקריפּען. אין א ווײַלע אַרום איז אַרײַן דער אינדיווידועל גריגאָרי באַניק. ער האָט שוין מיסטאָמע געוווּסט וועגן דעם, ווי ס'האָט זיך געענדיקט דער שמועס מיט די קאָלווירטניקעס, וואָס זײַנען נאָרוואָס אַרויס פונעם דאָרפּראַט. אין די מויל־ווינקלען האָט בײַ אים געצאַפּלט א זעלבסט־אײַנגעגלייבט, אַרויסרופעריש שמייכעלע. נאַגולנאָוו האָט מיט ציטערדיקע הענט אויסגעגלײַכט אויפן טיש דאָס צעטל און א בורטשע געטאָן:

— זעץ זיך, גריגאָרי מאַטווייִטש.

— א דאַנק פאַרן בעטן. — באַניק האָט זיך געזעצט, ברייט צעשטעלט די פיס.

— וואָס פירסטו עפּעס ניט קיין זריִע, גריגאָרי מאַטווייִטש?

— נאָכוואָס דאַרף איך דאָס פירן?

— ס'איז דאָך געווען א באַשטימונג פון דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, סײַ די קאָלווירטניקעס סײַ די אינדיווידואַלן זאָלן צונויפפירן די זריִע. בײַ דיר איז זריִע פאַראַן?

— ווי־זשע דען, געוויס איז דאָ.

נאַגולנאָוו האָט אַרײַנגעקוקט אין צעטל: אַנטקעגן דער פאַמיליע באַניק אינעם פּאַראַגראַף — „דער ערעכדיקער שעטעך פרילינג־פאַרזיי אין 1930 יאָר" איז געשטאַנען דער ציפער 6.

— דו האָסט זיך געקליבן דאָס יאָר צו פאַרזייען 6 הא ווייץ?

— ריכטיק.

— הייסט עס, אַז צוויי און פערציג פוד זריִע האָסטו?

— פולקום פאַראַן, אָפּגעזיפּטע און אָפּגערייניקטע זריִע, ווי גאָלד!

— נו, ביסטו האָב א העלד! — האָט אים נאגולנאָוו געלויבט און לײַכט אָפּגעזיפצט. — ברענג דאָס מאָרגנ אינ געזעלשאפטלעכנ שפּײַכלער. קענסט אינ דײַנע זעק איבערלאָזנ. פונ די אינדיווידועלנ נעמענ מיר אָנ אפילע אינ זייערע זעק, אויב זיי ווילנ ניט מישנ די טוווע. וועסט ברענגענ און אפנ וואָג אָפּגעבנ דעם פאַרוואַלטער, ער וועט אפּ די זעק ארופלייגנ טריוואקס-כסימעס ער וועט דיר ארויסגעבנ א קוויטאנציע, און אינ פרילינג וועסטו באקומענ דײַנ טוווע גאנצינ-קערהייט, אָניט קלאָגנ זיך א סאך, אז מע האָט ניט אָפּגעהיט, מע האָט אויפגעגעסנ. אָבער אינ שפּײַכלער וועט זי אָפּגעהיט ווערנ זיכערער.

— נו דאָס, כאווער גאגולנאָוו, וואָרפּ אוועק! — באניק האָט כוצפּעדיק א שמייכל געטאָנ און צוגעגלעט די ווײַסלעכע וואָנצעס. — דער האָזיקער נומער דײַנער וועט זיך דיר ניט אײַנגעבנ! קיינ זריע וועל איך אײַך ניט געבנ.

— פאַרוואָס עפּעס, דערלויב צו פרעגנ?

— דערפאַר, וואָס בא מיר וועט עס זײַנ זיכערער. אײַך אָפּגעבנ, וועט מענ צו פרילינג אפילע די ליידיקע זעק ניט באקומענ. מיר זײַנענ איצט אויך געוואָרנ געלערנטע, וועסט אונדז ניט פאַרדרייענ!

— נאגולנאָוו האָט צונויפגערוקט זײַנע ברייטע ברעמענ און איז עטוואָס בלייך געוואָרנ.

— ווי קאָנסטו צווייפלענ אינ דער ראטנמאכט? גלייבסט ניט, הייסט עס?

— נו יאָ, איך גלייב ניט! מיר האָבנ זיך שוינ אָנגעהערט ליגנס פונ אײַערע!

— ווער האָט עס געלײַקנט? און אינ וואָס? — נאגולנאָוו איז קאָנטיק בלייך געוואָרנ און געלאָסנ זיך אויפגעהויבנ.

אָבער באניק, פונקט ווי ער וואָלט ניט באמערקנ, האָט אלץ אזוי שטיל געשמייכלט, ארויסווײַזנדיק זײַנע יאָרעדיקע שיטערע ציינער, בלויז זײַנ שטימ האָט געציטערט מיט באליידיקונג און מיט ברענענדיקער בייזקײַט, ווענ ער האָט געזאָגט:

— איר וועט אָנזאמלענ די טוווע, און דערנאָך זי אפּ שיפנ אינ פרעמדע לענדער אָפּשיקנ? אנטאנאבילנ קויפנ, די פארטייענע מיט זייערע געשאָרענע ווײַבער זאָלנ זיך דורכפאָרנ? מיר וויי־יי־סנ, אפּ וואָס איר פאטערט אונדזער ווייץ! דערלעבט ביז גלײַכהײַט!

— וואָס ביסטו, משוגע, מטורף איינער?! וואָס באַלעבעסטו דאָרט?

— מע קאָן כ'לעבן, משוגע ווערן, ווען מע כאַפּט זיך פאַרן גאָרגל! הונדערט זעכצן פּוריקעלעך האָב איך אָפּ ברויט־פאַרגרייטונג אַרויסגעפירט! און איצט ווילט איר דאָס לעצטע, די זריע... מיַינע קינדער זאָלן פאַרהונגערט ווערן...

— שאַ, דו ליַיגסט, פּאָסקודע! — נאַגולנאָוו האָט אַ זעץ געטאָן מיטן פויסט איבערן טיש.

אויף דער פּאָדלאָגע זיַינען אַראָפּגעפאַלן די רעכן־ביינדלעך, עס האָט זיך איבערגעקערט דאָס פלעשל טינט. אויסגעדריקט פּיאָלעטשטראָמל איז גלאַנצנדיק אַראָפּגעקראָכן איבערן פּאַפּיר און געפאַלן אויף דער פּאָלע פון באַניקס געדרעמבעוועטן פּעלציל. באַניק האָט אָפּגעווישט די טינט מיט דער דלאָניע און איז אויפגעשטאַנען. זיַינע אויגן זיַינען שמעלער געוואָרן, אויף די מוילווינקלען האָט אויפגעשוימט וויַיסער שוים און מיט פאַרדריקטער ווילדקייט האָט ער אַרויסגעכריפּעט:

— דו זאָלסט אויף מיר ניט שאַקען! אויף דיַין וויַיב לושקען קלאַפּ מיטן פויסט, אָבער איך בין דיר גיט קיין וויַיב! היַינט איז ניט דאָס צוואַנציקסטע יאָר, פאַרשטאַנען? און קיין ברויט וועל איך אויך ניט געבן... טראָג זיך!..

נאַגולנאָוו האָט זיך געהאַט אַ צי געטאָן צו אים איבערן טיש, אָבער ער האָט באַלד, וואַקלענדיק זיך, זיך אויסגעגליַיכט.

— דו... וועמעס רייד זיַינען עס?.. וואָס מיינסטו דאָס, קאָנטרע?.. פונעם סאָציאַליזם אָפּגעלאַכט, פּאַסקודע!.. און איצט... — ער האָט ניט געקאָנט געפינען קיין ווערטער, זיך געשטיקט, אָבער ווי עס איז זיך באַהערשט, אויסגעווישט מיט דער לינקער זיַיט האַנט דעם קלע־פּיקן שוויים פונעם פּאָנעם, האָט ער געזאָגט:

— שריַיב מיר באַלד אַ צעטל, אַז מאָרגן וועסטו אַרויספירן דאָס ברויט, און טאַקע מאָרגן וועסטו בא מיר אַוועקגיין, ווו מע דאַרף. דאָרט וועט מען זיך דערוויסן, פונוואַנען דו האָסט זיך אַזעלכע רייד אָנגעהערט!

— אַרעסטירן מיך קענסטו, אָבער קיין צעטעלע וועל איך ניט שריַיבן און קיין ברויט וועל איך ניט געבן!

— שריַיב, זאָג איך!..

וועסט אַ ביסל וואַרטן!..

— איך בעט דיך מיט גוטן...

באַניק איז אַוועק, אָבער די בייזקייט האָט אַזוי ווילד געברענט

אינ אימ, אז ער האָט זיכ ניט איינגעהאלטנ אונ האלטנדיק זיכ אפנ טיר־הענטל האָט ער א וואָרפ געטאָנ:

— אָט קומ איכ אהיימ אונ שיט ארויס די טווע פאר די כאַ־זיירימ! זאָלנ זיי בעסער פלאצנ, פרעסנדיק, איידער אָפגעבנ עס אייַנ, פרעמדע זויפער!..

— פאר די כאַזיירימ?! די זריִע?! — נאגולנאָוו איז מיט איינ שפרונג געווענ בא הער טיר, ארויסגעכאפט פונ קעשענע דעמ נאגאנ אונ א קלאפ געטאָנ באניקנ מיטנ הענטל אינ שלייפ. באניק האָט זיכ א וואקל געטאָנ, זיכ אָנגעשפארט אָנ וואנט, אָפווישנדיק מיטנ רוקנ דעמ קאלכ, האָט ער גענומענ פאלנ אפ דער פאָדלאָגע. איז געפאלנ. פונעמ שלייפ, פונעמ וואונד, באנעצנדיק די האָר, איז ארויסגערינענ שווארצ בלוט. נאגולנאָוו, שוינ ניט באהערשנדיק זיכ, האָט עטלעכע מאָל א קלאפ געטאָנ אינ ליגנדיקנ מיטנ פוס אונ איז אָפגעטראָטנ. באניק האָט, ווי א פיש אפ דער יאבאָשע, א פאָר מאָל אָג עפנ געטאָנ דאָס מויל, אונ דערנאָכ האלטנדיק זיכ פאר דער וואנט, האָט ער גענומענ זיכ אופשטעלנ, אונ ווי נאָר ער האָט זיכ געשטעלט אפ די פיס, האָט דאָס בלוט גענומענ געדיכטער רינענ. ער האָט שווייַגנ־דיק עס אויסגעווישט מיטנ ארבל, פונ זייַנ פארקאלכטנ רוקנ האָט זיכ געשאָטנ קאלכ-שטויב. נאגולנאָוו האָט גלייַכ פונעמ גראפינ, געטרונקענ דאָס עקלהאפטע, וואַרעמ געוואָרענע וואסער, זייַנע צייגער האָבנ זיכ אָנ אימ געקלאפט. ער האָט פונ דער זייט א קוק געטאָנ אפ באניקנ, איז צוגעגאנגענ צו אימ, אָנגענומענ ווי מיט א צוואנג זייַנ עלנבויגנ, א שטויס געטאָנ צומ טיש אונ אימ אריינגערוקט א בלייפעדער אינ האנט:

— שרייַב!

— איכ וועל אָנשרייַבנ, אָבער דאָס וועט זייַנ באוווסט דעמ פראָ־קוראָר... אונטערנ נאגאנ וועל איכ דיר אָנשרייַבנ, וואָס דו ווילסט... שלאָגנ איז בא דער ראטנמאכט ניט דערלויבט... זי — די פארטיי — וועט דיכ דערפאר ניט גלעטנ! — האָט באניק הייזעריק געמורמלט, אונ אנ אָפגעשלאפטער זיכ געזעצט אפנ בענקל.

נאגולנאָוו האָט זיכ געשטעלט קעגניבער אונ אויפגעהויבנ דאָס צינגל פונ נאגאנ:

— אהא, קאָנטרע, אי די ראטנמאכט אי די פארטיי דערמאָנט! ניט דער פאָלקסגעריכט וועט דיכ מישפעטנ, נאָר איכ, אָט באַלד מיטנ אייגענעמ געריכט. אויב דו וועסט ניט אָנשרייַבנ, — וועל איכ

ריכ דערשיסנ, ווי א שעדלעכע שלאנג, אונ דערנאָכ וועל איכ גייג אינ טורמע כאָטש אפ א צענ יאָר. איכ וועל דיר ניט לאָזנ כויזעק מאכנ איבער דער ראטנמאכט! שרייב: „אונטערשריפט”. אָנגעשריבנ? שרייב: „איכ, דער געוועזענער אקטיווער ווייסגוואַרדייער, מאמאָנטאָוועצ, וואָס איז מיט גוועער אינ די הענט ארויסגעטראָטנ קעגנ דער רויטער ארמיי, — נעמ צוריק מיינע ווערטער“... אָנגעשריבנ? „מיינע ווערטער, אומעגלעכ באלייריקנדיקע פאר דער אלקפ(ב)”. אלקפ מיט א גרויסנ בוכשטאב, פאראנ? „אונ דער ראטנמאכט, אונ איכ בעט אנטשולדיקונג פונ זיי אונ איכ פארפליכט זיכ אפ ווייטער, כאָטש איכ בינ א באהאלטענע קאָנטרע...”

— איכ וועל ניט שרייבנ! וואָס צווינגסטו מיכ מיט גוואלד?

— ניינ, וועסט שרייבנ! ווי האָסטו געמיינט? אז איכ, א פארוואונדעטער פונ די ווייסע, אנ אויסגעפייניקטער, וועל אזוי גלאט אראָפשלינגענ דייגע ווערטער? פאר מיר אינ די אויגנ האָסטו זיכ אינזיעקוועט איבער דער ראטנמאכט. אונ איכ זאָל שווייגנ? שרייב, די געשאָמע פונ דיר!..

באניק האָט זיכ אָנגעלייגט אפנ טיש אונ ווידער איז דער בלייפעדער אינ זיינ האנט לאנגזאמ געקראָכנ איבערנ בויגנ פאפיר. ניט אראָפנעמענדיק דעמ פינגער פונעמ נאגאנ־צינגל, האָט נאגולנאָוו דיקטירט וואָרט בא וואָרט:

— „... כאָטש איכ בינ א קאָנטרע א באהאלטענע, אָבער דער ראטנמאכט, וואָס איז טייער אלע ארבעטנדיקע אונ וואָס איז דערוואָרבנ געוואָרנ מיט פיל בלוט פונעמ ארבעט־פאָלק, וועל איכ ניט שעדיקנ ניט מינדלעכ, ניט שריפטלעכ, ניט מיט מעשים. איכ וועל זי ניט זידלענ אונ טאדלענ, נאָר איכ וועל געדולדיק זיכ דערוואַרטנ אפ דער וועלט־רעוואָליוציע, וואָס וועט אונדז אלעמענ — אירע פיינט אינ וועלט־מאסשטאב — דערפירנ צומ פריר־פונקט. אונ נאָכ פארפליכט איכ זיכ ניט צו לייגנ זיכ אינמיטנ וועג פונ דער ראטנמאכט אונ ניט אראָפרייסנ דעמ פארזיי, אונ מאָרגנ דעמ 3־טנ מארט 1930 יאָר אָפפירנ אינ געזעלשאפטלעכנ שפייכלער...“

אינ דער צייט איז אינ צימער ארייננ דער דעזשורנער אונ מיט אימ דריי קאָלווירטניקעס.

— וואַרט א ווייַלע אינ פירהויז! — האָט נאגולנאָוו א געשריי געטאָנ, אונ אומקערנדיק זיכ מיטנ פאָנעמ צו באניקנ, האָט ער פארגעזעצט:

— ... „צוויי אונ פערציק פוד זריע־טוווע מיט ווייץ־נאַטור. אונ וואָס איכ שרײַב זיכ אונטער." שרײַב זיכ אונטער!

באניק, בא וועמענ עס האָט זיכ אינ פּאָנעמ צוריקגעקערט די רויטע פארב, האָט זיכ אונטערגעבאסמעט אונ איז אופגעשטאנענ.

— דו וועסט דערפאר ענטפערנ, מאקאר נאגולנאָוו!..

— יעדערער פונ אונדז וועט פאר זײַנס ענטפערנ, נאָר אויב דו וועסט מאָרגנ קיינ ברויט ניט ברענגענ, — וועל איכ דיכ דערהארגענענ! — נאגולנאָוו האָט צונויפגעלייגט אונ ארײַנגעלייגט דאָס צעטעלע אינ בוזעמ־קעשענע פונעמ באקי־העמדל, א וואָרפ געטאָנ אפנ טיש דעמ נאגאנ אונ ארויסבאגלייט באניקנ ביז דער טיר. ער איז פארבליבנ אינ דאָרפראט ביז האלבער נאכט. דעמ דעזשורנעמ האָט ער באפוילנ ניט אוועקגיינ אונ מיט זײַנ הילפ האָט ער ארײַנגעזעצט אונ פארשפּארט אינ ליידיקנ צימער נאָכ דרײַ קאָלווירטניקעס, וועלכע האָבנ זיכ אָפּגעזאָגט ארויסצופירנ זריע־טוווע. שוינ נאָכ האלבער נאכט, אײַנגעבראָכנ פונ מידקײַט אונ פונ דער איבערגעלעבטער אופטרייסלונג, איז ער אײַנגעשלאָפנ, זיצנדיק באמ דאָרפראטישנ טיש, אראָפּגעלייגט דעמ צעשויבערטנ קאָפּ אפ די לאנגע דלאָניעס. ביז באגינענ האָבנ זיכ מאקארנ געבאָלעמט קאָלאָסאלע האמויגימ יאָנטעוודיק געקליידטע מענטשנ, וואָס האָבנ זיכ קעסיידער באוועגט אונ ווי א געוויסער פארפלייצט דעמ סטעפּ. צווישנ איינ האמויג אונ דעמ צווייטנ זײַנענ געגאנגענ רײַטער. פארשיידנקאָליריקע פערד האָבנ געטראָטנ מיט די קאָפּיטעס די ווייכע סטעפּ־ערד, אָבער דאָס רוישנדיקע קלאפּנ פונ די פערד־קאָפּיטעס איז עפּעס געווענ הילכיק אונ געזעצט, פונקט ווי עסקאדראָנענ וואָלטנ געגאנגענ איבער אויסגעלייגטע בלעכנ. די זילבער־בליצנדיקע טרומייטנ פונעמ אָרקעסטער האָבנ פלוצעמ זייער נאָענט פונ מאקארנ גענומענ שפּילנ דעמ „אינטערנאציאָנאל", אונ מאקאר האָט דערפילט, ווי געוויינלעכ שטענדיק אפ דער וואָר, א קיצלדיקע אופרעגונג, א הייסע ספּאזמע אינ גאָרגל... ער האָט דערזענ אינ עק פונעמ פארבײַגייענדיקנ עסקאדראָנ זײַנ געשטאָרבענעמ כאווער מיטקע לאָבאטש, וועמענ די וראנגעלצעס האָבנ צעשניטנ אינ 1920 יאָר אינעמ שלאכט בא קאכאָווקע, אָבער ער האָט זיכ ניט פארוווּנדערט, נאָר זיכ דערפרייט אונ פאנאנדערשטופּנדיק דעמ אוילעמ, האָט ער זיכ א וואָרפ געטאָנ צומ פארבײַגייענדיקנ עסקאדראָנ. „מיטיא! מיטיא! וואַרט!" — האָט ער גערופנ, ניט הערנדיק זײַנ אייגנ קאָל. מיטקע האָט זיכ אויסגעדרייט אפנ זאָטל, גלײַכגילטיק א קוק געטאָנ

אפ מאקארנ, ווי אפ א פרעמדנ, אומבאקאנטנ מענטשנ, אונ איז אוועק גערייטנ מיט גאלאפ. אונ באלד האָט מאקאר דערזענ, ווי עס רייט צו אימ זיינ געוועזענער אָרדינארעצ טיולימ, וואָס א פוילישע קויל האָט אימ דערהארגעט הינטער בראָד אינ דעמ זעלביקנ 1920 יאָר. טיולימ איז געריטנ שמייכלענדיק אונ געהאלטנ אינ דער רעכטער האנט די לייצעס פונ מאקארס פערד. אינ דאָס פערד, נאָכ אלצ אזא ווייספיסי-קעס אונ טרוקנ-קעפיקס, איז געזאנגענ, אונטערשפרינגענדיק, הויכ אונ שטאָלצ געהאלטנ דעמ קאָפ אונ ווי א ראָד אויסגעבויגנ דעמ האלדז...

דעמ סקריפ פונ די לאָדנס, וואָס האָבנ זיכ א גאנצע נאכט גע-וואָרפנ פונעמ פרילינג-ווינט, האָט מאקאר אינ כאָלעמ אָנגענומענ פאר מוזיק דעמ טראסק פונעמ בלעכענעמ דאכ — ווי דאָס טופענ פונ פערדישע קאָפיטעס... ווענ ראזמיאָטנאָוו איז געקומענ אינ דאָרפראט אזייגער זעקס אינדערפרי, האָט ער נאָכ געפונענ נאגולנאָוונ שלאָפנ-דיק. אפ מאקארס געלער באק, באלויכטנ מיטנ פיאָלעטעווונ ליכט פו-נעמ מארט-פרימאָרגנ, איז געווענ פארגליווערט אנ אָנגעשטרענגט וואָרטנדיקער שמייכל. אינ פיינלעכער אָנשטרענגונג האָט זיכ באוועגט זיינ ברייטער ברעמ... ראזמיאָטנאָוו האָט מאקארנ אופגעטרייסלט אונ זיכ אויסגעזידלט:

— אָנגעטאָנ צאָרעס אונ שלאָפסט? פרייליכע כאלוימעס זעסטו, הירזשעסט? פארוואָס האָסטו באגיקנ געשלאָגנ? באגינענ האָט ער גע-בראכט זריע-טווע, אָפגעגעבנ אונ באלד זיכ געלאָזט אינ ראיאָנ ארייַנ. ליובישקינ איז צו מיר געקומענ צו לויפנ אונ זאָגט, אז בא-גיק דערלאנגט אפ דיר אינ מיליציע. זיכ הערוואָרט? דאווידאָוו וועט קומענ, וואָס וועט ער איצט זאָגנ? עכ, מאקאר!..

נאגולנאָוו האָט מיט די הענט אויסגעריבנ דאָס אָנגעדראָלענע פאָ-נעמ פונעמ ניט באקוועמענ שלאָפ אונ פארטראכט אשמייכל געטאָנ:

— אנדריושקע! ס'ארא כאָלעמ איכ האָב איצט געזעענ. א שטארק אינטערעסאנטנ כאָלעמ!

— ווענ דיינע כאלוימעס הער מיר אופ צו ריידנ! דו דערצייל אָקאָרשט וועגנ באגיקנ.

— ווענ אזא שלאנג א גיפטיקנ וויל איכ גאָר ניט דערציילנ! דו זאָגסט, ער האָט געבראכט צו פירנ דאָס ברויט? נו, הייסט עס, ס'האָט געווירקט... צוויי אונ פערציק פוד זריע, — דאָס איז דיר ניט קיינ שפילכעלע. ווענ פונ יעדער קאָנטרע וואָלט נאָכ יעדנ קלאָפ מיט-גאנגאנ ארויסגעשפרונגענ צו פערציק פוד, וואָלט איכ א גאנצ לעבנ

נאָר דערמיט זיכ פארגומענ — איכ וואָלט געגאנגענ אונ זיי געקלאפט! פאר די ווערטער זײַנע וואָלט מענ ניט אזא צאצקע געדארפט אויסקלאפנ! זאָל ער זיכ פרייענ, וואָס איכ האָב אים די פיס אפ הינטנ ניט אויסגעדרייט! — אונ מיט וווּט, גלאנצנדיק מיט די אויגנ, האָט ער פארענדיקט: — ער האָט זיכ דאָכ, דער מענוויל, מיטנ גענעראל מאמאָנטאָוונ ארומגעשלעפט! ער איז געגאנגענ קעגנ אונדז, אזוי לאנג, ביזוואנענ מיר האָבנ אים אינ שווארצנ יאמ ניט אויסגעבאָדנ, אונ אויכ איצט זעט ער זיכ צו לייגנ אונדז אינמיטנ וועג, שאָדנ אָנטאָנ דער וועלט-רעוואָלוציע! אבער וואָסערע ווערטער האָט ער מיר דאָ אָנגערעדט וועגנ דער ראטנמאכט אונ וועגנ דער פארטיי? בא מיר האָבנ זיכ פאר באליידיקונג די האָר געשטעלט קאפויר.

— מאלע וואָס! אָבער שלאָגנ דארפסטו ניט, בעסער אים ארעסטירנ.

— ניינ, ניט ארעסטירנ, נאָר דערהארגענענ וואָלט מענ אים געדארפט! — נאגולנאָוו האָט מיט באוויערנ צעפירט מיט די הענט. — אונ פארוואָס האָב איכ אים ניט דערשלאָגנ? איכ פארשטיי אליינ ניט! אָט וועגנ דעמ פארדריסט מיר איצט!

— אָנרופנ דיכ נאר — וועסטו זיכ באליידיקנ, אָבער נארישקייט אינ דיר איז פאראנ, ניט אויסצושעפנ! אָט וועט דאוווידאָוו קומענ, — וועט ער דיכ אָנלערנענ פאר אזא מײַסע!

— סעמיאָנ וועט קומענ — וועט ער מיכ באגיטיקנ, ער איז ניט אזא יאָלד, ווי דו!

ראזמיאָטנאָוו האָט, לאכנדיק, א קלאפ געטאָנ מיטנ אויסגעבויגענעמ פינגער אָנ טיש, דערנאָכ אָנ מאקארס שטערנ אונ פארזיכערט: — דער זעלביקער קלאנג, אָבער מאקאר האָט מיט קאָמ אָפגעשטופט זײַנ האנט אונ גענומענ אָנטאָנ דאָס פעלצל. שוינ זיכ האלטנדיק פאר דער טיר-קליאמקע, האָט ער, ניט אויסדרייענדיק דעמ קאָפ, א בורטשע געטאָנ:

— איי, דו כאָבעמ! לאָז ארויס פונ ליידיקנ צימער די קליינע בורזשויענ, אונ זאָלנ זיי ברויט היינט ברענגענ, אניט וועל איכ אָט באלד זיכ ארומוואשנ אונ וועל צוריקקומענ אונ זיי ווידער ארײַנזעצנ.

א ראזמיאָטנאָוונ זײַנענ פונ פארוואונדערונג די אויגנ ארויסגעקראָכנ אפנ שטערנ... ער האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ צומ ליידיקנ צימער, ווי עס זײַנענ געלעגנ די דאָרפראטישע ארכיוונ אונ די זאנגענ-עקספּאָנאטנ פונ דער פאראיצדיקער ראיאָנער לאנדווירטשאפטלעכער אויס-

שטעלונג, געעפנט די טיר און געפונען די קאָלווירטניקעס קראסנאָקו־טאָוון, אנטיפ גראטשנ און דעם פארקנורעטן אפאָלאָן פעסקאָוואטס־קאָוון. זיי האָבן מיט מאזל איבערגענעכטיקט אפ די אויסגעבעטע קאָמ־פלעקטן אלטע צײַטונגען אפן הער ערד. ווען זיי האָבן דערזען ראז־מיאָטנאָוון, האָבן זיי זיך אופגעהויבן.

— איר, בירגער, דארפט, פארשטייט זיך... — האָט ראזמיאָטנאָוו געהאט אָנגעהויבן ריידן, אָבער איינער פון די ארעסטירטע, דער אל־טינקער קאָזאק קראסנאָקוטאָוו, האָט אים לעבהאפט איבערגעשלאָגן:

— וואָס איז דארט פאראן וואָס צו ריידן, אנדריי סטעפאנאָוויטש, מיר זײַנען שולדיק, ניטאָ וואָס צו ריידן... לאָז אונדז אָפּ, וועלן מיר באלד ברענגען ברויט... מיר האָבן זיך דאָ באנאכט א ביסל צעוויינט זיך בארעדט, נו, און מיר האָבן באשלאָסן ברענגען ברויט... וואָס דארף מען זיך באהאלטן, מיר האָבן געוואָלט אײַנהאלטן דעם ווייץ...

ראזמיאָטנאָוו, וואָס האָט נאָרוואָס געוואָלט זיך אנטשולדיקן פאר נאגולנאָוון ניט באטראכטן שריט, האָט דיסקאָנטירט די אומשטענדן און מיטאמאָל זיך איבערגעשלאָסן:

— אָט שוין לאנג צײַט! איר זײַט דאָך קאָלווירטניקעס! ס'איז מיעס צו באהאלטן זריע.

— מיר בעטן דיך, לאָז אונדז אָפּ, און ווער עס האָט האָס אל־טע אין זינען... — האָט אנטיפ גראטש פארלאָרן געשמייכלט אין זײַן פארשווארצטער באָרד ארײַן.

די טיר האָט זיך ברייט צעעפנט, ראזמיאָטנאָוו איז אוועק צום טיש, און, מע דארף זאָגן, אז אויך בא אים האָט אין דעם מאָמענט זיך א ריר געטאָן דער געדאנק: „און עפשער איז געריכט מאקאר? אויב מע וואָלט מען אין אייך טאָג שטארקער אָנגעדריקט — וואָלט מען אין אייך טאָג אָנגעשאָטן די זריע!"

# קאפיטל 25

דאווידאָוו איז געקומען פון זײַן רייזע אין דער סעלעקציע־סטאנ־ציע מיט צוועלף פוד סאָרטיקן ווייץ, א פריילעכער, א צופרידענער מיט זײַן דערפאָלג. די באלעבאָסטע, וואָס האָט געגרייט דעם טיש צו מיטיק, האָט אים דערציילט, און אויך זײַנע אפוועזנהײַט האָט נאגולנאָוו געשלאָגן גראנאָרי באניקן און אפגעהאלטן א נאכט אין דארפראט הרײַ קאָלווירטניקעס. דער קלאנג וועגן דעם האָט שוין, ווײַזט אויס, באוויזן

ברייט צו פארשפרייטנ זיכ איבער גרעמיאטשי לאָג. האווידאָוו האָט געשווינד אָפגעגעסנ מיטיק און א באומרויִקטער איז ער אוועק אינ דער פארוואלטונג. דאָרט האָט מענ אימ באשטעטיקט דער באלעבאָס־טעם דערציילונג, און צוגעגעבנ פראָטים. נאגולנאָווס אויפירונג האָט מענ אָפגעשאצט פארשיידנ: איינע האָבנ באגיטיקט, אנדערע — פאָר־געוואָרפנ, און אייניקע האָבנ אײַנגעהאלטנ צוגעשוויגנ. ליובישקינ, לע־מאָשל, האָט זיכ קאטעגאָריש געשטעלט אפ נאגולנאָווס זײַט, און יאָ־קאָוו לוקיטש האָט ווי מיט א שנירעלע צונויפגעשנורעוועט די ליפנ און באקומענ אזא מינ באלײַדיקטנ אויסזענ, פונקט ווי אימ אליינ וואָלט אויסגעקומענ צו פארזוכנ נאגולנאָווס איבערצײַגונג־מיטלענ. איינ־גיכנ איז אינ דער פארוואלטונג געקומענ מאקאר אליינ. אנ אויסזענ האָט ער געהאט א שטרענגערנ ווי געוויינלעכ. מיט האווידאָוונ האָט ער זיכ באגריסט אײַנגעהאלטנ, אָבער ער האָט אפ אימ א קוק געטאָנ מיט באהאלטענעם אומרו און דערווארטונג. בלײַבנדיק זאלבעצווייט, האָט האווידאָוו זיכ ניט אײַנגעהאלטנ און שארפ געפרעגט:

— וואָס איז עס פאר א נײַס בא דיר?

— דו האָסט געהערט, וואָס־זשע פרעגסטו....

— אָט מיט אזעלכע מיטלענ הייבסטו עס אָנ אגיטירנ פאר צו־נויפזאמלענ די זריִע?

— זאָל ער צו מיר אזא נידערטרעכטיקײַט ניט ריידנ! איכ האָב זיכ קיינ ניידער ניט געטאָנ צו לײַדנ כויזעק פונעמ פײַנט, פונעמ ווײַסנ שלאנג!

— און דו האָסט א קלער געטאָנ וועגנ דעמ, ווי דאָס וועט ווירקנ אפ אנדערע, ווי דאָס וועט אויסזענ פונ דער פאָליטישער זײַט?

— דעמלט איז קיינ צײַט ניט געווענ צו טראכטנ.

— דאָס איז ניט קיינ ענטפער, א פאקט! דו האָסט אימ געדארפט ארעסטירנ פארנ באליידיקנ די מאכט, אָבער ניט שלאָגנ! דאָס איז א שריט, וואָס איז א שאנד פאר א קאָמוניסט! א פאקט! און הײַנט נאָכ וועלנ מיר שטעלנ וועגנ דיר די פראגע אינ קעמערל. דו האָסט אונדז א ווייס איכ וועלכנ שאָדנ געבראכט מיט דײַנ אויפירונג! מיר דארפנ זי פארורטיילנ! און וועגנ דעמ וועל איכ ריידנ אפ דער קאָל־ווירטישער פארזאמלונג, ניט ווארטנדיק אפ א דערלויבעניש פונעמ ראַיקאָמ, איכ רייד פאקטיש! ווײַל אויב מיר זאָלנ פארשווײַגנ, וועלנ די קאָלווירטניקעס מיינענ, אז מיר זײַענ מיט דיר קלוימערשט אײַנ־שטימיק און אז מיר האלטנ זיכ בא דאָס זעלביקע, ווי דו, אינ אָט

דער זאכ! נײנ, ברודערל! מיר װעלנ זיכ פונ דיר אָפּגרענעצנ אונ פּאַרורטײלנ. דו ביסט א קאָמוניסט אונ באַגאַנגענ ביסטו זיכ, װי א זשאַנדאַרמ. אַזאַ כאַרפּע! דער טײַװל װאָלט דיכ געכאַפּט מיט דײַנ געשעעניש!

אָבער נאַגולנאָװ האָט זיכ אײַנגעשפּאַרט, װי אנ אָקס: אפּ אַלע דאַװידאָװס מאָטיװנ, װאָס האָבנ אימ געדאַרפּט איבערצײַגנ דערינ, אז ס'איז אומערלאָזבאַר פאַר א קאָמוניסט אונ ס'איז פּאָליטיש שעדלעכ אַזאַ אױפירונג, האָט ער געענטפערט:

— ריכטיק האָב איכ געטאָנ, װאָס איכ האָב אימ געשלאָגנ! אונ אפילע ניט געשלאָגנ, נאָר אײנמאָל א קלאַפּ געטאָנ, נאָר מע װאָלט געדאַרפּט מער. טשעפּע זיכ אָפּ! ס'איז שפּעט מיכ איבערצורעדנ, איכ בינ א פּאַרטיזאַנ אונ כ'װײס אַלײנ, װיאַזױ איכ דאַרפ מײַנ פאַרטײ פּאַרטײדיקנ פונ יעדער פּאַסקודנעס אָנפאַל!

— איכ זאָג דאָכ ניט, אז אָט דער באַניק איז אנ אײגענער מענטש, כאַפּט אימ דער טײַװל! איכ רײד דאָכ װעגנ דעמ, אז דו האָסט אימ ניט געדאַרפּט שלאָגנ. אונ פּאַרטײדיקנ די פּאַרטײ פונ באַלײדיקונג האָט מענ געקאָנט אפּ אנ אנדער אופנ, א פּאַקט! גײ, קיל זיכ אָפּ א ביסל אונ גיב א קלער, אונ אינאָװנט װעסטו קומענ אינ קעמערל אונ װעסט אַלײנ זאָגנ, אז איכ בינ געװענ גערעכט, א פּאַקט.

אינאָװנט, פאַרנ אָנהײב פונ דער קעמערל־פאַרזאַמלונג, איז װי נאָר ס'איז אַרײַנ דער אָנגעלאָדענער מאַקאַר, האָט דאַװידאָװ די ערשטע זאַכ אימ געפרעגט:

— באַטראַכט?

— באַטראַכט.

— נו?

— װײניק האָב איכ אימ, דעמ הינטישנ זונ, דערלאַנגט. דער־האַרגענענ װאָלט מענ געדאַרפּט!

די בריגאַדע פונ דער אַגיטקאָלאָנע איז אינגאַנצנ געװענ אפּ דאַ־װידאָװס זײַט אונ האָט געשטימט דערפאַר, אז מע זאָל נאַגולנאָװנ געבנ א שטרענגנ אױסרײד. אַנדרײ ראַזמיאָטנאָװ האָט זיכ ביכלאַל אָפּגעהאַלטנ אינ די גאַנצע צײַט געשװיגנ, אָבער װענ שױנ פאַרנ אָװעקגײנ האָט מאַקאַר, װי אנ אָקס, א בורטשע געטאָנ: „איכ בלײַב בא מײַנ ריכטיקער מײנונג“. — איז ראַזמיאָטנאָװ אױפגעשפּרונגענ אונ אַרױסגעלאָפנ פונ צימער, אױפגערײצט געשפּיגנ אונ גראָב גע־זידלט זיכ.

פארייכערגדיק אינ פינצטערנ פירהויז, האָט דאווידאָוו זיכ אײַנגעקוקט באמ ליכט פונעמ שוועבעלע אינ נאגולנאָווס פּאָנעמ, וואָס איז פאר דעמ איינ טאָג פארכווישעבט געוואָרנ, אונ פרידלעכ געזאָגט:

— דו, מאקאר, באליידיקסט זיכ אומזיסט אפ אונדז, א פאקט!

— איכ באליידיק זיכ ניט.

— דו ארבעטסט מיט אלטע, פארטיזאנישע מיטלענ, אָבער איצט איז א נײַע צײַט, אונ ניט קיינ אָנפאלנ, נאָר פּאָזיציע-שלאכטנ גייענ. מיר אלע האָבנ מיט פארטיזאנערײַ געקרענקט, באזונדערס, אונדזערע, פונעמ פלאָט, נו, אונ איכ אויכ, פארשטייט זיכ. כאָטש דו ביסט א נערוונ-קראנקער, גאָר מע דארפ, טײַערער מאקאר, זיכ דאָכ... אײַנצווימענ, הא? גיב נאָר א קוק אפ אונדזער אומבײַט: אונדזער קאָמיוגיסט פונ דער אגיטקאָלאָנע וואניושא נײַדיאָנאָוו זע, וואָסערע וואונדער ער באווײַזט. בא אימ אינ קווארטאל האָט מענ מער פונ אלע ארײַנגעטראָגנ זריע, קימאט אלע האָבנ געבראכט. לויטנ אויסזענ איז ער ניט זייער קיינ פלינקער, א נידעריטשקער, ניט קיינ גרויסער, אָבער ער ארבעט בעסער פאר אײַכ אלעמענ. דער טײַוול וויים אימ! ער גייט איבער די הויפנ, ער רעדט זיכ אָנ, מע זאָגט, אז ער דערציילט עפּעס מײַסעלעכ די פויערימ... אָבער ברויט פירט מענ בא אימ אָנ קלעפּ אונ אָנ ארײַנזעצענישנ אינ „קאלטנ", א פאקט. — אינ דאווידאָווס שטימ האָט זיכ דערהערט א שמייכל אונ ווארעמע נאָטקעס, ווענ ער האָט גענומענ ריידנ וועגנ נײַדיאָנאָוונ. נאגולנאָוו האָט דערפילט, ווי עס וואלט זיכ עפּעס א ריר געטאָנ עטוואָס ענלעכס אפ קינע צומ בעריעדיקנ קאָמיוגיסט. — פונ נײַגעריקײַט וועגנ גיי מאָרגנ מיט אימ איבער די הויפנ אונ קוק זיכ צו, מיט וועלכע מיטלענ ער דערגרייכט עס, — האָט דאווידאָוו פאָרגעזעצט, — דערינ איז, ערנוואָרט, קיינ שומ באליידיקנדיקעס ניטאָ פאר דיר. מיר, ברודערל, האָבנ אפטמאָל אויכ בא די יונגע וואָס צו לערנענ זיכ, א פאקט! זיי וואקסנ עפּעס אזעלכע, ניט ענלעכע אפ אונדז, עפּעס אזוי ווי מער צוגעפּאסט...

נאגולנאָוו האָט געשוויגנ, אונ אינדערפרי, ווי נאָר ער איז אויפגעשטאנענ, האָט ער אויפגעזוכט וואניושקא נײַדיאָנאָוונ אונ — קלוימערשט צווישנ אנדערעס — האָט ער אימ געזאָגט:

— איכ בינ הײַנט פרײַ, וויל איכ מיט דיר גיינ, דיר העלפנ. וויפל איז נאָכ דײַנ דריטער בריגאדע געבליבנ ניט ארויסגעפירט?

— א קלייניקײַט געבליבנ; כאווער נאגולנאָוו! קומט, זאלבעצווייט וועט זײַנ פריילעכער.

זיי זײַנענ אוועק. נײַדיאָנאָוו איז געשטאַנענ שטיל, הוידענדיק זיכ ווי אַנ ענטל. מאַקאַר איז צו אַזאַ גאַנג ניט געוווינט געווענ. נײַדיאָנאָווס לעדערנע קורטקע, וואָס האָט הויפּטיק געשמעקט מיט קערלעב־אייל, איז געווענ צעשפּליִעט און די קעסטלדיקע קעפּי איז געווענ אַראָפּגערוקט ביז די סאַמע ברעמענ. נאַגולנאָוו האָט פונ דער זײַט זיכ צוגעקוקט צו דעמ ניט אָנזעעוודיקנ, באַשפּרענקלטנ מיט עפּעס קינדערישע שפּרענקלעכ פּאָנעמ פונעמ קאָמיוגיסט, וועמענ דאַוויִדאָוו האָט נעכטנ אָנגערופנ מיט צערטלעכקײַט, וואָס איז אימ ניט אײַגנטימלעכ, „וואַניושקאַ". אינ אָט דעמ פּאָנעמ איז געווענ שרעקלעכ נאָענטס, צוציִענדיקס: צי זײַנע גרויע אויגנ מיט די גרײַפּעלעכ, צי זײַנ אײַנגעשפּאַרט־אַרויסגעשטעקטע מאָרדע, וואָס האָט נאָכ ניט פאַרלאָרנ זײַנ יונגטלעכע רונדיקײַט...

צומ געוועזענעמ „הינערטאַפּער" — צומ אַלטנ אַקימ בעסכליעבנאָוו, — זײַנענ זיי געקומענ, ווענ די גאַנצע בעסכליעבנאָווס פאַמיליע האָט געגעסנ אָנבײַסנ. דער אַלטער אַליינ איז געזעסנ באַמ טיש אינ פאָדערשטנ ווינקל, לעבנ אימ — זײַנ זונ פונ אַ יאָר פערציק, אויכ אַקימ, וואָס מע האָט אימ גערופנ דער יינגערער, פונ זײַנ רעכטער האַנט — דאָס ווײַב און די אוראַלטע שוויגער די אַלמאָנע, באַמ עק האָבנ זיכ געטוליעט די צוויי עלטערע טעכטער, און די זײַטנ טיש זײַנענ געדיכט, ווי פליגנ, געווענ באַדעקט מיט קינדערלעכ.

— אַ גוטמאָרגנ, באַלעבאַטימ! — נײַדיאָנאָוו האָט אַראָפּגעשלעפּט זײַנ פאַרפעטסטע קעפּקע, פאַרגלעטנדיק דעמ אופגעשטעלטנ טשוב האָר.

— אַ גוט יאָר, אויב איר מיינט עס ערנסט, — האָט געענטפערט, שמייכלענדיק קוימ צו באַמערקנ, דער פאָשעטער און פריילעכער אַקימ דער יינגערער.

נאַגולנאָוו וואָלט אַלס ענטפער אויף דער שפּאַסיקער באַגריסונג צונויפגערוקט די ברייטע ברעמענ און — פול מיט שטרענגקײַט, — וואָלט ער געזאָגט: „ניטאָ קיינ צײַט צו טרײַבנ שפּאַס. פאַרוואָס פירט איר ביז איצט ניט אַרויס די זריִע?" אָבער וואַניושאַ נײַדיאָנאָוו, ווי ער וואָלט קלוימערשט ניט באַמערקט די קילבלעכע אײַנגעהאַלטנקײַט אויף די באַלעבאַטימס פענעמער, האָט שמייכלענדיק געזאָגט:

— מיט אַ גוטנ אַפּעטיט!

אַקימ האָט נאָכ ניט באַוויזנ צו עפענענ דאָס מויל, ניט אויף אײַנלאָדנ צומ טיש, נאָר אויף אַרויסברענגענ אַ קאַרגנ „דאַנק", אָדער ווי

אָפּאַטערן מיטן גרעבלעך־שפּאַסיקן: „א גוטן אַפּעטיט, — ביטע גיט“.
ווי ניידיאָנאָוו האָט פאָרגעזעצט:

— באַמרויקט זיך ניט! מע דאַרף ניט! איבעריקנס, קאָן מען אויך צובייסן... איך האָב, אָפן גערעדט, נאָך היינט ניט געגעסן. כאַווער נאַגולנאָוו איז א היגער, ער האָט שוין געוווינט זיך אונטערגעלייגט דאָס האַרץ, אָבער מיר עסן איבער א טאָג... ווי די „פויגלען אין הימל“.

— ניט איר זייט, ניט איר שניידט, און זאַט זייט איר, הייסט עס? — האָט אַקים זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— זאַט ניט זאַט, נאָר פריילעך שטענדיק. — און מיט די ווערטער האָט ניידיאָנאָוו, צו נאַגולנאָווס איבעראַשונג, אין איין סעקונדע אַראָפּגעוואָרפן פון די פּלייצעס דאָס לעדערנע רעקל און זיך צוגעזעצט צום טיש. דער עלטער אַקים האָט א הוסט געטאָן, זעענדיק אַזאַ גאַסט אָן צערעמאָניעס, און אַקים דער יינגערער האָט זיך באַנאַנדערגעלאַכט:

— נו, אָט דאָס הייסט, ווי אַף מילכאָמע! דיין גליק, באָכער, וואָס דו האָסט באַוויזן פריִער פאַר מיר ארויסצושפּרינגען, ווייל איך האָב שוין געוואָלט זאָגן אַף דיין „גוטן אַפּעטיט“, — „ביטע ניט“ מיידלעך! גיט אים א לעפל.

איינע פון די מיידלעך איז אויפגעשפּרונגען און, שטיקנדיק זיך פון געלעכטער, איז זי אוועק הינטערן ווענטל נאָך א לעפל, אָבער זי האָט עס ניידיאָנאָוון דערלאַנגט סטאַטנע, ווי עס פּירט זיך צו דערלאַנגען א מאַנצביל, מיט פאַרנייגונג. באַם טיש איז געוואָרן לעבהאַפט און פריילעך. אַקים דער יינגערער האָט אויך איינגעלאַדן נאַגולנאָוון, אָבער יענער האָט זיך אָפּגעזאָגט און זיך צוגעזעצט אַפן קופערט. אַקימס ווייסברעמענדיק ווייב האָט, שמייכלענדיק, דערלאַנגט דעם גאַסט א לוסטע ברויט, דאָס מיידל, וואָס האָט געבראַכט דעם לעפל, איז געלאָפן אין שלאָפצימער, געבראַכט א ריינעם האַנטעך און אים אַוועקגעלייגט אַף ניידיאָנאָווס קני. אַקים דער יינגערער, וואָס האָט מיט נייגער און מיט ניט באַהאַלטענער באַגייטיקונג זיך צוגעקוקט צום געשפּרענקלטן פּאָנעם פון דעם דרייסטן באָכער, האָט געזאָגט:

— אָט זעסטו, באַווער, דו ביסט געפעלן געוואָרן מיין טאָכטער, דעם טאַטן האָט זי קיינמאָל אין לעבן ניט דערלאַנגט קיין ריינעם האַנטעך, און דיר — האָסטו זיך נאָך ניט באַוויזן צו זעצן צום טיש. איידער דו וועסט זיך שאַרכענען, וועלן מיר זי דיר באַלד אָפּגעבן!

דאָס מיידל איז פון טאַטנס ווייץ רויט געוואָרן, פאַרשטעלט דאָס

פּאָנעמ מיט דער האנט און איז אופגעשטאנענ פונ טיש, און נײַ־
דיאַנאָוו, פארשטארקנדיק די פריילעכע שטימונג, האָט זיכ צוריקגע־
וויצלט:

— זי וועט מיסטאמע מיט א קאָנאָפּאטנ ניט באַסענע האָבנ. איכ קאָנ זיכ שאַרכענענ נאָר ווענ עס ווערט פינצטער, דעמאָלט בינ איכ א שייגער און קענ מיידלעכ געפעלנ ווערנ.

מע האָט דערלאנגט דאָס געקעכצ. דער שמועס האָט אופגעהערט. עס האָט זיכ נאָר געהערט, ווי עס פּאַטשנ די ליפּנ און ווי מע שקראָבעט דעמ דעק פונעמ געגלייזטנ שיסל מיט די הילצערנע לעפל. די שטילקייט פלעגט געשטערט ווערנ בלויז דעמאָלט, ווענ דער לעפל פונ א וועלכנ־ניט־איז יאטל פלעגט אָנהייבנ מאכנ אינ שיסל גופע קרײַזנ, זוכנדיק א געקאָכטע באר. אינ אָט דעמ מאָמענט פלעגט דער אלטער אקימ ארומלעקנ זײַנ לעפל און הילכיק קלאפּנ דערמיט איבערנ שטערנ פונעמ פארשולדיקטנ יונגל, צוגעבנדיק:

— זוכ ניט אויס!

— וואָס איז עפּעס שטיל געוואָרנ בא אונדז, ווי אינ א קלויסטער, — האָט געזאָגט די באלעבאָסטע.

— אינ קלויסטער איז אויכ ניט אלעמאָל שטיל, — האָט געזאָגט וואניושקע, וועלכער האָט גוט צוגעביסנ קאשע און געקעכצ. — אָט איז בא אונדז פאר פאסכע געווענ א צופאל. — זיכ אָנצולאכנ!

די באלעבאָסטע האָט אופגעהערט אפּצוווישנ דעמ טיש, אקימ דער יונגערער האָט צונויפגעדרייט צו רייכערנ, זיכ צוגעזעצט אפנ באנק און איז געווענ גרייט צו הערנ, און אפילע דער אלטער אקימ, גרעפּצנדיק און ציילעמענדיק זיכ, האָט זיכ אויכ אײַנגעהערט צו נײַדיאַנאָווס רייד. נאגולנאָוו, וואָס האָט ארויסגעוויזנ קלאָרע סימאָנימ פונ אומגעדולד, האָט א קלער געטאָנ: „וואנ־זשע וועט ער וועגנ זריע נעמענ רייהנ? דאָ, ווי עס ווײַזט אויס, זײַנענ אונדזערע געשעפטנ — דאָסיקע בייזע אקימס וועט מענ ניט גיכ אײַנברעכנ, די סאמע אָנגעשטרענגטע טעוואָליומ איז גאנצ גרעמיאטשי. און מיט שרעקי וועסטו אימ אויכ ניט נעמענ, — אקימ דער יונגערער האָט געדינט אינ דער רויטער ארמיי און איז אינ אלגעמיינ און אינ גאנצנ — אונדזערער א קאָזאק... אָבער ברויט וועט ער ניט ברענגענ איבער זײַנ איבערגעגעבנקייט צו אייגנטומ און איבער קארגשאפט. בא אימ קאָנ מענ אפילע ווינטער קיינ שניי ניט אויסבעטנ, איכ ווייס!" דערווײַל האָט וואניושקא נײַדיאַנאָוו, אפּוואַרטנדיק א ווײַלע, פאָרגעזעצט:

— איכ בינ א געבאָרענער טאציגער ראיאָנ, אונ בא אונדז איז פאר פאסכע געווענ איינמאָל אזא צופאל אינ קלויסטער: מע האט דאָרט געהאלטנ אינ בעטנ גאָט. מענטשנ, וואָס האלטנ זיכ בא דער רעליגיע, האָבנ זיכ צונויפגעקליבנ אינ קלויסטער אונ מע שטיקט זיכ פונ ענגשאפט! דער גאלעכ אונ דער דיאקאָנ, פארשטייט זיכ, זינגענ אונ לייענענ, אונ באמ פארקנ שפילנ זיכ יינגלעכ. בא אונדז אינ דער סלאָבאָרקע איז געווענ א טעליצע — א יאָדיקע, אזא שטעכיקע, אז ווי נאָר מע רירט זי אָנ, ווארפט זי זיכ ווי א העכט אונ זוכט אופ־צוהייבנ אפ די הערנער. די דאָזיקע טעליצע האָט זיכ רויק געפי־טערט לעבנ פארקנ, אָבער די יינגלעכ האָבנ זי אזוי אופגעריצט, אז זי האָט זיכ, געלאָזט נאָכיאָגנ נאָכ איינעמ אונ אימ שיר־שיר ניט דעריאָגט. דאָס יינגל — אינ קלויסטער־הויפ, אונ די טעליצע — נאָכ אימ, דאָס יינגל צומ אריַינגאנג אינ קלויסטער — די טעליצע נאָכ אימ. אינ די פאָלישנ איז געווענ געפאקט מיט מענטשנ... די טעליצע האָט זיכ צעיאָגט אונ איז דעמ יינגל אזוי אריַינגעפאָרנ אינ הינטנ! ער לויפט, קוימ די פיס טראָגנ אימ, אונ זיכ א וואָרפ געטאָנ צו אנ אלטינקער אונטער די פיס. די אלטינקע איז אגידערגעפאלנ מיטנ רוקנ אפ דער פאָדלאָגע אונ שריַיט: „ראטעוועט, גוטע מענטשנ! אוי, שלעכט איז מיר!..“ דער אלטינקערס מאנ האָט דעמ יינגל מיט א קוליע דערלאנגט איבערנ רוקנ: „פארברענט זאָלסטו ווערנ, הינטיש קינד!..“ אונ די טעליצע האָט זיכ צעלאָזט: „בע־ע־ע־!“ ווער ס'איז נע־ענטער געשטאנענ באמ אלטאר, דער האָט ניט פארשטאנענ וואָס דאָ קומט פאָר, נאָר מע הערט, אז אינ פאָליש איז א טומל, האָבנ זיי אופגעהערט צו בעטנ גאָט אונ שטייענ צעטראָגענע, אונ אייגער פרעגט באמ צווייטנ: „וואָס טומלט מענ דאָס דאָרטנ?“ — „וואָס איז דאָרטנ?“ — וואניושקע האָט זיכ באגיַיסטערט אונ אזוי לעבהאפט גע־שילדערט די געשיכטע, וויאזוי עס האָבנ זיכ איבערגעשמועסט די איבערגעשראָקענע האָרפ־מענטשנ, אז אקימ דער יינגערער האָט דער ערשטער ניט אויסגעהאלטנ אונ זיכ פאנאנדערגעלאכט.

— וואָס די טעליצע האָט עס אָנגעמאכט!

אופדערקונדיק איינעמ שמייכל דאָס ווייסצייניקע מויל, האָט וואַ־ניושקע פאָרגעזעצט:

— איינער א באָכער האָט א זאָג געטאָנ אינ שפאס: „מיסטאמע איז דאָרטנ א מעשוגענער הונט אריַינגעשפרונגענ, מע דארפ אנט־לויפנ!“ לעבנ אימ איז געשטאנענ א טראָגעדיקע פרוי, האָט זי זיכ

געשראָקן און גענומען גוואַלדעווען איבערן גאַנצן קלויסטער: „אוי, מאַמינקעס טײַערינקע! ער וועט דאָך אונדז אַלעמען באַלד צערײַסן!" די הינטערשטע שטופּן די פֿאָדערשטע, ביז מע האָט איבערגעקערט די לײַכטער, איז געוואָרן א טשאַד... פֿינצטער. דאָ האָט עמעצער א רעווע געטאָן: „מיר ברענען!" נו, איז אוועק! „א מעשוגענער הונט!" „מיר ברענען!" „וואָס איז דאָ געשען?.. „א סאָף צו דער וועלט!" „וואָ־אָ־ס?... א סאָף צו דער וועלט? ווײַב! קום אהיימן!" מע האָט זיך א וואָרף געטאָן צו די זײַטיקע טירן און זיך אזוי צונויפֿגעשטופּט, אַז קיין איינער קאָן ניט אַרויסגיין. דאָס טישל מיט די לײַכטער האָט מען איבערגעקערט, די צענערס האָבן זיך פֿון טישל א שאָט געטאָן, דער טיטער איז אַנידערגעפֿאַלן און שרײַט: „מע האַבעוועט!" די ווײַבער האָבן זיך ווי די שעפּסן א לאָז געטאָן צום אויבנאָן, האָט זיי דער דיאַקאָן דערלאַנגט מיטן ווײַרעך־רייכערער איבער די קעפּ: „טיורו־ו, מעשוגענע!.. וווהין?.. איר ווייסט דען ניט, אומווירדיקע, אַז אפֿן אַלטאַר טאָרן ווײַבער ניט גיין?" דער דאָרפֿישער שולץ, א גראָבער אזא איז ער געווען, מיט א קייט אפֿן בויך, קריכט צו דער טיר, שטופּט זיך צווישן די מענטשן און בורטשעט: „לאָזט דורך! לאָזט דורך, פֿאַרפֿלוכטע, דאָס בין איך דאָך, דער סלאָבאָדקער גאָלאָוואַ!" נאָר ווו וועט מען אים דורכלאָזן, אַז ס'איז „א סאָף צו דער וועלט".

איבערגעריסן מיט א געלעכטער, האָט וואַניושקאַ פֿאַרענדיקט:

— אין סלאָבאָדקע איז בא אונדז געווען א פֿערדגאַנעוו אַרכיפּ טשאַבאָוו. פֿערד פֿלעגט ער גאַנווענען אַלע וואָך, און קיינער האָט אים בעשום־אופֿן ניט געקאָנט פּאַקן. אַרכיפּ איז געווען אין קלויסטער און געטאָן טשוווע אפֿ זײַנע זינד. איז אַז מע האָט גענומען שרײַען: „א סאָף צו דער וועלט! מיר קומען אום, ברידערן!" האָט זיך אַרכיפּ געוואָרפֿן צום פֿענצטער, אים איפּגעבראָכן און געוואָלט אַרויסשפּרינגען. אָבער הינטערן פֿענצטער איז געווען גראַטעס. דער גאַנצער אוילעם שטיקט זיך אין טיר, און אַרכיפּ לויפֿט איבערן קלויסטער, שטעלט זיך אָפּ, פּאַטשט מיט די הענט און שרײַט: אָט, ווען מע האָט מיך געפּאַקט! אָט אַרײַנגעפֿאַלן, שוין טאַקע אַרײַנגעפֿאַלן!"

די מיידלעך, אקים דער יינגערער און זײַן ווײַב האָבן געלאַכט ביז טרערן, ביז שלוקערצן. דער אַלטער אקים האָט אויך אָן א שטים געעפֿנט זײַן צאָנלאָז מויל, בלויז די באָבע, וואָס האָט א העלפֿט דער־ציילונג ניט דערהערט און גאָרניט פֿאַרשטאַנען איבער איר טײַ־

קײט, האָט װער װײס פֿאַרװאָס געגומענ װײנענ אונ, אױסװױשנדיק די רױטע, אופֿגעלאָפֿענע אױגנ מיט טרערנ, האָט זי ארױסגעשאַמקעט:
— מאַקע אַרײַנגעפֿאַלנ, דער גוטינקער? מאַמע אינ הימל! װאָס האָט מענ אימ געטאָנ?
— װעמענ, באָבעשי?
— אָט דעמ װאַנדערער?
— װאָסער װאַנדערער, באָבעשי?
— איז װעגנ װעמענ האָסטו, טײַבעלע, דערציילט... װעגנ א גאָט־בעטער.
— װעגנ װאָסער גאָט־בעטער?
— איכ, ליבינקער, װײס ניט... איכ הער שלעכט אפֿ די אויערנ, מײַנ טײַערער... איכ דערהער ניט...
דער געשפּרעכ מיט דער באָבענ האָט ארױסגערופֿנ א נײַעמ אױס־ברוכ פֿונ געלעכטער. אקימ דער יינגערער האָט אמאָל פֿינפֿ איבער־געפֿרעגט, אױסװױשנדיק די טרערנ פֿונ געלעכטער:
— װי האָט ער, אָט דער גאַנעװ געשריִענ? „אָט װענ מע האָט מיכ געפּאַקט?“ — נו, יאַט, א מערקװירדיקע פֿרײלעכקײַט האָסטו אונדז דערציילט! — איז ער נאָװ אָנגעטיקט געװאָרנ אונ געפּאַטשט װאַניושקענ איבער דער פּלײצע. אונ יענער האָט זיכ עפּעס אזױ „ע־שװינד אונ אומבאַמערקט איבערגעשלאָגנ אפֿ אנ ערנסטנ שמועס אונ אָפּגעזיפֿצט:
— דאָס איז, פֿאַרשטײט זיכ, א לעבערלעכע געשיכטע, אָבער איצט קומענ פֿאַר אזעלכע זאַכנ, אז ס'איז ניט צומ לאַכנ... הײַנט האָב איכ איבערגעלײענט א צײַטונג אונ דאָס האַרצ האָט געגומענ נאָגנ...
— געגומענ נאָגנ? — האָט װאַרטנדיק אפֿ א נײַער פֿרײלעכער דערציילונג, איבערגעפֿרעגט אקימ.
— יאָ. אונ נאָגנ האָט דאָס האַרצ געגומענ דערפֿאַר, װאָס אינ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער איזדיעקװעט מענ זיכ װי כײַעס איבערנ מענטשנ אונ מע פּײַניקט אימ. אזא באַשרײַבונג האָב איכ איבערגעלײענט: אינ רומעניע האָבנ צװײ קאָמיוגיסטנ געעפֿנט בא די פּויערימ די אויגנ, גנואָגט, אז מע דאַרפֿ די ערד בא די פּריצימ אָפּ־געמענ אונ זי צעטײלנ צװישנ זיכ. אינ רומעניע לעבנ די ערד־ארבעטער זײער אָרעמ.
— אָרעמ לעבנ זײ טאַקע, איכ װײס, כ'האָב אלײנ געזענ, װענ

איך בין געווען מיטן פאָלק אין 17־טן יאָר אפן רומענישן פראָנט, — האָט אקימ באשטעטיקט.

— איז אָט האָבן זיי געפירט אן אגיטאציע פאר אראָפּוואַרפן דעם קאפּיטאליזם און איינאָרדענען אין רומעניע ראטנמאכט. אָבער עס האָבן זיי געכאפּט די ווילדע זשאנדארמען, איינעם האָבן זיי דער־האַרגעט אויפן טויט, און דעם צווייטן האָבן זיי גענומען פּייניקן. מע האָט אים אויסגעשטאָכן די אויגן און ארויסגעריסן פונעם קאָפּ אלע האָר. דערנאָך האָבן זיי אָנגעבערענט ביז רויט א דינע אייזנדרל און אָנגעהויבן מיט אים ברענען אונטער די נעגל...

— פאר־שאָל־טענע! — האָט אויסגעשריִען אקימס ווײַב און א פּאטש געטאָן מיט די הענט — אונטער די נעגל?

— אונטער די נעגל... זיי פרעגן: „זאָג, ווער נאָך איז בא אײַך אין קעמערל? און זאָג זיך אָפּ פון קאָמיונג".

— „איך וועל אײַך ניט זאָגן, וואמפּירן, און איך וועל זיך ניט אָפּזאָגן".—ענטפערט פעסט דער קאָמיוניסט. די זשאנדארמען האָבן אים דאן גענומען שנײַדן מיט די שווערדן די אויערן, די נאָז האָבן זיי אָפּגעשניטן. „וועסט זאָגן?", — „ניין" — זאָגט ער, — איך וועל שטארבן פון אײַער בלוטיקער האנט, און וועל ניט זאָגן! זאָל לעבן דער קאָמוניזם!" דערמלט האָבן זיי אים פאר די הענט אונטערגעהאנ־גען אונטערן באלקן און אונטן צעלייגט א פײַער...

— אָט, פארשאָלטענע זאָלן זיי ווערן, וואָסערע הויט־שינדער עס ווײַנען פאראן! ס'איז דאָך אן אומגליק! — איז אופגערעגט געוואָרן אקימ דער יינגערער.

— ...מע ברענט אים מיט פײַער, און ער ווײַנט נאָר מיט בלוטיקע טרערן, אָבער קיינעם פון זײַנע כאווערים־קאָמיוניסטן גיט ער ניט ארויס און זאָגט נאָר איין זאך: „זאָל לעבן די פּראָלעטארישע רעוואָלוציע און דער קאָמוניזם!"

— ער איז טאקע א בראווער יאט, וואָס ער האָט זײַנע כאווערים ניט ארויסגעגעבן! אזוי דארף זײַן! שטארב ערלעך, און די כאווערים ארויסגעבן טאָרסטו ניט! סאיז געזאָגט אין די שריפטן, אז „פאר דײַן פרײַנט זאָלסטו דאָס לעבן אָפּגעבן"... — דער אלטער אקימ האָט צוגעקלאפּט מיטן פויסט און אונטערגעטריבן דעם דערציילער — נו, נו, ווײַטער וואָס?

— ... פּײַניקן זיי אים מיט פארשיידענע מיטלען, און ער שווײַגט. און אזוי פון אינדערפרי ביזן אָוונט. אז ער פארלירט דעם זיקאָרן,

גיסנ אימ אָפּ די זשאַנדאַרמענ מיט וואַסער אונ נעמענ זיכ ווי־ער פאַר דער ארבעט. אָבער זיי זעענ, אז זיי וועלנ זיכ בא אימ גאָרנישט ניט דערשלאָגנ, זײַנענ זיי דאַנ אַוועק אונ אַרעסטירט זײַנ מאַמענ אונ זי געבראַכט אינ זייער אָבּראַנקע. „זע — זאָגנ זיי צו איר, — ווי מיר וועלנ דײַנ זונ באַארבעטנ אונ׳ זאָג אימ, ער זאָל זיכ אונטער־געבנ, אַניט וועלנ מיר אימ דערהאַרגענענ אונ זײַנ פלייש וועלנ מיר אַרויסוואַרפנ פאַר די הינט!״ איז זײַנ מאַמע געפאַלנ אינ כאַלאָשעס, אונ ווענ זי איז געקומענ צו זיכ, האָט זי זיכ א וואָרפ געטאָנ צו איר קינד, זי נעמט אימ ארומ, קושט זײַנע פאַרבלוטיקטע הענט... — דער בלאַס געוואָרענער וואַניושקע איז אַנשוויגנ געוואָרנ אונ באַקוקט די צוהערער מיט ברייט צעעפנטע אויגנ: בא די מיידלעכ זײַנענ געווענ צעעפנט די מײַלער אונ די אויגנ זײַנענ אָנגעקוואָלנ מיט טרערנ. אקימס ווײַב האָט געשנײַצט די נאָז אינ פאָרהענגל אונ געפליסטערט צווישנ אירע יאָכצענישנ: „ווי איז איר נעבעכ געווענ... דער מאַמענ... אפּ איר קינד... גאָטעניו!...״ אקימ דער יינגערער האָט זיכ פלוצעמ אָפּגעהוסט אונ, כאַפּנדיק דעמ קיסעט, האָט ער אײַליק גענומענ דרייענ א ציגאַרל; בלויז נאַגולנאָוו, זיצנדיק אפנ קופערט, איז אויסערלעכ געווענ רויִק, אָבער אויכ בא אימ האָט בײַמ דער פאַוזע פאַרדעכטיק גענומענ צופנ די באַק אונ דאָס מויל פאַרדרייט אָנ א זײַט...

— „...זונעלע מײַנ טײַערס! צוליב מיר — דײַנ מאַמענ — גיב זיכ אונטער די מערדער!״ — זאָגט אימ די מאַמע, אָבער ער האָט דערהערט איר שטימ אונ ענטפערט איר: „ניינ, ליבע מאַמע, איכ וועל ניט אַרויסגעבנ מײַנע כאַווײרימ, איכ וועל שטאַרבנ פאַר דער אידיי, אונ דו קוש מיכ בעסער פאַר מײַנ שטאַרבנ, וועט מיר דעמלט גרינגער זײַנ אויפצונעמענ דעמ טויט...״

וואַניושקע האָט מיט א ציטערדיקער שטימ פאַרענדיקט זײַנ דערציילונג, ווי עס איז געשטאָרבנ דער רומענישער קאָמיוניסט, וואָס די זשאַנדאַרמענ — די הענקער האָבנ אימ פאַרפײַניקט. אפּ א מינוט איז געוואָרנ שטיל, אונ דערנאָכ האָט די פאַרווײַנטע באַלעבאָסטע גע־פרעגט:

— וויפל יאָר איז ער, דער געפײַניקטער, אַלט געווענ?

— זיבעצנ, — האָט ניט געטראַכט וואַניושקע געענטפערט אינ באַלד טאַקע אָנגעטאָנ זײַנ געקעסטלטע קעפּקע. — יאָ, ס׳איז גע־שטאָרבנ א העלד פונעמ אַרבעטער־קלאַס — אונדזער טײַערער כאַווער דער רומענישער קאָמיוניסט... ער איז געשטאָרבנ פאַר דעמ, די אַר־

בעטנדיקע זאָלנ בעסער לעבנ. אונדזער זאַכ איז העלפנ זיי אַראָפּוואַרפנ דעמ קאַפּיטאַליזמ, אײַנשטעלנ די אַרבעטער־פּויערישע מאַכט, און צוליב דעמ דאַרפ מענ בויענ קאָלווירטנ און פאַרפעסטיקנ די קאָלווירטישע ווירטשאַפט. אָבער מיר האָבנ נאָכ אַזעלכע ערדאַרבעטער, וואָס איבער זייער אומבאַוווסטזיניקײַט העלפנ זיי אַזעלכע זשאַנדאַרמענ און זיי שטערנ דער קאָלווירטישער בויונג, — זיי גיבנ ניט אָפּ די זריע־טוווע... נו, אַ דאַנק, באַלעבאַטימ, פאַרנ אָנבײַסנ, און איצט וועגנ דעמ, נאָכ וואָס מיר זײַנענ צו אײַכ געקומענ: איר דאַרפט באַלד אָפּפירנ די זריע־טוווע. אַפ אײַער הויפ קומט אויס אָנצושיטנ פונקט איינ און זיבעציק פוד. נו, באַלעבאָס, פיר אָפּ!

— ווער ווייס... ס'איז גאָר קימאַט קיינ טוווע שוינ ניטאָ... — האָט ניט אַנטשלאָסנ געהאַט אָנגעהויבנ אַקימ דער יינגערער, וואָס איז געווענ איבעראַשט פונ אַזאַ אומדערוואַרטנ אָנגריפ, אָבער זײַנ ווײַב האָט אַפ אימ אַ קוק געטאָנ מיט אַ בייזנ קוק און שאַרפ איבערגעשלאָגנ.

— ניטאָ וואָס זיכ צו דרייענ! גיי, שיט אָנ די זעק און פיר אָפּ!

— ניטאָ קיינ זיבעציק פוד... דערצו איז עס ניט קיינ דורכגעווייעטע... — האָט אַקימ שוואַכ זיכ אַנטקעגנגעשטעלט.

— פיר אָפּ, אַקימושקע. מע דאַרפ, הייסט עס, אָפּגעבנ, ניטאָ וואָס זיכ אַנטקעגנשטעלנ, — האָט דער עלטער אַקימ געשטיצט זײַנ שנור.

— מיר זײַנענ מענטשנ פאַשעטע, מירנ העלפנ, מירנ אָפּוויענ, — האָט זיכ וואַניושקע גערנ אַרויסגערופנ, — און אַ ווייעלקע האָט איר?

— פאַראַנ... יאַ ביסל קאַליע...

— גרויסער אומגליק! מירנ פאַריכטנ! גיכער, גיכער, באַלעבאָס! ווײַל מיר האָבנ זיכ דאָ בײַ אײַכ אַזוי אויכ פאַררעדט...

אינ יאַ האַלבער שאָ אַרומ האָט אַקימ דער יינגערער געפירט פונעמ קאָלווירט־הויפ צוויי אָקסנ־פורנ, און וואַניושקע, מיט אַ פאַנעמ, באַדעקט מיט קליינע פערעלעכ שניי, ווי שפּרענקעלעכ, האָט געשלעפּט פונעמ מעקענע־שפּײַכלער אַפנ גאַנעק זעק מיט געווייעטנ ווייץ, אַ האַרטקערנערדיקנ און יאָדערדיקנ מיט אַ רויטלעכנ גאָלדענעמ אָפּגלאַנצ.

— וואָס־זשע האָט איר דאָס ברויט אינ פּאָלאָווע־שטאַל געהאַלטנ? אַ שפּײַכלער האָט איר אַ גרויסנ, און דאָס ברויט איז אַזוי אומווירטשאַפטלעכ געלעגנ? — האָט ער געפרעגט בײַ איינעמ פונ אַקימס מיידלעכ, ביטרע אונטערווינקענדיק.

— דאָס האָט דער טאטינקע אויסגעטראכט... — האָט זי פאר־
שעמט געענטפערט.

נאָכ דעמ, ווי בעסכליעבאָוו האָט אָפגעפירט זײַנע זיבנ אונ זיבע־
ציק פוד צומ געזעלשאפטלעכנ שפײַכלער, אונ וואניושקע מיט נאגול־
נאָוונ האָבנ זיכ געזעגנט מיט די באלעבאטימ אונ זײַנענ אוועק אינ
צווייטנ הויפ, האָט נאגולנאָוו מיט פרייִדיקער רעגונג, קוקנדיק אפ וואַ־
ניושקעס פארמאטערט געזיכט, א פרעג געטאָנ:

— ווענג דעמ קאָמיוגיסט האָסטו עס אויסגעטראכט?

— ניינ, — האָט יענער צעטראָגנ געענטפערט, — איכ האָב אמאָל
דאָס געלייענט ווענג אזא צופאל אינ מאָפר־זשורנאל.

— אונ הו האָסט געזאָגט, אז דו האָסט הײַנט געלייענט...

— איז דענ גיט אלציינס? דאָ איז דער איקער, וואָס אזא צופאל
איז געווענ, אָט יואָס עס פארהריסט, כאווער נאגולנאָוו!

— נו, אונ דו... דו עפעס האָסט פונ זיכ צוגעגעבנ צו דער מײַסע
צוליב מיטלײַד? — האָט נאגולנאָוו אויסגעפרעגט.

— דאָס איז דאָכ ניט וויכטיק! — האָט וואניושקע מיט פאר־
דראָס זיכ אָפגעשאָקלט. ער האָט פונ קעלט זיכ אײַנגעהויקערט, פאר־
שפיליעט די לעדערנע קורטקע אונ ארויסגערעדט: — וויכטיק איז, אז
מענטשנ זאָלנ דערפילנ פײַנטשאפט צו די הענקער אונ צו דער קאפי־
טאליסטישער אָרדענונג, אונ צו אונדזערע קעמפער — מיטגעפיל:
וויכטיק איז, מע זאָל זריע אָפפירנ, אונ דאָס איבעריקע איז נאריש־
קײַטנ... איכ האָב טאקע קימאט גארנישט ניט צוגעגעבנ אויכ. אָבער
דאָס געקעכצ איז בײַ דער באלעבאָסטע געווענ געשמאק, א מעכײַע!
אומזיסט האָסטו, כאווער נאגולנאָוו, זיכ אָפגעזאָגט!

## קאפיטל 26

דעמ צענטנ מארט אינאָוונט איז אפ גרעמיאטשי לאָג געפאלנ א
נעפל. ביז אינדערפרי האָט פונ די דעכער גערינזלט דאָס צעגאנגענע
וואסער. פונ דארעמ, פונעמ סטעפ־בערגל, איז אָנגעלאָפנ א ווארעמער,
נאסער ווינט. די ערשטע נאכט, וואָס האָט אויפגענומענ דעמ פרילינג,
האָט זיכ אראָפגעלאָזט איבער גרעמיאטשי, אײַנגעהילט אינ שווארצנ
זײַדנס פונ די אופגעשווומענע גערפלענ, אינ שטילקײַט, באהויכט מיט
פרילינג־ווינטנ. שפעט אינדערפרי האָבנ זיכ די ראָזגעוואָרענע נעפ־
לענ אופגעהויבנ אונ אנטפלעקט דעמ הימל אונ די זונ. פונ דארעמ

האָט זיכ שוינ ווי א מעכטיקע כוואַליע א ריס געטאָנ דער ווינט, אנ
אָנגעזאַפּטער מיט פײַכטקײַט. ראַש אונ מיט גערויש האָט זיכ אָפּגע-
זעצט דער גרויס-גרײַפּלדיקער שניי. עס זײַנענ גרוי געוואָרנ די דעכער,
מיט שוואַרצע לעכער האָט זיכ באַדעקט די ערד, אונ צו מיטיק האָט
ווילד אויפגעזאָדנ איבער די מאָלנ אונ שפּאַלטנ דאָס טרערנ=ליכטיקע
באַרג-וואַסער אונ מיט אָנצאָליקע שטראָמענ זיכ א לאָז געטאָנ אינ די
טיפענישנ, צו די לעוואַדעס, אינ די סעדער, באַוואַשנ די ביטער=
וואָרצלענ פונעמ ווינשל-בוימ, פאַרטרינקענדיק דעמ טײַכ=אָטשערעט.

אינ א טאָג דרײַ ארומ האָבנ זיכ שוינ די בערגלעכ אָפּגעדעקט
אונ צוטריטלעכ געוואָרנ פאַר אַלע וועגנ. דורכגעוואַשנ ביז ערד, האָבנ
די בערג-זײַטנ א לויכט געטאָנ מיט פײַכטנ ליימ. דאָס באַרג-וואַסער
איז מוטנע געוואָרנ אונ אויפ די אויפזידנדיקע, געקרײַזלטע כוואַליעס
האָבנ זיכ געטראָגנ געלע היטלענ פונ אויפגעבראָזטנ שוימ, אויסגע=
שווענקטע ברויט-וואָרצלענ, טרוקענע שטרויעלעכ פונ די אקער=ערדנ
אונ קוסטיקעס, אָפּגעשניטענע מיטנ וואַסער.

אינ גרעמיאַטשי לאָג איז ארויס פונ די ברעגנ דאָס טײַכל. פונ
ערגעץ פונ אויבנ אַראָפּ זײַנענ געשווומענ אויסגעצערטע פונ דער זונ
בלויע קריעס אײַז. אויפ די קער=פונקטנ פלעגנ זיי זיכ ארויסשלאָגנ פונ-
נעמ שטראָמ, זיכ דרייענ אונ רײַבנ, ווי קאָלאָסאַלע פיש אינ א נעצ.
אָפּטמאָל פלעגט זיי דער שטראָמ ארויסטראָגנ אויפנ הויכנ ברעג, אונ
אמאָל פלעגט א קריע, געשלעפּט פונ א זײַטיקנ טײַכ-שטראָמ, פאַר-
טראָגנ ווערנ אינ די סעדער, שווימענ צווישנ די ביימער אונ מיט א
גרילצ אַרופקריכנ אויפ די שטאַמענ, ברעכנ דעמ יונגוואַלד, פאַרוווּנדנ
די עפּלביימער אונ בייגנ דעמ געדיכטנ אָנוווּקס פונעמ ווינשלבוימ.

הינטערנ כוטער האָט רופנדיק זיכ געשוואַרצט דער פריר=אקער,
באַפרײַט פונעמ שניי. די איבערגעקערטע פלאַכטנ פונ דער געדיכט-
שוואַרצער ערד האָבנ זיכ געדעמפּט אויפ דער זונ. א דערהויבענע שטיל-
קײַט איז געשטאַנענ אינ די מיטיק-שאָענ איבערנ סטעפּ. איבער די
פעלדער — די זונ, דער מילכווײַסער דאַמפּ, דער רעגנדיקער טריל פונ
דער פריער לאַרכע אונ דער רופנדיקער געשריי פונ דער בושעלנ-
סטאַניצע, וואָס שנײַדט זיכ אַרײַנ מיטנ פאָרנט פונעמ אויסגעבויטנ
דרײַעק אינ דער געדיכטער בלויקײַט פונעמ אָפּגערייניקטנ הימל. אי-
בער די קורגאַנעס, געבוירנ פונ דער וואַרעמקײַט, ציטערט אונ
שטראָמט די גרינגע שײַנ, דאָס שאַרפע גרינע צינגל פונעמ גראָז=
בלעטל, וואָס שטויסט ארויס דאָס פּאַראַיאָריקע אָפּגעלעבטע שטענגל

און שטרעבט צו דער זונ. דאָס ווינטער־קאָרנ, אויסגעטריקנט מיטנ ווינט, הייבט זיכ, ווי אפ די שפּיצ וואָרצעלעכ, און ציט אויס זײַנע בלעטלעכ אנטקעגנ די ליכט־שטראַלנ. אָבער נאָכ ווייניק לעבנ איז אינ סטעפּ. עס האָבנ זיכ נאָכ ניט אופגעכאַפּט פונעם ווינטער־שלאָפ די מוילוורפנ און פעלד־מײַז. אינ די וועלדער און לעכער האָבנ זיכ די כײַעס באַהאַלטנ; זעלטנ נאָר לויפט דורכ בוריאַנ א פעלד־מויז און עס פליִענ אריבער איבערנ ווינטער־פאַרזיי פאָרלעכ קוראָפּאַטקעס.

אינ גרעמיאַטשי לאָג איז צום 15־טנ מאַרט פולקומ געווענ צונויפגעזאַמלט דער זריִע־פאָנד. די אינדיווידועלנ האָבנ צונויפגעשאָטנ זייער זריִע אינ א באַזונדערנ שפּײַכלער, וואָס זײַנ שליסל איז געלעגנ אינ דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג. די קאָלווירטניקעס האָבנ ביז אויבנ אָנגעשאָטנ זעקס פאַרגעזעלשאַפטלעכטע שפּײַכלערס. די קערנער האָט מענ גערייניקט מיטנ טריִער אויכ באַנאַכט באַם שײַנ פונ דרײַ לאַמטערנעס. אינ איפּאָליט שאַליס שמידערײַ האָט ביז פינצטער געאָטעמט דער ברייטער נאָרגל פונעם בלאָזזאַק, פונ אונטערנ האַמער האָבנ זיכ געזייט גאָלדענע פײַער־קערנער, מיט געזאַנג האָט געקלונגענ די קאָוואַדלע. שאַלי האָט זיכ אונטערגעגאַרטלט און צום 15־טנ מאַרט אָפּגערעמאָנטירט אלע באָראָנעס, בוקערס, אקערס, זייעלקעס און פלוגנ, וואָס מע האָט געהאַט צו פאַריכטנ. אינ דעמ 16־טנ מאַרט אינאָוונט האָט דאַווידאָוו, אינ דער שול, באַ א גרויסנ אוילעמ קאָלווירטניקעס, אימ פרעמירט מיט די אינסטרומענטנ, וואָס ער האָט געבראַכט פונ לענינגראַד. דאַווידאָוו האָט געהאַלטנ אזא רעדע:

— אונדזער טײַערנ שמיד, דעמ כאַווער איפּאָליט סידאָראָוויטש שאַלי, פאַר זײַנ ווירקלעכ שלאָגלערישער אַרבעט, לויט וועלכער עס דאַרפנ זיכ גלײַכנ אלע איבעריקע קאָלווירטניקעס, טראָגנ מיר, — די קאָלווירט־פאַרוואַלטונג, — אונטער דעמ דאָזיקנ אינסטרומענט.

דאַווידאָוו איז געווענ לעקאָוועד דער פײַערלעכער פרעמירונג פונעם שמיד־שלאָגלער פריש אָפּגעגאָלט, אינ א ריינ אויסגעוואַשענעמ לײַבל. ער האָט גענומענ פונ טיש די אינסטרומענטנ, וואָס זײַנענ געווענ פאַנאַנדערגעלייגט אפנ רויטנ לײַוונט, און אַנדריי ראַזמיאָטנאָוו האָט ארויסגעשטופּט אפ דער סצענע דעמ רויט־געוואָרענעמ איפּאָליט.

— כאַווער שאַלי האָט צו הײַנטיקנ טאָג אפ הונדערט פּראָצענט פאַרענדיקט דעמ רעמאָנט, א פאַקט, בירגער! סאַכאַקל האָט ער אָנגעטאָנ לעמעכעס — 54, געבראַכט אינ שלאַכט־גרייטקײַט 12 פאַרשיינרייִקע זייעלקעס, 14 בוקערס און אנדערע, א פאַקט! באַקומ, טײַע־

דער כאווער, אונדזער ברידערלעכע מאטאָנע אלס באלוינונג פאר דיר, אינ דו זאָלסט, כאפט דיך דער וואטנמאכער, אויך אפ ווײַטער אזוי שלאָגלעריש ארבעטנ, איז דער גאנצער אינווענטאר אינ אונדזער קאָלווירט זאָל שטענדיק זײַנ, ווי עס דארפ צו זײַנ, א פאקט! אונ איר, אַלע איבעריקע בירער, דארפט אויך אזוי שלאָגלעריש ארבעטנ אינ פעלד; נאָר דעמלט וועלנ מיר בארעכטיקנ דעמ נאָמענ פונ אונדזער קאָלווירט, אנדערש שטייט אונדז פאָר שאנד אונ ביזויענ פאר די אייגנ פונעמ גאנצנ ראטנפארבאנד, א פאקט!

בא די דאָזיקע ווערטער האָט דאווידאָוו אײַנגעוויקלט אינ א דרײַמעטערדיק שטיקל רויטנ סאטינ די פרעמיע אונ דערלאנגט זי שאלינ. אויסדריקנ באגײַסטיקונג מיט אפּלאָדיסמענטנ האָבנ זיך נאָך די גרעמיאטשער ניט אויסגעלערנט, אָבער ווענ שאלי האָט מיט ציטערדיקע הענט גענומענ דאָס רויטע פעקל, איז געוואָרנ א געטומל אינ דער שול:

— עס קומט אים! שטארק געארבעט!

— פונ גאָרנישט געמאכט ווידער גוט.

— אי׳א סטרומענט באקומענ או פארנ ווײַב סאטינ אפ א קליידל!

— איפּאָליט, מאגאריטש פונ דיר, שווארצער בוהײַ!

— האָצקענ אים!

— הער אופ, צעדרייטער! ער האָט זיך אזוי אויך בא דער קאָווארלע אנגעהאָצקעט!

ווײַטער זײַנענ די אויסגעשרייענ אריבער אינ איינ צונויפגעגאָסענעמ גערויש, אָבער דער אלטער שטשוקאר האָט זיך פאָרט געקליגט דורכצובויערנ דעמ גערויש מיט זײַנ ווײַבעריש גרילצנדיקער שטימ:

— וואָס־זשע שטייסטו אונ שווײַגסט? רייד! ענטפער אָפּ! אָט געבוירנ א מענטשנ פונ טאטע־מאמע — פונ קלאָץ אונ פלאָקנ.

מע האָט שטשוקארנ אונטערגעהאלטנ אונ ערנסט אונ מיט א שפאס אויסגעשריענ:

— זאָל פאר אים דער שווײַגער האלטנ א רעדע!

— איפּאָליט! רייד גיכער, אניט וועסטו אנידערפאלנ!

— זעט נאָר, בא אים טרייסלט זיך אפאנעמעס דער פופיק!

— פונ פרייד האָט ער די צונג אראָפּגעשלונגענ!

— דאָס איז דיר ניט קלאפנ מיטנ האמער!..

אָבער אנדריי ראזמיאָטנאָוו, וואָס האָט ליב געהאט אלערליי פײַערלעכקײַטנ אונ דאָס מאָל געפירט די צערעמאָניע פונ פרעמירנ, האָט אײַנגעשטילט דעמ געטומל אונ בארויקט די אופגערעגטע פארזאמלונג:

— ווערט כאָטש א ביסל אָפּגעקילט! נו, וואָס ווידער זיך צע־שריִענ? פרילינג דערפילט? פּאַטשט קולטורנע מיט די הענט, אָבער שרײַענ דאַרפ מענ ניט! שאַט, זײַט אַזוי גוט און לאָזט א מענטשנ צו אַנטשפּרעכנ מיט ווערטער! — זיך אויסגעדרייט צו איפּאָליטנ און אומבאַמערקט אימ א שטויס געטאָנ מיטנ פויסט אינ זײַט, אַרײַנ־געהוימט: — נעמ אָנ מער לופט אינ די ברוסטנ און רייד. איך בעט דיך, סידאָראָוויטש, רייד לענגער, ווי די געלערנטע רייד... דו ביסט איצט בײַ אונדז דער העלד פונ דער גאַנצער פײַערדיקײַט און האַיפּסט א רעדע האַלטנ מיט אַלע קלאָלימ, א ברייטערע...

איפּאָליט שאַלי, ניט קיינ געבאַלעוועטער מיט אויפמערקזאַמקײַט, א מענטש, וואָס האָט קיינמאָל אינ לעבנ ניט געהאַלטנ קיינ „ברייטע“ רעדעס, א שמיד, וואָס פלעגט פונ די כוטעריאַנער באַקומענ פאַר דער אַרבעט בלויז מאָגערע בראָנפנ־מאַהאַריטשנ, איז מיט דער מאַטאָ־נע פונ דער פאַרוואַלטונג און פונ דער פײַערלעכקײַט פונ באַקומענ זי ענערגילטיק געווענ אַרויסגעשלאָגנ פונעמ צושטאַנד פונ שטענדיקנ גלײַכגעוויכט. בײַ אימ האָבנ געציטערט די הענט, וואָס האָבנ פעסטנ געהאַלטנ צוגעדריקט צומ האַרצנ דאָס רויטע פּעקל, עס האָבנ געציטערט די פיס, וואָס פלעגנ שטענדיק אַזוי זיכער און פעסט שטײנ אינ דער שמידערײַ... ניט אַרויסלאָזנדיק פונ די הענט דאָס פּעקל, האָט ער מיטנ אַרבל אויסגעווישט א טרער און דאָס פּאָנעמ, וואָס איז לעקאָ־וועד דער אומגעוויינלעכער געשעעניש געווענ ביז רויט אויסגעוואַשנ, און געזאָגט מיט א הייזעריקער שטימ:

— דעמ אינסטרומענט האָבנ מיר, פאַרשטייט זיך, נייטיק... מיר דאַנקענ... און דער פאַרוואַלטונג פאַר זייערער דאָס־אָ... א דאַנק אינ נאָכאַמאָל א דאַנק!.. און איך... ווי איך בינ שוינ פונ דער קוזניע אנ אָנגעשטעקטער און איך קענ... איז איך וועל שטענדיק, אַזוי ווי איך בינ איצט א קאָלווירטניק, מיטנ פולנ האַרצנ... דער סאַטינ וועט, פאַרשטענדלעך, צוניץ קומענ מײַנ ווײַב... — ער האָט פאַרלאָרנ גע־טאַפּט מיט די אויגנ איבערנ פול געפּאַקטנ קלאַס־צימער, געזוכט דאָס ווײַב און אינ האַרצנ געהאָפט, אַז זי וועט אימ אַרויסהעלפנ, אָבער ער האָט זי ניט דערזענ, אָפּגעזיפצט און פאַרענדיקט זײַנ ניט ברייטע רעדע: — און פאַרנ סטרומענט און סאַטינ... און פאַר אײַער טירכע... אײַך, כאַווער דאַווידאָוו, און דעמ קאָלווירט, א דאַנק!

ראַזמיאָטנאָוו, דערזעענדיק, אַז שאַליס אויפגערעגטע רעדע גייט צומ סאָפ, האָט אומזיסט פאַרצווייפלט געווונקענ צומ פאַרשוויצטנ

שמיד: יענער האָט עס ניט געוואָלט באמערקן און, זיך פארטייענדיק, איז ער אראָפּ פון דער בינע, טראגנדיק דאָס פּעקל אַף די אויסגע-שטרעקטע הענט, ווי א שלאָפנדיק קינד.

נאגולנאָוו האָט געשווינד אראָפּגעריסן פון קאָפּ די פּאפּאכע און א מאך געטאָן מיט דער האנט: דער אָרקעסטער, אין באשטאנד פון צוויי באלאלײַקעס מיט א פידל, האָט גענומען שפּילן דעם „אינטער-נאציאָנאל“.



די בריגאדירן דובצאָוו, ליובישקין, דיאָמקע אושאקאָוו פלעגן יעדן טאָג ארויסרײַטן אין סטעפּ א קוק טאָן, צי איז שוין די ערד ניט גרייט צום אקערן און זייען. דער פרילינג איז געגאנגען איבער די סטעפּעס אינעם הייסן אָטעם פון די ווינטן. פינף טעג זײַנען געשטאנען. די ערשטע בריגאדע האָט זיך שוין געגרייט צו אקערן די גרויזאמדיקע ערד, וואָס זי האָט געהאט אין איר באצירק.

די בריגאדע פון דער אגיטקאלאָנע איז אָפּגערופן געוואָרן אין בוטער וואיסקאָוויץ, אבער וואניושא נײַדיאָנאָוו האָט קאָנטראַסטקא, לויט נאגולנאָווס באפעלן, איבערגעלאָזט אין גרעמיאטשי אַף דער צײַט פונעם פּאַרזיי.

אפן צווייטן טאָג נאָך דעם, ווי מע האָט שאלין פּרעמירט, איז נאגולנאָוו זיך פאנאנדערגעגאנגען מיט לושקען. זי האָט זיך באזעצט בא איר עלטערמומען, וואָס האָט געוווינט אין עק בוטער. צוויי טעג האָט זי זיך ניט באוויזן אין דערנאָך האָט זי זיך איינמאָל באגעגנט מיט דאווידאָוון לעבן דער קאָלווירטפאַרוואַלטונג און אים אָפּגע-שטעלט:

— ווי זאָל איך איצט לעבן, כאווער דאווידאָוו, גיט אן אייצע.

— געפונען וואָס צו פרעגן! אָט רעכנענדיק מיר צו עפּעס א יאסליע, קום אָן אהינצו.

— ניין, א דאנק! קיין אייגענע קינדער האָב איך ניט געהאט. זאָל איך זיך איצט גיין ניאַנטשען מיט פרעמדע? אן אײַנפאל!

— נו, גיי ארבעטן אין בריגאדע.

— איך בין א פרוי ניט קיין ארבעטנדיקע; פון דער ערד-ארבעט הייבט זיך מיר אָן דרייען דער קאָפּ...

— ס'טנענזע, ס'ארא געפּעסטשעטע! קאָנסט ארומגיין שפּאצירן. אָבער קיין ברויט וועסטו ניט באקומען. בא אונדז איז „ווער עס אר-בעט ניט, דער עסט ניט“!

לושקע האָט אָפּגעזיפצט אונ, גראָבנדיק מיטנ שפּיציקנ נעגל פונעמ טשיריק דעמ פײַכטנ זאמד, האָט זי אראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ:

— מײַנ פרײַנט טימאָשע דער גריסענער האָט מיר צוגעשיקט פונ שטאָט קאָטלאס אינ צאָפנ־קאנט א בריוועלע... ער האָפט אינגיכנ צו קומענ.

— נו, דאָס איז נעבעכדיקע טעג! — האָט דאווידאָוו א שמייכל געטאָנ, — אונ אויב ער וועט קומענ, וועלנ מיר אימ ווײַטער אוועקשיקנ.

— הייסט עס, אז ער וועט ניט באַקומענ קיינ באַגנעדיקונג?

— ניינ! ווארט ניט אונ פוסטעפּאסעווע ניט. מע דארפ ארבעטנ, א פאקט! — האָט דאווידאָוו שארפ געענטפערט אונ געוואָלט אוועקגיינ, נאָר לושקע האָט, עטוואָס פארשעמט, אימ אָפּגעהאלטנ. אינ איר שטימ האָבנ געציטערט אָפּלאַביקע אונ ארויסרופערישע נאָטקעס, ווענ זי האָט צעצויגנ געפרעגט:

— עפשער וואָלט איר פאר מיר געפונענ עפּעס א וועלכנ־ניט־איז פארלעגנעמ כאָסנ?

דאווידאָוו האָט בייז צעעפנט דאָס מויל אונ א בורטשע געטאָנ:

— דערמיט פארנעמ איכ זיכ ניט! א גוטנ!

— ווארט א ווײַלע, כ'וועל אײַכ נאָכ עפּעס פרעגנ!

— נו?

— אונ איר וואָלט מיכ ניט גענומענ פאר א ווײַב? — אינ לושקעס שטימ האָט זיכ געהערט אנ אָפענער ארויסרופ אונ אָפּלאכונג.

דאָ האָט זיכ שוינ דאווידאָוו פארלאָרנ. ער איז רויט געוואָרנ ביז די האָר־וואָרצלענ אונ שטומ א שאָקל געטאָנ מיט די ליפּנ.

— גיט א קוק אפ מיר, כאווער דאווידאָוו, — האָט לושקע פאָרגעזעצט מיט געמאכטער אונטערטעניקײַט, — איכ בינ א פרוי א שיינע, צו ליבע טויג איכ זייער שטארק... גיט א קוק: אי די אויגנ זײַנענ בא מיר גוטע אי די ברעמענ אי די פיס אונטער מיר, נו, אונ אלע אנדערע זאכנ... — מיט די שפּיץ פינגער האָט זי עטוואָס אויפגעהויבנ דעמ ברעג פונעמ גרינ־וואָלענעמ קליידל אונ, מיט די הענט אינ די זײַטנ, האָט זי זיכ געדרייט פארנ צעטומלטנ דאווידאָוונ: — וואָס, שלעכט? איז זאָגט עס אפנ...

דאווידאָוו האָט מיט א זשעסט פונ פארצווייפלונג אראָפּגערוקט דאָס היטל אפ הינטנ אונ געענטפערט:

— א ווײַבל ביסטו א ברענ, ניטאָ וואָס צו ריידנ. אויב די פיס

זײַנענ בײַ דיר שײנע, נאָר אָט... ניט אַהינ גײסטו מיט די דאָזיקע פֿיס, וווהינ מע דאַרפֿ, אָט דאָס איז אַ פֿאַקט!

— דאָס, זעסטו, איז וווהינ איכ וויל, אַהינ גײ איכ! הײסט עס, אַז אויפֿ אײַכ האָב איכ ניט וואָס צו האָפֿנ?

— בעסער האָפֿ שוינ ניט.

— מײנט ניט, אַז איכ גײ אויס פֿאַר אײַכ, אָדער איכ וויל זיכ אײַנאָרדענענ בײַ אײַכ. מיר איז פּאַשעט אַ ראַכמאָנעס אויפֿ אײַכ, איכ טראַכט זיכ: „עס לעבט אַ יונגערמאַנ, ניט קײנ באַוויבטער, אַ באַ־בער, אונ מיט ווײַבער אינטערעסירט ער זיכ ניט...” איז מיר אַ ראַכ־מאָנעס, ווענ איר קוקט אויפֿ מיר אונ בײַ אײַכ אינ די אויגנ איז — הונגער...

— הו, דער טײַוול ווײס דיכ... נו, אַ גוטנ! איכ האָב קײנ צײַט ניט מיט דיר — אונ מיט שפּאַס צוגעגעבנ: — אָט אַז מיר וועלנ פֿאַרזײַענ, דערמלט פּלי אָנ אויפֿנ געוועזענעמ מאַטראָס, זאָלסט אָבער בײַ מאַקאַרנ נעמענ אַ דערלויבעניש, יאָ פֿאַקט!

לושקע האָט זיכ פֿאַנאַנדערגעלאַכט אונ געזאָגט:

— מאַקאַר האָט זיכ פֿונ מיר אָפּגעצאַמט מיט דער וועלט־רעוואָ־לוציע, אונ איר — מיטנ פֿאַרזײַ. נײנ, הערט אויפֿ! פֿאַר מיר זײַט איר אַזעלכע, ווי איר זײַט, ניט נײטיק! איכ דאַרפֿ הײסע ליבע, אונ דאָס, וואָס איז?.. בײַ אײַכ זײַנענ די בלוטנ פֿאַרזשאַווערט פֿונ די אינײאָ־נימ אונ פֿונ שלעכטע צײַנער ווערט הויט אונ בײנער.

דאַווידאָוו איז געשטאַנענ אינ דער פֿאַרוואַלטונג אונ פֿאַרלאָרנ גע־שמײכלט. אַ טראַכט געטאָנ: „מע דאַרפֿ זי ווי־ניט־איז אײַנאָרדענענ אויפֿ אַרבעט, אַניט וועט דאָס ווײַבעלע אַראָפּ פֿונעמ גלײַכנ וועג. אונ דערנאָכ האָט ער אינ געדאַנק אַ מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט: „ע, אַ מיטנ מיטוואָכ אויסגעפּוצט אונ אַזעלכע ריידעלעכ...” — אָבער כאָפּט זי דער וואַטנמאַכער! אַליינ ניט קײנ קלײנינקע, דאַרפֿ זי פֿאַרשטײנ. וואָס בינ איכ, איגרעמענ, — אַ בורזשוייסקע פֿילאַנ־טראָפּישע דאַמע, צי וואָס? פֿאָרגעליגט אַרבעטנ — וויל זי ניט, נו, איז זאָל זי אַרומשליאָנדערנ!”.

בײַ נאָכפּאָלנ האָט ער קורצ געפֿרעגט:

— זיכ פֿאַנאַנדערגעגאַנגענ?

— געמסט מיכ אויפֿנ פֿאַרהער! — האָט מאַקאַר אַ בורטשע גע־טאָנ, קוקנדיק מיט איבערגעטריבענער אויפֿמערקזאַמקײַט אויפֿ די נעגל פֿונ זײַנע לאַנגע פֿינגער.

— גלאט אזוי...

— נו, איז איכ אויכ גלאט אזוי!

— כאפט דיכ דער טייוול! מע טאר שוינ ניט פרעגנ, א פאקט!

— די ערשטע בריגאדע וואלט שוינ געדארפט ארויספארנ, אונ זיי טראכטנ אויס נעכטיקע טעג.

— דו וואלסט געדארפט לאקעריענ ארופירנ אפנ וועג, 'איצט וועט זי פארטײַסנ דעמ עק אונ אוועק!

— וואס בינ איכ איר, א גאלעכ, אדער וואס? טשעפע זיכ אפ! איכ רייד וועגנ דער ערשטער בריגאדע, אז מארגנ מוז זי...

— די ערשטע וועט מארגנ ארויספארנ. 'אונ דו 'מיינסט, אז ס'איז אזוי פשוט — זיכ פאנאנדערגעגאנגענ אונ א כאפ? פארוואס האַ־סטו די פרוי ניט דערצויגנ אינ קאמוניסטישנ גייסט? אנ אומגליק מיט דיר, א פאקט!

— מארגנ וועל 'איכ אלייג ארויספארנ אינ פעלד מיט דער ערש־טער בריגאדע... וואס ביסטו צו מיר צוגעשטאנענ, ווי א שטעכלקע? „דערציענ, דערציענ!" ווי 'אזוי וואלט 'איכ זי ,צום טייוול, דערצויגנ, אז איכ אליינ בינ ניט קיינ דערצויגענער? נו, זיכ פאנאנדערגעגאנ־גענ, וואס נאכ? דו עסט זיכ 'אײַנ ווי א לישײַ!.. דא מיט אט דעמ באטיקנ, שטעלנ זאל מענ אימ באנקעס! איכ בינ אליינ ניט בא זיכ, אונ דו קומסט נאכ צו מיר וועגנ מײַנ פארגעוועזענער ווײַב.

דאווידאוו האט געוואלט אפענטפערנ, אבער אפנ הויפ פונ דער פארוואלטונג האט זיכ דערהערט די סירענע פונ אנ אויטאמאביל. אונטערטאנצנדיק, שעפנדיק מיטנ פליגל דאס צעגאנגענע וואסער פונ דער לוזשע, איז ארײַנגעפארנ דאס פארדל פונעמ רײַוויספירקאמ. פונ צעעפנטנ טירל איז ארויס דער פארזיצער פונ דער ראַיאָנער קאנט־ראל־קאמיסיע סאמאכינ...

— דאס איז וועגנ מײַנ איניענ... — האט זיכ נאגולנאוו פאר־קרימט אונ בייז א קוק געטאנ אפ דאווידאוונ. — זע נאר, האסט אימ ניט ארײַנ מיט מײַנ ווײַב, וועסט מיכ נאכ ארײַנברענגענ אינ מאנא־סטיר! יער, אט דער סאמאכינ, ווייסט וואס פאר א מענטש ער איז? — פארוואס זיכ פאנאנדערגעגאנגענ אינ איבער וואס פאר א צופאל?" ווענ א קאמוניסט גייט זיכ פאנאנדער מיט זײַנ ווײַב, איז פאר אימ, ווי מיט א שארפ מעסער. עפעס א גאלעכ איז ער, ניט קיינ ר.ק.אי, איכ קאנ אימ ניט אנקוקנ דעמ טייוול מיטנ גרויסנ שמעדנ! אט, דער באַ־ניק! דערהארגענענ דעמ שלאנג אונ...

סאָמאָכינ איז אריינ אינ צימער, ניט ארויסלאָזנדיק פונ די הענט דעמ ברעזענט־פּאָרטפעל, ניט באַגריסנדיק זיכ, האָט ער האַלב אינ שפּאס אַ זאָג געטאָנ:

— נו, נאגולנאָוו, אָנגעמאכט צאָרעס? אינ איכ מוז פאָרנ איבער דיר מיט אזא מינ אײַלעניש. אונ דער כאָווער ווער איז? דאכט זיכ, דאָווידאָוו? נו, א גוט העלפּ אײַכ, — א דריק געטאָנ נאגולנאָווס אינ דאָווידאָווס הענט אונ זיכ געזעצט צומ טיש. — דו, כאָווער דאָווידאָוו, לאָז אונדז איבער אליינ אפּ א האַלבער שאָ, איכ דאַרפ מיט־אָט דעמ מעשוגענעמ (א זשעסט אינ נאגולנאָווס זײַט) זיכ דורכשמועסנ.

— רעדט אײַכ. — דאָווידאָוו איז אופגעשטאנענ אונ מיט איבעראשונג געהערט, ווי נאגולנאָוו, וואָס האָט נאָרוואָס אימ געבעטנ ניט ריידנ וועגנ זײַנ פאנאנדערגייִנ זיכ מיט זײַנ ווײַב, האָט א טראסק געטאָנ, אפּאָנעמ באשליסנדיק, אז „שוינ אַלציינס“:

— איכ האָב געשלאָגנ איינע א קאָנטרע, דאָס איז ריכטיק, אָבער דאָס איז נאָכ ניט אלץ, סאָמאָכינ...

— וואָס נאָכ?

— דאָס ווײַב האָב איכ הײַנט ארויסגעטריבנ פונ דער היימ!

— נ־ו־ו?.. — האָט צעשראָקנ געצויגנ דער גרויסשטערנדיקער מאָגערער סאָמאָכינ אונ שרעקלעכ גענומענ סאָפּענ, גריבלענדיק זיכ אינ פּאָרטפעל אונ שטיל בלעטערנדיק די פּאַפּירנ...

## קאפּיטל 27.

באנאכט האָט יאקאָוו לוקיטש פונ שלאָפ געהערט טריט. עמעצער האָט זיכ געפּאָרקעט באמ פערטל, אונ ער האָט בעשומויפנ ניט געקאָנט זיכ אופכאפּנ. אונ ווענ ער האָט זיכ מיט אָנשטרענגונג אָפּגעריסנ פונ שלאָפ, האָט ער שוינ אופ דער וואָר דערהערט, ווי א ברעט פונעמ פּארקנ האָט א סקריפּע געטאָנ אונטער דער שווערקײַט פונ עמעצנס קערפּער אונ עפּעס האָט א הילכ געטאָנ מיט א מעטאלענעמ קלאנג. יאקאָוו לוקיטש איז געשווינד צוגעגאנגענ צומ פענצטער, זיכ אָנגעבויגנ צומ פענצטער־אייגל אונ זיכ אײַנגעקוקט, — אינ דער באגייענדיקער בלויער טונקלקײַט האָט ער דערזענ, ווי איבערנ פּארקנ איז אריבערגעשפּרונגענ עפּעס איינער א גרויסער אונ שווערער (ס'האָט זיכ געהערט א שווערער שפּרונג). לויט דער פּאפּאכע, וואָס האָט זיכ

געוויסלט אינ דער נאכט, האָט ער דערקענט פּאָלאָווצעווענ. ער האָט אָנגעטאָנ דעמ סורדעט, אראָפּגענומענ פונ אײַזנ די וואָליקעס אונ איז ארויס. פּאָלאָווצעוו האָט שוינ ארײַנגעפירט אינ פּערטל דאָס פערד אונ באַרמאכט דעמ טויער אפנ פאַרוקער. יאקאָוו לוקיטש האָט פונ זײַנע הענט איבערגענומענ די לייצעס. דאָס פערד איז געווענ נאָס ביזנ באַ־מיע האָלדז, געכריפּעט אינעווייניק אונ זיכ געוואַקלט. פּאָלאָווצעוו האָט ניט געענטפערט אפ דער באַגריסונג אונ הייזעריק שטיל א פרעג געטאָנ:

— אָט דער... ליאַטיעווסקי איז דאָ?

— זיי שלאָפנ. אונ אומגליק מיט זיי... געהאלטנ אינ אײנ טרינ־קענ די גאנצע צײַט...

— כאַפּט אימ דער טײַוול! דעמ אויסוואורפ... דאָס פערד, האָב איכ, דאַכט זיכ, פאַריאָגט...

פּאָלאָווצעווס שטימ איז געווענ שטיל, ניט צו דערקענענ, יאקאָוו לוקיטש האָט זיכ געדוכט, אז ער הערט אינ זײַנ שטימ געבראָכנ־קײט, גרויס אומרו אונ מידקײט...

אינ אַלקערל האָט פּאָלאָווצעוו אראָפּגענומענ די שטיוול. פונעמ וואַטל־מאַיש האָט ער ארויסגענומענ בלויע הויזנ מיט לאַמפּאַסנ אונ אָנ־געטאָנ, אינ זײַנע הויזנ, נאַסע ביזנ פּאַמע איבערדישנ געשטעפּטנ נאַרטל האָט ער אויפגעהאנגענ טריקענענ אפ דער לעזשאַנקע.

יאקאָוו לוקיטש איז געשטאנענ באַמ אַרײַנגאַנג, געקוקט אפ די ניט געבלטע באַוועגונגענ פונ זײַנ שעפ: יענער האָט זיכ צוגעזעצט אפ דער לעזשאַנקע, ארומגעכאַפּט די קני מיט די הענט אינ, ווארע־מענדיק די נאַקעטע פוסטריט, אפ א מינוט פארגליווערט געוואָרנ אינ דרעמל. ער האָט, ווײַזט אויס, שרעקלעכ געוואָלט שלאָפנ, אָבער ער האָט מיט אָנשטרענגונג געעפנט די אויגנ, לאַנג געקוקט אפ ליאַטיעוו־סקינ, וואָס איז געשלאָפנ אינ שווערנ שיכערנ שלאָפ, אונ געפרעגט:

— ער טרינקט שוינ לאַנג?

— פונ כאַמע אָנהייב אָנ. ער גיסט שטארק אינ קאַלנער! ס'איז מיר אויש ניט שײנ פאר לײטנ... יעדנ טאָג קומט אויס צו טרײַבנ בראַנפנ... מע קאָנ כוישעד זײַנ.

— אויסוואורפ! — האָט פּאָלאָווצעוו ארויסגעזיפּט צווישנ די צו־נויפגעדריקטע צײַנ מיט גרויס פאַראכטונג אונ ווידער אײַנגעדרעמלט זיצנדיק, אונ געשאָקלט מיטנ גרויסנ גראָ ווערנדיקנ קאָפּ. אָבער נאכ עטלעכע מינוט פונ פינצטערנ אָנגעלאָפנעמ שלאָפ, האָט ער איבערגע־

ציטערט, אראָפגעלאָזנ די פיס פונ דער לעזשאנקע אונ געעפנט די
אויגנ.

— דרײַ מעסלעס ניט געשלאָפנ... די טײַכלעכ זײַנענ פארפלייצט. איבער אײַער גרעמיאטשער טײַכל בינ איכ אריבער שווימענדיק.

— איר וואָלט זיכ צוגעלייגט, אלעקסאנדער אניסימאָוויטש.

— כ'וועל זיכ לייגנ. גיב טאבעק, מײַנער איז פארנעצט.

נאָכ צוויי דאָרשטיקע ציִנ איז פאָלאָווצעוו אופגעלעבט געוואָרנ. פונ זײַנע אויגנ איז פארשוונדנ דאָס שלעפעריקע הײַטל, די שטימ איז געוואָרנ פעסטער.

— נו, וואָס הערט זיכ דאָ?

יאקאָוו לוקיטש האָט אינ קורצנ דערציילט אונ פונ זײַנ זײַט גע־פרעגט:

— ווי זײַנענ אײַערע דערפאָלגנ? גיכ שוינ?

— די טעג, אָדער... מיר וועלנ אײַנגאנצנ ניט אָנהייבנ. מאָרגנ באנאכט וועלנ מיר מיט דיר פאָרנ אינ וואָיסקאָוויע. מע דארפ דעמ אופשטאנד מאכנ פונ דאָרטנ. נעענטער צו דער סטאניצע. דאָרט גע־פינט זיכ איצטער די אגיטקאָלאָנע. פונ איר וועלנ מיר פרווונ. אונ דו ביסט מיר נייטיק אינ אָט דער רײַזע. דאָרט קענענ דיכ די קאָזאקנ, דײַנ וואָרט וועט זיי באגײַסטערנ. — פאָלאָווצעוו איז אנשוויגנ גע־וואָרנ, לאנג אונ צערטלעכ געגלעט מיט זײַנ דלאָניע דעמ שווארצנ קאָטער, וואָס איז ארופגעשפרונגענ אפ זײַנע קני. דערנאָכ האָט ער גענומענ מורמלענ, אונ אינ זײַנ שטימ האָבנ זיכ דערהערט נאָטקעס פונ ווארעמקייט אונ צערטלעכקייט, ניט אײַגנשאפטלעכע פאר אימ: — קיסינקע! קיסיולקעלע! קעצל! קאציולע! ס'ארא האָב א שווארצער דו ביסט! איכ האָב ליב, לוקיטש, קעצ! א פערד אונ א קאץ זײַנענ די סאמע ריינע באשעפענישנ... אינ דער היימ האָב איכ געהאט א סי־בירער קאָטער, א גרויסנ, א פוכיקנ... שטענדיק פלעגט ער שלאָפנ מיט מיר... פונ אזא מינ קאָליר... — פאָלאָווצעוו האָט פארקלערט פאר־זשמורעט די אויגנ, א שמייכל געטאָנ אונ א מאכ געטאָנ מיט די פינ־גער, — פונ אזא רויכיק-טרויער מיט ווײַסע פליכעלעכ. א מערק־וויר־דיקער קאָטער איז עס געווענ! אונ דו, לוקיטש, האָסט ניט ליב קיינ קעצ? אָט הינט האָב איכ ניט ליב, איכ פארהאס הינט! ווייסט! אינ דער קינדהײַט איז מיט מיר געווענ אזא פאל, איכ בינ דעמאָלט געווענ אומגעפער א יאָר אכט. בײַ אונדז איז געווענ א הינטל, א קליינס. האָב איכ מיט אימ איינמאָל זיכ געשפילט, ווײַזט אויס, איכ האָב עס

אָנגעטאָנ ווייטיקנ. האָט ער מיר א ביס געטאָנ דעמ פינגער, ביז בלוט אײַנגעביסנ. בינ איכ געוואָרנ א צעיושעטער, געכאפּט א צווײַגל און גענומענ אימ שמײַסנ. ער לויפט און איכ דעריאָג אימ און שמײַס, שמײַס מיט... מיט עמעסנ פארגעניגנ! ער באהאלט זיכ אונטערנ שפּײַכלער, איכ לויפ אימ נאָכ, ער — אונטערנ גאנעק, אָבער איכ שלעפּ אימ פונ האָרטנ ארויס און איכ שלאָג אימ און שלאָג אימ. און אזויפיל אימ געשמיסנ, אז ער איז אײַנגאנצנ נאס געוואָרנ און ער, ווייסט, ער קוויטשעט שוינ ניט, נאָר ער כריפּעט און שלוכצט... און דעמלט האָב איכ אימ גענומענ אפ דער האנט... פאלאָווצעוו האָט אזוי ווי שולדיק א שמייכל געטאָנ, פארשעמט, מיט אײנ מויל־ווינקל, — אימ גענומענ און זיכ אזוי פאנאנדערגעווײַנט פונ ראכמאָנעס צו אימ, אז בא מיר האָט פארקלעמט באמ הארצנ! עס האָט מיר דעמלט גענומענ קראמפּנ... די מוטער איז געקומענ צו לויפנ, און איכ ליג צוזאמענ מיטנ הינטל לעבנ קארעטניק אפ דער ערד און דריגע מיט די פיס... פונ דעמלט אָנ קאָנ איכ קײנ הינט ניט פארטראָגנ. אָבער קעצ האָב איכ שרעקלעכ ליב. און קינדער, קלײנינקע. איכ האָב זײ זײער ליב, עפּעס אזוי ווי קרענקלעכ. קינדערשע טרערנ קאָנ איכ ניט הערנ, אלצ אינ מיר קערט זיכ איבער... און דו, אלטער, האָסט ליב קעצ צי ניט?

איבעראשט ביז גאָר פונ אזעלכע פּאָשעטע מענטשלעכע געפילנ, פונעמ אומגעווײנלעכנ געשפּרעכ פונ זײַנ שעפ, דעמ דערזאָקסענעמ פארביסענעמ אָפיצער, וואָס איז נאָכ אינ דער דײַטשישער מילכאָמע בארימט געוואָרנ מיט זײַנ גרויזאמער באציִונג צו די קאָזאקנ, האָט יאקאָוו לוקיטש מיטנ קאָפּ א שאָקל געטאָנ אפ נײַ. פאלאָווצעוו איז אנשווײַגנ געוואָרנ, שטרענג געוואָרנ אפנ געזיכט און שוינ טרוקנ געשעפטלעכ געפרעגט:

— די פּאָסט איז שוינ לאנג ניט געווענ?

— איצט איז דאָכ א פארפּלײצעניש, די טײַכלעכ האָבנ זיכ אלע אופגעבלאָזנ. ניטאָ קײנ וועג. א וואָכ אָנדערהאלבנ איז די פּאָסט ניט געווענ.

— אינעמ כוטער האָט מענ געאָרנישט ניט געהערט וועגנ סטאלינס ארטיקל?

— וואָסער ארטיקל?

— זײַנער אנ ארטיקל איז געווענ אָפּגעדרוקט אינ די צײַטונגענ וועגנ די קאָלווירטנ.

— גיין, מע האָט ניט געהערט. ווייזט אויס, די צייטונגען זיינען צו אונדז ניט דערגאַנגען. וואָס איז דאָרט געווען געדרוקט, אַלעקסאַנ־דער אַניסימאָוויטש?

— אזוי, גאָרנישט... פאַר דיר איז עס ניט אינטערעסאַנט. נו, גיי, לייג זיך שלאָפן. דאָס פערד וועסטו אָנטרינקען אין אַ שעה אַרום. און מאָרגן באַנאַכט קריג אַ פּאָר קאַלווירטישע פערד, און ווי נאָר ס׳וועט ווערן פינצטער, וועלן מיר פאָרן אין וואַיסקאָוויע. דו וועסט פאָרן דורך דער בלאָטע, דאָ ניט ווייט.

אינדערפרי האָט פּאַלאָוועצעוו לאַנג גערעדט מיט דעם אויסגעניכ־טערטן ליאַטיעווסקין. נאָכן שמועס איז ליאַטיעווסקי אַרוים אין קיך, אַ בלייכער, אַ בייזער.

— עפּעס איז אַלץ נייטיק פּאַרטרינקען? — האָט יאַקאָוו לוקיטש העפלעך געפרעגט, אָבער ליאַטיעווסקי האָט אַ קוק געטאָן ערגעץ הע־כער פון זיין קאָפּ און אַרויסגעזייט:

— איצט איז שוין גאָרנישט ניט נייטיק, — און איז אַוועק אין אַלקערל.

באַנאַכט האָט אין קאַלווירטישן שטאַל דעזשורעט באַטאַלשטשי־קאָוו איוואַן — איינער פון די, וואָס יאַקאָוו לוקיטש האָט ווערבירט אין „פאַרבאַנד צו באַפרייען דעם דאָן“. אָבער יאַקאָוו לוקיטש האָט אפילע אים ניט געזאָגט, וווהין און צוליב וואָס זיי וועלן פאָרן. „מע דאַרף וועגן אונדזער איניען צופאָרן האָ ניט וויסן“ — האָט ער זיך אַרויסגעדרייט פון צו ענטפערן אויף באַטאַלשטשיקאָווס פראַגע. און יע־נער האָט אָן וואָקלעניישן אָפּגעבונדן אַ פּאָר בעסטע פערד. ביז הינטער די שייערס האָט זיי יאַקאָוו לוקיטש אַרויסגעפירט, צוגעבונדן צו דער לעוואַדע און איז אַוועק רופן פּאַלאָוועצעוון. און ווען ער איז צוגעקו־מען צו דער טיר פון עם אַלקערל, האָט ער דערהערט, ווי ליאַטיעווסקי האָט אויסגעשריען: „דאָס באַטייט דאָך אונדזער מאַפּאָלע. באַנעמט עס!“ פּאַלאָוועצעוו האָט אַלס ענטפער עפּעס אַרויסגעברומט און יאַ־קאָוו לוקיטש, געפייניקט פון עם פאַרגעפיל פון עפּעס אַן אומגליק, האָט שטיל אָנגעקלאַפּט.

פּאַלאָוועצעוו האָט אַרויסגעטראָגן אַ זאָטל. זיי זיינען אַרויס. גענו־מען די פערד. זיך געלאָזט פאָרן. דאָס טייכל הינטערן כוטער זיינען זיי אַריבער צופוס. דעם גאַנצן וועג האָט פּאַלאָוועצעוו געשוויגן. רווי־כערן האָט ער פאַרוואַרט און געהייסן פאָרן ניט מיטן וועג, נאָר אָן אַ זייט, אַ קלאַפּטער פופציק.

לוקיטשס א באקאנטנ קאָזאק איז געזעסנ א מאנ צוואנציק כוטעריאנער. מערסטנטייל אלטע. פּאָלאָווצעוו האָט זיכ מיט אלעמענ באגריסט, דערלאנגענדיק די האנט, דערנאָכ איז ער מיט איינעמ אוועק צומ פענצטער אונ גערעדט אינדערשטיל א מינוט פינפ. די איבעריקע האָבנ שווייגנדיק געקוקט אופ פּאָלאָווצעוונ, אופ יאַקאָוו לוקיטשנ. דער לעצטער האָט זיכ צוגעזעצט באמ שוועל אונ זיכ געפילט צווישנ די פרעמדע, ווייניק באקאנטע קאָזאקנ, ווי פארלאָרנ, אומבאקוועמ...

די פענצטער זײַנענ פונ אינווייניק געווענ גוט פארהאנגענ מיט זעק, די לאָדנס פארמאכט. אופנ הויפ האָט דעזשורעט דעמ באלעבאָס איידעמ, אָבער ניט געקוקט דערויפ האָט פּאָלאָווצעוו גענומענ רײדנ ניט הויכ:

— נו, הערנ קאָזאקנ, די שאָ איז נאָענט! עס ענדיקט זיכ די צײַט פונ אײַער קנעכטשאפט, מע דארפ ארויסטרעטנ. אונדזער שלאכט־אָרגאניזאציע איז גרייט. מיר טרעטנ ארויס איבערמאָרגנ באנאכט.

צו אײַכ אינ וואָסקאָווינע וועט קומענ א האלבע מייע רײַטער, אונ מיטנ ערשטנ שאָס דארפט איר זיכ ווארפנ אונ פארכאפנ אינ זייערע דירעס אָט די... אגיטקאָלאָנצעס. קיינ איינער זאָל קיינ לעבעדיקער ניט ארויס! די קאָמאנדע איבער אײַער גרופּע ליג איכ ארופ אפנ פאָדכאָרונזשע מאריינ. פאר דער ארויסטרעטונג ראט איכ אָנייענ אופ די היטלענ ווײַסע סטענגעס, קעדיי אינ דער פינצטער ניט מישנ אייגענע מיט פרעמדע. בא יעדערנ דארפ זײַנ גרייט דאָס פערד, די פאראנענע באוואָפענונג, א שווערד, א ביקס אָדער א יאגד־ביקס אונ א רעזערוו עסנ אופ דרײַ טעג. נאָכ דעמ, ווי איר וועט פארטיק ווערנ מיט דער אגיטקאָלאָנע אונ מיט אײַערע אָרטיקע קאָמוניסטנ, גיסט זיכ ארײַנ אײַער גרופּע אינ דער האלבער מייע, וואָס קומט אײַכ צו הילפ; די קאָמאנדע גייט אריבער צומ קאָמאנדיר פונ דער האלבער מייע, לויט זײַנ באפעל וועט איר גייענ אהינ, וואוהינ ער וועט אײַכ פירנ. — פּאָלאָווצעוו האָט טיפ אָפּגעאָטעמט, ארויסגענומענ די פינגער פונ דער לינקער האנט פונ הינטערנ רימענ אופ דער טאָלסטאָווקע, אויסגעווישט מיט דער לינקער זײַט האנט דעמ שווייס אפנ שטערנ אונ פאָרגעזעצט מיט א העכערער שטימ: — מיט מיר איז געקומענ פונ גרעמיאטשי לאָג דער אײַכ אלעמענ באוווּסטער קאָזאק יאַקאָוו לוקיטש אָסטראָווּנאָוו, מײַנ פּאָלק־קאָזאק. ער וועט אײַכ באשטעטיקנ די גרייטקײַט פונ דער מערהײַט גרעמיאטשער צו גיינ צו־

זאַמענ מיט אונדז צומ גרויסנ ציל צו באַפרײַענ דעמ דאָרפ פונעמ יאָך פונ די קאָמוניסטנ. רייד, אָסטראָוונאָוו!

פאָלאָווצעווס שווערער בליק האָט יאַקאָוו לוקיטשנ אופגעהויבנ פונעמ בענקל. ער האָט זיכ געשווינד אופגעשטעלט, פילנדיק א שווערקייט אינ זײַנ גאַנצנ קערפער, א היץ אינ זײַנ פאַרטריקנטנ גאָרגל, אָבער רייד איז אימ ניט אויסגעקומענ: בא אימ האָט אויסגעכאַפט איינער פונ די בײַגעווועזענע אופ דער פאַרזאַמלונג, דער סאַמע עלטסטער קאָזאַק לויטנ אויסזענ, א מיטגליד פונעמ קלויסטער־ראַט, וואָס איז ביז דער מילכאָמע געווענ אינ וואָיסקאָווע דער קעסיידערדיקער קוראַטער פונ דער קלעריקאַלער (צערקאָוונאָ־פריכאָדסקער) שול. ער האָט זיכ צוזאַמענ מיט יאַקאָוו לוקיטשנ אופגעשטעלט, ניט געלאָזט אימ קיינ וואָרט אויסריידנ אונ געפרעגט:

— אונ איר, אײַער וווילגעבורנ, הער יעסאַול, האָט געהערט וועגנ דעמ, אז... דאָ ביז אײַער קומענ איז געווענ בא אונדז א באַראַטונג... דאָ האָט זיכ באַוויזנ א צײַטונג, זייער אַנ אינטערעסאַנטע...

— וואַ־אַ־אַס? וואָס רעדסטו, זיידע? — האָט פאָלאָווצעוו הייזעריקלעכ געפרעגט.

— א צײַטונגל, זאָג איכ, פונ מאָסקווע אָנגעקומענ, אונ דאָרט איז אָפגעדרוקט דער בריוו פונעמ פאָרזיצער פונ דער גאַנצער פאַרטיי...

— פונעמ סעקרעטאַר! — האָט עמעצער פאַריכט פונ אוילעמ.

— דאָס הייסט, טאַקע פונעמ סעקרעטאַר פונ דער גאַנצער פאַרטיי, פונ כאַווער סטאַלינ. אָט איז זי, די צײַטונג פונ פערטנ פונ דעמ כוידעש, — האָט ניט געאײַלט, מיט אַנ אַלטינקנ טענאָרל גערעדט דער אַלטער אונ האָט שוינ אַרויסגענומענ פונ בוזעמ־קעשענע פונעמ רעקל די צײַטונג, א פינקטלעכ צונויפגעלייגטע אײַנפירנ. — מיר האָבנ זי געלייענט אופנ קאָל צווישנ זיכ א ביסל פריִער פאַר אײַער קומענ, אונ... עס קומט אויס אזוי, אז די האָזיקע צײַטונג צעשיידט אונדז פונ אײַכ! אַנ אַנדער ליניע פאַר אונדזער לעבנ קומט אויס, פאַר די ערד־אַרבעטער... מיר האָבנ נאָכ נעכטנ געהערט וועגנ דער צײַטונג, אונ הײַנט אינדערפרי האָב איכ זיכ געזעצט רײַטנ אונ, ניט געקוקט אופ מײַנ עלטער, בינ איכ אַוועקגעריטנ אינ דער סטאַניצע. איבער דער לעוושאַווער באַלקע בינ איכ אַריבער שווימענדיק, מיט טרערנ, אָבער זיכ אַריבערגעקליבנ איבער איר. בא איינעמ א באַקאַנטנ אינ דער סטאַניצע האָב איכ זי קוימ אויסגעבעטנ — געקויפט די האָזיקע צײַטונג, באַצאָלט פאַר איר... פופצנ קערבלעכ באַצאָלט פאַר איר! דער־

נאָכ האָבנ מיר זיכ געכאַפּט, אַז אַפּ איר איז דער פּרײַז באַשטימט— פינפ קאָפּעקעס. נו, דאָס געלט וועט מענ מיר פונ דער געמײַנדע צו-נויפנעמענ, פונ א הויפ צו צענ קאָפּעקעס, אזוי האָבנ מיר באַשלאָסנ, אָבער די צײַטונג איז ווערט דאָס געלט, איז, קומט אויס, אפילע מער...

— וועגנ וואָס רעדסטו, זיידע? פונ וואָס ברײַעכסטו, פונ יאַמ, צי פונ דאַנ? אפ דער עלטער ביסטו פונ זינענ אראָפּ? ווער האָט דיכ באַ-פולמעכטיקט צו ריידנ אינ נאָמענ פונ די אלע, וואָס זײַנענ דאָ צו-נויפגעזאמלט? — האָט פּאַלאָווצעוו געפרעגט מיט א צאָרנדיקנ ציטער אינ דער שטימ.

דעמלט איז ארויסגעטראָטנ א קאָזאקל, א קליינוווקסיקס, א יאָר פערציק אפנ אויסזענ, מיט קורציניקע גאָלהפארביקע וואָנצעס אונ מיט א צעפּלעטשטער נאָז; ער איז ארויסגעטראָטנ פונעמ אוילעמ, וואָס איז געשטאַנענ בא דער וואַנט אונ גענומענ ריידנ ארויסרופעריש אונ בייז:

— איר, כאַווער געוועזענער אָפיצער, אפ אונדזערע אלטע לײַט זאָלט איר ניט שרײַענ, איר האָט שוינ אפ זיי אזוי אויכ גענוג זיכ אנגעשריענ אינ דער אלטער צײַט. אָפּגעהערשעוועט אונ גענוג, אונ איצטער דארפ מענ אָנ גרוביאַנסטווע ריידנ. בא דער ראַטנמאכט זײַ-נענ מיר ניט געוויינט געוואָרנ צו אזא באַציִונג, איר פאַרשטייט? אונדזער אלטער האָט ריכטיק גערעדט, אַז צווישנ אונדז האָבנ מיר זיכ באַראַטנ אונ באַשלאָסנ אלע איבער אָט דעמ ארטיקל אינ „פּראַ-וודא” ניט צו מאַכנ קיינ אופשטאַנד. עס זײַנענ זיכ פאַנאַנדערגע-גאַנגענ אונדזערע אונ אײַערע וועגנ! אונדזער ביטערישע מאכט האָט זיכ באַנאַרישט, איינציקע מיט גוואַלד ארײַנגעטריבנ אינ קאָלווירט, פיל מיטלפויערימ אומזיסט אנטבאַלעגופעוועט, אָבער דאָס האָט אונדזער מאַכט ניט פאַרשטאַנענ, אז מיט גוואַלד קאָנ מענ נאָר מיט א מיידל, אָבער מיטנ גאַנצנ פאָלק קאָנ מענ זיכ ניט ספּראַווענ. אונדזער פאָר-זיצער פונ ראַט האָט אונדז אזוי געהאַט אײַנגעצווימט, אַז אפ א פאַר-זאַמלונג האָט מענ קיינ וואָרט קעגנ אימ ניט געטאָרט זאָגנ. ער האָט אונדז די רימענס אײַנגעצויגנ ניט שלעכט — ניט געוועגנ מיט וואָס צו אָטעמענ; אָבער א גוטער באַלעבאָס, אַז ער פאָרט איבערנ זאַמד, אַפּ א שלעכטנ וועג, מאכט ער פרײַ באַמ פערד דעמ בויכ-רי-מענ, זעט אימ גרינגער צו מאכנ... נו, מיר האָבנ פריִער, פאַרשטייט זיכ, געטראכט, אַז דאָס גייט פונעמ צענטער אזא באַפעל, דעמ אייל

פונ אונדז אויסקוועטשנ; אזוי האָט מענ גערעכנט, אונ גערעדט צווישנ זיכ, אז, הייסט עס, „אָנ א ווינט וועלנ זיכ די פליגלענ פונ דער ווינטמיל ניט דרייענ“. איבער דעמ האָבנ מיר באשלאָסנ צו מאכנ אַנ אויפשטאנד אונ מיר זײַנענ אַרײַנגעטראָטנ אינ אײַער „פארבאנד“. פארשטענדלעכ? אָבער איצט באקומט זיכ אזוי, אז די דאָזיקע אָרטיקע קאָמוניסטנ, וואָס האָבנ דעמ אוילעמ מיט גוואלד אַרײַנגעטריבנ אינ קאָלווירט אונ בא קיינעמ ניט געפרעגט, פארמאכט די קלויסטערס, רעקט סטאלינ אפ וואָס די וועלט שטייט, פונ די שטעלעס נעמט ער זיי אראָפ. באקומט זיכ פארנ ערדארבעטער א גרינגע אָפּעטעמעניש, דעמ בויכ־רימענ האָט מענ פריי געמאכט, — ווילסטו, — גיי אינ קאָלווירט, ווילסטו ניט, זיצ אינ דײַנ אינדיווידואלקייט. האָבנ מיר באשלאָסנ בא אײַכ מיט גוטנ... גיט אונדז אָפ אונדזערע אונטערשריפטנ, וואָס מיר האָבנ אײַכ איבער אונדזער נארישקייט אונטערגעשריבנ, אונ גייט אײַכ, וווּהינ איר ווילט. קיינ שאָדנ וועלנ מיר אײַכ ניט טאָנ, איבער דעמ, וואָס מיר אליינ זײַנענ שוינ א היפּש ביסל פארפאטשקעט...

פאָלאָווצעוו איז צוגעגאנגענ צומ פענצטער, אָנגעלענט מיטנ רוקנ צומ בײַשטידל, אונ איז אזוי בלייכ געוואָרנ, אז אלע האָבנ עס באמערקט, אָבער זײַנ שטימ האָט געקלונגענ פעסט אונ טרוקנ, ווענ ער האָט אלעמענ באקוקט אונ געפרעגט:

— וואָס איז דאָס, קאָזאקלעכ, א פאראד?

— דאָס איז, ווי איר ווילט, — האָט אימ נאָכ איינ אלטער געענטפערט, — ווי איר ווילט, רופט עס אָנ, אָבער מיר מיט אײַכ גייענ איצט ניט אפ איינ וועג. אז דער באלעבאָס אליינ האָט גענומענ אונדז פארטיידיקנ, איז וואָס דארפנ מיר קריכנ אָנ א זײַט? אָט האָט מענ בא מיר אומזיסט אָפּגענומענ די שטימ, געוואָלט ארויסזעצנ, אָבער מײַנ זונ איז אינ דער רויטער ארמיי, איז, הייסט עס, אז מײַנע רעכטנ וועל איכ זיכ דערשלאָגנ. מיר זײַנענ ניט קעגנ דער ראטנמאכט, נאָר קעגנ אונדזערע כיטערשע אומאָרדענונגענ, אָבער איר האָט אונדז געוואָלט פארפירנ קעגנ דער גאנצער ראטנמאכט. ניינ, דאָס טויג ניט! קערט אומ אונדז די צעטעלעכ, קאָלזמאנ מיר בעטנ מיט גוטנ...

אונ נאָכ איינ עלטערער קאָזאק האָט גערעדט אונ באזאכט געגלעט מיט דער לינקער האנט דאָס געקרײַזלטע בערדל:

— מיר האָבנ ניט געטראָפנ, כאָווער פאָלאָווצעוו... גאָט איז אַנ

אידעס, ניט געטראָפנ! א ניט באַשערטע פאַרבינדונג איז צווישנ אונדז מיט אים. נו, אָבער פונ זאָגנ ווערט מענ ניט טראָגנ, איצט וועלנ מיר גיינ אַזוי דרייַדלעכ... פאַבריק מאָל האָבנ מיר געהערט, ווי איר האָט אונדז צוגעזאָגט גאָלדענע בערג, און מיר האָבנ זיכ גע-וואונדערט: שוינ צו פיל זיינענ אייערע צוזאָגנ געווענ שווערע! איר האָט געזאָגט, אז די פאַרבינדעטע, הייסט עס, וועלנ אונדז — אינ פאַל פונ א מילכאָמע — אינ איינ מאָמענט ברענגענ צו פירנ געווער און אלע מיליטערישע זאַכנ. אונדזער זאַכ איז, הייסט עס, נאָר אונ-טערשיסנ די קאָמוניסטנ. אָבער דערנאָכ האָבנ מיר זיכ באַקלערט, איז וואָסערשע באַקומט זיכ עס? געווער וועלנ זיי ברענגענ, אָט דאָס גוטס איז פאַראַנ גענוג. אָבער אייער מע קוקט זיכ ארומ, זיצנ זיי שוינ אפ אונדזער ערד. און אז זיי וועלנ זיכ שוינ אוועקזעצנ, וועט מענ דערנאָכ פונ זיי ניט פּטור ווערנ! יע אָקאָרשט, אז עס זאָל ניט אויסקומענ זיי אויכ מיט אייזנ פונ דער היימישער ערד אַרויס-צושטופנ. די קאָמוניסטנ — זיי זיינענ פונ אונדזער שטאַמ, אזוי צו זאָגנ, אייגענע פונ דער נאַטור, אָבער די, דער טייוול ווייס אפ וואָס פאַר א לאָשנ זיי רעדנ, זיי גייענ אלע ארומ, ווי די באָלגאַנוועס, אינ-מיטנ ווינטער וועסטו זיכ בא זיי קיינ שניי ניט אַנטבעטנ, און אז מע פאַלט שוינ צו זיי אַריינ, איז אפ קיינ גנאָד ניטאָ וואָס צו וואַרטנ! אינ 20-טנ יאָר בינ איכ געווענ אינ אויסלאַנד, געגעסנ פראַנצויזיש ברויט אינ די גאַליפּאָליעס און ניט געקאָנט זיכ דער-וואַרטנ צו מאַכנ פונ דאָרטנ די פּלייטע! שוינ צופיל ביטערלעכ איז זייער ברויט! פיל נאַציעס האָב איכ זיכ אָנגעזענ, און איכ מוז זאָגנ, אז אויסער דעמ רוסישנ פאָלק איז ניטאָ קיינ בעסערס, קיינ ווייכ-האַרציקערס. אינ קאָנסטאַנטינאָפּאָל און אינ אַטענ האָב איכ געאַר-בעט אינ די פּאָרטנ, זיכ אָנגעזענ ענגלענדער און פראַנצויזנ. גייט זיכ אזא אויסגעפרעסטע פּאַסקודנע פאַרבײַ דיר און קרימט זיכ, וואָס איכ בינ, זעסטו, ניט קיינ גענאָלטער, א שמוציקער, ווי בלאָטע, ס׳שטינקט פונ מיר שווייס, און אז ער קוקט אפ מיר, קערט אימ די גאַל. בא אימ איז האָב, ווי בא אינ אַפּיצערס א שקאַפע, אלצ ביזנ סאַמע אינטערנ עק אויסגעוואַשנ און אויסגעשײַערט, דערמיט בא-רימט ער זיכ, און פונ אונדז עקלט אימ. זייערע מאַטראָסנ, פלעגנ טרעפנ, פאַרטשעפּענ אונדז אינ די שענקענ און ווי נאָר וואָס — שלאָגנ זיי מיטנ באָקס. אָבער אונדזערע דאָנער און קובאַנער האָבנ זיכ א ביסל צוגעוווינט אינ די פרעמדע לענדער און גענומענ זיי

אונטערקײַלנ! — דער קאָזאק האָט א שמייכל געטאָנ, אינ זײַנ באָרד האָבנ זוי א בלוילעכער קליוגל א בליאסק געטאָנ די ציינער. — אונדזערער א שלאָנער פלעגט אפנ רוסישנ אויפנ געבנ א וועלכנ־ניט־איז ענגלענדער א זעצ, פלעגט ער פאלנ מיט די פיס קאפויר, אונ ליגנ, האלט זיכ פארנ קאָפ אונ אָטעמט שווער. זיי זײַנענ אײדעלע פארנ רוסישנ פויסט, אונ כאָטש זיי עסנ זאט, פונדעסטוועגנ זײַנענ זיי צעבראָכענע. מיר האָבנ שוינ אָט די פארביגעדעטע פארזוכט! גיינ, מירנ שוינ מיט אונדזער מאכט ווי־ניט־איז אליינ מאכנ שאָלעמ... די צעטעלעכ אונדזערע, זײַט מויכל, גיט אָפ צוריק!

„ער וועט באלד זיכ אָפטראָגנ דורכנ פענצטער אונ איכ וועל בלײַבנ ווי א פיש אפנ זאמד! אָט ארײַנגעפאלנ!.. אָכ, מאמינקע, מײַ־צרינקע, אינ א שלעכטער שאָ האָסטו מיכ געבוירנ! זיכ פארבונדנ מיטנ פארפלוכטנ! דער אומרייִנער גײַסט האָט מיכ פארפלאָנטערט!"

— האָט יאקאָוו לוקיטש געטראכט, ניט קענענדיק אײַנזיצנ אפנ בענקל, אונ ניט אראָפגענומענ די אויגנ פונ פאָלאָווצעוונ. אָבער יענער איז רויִק געשטאנענ באמ פענצטער, אונ איצט האָט שוינ ניט קיינ בלייכקײַט באדעקט זײַנ פאָנעמ, נאָר א טונקעלע בלוילעכקײַט פונ צאָרנ, פונ אנטשלאָסנקײַט. אפנ שטערנ האָבנ זיכ אופגעבלאָזנ צוויי דיקע קוועראָדערנ, די הענט האָבנ זיכ אײַנגעקלאמערט אינעמ פענצטער־ברעטל.

— נו, וואָס־זשע, הערנ קאָזאקנ, אײַער ווילנ: ווילט איר ניט גיינ מיט אונדז, — בעטנ מיר אײַכ ניט, אונ מיר בוקנ זיכ ניט. די צעטעלעכ וועל איכ אײַכ ניט צוריקגעבנ, איכ האָב זיי ניט בא זיכ, זיי זײַנענ אינ שטאב. אומזיסט שרעקט איר זיכ, איכ וועל דאָכ ניט גיינ אינ ג. פ. או. מעלדנ וועגנ אײַכ...

— דאָס איז טאקע אזוי, — האָט אײנער פונ די אלטע אײַנגעשטימט.

— ...אונ ניט פאר ג. פ. או. האָבט איר מוירע האָבנ... — פאָלאָווצעוו, וואָס האָט ביז אהער גערעדט פארלאנגזאמט, שטיל, האָט פלוצעמ א געשריי געטאָנ אפנ קאָל: — פאר אונדז דארפט איר ציטערנ! מיר וועלנ אײַכ שיכנ, ווי פארעטער! נו, אוועק פונ וועג! אוועק אָנ־א־זײַט! צו דער וואנט!.. — ארויסגעכאפּט דעם נאגאנ, איז ער, האלטנדיק אימ אינ דער אויסגעשטרעקטער האנט, אוועק צו דער טיר.

די קאָזאקנ האָבנ זיכ ווי צעטומלטע פאנאנדערגערוקט, אינ יא־

קאָוו לוקיטש, וואָס איז פאַרויסגעלאָפן, האָט מיט דער פלייצע אויפגעפראַלט די טיר און איז ארויסגעפלויגן אין פירהויז, ווי א שטיין, געוואָרפן פון א שטיינשלײַדערער. זיי האָבן אין דער פינצטער אָפּגעבונדן די פערד און אין גאַלאָפּ ארויסגעריטן פון הויף. פון הויז האָט זיך דערטראָגן דאָס גערויש פון אויפגערעגטע שטימען, אָבער קיינער איז ניט ארויס, קיין איינער פון די קאָזאַקן האָט זיך ניט געפּרווט זיי פאַרהאַלטן...



נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין גרעמיאַטשי לאָג און יאַקאָוו לוקיטש האָט אוועקגעפירט אין דער קאָלווירטישער שטאַל די פאַרשוויצטע פערד, האָט אים פּאָלאָווצעוו אַרײַנגערופן צו זיך אין אַלקערל. ער האָט פון זיך ניט אַראָפּגענומען ניט דאָס פעלצל, ניט די פאַפּאַכע. ווי גאָר ער איז אַרײַן, האָט ער ליאַטיעווסקין באַפוילן זיך קלײַבן אין וועג, איבערגעלייענט דעם בריוו, וואָס מע האָט פאַר זייער קומען צוגעשיקט מיט אן עקסטרן רײַטער, אים פאַרברענט אין קוימען און גענומען אײַנפּאַקן אין די זאָטל־טאַשן זײַנע בעבעכעס.

ווען יאַקאָוו לוקיטש איז אַרײַן אין אַלקערל, האָט ער אים געטראָפן זיצן באַם טיש. ליאַטיעווסקי, גלאַנצנדיק מיטן אויג, האָט געדרייניקט דעם מאַוזער, צונויפגעשטעלט מיט פּינקטלעכע, שנעלע באַוועגונגען די טיילן, אויסגעשמירטע מיט ביקסן־אייל. פּאָלאָווצעוו האָט באַם סקריפּ פון דער טיר אַראָפּגענומען די האַנט פונעם שטערן, זיך אויסגעדרייט צו יאַקאָוו לוקיטשן מיטן פּנים, און יענער האָט צום ערשטן מאָל דערזען, ווי פון דעם יעסאַולס טיף אַרײַנגעזעצטע, רויט געוואָרענע אויגן רינען טרערן און עס גלאַנצט, באַנעצט פון טרערן, די ברייטע נאָז...

— איך וויין איבער דעם, וואָס עס איז ניט געלונגען אונדזער זאַך... דאָס מאָל... — האָט פּאָלאָווצעוו הילכיק געזאָגט און מיט א ברייטן זשעסט האָט ער אַראָפּגענומען זײַן ווײַסע פאַפּאַכע און מיט איר אויסגעווישט די אויגן. — אָרעם איז געוואָרן דער דאָן מיט עמעס קאָזאַקן, ער איז רײַך געוואָרן מיט אויסוואָרפן, מיט פאַררעטער און פאַרברעכער... באַלד פאָרן מיר אוועק, לוקיטש, אָבער מיר וועלן נאָך צוריקקומען! אָט האָב איך באַקומען א פּאַקעט... אין טוביאַנסקאָיע און אין מײַן סטאַניצע האָבן די קאָזאַקן זיך אויך אָפּגעזאָגט ארויסצוטרעטן. סטאַלין האָט זיי איבערגעבאַפּט מיט זײַן אַרטיקל. אָט ווע-

מענ איכ וואָלט איצט... אָט וועמענ איכ וואָלט... — אינ פּאָלאָווצעווס גאָרגל האָט עפּעס גענומענ כאָרכלענ, אפּ די קינבאַקנ האָבנ ווי לעבעדיקע זיכ גענומענ באַוועגנ די מוסקולנ, די פינגער אפּ די אָדערדיקע הענט האָבנ זיכ אויסגעקרימט און זיכ צונויפגעבײַלט אינ פויסטנ אַזוי, אז די געלענקענ זײַנענ אויפגעלאָפנ. ער האָט אָפּגעזיפצט טיפ, מיט א כריפּ, און לאַנגזאַמ צענומענ די פינגער. ער האָט מיט איינ מויל־ווינקל א שמייכל געטאָנ. — אָט ס'אַרורא מענטשנ! נידערטרעכטיקע!.. נאַראָנימ, פאַרשאָלטענע פונ גאָט!.. זיי פאַרשטייענ ניט, אז אָט דער אַרטיקל איז א נידערטרעכטיקע געניאַרעי, א מאַנעווער! און זיי גלייבנ... ווי קינדער. אָ, איינ זייער מאַמענ! עהדישע מיעסקײַט! זיי, די נאַראָנימ, פאַרנאַרט מענ צוליב גרויספּאָליטיק, ווי א פישל אפּ דער ווענטקע, מע מאַכט זיי פרײַ דעמ געשפּאַנ, קעדיי ביז טויט זיי ניט צו דערשטיקנ, און זיי נעמענ דאָס אַלצ אָנ פאַר א ריכטיקער מאַטבייע... נו, גוט! זיי וועלנ פאַרשטיינ און וועלנ באַראָטע האָבנ, ס'וועט שוינ אָבער זײַנ צו שפּעט. מיר פאָרנ אַוועק, יאַקאָוו לוקיטש, זאָל קריסטעמ דיכ אויסלייזנ פארנ ברויט און זאַלצ, פאַר אַלצ. אָט האָסטו מײַנ אָנזאָג: פונעמ קאָלווירט גיי ניט אַרויס, טו זיי אָנ שאָדנ, ווי דו קענסט, און די, וואָס זײַנענ געווענ אינ אונדזער „פאַרבאַנד“, זאָג זיי מײַנ פעסט וואָרט: מיר טרעטנ דערווײַל אָפּ, אָבער מיר זײַנענ ניט צעקלאַפּט. מיר וועלנ נאָכ צוריקקומענ, און דעמאָלט וועט זײַנ ווי צו דעמ, וואָס וועט פונ אונדז אַוועקגיינ און וועט פאַראַטנ אונדז און אונדזער זאַכ... די גרויסע זאַכ פונ ראַטעווענ דאָס פאָטערלאַנד און דעמ דאָנ פונ דער מאַכט פונ די צווישנפעלקערלעכע זשידעס! מיט א קאָזאַקישנ שווערד וועלנ זיי געטויט ווערנ, און האָס וועט זײַנ זייער סכאָר, אַזוי זאָג זיי!

— איכ'ל זאָגנ, — האָט אַרויסגעפּליסטערט יאַקאָוו לוקיטש.

פּאָלאָווצעווס רייד און טרערנ האָבנ אימ גערירט, אָבער אינ האַרצנ איז ער געווענ שרעקלעכ צופרידנ, וואָס ער ווערט פּטור פונ די געפערלעכע קוואַרטיראַנטנ, וואָס דאָס אַלצ האָט זיכ פאַרענדיקט אַזוי, אז פונ הײַנט אָנ וועט ניט אויסקומענ צו ריזיקירנ מיטנ פאַרמעגנ און מיט דער אייגענער הויט.

— איכ'ל זאָגנ, — האָט ער נאָכאַמאָל געזאָגט און זיכ אַנטשלאָסנ צו פרעגנ: — וווהינ פאָרט איר אָפּ, אַלעקסאַנדער אַניסימאָוויטש?

— וואָס דאַרפסטו דאָס וויסנ? — האָט פּאָלאָווצעוו געפרעגט אָנגעשפּיצט.

— אזוי, ס׳קאָן טרעפן, מע וועט אײַך דארפן, אָדער א מענטש וועט קומען צו אײַך.

פּאָלאָווצעוו האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אופגע־שטאנען.

— ניין, דאָס קאָן איך דיר ניט זאָגן. אָבער אזוי, אין א וואָכן דרײַ ארום וואַרט אָפּ מיר. זײַ געזונט, — און אים דערלאַנגט א קאלטע האנט.

דאָס פּערד האָט ער אליין אָנגעזאָטלט, זאָרגזאם אויסגעגלעט דעם שווייסטוך און אונטערגעצויגן די פּאָפּרוהעס. ליאט׳עווסקי האָט שוין אפן הויף זיך געזעגנט מיט יאקאָוו לוקיטשן און אים ארײַנגערוקט אין האנט צוויי אסיגנאציעס.

— איר גייט צופוס? — האָט אים יאקאָוו לוקיטש געפרעגט.

— נאָר פון דײַן הויף גיי איך ארויס צופוס, אָבער האַרט אפן גאס וואַרט אָפּ מיר אן אייגענער אווטאָמאָביל, — האָט זיך געוויצלט דער ניט געפאלענער בא זיך פּאָרוטשיק און, אָפּגעוואַרט, ווען פּאָלאָוו־צעוו האָט זיך ארײַנגעזעצט אין זאָטל, האָט ער זיך אָנגענומען פארן סטרעמענע־רימען: — נו, מײַן פירשט, דײַן פּערד זאָל דיך צום סוינע דערטראָגן, און איך וועל צופוס אָניאָגן!

יאקאָוו לוקיטש האָט באגלייט די געסט ביזן פּערטל, מיט א גע־פיל פון א גוואלדיקער פארלײַכטערונג האָט ער פארריגלט דעם טויער מיטן פארוקער, זיך איבערגעצייילעמט און, פארזאָרגט ארויסנעמענדיק פון קעשענע דאָס געלט, וואָס ער האָט באקומען פון ליאטיעווסקין, האָט ער לאַנג געפרווט אין באגינענדיקן טונקל צו דערקענען, וואָס באטרעפט עס, און מיט דער האנט געטאפּט, געוואָלט לויטן קנאק באַ־שטימען, צי איז עס ניט קיין פאלש געלט?

## קאפּיטל 28

דעם 20־טן מארט אינדערפרי האָט די רינג־פּאָסט מיט א פאר־שפּעטיקונג איבערן געוויסער, געבראכט אין גרעמיאטשי לאָג די צײַ־טונג מיט סטאלינס ארטיקל „קאָפּשווינדל פון דערפאָלגן“. די דרײַ עק־זעמפּליארן פון דער צײַטונג „מאָלאָט“ פונעם 4־טן מארט זײַנען אין איין טאָג איבערנעוועגן אין אלע הײַזער, און צום אָוונט האָבן זיי זיך פארוואנדלט אין פארשמאָלצענע, פעטע שטיקלעך שמאטעס. קיינמאָל, זינט גרעמיאטשי לאָג עקזיסטירט, האָט א צײַטונג ניט ארומגעזאמלט

ארומ זיכ אזויפיל צוהערער, ווי דעמ טאָג. מע האָט געלייענט, זאמלענדיק זיכ גרופּעסווײַז, אינ די הײַזער, אפ די געסלעכ, הינטער די הויפנ, בא די שפּײַכלערס... איינער האָט געלייענט אפנ קאָל, די איבעריקע האָבנ געהערט, מוירע האָבנדיק דורכצולאָזנ א וואָרט אונ שטארק אכטונג געגעבנ אפ דער שטיליקײַט. וועגנ דעמ ארטיקל זײַנענ אומעטומ אופגעקומענ גרויסע אמפּערנישנ. יעדערער האָט געטײַטשט אפ זײַנ שטייגער, אינ גרעסטנ טייל אזוי, ווי וועמענ עס האָט זיכ געוואָלט. אינ קימאט אומעטומ, ווו נאגולנאָוו אדער ראזמיוטאָוו פלעגנ זיכ באווײַזנ, פלעגט מענ עפּעס אזוי געשווינד איבערגעבנ די צײַטונג פונ האנט צו האנט, ביזוואנענ זי פלעגט, ווי א ווײַסער פויגל, ארומפליִענ דעמ אוילעמ אונ פארשווינדנ אינ עמעצנס א ברייטער קעשענע.

— נו, איצט וועלנ די קאָלווירטנ פלאצנ אפ אלע נעט, ווי א פארפוילטער בעגעד! — האָט דער ערשטער ארויסגעזאָגט זײַנ האשאָרע דער טריומפירנדיקער באניק.

— דאָס מיסט וועט אוועקשווימענ, אונ דאָס וואָגיקע — וועט בלײַבנ, — האָט אימ דיאָמקע אושאקאָוו רערווידערט.

— זע, ס'זאָל ניט זײַנ פארקערט, פונקט קאפויר, — האָט מיט האנאָע באניק געזאָגט אונ געײַלט אוועקצוגיינ, קעדיי איג א צווייט אָרט ארײַנרוימענ צו זיכערע מענטשנ: „טומל, שרײַב זיכ אויס פונ קאָלווירט, קאלזומאנ מע האָט די לײַבקנעכט געגעבנ פרײַהײַט!"

— באמ מיטלפויער וועדנ די פיס צעריסנ! מיט איינ פוס שטייט ער אינ קאָלווירט, אונ דעמ צווייטנ האָט ער אופגעהויבנ, טרייסלט אימ אָפּ אונ זעט וויאזוי פונעמ קאָלווירט ווידער ארײַנצוטרעטנ אינ זײַנ ווירטשאפט, — האָט פאוולא ליובישקינ געזאָגט צומ בײַטער, אָנווײַזנדיק אפ די קאָלווירטניקעס די מיטלפויערימ, וואָס האָבנ לעבהאפט געשמועסט.

די וויבער, וואָס האָבנ פיל זאכנ ניט פארשטאנענ, האָבנ לויט זייער ווײַבערשער געוווינהײַט געפּרווט טרעפנ. אונ עס האָט זיכ צעטראָגנ איבערנ כוטער:

— מע לאָזט פאנאָנדער די קאָלווירטנ!

— די קי האָט מענ פונ מאָסקווע באפוילנ אומצוקערנ צוריק.

— די באלעגיפימ קערט מענ אומ צוריק אונ מע פארשרײַבט זיי אינ די קאָלווירטנ.

— מע גיט אָפּ צוריק די שטימענ, בא וועמענ מע האָט אָפּגענומענ.

— דעמ קלויסטער אינ טיביאנסקאיע עפנט מענ, אונ די זריִע-

טוווע, וואָס איז דאָרט געווען אַנגעשאַטן, גיט מען אָפּ די קאָלווירטני־
קעס אָפּ עסן.

עס האָבן זיך אָנגערוקט גרויסע געשעענישן. דאָס האָבן אַלע גע-
פילט. אינאָוונט אָפּ דער פאַרמאַכטער פאַרזאַמלונג פונעם פּאַרטיי־קע-
מערל האָט דאַווידאָוו נערוואָרנדיק זיך געריכט:

—נאָר צו דער צײַט איז אָנגעשריבן געוואָרן סטאַלינס אַרטיקל!
מאַקאַרן, לעמאָשל, טרעפט עס פונקט אין פּינטל אַרײַן! מאַקאַרס קאָפּ
האָט געגומען שווינדלען פון די דערפאָלגן, און פאַריינס האָבן אויך
אונדזערע קעפּ עטוואָס גענומען שווינדלען... גיט, באַוויירים, פאַר־
שלאָגן, וואָס וועלן מיר אויסבעסערן? נו, די אויפגעס האָבן מיר פאַ־
נאַנדערגעלאָזן, באַצײַטנס געטראָפן, אָבער ווי זאָל זײַן מיט די שעפּסן,
מיט די קי, ווי זאָל זײַן? ווי זאָל זײַן דערמיט, פרעג איך אײַך? אויב
מע זאָל עס גיט פּאָליטיש אָפּטאָן, איז דאָ, א פאַקט, וועט זיך באַקו־
מען... וועט זיך באַקומען, אַז האָס איז א מין סיגנאַל: „ראַטעוועט זיך,
ווער עס קאָן!" „לויף פון קאָלווירט!" און מע וועט זיך צעלויפן, די בע־
היימעס וועט מען צעשלעפּן, און מיר וועלן בלײַבן בא א צעבראָכענער
קאָרעטע, נאָר פּאַשעט!

נאַגולנאָוו, וואָס איז געקומען אָפּ דער פאַרזאַמלונג דער לעצטער,
איז אויסגעשטאַנען, קוקנדיק גלײַך אָפּ דאַווידאָוון מיט טרערנדיקע,
מיט בלוט אָנגעגאָסענע אויגן, און גענומען ריידן. דאַווידאָוו האָט דער־
שפּירט, ווי פון מאַקאַרן האָט שאַרף זיך געטראָגן דער רייעך פון
בראַנפן:

— דו זאָגסט, אַז דער אַרטיקל האָט מיר געטראָפן אין פּינטל?
ניין, ניט אין פּינטל, נאָר אין סאַמע האַרצן! און אָפּ דורכ־און-דורכ!
מײַן קאָפּ האָט גענומען שווינדלען ניט דעמלט, ווען מיר האָבן דעם
קאָלווירט געשאַפן, נאָר אָט איצט, נאָך אָט דעם אַרטיקל...

— נאָכן פלעשל בראַנפן האָט דיר אין קאָפּ גענומען שווינדלען...—
האָט וואַניושקע נײַדיאָנאָוו זײַן וואָרט אַרײַנגעשטעלט.

ראַזמיאָטנאָוו האָט א שמייכל געטאָן און מיטפילעריש אונטערגע־
וווּנקען. דאַווידאָוו האָט אָנגעבויגן איבערן טיש זײַן קאָפּ, און מאַקאַר
האָט אויפגעבלאָזן זײַנע ווײַס געוואָרענע נאָזלעכער, און אין זײַנע מוט־
נע אויגן האָט א פלייץ געטאָן מעשוגאַס:

— דו, באָבערל, ביסט נאָך צו יונג מיך צו לערנען און באַמער־
קונגען מיר צו מאַכן! בא דיר איז נאָך דער פּופּיק געווען ניט פאַר־
טריקנט, ווען איך האָב זיך שוין געשלאָגן פאַר דער ראַטנמאַכט אין

אינ דער פּאַרטיי שוינ געווענ... אַזוי־אָ! אונ דאָס, וואָס איכ האָב היינט אויסגעטרונקענ, איז אַ פּאַקט, ווי דאָוויהאָוו אונדזוערער זאָגט. אונ ניט איינ פּלעשל האָב איכ אויסגעטרונקענ, נאָר צוויי!

— געפונענ מיט וואָס צו באַרימענ זיכ! דערפאַר טאַקע שפּאַרט פונ דיר נאַרישקייט... — האָט ראַזמיאָטנאָוו פאַרכמורעט אַ וואָרפ געטאָנ.

מאַקאַר האָט בלויז קרומ אַ קוק געטאָנ אינ זיינ זייט, אָבער ער האָט גענומענ רייִדנ שטילער אונ מיט דער האַנט האָט ער אויפגעהערט גלאַט אַזוי צו פאָכענ, נאָר ער האָט זי פעסט צוגעדריקט צומ האַרצנ, אונ איז אַזוי געבליבנ שטיינ ביזנ סאָפ פונ זיינ געפּלאָנטערטער, היציקער רעדע:

— קיינ נאַרישקייט שפּאַרט איצט ניט פונ מיר, דו לייגסט, אַנ־דרוישקע! אָבער אויסגעטרונקענ האָב איכ איבער דעמ, וואָס מיכ האָט כטאַלינס אַרטיקל ווי אַ קויל דורכגעלעכערט דורכ־אונ־דורכ, אונ אינ מיר האָט גענומענ קאָכנ דאָס הייסע בלוט... — מאַקאַרס שטימע האָט אַ ציטער געטאָנ, ער איז געוואָרנ נאָכ שטילער. — איכ בינ דאָ דער סעקרעטאַר פונ קעמערל, יאָ? איכ בינ צוגעשטאַנענ צו מענטשנ אונ צו אייכ, טייוולאָנימ, מע זאָל די העגער־הינער אינ קאָלווירט צונויפ־טרייבנ, יאָ? פאַרנ קאָלווירט האָב איכ אַגיטירט? אָט ווי אַזוי: עמעצנ פונ אונדזערע בייזוויליקע, כאָטש זיי רעכענענ זיכ פאַר מיטלפויערימ, האָב איכ אָפּנ געזאָגט: „גייסט ניט אינ קאָלווירט? ביסטו, הייסט עס, קעגנ דער ראַטנמאַכט? אינ 19־טנ יאָר קעגנ אונדז זיכ געשלאָגנ, געווענ קעגנ אונ איצט ביסטו קעגנ? נו, דעמלט וואַרט אויכ ניט פונ מיינ זייט קיינ שאָלעמ! איכ וועל דיכ שלאָגנ אונ אַזוי אַ גראָב טאָנ, אַז אַלע טייוולאָנימ וועט ניט גוט ווערנ!" האָב איכ אַזוי גערעדט? גערעדט, אונ אפילע מיטנ נאַגאַנ איבערנ טיש געקלאַפּט. איכ לייקנ ניט אָפּ! עמעס, ניט צו אַלעמענ, אָבער צו אַנדערע, וועלכע זיינענ אינ האַרצנ קעגנ אונדז באַזונדערס אָנגעשטרענגט, האָב איכ אַזוי געזאָגט, איצט בינ איכ ניט שיקער, איכ בעט אייכ, אָנ נאַרישקייטנ! איכ האָב אָט דעמ אַרטיקל ניט געקאָנט איבערטראָגנ, איבער אימ האָב איכ אויסגעטרונקענ דאָס ערשטע מאָל פאַרנ לעצטנ האַלב יאָר... — וואָס איז עס פאַר אַנ אַרטיקל? דאָס איז אַזאַ אַרטיקל, וואָס אונדזער כאַווער סטאַלינ האָט אָנגעשריבנ, אונ איכ, דאָס הייסט, מאַקאַר נאַגולנאָוו, כאַפּ אַ זעצ, אונ איכ ליג שוינ אינ בלאָטע מיטנ פּאָנעמ אַראָפּ, אויסגעצויגנ, אַנידערגעוואָרפנ... ווי אַזוי איז עס? כאַווייריִמ! איכ בינ דאָכ אייגשטי־

מיך דערמיט, אז איך האָב אַפּ לינקס געבויגן מיט די הינער און מיט אנדערע באַשעפענישן... אָבער, ברידער, פאַרוואָס האָב איך געבויגן? און נאָך וואָס הענגט איר מיר אָן אַפּן האַלדז טראָצקיזם, איר שפּאַנט מיך אײַן מיט אים, איך זאָל מיט אים אין איין יאָך גיין? דו, דאַווידאָוו, האָסט מיר די גאַנצע צײַט אין די אויגן געוואָרפן, אַז איך בין א לינקער טראָצקיסט. אָבער איך בין ניט אַזוי גראַמעטנע, ווי טראָצקי, און איך בין ניט אַזאַ, ווי ער... צו דער פּאַרטיי בין איך ניט ווי א געלערנטער ווײַדל צוגעוואַקסן, נאָר מיטן האַרצן און מיט מײַן בלוט, וואָס איך האָב פאַר דער פּאַרטיי פאַרגאָסן!

— דו רייד צו דער זאַך, מאַקאַר! וואָס מאַכסטו דאָ שטיק אין אַזאַ טײַערער צײַט? ניטאָ קיין צײַט, גיב פאָרשלאָגן, וויאַזוי זאָלן מיר אונדזערע אַלגעמיינע פעלערן פאַריכטן, און דו... וואָס האָסטו זיך צעלאָזן ווי טראָצקי. „איך בין אין דער פּאַרטיי, איך און די פּאַרטיי“...

— לאָז ריידן, — האָט מאַקאַר א רעווע געטאָן, אויפגעפלאַמט און נאָך שטאַרקער צוגעדריקט צום האַרצן די רעכטע האַנט. — פון טראָצקין שטויס איך זיך אָפּ! מיר איז איצט א שאַנדע מיט אים צו שטיין אַפּ איין ברעט! איך בין ניט קיין פאַרעטער און איך וואָרן אײַך פאַרויס: ווער עס וועט מיך אָנרופן טראָצקיסט — וועל איך אים אָנרײַבן א מאָרדע! איך וועל ברעכן די ביינער! און אַפּ לינקס מיט די הינער בין איך אַוועק ניט צוליב טראָצקין, נאָר איך האָב זיך געײַלט צו דער וועלט-רעוואָלוציע! איבער דעם האָט זיך מיר געוואָלט אַלץ גיכער אָפּטאָן און פאַרטער דעם אייגנטימער — דעם קליינעם בורזשוי — פאַרדרייען. אַלץ נענטער אַפּ א טריט וואָלט עס געווען צום סאָף פון דעם וועלט-קאַפּיטאַליזם! נו? וואָס-זשע שווײַגט איר? איצט איז אַזוי: ווער בין איך אַזוינס לויט כאַווער סטאַלינס אַרטיקל? אָט וואָס אין דעם דאָזיקן אַרטיקל איז אָפּגעדרוקט, — מאַקאַר האָט אַרויסגענומען פון דער פעלצל-קעשענע א „פּראַוודאַ“, זי פאַנאַנדערגעעפנט און לאַנגזאַם גענומען לייענען: — „וועמען זײַנען נייטיק אָט די פאַרקריפּלונגען, אָט די טשינאָווניקישע דעקרעטירונג פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג, אָט די אומווירדיקע דראָונגען בענעגייע די פּויערים? קיינעם ניט, אויסער אונדזערע פײַנט! צו וואָס קאָנען זיי ברענגען, די דאָזיקע פאַרקריפּלונגען? צו דער פאַרשטאַרקונג פון אונדזערע פײַנט און צו דער אַנטקרוינונג פון די אידייען פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג. צי איז דען ניט קלאָר, אַז די אַוטאָרס פון די דאָזיקע פאַרקריפּלונגען, וואָס האַלטן זיך פאַר „לינקע“, גיסן נאָר

אינדערעמעסנ וואסער אפ דער מיל פונעמ רעכטנ אפאָרטוניזמ!" אָט באקומט זיכ טאקע, אז איכ בינ פריער פאר אלצ — א דעקרעטנער־טשינאָווניק אונ אנ אוטער, אז איכ האָב אנטקרוינט די קאָלווירטניקעס אונ אז איכ האָב אָנגעגאָסנ וואסער אפ די רעכטע אפאָרטוניסטנ אינ אוועקגעלאָזט זייער מיל. אונ דאָס אלצ עפעס איבער שפעסנ, הינער, פארכאפט זאָלנ זיי ווערנ. אונ איבער דעמ, וואָס איכ האָב אָנגעסטראשעט עטלעכע שטיק געוועזענע ווייסע, וואָס האָבנ זיכ אפ טאָרמאָזנ אראָפגעלאָזט אינ קאָלווירט. דאָס איז ניט ריכטיק! מיר האָבנ געשאפנ, — געשאפנ א קאָלווירט, אונ דער ארטיקל רופט אפ צוריק. איכ האָב אנ עסקאדראָנ געפירט אי אפ די פאָליאקנ אי אפ ווראנגעלנ אונ איכ ווייס: ביסטו שוינ אוועק אינ אטאקע, איז פונעמ האלבנ וועג קער זיכ צוריק ניט אומ!

— פונעמ עסקאדראָנ טאקע ביסטו ארויסגעשפרונגענ פאָרויב פונקט אפ א הונדערטכיילעק — האט פארכמורעט א זאָג געטאָנ ראזמיאָטנאָוו, וואָס האט די לעצטע צייט פעסט אונטערגעהאלטנ האווידאָונ, — אונ ענדיק, זיי אזוי גוט, מאכאר, מע דארפ ריידנ צו דער זאכ! אָט ווענ מע וועט דיכ ארויסקלייבנ פארנ סעקרעטאר פונ צק, דאנ וועסטו ברעכנדיק דעמ קאָפ זיכ ווארפנ אינ אטאקע, אָבער איצט ביסטו א געוויינלעכער קעמפער, איז היט אָפ די אָרדענונג, אניט וועלנ מיר דיכ א ביסל קירצער מאכנ!

— דו שלאָג ניט איבער, אנדריי! יעטווידנ באפעל פונ דער פארטיי ווארפ איכ זיכ אונטער, אָבער איצט וויל איכ ריידנ ניט דערפאר, וואָס איכ וויל ריידנ קעגנ מיינ אייגענער פארטיי, נאָר דערפאר, וואָס איכ ווינטש איר גוטס! כאווער סטאלינ האָט פארשריבנ, אז מע האָט געדארפט ארבעטנ מיט א דיסקאָנט פונעמ אָרט, יאָ? איז פארוואָס זאָגסטו, דאווידאָוו, אז דער ארטיקל האָט גראָד מיכ אינ די אויגנ געטראָפנ? אינ אימ איז דאָכ ניט פארשריבנ אָפנ, אז מאכאר גאנולנאָוו איז אנ אוטער אונ א טשינאָווניק? ס'קאָנ זיינ, אז די דאָזיקע ווערטער האָבנ צו מיר גאָר קיינ שומ שייכעס ניט? אָבער, אז כאווער סטאלינ וואָלט געקומענ אינ גרעמיאטשי לאָג, וואָלט איכ אימ טאקע אזוי געזאָגט: „אונדזער טייערער יאָסיפ וויסאריאָנאָוויטש! דו, הייסט עס, ביסט קעגנ דעמ, מע זאָל אונדזערע מיטלפויערימ מאכנ א סטראשונעק? דו זשאלעוועסט זיי אונ ווילסט מיט איידלקייט זיי איינריידנ? אונ אויב ער, אָט דער מיטלפויער, איז אינ די פארגאנגענע צייטנ געוועזנ בא די ווייסע קאָזאקנ אונ ביז איצט איז ער ביז

אומגעוויינלעכקייט אנ אָנהענגער פונ אייגנטום, איז דאנ, אינ וואָ־סער אָרט דארפ איכ אימ לייגנ, ער זאָל אינ קאָלווירט ארייגגיינ אונ זאָל זיכ געדולדיק דערנענטערנ צו דער וועלט־רעוואָליוציע? ער, אָט דער מיטלפויער, אז ער טרעט שוינ אינ קאָלווירט ארײנ, קאָנ ער זיכ דאָכ ניט אָפזאָגנ פונ אייגנטום, נאָר ער זעט אלצ, ווי זײנ אײגענע בעהיימע בעסער אונטערקאָרמענ, אָט וואָס פאר א מענטש ער איז! נו, אונ אויב כאווער סטאלינ וואָלט א קוק געטאָנ אפ דעמ אוילעמ אונ וואָלט ווידער געשטאנענ אפ דאָס זײניקע, אז איכ האָב געמאכט פארקריפלונגענ אונ די קאָלווירטניקעס אנטקרוינט, וואָלט איכ אָפנ געזאָגט: „זאָל זײ דער טײוול קרוינענ, כאווער סטאלינ, אָבער איכ קענ מער ניט איבער מײנ געזונט, וואָס איז פאנאנדערגעוואָרפנ אי־בער אלע פראָנטנ. לאָזט מיכ אפ דער כינעזישער גרענעצ, דאָרט וועל איכ מער דער פארטײ צוניצ קומענ, אונ גרעמיאטשי זאָל אנדריושקע קאָלעקטיוויזירנ. בא אימ איז דער רוקנ א ווייכער, אונ ער קאָנ זיכ בוקנ פאר די געוועזענע ווײסע אויסגעצייכנט, אונ קאָנ לאָזנ א טרער... דאָס קאָנ ער אויכ!“.

— מיכ וואָלסטו ניט טשעפענ, אניט קאָנ איכ אויכ א טשעפע טאָנ...

— נו, גענוג, ס'וועט קלעקנ אפ הײנט! — דאווידאָוו איז אופגע־שטאנענ, צוגעגאנגענ נאָענט צו מאקארנ אונ מיט א קאלטער שטימ, וואָס אימ איז עס געווענ פרעמד, האָט ער געפרעגט: — סטאלינס בריוו, כאווער נאגולנאָוו, דאָס איז די ליניע פונ צק. וואָס־זשע, דו ביסט ניט אײנשטימיק מיטנ בריוו.

— ניינ.

— אונ די פעלערנ דײנע אנערקענסטו? איכ, לעמאָשל, אנערקענ מײנע. קעגנ א פאקט קאָנ מענ גאָרנישט ניט מאכנ אונ העכער פאר עפעס וואָס קאָנ מענ ניט שפרינגענ. ניט נאָר איכ אנערקענ, אז מיר האָבנ איבערגעזאלצנ, פארגעזעלשאפטלעכנדיק דאָס קליינפי, די קעלבלעכ, נאָר איכ וועל פאריכטנ מײנע פעלערנ. מיר האָבנ זיכ צופיל געכאפט מיט די פראָצענטנ פונ דער קאָלעקטיוויזאציע, כאָטש אינ דעמ איז אויכ די שולד פונ רײקאָמ פאראנ, אונ מיר האָבנ צו ווײניק געארבעט פאקטיש צו פארפעסטיקנ דעמ קאָלווירט. די אנער־קענסט דאָס, כאווער נאגולנאָוו?

— איכ אנערקענ.

— איז אינ וואָס גייט עס?

דער אַרטיקל איז ניט קיינ ריכטיקער...

דאַווידאָוו האָט א מינוט פאַנאַנדערגעגלעט מיט די הענט די שמוציקע צעראַטע אפנ טיש, אומבאַוווּסט צוליב וואָס האָט ער פאַרדרייט דעמ קנויט פונעמ לאָמפּ, וואָס האָט מעסיק געברענט, ווייזט אויס, ער האָט געפרווּוט איינשטילנ זיינ אופרעגונג און ניט געקאָנט:

— דו! פלאָקנ, טייוול!.. פאַר אזעלכע רייד־אַלעכ וואָלט מענ דיכ אינ אַנ אַנדער אָרט פונ דער פאַרטיי אַרויסגעשלײַדערט! א פאַקט! ביסט פונ זינענ אַראָפּ, צי וואָס? אָדער דו ווילסט באַלד אופהערנ אָט דעמ... דײַנ דאָזיקנ... דײַנ אָפּאָזיציע, אָדער מיר וועלנ אפ דיר... א פאַקט! מיר האָבנ גענוג געליטנ דײַנע אַרויסזאָגונגענ, נאָר אויב די שטעלסט עס עתּנסט, — זײַ מויכל! מיר וועלנ אָפיציעל מעלדנ דעמ רײַקאָמ וועגנ דײַנ אַרויסטרעטונג קעגנ דער פאַרטיי־ליניע!

— מעלד! איכ וועל אַלייִנ מעלדנ אינ רײַקאָמ. פאַר באַניקנ און פאַר אַלצ וועל איכ פאַרייִנס ענטפערנ...

דאַווידאָוו איז עטוואָס אײַנגעשטילט געוואָרנ און זיכ צוגעהערט צו מאַקאַרס פאַרלאָרענער שטימ, אָבער ער האָט נאָכ אַלצ מיט ניט אָפּגעקילטער בייזקייט געזאָגט, קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס:

— ווייסט וואָס, מאַקאַר? גיי שלאָפ זיכ אויס, אינ דערנאָכ וועלנ מיר מיט דיר רייד̇נ פאַקטיש אַניט באַקומט זיכ בא אונדז מיט דיר, ווי אינ דער מײַסע וועגנ א ציגעלע א ווײַסע. „מיר זײַנענ מיט דיר געגאַנגענ?“ „געגאַנגענ“. „א פעלצ האָבנ מיר געפונענ?“. „געפונענ“. „נו, לאָמיר טיילנ דעמ פעלצ, ווי מיר האָבנ אָפּגערעדט“. „וואָסער פעלצ?“ „מיר זײַנענ דאָכ מיט דיר געגאַנגענ?“... „געגאַנגענ“... און אזוי אָנ א סאָפ! דאָ זאָגסטו, אז דײַנע פעלערנ אָנערקענסטו, און באַלד נאָכ דעמ מעלדעסטו, אז דער אַרטיקל איז ניט קיינ ריכטיקער. איז וועלכע־זשע פעלערנ אָנערקענסטו, אויב דער אַרטיקל איז ניט קיינ ריכטיקער, לויט דײַנ מיינונג? האָסט זיכ פאַרפּלאָנטערט, א פאַקט! און דערנאָכ, פונ וועלכע צײַטנ האָבנ דאָס די סעקרעטאַרנ פונ די קאָמערלעכ אָנגעהויבנ צו קומענ אפ קאָמערלעכ־פאַרזאַמלונגענ אויסגעטרונקענע? וואָס איז עס, נאָגולנאָוו? דאָס איז א פאַרטיי־פאַרזינדיקונג! דו ביסט אַנ אַלטער פאַרטיי־מיטגליד, א רויטער פּאַרטיזאַנ, מיט אַנ אָרדנ פונ דער רויטער פאָנ, און פלוצלינג אזא דערשײַנונג... אָט איז גײַדיאָנאָוו א קאָמיוניסט, וואָס קאָנ ער וועגנ דײַנ געשטאַלט א קלער טאָנ? און דערנאָכ, אויב ס'וועט דערגיינ ביז דער קק, אז דו שיקערסט, און נאָכ אינ אזא פאַראַנטוואָרטלעכנ מאָמענט, וואָס דו האָסט ניט נאָר מיטלפּויע-

רומ אָנגעשראָקנ מיט געווער אינ די הענט, נאָר דו באצייסט זיכ ניט באָלשעוויסטיש צו דיינע פארקריפלונגענ אינ דו טרעטסט אפילע ארויס קעגנ דער פארטיי-ליניע, איז האָס, נאגולנאָוו, וועט זיכ באקומענ פאר דיר א טרויעריקער פאקט. דו וועסט ניט נאָר קיינ סעקרעטאר פונ קע-מערל ניט זיינ, נאָר אויב קיינ פארטיי-מיטגליד ניט, זאָלסט עס וויסנ! דאָס זאָג איכ דיר פאקטיש — דאווידאָוו האָט א טרייבער געטאָנ די האר, איז אנשוויגנ געוואָרנ, פילנדיק, אז ער האָט מאקארנ פארטשע-פעט פארנ אָנגעווייטעקטנ אָרט, אונ פאָרגעזעצט: — קיינ דיסקוסיע ארומ דעמ ארטיקל איז ניטאָ וואָס צו מאכנ. די פארטיי וועסטו אזוי, ווי דו ווילסט, ניט איבערמאכנ, זי האָט ניט בא אזעלכע, ווי דו, די הערנער אָפגעבראָכנ אונ געצווונגענ זיי זיכ אונטערגעבנ, וויאזוי פאר-שפייסטו דאָס ניט!

— גענוג דיר מיט אימ זיכ פארהרייענ דעמ קאָפּ! א שאָ נאָכא-נאנד האָט ער געהאלט א טשטשיניק, ס'גיט גערינג וואָס צו הערנ. זאָל ער גיינ שלאָפנ. גיי, מאקאר! ווי שעמסטו זיכ ניט! גיב א קוק אפ זיכ אינ שפיגל, וועסטו זיכ דערשרעקנ: די מאָרדע איז געשוואָלנ, די אויגנ ווי בא א מעשוגענעמ הונט, נו, וואָס ביסטו געקומענ אהער מיט אזא אויפרעגנ? גיי! — ראזמיאָטנאָוו איז אופגעשפרונגענ, ווילד א טרייסל געטאָנ מאקארנ פאר דער פלייצע, אָבער יענער האָט מיט א צעקראָכע-נער, מאכטלאָזער באוועגונג אראָפגענומענ זיינ האנט פונ דער פלייצע אונ נאָכ מער זיכ איינגעהויקערט...

אינ דער הריקנדיקער שטילקייט האָט דאווידאָוו מיט די פינגער גע-פינקלט איבערנ טיש... נײדיאָנאָוו וואניושקע, וואָס האָט די גאנצע צייט מיט א פארכידעשטנ שמייכל זיכ צוגעקוקט צו מאקארנ, האָט געבעטנ:

— כאווער דאווידאָוו, לאָמיר ענדיקנ.

— איז אָט, כאוויירימ, — איז דאווידאָוו אויפגעלעבט געוואָרנ, — איכ ליינ פאָר פאָלגנדיקעס: אומקערנ די קאָלווירטניקעס זייער קליינ-פי אונ די קי, אָבער ווער עס האָט אָפגעגעבנ צו צוויי קי, יענע דארפ מענ אנ אגיטיר טאָנ, זיי זאָלנ צו איינ קו איבערלאָזנ אינ דער קאָל-ווירטישער פארגעזעלשאפטלעכטער סטאדע. מאָרגנ באלד אינדערפרי דארפ מענ צונויפרופנ א פארזאמלונג אונ דורכפירנ אנ אופקלער אר-בעט. דעמ גאנצנ טראָפ דארפ מענ איצט שטעלנ אפ אופקלערונג! איכ האָב מוירע, אז מע וועט אָנהייבנ ארויסגיינ פונעמ קאָלווירט, אָבער מיר דארפנ דאָב הײנט ארויספאָרנ אינ פעלד... אָט, ווו, מאקאר, דו

יאָגסט באַוויזן דײַנע פּאַראַנטוואָרטלעכקײַט! רייד איין, אָבער אָן א גאַגאַן, מע זאָל פון קאָלווירט ניט אַרויסגיין, דאָס וועט זײַן א פּאַקט! איז וואָס, וועלן מיר אָפּשטימען מײַן פאָרשלאָג? ווער איז פּאַר? דו האַלטסט זיך אָפּ, מאַקאַר? וועלן מיר אַזוי פאַרשרײַבן: „בא איינע אָפּ-געהאַלטענעם"...

ראַזמיאָטנאָוו האָט פאָרגעלייגט פון מאָרגנדיקן טאָג אָן פירן א קאַמף קעגן די זיסלמײַז. מע האָט באַשלאָסן מאָביליזירן אויף פּאַחיבכטן די זיסלמײַז א טייל קאָלווירטניקעס, פון יענע, וואָס וועלן ניט זײַן פאַרנומען אויף דער פעלד-אַרבעט, צופעסטיקן צו זיי עטלעכע פּאָר אָקסן, וואָס זאָלן ברענגען וואַסער, און בעטן דעם שול-פאַרוואַלטער, דעם לערער שפּיגיא, אַרויסגיין מיט די שילער אין פעלד און העלפן פאַרטרײַבן מיטן וואַסער די דאָזיקע שעדיקער.

די גאַנצע צײַט פון דער פאַרזאַמלונג האָט דאַווידאָוו אײַנגערלעבן זיך געוואַקלט: זאָל ער א דריק טאָן מאַקאַרן? זאָל ער שטעלן די פראַגע וועגן צוציִען אים צו פּאַרטיי-פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר זײַנע אַרויס-טרעטן קעגן סטאַלינס אַרטיקל, פאַרן ניט וועלן ליקווידירן די רעזול-טאַטן פון די „לינקע" פעלערן, וואָס מע האָט געמאַכט באַם גרינדן דעם קאָלווירט? אָבער צום סאָף פון דער פאַרזאַמלונג, ווען ער האָט א קוק געטאָן אויף מאַקאַרס טויט-בלאַס פּאָנעם, א שווייסיקס מיט אָנ-געלאָפענע אָדערן אויף די שלייפן, האָט ער באַשלאָסן: „ניין, מע דאַרף ניט! ער וועט אַליין פאַרשטיין. זאָל ער אָן א דרוק אָנערקענען. א פּלאָנטערניק, אָבער ס'איז האָב שרעקלעך, אן אייגענער! דערצו נאָך זײַנע קרענק... די פּאַליקע. ניין, מירן פאַרשמירן די געשיכטע!".

מאַקאַר איז ביזן סאָף פאַרזאַמלונג געזעסן שווייגנדיק און אויסער-לעך מיט גאָרנישט ניט אַרויסגעוויזן זײַנע אופרעגונגען. דאַווידאָוו האָט קוקנדיק אויף אים, בלויז איינע אייינציקע מאָל באַמערקט, ווי איבער מאַ-קאַרס הענט, וואָס זײַנען מאַכטלאָז געלעגן אויף די קני, איז ווי א שלעטגלדיקע כוואַליע דורכגעלאָפן א היפּשער ציטער...

— געם נאַגולנאָוון צו זיך נעכטיקן, גיב אַכטונג, ער זאָל ניט טרינ-קען, — האָט דאַווידאָוו אײַנגערוימט ראַזמיאָטנאָוון, און יענער האָט צושטימיק א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

אַהיים האָט זיך דאַווידאָוו אומגעקערט אַליין, לעבן לוקאַשקע טשע-באַקאָווס הויף זײַנען אויפן אײַנגעפאַלענעם פּאַרקן געזעסן קאָזאַקן. פון דאָרטן האָט זיך געטראָגן א לעבהאַפטער שמועס. דאַווידאָוו איז גע-

גאנגעו אפ יענער זײט גאס. װענ ער האָט זיך אויסגעגלײַכט מיט זײ, האָט ער דערהערט, װי פונ דער פינצטער האָט עמעצער אַנ אומבאקאַנ-טער זיכער, מיט א שמייכל אינ זײַנ באס-שטימ געזאָגט:

— ...װיפל דו גיסט ניט, װיפל דו צאָלסט ניט, — אלצ איז פאר זײ װײניק! — און דער צװײטער ענטפערט: — איצט האָבנ זיך בא דער ראטנמאכט באקומענ צװײ פליגלענ: א רעכטער און א לינ-קער, װענ-זשע װעט זי שוינ אװעקפליִענ פונ אונדז צו אלדי רוכעס?

א פארשײדנשטימיקער געלעכטער האָט אויסגעבראָכנ און איז אומדערװארט שנעל אנשװיגנ געװאָרנ. „טססס!.. דאװידאָװו!" — האָט זיך דערהערט אינ אומרויִק שושקענ. און באלד האָט די פריִערדיקע באס-שטימ אָנ דעמ קלענסטנ סימענ פונ שפילעװדיקײט, מיט גע-מאכטער זאכלעכקײט, גענומענ אויסגעצויגנ רײדנ:

— יאָ—אָ—אָ... װענ עס װאָלט קײנ רעגנ ניט געװענ, װאָלטנ מיר מיטנ פארזײ זיך שנעל ספראװעט... די ערד טריקנט פאַשעט פאר די אויגנ. נו, װאָס, ברידערלעך, מע דארפ גײנ זיך אָפרוענ, צי װאָס? א גוטע נאכט!

א הוסט. טריט...

## קאפיטל 29

אפנ צװײטנ טאָג האָט מענ אָנגעגעבנ דרײַ און צװאנציק מעל-דונגענ װעגנ ארויסגײנ פונעמ קאָלװירט. עס זײַנענ ארויס דער-הויפט מיטלפויערימ, װאָס זײַנענ ארײַנגעטראָטנ אינעמ קאָלװירט צװישנ די לעצטע. אפ די פארזאמלונגענ פלעגנ זײ געװײנלעך צו-שװײַגנ, שטענדיק זיך געקריגט מיט די אָרדער-געבער און פלעגנ אָנ כײשעק ארויסגײנ אפ דער ארבעט. דאָס האָט װעגנ זײ דאװילנאָװו געזאָגט: „קאָלװירטניקעס זײַנענ דאָס? דאָס איז זיך גלאט אזוי ניט אהינ, ניט אהער!" עס זײַנענ ארויס די, װאָס אינ טאָג גענומענ זײַנענ זײ געװענ א טויטער באלאסט אינ די בריגאדעס, װאָס זײַנענ געװאָרנ קאָלװירטניקעס צי פאר מוירע ניט ארײַנצופאלנ אינ אומ-כײנ בא דער מאכט, צי פשוט דערפאר, װאָס זײ זײַנענ מיטגע-שלעפט געװאָרנ מיטנ אלגעמײנעמ מעכטיקנ שטראָמ, מיטנ דראנג אינ קאָלװירט, װאָס האָט זיך נאָך אינ יאנװאר אָנגעהויבנ.

דאװידאָװו האָט, באקומענדיק די מעלדונגענ, געפרואװט זײ אײַנ-רײדנ, געראטנ זײ זיך צו באטראכטנ, אָפװארטנ, אָבער די ארויסגײַ-

טראָטענע האָבנ זיכ אײַנגעשפּאַרט אפ דאָס זייעריקע, אונ דאַווידאָוו האָט סאָפּקאָלסאָפּ א מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט:

— גייט, בריגעדע, אָבער געדענקט, איר וועט זיכ ווידער בעטנ אינ קאָלווירט אַרײַנ, — מיר וועלנ נאָכ דעמלט א קלער טאָנ, אַרײַנ־נעמענ אײַכ אָדער ניט?

— ס'איז נאָכ א פראַגע, צי מיר וועלנ זיכ נאָכ ווידער בעטנ! מיר האָבנ פונ ס'נײַ דערבײַלעבנ זיכ אָנ דעמ קאָלווירט... מיר האָבנ, ווי דו זעסט, דאַווידאָוו, אויכ פריער ווי־עס־איז געלעבט אָנ דעמ קאָלווירט, פונ הונגער זײַנענ מיר געשוואָלנ ניט געוואָרנ, אפ אינ־דזער האָב אונ גוטס זײַנענ מיר אַלײַנ געווענ די באַלעבאַטימ, קײנ פרעמדע פּעטערס האָבנ אונדז ניט אָנגעוויזנ ווי צו אַקערנ, ווי צו זייענ, קײנ אונטערשטופּער זײַנענ מיר בײַ קײנעמ ניט געווענ... אַזוי אז מיר רעכענענ אויכ איצט אָנ דעמ קאָלווירט צו לעבנ אונ ניט צו בענקענ! — האָט שמייכלענדיק אינ די פאַרדרייטע קאַטשאַנ־וואָנציעס פאַר אַלעמענ אָפּגעענטפערט דער געבעטיקער קאָלווירטניק איוואַנ באַטאַלשטשיקאָוו.

— אונ מיר וועלנ אײַכ אָנ אײַכ ווי־ניט־איז זיכ דערלעבנ! ווייי־נענ אונ קלאָגנ וועלנ מיר ניט, א פּאַקט! מיט א פּאַרשוינ ווייניקער, איז אינ וואָגנ גראַמער אינ דעמ פערד גרינגער — האָט דאַווידאָוו אָפּגעהאַקט.

— 'טאַקע בעסער, וואָס מיר נייענ זיכ פאַנאַנדער מיט גוטנ. א ווײַלע צוזאַמענ, אונ אָנ זידלערײַענ צעשיידט זיכ. דערלויבט אונדזע־רע בעהיימעס פונ די בריגאַדעס צונעמענ?

— ניינ, די דאָזיקע פראַגע וועלנ מיר שטעלנ אפ דער פאַרוואַל־טונג. וואַרט אָפּ ביז מאָרגנ.

— נישטאָ קײנ צײַט צו וואַרטנ. איר אינ קאָלווירט וועט עפּשער נאָכ טראָגנ אָנהייבנ זייענ, אָבער מיר דאַרפנ פאָרנ אינ פעלד. ביז מאָרגנ וועלנ מיר וואַרטנ, אָבער אויב איר וועט אָנהייבנ אויכ מאָרגנ אונדזערע בעהיימעס פאַרהאַלטנ, דעמלט וועלנ מיר אַלײַנ צונעמענ!

אינ באַטאַלשטשיקאָווס שטימ האָט זיכ געהערט אָנ אָפענע דראָ־ונג, אונ דאַווידאָוו איז עטוואָס רויט געוואָרנ פונ בייזקײַט, ווענ ער האָט אימ געענטפערט:

— איכ וויל א קוק טאָנ, ווי דו וועסט עפּעס נעמענ פונעמ קאָל־ווירטישנ שטאַל אָנ דעמ ווײַס פונ דער פאַרוואַלטונג! ערשטנס,

וועלנ מיר ניט געבנ, אונ צווייטנס, אויב דו וועסט יאָ נעמענ, — וועסטו ענטפערנ אינ געריכט.

— פאַר מײַנ בעהיימע?

— דערווײַל איז זי א קאָלווירטישע.

מיט די דאָזיקע געוועזענע קאָלווירטניקעס האָט זיכ דאַווידאָוו צעשיידט אָנ דעמ קלענסטנ פאַרדראָס, אָבער רעמיר דעמ שווינגערס מעלדונג וועגנ ארויסגיינ פונ קאָלווירט האָט אימ ניט אָנגענעמ איבעראַשט. ער איז געקומענ פאַרנאַכטלעכ א שטאַרק שיכּורער אונ גאָר אַלצ אזא ניט קיינ באַרייעדעוודיקער. ניט באַגריסנדיק זיכ, האָט ער ארײַנגערוקט א שטיקל צײַטונג־פאַפיר מיט אָנגעדראָפּעטע ווערטער אינ דער קווער פונעמ טעקסט:

— „לאָזט מיכ ארויס פונ דעמ קאָלווירט".

דאַווידאָוו האָט געדרייט אינ זײַנע הענט דעמ שווינגערס קאַרג־ווערטערדיקע מעלדונג אינ א געוויסער פאַרלעגנהײַט, אונ מיט אומ־צופרידנקײַט אינ דער שטימ האָט ער געפרעגט:

— וואָס איז עס מיט דיר, הא?

— איכ דערווײַטער זיכ, — האָט ארויסגעזיפצט דער שווינגער.

— וווּהינ? פאַרוואָס?

— פונעמ קאָלווירט, הייסט עס.

—אָבער פאַרוואָס גייסטו ארויס? וווּהינ וועסטו גיינ?

רעמיר האָט צעשוויגנ אונ ברייט צעפירט מיט די הענט.

— אפ אלע פיר זײַטנ ווילסטו זיכ לאָזנ? — האָט ראַזמיאָטנאָוו פאַרטײַטשט זײַנ זשעסט.

— אָטראָט!

— אָבער פאַרוואָס גייסטו פאַרט ארויס? — האָט דאַווידאָוו זיכ אויסגעפרעגט, איבעראַשט דערפונ, וואָס עס גייט ארויס אנ אָרעמ־פויער — דער שווינגנדיקער אקטיוויסט.

— מענטשנ גייענ ארויס... נו, גיי איכ אויכ.

— אונ אויב מענטשנ וועלנ זיכ וואַרפנ פונ בארג מיטנ קאָפּ אראָפּ, וועסטו אויכ? — האָט געפרעגט דער שטיל שמייכלענדיקער ראַזמיאָטנאָוו.

— נו, דאָס, ברודער, ניט! — דער שווינגער האָט זיכ צעלאַכט. זײַנ געלעכטער איז שטאַרק ענלעכ געווענ אפ א טראַסק פונ א ליידי־קער פאַס.

— נו, מיילע, גיי ארויס, — האָט דאַווידאָוו אָפּגעזיפצט — דײַנ

קענסטו צונעמענ. איר אלס אַרעמפּויער גיבנ מיר אָפּ אַנ רייד, א פאקט. מירנ אימ אָפּגעבנ, ראזמיאַטנאָוו?

— מע דאַרפ אָפּגעבנ — האָט ראזמיאַטנאָוו צוגעשטימט, אָבער דעמיד האָט ווידער ראכוועסדיק אונ דונערנדיק זיכ צעלאכט אונ ארויסגעפּויקט:

— איכ דאַרפ זי ניט, די קו! איכ שענק זי דעמ קאָלווירט. איכ וועל מיסטאמע אַנ איידעמ ווערנ. ווי געפעלט עס איַיכ? איר וווּנדערט זיכ אוואדע? — אונ איז ארויס ניט געזעגנט.

דאווידאָוו האָט ארויסגערוקט דורכנ פענצטער: דער שוויַגער איז אומבאוועגלעכ געשטאנענ באַמ גאַנעק. די פארגייענדיקע רויטע זונ האָט מיט דער פולער האנט באַלויכטנ זיַנ בעראַרטיקנ רוקנ, דעמ מעכטיקנ ברייטנעמ קאַרק, וואָס איז ביזנ סאמע קאָלנער געווענ באַוואַקסנ מיט געגילטע, שטאַרק געקריַזלטע האָר. דער קאָלווירטישער הויפ איז געווענ פארגאָסנ מיט וואסער פונ צעגאנגענעמ שניי. א קאַלאָסאַלע לוזשע האָט זיכ געצויגנ פונעמ גאַנעק ביזנ שפּיַכלער. פונ די טרעפּלעכ פאַרביַ דעמ פאַרקנ האָט זיכ געצויגנ א שטעגעלע, דורכגעטראָטנ אינ צעקראָכענעמ שניי אונ בלאָטע. מענטשנ פלעגנ פארביַגייענ די לוזשע אונ געווייַנלעכ געגאנגענ באַמ סאמע פארקנ, האלטנדיק זיכ מיט די הענט פאר די פּלעקלעכ... דעמיד איז געשטאַנענ אינ טעמפּער שווערער פארטראכטקייַט. דערנאָכ האָט ער זיכ א וואקל געטאָנ אונ פלוצלינג מיט שיקערער גלייַכגילט א שפּאַנ געטאָנ גלייַכ אינ וואסער אריַנ אונ איז אויפגעקראָכנ צומ שפּיַכלער, לאנגזאמ אונ וואַגיק זיכ וואקלענדיק.

דאווידאָוו האָט מיט אינטערעס נאָכ אימ נאָכגעפאָלגט אונ דערזענ, ווי דער שוויַגער האָט גענומענ דעמ לאָמ, וואָס איז געשטאנענ אפּנ שפּיַכלער-בריקל, אונ איז צוגעגאנגענ צומ טויער.

— צי האָט ער, דער טיַוול, ניט פארטראכט אונדז צו צעגראָמירנ? — האָט ראזמיאַטנאָוו געזאָגט, צוגייענדיק צומ פענצטער, אונ זיכ פאנאנדערגעלאכט. ער האָט שטענדיק זיכ באצויגנ צומ שוויַגער ווארעמ, ליבלעכ, באהאלטנדיק אינ זיכ די ניט-באזיגבארע אכטונג צו זיַנ פיזישער מעכטיקייַט.

דער שוויַגער האָט געעפנט דעמ טויער אונ מיט אזא קראפט א זעצ געטאָנ מיטנ לאָמ איבערנ איַיז-בערגל, אז ער האָט מיט איינ מאָל אָפּגעהאקט א גרויס שטיק איַיז, א פוד דריַ די וואָג. אָנעמ טויער האָבנ זיכ ווי א האָגל אָפּגעקלאפּט איַיז-ברעקלעכ, אונ אינגיכנ האָט

זיך אין דער געשאפענער ריגווע שטיל א לאָז געטאָן דאָס וואסער פו־
נעם הויפ.

— גו, דער וועט דיר זיין אינעם קאָלווירט! — האָט ראזמיאָט־
נאָוו גענומען ריידן, אָנגעכאפּט דאווידאָוון פאר דער פּלייצע און אָנ־
געוויזן אפן שוויגער. — באמערקט אן אומאָרדענונג, האָט ער פאר־
ריכט און איז אוועקגעגאנגען. הייסט עס, אז זיין הארץ איז געבליבן
אין אונדזער ווירטשאפט! ריכטיק זאָג איך?



נאָך דעם, ווי אין ראיאָן האָבן זיך באוויזן צייטונגען מיטן כ׳
סטאלינס ארטיקל, האָט דער ראַיקאָם צוגעשיקט דעם גרעמיאטשער
קעמערל א לאנגע דירעקטיוו, וואָס האָט ניט דעטאלען און ניט פאר־
שטענדלעך גערעדט וועגן ליקווידירן די פאָלגן פון די איבערבייגן.
עס האָט זיך געפילט, אז אין ראיאָן האָט געהערשט א פולקומע פאר־
לאָרנקייט. קיינער פון דער ראיאָנער אָנפירונג האָט זיך אין די קאָל־
ווירטן ניט געוויזן. אפ די אָנפראגן פון די ערטער, וואָס זאָל מען
טאָן מיטן פארמעגן פון די ארויסגעטראָטענע, האָט ניט דער ראַיקאָם
פון דער פארטיי, ניט דער ראיאָנער פעלדצוכטפארבאנד ניט געענט־
פערט. און בלויז נאָך דעם, ווי מע האָט באקומען די באשטימונג פונעם
צק „וועגן דעם קאמפ קעגן די פארקריפלונגען פון דער פארטיי־ליניע
אין דער קאָלווירטישער באוועגונג“, האָט זיך דער ראַיקאָם גענומען
טומלען: אין גרעמיאטשי לאָג האָבן זיך א שאָט געטאָן פאראָרדע־
נונגען וועגן צושטעלן דרינגענד די צעטלען פון די אנטבאלעבופעווע־
טע, וועגן אומקערן צוריק די קאָלווירטניקעס האָס פארגעזעלשאפט־
לעכטע קליינפי און אויפעס, וועגן איבערקוקן די צעטלען פון די, בא
וועמען מע האָט אָפגענומען די וואלרעכט. גלייכצייטיק דערמיט האָט
מען באקומען אן אָפיציעלע מיטיילונג, וואָס האָט נאגולנאָוו ארויס־
געריפן אפ דער פארייניקטער זיצונג פון דער ביוראָ פונעם ראַיפארט־
קאָם און ראיאָנער קק צו 10 אזייגער אינדערפרי דעם 28־טן מארט.

# קאפיטל 30

פאר א וואָך צייט איז אין גרעמיאטשי לאָג ארויס פונעם קאָל־
ווירט ארום הונדערט ווירטשאפטן. א באזונדערס גרויסער אָפפלוס
איז געווען פון דער צווייטער בריגאדע, ווו ס׳איז ארום און ארום גע־

בליבנ צוואנציק ווירטשאפטנ, אונ אויכ פונ דער צאָל זײַנענ עטלעכע מענטשנ געווענ „אפ וואקאנסיע צו אנטלויפנ", ווי עס האָט געזאָגט ליובישקינ דער ברינגאדיר.

דער כוטער האָט געפיבערט. יעדער טאָג האָט דאווידאָוו גע-בראכט נײַע אומאָנגענעמלעכקײַטנ. אפ זײַנ אָנפראגע צומ צווייטנ מאָל — צי זאָל ער די ארויסגעטראָטענע אָפגעבנ צוריק די שלעפ-קראפט אונ לאנדווירטשאפטלעכנ אינווענטאר באלד, אָדער נאָכנ פארזיי, האָבנ דער ראיאָנער פעלדצוכטפארבאנד אונ דער רײַפארטקאָמ געענט-פערט מיט א דונערדיקנ באפעל, וואָס זײַנ זינענ איז באשטאנענ דע-רינ, אז די גרעמיאטשער זאָלנ מיט אלע קויכעס אונ מיטלענ ניט דער-לאָזנ צעפאלנ ווערנ דעמ קאָלווירט, זיי זאָלנ וואָס א גרעסערע צאָל קאָלווירטניקעס אָפהאלטנ פונ ארויסטרעטנ, אונ אז אלע כעזשבוינעס מיט ארויסגעטראָטענע, אונ אויכ דאָס אָפגעבנ זיי זייער פארמעגנ זאָל מענ אריבערטראָגנ אפ האַרבסט.

אינגיכנ איז פארפאָרנ אינ גרעמיאטשי דער פארוואלטער פונ ראיאָנעמ ערדאָפטייל, דער מיטגליד פונ דער ביוראָ פונעמ רײַקאָמ בעגליכ. ער האָט אפגיכ זיכ באקאָנט מיט דער לאגע (דעמ טאָג האָט ער געדארפט פארפאָרנ נאָכ אינ עטלעכע דאָרפראטנ) אונ מיטגע-טײלט:

— אינ דעמ מאָמענט זאָלסטו דאָס פי אונ דעמ אינווענטאר די ארויסגעטראָטענע אינ קיינ פאל ניט אָפגעבנ. ביז האַרבסט, אונ דער-נאָכ וועלנ מיר זענ.

— מע כאפט האָב פארנ נאָרגל! — האָט דאווידאָוו געפרווט דערהוידערנ. בעגליכ — א מענטש אינ אנטשלאָסענער אונ פעסטער — האָט גאָר א שמייכל געטאָנ.

— כאפ הו אויכ פארנ נאָרגל. אינ טאָכ וואָלטנ מיר, פארשטייט זיכ, געדארפט אומקערנ, אָבער ס'איז דאָ אזא אײַנשטעלונג פונעמ קרײַזקאָמ: אָפגעבנ בלויז אינ אויסנאמ-פאלנ, האלטנדיק זיכ באמ קלאסנ-פרינציפ.

— דאָס הייסט?

— נו, דאָס דארפסטו פארשטיינ אָנ דעמ „דאָס הייסט!" אנ אָרעמפויער דארפ מענ אָפגעבנ, אונ א מיטלפויער דארפ מענ צוזאָגנ אפ האַרבסט, פארשטאנענ?

— צי וועט זיכ עס ניט באקומענ, בעגליכ, ווי מיט דער הונדערט־פראָצענטיקער קאָלעקטיוויזאציע? ס'איז דאָכ אינ רײַקאָמ געווענ אזא

איינשטעלונג: „יאָג ביז הונדערט, וואָס עס זאָל ניט זײַנ, און וואָס גיכער!“ האָט זיכ באַקומענ קאָפּשווינדל... ניט אָפּגעבנ דאָס פי דעמ מיטלפויער — באַטײַט פּאַקטיש צעקוועטשנ אימ, הא? מיט וואָס וועט ער אַקערנ און זייענ?

— דאָס איז ניט דײַנ באַבעס דייגע. דו טראַכט ניט וועגנ דעמ אינדיווידואַל, נאָר וועגנ דײַנ קאָלווירט. אָט, מיט וואָס וועסטו אַר־בעטנ, אויב דו וועסט אָפּגעבנ דאָס פי? און ווײַטער איז עס ניט און־דזער אײַנשטעלונג, נאָר פונעמ קרײַזקאָמ, און מיר, ווי סאָלדאַטנ פונ דער רעוואָליוציע, זײַנענ מעכוייעוו זיכ אונטערצוואַרפנ איר אָנ שומ טײַנעס. איז אָט, ווי רעכנסטו אויספילנ דעמ פּלאַנ, אויב 50 פּראָ־צענט פי דײַנע וועט אַריבערגיינ צו די אינדיווידואַלנ? קיינע שמועסנ און דיסקוסיעס! דאָס פי האַלט מיט די ציינ און מיט די הענט. וועסטו ניט אויספילנ דעמ פּאַרזיי־פּלאַנ, וועלנ מיר דעמ קאָפּ אַראָפּ־רײַסנ!

און זעצנדיק זיכ שוינ אינ וואָגנ, האָט ער פּאַרבײַגייענדיק אַ וואָרפ געטאָנ:

— אינ אַלגעמיינ און אינגאַנצנ איז שווער־לעבנ! פּאַר די איבער־בייגנ וועט, ברודערל, אויסקומענ צו צעצאָלנ זיכ, עמעצנ ברענגענ פּאַר אַ קאָרבנ... אַזוי איז שוינ די אָרדענונג. אונדזער ראַיאָנער אוי־לעמ איז שרעקלעכ געשטימט קעגנ נאַגולנאָווג. וואָס האָט ער דאָ אָנגעמאַכט? געשלאָגנ עפּעס אַ מיטלפּויער, אַרעסטירט, געסטראַשעט מיטנ נאַגאַנ. סאַמאָכינ האָט מיר דערציילט. ער האָט אָפּ אימ אַ גאַנצנ איניעג. יאַ־אָ, נאַגולנאָוו האָט זיכ אַרויסגעוויזנ פּאַר אַ לינ־קאַטש פונ גרויסנ מאַסשטאַב. און איצט ווייסטו וואָס פּאַר אַנ אײַנ־שטעלונג ס'איז דאָ? באַשטראָפנ ביז סאַמע אויסשליסנ פונ דער פּאַרטיי! נו, זײַ געזונט. דאָס פי, דאָס פי היט אָפּ!

בעגליב איז אַוועקגעפאָרנ אינ וואָיסקאָווע. דער ווינט האָט נאָכ ניט באַוויזנ אויסצוטריקענענ די שפּורנ פונ די רעדער פונ זײַנ וואָגנ, ווי עס איז געקומענ צו לויפנ אַנ אופגערעגטער אַנאָפּאָנ דובצאָוו — דער בריגאַדיר פונ דער דריטער בריגאַדע.

— כאַווער דאַווידאָוו! די אָקסנ און די פערד האָט מענ בײַ מיר צוגענומענ, אָט די, וואָס האָבנ זיכ אויסגעשריבנ. מיט גוואַלד צוגע־נומענ!

— וואָס הייסט גענומענ! — האָט אַ געשריי געטאָנ דאַווידאָוו, רויט ווערנדיק.

— זייער פּאַשעט — געגומענ! דעמ אָקסנ-אויפזעער האָבנ זיי פאַרשפּאַרט אינ היי־שטאַל אונ די אָקסנ האָבנ זיי אָפּגעבונדנ אונ אַוועקגעטריבנ אינ סטעפּ. אַכציק פּאָר אָקסנ אונ זיבנ שטיק פערד. וואָס וועלנ מיר טאָנ?

— אונ דו?!.. אונ דו, וואָס האָסטו געטאָנ, גאַוועער?! ווו ביסטו געווענ? פאַרוואָס האָסטו דערלויבט? ווו האָט דיכ דער טייוול... נו?!

ביי אַגאַפּאָנענ האָבנ זיכ אַפּנ געשטופּלטנ פּאָנעמ באַוויזנ ווײַסע פלעקנ. ער האָט אויכ אויפגעהויבנ די שטימ:

— איכ בינ אייכ ניט מעכויעוו צו גנעבטיקנ אינ שטאַל! שרײַט ניט אַפ מיר! אונ אויב איר זײַט שוינ אַזאַ שטאַרקער העלד, גייט אונ קערט אומ צוריק די אָקסנ! איר קענט נאָכ פּאַקנ מיט פלעקענער אינ האָרב!

בלויז פאַרנאַכט האָט מענ די אָקסנ אָפּגעשלאָגנ אינ סטעפּ, אַפ דער פּאַשע, וווּהינ די באַלעבאַטימ האָבנ זיי אַוועקגעטריבנ אונטער אַ פאַרשטאַרקטער שמירע. ליובישקינ אַגאַפּאָנ דובצאָוו אונ מיט זיי זעקס קאָלווירטניקעס פונ דער דריטער בריגאַדע האָבנ זיכ אַרופגע־זעצט אַפ פערד אונ אַוועקגעריטנ אינ סטעפּ. ליובישקינ, ווענ ער האָט דערזענ אַפּנ אַנטקעגנדיקנ באַרג-אַראָפּ פונ דער באַלקע די זיכ פּיטע־רנדיקע אָקסנ, האָט ער צעטיילט זײַנ ניט גרויסנ אָטריאַד אַפּ העלפט:

— אַגאַפּאָנ, נעמ דרײַ מענטשנ אונ לאָז זיכ מיט געלאַפּ איבער דער באַלקע אונ פאַרגיי צו זיי פונ רעכטנ פלאַנג, אונ איכ וועל זיי אַרומרינגלענ פונ לינקנ. — ליובישקינ האָט פאַרגלעט די האָבשוואַרצע וואָנצעס אונ געגעבנ אַ קאָמאַנדע: — נײַרנ צײַמל! אינ געלאַפּ נאָכ מיר, אַררש!

די געשיכטע איז ניט אַריבער אָנ אַ געשלעג: ליובישקינס שוועס־טערקינד, זאַכאַר ליובישקינ, וואָס האָט צוזאַמענ מיט נאָכ דרײַ אַרויסגעטראָטענע פונעמ קאָלווירט געהיט די אָקסנ, האָט פלינק אַ כאַפּ געטאָנ פאַרנ פּיס מישקע איגנאַטיאָנקאָנ, וועלכער איז צוגע־שפּרונגענ צו די אָקסנ, אימ אַראָפּגעשלעפּט פונעמ פערד אונ אינ אַ קורצער ווײַלע אימ גרוייזאַמ אַרומגעשלעפּט איבער דער ערד, אינ פיל ערטער אימ אָנגעשטעלט בלויע בײַלנ אונ אינגאַנצנ אַראָפּגעריסנ פונ אימ דאָס העמד. אונ אינ דער צײַט, ווענ דער אונטערגעלאָפּענער באַוואָלקאָ ליובישקינ האָט, ניט אַראָפּקריכנדיק פונעמ פערד, געשמיסנ דעמ ברודער מיט אַ היפּש גראָבנ אינ לאַנגנ קאַנטשיק, האָבנ זיי אי־

בעריקע אָפגעשטויסנ די פאסטעכער, פארכאפט די אָקסנ אונ מיט געלאפ זיי אוועקגעטריבנ צומ כוטער.

דאווידאָוו האָט פאראָרדנט צו פארשליסנ אפ באנאכט אפנ שלאָס די אָקסנ-שטאלנ אונ פערד-שטאל אונ שטעלנ פיקעטנ פונ די קאָלווירטניקעס.

אָבער ניט געקוקט אפ אלע אָנגענומענע מיטלענ אָפצוהיטנ דאָס פי, איז די ארויסגעטראָטענע אינ פארלויפ פונ צוויי טעג געלונגענ צו פארטרײַבנ זיבנ פאָר אָקסנ אונ דרײַ פערד. דאָס פי האָבנ זיי פארטריבנ אינ סטעפ, צו די ווײַטע טאָלנ. אונ קעדיי די אָפוועזנהייט פונ עטלעכע מענטשנ זאָל זיכ ניט וואַרפנ אינ די אויגנ, האָבנ זיי פאר פאסטעכער געשיקט יוגנטלעכע.

פונ אינדערפרי ביז נאכט האָט זיכ אינ דער קאָלווירט-פארוואלטונג אונ אינ דאָרפראט געשטופט אנ אוילעמ. אינ דער גאנצער גרייס האָט זיכ געשטעלט די געפאר, אז די ארויסגעטראָטענע זאָלנ פארכאפנ קאָלווירטישע ערד.

— אָדער שנײַדט אונדז באלד צו די ערד, אָדער מיר וועלנ אָנהייבנ אקערנ אונדזערע אלטע ערד־כאלאָקימ! — זײַנענ צוגעשטאַנענ צו דאווידאָוונ די ארויסגעטראָטענע.

— ערד וועלנ מיר אײַכ אויסטיילנ, קאָכט זיכ ניט, בירגער אינדיווידואלנ. מאָרגנ הייבנ מיר אָנ צושנײַדנ. ווענדט זיכ צו אָסטראָווגאָוונ, ער וועט מיט דעמ איניענ אָנפירנ, איכ זאָג אײַכ פאקטיש, — האָט דאווידאָוו זיי בארויִקט.

— ווּו וועט איר אונדז אויסטיילנ ערד? אונ וועלכע?

— ווּו ס'וועט זײַנ פרײַע.

— עפשער וועט זי זײַנ א פרײַע צומ סאָפ פונעמ כוטערס ביילעק, איז דעמאָלט ווי וועט זײַנ?

— דו, כאווער דאווידאָוו, מאכ זיכ ניט צומ נארנ! די נאָענטע ערד איז אײַנגאנצנ אוועק צומ קאָלווירט, קומט אויס, אז פאר אונדז וועט זײַנ ערד אינ דער ווײַט? די בעהיימעס גיט איר ניט, אונ מיר, קאָנ זײַנ, וועלנ אליינ, מיט די קיִעלעכ זייענ, איז אונדז גיט איר די ווײַטע ערד? עכ, אָט דאָס הייסט אנ אָרנטלעכע מאכט!

דאווידאָוו פלעגט אײַנריידנ, דערקלערנ, אז ער קאָנ ניט צוטיילנ ערד דאָרטנ, ווּו וועמענ עס ווילט זיכ, ווײַל ער קאָנ ניט צעברעקלענ דעמ קאָלווירטישנ מאסיוו, צעשנײַדנ אימ אפ קלינעס אונ צעשטערנ די ערד-אײַנאָרדענונג, וואָס מע האָט הארבסט דורכגעפירט. די ארויס-

געטראָטענע פלעגנ אָפּטומלענ אונ אוועקגיינ. אונ אינ עטלעכע מינוט ארומ פלעגט זיכ ארײַנלאָזנ א נײַער אוילעמ, אונ גלײַכ פונ שוועל:

— ערד גיט אונדז! וואָס איז פאַר א מײַסע? וואָס פאַר א רעכט האָט איר צו האַלטנ אונדזער ערד? איר לאָזט דאָכ אונדז ניט זײַענ! ווי האָט סאַוועטער סטאַלינ וועגנ אונדז געשריבנ? מיר קענענ אימ אויכ אָנשרײַבנ, אַז ניט נאָר, וואָס מע גיט ניט אָפּ די בעהיימעס, נאָר אויכ די ערד אונ אַלע רעכט אונ דעמ פאַרמעגנ האָט מענ אָפּגענומענ. ער וועט אײַכ אויכ פאַר אַזאַ זאַכ ניט לויבנ!

— יאַקאָוו לוקיטש, טײל זײ אויס מאָרגנ אינדערפרי ערד הינטער דער ראַקעס-סאַזשלקע.

— אָט די רויערד? — האָבנ די ארויסגעטראָטענע געשריִענ.

— פאַרלאָזטע. וואָס פאַר א רויערד איז עס? מע האָט זי געאַ-קערט, אָבער שוינ לאַנג, מיט א יאָר פופצנ צוריק, — האָט יאַקאָוו לוקיטש דערקלערט.

אונ מיטאַמאָל האָט זיכ אָנגעהויבנ א קאָכיקער שטורמישער געשריי:

— מיר ווילנ ניט קײנ האַרטע!

— מיט וואָס וועלנ מיר זי אַקערנ? מיט וואָס מע מאַכט קינדער?

— גיט ווײכע ערד!

— די בעהיימעס ניט אָפּ, דעמאָלט וועלנ מיר די האַרטע באַאַר-בעטנ!

— מיר וועלנ שילוכימ אוועקשיקנ אינ סאַמע מאָסקווע צו סטאַ-לינענ!

— וואָס-זשע נעמט איר אָפּ בײַ אונדז דאָס לעבנ?

די ווײַבער האָבנ געבושעוועט. די קאָזאַקנ האָבנ זײ גערנ אינ גע-מײנזאַמ אונטערגעהאַלטנ. עס האָט זיכ געפאָדערט פיל אָנשטרענגונג אײַנצושטילנ דעמ גערויש. דאַווידאָוו האָט ווי געוויינלעכ צומ סאָפ פאַרלאָרנ די אײַנגעהאַלטנקײט אונ געשריִענ:

— אונ איר ווילט, מע זאָל אײַכ די בעסטע ערד אָפּגעבנ? דאָס וועט ניט זײַנ, א פאַקט! די ראַטנמאַכט ניט אַלע פאַרצוגנ די קאָל-ווירטנ, אָבער ניט די, וואָס גײענ קעגנ די קאָלווירטנ. גײט פונדאַנענ צו אַלדי רוכעס!..

ערגעץ-וווּ האָבנ שוינ די אינדיווידואַלנ געהאַט אָנגעהויבנ צו אַקערנ אונ באַאַרבעטנ די ערד, וואָס האָט צו זײ אַמאָל געהערט אונ וואָס איז דערנאָכ אַרײַנ אינעמ קאָלווירטישנ מאַסיוו. ליובישקינ האָט זײ אַראָפּ-געטריבנ פונעמ קאָלווירטישנ פעלד, אונ יאַקאָוו לוקיטש איז אוועק

מיטנ הילצערנעמ קלאפטער אינ בופעט אונ הינטער דער ראקעס־ פאזשלקע האט ער אינ צוויי טעג אויסגעטיילט פאר די אינדיווידואלנ ערדבאלאָקימ.

דיאָמקע אושאקאָוו בריגאדע איז דעמ 25־טנ ארויסגעפאָרנ אקערנ די גרוי־זאמהנ. דאווידאָוו האט אויסגעטיילט די סאמע ארבעטפייִקע קאָלווירטניקעס אינ רעשומ פונ די פעלדציכטלער אונ פאנאנדערגע־ שטעלט די קרעפטנ. די מערהייט אלטע לייט זיינענ געגאנגענ געווענ אינ די בריגאדעס אלס זייער, אקערער אונ בראָנעווער. קיינ האנט־ פארזיי האט מענ באשלאָסנ ניט דורכצופירנ. אפילו דער אורזאל־ טער — דער געוועזענער הינערטאפער' — אקימ בעסכלעבנאָוו — האט ארויסגעזאָגט זיינ ווונטש צו גיינ ארבעטנ אלס זייער. שטשוקארנ האט דאווידאָוו באשטימט אלס פערד־אופזעער בא דער קאָלווירט־פארוואל־ טונג. אלצ איז געווענ גרייט. דעמ פארזיי האבנ פארהאלטנ די גומ־ רעגנס, וואָס האבנ אינ פארלויפ פונ צוויי מעסלעס מיט דער פולער האנט גענעצט די גרעמיאטשער בערגלעכ אונ דעמ פריר־אקער, וואָס איז אינ די פרימאָרגנס געווענ פארהילט מיט א ווייסלעכנ דאמפ־ פאָרהאנג.

פונעמ קאָלווירט האט מענ אופגעהערט ארויסגיינ. עס איז פאר־ בליבנ א זיכערער פעסטער קערנ. די לעצטע איז אינ גרעמיאטשי לאָג ארויס פונעמ קאָלווירט אנדריי ראזמיאָטנאָווס געליבטע — מארינע פאָיארקאָווע. עס האט עפעס זיכ ניט געקלעפט זייער געמיינזאמ לעבנ. מארינע האט זיכ א צי געטאָנ צו גאָט, איז געוואָרנ פרומ, געפאסט דעמ גאנצנ גרויסנ טאָנעס, אפ דער דריטער וואָכ איז זי טעגלעכ גע־ גאנגענ טפילע טאָג אינ טוביאנסקער קלויסטער, זיכ מיכוואדע געווענ, זי פלעגט האכנאָעדיק אונ שווייגנדיק אופנעמענ אנדרייס פאָרוווּרפנ, אפ זיינע זידלערייַ ניט ענטפערנ, זי פלעגט מער צושווייגנ אונ ניט גע־ וואָלט „פארשוועכנ איר הייליק רייניקנ זיכ"... — אנדריי, ווענ ער איז אמאָל געקומענ אהיימ שפעט באנאכט, האט דערזענ, אז אינ אל־ קערל ברענט די לאמפאדקע. ניט לאנג געטראכט, איז ער אריינ אינ אלקערל, אראָפגענומענ די לאמפאדקע, אויסגעגאָסנ דאס בוימל אפ דער דלאָניע אונ גוט אויסגעשמירט הערמיט זיינע פארהארטעוועטע שטיוול, אונ די לאמפאדקע האט ער צעבראָכנ אָנעמ קנאפל.

— מע האט דאָכ די נאראָנימ געזאָגט ניט איינ מאָל, אז דאס אלצ איז אָפיום אונ פארפינצטערניש פארנ מויעכ. איז ניינ! בעטנ זיי איצט צו די העלצלעכ, ברענגענ בוימל, פאטערנ וואקס אפ ליכטלעכ...

עב, די בײַטש בענקט נאָכ דיר, מאַריע! גיט אומזיסט האָסטו עפּעס אינ קלויסטער גענומענ זיכ שלעפּנ...

האָט זיכ אויסגעלאָזט, אַז איבערעמעסנ ניט אומזיסט: מאַרינע האָט דעם 26־טנ דערלאַנגט א מעלדונג וועגנ אַרויסגייג פונעמ קאָלווירט, דערפאַר ווײַל זײַנ אינ קאָלווירט איז — „גיינ קעגנ גאָט"...

— אונ מיט אנדריושקעס שלאָפּנ אינ איינ בעט — דאָס איז ניט קעגנ גאָט? אָדער דאָס איז א זיסע זינד? — האָט שמייכלענדיק ליובישקינ געפרעגט.

מאַרינע האָט אימ דאָס מאָל פאַרשוויגנ, אָפּגענומעמ, אַז זי האָט ניט גערעכנט, אַז אינ עטלעכע מינוט אַרומ וועט ווי א שטורעמווינט אַראָפּטראָגנ איר האַכנאָעדיקײַט, אַז מיט אירע ליפּנ וועט זי „פאַרשוועכנ" דאָס „הייליקע אָפּרייניקנ זיכ"...

א בלייכער אונ א בייזער איז פונעמ האָרפּראַט געקומענ צו לויפּנ אַגהריי. מיטנ אַרבל האָט ער געווישט דעמ שווייס פונעמ געקאַרבטנ שטערנ אונ זיכ געבעטנ פאַר דאַווידאָווג אונ יאַקאָוו לוקיטש אינ די אויגנ:

— מאַרישע! ליבינקע! ברענג מיכ ניט אומ, פאַרשעמ מיכ ניט! נו, פאַרוואָס הערווײַטערסטו זיכ פונעמ קאָלווירט? צי האָב איכ דיכ, דעמ שעד, דענ גיט געזשאַלעוועט, ניט געליבט? די קו האָט מענ דיר אומגעקערט... וואָס נאָכ דאַרפסטו? איז ווי קאָנ איכ מיט דיר גאָכ דעמ אַלעמ טיילנ זיכ אָפּ העלפּט מיט דער ליבע, אויב דו שטרעבסט צו אנ אינדיווידועלנ לעבנ? די אויפעס, די הינער דײַנע האָט מענ דיר צוריק אָפּגעגעבנ, דעמ האָנ מיטנ נאַקעטנ האַלדז... אונ ווידעראַמאָל דעמ האָלענדישנ גאָנער, וועגנ וועמענ דו האָסט טײַערע טרערעלעכ גענאָסנ, לעבנ ווײַטער בײַ דיר אפּנ הויפ. וואָס־זשע פאַר א רועכ דאַרפסטו נאָכ? נעמ צוריק דײַנ מעלדונג!

— ניינ אונ ניינ! — האָט מאַרינע געשריענ אונ מיט צאָרנ צונויפגעצויגנ די קרומגעשטעלטע אויגנ. — איכ וויל ניט, זאָלסט בעסער ניט בעטנ! איכ וויל ניט זײַנ אינ קאָלווירט! איכ וויל ניט זײַנ אינ אײַער זינד! גיט מיר אָפּ צוריק מײַנ וואָגנ אונ דעמ אקער מיט דער בראָנע.

— מאַרינע, באַטראַכט זיכ! אגיט קומט אויס, וועל איכ דיכ וואַרפנ.

— איז כאַפּט דיכ דער טײַוול! ווײַסער שעד! הורנ־זונ, הונט פאַרשאָלטענער! דו פינטלסט, טרייפע נעשאָמע? אויסגעשטעלט דײַנע מע־

שוגענע קוקערס? און וועד איז מיט מאַלאַשקע איגנאַטיאַנאָוונאַ נעבעכ
באַנאַכט אין גאַנצן געשטאַנען? ניט הו? אַך, דו אַנשיקעניש, הינטישער
זון, דו! וואַרפּ מיך אוועק, איך וועל אַן דיר אויך דורכקומען! דו
האָסט שוין לאַנג בייַשעקן, איך ווייס!

— מאַרישע, עפּעס מיינס, פונוואַנען נעמסטו דאָס? מיט וועל-
כער מאַלאַשקען? זיינט איך לעב, בין איך מיט איר ניט געשטאַנען!
און וואָס פאַר א שנעכעס האָט דאָ דער קאָלווירט? — אנדריי האָט זיך
געכאַפּט מיט די הענט פאַרן קאָפּ, איז אַנשוויגן געוואָרן, ווי ס'וואָלט
אויס, האָט ער אויסגעשעפּט אַלע באַוויזן...

— בעט זיך ניט בא איר, דער פאַסקודע! — האָט זיך אַרייַנגע-
מישט דער אויפגערעגטער ליוביִשקין. — בעט זי ניט, האָב ראַכמאָנעס
אַפ דיין שטאָלצקייט! דו ביסט האָב א רויטער פּאַרטיזאַן, וואָס-זשע
בעטסטו זי און קוקסט איר אין די ציין? אין מאָרדע דערלאַנג איר
און פּייניק זי אויס — וועט זי באַלד זיך באַרויִקן!

מאַרינע, וואָס איז געווען באַשאָטן מיט פלעקן פון געדיכטער
קאַרשן-רויטקייט, איז אויפגעשפּרונגען, ווי פון א שטאָך, און אָנגרייַ-
פנדיק אַפ ליוביִשקינען מיט איר מעכטיקער ברוסט, באַוועגנדיק מיט
אירע צעשפּרייטע פּלייצעס, האָט זי אָנגעהויבן ווי א מאַנצביל, ווי
צום געשלעג פאַרקאַשערנדיק די אַרבל:

— וואָס קריכסטו אין פרעמדע אייסאָקים, שלאַנג קריכעדיקער?
אַך, דו, ציגיינער ניט-דערמאַכטער, גווילעם שווארצער, שרעקלעכער!
איך וועל דיר פריער די מאָרדע צעגראַבלען! איך האָב קיין מוירע ניט,
וואָס דו ביסט א בריגאַדיר! געווען אזא, ווי דו — ניט איינער, האָב
איך זיי אַלעמען צעדרעכט געמאַכט די ביינער!

— איך וואָלט פון דיר שוין צעדרעכט געמאַכט! איך וואָלט פון דיר
א ביסל פעמס אָפּגעצאַפּט... — האָט ליוביִשקין בייז א ברום געטאָן
מיט זיין באַס, אָפּרוקנדיק זיך אין ווינקל, און גרויטנדיק זיך צו
אַלעריי ניט אָנגענעמע אומדערוואַרטע זאַכן. ער האָט אויסגעצייכנט
געדענקט, ווי איינמאָל אין דער טוביאַנסקער מיל האָט מאַרינע זיך
גענומען ראַנגלען מיט איינעם א געזונטן קאַזאַק פון הינטערן דאָן און
צום גרעסטן פאַרגעניגן פון די אָנוועזנדיקע, האָט זי אים אַנידערגע-
וואָרפן, און נאָך ענדגילטיק אים דערשלאָגן, פאַשעט אים פאַרניכט
מיט א שאַרף וואָרט: „פון אויבן אַפ א ווייב האָסטו שוין ניט וואָס
צו טאָן, פּעטערל! — האָט זי אָפּבאַפּנדיק דעם אָטעם דערמלט געזאָגט,
— מיט דיינע קויכעס און מיט דיין געשיקטקייט דאַרפסטו גאָר פון

אונטנ ליגנ אונ סאַפּענ". אונ איז אוועק צו דער וואָג, פאַריכטנדיק אײנ גאַנג די האָר אונ דאָס טיכל, וואָס האָט זיכ אַראָפּגערוקט בײַסנ גע-ראַנגל. ליובישקינ געדענקט, ווי רויט ס'האָט געפלאַמט דאָס פּאָנעמ באַמ אַנידערגעוואָרפענעמ קאָזאַק, ווענ ער האָט זיכ אויפגעשטעלט אַפ די פיס, אַנ אויסגעשמירטער אינ מעל אונ מיסט, וואָס איז געווענ פאַרשאָטנ אַפ דער ערד, אונ דעריבער האָט ער אויסגעשטרעקט זײַנ לינקע אײנ עלנבויגנ אויסגעבויגענע האַנט אונ געוואָרנט:

— דו קריכ ניט, אַפ מײַנ וואָרט, איכ וועל פונ דיר דעמ פוליווער אַרויסקלאַפּנ! גיי אוועק פונדאַנענ.

— אונ דאָס האָסטו ניט געשמעקט, אײַ דײַנ מאַמענ אַרײַנ?.. — מאַרינע האָט אַפ אַ סעקונדע הויכ אַ הייב געטאָנ איר ברעג קלייד אונ אַ פאָכע געטאָנ מיט אימ פאַר ליובישקינס נאָז. עס האָט אַ גלאַנצ געטאָנ די מאַטעווע פאַרונדערוועטקײַט פונ די ראָזלעכע קני אונ די שמאַנט־געלבקײַט פונ איר מעכטיקנ אונ מאַסיוונ קערפּער.

זי איז דערגאַנגענ ביזנ גרענעצ אינ איר אויפגעזאָדערטער ווילדקײַט. אַפילע ליובישקינ, וואָס האָט זיכ שוינ עפּעס אָנגעזעענ אַפ זײַנ לעבנ, האָט זיכ צוריקגעצויגנ, פאַרבלענדט פונ דער מעכטיקײַט פונ מאַרינעס קערפּער, אונ דערשלאָגנ געבורטשעט:

— זי איז מעשוגע געוואָרנ! טפו, שעדיכע! אַנ אָגער, ניט קיינ ווײַבל! גיי אוועק, פאַרשאָלטענ זאָלסטו דרײַ מאָל ווערנ!.. — אונ זיכ מיט אַ זײַט דורכגעשמוגלט פאַרבײַ דער בושעווענדיקער מאַרינע, איז אַרויס אינ פירהויז, געשפּיגנ אונ זיכ געזידלט.

דאַווידאָוו האָט געלאַכט ביז אָנמאַכט, אַראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ אַפנ טיש אונ פאַרזשמורעט די אויגנ. ראַזמיאָטנאָוו איז אַרויסגעלאָפנ באַלד נאָכ ליובישקינענ אונ אַ זעצ געטאָנ מיט דער טיר. אײנ יאַקאָוו לוקיטש האָט געהאַט געפרוווט אײַנצושטילנ די צעיושעטע וואַכמיס-טערשע:

— נו, וואָס־זשע שרײַסטו? ס'אַרא צעלאָזטע נעקייווע! ס'טנגעהערט אַ מײַסע — דאָס קלייד אויפהייבנ? וואָלסט כאָטש פאַר מיר, אַנ אַלטנ מאַנ, זיכ געשעמט!

— שטיל! — האָט אַפ אימ מאַרינע אָנגעשריגנ, גייענדיק צו דער טיר — איכ קענ אימ, דעמ אַלטנ! פאַראיאָרנ זומער אַפ טראָיצע, ווענ מע האָט היי געפירט, וואָס האָסטו מיר פאַרגעלייגט? פאַרגעסנ? אויכ געקראָכנ!..

אַפנ הויפ האָט זי זיכ דורכגעטראָגנ, ווי אַ שטורעמ־וואָלקנ. יאַקאָוו

לוקיטש האָט זי באַגלייט מיטן בליק, פאַרשעמט געהוסט, און מיט פאַרוואָרפן געשאָקלט מיטן קאָפּ... און איז א האַלבער שאָ ארום האָט ער געזען, ווי מאַרינע האָט זיך אַליין איינגעשפּאַנט אין איר וואָגן און געפירט די בהמה און דעם אַקער פונעם הויף פון דער ערשטער בריגאַדע. דיאָמקע אושאַקאָוו, וואָס איז איבערן רעגן געקומען פון פעלד, איז געגאַנגען הינטער איר א ביסל ווייטער און, ווייזט אויס, ניט ריזיקירנדיק זיך צו דערנעענטערן אף א נאָענטערער און געפער־לעכער דיסטאַנץ, — האָט ער זיך געבעטן:

— מאַרינע! איי, דו, בירגערן פּאַיאַרקאָווע! דו הערסט? מאַרינע טערענטיעוונע! איך קאָן דאָך דיר ניט אָפּגעבן א פאַרמעגן, ווי באַלד עס רעכנט זיך בא מיר אין צעטל!

— דו וועסט קאָנען, כ'לעבן!

— דאַרפסט האָב פאַרשטיין, נארישער קאָפּ, אַז דאָס איז — פאַר־געזעלשאַפטלעכטער אינווענטאַר! פיר צוריק, בעט איך דיך, מאַך זיך ניט נאַריש. דו ביסט א מענטש, אָדער ווער ביסטו אַזאַ? וואָס־זשע נעמסטו מיט גזיילע? אין געריכט וועסטו פאַר אַזא נידערטרעכ־טיקייט אוועקגיין! אָן דאַווידאָווס א צעטעלע קאָן איך דיר גאָרניט אָפּגעבן.

— דו וועסט קאָנען, כ'לעבן! — האָט מאָנאָטאָן מאַרינע גע־ענטפערט.

דיאָמקעס אויגן האָבן פאַרלוירן געבלאָנדזשעט, די הענט האָבן זיך בעטנדיק צוגעהריקט צום האַרצן, און מאַרינע — א פאַרשוויצטע און הייס־פאַרויטלטע — האָט איינגעשפּאַנט געצויגן דאָס וואָגנדל, און די בהמה האָט נעבעכדיק צוגעקלונגען...

„מע וואָלט געדאַרפט צונעמען בא איר דעם וואָגן, זי זאָל וויסן, ווי דיר צונג צו האַלטן. אָבער ווי נעמט מען צו? לאָז זיך נאָר צו איר, וועסטו שוין די ליכטיקע וועלט ניט אָנזען!" — האָט יאַקאָוו לוקיטש געטראַכט און האָט אף יעדן פאַל פאַרקערעוועט אין געסל.



ראַזמיאָטנאָוו האָט אפן אַנדערן טאָג צוגענומען פון מאַרינען זײַנע זאַכן, די ביקס, דעם פּאַטראָנטאַש, די פּאַפּירן און עס אָפּגעטראָגן אהיים. ער האָט שטאַרק געליטן פון זײַן איבעררײַסן מיט מאַרינען, גע־ליטן און אויסגעמיטן איינזאַמקייט. מיט דעם ציל איז ער אוועק צו נאַגולנאָוון זיך דורכריידן, צו „פאַרטרײַבן דעם אומעט".

אַז גרעמיאַטשי לאָג האָט זיכ אַראָפּגעלאָזט די נאַכט. די יונגע לעוואָנע, אַרומגעוואַשנ פונ די רעגנס, איז ווי א ליכטיקער שניט געלעגנ אַפנ מיזרעכ-ברעג פונ הימל. די שוואַרצע מאַרט־שטילקייט, געשטערט פונעמ שטילנ געפּליסטער פונ די אופגעעפנטע טײַכלעכ, האָט געפאַנגענ דעמ כוטער.

אַנדריי האָט מיט א קוואַטשערנ געשלעפּט זײַנע פיס פונ דער בלאָטע, וואָס איז צו נאַכט-צו פאַרהאַרטעוועט געוואָרנ. ער איז געגאַנגענ פאַוואָליע אונ געטראַכט וועגנ דאָס זײַניקע. אינ דער פײַכטער לופט האָבנ זיכ שוינ געפילט די אופרעגנדיקע רייכעס פונ פרילינג: מיט ביטערלעכער פײַכטקייט אָטעמט די ערד, מיט א פוילנדיק גערוכ באַגעגענענ דיכ די שײַערנ, מיט א ווײַניק שאַרפנ אַראָמאַט זײַנענ אָנגעפילט די סעדער, אונ שאַרפ, שיקערלעכ אונ יונג שמעקט דער ווידערוווּקס פונעמ גראָז, וואָס האָט זיכ צעשאָטנ פאַזע די פאַרקנס.

אַנדריי האָט דורשטיק אײַנגעאָטעמט די פאַרשיידנאַרטיקע נאַכט־גערוכנ, געקוקט, ווי אונטער די פיס אינ די לוזשעס ווערנ צעברעקלט אונ ווי פונקענ צעשאָטנ די אָפּגעשפּיגלטע שטערנ אינ וואַסער. ער האָט געטראַכט וועגנ מאַרינען אונ געפילט, אַז אַפ זײַנע אויגנ לויפנ אָנ די ביטערסטע טרערנ פונ בענקעניש אונ באַליידיקונג.

## קאַפּיטל 31

דער אַלטער שטשוקאַר האָט מיט אַנציקונג אויפגענומענ די באַשטימונג, אַז ער ווערט א שטענדיקער פורמאַנ בײַ דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג. ווענ יאַקאָוו לוקיטש האָט אימ איבערגעגעבנ די צוויי געוועזענע באַלעבאָטישע אָגערס, איבערגעלאָזנ פאַר דער פאַרוואַלטונג אַפּגעשעפּט־אַרומפאָרענישנ, האָט ער אימ געזאָגט:

— היט זיי אָפּ, ווי פּולווער אינ אויג! זיי זאָלנ זײַנ אינ לײַב, זאָלסט שנעל ניט פאָרנ, זאָלסט זיי ניט פאַריאָגנ. אָט דער גרויער אָגער טיטאָקס איז א ראַסעווער, אונ דער געלער איז אויכ פונ גוטע דאָנער בלוטנ. די פאָרעניש בײַ אונדז איז ניט זייער קיינ גרויסע, אינגיכנ וועלנ מיר זיי צולאָזנ צו די מוטערס. דו דאַרפסט פאַר זיי ענטפערנ!

— זעט א ביסיניקע! — האָט דער אַלטער שטשוקאַר געענטפערט, — איכ ווייס דענ ניט, ווי צו באַגיינ זיכ מיט פערד? וואָס איכ האָב זיכ זיי שוינ אָנגעזעענ אַפ מײַנ לעבנ! אונ אַנדערער האָט ניט

אזויפיל האָר אפנ קאָפּ, וויפל איכ האָב זיי דורכגעלאָזט דורכ מײַנע הענט!

אָבער אינדערעמעסנ זײַנענ פאַר שטשוקארס גאַנצ לעבנ „דורכגע-גאַנגענ דורכ זײַנע הענט” ארומ אונ ארומ צוויי פערהעלעכ. דערבײַ האָט ער איינס פונ זיי אויסגעביטנ אפ א קו, אונ מיטנ צווייטנ איז פאָר-געקומענ פאָלגנדיקע געשיכטע: מיט א יאָר צוואנציק צוריק האָט שטשוקאר, זײַענדיק שטארק אויסגעטרונקענ, אפ צוריקוועגס פונעמ כור-טער וואָיסקאָוויע, געקויפט אימ בא א פארבײַפאָרנדיקנ ציגײַנער פאר דרײַסיק קערבלעכ. די שקאפּע, ווענ ער האָט זי באַמ קויפנ באַקוקט, איז אפּגעווענ ווי געווענ קײַלעכדיק, דער קאָליר — א גרוילעכער, פונ מויזנפּעל, מיט אראָפּגעהאנגענע אויערנ אונ מיט א בעלמע אפנ אויג, אָבער זייער א הירעוודיקע. דער אלטער שטשוקאר האָט זיכ גע-דונגענ מיטנ ציגײַנער ביזנ האלבנ טאָג. אמאָל פערציק געפּאטשט איבער די הענט, זיכ פאנאנדערגעגאנגענ אונ ווידער צונויפגע-גאנגענ.

— גאָלד, ניט קיינ שקאפּע! זי שפּרינגט אזוי, כאָטש פארמאכ די אויגנ, די ערד זעט זיכ ניט אָנ. א פויגל! — האָט פארזיכערט אונ זיכ געשוואָרנ דער ציגײַנער, געשפּריצט מיט שפּײַעכצ אונ געכאפּט דעמ מיד-צעקראָכענעמ שטשוקאר פאר דער פאָלע פונעמ סורדעט.

— קיינ באקציינער קימאט ניטאָ, א קרומע אפ אנ אויג, די טלאָענ זײַנענ אלע צעשפּאָלטענע, די אויערנ אראָפּגעהאנגענע... וואָס פאר א גאָלד איז עס, ביטערע טרערנ, ניט קיינ גאָלד! — האָט דער אלטער שטשוקאר געטאדלט דאָס פערדל אונ לײַדנשאפטלעכ געוואָלט, דער ציי-גײַנער זאָל אראָפּלאָזנ דעמ לעצטנ רובל, איבער וואָס זיי זײַנענ זיכ ניט צונויפגעגאנגענ אינ פרײַז.

— אפ וואָס דארפסטו אירע ציינער? וועט זי ווייניקער פוראזש אופּעסנ. די שקאפּע איז אָבער א יונגע, גאָט זאָל מיכ שטראָפנ! א קינד; ניט קיינ שקאפּע, די ציינער האָט זי פארלאָרנ פונ אנ אומגליק-לעכער קרענק. אונ וואָס געהער דאָ די בעלמע? ס'איז גאָרניט קיינ בעלמע! ס'איז א שופּעלע! די טלאָענ וועלנ זיכ צונויפוואקסנ, זיכ אויסרייניקנ... די שקאפּע איז א ריינע, ניט זייער קיינ שיינע, אָבער דו דארפסט האָב ניט שלאָפנ מיט איר, נאָר אקערנ, — ריכטיק זאָג איכ? דו קוק זיכ צו, פארוואָס איז זי א בײַכיקע — פונ קויעכ! זי לויפט — ציטערט די ערד, פאלט זי אַניהער, ליגט זי אפ דער ערד... עכ, פאפּאשע! דו ווילסט אזוינע פאר דרײַסיק מאטבייעס קויפנ אנ

אַנדער? קיין לעבעדיקן וועסטו ניט קריגן, און אז ער וועט פייגערן, וועט מען דיר אומזיסט דעם ווײַדל אָפּגעבן...

נאָך גוט, וואָס דער ציגײַנער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר א מענטשן מיט א גוט האַרץ: אז מע האָט זיך נאָך געהונגען א ביסל, האָט ער אַראָפּגעלאָזן אויך דעם לעצטן רובל, פון פּאָלע צו פּאָלע האָט ער שטשוקאַרן איבערגעגעבן די לייצעס, אפילו קלוימערשט געגעבן א יאָכצ און אויסגעווישט מיטן אַרבל פונעם העל־בלויען לאַנגן סורדוט דעם ברוינעם שטערן.

די שקאַפּקע האָט פאַרלאָרן די אַקראַשטיקע לעבעדיקייט, ווי נאָר די לייצעס זײַנען אַריבער אין שטשוקאַרס הענט. זי איז אוועק נאָך אים, ניט גערן געפּאָלגט זײַנע אויסערגעוויינלעכע אָנשטרענגונגען און שווער געשטעלט די צעשפּאָלטענע טלאָען. נאָר דאָ האָט זיך דער ציגײַנער צעלאַכט, אויפגעדעקט דורכויסיקע און קרײַד־ווײַסע ציינער און א געשריי געטאָן נאָך שטשוקאַרן:

— היי, פּאַפּאַשע! דאָנער קאָזאַק! געדענק מײַן גוטסקייט! אָט דאָס פערד האָט מיר פערציק יאָר געדינט און וועט דיר נאָך אַזויפיל דינען נאָר קאָרמע עס איינס מאָל א וואָך, אַניט וועט עס ווילד ווערן!.. מײַן מאַטע איז אַף אים פון רומעניע געקומען, און ער האָט עס באַקומען פון די פראַנצויזן, ווען זיי זײַנען אַנטלאָפן פון מאָסקווע. א טײַער פערד! — ער האָט נאָך עפּעס געשריגן צו שטשוקאַרן, וואָס האָט גע־שלעפּט נאָך זיך די קניִע; לעבן דעם טאַבאָר און צווישן דעם ציגײַ־נערס פּיִס האָבן געשריגן ציגײַנערלעך, טומלדיקע און שוואַרצע, ווי ראָבן, געוויטשעט און געלאַכט ציגײַנערקעס. דער אַלטער שטשוקאַר איז געגאַנגען, אַף קיין זאַך ניט געלייגט קיין אויפמערקזאַמקייט און גוטמוטיק געטראַכט: „איך זע אליין, וואָס פאַר א כײַע איך האָב גע־קויפט. ווען ס'וואָלט געווען געלט, וואָלט איך ניט אַזאַ אַרײַנגעכאַפּט. דער ציגײַנער איז א וויציקער מענטש, א פריילעכער, ווי איך... נו, אָט האָב איך שוין א פערדל. זונטיק וועל איך מיטן ווײַב פאָרן אַפן מאַרק אין דער סטאַניצע".

אָבער ער האָט ניט באַוויזן צוצופאָרן ביז טוביאַנסקאָיע, ווי מיט פערד האָבן אָנגעהויבן פּאַסירן וווּנדער... ווען שטשוקאַר האָט צופע־ליק זיך אַרומגעקוקט, איז ער דערשטוינט געוואָרן: הינטער אים איז געגאַנגען ניט די שקאַפּע, וואָס ער האָט געקויפט, א בײַביקע און א זאַטע, נאָר אן אײַנגעדאַרטע קליאַטשע מיט אן אײַנגעצויגענעם בויך און מיט טיפע גריבער באַם קריזש. פאַר א וואָסער־עס־איז האַלבער

שאָ איז זי מאָגערער געוואָרנ אַפּ א העלפט. שטשוקאַר האָט זיכ אי-בערגעציילעמט אונ געמורמלט: „הייליק, הייליק, הייליק!" ער האָט ארויסגעלאָזט פונ האַנט די לייצעס, זיכ אָפּגעשטעלט אונ געפּילט, ווי די שיקרעס גייט פונ אימ ארויס, ווי מע וואָלט עס מיט דער האַנט אראָפּגענומענ. ערשט ווענ ער האָט די שקאַפּקע פונ אַלע זײַטנ ארומ-געקוקט, האָט ער אַנטדעקט די סיבע פונ אזא אומגלייבלעכ שנעלער אויסצערונג: פונ אונטער דער שקאַפּעס קאַלטענעוואַטנ עק, וואָס איז געווענ אָפּגעוואָרפנ, דער טשוואָל ווייסט ווי—אָג א זײַט אונ אַפּ ארופּ— האָט זיכ מיט א פּײַפּ אונ שיפּענ געריסנ געפּרעסטע לופט אונ פּלי-סיקע מיסט-שפּריצנ. „נו, אַט האָסטו דיר!" — האָט שטשוקאַר גע-זיפּצט אונ זיכ געכאַפּט פארנ קאָפּ. אונ דערנאָכ מיט א צענפּאַכער קראַפּט א צי געטאָנ די שקאַפּקע פארנ צוימ. דער וואָלקאַנישער אויס-ברוכ פונ איר מאָגנ האָט זיכ ניט אָפּגעשטעלט ביז סאַמע טוביאַנ-סקאָיע אונ אַפּנ וועג איבערגעלאָזט מיעסע שפּורנ, קאָנ זײַנ, אז שטשו-קאַר וואָלט זיכ דערקליבנ ביז גרעמיאַטשי לאָג בעשאָלעמ, אויב ע-וואָלט געפּירט דאָס פערד פארנ צוימ, אָבער ער האָט באַשלאָסנ, ווי נאָר ער איז צוגעקומענ צומ ערשטנ הויז אינעמ כוטער טוביאַנסקאָיע, ווו ס'האָט געוווינט זײַנ מעכוטנ אונ פיל באַקאַנטע קאָזאַקנ, זיכ זעצנ רײַטנ אַפּנ געקויפטנ פערד אונ כאָטש פּאַמעלעכ, אָבער רײַטנ, אונ ניט פּירנ עס פארנ צוימ. אינ אימ האָט זיכ פּלוצלינג איבערגעכאַפּט א זעל-טענער שטאָלצ אונ א פארלאַנג, וואָס איז אימ שטענדיק געווענ אייגנ-שאַפטלעכ, זיכ צו באַרימענ אונ באַווײַזנ, אז ער—שטשוקאַר — איז שוינ אויס קאַפּצנ אונ רײַט כאָטש אַפּ א שלעכטנ, אָבער אַפּ אַנ אייגענעמ פערד. „טררר, כאָליערע! דאָכ זי וואָלט געשפּרונגענ!" — האָט שטשוקאַר צעקאָכט אויסגעשריִענ, אונ מיט א זײַט אויג געזענ, ווי פונ דער שטוב, וואָס אַנטקעגנ איר האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט, נייט ארויס א באַקאַנטער קאָזאַק, אונ מיט די ווערטער האָט ער א ריס געטאָנ דאָס צוימל אונ זיכ אויסגעגלײַכט. זײַנ פערד, וואָס איז גע-שפּרונגענ אונ זיכ געבריקעט אַפּאָנעמ נאָכ אינ זײַנ ווײַטער יוגנט, האָט איבערעמעסנ אפילע ניט געטראַכט צו שפּרינגענ. דאָס פערד האָט זיכ אָפּגעשטעלט, פּאַרומערט אראָפּגעלאָזט דעמ קאָפּ אונ אונטערגע-בויגנ די הינטערשטע פיס. „מע וואָלט געדאַרפט פארבײַ דעמ מעכוטנ פארבײַפּאָרנ. זאָל ער א קוק טאָנ!" — האָט שטשוקאַר א קלער גע-טאָנ אונ דערבײַ, אונטערשפּרינגענדיק, זיכ ארופּגעוואַלגערט מיטנ בויכ אַפּנ שאַרפנ רוקנביינ פונעמ פערד, אַט דאָ האָט עס מיט אימ פּאַסירט

דאָס, וועגנ וואָס עס האָבנ דערנאָכ לאנג גערעדט די קאָזאקנ אינ טור־ביאנסקאָיע; טאקע אפ דעמ אָרט איז שטשוקארנ אויסגעקומענ איבער־צולעבנ אנ אומגעהערטע כארפע, וואָס מע דערציילט וועגנ איר ביז איצט נאָכ אונ וואָס וועט געוויס אריבערגיינ צומ קומענדיקנ דאָר... ווי נאָר שטשוקארס פיס האָבנ זיכ אונטערגעהויבנ פונ דער ערד אונ אליינ איז ער געבליבנ הענגענ אפ דער שקאפע, ליגנדיק אינ דער קווער אפ איר רוקנ, וועלנדיק זיכ זעצנ רײַטנ, אזוי האָט די שקאפע זיכ א וואקל געטאָנ, איינ אירע אינגעווייד האָט עפעס גענומענ בור־טשענ, אונ אזוי ווי זי איז געשטאנענ, אזוי האָט זי זיכ א זעצ געטאָנ אפנ וועג אונ אויסגעצויגנ דעמ עק. שטשוקאר איז מיט אויסגעשטרעק־טע הענט אריבערגעפלויגנ אריבער דער שקאפע אונ זיכ אויסגעצויגנ אינעמ שטויב פאזע דעמ וועג. פונ היצ איז ער אופגעשפרונגענ, אונ אז ער האָט זיכ געכאפט, אז דער קאָזאק האָט געזענ זײַנ בײַזויענ, האָט ער גענומענ פאריכטנ די מײַסע מיט א געשריי: „דו וואָלסט זיכ אלצ גע־בררריקעוועט! כאָליערע!" — האָט ער געשריִענ בריקנדיק דעמ פערד מיט די פיס. דאָס פערד איז אופגעשטאנענ אונ פונקט ווי עס וואָלט גאָרנישט ניט געווענ האָט עס אויסגעצויגנ די מאָרדע צומ פארווע־לקטנ גראָז באמ וועג.

דער קאָזאק, וואָס האָט צוגעזענ דעמ צופאל מיט שטשוקארנ, איז געווענ א גרויסער וויצלינג אונ א פריילעכער יונג, איז ער אריבערגע־שפרונגענ איבערנ פלויט אונ איז צוגעגאנגענ צו שטשוקארנ: „א גוט העלפ, שטשוקאר! דו האָסט טאקע געקויפט א פערדל?" „געקויפט, אָבער א ביסל, ווײַזט אויס, אריינגעפאלנ, א קאפריזנער, צומ טײַוול: ווילסט זיכ זעצנ אפ אימ, אונ ער — טראכ — אפ דער ערד. אפא־נעמ, אפ רײַטנ איז ער נאָכ ניט געוויינט, ניט קיינ באריטענער". דער קאָזאק האָט פארזשמורעט די אויגנ אונ ארומגעקוקט די שקאפע אמאָל צוויי, פאריינס אריינגעקוקט איר אינ די ציינ אונ גאנצ ערנסט גע־זאָגט: „נו, געוויס איז עס ניט קיינ געלערנטס! אָבער דאָס פערד איז, ווי עס ווײַזט אויס, פונ איידעליע בלוטנ. אפ די ציינער קאָנ מענ אימ געבנ א יאָר פופציק, א האָר ניט ווייניקער, אָבער אזוי ווי עס איז אנ איידלס האָט קיינער ניט געקענט מיט דעמ אויסקומענ". שטשוקאר האָט געזענ א מיטגעפיל־באציִונג צו זיכ, אונ ער האָט זיכ אָנגענו־מענ מוט צו פרעגנ: „זאָג נאָר, איגנאטי פאָכפיריטש, איבער וואָס איז עס אזוי שרעקלעכ גיכ מאָגער געוואָרנ? איכ פיר עס, אונ עס נייט אויס מאמעש פאר די אויגנ; א שווערער גערוכ רײַסט זיכ פונ אימ

און מיסט שפּרינגט אַרויס, ווי פֿון אַן אָפּגרונט. דעם גאַנצן וועג האָט עס באַוואָכט!" „ווי האָסטו עס געקויפֿט, ניט בײַ די ציגײַנער?" „בײַ זיי, בײַלד הינטער אַ נײַער כוטער זײַנען זיי אין אַ טאַבאָר געשטאַנען". „נו, איז עס איבער דעם געוואָרן מאָגער — האָט דערקלערט דער קאָ־זאַק, וואָס האָט געקענט אַ פֿערד אַ ציגײַנער, — ווײַל זיי האָבן עס דיר פֿאַרקויפֿט אַן אָנגעבלאָזנס. אויב אַ פֿערדהאַטש ווערט בײַ זיי פֿון אַלטקײַט מאָגער, שטעלט מען אים אַרײַן אין הינטערשטן אַרויס־גאַנג אַ דורכגעלעכערטן אָטשערעט־שטעקן און דער גאַנצער קאָהאָל זייערער בלאָזט לויט דער ריי דורך דער אָטשערעטנער רער דעם פֿערד אין מאָגן אַרײַן אַזוי לאַנג, ביזוואַנען עס בלאָזט זיך אויף זײַנע זײַטן און עס ווערט אָפּן אויסזען אַ קײַלעכדיקס און אַ בײַכיקס. און דערנאָך, אַז מע בלאָזט עס שוין אָן, ווי אַן אָקסנעם פֿענכער, — שלעפּט מען טייקעף אַרויס דעם אָטשערעט־שטעקן און אַף זײַן אָרט שטעקט מען אַרײַן אַ שמאַטע אָדער אַ בינטל היי, אויסגעשמירט אין סמאָלע, די לופֿט זאָל ניט אַרויסגיין. אָט אַזאַ אָנגעבלאָזנס האָס־טו געקויפֿט. דער שטאָפּער איז ווײַזט אויס, אין וועג אַרויסגעפֿאַלן, און דײַן שקאַפּקע האָט גענומען מאָגער ווערן... גיי, קער זיך אום און זוך אויף דעם שטאָפּעק... וועלן מיר ווידער אין איין מאָמענט אָנ־בלאָזן"... „דער טײַוול זאָל זיי בלאָזן!.." — האָט שטשוקאַר אויסגע־שריִען פֿאַרצווייפֿלט און זיך געלאָזט לויפֿן צום ציגײַנער־טאַבאָר, אָבער ווען ער איז אַרופֿגעלאָפֿן אויפֿן בערגל, האָט ער אויסגעפֿונען, אַז ניט קיין געצעלטן, ניט קיין בוידן זײַנען שוין באַם טײַכל ניטאָ. דאָרט, וווּ זיי זײַנען געשטאַנען, האָט זיך געצויגן אַ בלויליכער רייכל פֿונעם ניט פֿאַרלאָשענעם שײַטער, און פֿון ווײַטן אויפֿן זומער־שליאַך האָט זיך געשלענגלט און איז צעגאַנגען אין ווינט דער גרויער שטויב. די ציגײַנער זײַנען פֿאַרשוווּנדן, ווי אַ מײַסעלע. שטשוקאַר האָט זיך פֿאַנאַנדערגעוויינט און זיך צוריקגעקערט. דער ליבלעכער איגנאַטי פֿאָר־פֿירימש איז ווידער אַרויס פֿון שטוב. „איך וועל זיך אונטער איר אַרונטערלייגן, זי זאָל ווידער ניט אַנידערפֿאַלן... פֿון בראַווקײַט, און דו זעץ זיך אַרויף" — האָט ער פֿאָרגעלייגט. נאַס פֿון ביזויען, ברע־נענדיק און שוויצנדיק, האָט שטשוקאַר אָנגענומען זײַן טויווע און זיך ווי־ניט־איז געזעצט. אָבער צו זײַנע צאָרעס איז נאָך ניט געקומען קיין כאָף: די שקאַפּע איז דאָס מאָל ניט אַנידערגעפֿאַלן, אָבער דערפֿאַר האָט זיך בײַ איר אַרויסגעוויזן גאָר אַן אויסערגעוויינלעכער שפּרונג. זי האָט, ווי אין גאַלאָפּ, געוואָרפֿן פֿאָרויס די פֿאָדערשטע פֿיס, און

מיט די הינטערשטע האָט זי זיכ געבריקעט, אויפהייבנדיק זיי העכער פונעמ רוקנ. אפ אזא אופנ האָט זי אוועקגעטראָגנ שטשוקארנ ביזנ ערשטנ געסל. ביימ האָט העמ ווילדנ שפּרינגענ איז בא אימ פונעמ קאָפּ אראָפּגעפאלנ דאָס היטל און אמאָל פיר האָט בא אימ פונ די שרעקלעכע טרייסלונגענ אינווייניק עפּעס געיאָכצט און אזוי ווי זיכ אָפּגעריסנ. „גאָט מײַנער! אזוי קאָנ מענ ניט רײַטנ!“... — האָט שטשוקאר באשלאָסנ, אראָפּשפּרינגענדיק פונ פערד אינ געלאָפּ. ער האָט זיכ אומגעקערט צוריק נאָכנ היטל, אָבער זעענדיק, אז אינ געסל לויפט זיכ צונויפ אנ עולמ, איז ער אוועקגעלאָפנ צוריק און ארויסגעפירט די שלימאזלדיקע שקאפּע, וואָס האָט ארויסגעוויזנ אזא אומדערוואַרטע בעריעשקײַט, אויסערנ כוטער. ביז דער ווינטמיל האָבנ אימ באגלייט קינדער, דערנאָכ זײַנענ זיי אָפּגעשטאנענ... שטשוקאר האָט זיכ שוינ ניט אײַנגעשטעלט ווידער זיכ צו זעצנ אפנ ציגײַנערשנ „אָדלער“, ער איז געגאנגענ ווײַט ארומ און ארומ דעמ כוטער ביזנ בערגל, אָבער אפנ בערגל איז ער מיד געוואָרנ יזי ציִענ פארנ צוימל און ער האָט באשלאָסנ טרײַבנ די שקאפּע פאָרויס זיכ. און דאָ האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז דאָס פערדל, וואָס ער האָט געקויפט מיט אזויפיל מי, איז בלינד אפ ביידע אויגנ. דאָס פערדל איז געגאנגענ גלײַכוויס אפ די בערגלעכ און קאנאווקעס און פלעגט זיי ניט אריבערשפּרינגענ, נאָר פלעגט פאלנ, און דערנאָכ, זיכ אָנשפּארנדיק אפ די ציטערנדיקע פאָדערשטע פיס, פלעגט ער אָפּשטיינ, שווער אָטעמענדיק, און ווײַטער גיינ; און געגאנגענ איז עס אומגעווייגלעכ, מאכנדיק די גאנצע צײַט קרײַזנ... שטשוקאר, דערשיטערט פונ דער נײַער אנטדעקונג, האָט אימ געגעבנ די פולע פרײַהייט און דערזענ: זײַנ שקאפּקע פלעגט מאכנ א פולנ קרײַז און ווידער אָנהייבנ פונ סנײַ, און אזוי אָנ אופהער, אפ א ניט־זיכטבארער ספּיראל. דאָ האָט שוינ שטשוקאר זיכ געכאפּט, אז זײַנ געקויפט פערד איז זײַנ גאנצ לאנג און שווער לעבנ געגאנגענ אינ א ראָד פונ א גאָרטנ־פּאָמפּע, איז דאָרטנ בלינד און אלט געוואָרנ.

ביז פארנאכט האָט ער געפיטערט די שקאפּקע אפנ בערגל און זיכ געשעמט צו ווײַזנ באטאָג אינ כוטער, און ערשט בײַנאכט האָט ער זי געבראכט צו פירנ אהיימ. ווי עס האָט אימ באגעגנט זײַנ ווײַב — א פרוי א ווּקסיקע און א ברענענדיקע, — וואָס עס האָט זיכ אָנגעליטנ דער הארינקער שטשוקאר פאר זײַנ שלימאזלדיקער קניִע, — איז „באדעקט מיט אומבאוווסטער פינצטערניש“, ווי עס פלעגט זאָגנ דער שומטער לאָקאטיעוו, וואָס האָט דעמלט זיכ געבאווערט מיט שטשוקארנ.

ס'איז באַוווּסט בלויז דאָס, אַז די שקאַפּע איז אײנגיכנ קראַנק געוואָרנ מיט קרעצ, איז אָפּגעקראָכנ און אינ אַזאַ אויסזענ איז זי שטיל אויסגעגאַנגענ אינ שטאַל אינ האַלבער נאַכט. די פֿעל האָט שטשוקאַר מיטנ גוטנ ברודער לאַקאַטײעװ פּאַרטרונקענ.

דער אַלטער שטשוקאַר, ווענ ער האָט פּאַרזיכערט יאַקאָװ לוקיטשנ, אַז ער — שטשוקאַר— האָט ניט ווייניק פֿערד געזענ אַפֿ זײַנ לעבנ, האָט פֿאַרויס געוווּסט, אַז יאַקאָװ לוקיטש קאָנ אימ ניט גלייבנ, ווײַל שטשוקאַרס גאַנצ לעבנ איז פֿאַרבײַגעגאַנגענ פֿאַר יאַקאָװ לוקיטשס אויגנ. אָבער אַזאַ איז שוינ דער אַלטער שטשוקאַר געווענ פֿונ דער נאַטור: ער האָט ניט געקענט ניט באַרימענ זיכ און ניט לײַגנ. א שטאַרקערע קראַפֿט פֿאַר אימ האָט אימ געצווונגענ צו ריידנ אַזוינס, פֿונ וואָס ער וואָלט אינ עטלעכע מינוט אַרומ מיט פֿאַרגעניגנ זיכ אָפּגעזאָגט...

מיט איינ וואָרט, דער אַלטער שטשוקאַר איז געוואָרנ פֿורמאַנ און פֿערד־אויפֿזעער אײנציײַטיק. און מע דאַרפֿ זאָגנ, אַז זײַנע פֿאַשעטע אויפֿגאַבנ האָט ער ניט שלעכט אויסגעפֿילט. דאָס אײנציקע, מיט וואָס ער איז ניט געפֿעלנ נאַגולנאָװ, וועלכער האָט ליב געהאַט שנעל פֿאָרנ, איז דאָס זײַנ אָפֿט אָפּשטעלנ זיכ. נאָכ ניט באַוויזנ אַרויספֿאָרנ פֿונעמ הויפֿ, ווי ער ציט שוינ אָנ די לייצעס: „טפּרווו, טײַערינקע!" „וואָס האָסטו זיכ אָפּגעשטעלט?" — פֿרעגט נאַגולנאָװ. „צוליב פֿערדישע באַדערפֿענישנ" — ענטפֿערט דער אַלטער שטשוקאַר און פֿײַפֿט אַזוי לאַנג אונטער צו די פֿערד, ביז וואַנענ נאַגולנאָװ רײַסט בא אימ אַרויס פֿונ אונטערנ געזעס די בײַטש און דערלאַנגט דעמ אָגער איבערנ רוקנ. „הײַנטיקע צײַטנ זײַנענ גיט די צאַרישע, ווענ דער פֿורמאַנ איז געזעסנ אַפֿ דער קעלנע, און דער פּאַסאַזשיר האָט זיכ פֿונ הינטנ אַפֿ א ווייכ קישעלע געוויגט. הײַנט בינ איכ א פֿורמאַנ און זיצ מיטנ כאַווער האַווידאָװ צוזאַמענ אַפֿ דער דראָזשקע. אָנ אַנדערשמאָל ווילט זיכ מיר פֿאַרייכערנ און איכ בעט אימ: נו, האַלט אָקאָרשט די לייצעס, איכ'ל א ציגאַרל פֿאַרדרייענ. „מיט אַלע פֿאַרגעניגנס" — זאָגט ער. ער נעמט די לייצעס און אַמאָל טרעפֿט, אַז ער טרײַבט אָנ א שאָ צײַט און איכ זיצ זיכ, ווי א פּאַרעצ, און אינטערעסיר זיכ מיט דער נאַטור". — פֿלעגט זיכ באַרימענ דער אַלטער שטשוקאַר פֿאַר די קאָזאַקנ. אַפֿנ אויסזענ איז ער געוואָרנ שטאַרק אָנגעצויגנ און אַפֿילע ווייניקער באַרייד־עוודיק. ניט געקוקט אַפֿ די פֿרילינגדיקע פֿרעסטלעכ, האָט ער שוינ געהאַט אַריבערגעגאַנגענ שלאָפֿנ אינ שטאַל, נעענטער צו די

אָגערס, אָבער די אלטע האָט אימ אינ א וואָכ ארומ ארײַנגעשלעפּט אינ שטוב, אימ אָנגעשלאָגנ אונ אויסגעזוידלט פאר אלעמענ אינ די אויגנ דערפאר, וואָס צומ אלטנ שטשוקארנ זײַנענ קלוימערשט באנאכט געגאנגענ יונגע מיידלעכ. דאָס האָבנ באָבעריִמ שפּאס געטריבנ איבער דער אלטער אונ אויסגעטראכט אפנ אלטנ דעמ דאָזיקנ מיִעסנ בילבל, אָבער קעגנשטעלנ זיכ איר האָט ער ניט געוואָלט אונ איז אריבער נעכטיקנ אינ דער היימ. א מאָל צוויי אינ דער נאכט פלעגט ער גײנ א קוק געבנ צו די אָגערס, באגלייט פונ זײַנ אייפערזיכטיקנ נוײַב.

ער האָט זיכ אויסגעלערנט אזוי גיכ אײַנשפּאנענ, אז ער האָט קאָנקורירט אינ גיכקייט מיט דער גרעמיאטשער פּײַערלעשער־קאָמאנדע. ווענ ער פלעגט ארויספירנ אײַנצושפּאנענ, באַרויִקנדיק די צוגעשטאנענע אונ הירזשנדיקע אָגערס, פלעגט ער קעסיידער שרײַענ מיט א גרילצ: „נאָ־נאָ־אַ! זיכ צעהירזשעט, כאָליערע!.. דער איז אויכ ניט קײנ שקאפּע, עס איז פּונקט אזא צאצע, ווי דו!“ ווענ ער פלעגט פארענדיקנ אײַנשפּאנענ אונ זיכ זעצנ אפ דער דראָזשקע, פלעגט ער זעלבסטצופרידנ זאָגנ: „נו, אָט וועלנ מיר זיכ דורכפאָרנ אונ פארדינענ א שטעקעלע*, אזא לעבנ האָט מיר, ברידערלעכ, נענומענ שטארק געפעלנ ווערנ“.



דעמ 27־טנ האָט דאווידאָוו באשלאָסנ צו פאָרנ אפנ פעלד פונ דער ערשטער בריגאדע, קעדיי דורכצוקאָנטראָלירנ, צי די בריגאדע — ניט געקוקט אפ זײַנע אָנווייזונגענ — בראָנעוועט ווירקלעכ לענגוים דער פורכע** וועגנ דעמ האָט אימ מיטגעטיילט דער שמיד איפּאָליט שאַלי, וואָס איז געפאָרנ אינ פעלד פאריכטנ די זייעלקע אונ האָט געזענ, אז די באָראָנעס זײַנענ געגאנגענ ניט אינ דער קוועך איבער דע פורכע, נאָר לענגוים. איז ער באלד, ווי ער איז געקומענ צוריק אינ כוטער, אוועק אינ דער פארוואלטונג, געדריקט דאווידאָווס האנט, אונ שטרענג געזאָגט:

— די ערשטע בריגאדע יאָגט די באָראָנעס לענגוים די פורכעס. אזא פארבאָראָנעוועג טויג אפ קאפּאָרעס. פאר צו אהינ אליינ אונ באפעל זיי צו טאָנ אזוי, ווי מע דארפ. איכ האָב זיי דערופ אָנגעוויזנ.

* אינ 1930 יאָר פלעגט דער ארבעטטאָג געוויינלעכ פארצייכנט ווערנ מיט א „שטעקעלע“ אינ דעמ בריגאדירס נאָטיצ־ביכל — ר ע ד.

** באָרוזדע — ר ע ד.

רופט זיכ אָפּ אושאקאָוו, דער קרומער טשוויל: „דײַנ זאכ איז קלאפּנ אפּ דער קאָוואדלע אונ בלאָזנ דעמ בלאָזזאק, אהער זאָלסטו דײַנ גאָז ניט רוקנ, אניט וועלנ מיר זי באלד אראָפּנעמענ מיטנ אקער.“ דערויפ האָב איכ אים געענטפערט:

„אײדער איכ וועל פּאָרנ בלאָזנ דעמ בלאָזזאק, וואָלט איכ דיר, דעמ קוימענ, ארײַנגעבלאָזנ!“ נו, מיר האָבנ זיכ שיר ניט צעשלאָגנ.

דאווידאָוו האָט ארײַנגערופנ דעמ אלטנ שטשוקאר:

— שפּאנ אײַנ!

ער האָט זיכ ניט אײַנגעהאלטנ אונ איז אלײנ ארויסגעלאָפנ העלפנ גיכער אײַנשפּאנענ. זײ זײַנענ אוועקגעפאָרנ. דער פארכמורעטער טאָג אונ דאָס פּײַכטע ווינטל פונ דאָרעמ־מײַרעו האָבנ צוגעזאָגט רעגנ. די ערשטע בריגאדע האָט געארבעט אפנ סאמע ווײַטסטנ באצירק פונ דער גרוי־זאמדיקער ערד. פונעמ כוטער איז געווענ א קילאָמעטער צענ, הינטערנ בערגל בא דער ביטערער סאזשלקע. די בריגאדע האָט געאקערט אונ געגרייט ערד אפּ זייענ זאנגענ־קולטורנ. די אופאקערונג איז אויסערסט נייטיק געווענ זאָרגזאמ צו פארבאָראָנעוונ, קעדיי די רעגנ־פּײַכטקײַט זאָל זיכ פארהאלטנ אפנ גראָד־באארבעטנ באצירק, אונ זאָל ניט אראָפּריגענ דורכ די פורכעס בארג־אראָפּ.

— יאָג אונטער, זיידע! — האָט דאווידאָוו געבעטנ, קוקנדיק אפּ די געדיכטע בייטנ פונ די געוויטער־וואָלקנס.

— איכ יאָג. אָט פונעמ גרויענ קריכט שוינ מילענעס ארויס.

אפנ בערגל, ניט ווײַט פונעמ זומערדיקנ וועג, האָט זיכ געצויגנ א קייט שול־קינדער, אָנגעפירט פונ זייער אלטנ לערער שפּיניא. הינטער זײ זײַנענ געפאָרנ פיר פורנ אונ געפירט פעסלעכ מיט וואסער.

— דאָס קלײַנוואַרג איז ארויס אפּ די זויסלמינ — האָט שטשוקאר אנגעוויזנ מיט דער בײַטש.

דאווידאָוו האָט געקוקט אפּ די קינדער מיט אנ אײַנגעהאלטענעמ שמייכל. ווענ די דראָזשקע איז צוגעפאָרנ צו די קינדער, האָט ער געבעטנ בא שטשוקארנ „שטעל אָפּ“ — אונ, אָנגעצילט מיטנ בליק, האָט ער אָפּגעקליבנ א ייִנגל פונ א יאָר זיבנ, א באָרוועסנ, א ווײַס־קעפּיקנ:

— קומ נאָר אהער.

— וואָס דארפ איכ גײנ? — האָט ער אומאָפּהענגיק געפרעגט, אונ אראָפּגערוקט אפּ דער פּאָטיליצע דעמ טאטנס היטל מיטנ רויטנ קאנט אונ מיטנ אָפּגעבליאקעוועטנ שפּור פונ א קאָקארדע איבערנ דאשעק.

— וויפל זיסלמיניז האָסטו דערהאַרגעט?

— פערצן.

— וועמעס ביסטו, יינגל?

— פעדאָט רעמידיטש אושאַקאָוו.

— גו, זעצ זיך מיט מיר, פעדאָט רעמידיטש, מירן זיך דורכפּאָרן. און דו זעצ זיך אויך — דאַווידאָוו האָט מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף אַ מיידעלע, אַ פאַרדעקטס מיט אַ פאַטשיילקע. ווען ער האָט אַרײַנגעזעצט דאָס קליינוואַרג, האָט ער באַפוילן: — ריר זיך! — און צום יינגל: — אין וועלכער גרופּע ביסטו?

— אין דער ערשטער.

— אין דער ערשטער? דאַרף מען דעם סמאַרק אַרויסיאָגן, אַ פאַקט!

— וועסט ניט אַרויסיאָגן. איך בין אַ פאַרקילטער.

— נו, וואָס הייסט ניט אַרויסיאָגן?! גיב אַהער די נאָז! — דאַווידאָוו האָט גוט אויסגעווישט די פינגער אָן די הויזן און אָפּגעזיפצט: — וועסט ווען־ניט־איז אַרײַנגיין אין דער קאָלווירט־פאַרוואַלטונג וועל איך דיר געבן אַ קאָנפעט אַ שאָקאָלאַדנע. האָסט אַמאָל געגעסן שאָקאָלאַד?

— ניי־יין...

— איז קום אין דער פאַרוואַלטונג, צו מיר אין געסט, וועל איך דיר געבן.

— איך דאַרף זי ניט, די צוקערקע!

— אַזוי גאָר? פאַרוואָס איז עס, פעדאָט רעמידיטש?

— די ציינער ברעקלען זיך בײַ מיר, די אונטערשטע זײַנען שוין אַרויסגעפאַלן, נאַ, גיב אַ קוק! — דאָס יינגעלע האָט אויפגעעפנט זײַן רויט מײַלעכל: צוויי אונטערשטע ציינער האָבן טאַקע געפעלט.

— ביסטו, הייסט עס, פעדאָטקאַ רעמידיטש, אַ שטשערבאַטער?

— ביסט דאָך אַליין אַ שטשערבאַטער.

— המ... אַ יאָט... שוין באַמערקט!..

— בײַ מיר וועלן זיי אויסוואַקסן, און בײַ דיר, ווײַזט אויס, ניט? אַהאַ!.

— נו, וויצלסט זיך, בעוורעמאַגן! בײַ מיר וועלן אויך אויסוואַקסן, אַ פאַקט!

— פלינק ליגסטו! בײַ גרויסע וואַקסן זיי ניט אויס. איך קאָן מיט די אויבערשטע אויך אײַנבײַסן, אַף מײַן וואָרט!

— ווייס איכ וואָס!

— גיב אַקאָרשט א פינגער! גלייבסט ניט?

דאַווידאָוו האָט שמייכלענדיק אויסגעשטרעקט דעמ צײַגפינגער און מיט א קרעכץ אימ אַרויסגעריסנ: אפנ אויבערשטנ געלענק האָבנ זיכ אויסגעלייגט בלויע פלעקנ פונעמ ביס.

— נו, איצט, פעדאָטקא, גיב מיר דײַנ פינגער, איכ וועל אימ אײַנבײַסנ,—האָט ער פאָרגעלייגט, אָבער פעדאָטקע האָט זיכ ניט געײַלט, און פלוצלינג איז ער ווי א גרויס גרוי גרילצל אַראָפגעשפרונגענ פונ דער פאָרנדיקער דראָזשקע, און אונטערטאַנצנדיק אפ איינ פיסל, האָט ער אויסגעשריִענ:

— האָסט ליב זיכ בײַסנ! ניינ, איצט וועסטו שוינ ניט בײַסנ!..

דאַווידאָוו האָט זיכ פאַנאַנדערגעלאַכט, אַרויסגעזעצט דאָס מיידעלע פונ דער דראָזשקע און נאָכ לאַנג זיכ אומגעקוקט אפ פעדאָטקעס היטל, וואָס זײַנ קאַנט האָט זיכ נאָכ לאַנג געריטלט אפנ וועג. ער האָט זיכ צעשמייכלט און געפילט א זעלטענע וואַרעמקײַט אפנ האַרצנ און א פײַכטקײַט אפ די אויגנ. „א גוט לעבנ וועלנ מיר פאַר זיי אויסבויענ, א פאַקט! איצט לויפט אַרומ פעדאָטקע אינ טאַטנס היטל פונ קאָזאַקישנ פאַסאָנ, און אינ א יאָר צוואַנציק אַרומ וועט ער מיט אַנ עלעקטרישנ אַקער איבערקערנ אָט די ערד... אימ וועט שוינ געוויס ניט אויסקומענ אַזוי ווי מיר איז אויסגעקומענ נאָכנ טויט פונ דער מוטער אי וועש וואַשנ פאַר די שוועסטערלעכ אי שטריקנ אי מיטיק קאָכנ אי אפנ זאַוואָד לויפנ... גליקלעכע וועלנ זיי זײַנ, די פעדאָטקעס, א פאַקט!” — האָט דאַווידאָוו געטראַכט, אַרומכאַפנדיק מיט די אויגנ דעמ ענדלאָזנ, דעמ צאַרט־צעגרינטנ סטעפ. אפ א מינוט האָט ער זיכ צוגעהערט צו די זינגענדיקע פײַפענישנ פונ דעמ לאַרכ, א קוק געטאָנ ווי פונוויטנ גייט אײַנגעבויגנ איבערנ אַקער דער אַקערער, און אָנ דער זײַט בײַ די אָקסנ גייט, זיכ שטרויכלענדיק, איבער דער פורכע, דער אָנטרײַבער — און ער האָט אָפגעאָטעמט מיט דער פולער ברוסט: „די מאַשינ וועט שווערע אַרבעטנ אָפאַרבעטנ פאַרנ מענטשנ... די דעמאָלטיקע מענטשנ וועלנ מיסטאָמע פאַרגעסנ דעמ גערוכ פונ שווייס... כאָטשבי דערלעבנ, צו אַלדי טײַוואָלאָניִמ... כאָטשבי א קוק טאָנ! אַזוי קאָנ מענ פייגערנ און קיינ שומ פעדאָטקע וועט וועגנ דיר זיכ ניט דערמאָנענ. און פייגערנ וועסטו, ברודער, דאַווידאָוו, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר! און אָנשטאָט א דאָר וועט פונ דיר פאַרבלײַבנ דער גרעמיאַטשער קאָלווירט. פונעמ קאָלווירט

וועט ווערנ א קאָמונע און — זע אָקאָרשט — מע וועט זיכ נאָכ אָנרופנ אפנ נאָמענ פונ פוטילאָווער שלאָסערל ס׳אָמקע דאַווי-דאָוו...״ — דאַווידאָוו האָט א שמייכל געטאָנ צו זײַנ אייגענעמ וויציקנ געדאַנקענגאַנג און געפרעגט בא שטשוקאַרנ:

— מירנ זיכ קומענ?

— נאָכ צוויי מאָל פאַרקערעוועג אפנ דריטנ.

— וויפל ערד קומט דאָ בא אײַכ אומ אָנ נוצנ, טאַטינקע — פאַקטיש א שרעק! אַלצ געהערט צו אונדז, אַלצ איז אינ אונדזערע הענט. א פאַקט! שטאַרק זיכ און לעב אָפּ נאָכ א יאָר צענ און אָנגעשטאָפּט לייצעס וועסטו נעמענ אינ די הענט אַרײַנ דעמ רודער פונ א מאַשינ. וועסט לאָזנ גאַז, אַז מע וועט ניט קענענ אויסהאַלטנ!

דער אַלטער שטשוקאַר האָט אָפּגעזיפצט:

— א ביסל שפּעטלעכ! ווענ מיט א יאָר פערציק צוריק וואָלט איכ אַנ אַרבעטער געוואָרנ, וואָלט איכ, קאָנ זײַנ, געווענ אַנ אַנדער מענטש... אינ מײַנ פויעריש לעבנ האָב איכ קיינ דערפאָלג ניט גע-האַט. פונ קליינערהייט איז מײַנ לעבנ אַוועק אָנ א זײַט, און אַזוי ביז די לעצטע צײַטנ. מיכ האָט אַזוי ווי א ווינט געטראָגנ דאָס גאַנצע לעבנ, דאָ א שלײַדער געטאָנ, דאָרט א זעצ געטאָנ, אָדער די-צו אַלדי רוכעס... צענעריקט...

— פאַרוואָס איז עס אַזוי? — האָט זיכ דאַווידאָוו פאַראינטערע-סירט.

— אָט וועל איכ אײַכ דערציילנ ביז א האָר. זאָלנ די אָגערס לויפנ באַטריט, און איכ וועל זיכ פאַר דיר באַקלאָגנ כאָטש דו ביסט א פאַרכמורעטער מענטש, דאַרפסטו אָבער פאַרשטיינ און א געפיל האָבנ... מיט מיר זײַנענ וויפל מאָל סוריאָזנע צופאַלנ פאָרגעקומענ. פריִער פאַר אַלצ בינ איכ געבוירנ געוואָרנ, און די באַבקע האָט צו מײַנ פאַר-שטאָרבענער מוטער באַלד געזאָגט: „דײַנ זונ, ווי נאָר ער וועט אויס-וואַקסנ, וועט ער ווערנ א גענעראַל. מיט אַלע סימאָנימ שנײַדט ער זיכ אָפּ א גענעראַל: אי דאָס שטערנדל איז בא אימ הייסט עס, א שמאָלס אי דאָס קעפּל זעט אויס, ווי א קירבעס אי דאָס בײַכל איז א קײַלעכיקס, אי דאָס קעלכל איז א באַסאָווע קעלכל. פריי זיכ, מאַטריאָנע!״ און אינ צוויי וואָכנ אַרומ איז געוואָרנ פּונקט קאַפּויער, ווי די באַבקע האָט געזאָגט... געבאָרנ בינ איכ אָפּ „יעוודאָקיע‘, אָבער דעמ טאָג איז ניט נאָר א הונ האָט ניט געהאַט ווו אָנצוטרינ-קענ זיכ, נאָר אַפילע, ווי די מאַמע האָט געזאָגט, פויגלענ זײַנענ

פליענדיק פארפרוירנ געוואָרנ, צו אלדי רוכעס! טויפנ האָט מענ מיכ אוועקגעטראָגנ אינ טוביאנסקאָיע. נו, גיב אליינ א קלער: קאָנ מענ דענ א קינד אָפּטויוולענ אינ אזא קעלט? האָט מענ גענומענ אָנוואַרעמענ דאָס וואסער, דער דיאק אונ דער גאלעכ זײַנענ געווענ שיקער, ווי די כאזיירימ. איינער האָט אינ שיסל אָנגענאָסנ אָקרעפּ, אונ דער צווייטער האָט ניט אָנגעטאפּט דאָס וואסער אונ — „גאָט יעזוס, עס טויפט זיכ גאָטס א קנעכט!—אונ א זעצ געטאָנ מיכ אינ אָקרעפּ, אריבערנ קאָפּ... אזש די הויט איז פונ מיר אראָפּגעקראָכנ! מע האָט מיכ נעבראכט אהיימ — דורכויס אינ געשווילעכצנ. נו, איבער דעמ האָב איכ א קילע אינ פּופּיק זיכ אָנגעלעבט, פונ ווייטעק האָב איכ שטארק געשריענ, זיכ געקוועטשט איבער די קויכעס... פונ דעמלט אָנ איז מיר אוועק, ווי בײַ א קראנקנ, מיט דער פּוטער אראָפּ! אונ אלצ איבער דעמ, וואָס געבראכט אפּ דער וועלט האָט מענ מיכ אינ ערד־ארבעטערשנ לעבנ. ביז נײַנ יאָר האָבנ מיכ הינט געריסנ, גאָנערס געביסנ, אונ א לאָשעק האָט מיר אמאָל אזוי א זעצ געטאָנ מיטנ הינטנ, אז איכ האָב זיכ איבערגעקוליעט אפּ טויט. אונ פונ נײַנ יאָר אָנ האָבנ מיט מיר אלצ ערנסטע צופאלנ פּאסירט. ווענ ס'איז מיר געגאנגענ דאָס צענטע יאָר, בינ איכ נאטוראלנע געכאפּט געוואָרנ אפּנ העקל..

אפּ וואָס פאר א העקל!? — האָט זיכ פארוואונדערט דאַווידאָוו, וועלכער האָט געהאָרכט שטשוקארס דערציילונג ניט אָנ אופּמערקזאמקײַט.

— אפּ א געוויינלעכנ, מיט וואָס מע פאנגט פיש. ס'איז דעמלט געווענ בײַ אונדז אינ גרעמיאטשי א טויבער אונ אוראלטער זיידע מיטנ נאָמענ קופּיר. ווינטער פלעגט ער פאנגענ קוראָפּאטקעס מיט נעצנ אונ דעקנ זיי מיט בײַדלעכ, אונ זומער פלעגט ער פארפאלנ ווערנ אפּנ טײַכל אונ מיט ווענטקעס פיש פאנגענ. דאָס טײַכל בײַ אונדז איז דעמלט געווענ טיפער, אונ לאפּשינאָווס מילכל מיט איינ שטיינ איז דעמלט געשטאנענ באמ טײַכל. אונטער דער האמבע זײַנענ דאָרט געווענ קארפּנ אונ גוואלדיקע העכט. פלעגט דער אלטער דאָ זיצנ באמ ווערבע־קוסט מיט די ווענטקעלעכ. ער פלעגט זיי אָנשטעלנ א שטיק זיבנ — אפּ איינעמ פאנגט ער מיט א וואָרעמ, אפּנ צווייטנ מיט א שטיקל טייג, אָדער מיט א לעבעדיק פישל וואַרט ער אפּ א העכט. האָבנ מיר, קינדער, זיכ צוגענאָרזעט אָפּצובײַסנ בײַ אימ די העקעלעכ. דער אלטער איז געווענ טויב, ווי א שטיינ, כאָטש פּיש אימ אָנ אינ אויער, סײַווי וועט ער ניט דערהערנ. פלעג-

מיר זיכ צונויפגענומענ באַם טײַכל, זיכ אויסלייגנ לעבנ דעמ אַלטנ הינטערנ קוסטל, אונ איינער פונ אונדז פלעגט אַראָפּקריכנ אינ וואַסער שטילינקערהייט, קעדיי ניט צו מאַכנ קיינ כוואַליעס, אונטערטוקנ זיכ אונטער אַלטנס ווענטקעס, פּאַקנ די ווענטקע פאַרנ האָר — א בימ מיט די ציינ, אונ צוריק הינטערנ קוסט אַרויסשווימענ. דער אַלטער שלעפּט אַרויס די ווענטקע אונ ווערט אַזש א פאַרציטערטער אונ ברומט: „ווײַטער אָפּגעביסנ, דער פאַרפלוכטער? אַכ, דו, גאָטס מאַמע!"—דאָס מיינט ער דעמ העכט אונ איז, פאַרשטייט זיכ, אינ כּאַס, וואָס ער איז געבליבנ אָנ א העקל. בא אימ זײַנענ די העקלעכ געווענ געקויפטע, אָבער מיר האָבנ ניט געהאַט מיט וואָס צו קויפנ, האָבנ מיר גענוצט דעמ אַלטנס. איינמאָל האָב איכ אַזאַ העקל שוינ אַרויסבאַקומענ אונ זיכ פאַרינטערעסירט אָפּצובײַסנ א צווייטנ. אינ זע, דער זיידע האָט גענומענ אָנזעצנ אַפ די העקלעכ, האָב איכ זיכ אַרונטערגעלאָזט אונטערנ וואַסער. איכ האָב שוינ שטילינקערהייט געהאַט אָנגעטאַפּט די האָר פונ דער ווענטקע אונ צוגעלייגט דאָס מויל צו איר, ווי דער אַלטער האָט עס א צי געטאָנ די ווענדע אַפ אַרויפ! דאָס האָרל האָט זיכ פאַרדרייט בא מיר אינ האַנט אונ דאָס העקל האָט דורכגעשטאָכנ מײַנ אויבערשטע ליפּ. וויל איכ שרײַענ, לויפט מיר אָנ אינ מויל וואַסער. אונ דער אַלטער ציט די ווענטקע אונ וויל מיכ אַרויספּאַנגענ. פונ גרויס ווייטעק וואַרפ איכ, פאַרשטייט זיכ, מיט די פיס, איכ צי זיכ נאָכנ העקל אונ איכ פיל שוינ, ווי דער אַלטער האָט אונטער מיר דעמ שופל אינ וואַסער אַרונטערגערונ, דאָ בינ איכ נאַטירלעכ אַרויסגעשווומענ אונ א ריטשע געטאָנ מיט א שרעקלעכער שטימ. דער אַלטער איז געבליבנ א טויטער, ער וויל זיכ ציילעמענ אונ קאָנ ניט, אונ דאָס פּאָנעמ איז אימ פונ שרעק געוואָרנ שווארצער ווי טשוהונ. אונ ווי האָט ער געקענט זיכ ניט דערשרעקנ? געשלעפּט א העכט, אונ אַרויסגעשלעפּט א יינגל. איז ער געשטאַנענ, געשטאַנענ, ביז ער האָט זיכ עס א לאָז געטאָנ ליפנ!.. אַז די טשיריקעס פונ די פיס פאַלנ אימ אַזש אַראָפּ! איכ בינ מיט אָט דעמ העקל אינ ליפּ געקומענ אַהיימ. דער טאַטע האָט דאָס העקל אַרויסגעשניטנ אונ דערנאָכ מיכ טאַקע געשמיסנ ביז איכ בינ אינ כאַלאָשעס נט געפאַלנ. פרעגט זיכ, וואָס קומט דערפונ אַרויס, די ליפּ איז זיכ ווידער צונויפגעוואַקסנ, אָבער פונ יענער צײַט אָנ רופט מענ מיכ שטשוקאַר*. צוגעשטאַנענ צו מיר אָט דאָס נאַרישע

* שטשוקא — א העכט — ר ער.

צונעמעניש... אפנ צווייטנ יאָר, אינ פרילינג, יאָג איכ אזוי ארויס די גענדזלעכ צו דער ווינטמיל. די ווינטמיל ארבעט, מײַנע גענדזלעכ פיטערנ זיכ הערבײַ, און, איבער זיי דרייט זיכ א שפּארבער. די גענדזעלעכ זײַנענ געלע, מעכײַעדיקע, און דעמ שפּארבער ווילט זיכ ארויסכאפּנ א וואָסערנס'איז, אָבער איכ היט זיי, נאַטירלעכ, אָפּ אונ אפנ שפּארבער טומל איכ אונ איכ שרײַ: „שו־הוו!” קומענ דאָ צו לויפנ מײַנע באַווײַרימלעכ קינדער אונ מיר הייבנ אָנ זיכ דרייענ אָפּ די פליגלענ פונ דער ווינטמיל: מיר כאפּנ זיכ אָנ יעדע־רער פאַר א פליגל, אז דער פליגל הייבט אונדז אופ אפ א צוויי ארשינ פונ דער ערד, לאָזט מענ אָפּ די הענט אונ מע פאַלט אפ דער ערד, ליגט מענ, אָדער מע כאַפּט זיכ פאַר א צווייטנ פליגל אונ קינדער זײַנענ ווי די טײַוולאָנימלעכ! צוגעטראכט א שפּיל: ווער עס וועט זיכ העכער פונ אלעמענ אופהייבנ, דער וועט זײַנ א „קייר־סערל”, אונ ער דאַרפ פאָרנ רײַטנדיק אפ אנדערע פונ דער ווינטמיל ביזנ שײַער. נו, יעדערנ איז אינטערעסאַנט צו ווערנ א „קייסער”. אונ איכ טראכט אויכ: „באַלד וועל איכ זיכ העכער פאַר אלעמענ אופהייבנ!” ווענ די גענדזעלעכ האָב איכ גאָר פארגעסנ. הייבט מיכ אופ דער פליגל, אונ איכ גיב א קוק, — איבער די גענדזלעכ דרייט זיכ דער שפּארבער אונ אָט אָט כאַפּט ער זיי. האָב איכ זיכ דערשראָקנ — ניטאָ וואָס צו זאָגנ, וואָסערע שמיץ איכ וועל כאַפּנ פארנ גענדזל... — קינדער — שרײַ איכ — א שפּארבער! טרײַבט אָפּ דעמ שפּארבער!”. אונ אליינ האָב איכ די סעקונדע פארגעסנ, אז איכ הענג אפנ פליגל... אונ ווענ איכ האָב זיכ דערמאָנט, האָט מיכ שוינ דער פליגל אופגעהויבנ פונ דער ערד. דער טײַוול ווייסט ווי הויכ! שפּרינגענ אראָפּ איז שרעקלעכ, אונ פליענ ארופ איז נאָכ שרעקלעכער, ווו טוט מענ זיכ אהינ? ביז איכ האָב זיכ באַקלערט, ווי זאָל איכ טאָנ, האָט זיכ דער פליגל קאַפּויר געשטעלט שטייענדיק אונ איכ הענג אפ אימ מיט די פיס ארופ. אונ ווענ דער פליגל האָט אָנגעהויבנ זיכ אראָפּלאָזנ צו דער ערד, האָב איכ זיכ אָפּגעריסנ. איכ ווייס ניט וויפל מאָמענטנ איכ בינ ביז דער ערד געפלויגנ. מיר האָט זיכ געדוכט, אז זייער לאַנג, אָבער איכ בינ דערפלויגנ אונ, נאַטירלעכ, זיכ א זעץ געטאָנ. פונ היץ בינ איכ אופגעשפּרונ־גענ, איכ זע, די בײַנער פונ מײַנע הענט האָבנ זיכ אפ דרויסנ ארויסגעשפּארט. איז מיר דאָ געוואָרנ א ווייטעק ניט צו באַ־שרײַבנ, אונ איכ האָב צו אלצ פארלאָרנ דעמ אינטערעס: דער שפּאַ־

כער האָט טאקע א גענדזל אוועקגעשלעפּט, אונ מיכ אינטערעסירט עס א האָר ניט. די ביינער־איינשטעלערנ האָט מיר די ביינער אפּנ אָרט אריינגעשטעלט. נאָר וואָס איז די פּולע? סײַוויסײַ איז אפּנ צווייטנ יאָר פּונסניי בא מיר געווענ די ביינער אויסגעדרייט אונ אליינ בינ איכ געווענ צעשניטנ. נאָכנ פּיאָטער־טאָג זײַנענ מיר מיטנ עלטערנ ברודער געפאָרנ קאָרנ שנײַדנ. איכ פיר אָנ מיט די פערד אונ דער ברודער וואַרפט פונ דער שנײַד־מאַשינ. איכ טרײַב אָנ די פערד, אי־בער זיי דרייענ זיכ ביינעג, א וואַסע זונ אינ הימל אונ אזא היץ אז איכ בינ אינגאנצנ א פארשלאָפענער אונ איכ פאל אראָפּ אינ דרעמל פונעמ שטולכל. נאָר צווישנ אנדערנ גיב איכ א רײַס אופ די אויגנ אונ זע אפ דער פורכע אָנ א זײַט פונ מיר ליגט אויסגעצויגנ, ווי א בײַטש, א גוואַלדיקער גריל־וואָנטשאַק. האָב איכ אָפּגעשטעלט די פערד, אונ דער ברודער זאָגט: „איכ וועל אימ מיט דער ווילע!" איכ זאָג. „לאָז, ברודערל, איכ וועל אפ אימ א שפּרונג טאָנ אונ וועל אימ א לעבעדיקנ פאַקנ". „שפּרינג!" — זאָגט ער. נו, האָב איכ א שפּרונג געטאָנ, געכאפּט אָט דעמ נאָר פארנ מיטנ. אָבער ער האָט זיכ א לאָז געטאָנ לויפנ. די פלינגלענ האָט ער צעשפּרייט, קלאפּט מיט זיי איבערנ קאָפּ, שפּרינגט אונטער אונ שלעפּט מיכ נאָכ זיכ; אונ אליינ פונ שרעק (ער האָט זיכ, הייסט עס, שטארק דערשראָקנ!) גיסט ער מיכ אפּ מיט פליסיקנ מיסט אונ שלעפּט נאָכ זיכ ווי א נאראָ־ווייסטער פערד א באָראָנע. איכ ווייס ניט פארוואָס איז אימ אײַנ־געפאלנ זיכ אויסקערעווענ אפ צוריק, אז ער האָט זיכ דאָס א וואָרפ געטאָנ אונטער די פערד, אונ אָנ א זײַט, די פערד זײַנענ געוואָרנ צעשראָקענע: זײַנענ זיי אריבערגעשפּרונגענ איבער מיר, גענומענ בראָ־פּענ אונ זיכ אוועקגעטראָגנ. בינ איכ ארונטערגעפאלנ אונטערנ שנײַד־מעסער... דער ברודער האָט באלד אָפּגעלאָזנ אונ אופגעהויבנ דעמ שנײַד־מעסער. האָט ער מיכ פאריאָגט אונטערנ ברעט אונ עס ציט אונטער דער שנײַד־מאַשינ, אונ זי דרייט זיכ אהער אונ אהינ... בא איינ פערד האָט זי א פוס ביזנ סאמע ביינ אײַנגעשניטנ, די אַנדערנ איבערגעשניטנ, אונ מיכ האָט זי צעקאַכאַשעט, גיט צו דערקענענ. דער ברודער האָט ווי־ניט־איז אָפּגעשטעלט די פערד, איינעמ אויס־געשפּאַנט אונ אפ אימ איז דער קווער מיכ ארופגעלייגט אונ אוועק־געפירט אינ כוטער. איכ ליג אינ כאַלאָשעס. אינגאנצנ אויסגעשמירט אינ מיסט אונ בלאָטע אינ דער גריל, דער מענוול, איז נאטירלעכ, אוועקגעפלויגנ. איכ האָב זיכ געטונ אָנגעקרעכצט... אינ א האלב יאָר

ארומ קער איכ זיכ איינמאָל צוריק פונ די שבייניִמ, אונ דעמ וועג
שטײַט מיר איבער דער כוטשערשער בוהײַ. ווייל איכ אימ פארבײַגײנ,
אָבער ער דרייט מיטנ עק, ווי א ווילדער טיגער, אונ מיט די הערנער
קריכט ער אפ מיר. מיינסט, ס'איז מיר געווענ שטארק אינטערעסאנט
בא אימ אפ די הערנער ארויסצולאָזנ די נעשאָמע? האָב איכ זיכ
געלאָזט לויפנ, אָבער ער האָט מיכ דעריאָגט אונ מיטנ הארנ מיר
פארנ אונטערשטנ ריפ פארכאפט אונ א וואָרפ געטאָנ איבערנ פארקנ.
דער ריפ איז צו אלדי רוכעס צעטראסקעט געוואָרנ. וואָלט איכ כאָטש
געהאט בא א הונדערט ריפנ, אָבער אזוי איז מיר געווענ א גרויסער
שאָדנ. גלאט אזוי א ריפ צו פארלירנ... איבער דעמ בינ איכ פונ
פריזיװ ארויס א בראקירטער. וואָס האָב איכ שוינ דערנאָכ ניט גע-
האט פונ די פארשיידענע באשעפענישנ — ניט ארויסצודערציילנ! ווי
דער טײַוול וואָלט אפ מיר א צייכנ געמאכט: וואָס פאר א הונט עס
רײַסט זיכ אָפ פונ קייט, ווו ער זאָל ניט לויפנ, דער פארשאָלטענער,
אָבער צו מיר וועט ער שוינ דערלויפנ, אָדער איכ וועל אליינ אומגערנ
אפ אימ ארופליענ, נו, אונ ער רײַסט אָפ - שטיקער, צעבײַסט די
גאטקעס, אונ וואָס קומט מיר דערפונ ארויס? עס האָבנ זיכ נאָכ
מיר געיאָגט טכוירנ פונ דער שלאנגענ־באלקע ביזנ סאמע וועג, אויכ
ווילדע כאזיירימ זײַנענ אפ מיר אָנגעפאלנ. איבער א בוהײַ האָט
מענ מיכ אמאָל געשלאָגנ אונ איכ האָב די שטיוול אָנגעוואָרנ. איכ
גיי איינמאָל באנאכט איבערנ כוטער, איז אָט, קומט מיר אנטקעגנ
לעבנ האָנעצקאָווס הויז ווידער א בוהײַ. בווו!"... — אונ דרייט מיטנ
עק. ניינ, טראכט איכ, איכ בינ שוינ אָנגעלערנט, ווי מיט אײַכ זיכ
צו באגיינ! האלט איכ זיכ נעענטער צומ הויז — דער בוהײַ נאָכ
מיר, נעמ איכ לויפנ, אונ ער סאָפעט מיר נאָכ פונ הינטנ. אינ הויז
איז דער פענצטער צו דער גאס אנ אָפענער. בינ איכ אינ אימ ארײַנ־
געפלויגנ, פונקט ווי א פלעדערמויז, זיכ ארומגעקוקט — קיינער איז
אינ שטוב ניטאָ, טראכט איכ: איכ וועל ניט שטערנ קיינ מענטשנ,
כ'וועל ווידער ארויס דורכנ פענצטער. דער בוהײַ האָט א ביסל גע-
בושעוועט, א זעצ געטאָנ די זאוואלינקע מיטנ הארנ אונ אוועק.
איכ האָב זיכ נאָר געקליבנ פונעמ פענצטער ארויסשפרינגענ אפ
דער גאס, ווי מע האָט מיכ א כאפ געטאָנ פאר די הענט, אונ איבערנ
קארק א זעצ מיט עפעס א הארטער זאכ. וואָס האָט דער באלע־
באָס — דאָנעצקאָווס זיידע — דערהערט דעמ גערויש אונ מיכ גע־
פאקט. „נאָכ וואָס ביסטו אהער ארײַנגעקראָכנ, באָכערל?" „פונעמ בו־

הײַ, הייסט עס, זיך געראַטעוועט". „גיין, זאָגט ער, מיר קענען אײַך, די בוהײַען! דאָס קריכסטו צו מײַן שנור, צו אָליוטקען?" און האָט מיך גענומען שלאָגן, פֿון אָנהייב קלוימערשט אין א שפּאַס און דערנאָך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. און אַלטער איז ער געווען א געזונטער, צו דער שנור פֿלעגט ער זיך אַליין צושאַרן, נו, האָט ער דעם כּעס אויסגעלאָזט צו מיר און אויסגעשלאָגן בא מיר א צאָן. און דערנאָך זאָגט ער: „וועסט נאָך צו אָליוטקען גיין?" „גיין, זאָג איך, כ'וועל מער ניט גיין, א קויל דיר אין מויל! הענג דיר אויף דײַן אָליוטקען אפֿן האַלדז אָנשטאָט א ציילעם". „נו, נעם אַראָפּ די שטיוול, זאָגט ער, אַניט וועל איך דיר נאָך אַרײַנהאַקן! האָב איך טאַקע אַראָפּגעצויגן די שטיוול און אים אָפּגעגעבן גלאַט אַזוי. א שרעק ווי אינטערעסאַנט ס'איז מיר געווען די לעצטע שטיוול אָפּצוגעבן! א יאָר פֿינף בין איך אָפּ אָט דער אָליוטקען געווען נאָך דעם אין כּעס, נאָר וואָס קומט מיר דערפֿון אַרויס? און אַזוי ווײַטער און אַזוי ווײַטער האָט פּאַסירט... לאָמיר כאָטש נעמען אָט דעם בײַשפּיל: ווען מיר האָבן מיט אײַך טיטאָקן אַנטבאַלעגופֿעוועט, איבער וואָס, ער וואָלט גאָר געדאַרפֿט אָנפֿאַלן אַף מאַקאַרן, אָדער אַף ליובישקינען, אָבער ער האָט זיך געדרייט אַרום דעם גאַנצן הויף און איז אָנגעפֿאַלן אַף מיר. ס'איז נאָך גוט, וואָס ער האָט ניט דערלאַנגט ביזן גאָרגל, אַניט וואָלט ער מיך א פּאָר מאָל א קוועטש געטאָן פֿאַרן כריפּ, איז גיי און שטעל א ליכטל נאָך שטשוקאַרן. ניי-יין, מיר ווייסן שוין די דאָזיקע זאַכן. דאָס האָט זיך, פֿאַרשטייט זיך, אַזוי פֿאַרענדיקט איבער דעם, וואָס איך האָב קיין ליוואָלווערט ניט געהאַט. אָבער ווען איך האָב, גאָט זאָל אויסהיטן, א ליוואָלווערט, וואָס וואָלט זיך דאָרטן באַקומען? בלויז טויט-מאָרדן. ווען איך צעקאָך זיך, איז בא מיר ניטאָ קיין אָפּהאַלט. אין דעם מאָמענט וואָלט איך געקאָנט דערהאַרגענען דעם הונט, טיטאָקס ווײַב, און אין טיטאָקן אַליין וואָלט איך אין גאָרגל אַלע קוילן אַרײַנגעקנאַקט! אָט האָסטו דיר א מאָרד, און צוריקגערעדט, וואָלט מען שטשוקאַרן אַרײַנגעזעצט אין טורמע... און אין א טורמע גיין האָב איך גאָר קיין שום נייטיקייט ניט, איך האָב מיר מײַן אינטערעס. יאָ... אָט ווי עס האָט זיך באַקומען פֿון מיר א גענעראַל. ווען אָט די באָבע וואָלט איצט געלעבט, וואָלט איך זי א רויע אויפֿגעפֿרעסן!.. בעבע ניט, וואָס מע דאַרף ניט! פֿאַרשטעי ניט קיין אייפֿעלעך! נו, אָט האָסטו דיר די בריגאַדע, געקומען!

# קאַפּיטל 32

נאָכ אײַנ פֿירהויז, אָפּרײַניקנדיק מיט א נאַסנ געבונדענעמ בעזעמ די קלעפּיקע שטיקלעכ בלאָטע פֿונ די שטיוול, האָט ראַזמיאָטנאָװ דערזענ א קרומענ פּאַס שנײַ, וואָס איז דורכגעדרונגענ דורכנ טיר־שפּאַלט פֿונ נאַגולנאָװס צימער. „ער שלאָפֿט ניט, מאַקאַר. פֿאַרוואָס שלאָפֿט זיכ אימ ניט?“ — האָט אַנדריי א קלער געטאָנ, ווענ ער האָט אָנ גערויש געעפֿנט די טיר.

א פֿינפֿער לעמפּל, באַדעקט מיט אַנ אָפּגעבראָכענעמ אַבאַזשור פֿונ א צײַטונג, האָט טונקלדיק באַלויכטנ דעמ ברעג טיש, און אַנ אָפֿנ ביכל. מאַקאַרס צעשויבערטער קאָפּ איז געווענ פֿאַרטיפֿט אײַנגעבויגנ איבערנ טיש, זײַנ רעכטע האַנט האָט אונטערגעשפּאַרט די באַק, די פֿינגער פֿונ דער לינקער האַנט זײַנענ מיט ווּט געווענ אײַנגעקלאַמערט אינ די האָר.

— א גוטנ אָוונט, מאַקאַר! פֿאַרוואָס עפּעס אַנטלויפֿט פֿונ דיר דער שלאָף?

נאַגולנאָװ האָט אויפֿגעהויבנ דעמ קאָפּ און אומצופֿרידנ באַטראַכט אַנדרייענ.

— נאָכ וואָס ביסטו געקומענ?

— אַרײַנגעקומענ זיכ דורכשמועסנ. כ'האָב דיר געשטערט?

— געשטערט—ניט געשטערט, נאָר זעצ זיכ, אַרויסטרײַבנ דיכ וועל איכ ניט.

— וואָס לייענסטו דאָס?

— כ'פֿאַרנעמ זיכ מיט עפּעס א זאַכ, — מאַקאַר האָט מיט דער דלאָניע פֿאַרדעקט דאָס ביכל און מיט דערוואַרטונג געקוקט אויפֿ ראַז־מיאָטנאָװנ.

— איכ בינ אוועק פֿונ מאַרישקענ. אויפֿ אַלעמאָל... — האָט אַנדריי אָפּגעזיפֿצט און שווער זיכ אַראָפּגעלאָזנ אויפֿנ בענקל.

— שוינ לאַנג צײַט.

— פֿאַרוואָס עפּעס?

— זי איז דיר געווענ א שטערונג, און איצט איז אַזאַ לעבנ, אַז אַלחאָס איבעריקע דאַרפֿ מענ דערווײַטערנ פֿונ זיכ. איצט איז ניט קיינ צײַט פֿאַר אונדז, קאָמוניסטנ, זיכ צו פֿאַרנעמענ מיט פֿאַרשיידענע זײַטיקע זאַכנ.

— וואָס איז עס פאַר א זייַטיקע זאכ, אויב דאָס איז צווישנ אונדז א ליבע געווענ?

— נו, וואָס איז עס פאר א ליבע? דאָס איז א קלאָץ אפנ האלדז, אונ ניט קיינ ליבע. פירסט דורכ א פארזאמלונג, לאָזט זי פונ דייר די אויגנ ניט אראָפּ, זיצט אונ אייפערזיכטיקט. דאָס, ברודערל, איז ניט קיינ ליבע, נאָר א שטראָפ.

— הייסט עס, לויט דייַנ מיינונג, טאָרנ שוינ די קאָמוניסטנ צו קיינ ווייַבער זיכ ניט צוריקנ? פארבינד מיט א שטריקל אונ גיי איבער דער וועלט, ווי אנ אויסגעשניטענער עקסל, צי וואָס?

— מע טאָר טאקע ניט, וואָס־זשע מיינסטו?, די, וואָס זייַנענ נאָכ אמאָל מעשוגע געוואָרנ אונ כאסענע געהאט, די זאָלנ נאָכ אויסלעבנ זייערע יאָרנ מיט די ווייַבער, אָבער די יונגעלייַט וואָלט איכ מיט א דעקרעט פארווערט כאסענע צו האָבנ. וואָס פאר א רעוואָליוציאָנער וועט פונ אימ זייַנ, אויב ער וועט זיכ צוגעווינענ צו האלטנ זיכ באַמ ווייַבס קליידל? א ווייַב פאר אונדז, איז ווי האָניק פאר א הונגעריקער פליג. מע קלעפּט זיכ גלייַכ צו. איכ האָב דאָס אויסגעפּרוווט אפ זיכ, כ'ווייס קאטעגאָריש. עס טרעפט, מע זעצט זיכ אינגאַנצנ עפּעס לייענענ, אנטוויקלענ זיכ א ביסל, אונ דאָס ווייַב ליגט זיכ שלאָפנ, לייענט מענ עפּעס איבער, מע ליגט זיכ, אָבער זי דרייט זיכ אויס צו דיר מיטנ רוקנ. ווערט מענ באליידיקט פונ איר ליגנ אזוי. איז אָדער מע הייבט זיכ אָנ זידלענ מיט איר, אָדער מע רייכערט שווייַגנדיק אונ עס קאָכט אינ דיר, אונ מע שלאָפט ניט. שלאָפט מענ זיכ ניט אויס, אונ אינדערפרי, מיט א שווערנ קאָפּ טוט מענ אָפּ א וואָס־ער־ניט־איז פּאָליטיש ניט קיינ ריכטיקע זאכ. דאָס איז שוינ אנ אויסגעפּרוווטע זאכ! אונ טאָמער הייבט ער נאָכ אָנ צו קינדלענ, איז ער שוינ פאר דער פארטיי אינגאנצנ א פארפאלענער מענטש. אינ איינ מאָמענט לערנט ער זיכ דיר אויס האָדעווענ א קינד, געוווינט זיכ צו צו זייַנ מילכיקנ גערוכ אונ איז שוינ פארטיק! דער איז שוינ א שלעכטער קעמפער, אונ א טויער איז ער שוינ זייער א האָסיקער. אינ דער צארישער צייַט האָב איכ געלערנט יונגע קאזאקנ אונ כ'האָב זיכ אָנגעזענ: אויב ער איז א באָכער, איז ער נא פרייַלעכער, א פארשטאנדיקער, אָבער אויב ער איז פונ א יונג ווייַבל געקומענ אינ פּאָלק, ווערט ער באלד פונ בענקעניש פארהאָלצעוועט, ווי א פלאָקנ. טאררישקייַט שפּארט פונ אימ, מע קאָנ מיט אימ גאָר ניט אייַנטייַנגענ, דו רעדסט צו אימ וועגנ מיליטערסטאטוט, אונ בא אימ זייַנענ די אויגנ, ווי קנעפּלעכ. ער

קוקט, דער מעגוויל, קלוימערשט אױף דיר, אָבער אינערעמעסן איז זײַן שוואַרצאַפּל אױסגעדרייט צו זיך אינעווייניק, און ער זעט, דער פּאַסקודע, נאָר זײַן ווײַבל. אַט דאָס הייסט געאַרבעט? ניין, טײַערער כאַווער, פריִער האָט מען געקאָנט לעבן, ווי מע וויל, אָבער איצט, אויב דו געפינסט זיך אין דער פּאַרטיי, זאָלסטו אַלע נאַרישקייטן דײַנע אַוועקוואַרפן. נאָך דער וועלט־רעוואָלוציע — מײַן אײַכן — מעגסטו כאָטש פיגורן אָפּן ווײַב, דאַן שפּײַ איך אױף דעם, אָבער איצט דאַרפסטו אײַנגאַנצן זײַן געשטרעבט צו דער דאָזיקער רעוואָלוציע. — מאַקאַר איז אױפגעשטאַנען, זיך אױסגעצויגן, מיט אַ קנאַק אױסגעגלײַכט זײַנע ברייטע פײַנע פּלייצעס, אַ קלאַפּ געטאָן ראַזומיאַטנאָוון איבערן פּלייצע און קוים באַמערקט אַ שמייכל געטאָן: — דו ביסט צו מיר געקומען, אַפּאָנעם, זיך באַקלאָגן, איך זאָל מיט דיר צוזאַמען אױף דער העלפט לײַדן: „יאָ, הייסט עס, דײַן לאַגע איז אַ ביטערע, אַנדריי, עס וועט דיר זײַן שווער אָן אַ ווײַב, ווי־זשע וועסטו, האַרציקער, אַריבערטראָגן און איבערלעבן אַזאַ שווערײַקייט"... אַזוי, האָסטו זיך ניין, אַנדריוכאַ, וואָס־וואָס, אָבער דאָס וועסטו פון מיר זיך ניט דערוואַרטן! איך בין אַפילע צופרידן דערפון, וואָס דו ביסט מיט דײַן וואַכמיסטערשע זיך פונאַנדערגעגאַנגען. איר וואָלט מען שוין לאַנג געהאַט מיט אַ וואָלגערהאָליץ איבערן גראָבן הינטן! אַט בין איך, צום בײַשפּיל, זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט לושקען און פיל זיך אױסגעצייכנט. קיינער שטערט מיר ניט, און איצט בין איך, ווי אַ שאַרפע שפּיז, מיטן גאַנצן שפּיץ געווענדט אָפּן קאַמף קעגן דעם באַלעגופּ און קעגן אַלע אַנדערע פײַנט פונעם קאָמוניזם. אַט קאָן איך זיך אַפּילע אַליין לערנען, זיך בילדן.

— וואָס לערנסטו זיך? וואָסערע וויסנשאַפטן? — האָט ראַזמיאַטנאָוו בײַסיק און קאַלט געפרעגט.

אין האַרצן איז ער געווען באַלייִדיקט פון מאַקאַרס ווערטער. יענער האָט ניט נאָר ניט מיטגעפילט זײַן אומגליק, נאָר ער האָט אַפילע אַרויסגעוויזן דירעקטע פרייד און, לויט אַנדרייס מיינונג, האָט ער געהאַקט אַ טשײַניק מיקוויעך כאַסענע האָבן. ווען אַנדריי האָט געהערט מאַקאַרס ערנסטע און איבערצײַגטע רעדע האָט ער אױף אַ ווײַלע אַ קלער געטאָן ניט אָן שרעק: „גאָט גוט, וואָס אַ שטעכיקער קו גיט גאָט קיין הערנער ניט, ווײַל אויב מע זאָל מאַקאַרן געבן מאַכט, וואָס וואָלט ער געקאָנט אָפּטאָן? ער וואָלט מיט זײַן ברענען דאָס גאַנצע לעבן אַוועקגעשטעלט מיטן קאָפּ אַראָפּ, ער וואָלט זיך נאָך דער־

טראכט דערצו, אז מע זאָל דעם גאנצנ מאנצבלשנ קלאס מאכנ פאר באַכערים, זיי זאָלנ זיכ פונעמ סאָציאַליזמ ניט אָפּרייַסנ!"

— וואָס איכ לערנ? האָט מאקאר איבערגעפּרעגט אונ פארמאכט דאָס ביכל, — די ענגלישע שפּראַכ.

— וואָ-אָ-אָס?

— די ענגלישע שפּראַכ, דאָס ביכל איז אַנ ענגליש לערנביכל. — נאגולנאָוו האָט אופמערקזאמ זיכ צוגעקוקט צו אנדרייענ, מווירע האָבנדיק צו דערזענ אפ זייַנ פּאַנעמ כוויזעק, אָבער אנדריי איז אפ אזויפיל געווענ פארטשמעליעט פונ אומדערוואַרטקייט, אז אויסער איבערראַשונג האָט נאגולנאָוו גאָרניסט ניט איבערגעלייענט אינ זייַנע ביזלעכע ברייט צעעפנטע אויגנ.

— וואָס-זשע, דו... קענסט שוינ לייענענ, אָדער ריידנ אפ דעמ, אפ זייער לאָשנ?

נאגולנאָוו האָט מיט א געפיל פונ באהאלטענעמ שטאָלצ געענטפערט:

— ניינ, ריידנ קענ איכ נאָכ ניט, דאָס גיט זיכ ניט מיטאמאָל, נאָר אזוי, נו, מיט איינ וואָרט, געהרוקטע הייב איכ אָנ צו פארשטיינ. איכ לערנ זיכ דאָכ שוינ דעמ פערטנ כוידעש.

— א שווערע ארבעט? — האָט ראזמיאָטנאָוו געפרעגט, אראָפּגעשלונגענ דאָס שפּייַעכצ אונ מיט ניט ווילנדיקער אכטונג געקוקט אפ מאקארנ אונ אפנ ביכל.

מאקאר, אז ער האָט דערזענ פונ ראזמיאָטנאָווס זייַט דעמ לעבעדיקסטנ אינטערעס צו זייַנ לערע, האָט ער אָפּגעוואָרפנ זייַנ אָנגעשפּיצטקייַט, אינ שוינ גערנער גענומענ ריידנ:

— שווער, ניט אויסצוהאלטנ! פאר אָט די כאדאָשימ האָב איכ נאָר... אכט ווערטער זיכ אויסגעלערנט אפ אויסווייניק. אָבער די שפּראַכ אליינ איז א ביסל ענלעכ אפ אונדזערער. פיל ווערטער זייערע זייַנענ גענומענ בא אונדז, נאָר זיי האָבנ זייערע סאָפנ צו זיי געמאכט. אפ אונדזער שפּראַכ, צומבייַשפּיל, „פּראָלעטאריאט" — אונ אפ זייער לאָשנ איז אויכ אזוי, אויסערנ סאָפ, די זעלביקע זאַכ איז מיט „רעוואָליוציע" אונ „קאָמוניזמ". באמ סאָפ זאָגנ זיי אריומ עפּעס אזא מינ שיפענ, פּונקט ווי זיי וואָלטנ געווענ אינ קאָס אפ די האָזיקע ווערטער, אָבער וואָס קענענ זיי מאכנ? די דאָזיקע ווערטער האָבנ אפ דער גאנצער וועלט געלאָזנ וואָרצלענ, ווילסט יאָ, ווילסט ניט, אָבער ריידנ זיי מוז מענ.

— יאָ־אָ־אָ.. לערנסטו זיכ, הייסט עס... אָבער צו וואָס, מאקאר, איז דיר נייטיק אָט די שפראכ? — האָט ראזמיאָטנאָוו ענדלעכ געפרעגט.

מיט א פארצייטלעכנ שמייכל האָט נאגולנאָוו געענטפערט:

— מאָרנע זאכנ פרעגסטו, אנדריושא! מע קאָנ באוואונדערנ דייַנ ניט פארשטיינ... א קאָמוניסט בינ איכ, יאָ? אינ ענגלאנד וועט זייַ ראטנמאכט? דו שאָקלסט צו מיטנ קעפל, הייסט עס, ס'וועט זייַנ? מיר האָבנ פיל רוסישע קאָמוניסטנ, וואָס ריידנ אפ ענגליש? אָט דאָס איז טאקע די מייסע, אז ווייניק. אָבער די ענגלישע בורזשועס האָבנ פארכאפט אינדיע, קומאט א העלפט וועלט און דריקנ פארשיידענע שווארצהויטיקע און טונקלהויטיקע, פרעגט זיכ, וואָס איז עס פאר אנ אָרדענונג? דאָרט וועט קומענ די ראטנמאכט, אָבער פיל ענגלישע קאָמוניסטנ וועלנ ניט וויסנ, וואָס איז אזוינס דער קלאסנפייַנט אינ זייַנ נאקעטנ אויסזענ, און פונ ניט געוווינהייט וועלנ זיי זיכ ניט קענענ מיט אים באגיינ, ווי עס דארפ צו זייַנ. אָט דעמלט וועל איכ זיכ אָנבעטנ פאָרנ צו זיי און זיי לערנענ. און אזוי ווי זייער שפראכ וועל איכ וויסנ, וועל איכ קומענ און באלד אינ פינטל אריינ: „א רעוואָליושיאָנ בא אייַכ? קאָמוניסטישיאָנ? נעמט, כעווריע, די קאפיטאליסטנ און די גענעראלנ אונטערנ נאָגל! אינ רוסלאנד האָבנ מיר זיי, די פאסקודעס, אינ 17־טנ יאָר איבער אונדזער אומשולד ארויסגעלאָזט אפ דער פרייַ, און זיי האָבנ דערנאָכ אונדז אָנגעהויבנ שנייַדנ די אָדערנ. נעמט זיי אונטערנ נאָגל, קעדייַ ניט צו מאכנ קיינ פעלער, עס זאָל ארויסקומענ אָלרייַט!" — מאקאר האָט אופגעבלאָזנ זייַנע נאָזלעכער און אונטערגעווונקענ צו ראזמיאָטנאָוו: — אָט צוליב וואָס איכ דארפ זייער שפראכ, פארשטייסטו? נעכט וועל איכ ניט שלאָפנ, דאָס לעצטע געזונט וועל איכ פארלירנ, אָבער... און, קריצנדיק מיט די געדיכטע קליינע ציינ האָט ער פארענדיקט: — די דאָזיקע שפראכ וועל איכ זיכ אויסלערנענ! אפ דער ענגלישער שפראכ וועל איכ אָנ צערטלעכקייטנ ריידנ מיט דער וועלט־קאָנטרע. זאָלנ די פאסקודעס שוינ איצט ציטערנ! פונ מאקאר נאגולנאָוונ וועלנ זיי, המ... דאָס איז אייַכ ניט אבי ווער! ער וועט קיינ ראכמאָנעס ניט האָבנ: — האָסט געטרונקענ דאָס בלוט פונ דייַנע ענגלישע ארבעטער־קלאסנ, פונ די אינדייצעס, און פונ אנדערע פארשיידענע אונטערדריקטע נאציעס? קספלואטירט פרעמדע ארבעטנ? — שטעל זיכ, בלוטיקער שלאנג, צום ווענטל!" — אָט דאָס גאָר! די דאָזיקע ווערטער וועל איכ פריער פאר אלע זיכ אויסלערנענ! איכ זאָל זיי אָנ אָפהאלט ארויסריידנ.

בא א האלבער שא. האבנ זיי נאכ געשמועסט וועגנ פארשיידענע זאכנ, דערנאכ איז אנדריי אוועקגעגאנגענ, אונ נאגולנאוו האט זיכ אריינגעטאנ אינ לערנביכל. לאנגזאמ געשאקלט מיט די ליפנ, געשוויצט אונ געכמורעט פונ אנשטרענגונג די ברייטע ביעמענ אונ איז אפגעזעסנ ביז האלב דריי.

אפנ צווייטנ טאג האט ער זיכ פרי אופגעכאפט, אויסגעטרונקענ צוויי גלאז מילכ אונ איז אוועקגעגאנגענ אינ דער קאליווירטישער שטאל.

— פיר מיר ארויס עפעס א פערדל, א לעבעדיקס, — האט ער געבעטנ דעמ שטאל-רעזשורנעמ.

יענער האט ארויסגעפירט דעמ בולאנעמ מאשטאק מיטנ אראפגעהאנגענעמ הינטנ. דאס דאזיקע פערדל האט געהאט א שעמ מיט זיינ זעלטענער ווילדקייט אונ ספריטנעקייט. דער רעזשורנער האט זיכ פארינטערעסירט

— וויט לאזט איר זיכ אינ וועג?

— אינ ראיאנ. דאווידאווינ זאג אנ, אז היינט אפ דער נאכט וועל איכ זיכ אומקערנ.

— ריטנדיק וועט איר פארנ?

— אוהו, ברענג דעמ זאטל.

מאקאר האט אנגעזאטלט דאס פערד, אראפגענומענ פונ אימ דאס ווייכע ציימל, ארופגעווארפנ אנ אויסגעפוצטנ צומ, וואס האט אמאל געהערט צו טיטאקנ, אונ רעגילעבדיק אריינגעשטעלט דעמ פוס אינ דער איינגעקארבטער סטרעמענע. דער מאשטאק איז גלייכ פונ ארט אוועק אינ א טאנצנדיקנ געלאפ. אבער באמ ארויספאר פונ טויער האט ער זיכ פלוצלינג געשטרויכלט, איז געפאלנ מיט די קני אפ דער ערד, שיר ניט אומגעפאלנ, ווי-ניט-איז געקומענ צו זיכ אונ פלינק זיכ געשטעלט אפ די פיס.

— פילסט ניט די ערד אונטער זיכ, טייוול פארשיווער!—האט מאקאר בייז ארויסגעזייט אונ א שניט געטאנ דעמ מאשטאק מיטנ קאנטשיק.

— קער זיכ אומ, ס'איז א שלעכטער סימענ, כאווער נאגולנאוו! — האט אויסגעשריענ דער צוגעקומענער אלטער שטשוקאר, אפטרעטנדיק אימ דעמ וועג.

מאקאר האט ניט געענטפערט. ער איז דורכגעלאפנ דעמ כוטער אונ איז ארויס אפ דער הויפט-גאס. באמ דארפראט האבנ א צוויי צענדליק ווייבער וועגנ עפעס געגראנטערט אופגערעגט אונ טומלדיק:

— אָנ א זײַט, סאָראָקעס, אַניט װעל איכ מיטנ פערד צעטרעטנ! — האָט מאַקאַר אינ שפּאַס אויסגעשריִענ.

די װײַבער האָבנ פאַרשוויגנ, אַראָפּ פונעמ װעג, אונ װענ ער האָט זיי שוינ אויסגעמיטנ, האָט ער הינטער זיכ דערהערט א הייזעריקלעכע שטימ פונ בייזקייַט:

— זע, אָקאָרשט, מע זאָל דיכ אַליינ, פאַרשאָלטענער, ניט צעטרעטנ! געדענק, דו װעסט זיכ דערשפּרינגענ...



די זיצונג פונ דער ביוראָ פונעמ רײַקאָמ האָט זיכ אָנגעהויבנ עלפ אזייגער. אפ דער טאָג-אָרדענונג איז געשטאַנענ דער באַריכט פונעמ פאַרװאַלטער מיטנ ראַיאָנעמ ערדאָפּטייל בעגליכ װעגנ דעמ גאַנג פונעמ פאַרזיי אינ דעמ ערשטנ פינפטאָג. אויסער די ביוראָ-מיטגלידער זײַנענ בײַגעװענ דער פּאָרזיצער פונ דער ראַיאָנער קאָנטראָל-קאָמיסיע כאַמאָביג אונ דער ראַיאָנער פּראָקוראָר.

— אינ פונקט „פאַרשיידענע“ װעט שטיינ די פראַגע װעגנ דיר, גיי ניט אַװעק, — האָט דער אָרגפאַרװאַלטער כאָמוטאָװ געװאָרנט נאָגולנאָװנ.

בעגליכס האַלבשאָיִקער באַריכט איז אויסגעהערט געװאָרנ אינ אַנגעשטרענגטער שװערלעכער שטילקײַט. ערטערװײַז האָט מענ נאָכ אינ ראַיאָנ ניט אָנגעהויבנ צו זייענ, ניט געקוקט דערופ, װאָס דער באָדנ איז שוינ געװענ גרייט. אינ איניקע דאָרפראַטנ איז נאָכ ניט דער גאַנצער זריִע-פאָנד געװענ צונויפגעזאַמלט. אינ װאָיסקאָװער דאָרפראַט האָבנ די געװעזענע קאָלווירטניקעס פאַנאַנדערגענומענ קימאַט די גאַנצע זריִע-טווּע. אינ אָלכאָװאַטסקאָיע האָט די קאָלווירט-פאַרװאַלטונג אַליינ פאַנאַנדערגעטיילט זריִע די ארויסגעטראָטענע. דער באַריכט-אָפּגעבער האָט גענוי זיכ אָפּגעשטעלט אפּ די סיבעס פונ דעמ ניט צופרידנשטעליקנ גאַנג פונעמ פאַרזיי. אונ צומ סאָפ געזאָגט:

— אומבאַדינגט, כאַווייריִמ, אונדזער אָפּגעשטאַנענקײַט איגעמ פאַרזיי, איכ װאָלט געזאָגט, אפילע ניט די אָפּגעשטאַנענקײַט, נאָר אונדזער געפינענ זיכ אפּ איינ אָרט, אפּנ זעלביקנ פאַרגליוערטנ פונקט, קומט פאָר דערפאַר, װאָס אינ א ריי דאָרפראַטנ זײַנענ די קאָלווירטנ אנטשטאַנענ אונטערנ דרוק פונ די אָרטיקע טוער, װאָס האָבנ זיכ געיאָגט נאָכ גענבלאָזענע ציפערנ פונ דער קאָלעקטיוויזאַציע אונ װו-ניט-װו, װי אײַכ אַלעמענ איז באַװוּסט, האָט מענ אפילע מיט א נאַגאַנ

געצווונגענע אריינטרעטן אין קאָלווירט. אָט די גיט פעסטע קאָלווירטן ווערן אין איצטיקן מאָמענט צעפאַלן, ווי אַן אונטערגעשווענקטע פּאַ־מאַן־וואַגט, אָט דאָרטן קומט עס פֿאַר דאָס יאָרידל, — די קאָלווירט־ניקעס פֿאָרן נישט אַרויס אין פעלד, און אויב זיי פֿאָרן שוין יאָ, אַר־בעטן זיי אָפּ צאָרעס.

דער סעקרעטאַר פֿונעם ריַיקאָם האָט וואָרענענדיק אַ קלאַפּ געטאָן מיטן בלײַפֿעדער אָן דעם גלעזערנעם דעקל פֿון גראַפֿין:

— די צײַט איז געענדיקט!

— איך ענדיק באַלד, כאַווייריִם. דערלויבט מיר זיך אָפּשטעלן אויף די אויספירן: ווי איך האָב אײַך שוין מיטגעטיילט איז, לויט די ידיעות פֿונעם ערדאָפּטייל, פאַרזייט אין ראַיאָן אין ערשטן פינפטאָג סאַכאַקל 83 האַ. און איך האַלט פֿאַר נייטיק, מייקעס מאָביליזירן דעם גאַנצן ראַיאָנעם אַקטיוו און אים וואַרפֿן אין די קאָלווירטן. לויט מײַן מיינונג, האַרף מען מיט אַלע מיטלען אײַנהאַלטן די קאָלווירטניקעס, זיי זאָלן נישט אַרויסטרעטן פֿון די קאָלווירטן, און פאַרפֿליכטן די פאַרוואַלטונגען און די סעקרעטאַרן פֿון די קעמערלעך, זיי זאָלן טאָג־טעגלעך פֿירן אויפֿקלער־אַרבעט צווישן די קאָלווירטניקעס און דעם הויפּט־טראָפּ שטעלן אויפֿן ברייטן אינפֿאָרמירן די קאָלווירטניקעס... ברייט זיי דערציילן וועגן דעם, וואָס ערשטע להאָטעס די מעלוכע גיט די קאָלווירטן, ווײַל אין אַ רײ ערטער האָט מען וועגן דעם אַ האָר נישט דערקלערט. זייער פֿיל קאָלווירטניקעס ווייסן ביז איצט נישט, וואָס פֿאַר אַ קרעדיטן מע האָט אַרויסגעגעבן די קאָלווירטן, און דאָס גלײַכן. איבער דעם טראָג איך אַרײַן אַ פאָרשלאָג: דרינגענדיק באַטראַכטן די אינינאָגנים וועגן די שולדיקע אין די איבערבייגן, וואָס איבער זיי קאָנען מיר נישט מיט דערפֿאָלג צוטרעטן צום פֿאַרזײ און וועלכע דאַרפֿן אויפֿן סמאַך פֿון דער קאַשטימונג פֿונעם צק פֿון 15 מאַרט אַראָפּגענו־מען ווערן פֿון דער אַרבעט. איך לייג פֿאָר דרינגענדיק באַטראַכטן און זיי אַלעמען צוציִען צו האַרבער פּאַרטײיִשער פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט. איך האָב געענדיקט.

— איבער בעגליכס באַריכט וועט עמעצער ריידן? — האָט גע־פֿרעגט דער סעקרעטאַר פֿון רײַקאָם און אַלע אָנווענזנדיקע באַטראַכט מיט זײַן בליק, אומיסטן אויסמײַדנדיק נאַגולנאָווס אויגן.

— וואָס איז פֿאַראַן וואָס צו ריידן — דאָס בילד איז קלאָר, — האָט אָפּגעזיפֿצט איינער פֿון די ביוראָ־מיטגלידער, דער שעף פֿון דער ראַיאָנער מיליציע, אַ געפּאַקטער, שטענדיק שוויצנדיקער געזונ־

טער יונג, מיליטעריש געמושטירט, מיט פיל שראמענ אפ דעמ
גלאנצנדיקנ געגאָלטנ קאָפ.

— אינ גרונט פונ אונדזער באשלוס וועלנ מיר לייגנ בעגליבמ
אויספירנ, אזוי אנ ערעכ? — האָט דער סעקרעטאר געפרעגט.

— געוויס.

— איצט וועגנ נאגולנאָוונ — דער סעקרעטאר האָט צומ ערשטנ
מאָל בײַמ דער זיצונג א קוק געטאָנ אפ מאקארנ אונ אפ עטלעכע סע-
קונדעס פארהאלטנ אפ 'אימ זײַנ בלאָנדזשענדיקנ, פארפרעמדטנ בליק.—
אײַכ איז באוווּסט, אז ער, זײַענדיק דער סעקרעטאר פונ גרעמיאטשער
פארטקעמערל, איז באגאנגענ א רײַ שווערע פארברעכנס קעגנ דער
פארטײ... טראָצ די אָנווײַזונגענ פונעמ רײַקאָמ האָט ער געפירט א
לינקאטשישע ליניע בײַמ דער קאָלעקטיוויזאציע אונ בײַמ דער זאמ-
לונג פונעמ זריע-פאָנד. ער האָט מיטנ נאגאנ אָנגעשלאָגנ אײנעמ א
מיטלפויער אנ אינדיווידואל, פארשפארט קאָלווירטניקעס אינ טפיסע...
באוווער סאמאָכינ איז אלײנ געפאָרנ אינ גרעמיאטשי, אויסגעפאָרשט
דעמ אינינע אונ אנטדעקט, אז נאגולנאָוו האָט גוואלדיק געבראָכנ די
רעוואָלוציאָנערע געזעצלעכקײַט אונ שעדיקעריש פארקריפלט די פאר-
טײ-ליניע. מירנ געבנ דאָס וואָרט סאמאָכינענ. טײל מיט דער ביוראָ,
באוווער סאמאָכינ, וואָס האָסטו פעסטגעשטעלט וועגנ נאגולנאָווס פאר-
ברעכערישער טעטיקײַט. — דער סעקרעטאר האָט פארדעקט די אויגנ
מיט די ווײַסע וויִעס אונ שווער זיכ אָנגעלענט.

נאגולנאָוו האָט נאָכ פונעמ מאָמענט, ווענ ער איז געקומענ אינ
רײַקאָמ, פארשטאנענ, אז מיט אימ האלט שלעכט, אז אפ קײנ פאר-
צײַונג האָט ער ניט וואָס צו ווארטנ. דער סעקרעטאר פונעמ רײַקאָמ
האָט מיט אומגעווײנלעכער צוריקגעהאלטנקײַט זיכ מיט אימ בא-
גריסט אונ, אפאָנעמ, ארויסדרײיענדיק זיכ פונ א שמועס מיט אימ,
האָט ער זיכ באלד געווענדט מיט עפעס א פראגע צומ פאָרזיצער פונ
רײַיוויספירקאָמ.

— ווי האלט עס מיט מײַנ איניענ, קארטשזשינסקי? — האָט ניט
אָנ אראָפגעפאלנקײַט מאקאר בא אימ געפרעגט.

— די ביוראָ וועט באשליסנ, — האָט יענער ניט גערנ געענט-
פערט.

אונ אויכ אלע אנדערע האָבנ אויסגעמיטנ נאגולנאָווס פרעגנדיקע
אויגנ אונ זיכ געהאלטנ פונ אימ אָנ א זײַט. די פראגע וועגנ אימ
איז צווישנ זיי שוינ מיסטאמע געווענ געלייזט פונ פריִער, בלויז דער

מיליציע־שעפ באלאבינ האָט מיט מיטגעפיל א שמייכל געטאָנ צו מאקארנ און קרעפטיק געדריקט זיינ האנט:

— גאגולנאָוו, פאל ניט אראָפ בא זיכ! נו, אריינגעפאלנ, נו, פארפלאָנטערט זיכ און אָנגעהאקט האָלצ, זיינענ מיר דאָכ אָבער פאָלימיש ניט זייער שטארק אונטערגעשמידט. גרעסערע קאָפ־מענטשנ פאר דיר האָבנ אויכ געמאכט פעלערנ! — ער האָט געדרייט מיט זיינ קיילעכדיקנ קאָפ, מיטנ פעסטנ, ארומגעטאָקטנ, ווי א קיילעכדיקער טייכשטיינ, אויסגעווישט דעמ שווייס פונעמ קורצנ רויטנ האלדז און מיט מיטלייד צוגעפאטשט מיט די דיקע ליפנ. מאקאר, דערמונטערט, האָט געקוקט אפ באלאבינס פולבלוטיק רויט פּאָנעמ, דאנקבאר געשמייכלט און פארשטאנענ, אז אָט דער באָבער זעט אימ אפ דורכ און דורכ, פארשטייט אימ און פילט אימ מיט. „מע וועט מיר אריינהאקנ א שטרענגנ אויסרייד און אראָפנעמענ פונ דער סעקרעטאר־ארבעט" — האָט מאקאר געטראכט און מיט אומרו געקוקט אפ סאמאָכינענ. אָט דער מיטנ גרויסנ שטערנ, קליינוווקסיקע מענטשל, וואָס האָט ניט געקאָנט פארלייַדנ קיינ געטנ, האָט אימ מער פאר אלעמענ באומרויקט. און ווענ סאמאָכינ האָט ארויסגענומענ פונעמ פּאָרטפעל א וואָגיקע פאפקע, האָט גאגולנאָוו מיט ווייטעק דערפילט א שארפנ אומרו־שטאָכ. מיט א געבראָכענעמ קלונג האָט גענומענ קלאפנ זיינ הארצ, דאָס בלוט האָט אימ א זעצ געטאָנ אינ קאָפ, די שלייפנ האָבנ גענומענ ברענענ און לייַכטער שיקערער איבל האָט זיכ געקוילערט צומ גארגל. אזא צושטאנד איז בא אימ שטענדיק געווענ פאר א קאָנוווּלסיע: „נאָר ניט איצט!" — האָט ער איבערלעב אופגעציטערט, זיכ צוהערנדיק צו סאמאָכינס צעצויגענער רעדע.

— לויטנ אופטראָג פונעמ רייַקאָמ און רייַקאקא האָב איכ אָט דעמ איינענ אויסגעפאָרשט. דורכנ אויספרעגנ גאגולנאָוונ אַליינ, די קאָלווירטניקעס און די אינדיווידואלנ פונ גרעמיאטשי לאָג, וואָס האָבנ געליטנ פונ זייַנע האנדלונגענ, און אויכ אפנ סמאכ פונ דעמ, וואָס איידעס האָבנ באוויזנ, האָב איכ פעסטגעשטעלט פאָלגנדיקעס: כאווער גאגולנאָוו האָט בעפיירעש ניט באראכטיקט דעמ צוטרוי פונ דער פארטיי און מיט זייַנע מעסיס איר אָנגעטאָנ א גרויסנ שאָדנ. אזוי איז ער אינעמ מאָמענט פונ דער קאָלעקטיוויזאציע, אינ פעוראל כוידעש, געגאנגענ איבער די הויפנ און, דראָענדיק מיטנ נאגאנ, געצוווּנגענ אריינצוטרעטנ אינ קאָלווירט. אפ אזא אופנ האָט ער, הייסט עס,

„ארײַנגעצויגנ" אינ קאָלווירט זיבנ מיטלפויערימ. דאָס לייקנט ניט אָפּ נאגולנאָוו אליינ...

— זיי זײַנענ זאיאדלע ווײַסע! — האָט נאגולנאָוו הייזעריק געזאָגט, אופשטייענדיק פונעמ שטול.

— איכ האָב דיר קיינ וואָרט ניט געגעבנ, צו דער אָרדענונג! — האָט אימ דער סעקרעטאר שטרענג איבערגעריסנ.

— ...דערנאָכ, בייסנ אָנשיטנ דעמ זריִע־פאָנד, האָט ער געשלאָגנ מיטנ נאגאנ ביז אָנמאכט איינעמ א מיטלפויער, אנ אינדיווידואל, אונ דאָס איז פאָרגעקומענ פאר די אויגנ פונ די בײַגעווענע קאָלווירטניקעס אונ הענדשעווניקעס פונעמ דאָרפראט. ער האָט אימ געשלאָגנ דערפאר, וואָס יענער האָט זיכ אָפּגעזאָגט טייקעפּ צו ברענגענ דעמ זריִע־פאָנד...

— א שאנדע! — האָט הויכ געזאָגט דער פּראָקוראָר.

נאגולנאָוו האָט מיט דער דלאָניע א רײַב געטאָנ דעמ האלדז, אינ בלייכ געוואָרנ, אָבער ער האָט פארשוויגנ.

— ...די זעלביקע נאכט האָט ער, כאווייריִמ, ווי עפּעס א פּריסטאוו, ארײַנגעזעצט אינ קאלטנ צימער דרײַ קאָלווירטניקעס אונ זיי דאָרט אָפּגעהאלטנ א גאנצע נאכט, דערבײַ האָט ער אויכ זיי געדראָעט מיטנ נאגאנ פארנ אָפּזאָגנ זיכ טייקעפּ ארויסצופירנ די זריִע־טוווע.

— זיי האָב איכ ניט געדראָעט...

— איכ זאָג עס פונ זייערע רייד, כאווער נאגולנאָוו, אונ איכ בעט מיר ניט איבערײַסנ! לויט זײַנ פארשלאָג איז אויכ געווענ אנטבאלעבאָפּעוועט אונ פארשיקט דער מיטלפויער גאיעוו, וואָס דארפ גאָר ניט אנטבאלעבאָפּעוועט ווערנ, ווײַל לויט זײַנ פארמעגלעכקײַט קאָנ ער אינ קיינ פאל ניט פארעכנט ווערנ צו די באלעבאָפּימ. אָבער אנטבאלעבאָפּעוועט האָט מענ אימ אונטער נאגולנאָווס ווירקונג, דערפאר, וואָס ער האָט אינ יאָר 1928 געהאלטנ א באטראק. אָבער וואָס איז עס געווענ פאר א באטראק? דאָס איז, כאווייריִמ, געווענ א מיידל, וואָס גאיעוו האָט גענומענ אָפּ א כוידעש בייסנ ארויפּנעמענ דאָס ברויט, א מיידל טאקע פונעמ זעלביקנ גרעמיאטשי לאָג. גאיעוו האָט זי גענומענ גאָר דערפאר, וואָס זײַנ זונ איז אינ הארבסט 1927 אוועק אינ דער רויטער ארמיי אונ גאיעוו מיט זײַנע פילע קליינע קינדער האָט זיכ ניט געקאָנט ספּראווענ. די סאָוועטישע געזעצגעבונג האָט ניט פארווערט אזא באנוצנ זיכ מיט גענומענער ארבעטקראפט. גאיעוו האָט געהאלטנ אָט די באטראטשקע אפנ סמאכ פונעמ אָפּמאכ מיטנ

באטראטשקאם, אויסגעצאלט האט ער איר פולקום, איך האב דורכ-
געקאנטראלירט דעם פאקט. אויסער דעם פירט נאגולנאוו אן אויס-
געלאסן געשלעכט-לעבן, און דאס איז ניט ווייניק וויכטיק פאר דער
כאראקטעריסטיק פון א פארטיי-מיטגליד. נאגולנאוו האט זיך געגעט
מיטן ווייב, אפילו ניט געגעט זיך, נאר ארויסגעטריבן זי פון שטוב,
ארויסגעטריבן זי, ווי א הונט, און נאר אפ דעם סמאך, וואס זי האט
דערלאזט, אז עפעס א גרעמיאטשער באכער זאל זיך איר פאר-
ליבן. מיט איין ווארט, ער האט זיך באנוצט מיט דער רעכילעס און
זי ארויסגעטריבן, קעדיי ער זאל האבן פרייע הענט. וואס פאר א לעבן
אין געשלעכטלעכער הינזיכט ער פירט איצט, ווייס איך ניט, אבער
אלע אנגאבן זיינען דערפאר, כאווייררים, אז ער איז פאשעט געווארן
אויסגעלאסן. אויב ניט, איז צוליב וואס האט ער געדארפט ארויס-
טרייבן פון שטוב ווייב? נאגולנאווס דירע-באלעבאסטע האט
מיר געזאגט, אז ער קומט טעגלעך זייער שפעט אהיים. ווו ער איז
אזוי שפעט, — ווייס זי ניט. אבער מיר, כאווייררים, ווייסן דאך, ווו
ער קאן זיין! מיר זיינען ניט קיין קליינינקע און מיר ווייסן, ווו געוויינ-
לעך קאן זיין א מענטש, וואס האט ארויסגעטריבן זיין ווייב, וואס
זוכט פארגעניגן אין בייטן די ווייבער... מיר ווייסן! אט, כאווייררים,
איז דאס קורצע צעטל פון די הערויִשע מייסים (אין דעם ארט פון
זיין באשולדיקונג-רעדע האט סאמאכוויג ניפאטיק א שמייכל געטאן),
וואס עס האט פאר א קורצער צייט אפגעטאן דער צארעדיקער קע-
מערל-סעקרעטאר — נאגולנאוו. צו וואס האט עס געבראכט? און ווו
זיינען די ווארצלען פון די האזייקע מייסים? דא דארף מען אפן זאגן,
אז דאס איז ניט קיין קאפשווינדל פון דערפאלג, ווי עס האט זיך גע-
נייאל אויסגעדריקט אונדזער פירער כאווער סטאלין, נאר דאס איז א
דירעקטער ליונקאטשוישער איבערשפרונג, און אנגריף אף דער גענעראל-
לער ליניע פון דער פארטיי. נאגולנאוו, לעמאשל, האט זיך געקליגט
ניט בלויז צו אנטבאלעגופעווען מיטלפויערים און מיטן גאנצן זיי
אריינטרייבן אין קאלווירט, נאר ער האט אויך דורכגעפירט א באשטי-
מונג צו פארגעזעלשאפטלעכן די שטוביקע אויפעס און דאס גאנצע
קליינפי און מילכפי; ער האט אויך געפרווט, לויט די רייד פון איי-
ניקע קאלווירטניקעס, איינשטעלן אזא דיסציפלין אין קאלווירט, וואס
איז אפילו ניט געווען בא ניקאליי דעם בלוטיקן!

— ווען אויפעס און בעהיימעס זיינען ניט געווען קיין דירעק-
טיוון פונעם רייקאם, — האט נאגולנאוו שטיל געזאגט.

ער איז שוין געשטאַנען, אויסגעצויגן אין זײַן גאַנצער הייך, קאָנוואָלוויו צוגעדריקט צום האַרצן זײַן לינקע האַנט.

— ניין, הער אַנטשולדיקט אונדז! — איז אויפגעקאָכט געוואָרן דער בעקרעטאַר: — דער רײַקאָם האָט אָנגעוויזן. וואַרפּ ניט אַרויף דײַנע זינד אויף אַנדערע! פֿאַראַן אַ סטאַטוט פֿאַר אַן אַרטעל, און דו ביסט דאָך ניט קיין זויגקינד, זאָלסט זיך ניט קענען פֿאַנאַנדערקלײַבן אין אים!

— אין גרעמיאַטשער קאָלווירט ווערט די זעלבסטקריטיק געשטיקט, — האָט סאַמאָכין פֿאַרגעזעצט. — נאַגולנאָוו האָט אײַנגעשטעלט אַ טעראָר און לאָזט קיינעם קיין וואָרט ניט אויסרײדן. אָנשטאָט צו פֿירן אויפֿקלער־אַרבעט, שרײַט ער אויף די ערדאַרבעטער, טאָפּטשעט מיט די פֿיס און דראָעט מיט געווער. דערפֿאַר טאַקע קומט פֿאַר אינעם גרעמיאַטשער קאָלווירט אויף באַוועגן סטאַלינס נאָמען אַ אַרטיקל. דאָרט קומען איצט פֿאָר מאַסן־אַרויסטרעטונגען פֿונעם קאָלווירט, צום פֿאַרזיי איז מען ערשט צוגעטראָטן און זיי וועלן באַשטימט מיט אים זיך ניט ספּראַווען. די ראַיאָנע קאָנטראָל־קאָמיסיע, וואָס איז באַרופֿן אָפּצוריייניקן די פּאַרטיי פֿון פֿאַרשיידענע דעמאָראַליזירטע עלעמענטן. פֿון אַלערליי מינים אָפּאָרטוניסטן, וואָס שטערן אונדז אין אונדזער גרויסער בויונג, וועט אַן סאָפֿעק מאַכן אירע אויספֿירן בענעגייע נאַגולנאָוון.

— אַלץ? — האָט געפֿרעגט דער סעקרעטאַר.

— יאָ.

— מירן געבן דאָס וואָרט נאַגולנאָוון. זאָל ער דערציילן, ווי ער איז דערגאַנגען צו אַזאַ לעבן. רייד, נאַגולנאָוו.

דער שרעקלעכער צאָרן, וואָס האָט ווי אַ פֿלאַקער אַרומגעכאַפּט מאַקאַרן צום סאָף פֿון סאַמאָכינס רעדע, איז פּלוצלינג פֿאַרשוווּנדן אָן אַ שפּור, און אויף זײַן אָרט איז געקומען אומזיכערקייט און מידע. „וואָס־זשע טוען זיי מיט מיר? ווי קאָן מען דאָס אַזוי? זיי ווילן מיך באַגראָבן!” — האָט ער אַ רעגע פֿאַרלאָרן אַ קלער געטאָן און איז צוגעגאַנגען צום טיש. פֿון די בייזע אויסדרוקן, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט ביים סאַמאָכינס רעדע, איז גאָרנישט ניט געבליבן. אַ פּוסטקייט האָט אָנגעפֿילט זײַן קאָפּ, און אַפֿילו קיין איין באַסיק וואָרט איז אין געדאַנק ניט געווען. מיט מאַקאַרן האָט זיך געטאָן עפּעס אומגעוויינלעכעס...

— איך בין כאָוויירים, פֿון דער רעוואָלוציע אָן אין דער פּאַרטיי... געווען אין דער רויטער אַרמיי...

— דאָס אלצ ווייסנ מיר. נעענטער צומ אינייענ! — האָט מיט אומגעדולד אימ איבערגעריסנ דער סעקרעטאר.

— אפ אלע פראָנטנ האָב איכ זיכ געשלאָגנ מיט די ווייסע... אויכ אינ דער ערשטער רייטער־ארמיי... מע האָט מיר געגעבנ אנ אָרדענ...

— צו דער זאכ רייד!

— אונ דאָס איז ניט צו דער זאכ?

— הו, דריי זיכ ניט, נאגולנאָוו! אפ דיינע פארדינסטנ האָסטו איצט ניט וואָס צו בויענ! — האָט אימ איבערגעריסנ דער פאָרזיצער פונ רייוויספירקאָמ.

— אָבער לאָזט דעמ כאווער ריידנ! וואָס פארקוועטשט איר אימ די צונג? — האָט באלאבינ אופגעבראכט אויסגעשריענ, אונ דער גלאנצנדיקער שפיצ פונ זיינ טאקעטנ קאָפ האָט זיכ טייקעפ באדעקט מיט מאליג־בלוילעכער אפאָפלעקסישער פארב.

— זאָל ער ריידנ קאָנקרעט!

נאגולנאָוו איז נאָכ אלצ אזוי געשטאנענ מיט דער לינקער האנט אפנ הארצנ, אונ די רעכטע האָט זיכ לאנגזאמ געצויגנ צומ גאָרגל, וואָס איז פארשטייגערט געוואָרנ אינ שטעכיקער טרוקנקייט. ער איז בלאס געוואָרנ אונ קוימ פאָרגעזעצט:

— לאָזט מיר זאָגנ. איכ בינ דאָכ ניט קיינ פיינט, פארוואָס באגייט איר זיכ מיט מיר אזוי? איכ בינ אינ דער ארמיי געווענ פול מיט וונדנ... היגטער קאסטאָרנאיא בינ איכ געווענ קאָנטוזיעט... מיט א שווערנ גראנאט פונ א פלאטפאָרמע... — אונ איז אנשוויגנ געוואָרנ, זיינע שווארצ געוואָרענע ליפנ האָבנ זופנדיק ארייגעזויגנ די לופט. באלאבינ האָט געשווינד א פליוכ געטאָנ אפ אימ דעמ גראפינ וואסער אונ דערלאנגט די גלאָז מאקארנ, ניט קוקנדיק אפ אימ.

קאָרטשזשינסקי האָט א קוק געטאָנ אפ נאגולנאָוו אונ געשווינד אפגעפירט דעמ בליק: נאגולנאָווס האנט, וואָס האָט צונויפגעדריקט די גלאָז, האָט אָנ אָפהאלט געציטערט.

אינ דער שטילקייט האָט זיכ דייטלעכ געהערט, ווי דריבנע עס האָט געקלונגענ די גלאָז, אָפקלאפנדיק זיכ אָנ מאקארס ציינער.

— רעג זיכ ניט אופ, רייד! — האָט באלאבינ געזאָגט מיט פארדראָס.

קאָרטשזשינסקי האָט זיכ פארקרימט. צו זיינ הארצנ האָט אומגעבעטנ זיכ צוגעקייקלט ראכמאָנעס, נאָר ער האָט זיכ גענומענ אינ די הענט. ער איז געווענ פעסט איבערצייגט, אז נאגולנאָוו איז א

שלעכטס פאר דער פארטיי אונ אז מע דארפ אימ גיט בלויז אראָפ־נעמענ פונ דער ארבעט, נאָר אויכ אויסשליסנ פונ דער פארטיי. מיט זײַנ מיינונג זײַנענ געווענ מאסקימ אלע, אויסער באלאבינענ.

מאקאר האָט מיט איינ שלונג אויסגעטרונקענ די גלאָז וואסער, אָפגעכאפט דעמ אָטעמ אונ אָנגעהויבנ ריידנ:

— איכ אנערקענ דאָס, וואָס סאמאָכינ האָט געזאָגט. ריכטיק, דאָס האָב איכ אָפגעטאָנ. אָבער ניט דערפאר, וואָס איכ האָב געוואָלט אפ דער פארטיי אָנגרײַפנ. דאָס ליגט סאמאָכינ. ער ליגט ווי א הונט אויכ וועגנ מײַנ אויסגעלאסנקײַט. באָבעמײַסעס! פונ ווײַבער האלט איכ זיכ פונווײַטנ, זיי זײַנענ מיר ניט צומ הארצנ...

— איבער דעמ האָסטו דײַנ ווײַב פארטריבנ? — האָט גיפטיק געפרעגט דער אָרגפארוואלטער כאָמוטאָוו.

— יאָ, טאקע איבער דעמ, — האָט מאקאר ערנסט געענט־פערט. — אָבער דאָס אלצ האָב איכ געטאָנ... איכ האָב געמיינט צומ גוטנ דער רעוואָליוציע, עפשער האָב איכ א טאָעס געהאט... איכ ווייס ניט. איר זײַט געלערנטער פונ מיר. איר האָט קורסנ געענדיקט, זעט איר בעסער. מײַנ שולד פארקלענער איכ ניט. מישפעט ווי איר ווילט. איינס בעט איכ פארשטיינ... — עס האָט אימ ווידער פארכאפט דער אָטעמ, זיכ אָפגעהאקט אינמיטנ וואָרט אונ א מינוט געשוויגנ. — פארשטייט, ברידער, אז דאָס האָב איכ געטאָנ אָנ א בייזנ מיינ אנט־קעגנ דער פארטיי. באניקנ האָב איכ געשלאָגנ איבער דעמ, וואָס ער האָט געכוויזעקט איבער דער פארטיי אונ געוואָלט מיט זריעדטווע קאָרמענענ די באזיירימ...

— דערצייל! — האָט סאמאָכינ מיט שפאָט זיכ ארײַנגעריסנ.

— איכ דערצייל, וואָס עס איז געווענ. ביז איצט פארדריסט מיר, וואָס איכ האָב אָט דעמ באניקנ ניט דערהארגעט. מער האָב איכ ניט וואָס צו זאָגנ.

קאָרטשזשינסקי האָט זיכ אויסגעגלײַכט, דאָס פאָטעלכל האָט אונ־טער אימ א קרעכצ געטאָנ. ער האָט געוואָלט וואָס גיכער פארענדיקנ דעמ דאָזיקנ שווערנ איניענ. ער האָט געשווינד גענומענ ריידנ:

— נו, וואָס-זשע, כאווײרימ, ס'איז אלצ קלאָר. נאָגולנאָוו אליינ איז זיכ מוידע. כאָטש איינ קלייניקייטנ פרווט ער זיכ ארויסדרייענ, פארענטפערנ, אָבער די דאָזיקע פארענטפערונגענ זײַנענ ניט איבער־צײַגנד. יעדערער, וועמענ עס קומט אויס אָנצוקוועטשנ, פרווט זיכ אראָפוואַרפנ פונ זיכ א טייל שולד, אָדער ארופלייגנ די פאראנט־

וואָרטלעכקייט אַפּ אַנדערע... איך האַלט, אַז נאַגולנאָווג, וואָס האָט בייזוויליק געבראָכן די פּאַרטיי־ליניע אין דער קאָלווירטישער באַוועגונג, אַלס אַ קאָמוניסט, וואָס האָט זיך איבערגעבויגן אין שטייגער־הינזיכט, דאַרף מען פון די פּאַרטיי־רייען אויס־שליסן! מיר וועלן ניט קוקן אויף נאַגולנאָווס געוועזענע פאַרדינסטן, דאָס איז — אַ פאַרגאַנגענער עטאַפּ. מיר האָפן אים באַשטראָפן, קעדיי עס זאָל זיין אַ לערע פאַר אַנדערע! אַלע, וואָס וועלן זיך פּרוּוון פאַרשמוצן די פּאַרטיי און זי שלעפן אויף ליגקס אָדער אויף רעכטס, וועלן מיר אָן ראַכמאָנעס שלאָגן! מיט האַלבע מיטלען בענעגייען צו נאַגולנאָווג און צו ראַזוויינע, ווי ער, טאָר מען זיך ניט באַנוצן. מיר האָבן זיך מיט אים אַזוי אויך לאַנג געצאַצקעט. נאָך פאַראיאָרן, בייסן אָרגאַניזירן די „טאָזן", האָט ער געלינקאַטשעוועט. איך האָב אים נאָך דעמלט געוואָרנט. און ווײַבאַלד ער האָט ניט געפּאָלגט — זאָל ער האָבן קיינעם צו זיך! לאָמיר אָפּשטימען. ווער איז דערפאַר, אַז מע זאָל נאַגולנאָווג פון דער פּאַרטיי אויסשליסן? עס שטימען, פאַרשטייט זיך, בלויז די ביוראָ־מיטגלידער. יאָ, פיר, הייסט עס? דו ביסט קעגן, כאַווער באַלאַבין?

באַלאַבין האָט אַ זעץ געטאָן מיט דער האַנט איבערן טיש. אויף זיינע שלייפן זיינען אויפגעלאָפן געפלאָנטערטע אָדערן־געצלעך.

— איך בין ניט בלויז קעגן, נאָר איך דערהווידער קאַטעגאָריש! דאָס איז אין גרונט אַ ניט ריכטיקער באַשלוס!

— די קאָנסט בלייבן בײַ אַ באַזונדערער מיינונג, — האָט קאָרטשינסקי קאַלט געזאָגט.

— ניין, דו דערלויב מיר צו זאָגן!

— שוין שפּעט צו רייִדן, באַלאַבין. דער באַשלוס אויסצושליסן נאַגולנאָווג איז אָנגענומען מיט אַ מערהייט שטימען.

— דאָס איז אַ טשינאָווניק־באַציִונג צו אַ מענטשן! אַנטשולדיקט, דאָס וועל איך אַזוי ניט פאַרבײַלאָזן! איך וועל אין קרייזקאָם שרייבן. אויסשליסן אַן אַלטן פּאַרטיי־מיטגליד, אַ רויטפּאַרטיזאַן... איר זייט פאַרטעמפּט געוואָרן, כאַווירים? אַזוי ווי עס וואָלט קיינע אַנדערע שטראָף־מיטלען ניט געווען! —

— ניטאָ וועגן דעם וואָס צו דיסקוטירן. מיר האָבן דאָך אָפּגעשטימט!

— די צורעס דאַרף מען צענעריקן פאַר אַזאַ אָפּשטימונג!.. — באַלאַבינס שטים איז אַריבער אין אַ דינעם פאַלצעט, זיין שטייפער

האלדז איז אזוי אָנגעבראקנעט געוואָרנ, אז ס'האָט זיכ געדוכט, אז זיב נאָר עטוואָס א ריר, אונ זוי פונ אונטערנ פינגער וועט א פּײַפּ טאָנ דאָס באפרײַטע בלוט.

— נו, וועגנ די צורעס צעגעריקנ שרײַ א ביסל שטילער, — האָט גטייקוויש מיט ניט גוטער אָנצוהערעניש געזאָגט דער אָרטפּאָרוואלטער באָמוטאָוו. — צו אָרדענונג קאָנ מענ אויכ דיכ רופנ. דאָ איז דער רײַקאָם פונ דער פּארטיי, ניט די מיליציע.

— כ'ווייס אָנ דיר. אויכ! אָבער פאַרוואָס לאָזט איר מיכ ניט רײַדנ?

— דערפאר, ווײַל איכ האלט עס פאר איבעריק! — האָט קאָרטש-זשינסקי זיכ אָנגעצונדנ אונ איז אויכ, ווי באלאבינ, רויט געוואָרנ אונ זיכ אײַנגעקלאמערט אינ די פּאָטעל-הענטלעכ. — איכ בינ דאָ דער סעקרעטאר פונעמ רײַקאָם! איכ נעמ בא דיר אָפּ דאָס וואָרט, אונ אויב דיר ווילט זיכ רײַדנ — גיי ארויס אפנ גאנעק!

— באלאבינ, קאָכ זיכ ניט, וואָס ברענגט עס בא דיר? זײַ אזוי גוט אונ שרײַב דײַנ מיינונג אינ קרײַזקאָם, אָבער אזוי, וואָס באקומט זיכ, מע האָט אָפּגעשטימט, האָסטו ערשט אָנגעהויבנ פילדערנ, — האָט דער פּאָרזיצער פונ אויספּירקאָם אײַנגעשטילט דעמ מיליציע-שעפּ.

ער האָט אימ אָנגענומענ פארנ ארבל פונ זײַנ אוניפאָרמ-העמדל, אָפּגעפירט אינ ווינקל אונ עפּעס אינדערשטיל גערעדט.

דערווײַל האָט קאָרטשזשינסקי, בײַז פונעמ צוזאמענשטויס מיט באלאבינעג, אופגעהויבנ אָפּ מאקארנ די צאָרנדיק פינקלענדיקע אייג-לעכ פונ אונטער די אופגעלאָפּענע ווייִעס אונ שויג מיט אָפּענער פײַנטשאפט געזאָגט:

— דער שמועס איז געענדיקט, נאגולנאָוו! לויטנ באשלוס פונ דער ביוראָ ביסטו אויסגעשלאָסנ פונ אונדזערע רייענ. אזעלכע זײַט איר דער פּארטיי ניט נייטיק. גיב אהער דײַנ פּארטיי-בילעט! — אונ א קלאפּ געטאָנ מיט דער דלאָניע איבערנ טיש.

נאגולנאָוו איז געוואָרנ טויט-בלאס. א גרויסער ציטער האָט אימ געטרייסלט, אונ זײַנ שטומ האָט מענ קימאט ווי ניט געהערט, ווענ ער האָט געזאָגט:

— דעמ פּארטיי-בילעט וועל איכ ניט אָפּגעבנ.

— מירנ דיכ צווינגענ אָפּגעבנ!

— פאָר אינ קרײַזקאָם, נאגולנאָוו! — האָט באלאבינ פונעמ ווינ-קל א געשריי געטאָנ אונ אינמיטנ וואָרט איבערגעריסנ זײַנ שטועס

מיטנ פאָרזיצער פונ אויספּירקאָם. ער איז ארויס אונ הילכיק א זעצ געטאָנ מיט דער טיר.

— דעמ פּאַרטיי־בילעט וועל איכ דיר ניט אָפּגעבנ!.. האָט מאַקאַר איבערגעבאַזערט. זיינ שטימ איז געוואָרנ פעסטער, פונעמ שטערנ אונ פונ די קנאָבנדיקע באַקנ איז לאַנגזאַמ אַראָפּ די בלוילעכע בלאַסקייט.

— דער טראַגישער אַקט הייבט זיכ אָנ — האָט דער פּראָקוראָר

דער פּאַרטיי וועל איכ גאָר צוניץ קומענ... אונ אָנ דער פּאַרטיי קאָנ איכ ניט לעבנ! אָבער דיר וואַרפ איכ זיכ ניט אונטער! אָט איז ער, דער בילעט, אינ בוזעמ־קעשענע... פּרוּוו נעמ אים אָפּ! דעמ גאָרגל וועל איכ איבערבייסנ!..

— דער טראַגישער אַקט הייבט זיכ אָנ! — האָט דער פּראָקוראָר א קוועטש געטאָנ מיט די פּלייצעס. — אָבער נאָר אָנ היסטעריקעס...

ניט ליגנדיק קיינ שום אַכט אויפ זיינע ווערטער, האָט מאַקאַר גע־קוקט אויפ קאָרטשישזשינסקינ, גערעדט לאַנגזאַמ, ווי באַטראַכטנדיק:

וווּהינ וועל איכ זיכ אַהינטאָנ אָנ דער פּאַרטיי?! אונ נאָכ וואָס? ניינ, דעמ פּאַרטיי-בילעט וועל איכ ניט אָפּגעבנ! איכ האָב מיינ גאַנצ לעבנ אַריינגעלייגט... דאָס גאַנצע לעבנ... — אונ פּלוצלינג האָט ער זקייניש־נעבעכדיק אונ אומגעלומפּערט גענומענ זיכ פּאָריקענ, געשאַרט מיט די הענט איבערנ טיש, זיכ געפּלאָנטערט אינ די רייד אונ גע-שווינד אונ אומדייטלעכ געפּלוידערט:

— שוינ בעסער זאָלסטו מיכ... באַפעל די כעוורע... מיכ דאַרפ מענ דעמלט צעשיסנ... קיינ זאַכ בלייבט ניט איבער... דאָס לעבנ איז מיר איצט ניט נייטיק, שליסט מיכ אויס אויכ פונעמ לעבנ... הייסט עס, אַז ווענ סערקאָ האָט געבולנ — איז ער געווענ נייטיק... איז ער אַלט געוואָרנ — איז ארויס פונ הויפ...

מאַקאַרס פּאָנעמ איז געווענ אומבאַוועגלעכ ווי א גיפּס־מאַסקע, בלויז די ליפּנ האָבנ אופגעציטערט אונ זיכ באַוועגט, אָבער בא די לעצטע ווערטער האָט פונ די אָפּגעשטעלטע אויגנ, דאָס ערשטע מאָל פאַר זיינ גאַנצ דערוואַקסנ לעבנ, א פּלייצ געטאָנ טרערנ. זיי זיינענ גערונענ, שטאַרק באַנעצנדיק די באַקנ, זיכ פאַרהאַלטנ אינ דעמ האַרטנ געוויקס פונ דער לאַנג ניט געגאָלטער באָרד, אונ מיט שוואַרצע גרייַפּעלעכ באַמאָלנ דאָס העמדל אויפ זיינ ברוסט.

— גענוג! דערמיט וועסטו דאָכ ניט העלפנ, כאַווער, — האָט זיכ קרענקלעכ פאַרקרימט דער סעקרעטאַר.

— דו ביסט מיר ניט קיינ כאַווער! — האָט נאַגולנאָוו אויסגע-

שריַען: — דו ביסט א — וואָלף! און אלע זיַיט איר דאָ — גיפּטיקע שלאַנגען! מיט גוואַלד גענומען! ריידן גלאַטיק האָט איר זיך אויסגעלערנט! כאָמוטאָוו, וואָס האָסטו זיך אויסגעשטשירעט, ווי א נעקייווע? איבער מיַינע טרערן לאַכסטו?!.. אין איין=און-צוואַנציקסטן יאָר, ווען פּאָמין מיט דער באַנדע האָט זיך אַרומגעדרייט איינעם קריַיז, ביסטו געקומען אין קריַיזקאָם, געדענקסט? דו געדענקסט, היינטישער ווייזל?.. ביסט געקומען און אָפּגעגעבן דעם פּאַרטיי-בילעט און געזאָגט, אז דו ווערסט זיך פאַרנעמען מיט לאַנדווירטשאַפט... דו האָסט זיך געשראָקן פאַר פּאָמינען! איבער דעם האָסטו געוואָרפן דעם בילעט, און דערנאָך ביסטו ווידער אין דער פּאַרטיי דורכגעקראָכן, ווי א גליטשיק ווערעמל דורך די שטיינער!.. און איצט שטימסטו קעגן מיר? און דו לאַכסט פון מיַין טויט=אומגליק?

— ס'וועט זיַין גענוג, כאָלאָנאָוו, שריַי ניט, זיַי אזוי גוט. מיר האָבן נאָך פראַגן, — האָט אומפאַרשעמט מיטן זעלביקן פאַרבאַהאַלטענעם שמייכעלע אונטער די טונקעלע וואָנצעס געזאָגט דער פאַרברוינטער שיינער כאָמוטאָוו.

— מיט אַייך וועט זיַין גענוג, אָבער איך וועל דעם עמעס געפינען! אין צק וועל איך פאָרן!

— אַט, פאָר טאַקע! דאָרט וועט מען אלץ אין איין מאָמענט לייזן! דאָרט וואַרט מען שוין לאַנג אַף דיר... — האָט כאָמוטאָוו געשמייכלט.

מאַקאַר איז שטיל אוועק צו דער טיר, זיך אָפּגעקלאַפּט מיטן שליַיף אָן טיר-ביַישטידל און א קרעכץ געטאָן.

דער לעצטער אויפלאַקער פון צאָרן האָט אים געמאַכט אינגאַנצן קראַפטלאָז. אָן געדאַנקען, אָן געפילן איז ער דורכגעגאַנגען ביזן טויער, אָפּגעבונדן פונעם פּאַרקן דעם מאַשטאַק און גענומען אים גאָר פירן פאַרן צוים. אַרויסגייענדיק פון דער סטאַניצע, האָט ער געוואָלט זיך זעצן רייַטן, אָבער ער האָט ניט געקאָנט. פיר מאָל האָט ער אויפגעהויבן די פוס צו דער סטרעמענע און ווי שיקער זיך א וואַקל געטאָן און אַראָפּגעריסן זיך פונעם זאָטל...

באַם לעצטן שטיבל איז אַף דער פריזבע געזעסן אן אלטער, אָבער א בראַווער זיידע. פון אונטער דעם אָפּגעריבענעם האַשעק פונעם קאָזאַקישן היטל האָט ער אויפמערקזאַם נאָכגעקוקט, ווי מאַקאַר האָט זיך געפּרוּווט זעצן אַפן מאַשטאַק, דערנאָך האָט ער, אונטערמונטערנדיק, זיך צעשמייכלט:

— נישקאָשע פונ אַנ אָדלערל! די זונ איז נאָכ אינמיטנ הימל, אונ ער קאָנ שוינ די פיס ניט הייבנ. איבער וואָס פאַר א מיַיסע האָס־טו אזוי פרי זיכ אָנגעטרונקענ? אָדער עפּשער איז היַינט יאָנטעוו?

— א יאָנטעוו, זיידעניו פעדאָט! — האָט זיכ אָפּגערופנ א שאָכנ. ארויסקוקנדיק פונ אונטערנ פארקנ — היַינט איז סימאָנ־צולימאָנ, א קרייצ־צוג איבער די שטעטלעכ.

— איכ קוק עפּעס, — האָט געשמייכלט דער אלטער, — הייסט עס, אז ניטאָ קייג גרעסערער בעריע פונ בראָנפנ? זעסט, ווי דער בראָנפנ וואַרפט אימ פונעמ זאָטל!

מאַקאר האָט א קריצ געטאָנ מיט די ציינער אונ, ווי נאָר ער האָט עטוואָס באַרירט די סטרעמענע מיטנ שפּיצ שטיוול, איז ער גלייכ ווי א פויגל ארויפגעפלויגנ אפנ זאָטל.

# קאַפּיטל 33

איג יענעמ טאָג, פאַרפרי, זיַינענ איג גרעמיאַטשי לאָג געקומענ פונעמ כוטער דריַי אונ צוואַנציק קאָלווירטישע פורנ. בא דער ווינט־מיל האָט זיי באַגעגנט באַניק. אריבערגעוואָרפנ איבער דער פּלייצע א לייצע, איז ער געגאַנגענ זוכנ איג סטעפּ זיַינ שקאַפּע. די פאָ־דערשטע פור איז צוגעפאָרנ צו אימ.

— א גוטמאָרגנ, בירגער קאָזאַקלעכ!

— א גוט יאָר, — האָט אָפּגעענטפערט א שוואַרצבערדיקער היפּ־שער קאָזאַק, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די קורצעקיקע פערד.

— פונוואַנענ גייענ עס די פורנ?

— פונ יאַרסקי.

— פאַרוואָס עפּעס זיַינענ בא איַיערע פערד קיינ ווידלענ ניטאָ? צוליב וואָס האָט איר זיי געמאַכט צו שאַנד?

— טררר, שטיי! גוטער טיַיוול! דעמ עק אָפּגעהאַקט אונ עס דרייט זיכ אלצ.... פאַרוואָס זיַינענ קיינע עקנ ניטאָ, פרעגסטו? מע האָט זיי אָפּגעשניטנ פאַר דער קאַזנאַ. שטאָטישע וויַיבער וועלנ מיט די עקנ פליגנ פונ זיכ טריַיבנ. רייכערנ האָסטו ניט וואָס, גוטער מענטש? טראַקטיר אונדז, וויַיל מיר מאַטערנ זיכ אָנ טאַבעק. — דער קאָזאַק איז אראָפּגעשפּרונגענ פונ דער בריטשקע.

די הינטערשטע פורנ האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט. באַניקנ האָט שוינ פאַרדראָסנ, וואָס ער האָט פאַרפירט א שמועס. אָנ כייִשעק האָט ער

ארויסגענומענ דאָס טאַבעק־בײַטעלע, זעענדיק ווי נאָכ א מאַנ פינפ גייענ פונ די פורנ אונ רײַסנ אינ גאַנג א צײַטונג אפ ציגאַרלעכ.

— איר וועט מיכ אויסרייכערנ... — האָט זיכ געקוועטשט דער קאַרגער באַניק.

— איצט איז קאָלווירט, ווייסטו? אלצ דאַרפ זײַנ אלגעמיינעס, — האָט שטרענג געזאָגט דער בערדיקער, אונ פונקט ווי פונ זײַנ טאַבעק־בײַטעלע, האָט ער א נעמ געטאָנ א גוטנ הויפנ אייגנ־געזעצטנ טאַבעק.

מע האָט פאַרויכערט. באַניק האָט געשווינד אַרײַנגעדריקט דאָס טאַבעק־בײַטעלע אינ הויזנ־קעשענע אונ א שמייכל געטאָנ, קוקנדיק מיט עקלראַכמאָנעס אפ די קימאַט ביז ווערצל אָפגעשניטענע פערדישע עקנ. בלויע דורשטיקע פרילינג־פליגנ האָבנ געפרעסנ די פערד, זיכ געזעצט אפ די שווייסיקע לענדנ, אפ די אויסגעריבענע פונ די כאָמעטנ העלדזער. די פערד האָבנ, ווי זייער געוווינהייט, געשמיסנ מיט די עקנ אונ געפרווט אראָפיאָגנ די פליגנ, אָבער די קורצע, אָנ־האָריקע, שאַנד־עקלעכ האָבנ ניט געווירקט.

— וווהינ ווײַזט זי דאָס אָנ מיטנ עק? — האָט באַניק גיפטיק אויסגעפרעגט.

— אלצ אהינ, אינ קאָלווירט אַרײַנ. בא אײַכ האָט מענ נאָכ ניט געשניטנ?

— מע האָט געשניטנ, נאָר אפ צוויי ווערשקעס.

— דאָס האָט אונדזער פאָרזיצער פונעמ ראַט געגעבנ א פאַר־אָרדענונג אונ באַקומענ א פרעמיע, אָבער ווענ דאָס בײַסעניש וועט זיכ אָנהייבנ, וועלנ די פערד אומקומענ! נו, לאָמיר פאָרנ, א דאַנק פארנ טאַבעק. אָנגערויכערט זיכ, ווערט גאָר גרינגער אפנ האַרצנ, א גאַנצנ וועג געפאָרנ אונ זיכ געפײַניקט אָנ רייכערנ.

— ווּהינ־זשע פאָרט איר?

— קיינ גרעמיאַטשי.

— צו אונדז, הייסט עס, ווענ וואָס פאַר א געשעפטנ?

— נאָכ זריִע.

— וואָס הייסט?

— פונ ראַיאָנ האָט מענ באַפוילנ פונ אײַכ נעמענ די זריִע־פאָנדנ, פיר הונדערט דרײַסיק פוד. נאָ. גיי!

— איכ האָב עס אָבער געוווּסט! — האָט באַניק אויסגעשריענ. פאָכנדיק מיט דער לייצע, איז ער אוועקגעלאָפנ אינ כוטער.

די יאַרסקער פורנ האָבנ נאָכ ניט באַוויזנ צוצופאָרנ צו דער קאָל־

ווירט-פארוואלטונג, ווי א האלבער כוטער האָט שוין געוווסט, אַז די יארסקער זיינען געקומען אָפּנעמען די זריִע־טוווע. באניק האָט ניט גע־זשאלעוועט זיינע פיס און איז געגאנגען פון הויף צו הויף...

אין אָנהייב האָבן זיך אין די געסלעך צונויפגעקליבן די ווייבער און גענומען פּלאַפּלען, טומלען, ווי א טאבון אָנגעשראָקענע קוראָ־פּאטקעס.

— אונדזער ברויט פירט מען אוועק, טייַערינקע!

— סט'ניט זיין מיט וואָס צו זייען!

— מיין ביטער קעפּעלע!

— גוטע מענטשן האָבן טאקע געזאָגט, אז מע דארף ניט שיטן אין געזעלשאפטלעכן שפּייכלער...

— ווען די קאָזאקן וואָלטן אונדז געפאָלגט!

— מע הארף ניין זאָגן די קאָזאקן, זיי זאָלן די זריִע ניט געבן!

— מיר אליין וועלן ניט געבן! קומט, ווייבעלעך, צו די שפּייכ־לערס! מירן נעמען פלעקער און זיי ניט צולאָזן צו די שלעסער.

דערנאָך האָבן זיך באוויזן קאָזאקן. און אויך צווישן זיי האָבן זיך אנגעהויבן די זעלביקע ישמועסן. גייענדיק פון גוטסל צו גוטסל, פון גאס צו גאס, האָבן זיי זיך צונויפגעזאמלט אין א האמוין און געלאָזט גיין צו די שפּייכלערס.

צו דער צייט האָט דאווידאָוו איבערגעלייענט דאָס צעטעלע, וואָס די יארסקער האָבן געבראכט פונעם פּאַרזיצער פון דער פּארוואל־טונג פונעם ראיאָנעם פעלדצוכטפּארבאנד. „כ' דאווידאָוו, — האָט לופּעטאָוו געשריבן, — בא דיר איז פאראן 73 צענטנער ווייץ, וואָס איז פארבליבן ניט ארויסגעפירט פון דער ברויט־פארגרייטונג. איך לייג דיר פאָר ארויסגעבן דעם ווייץ (אלע 73 צענטנער) דעם יארס־קער קאָלווירט. עס פעלט זיי אויס זריִע-מאטעריאל. מיט דער קאָנ־טאָר פון „סאָיוזכלייעב" האָב איך די פראגע קאָנטאקטירט".

דאווידאָוו האָט איבערגעלייענט און געגעבן א פאָראָרדענונג די טוווע ארויסגעבן. די יארסקער זיינען פונעם קאָלווירט־הויף אוועק־געפאָרן צו די שפּייכלערס, אָבער די גאס לעבן די שפּייכלערס איז שוין געווען פארפלייצט פון מענטשן. א צוויי הונדערט ווייבער און קאָזאקן האָבן ארומגערינגלט די פורן.

— וווהין פאָרט איר?

— נאָך אונדזער ברויט? דער טייוול האָט אייך געבראכט!

— קערעוועט אוים!

— מירן ניט געבן!

דיאָמקע אושאקאָוו איז אוועקגעלאָפן צו דאווידאָוון. גענער איז אינ אײַלעניש געקומען צו לויפן צו די שפּײַכלערס.

— וואָס איז, בירגער? וואָס האָט איר זיך פאַרזאַמלט?

— פאַרוואָס גיסטו די יאַרסקער אָפּ אונדזער זריע? פאַר זיי האָבן מיר העגן זיי געשאָטן?

— דאווידאָוו, ווער האָט דיר אַזעלכע רעכט געגעבן?

— און מיר מיט וואָס וועלן זייען?

דאווידאָוו איז אַרױפגעקראָכן אויפן געגנאַק פון נאָענטסטן שפּײַכלער און רויִק דערקלערט, אַז ער גיט אַרויס לויט דער פאַראָרדענונג פון נעם ראַיאָנעם פעלדצוקטפאַרבאַנד ניט קיין זריע-ברויט, נאָר דאָס פאַרבליבענע פון די ברויט-פאַרגרייטונגען.

— איר, ברידער, באַמרויִקט זיך גיט, אונדזער ברויט וועט גאַנץ זײַן. און איר, אָנשטאָט אַרומצודרייען זיך און קנאַקן קערלעך, וואָלט בעסער אינ פעלד געפאָרן. פאַרגעדענקט, אַז די בריגאַדירן פירן אַ כעזשבן פון די, וואָס זײַנען ניט אַרויס אָפּ דער אַרבעט. ווער עס וועט ניט גייען, דעם וועלן מיר באַשטראָפן.

אַ טייל קאָזאַקן זײַנען אוועק. אַ סאַך זײַנען, באַרויִקט פון דאַווידאָווס דערקלערונגען, אוועק אינ פעלד. דער שפּײַכלער-אויפזעער האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן די יאַרסקער די טוויע. דאַווידאָוו איז אוועק אינ דער פאַרוואַלטונג. אָבער אינ אַ האַלב שאָ אַרום איז אינ דער שטימונג פון די ווײַבער, וואָס האָבן נאָך אַלץ דערזשירעט לעבן די שפּײַכלערס, פאָרגעקומען אַ שאַרפע ענדערונג... יאַקאָוו לוקיטש האָט הערצו מיטגעהאָלפן און אַרײַנגעשושקעט צו עטלעכע קאָזאַקן. דאַווידאָוו לײַגט! די זריע פירט מען אוועק! דער קאָלווירט וועט פאַר-זייען, אָבער וואָס די איינדיוווידואַלן האָבן אָנגעשאָטן וועט מען אָפּגעבן דעם יאַרסקער קאָלווירט".

די ווײַבער זײַנען געוואָרן אויפגערעגט. באַניק, דעמיד דער שווײַ-גער, דער אַלטער האָנעצקאָוו און נאָך אַ מאַן דרײַסיק קאָזאַקן האָבן זיך באַראַטן און זײַנען צוגעגאַנגען צו דער וואָג:

— מירן ניט געבן די טוויע! — האָט אײנ אַלעמענס נאָמען דאָנעצקאָוו דערקלערט.

— בײַ דיר פרעגן מיר ניט! — האָט נעענטפערט דיאָמקע או-שאַקאָוו.

עס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן זיי אַ רײַסעניש. די יאַרסקער האָבן

זיכ אײַנגעשטעלט פאר דיאָמקענ. דער זעלביקער שוואַרצבערדיקער קאָ־
זאַק, וואָס באניק האָט אים אינ פעלד מעכאַבער געווענ מיט טאַבעק,
האָט זיכ אינ זײַנ גאַנצער גרייס געשטעלט אפ דער בריטשקע, א מי־
נוט פינפ זיכ ווילד געזיהדלט אונ דערנאָכ שוינ גענומענ שרײַענ:

— וואָס שטערט איר דער מאַכט? וואָס מאַהדעוועט איר אונדז?
אינ סאמע ברענ האָבנ מיר זיכ געלאָזט פאר פערציק ווערסט, אונ איר
פאַרהאַלט מעלוכיש ברויט? געפעו בענקט שטאַרק נאָכ אײַכ! אײַכ,
הינטישע זינ, דאַרפ מענ אינ סאָלאָווקי אַרײַנזעצנ! ווי א הונט אפ
היי, ליגט איר, אליינ פרעסט איר ניט אונ קיינ אַנדערנ לאָזט איר
ניט! וואָס פאָרט איר ניט אינ פעלד? א יאָנטעוו אפ אײַכ?..

— אונ דו, וואָס דאַרפסטו דאָ? די באָרד בײַסט זיכ בא דיר?
וועלנ מיר זי אויסקראַצנ!.. דאָס וועלנ מיר אינ איינ מינוט
מאַכנ! — האָט גענומענ שרײַענ בעסבלעבנאָיו אקימ דער ייִנגערער,
פאַרקאַשערנדיק די אַרבעל אונ זיכ דורכגעשלאָגנ צו דער בריטשקע.

דער בערדיקער יאַרסקער היפשער קאָזאַק איז אַראָפּגעשפרונגענ פונ
דער בריטשקע... ער האָט ניט פאַרקאַשערט די אַרבל פונ זײַנ אָבגע־
בליאַקעוועטנ ברוינעמ העמדל, נאָר ער האָט באַגעגנט אקימ דעמ ייִנגערנ
מיט אַזאַ געשיקטנ בראַוונ זעצ אינ קינבאַק, אַז אקימ איז אפ א צוויי
קלאַפטער נעפלויגנ אונ מיטנ רוקנ פאַנאַנדערגעשטויסנ דעמ אוילעמ,
פאָכענדיק מיט די הענט, ווי א ווינטמיל מיט די פליגלענ.

איז געוואָרנ א געשלעג, וואָס גרעמיאַטשי לאָג האָט שוינ לאַנג־
לאַנג ניט געזענ. די יאַרסקער האָט מענ היפש אָנגעבייקערט אונ צע־
שלאָגנ ביז בלוט, האָבנ זיי געוואָרפנ די זעק טווּע, זיכ אַרײַנגעוואָרפנ
אינ די בריטשקעס, א שמיצ געטאָנ די פערד, זיכ דורכגעריסנ דורכנ
האַמוינ קוויטשענדיקע ווײַבער אונ זיכ אָפּגעטראָגנ.

פונ אָט דער שאָ אָנ האָט זיכ עס אָנגעהויבנ דרייענ די אופרע־
גונג איבער גרעמיאַטשי לאָג. בא דיאָמקע אושאַקאָוונ האָט מענ גע־
וואָלט צונעמענ די שליסלענ פונ די שפײַכלער מיט דער זריע-טווּע,
אָבער דיאָמקע האָט פאַרשטאַנענ בייסנ געשלעג זיכ אַרויסצודרייענ פר־
נעמ האַמוינ אונ איז געקומענ צו לויפנ אינ דער פאַרוואַלטונג.

— ווו זאָל איכ אַהינטאָנ די שליסלענ, כאַווער חאַווידאָוו? אונדזע־
רע שלאָגנ די יאַרסקער אונ באַלד וועלנ זיי, ווי עס ווײַזט אויס, זיכ
דערקלײַבנ צו אונדז!

— גיב מיר די שליסלענ, — האָט חאַווידאָוו רויִק געזאָגט.
ער האָט גענומענ די שליסלענ, זיי אַרײַנגעלייגט אינ קעשענע אונ

איז אוועק צו די שפּיגלערס. און אינ דער צײַט האָבנ שוינ די ווײַ־בער באַוויזנ אַרויסצושלעפּנ אַנדריי ראַזמיאָטנאָוונ פונעמ האָרפּראַט און געטוואַלדעוועט:

— עפּנ אופּ א מיטינג!..

— ווײַבעלעכ, מומעלעכ! מאַמעלעכ! טײַבעלעכ מײַנע! ניטאָ איצט קיינ מיטינגענ! זייענ דאַרפ מענ, און ניט מיטינג׳ירנ! אפּ וואָס איי, אײַכ גייטיק א מיטינג? דאָס איז א סאַלדאַטיש וואָרט. אייהער מע זאָגט אימ ארויס, דאַרפ מענ דרײַ יאָר אינ די טראַנשײַענ אויסזיצנ: אפּ מילכאָמע באַדאַרפ מענ זײַנ, לײַז האַרעווענ, און דערנאָכ שוינ ריידנ וועגנ מיטינגענ, — האָט ראַזמיאָטנאָוו געפּרוווט אײַנעמענ די ווײַבער.

אָבער זיי האָבנ אימ ניט געהערט און זיכ אײַנגעקלאַמערט אינ זײַנע הויזנ, אינ די אַרבל און באַמ ברעג העמדל און געשלעפּט דעמ אָנגעכמורעטנ אַנדרייענ אינ דער שול, שרײַענדיק:

— מיר ווילנ ניט אינ די טראַנשײַענ זיכ אויסזיצנ!

— מיר ווילנ ניט גיי אפּ מילכאָמע!

— עפּנ דעמ מיטינג, אַניט וועלנ מיר אימ אליינ עפּענענ!

— לײַגסט, הינטישער זינ, אז מע טאָר ניט! דו ביסט הער פּאָרזיצער! דו מעגסט!

אַנדריי האָט אָפּגעשטופּט די ווײַבער, פאַרשטאָפּט די אויערנ און, וועלנדיק זיי איבערשרײַענ, האָט ער געוואַלדעוועט.

— ווערט אנשוויגנ, מאַכשייפעס! רוקט זיכ אָפּ א ביסל! צולייַ וואָס דאַרפט איר דעמ מיטינג?

— וועגנ דער טעווע! וועגנ ברויט וועלנ מיר מיט אײַכ ריידנ! סאָפּקאָלסאָפּ איז ראַזמיאָנטאָוו געווענ געצוווּנגענ צו זאָגנ:

— איכ רעכנ די פאַרזאַמלונג פאַר געעפנט.

— דערלויבט מיר א וואָרט, — האָט געפאָדערט די אלמאָנע יע־קאַטערינע די פרייליכע.

— רייד שוינ, דער טײַוול זאָל דיכ שמעקנ!..

— זאָלסט זיכ ניט טײַוולענ, פּאָרזיצער! אַניט וועל איכ דיר א טײַוול טאָנ, ווײַזט אויס.... מיט וועמעס דערלויבעניש האָט איר דער־לויבט פאַנאַנדערשלעפּנ אונדזער ברויט? ווער האָט עס פאַראָרדנט, אז מע זאָל די יאָרסקער אַרויסגעבנ און צוליב וואָס? — די פרייליכע האָט זיכ געשטעלט מיט די הענט אינ די באָקעס, זיכ אויסגעבויגנ און געוואַרט אפּ אנ ענטפער.

אנדריי האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון איר, ווי פון אַ זאַיאָדלע פליג.

— כאָוער דאָוויהאָוו האָט אײַך אַוטאָריטעט דערקלערט. און איך האָב די פאַרזאַמלונג געעפנט ניט צוליב אָט די נאַרישקייטן, נאָר צוליב דעם... — אַנדריי האָט אָפּגעזיפצט, — וואָס מע האָרעפּ, טײַערע ברידער, גיין כאַפּן די זיסלמײַז מיט אונדזער גאַנצער קראַפט...

אַנדרייס מאַנעוווער איז ניט געלונגען.

— וואָס פאַר אַ זיסלמויז!

— וועלכע זיסלמײַז!

— דאָס ברויט גיט אהער!

— גלאַט צינגל, אַ שטאָך דיר אין פּופּיק! אָפּ אַ זיסלמויז אַרופּגעקראָכן! אָבער וועגן ברויט ווער וועט ריידן?

— וועגן ברויט איז נישטאָ וואָס צו ריידן!

— אַ-אַ, ניטאָ וואָס? גיב אונדז אָפּ צוריק די זרע!

די ווײַבער, בעראָש מיט דער פרײַלעכער, האָבן גענומען זיך רוקן צו דער סצענע, און אַנדריי איז געשטאַנען בײַם בלעכענעם סופּליאָר־בײַדל. מיט אַ שפּאַט־שמייכלע האָט ער געקוקט אף די ווײַבער, אָבער אין האַרצן האָט ער איבערגעלעבט און געוויסע שרעק: צו שטערונגען אפן אויסזען זײַנען געווען די קאַזאַקן, וואָס זיינען געשטאַנען הינטער דעם ווײַסן ראַמאַטיקע־פּעלד פון די דורכווייסיקע ווײַבער־טיכלעך.

— זומער און ווינטער גייסטו אין שטיוול און מיר באַקומען ניט קיין סכוירע אפילו אף טשיריקעס!

— אַ קאָמיסאַר געוואָרן!

— ווי לאַנג איז, אז דו האָסט געריבן מאָרינגעס מאָנס הויזן?

— אָנגעפּרעסן אַ מאָרדע.

— טוט אים אויס די שטיוול, ווײַבער!

די אויסגעשרייען האָבן זיך דערטראָגן, ווי אַ שיסערײַ, אין אומאָרדענונג. עטלעכע צענדליק ווײַבער האָבן זיך צונויפגענומען בײַ דער סצענע. אומזיסט האָט אַנדריי זיך געסטאַרעט אײַנשטילן דעם אוילעם: מע האָט זײַן שטימע ניט געהערט.

— שלעפּט פון אים אַראָפּ די שטיוול! ווײַבעלעך, אנו, מיטאַמאָל!

אין איין אויגנבליק האָבן זיך צו דער סצענע אַ צי געטאָן פילע הענט. אַנדרייען האָט מען אָנגעכאַפּט פאַרן לינקן פוס. ער האָט זיך אָנגעהאַלטן אָנעם בײַדל, איז בלאָס געוואָרן פון קאָס, אָבער פון יענעם פוס האָט מען שוין אַראָפּגעצויגן דעם שטיוול און אים אַ וואָרף געטאָן אף הינטן. פילצאָליקע הענט האָבן אונטערגעכאַפּט דעם שטיוול,

אים אריבערגעוואָרפן וויַיטער. עס האָט זיך צעקיַיקלט א ניט גוטער געלעכטער. פונוויַיטנס, פון די הינטערשטע רייען, האָבן זיך דערהערט באַגײַסטיקנדיקע מעגערשטימען:

— טוט אים אוים!

— זאָל ער אָן גאַליכווע גיין!

— שלעפּ דעם צווייטן!

— וויַיבער, אַרבעט! וואַרפט אים אוים, דעם קנור!..

און דעם צווייטן שטיוול האָט מען אויך אַראָפּגעריסן פון אַנדרייען. ער האָט אָפּגעטרייסלט פון די פיס די אָנעטשעס און א געשריי געטאָן:

— די אָנעטשעס זיַינען אויך נייטיק? נעמט זיי? עפּשער וועלן זיי עמעצן טויגן אַף האַנטעכער.

צו דער סצענע זיַינען שנעל צוגעגאַנגען עטלעכע יונגען. איינער פון זיי — דער אינדיווידואַל יעפים טרובאַטשאָוו, א יונג א מאַזיק, א זון פון אַן אַטאַמאַנעץ און אַליין א קלאָפּטער די הייך, — האָט פאַנאַנדערגעשטויסן די וויַיבער און א שפּאַנג געטאָן אַף דער סצענע.

— דיַינע אָנעטשעס האָבן מיר ניט, — האָט ער גערעדט, שמייכלענדיק און שווער געאָטעמט, — אָבער די הויזן וועלן מיר פון דיר אַראָפּנעמען...

— הויזן דאַרפן מיר טאַקע שטאַרק נייטיק האָבן! די אָרעמשאַפט גייט אָן הויזן. די באַלעגופישע האָט ניט געקלעקט, — האָט האָזעדיק דערקלערט א צווייטער, יינגערער און קלענער אין וווּקס, אָבער ספּריטנער און בוצפּעדיקער אויסן אויסזען.

דער האָזיקער יונג, וואָס מע האָט אָנגערופן דימאָק, האָט געהאַט שטאַרק געקרייַזלטע האָר. זיַינע קאַראַקולענע רויך-וויַיסלעכע האָר זיַינען געווען אַזוי, ווי קיינמאָל אין לעבן וואָלט צו זיי קיין קאָם זיך ניט צוגערירט. אין צעוואָרפענע לאָקנדלעך האָבן זיי זיך געקרייַזלט פון אונטערן ראַשעק פונעם אַלטן קאָזאַק-היטל. דימאָקס פאָטער איז דערהאַרגעט געוואָרן אַף דער דיַיטשישער מילכאָמע, זיַין מוטער איז געשטאָרבן פון טיפוס. דער קליינער דימאָק איז אויסגעוואַקסן אַף דער מומעס קעסט. קליינערהייט פלעגט ער גאַנווענען פון פרעמדע גערטנער אוגערקעס און רעטעכלעך, פון די סעדער — וויַינשל און עפּל, פון די באַשטאַנעס פלעגט ער שלעפּן זעק מיט קאַווענעס. און ווען ער איז געוואָרן עלטער, האָט ער באַקומען ביַישעק צו פאַטערן די בוטער-מיידלעך, אַף דעם געביט האָט ער באַקומען אַזאַ מיַיסן און

באַדימטנ נאָמענ, אז קיינ איינ גרעמיאטשער מאמע, וואָס האָט געהאט א דערוואקסענע טאָכטער, האָט גלײַכגילטיק ניט געקאָנט קוקנ אפ די־מאָקנ, אפ זײַנ ניט־גרויסער, אָבער געפּאסטער פיגור, ווי בא א שפּאר־בערל. פלעגט אזא מאמע א קוק טאָנ, פלעגט זי אומבאדינגט אָפּשפּײַענ אָנ א זײַט און נעמענ שיפּענ:

— אָט גייט ער, דער טײַוול מיט די ווײַסע אויגנ! ער גייט זיך אזוי, דער הונט, דער הורנזונ, איבערנ כוטער, ער גייט זיך אזוי ארום... — און צו דער טאָכטער: — נו, וואָס האָסטו אזוי אָנגע־שטעלט די קוקערלעך? וואָס שטייסטו באם פענצטער? דו פרוו מיר נאָר ברענגענ עפּעס אינ קליידל, ברענג נאָר—מיט מײַנע אייגענע הענט וועל איך עס דערשטיקנ! טראָג ארײַנ, הינטישע טאָכטער, קי־זיק אפ אײַנהייצנ און גיי באגעגענ די בעהיימע!

דימאָק גייט זיך אזוי קעציש־ווייך טרעטנדיק מיט די פיס, אָנגע־שטופּט אינ צעריסענע טשיריקעס, פײַפט זיך שטיל אונטער צווישנ די ציינ, פארבײַ די פאריקאנעס און פלויטנ. פונ אונטער זײַנע אויסגע־בויגענע שטראָלנדיקע ווײַעס קוקט ער זיך צו צו די פענצטער, צו די הויפנ, און ווי נאָר עס גיט א שמילקע ערגעץ א מיידלש טיכל — אזוי ווערט דער פוילער אפנ אויסזענ, דער אומגעשיקטער דימאָק אינ איינ אויגנבליק איבערגעאנטערשט: מיט א קורצער, פינקטלעכער באוועגונג דרייט ער, ווי א שפּארבער, שנעל אויס דעם קאָפּ און גלײַכט זיך אויס. אָבער ניט קיינ רויבערישקײַט קוקט ארויס פונ זײַנע ווײַסלעכע אויגנ, נאָר ווייכקײַט און די גרעסטע צערטלעכקײַט: אפילע די אויגנ דימאָקס באקומענ אינ דעם מאָמענט אזא אויסזענ, ווי זיי וואָלטנ געביטנ זייער באפארבונג, זיי ווערנ אזעלכע אָפּגרונט־לאָזבלויע, ווי דער הימל אינ יול. „פעקטיושקא! מײַנ לויכט, מײַנ בלויער! הײַנט, ווענ ס'וועט טונקל ווערנ, וועל איך קומענ הינטערנ הויפ. ווו וועסטו שלאָפנ?" — „איך, וועל שלאָפנ אוועק אײַערע באריש־קײַטנ!"—ענטפערט דאָס מיידל אינ געלאָפ, אוממצוועטריטלעך־שטרענג.

דימאָק באגלייט זי מיט א פארשטייענדיקנ שמייכל און גייט אוועק באם זונ־אונטערגאנג שפּילט ער לעבנ געזעלשאפטלעכנ שפּײַכלער־אפנ הארמאָניק פונ זײַנ פארשיקטנ כאווער, טימאָפיי דעמ געריבנ־נעמ. אָבער ווי נאָר דער בלויער שאָטנ לייגט זיך אפ די סעדער אינ לעוואַרעס, ווי נאָר עס ווערט אײַנגעשטילט דער מענטשנ־טומל און דאָס בעהיימע־מהוקענ, אזוי שפּאנט ער ניט אײַלנדיק איבערנ געסל צו פעקטיושעס הויפ, און איבערנ שטיל־שווײַגנדיקנ כוטער טראָגט זיך

די לעוואָנע, אויב אזא איינזאַמע, אויב אזא רונדפּענעמדיקע ווי דימאָק.

ניט בלויז מיידלעכ זײַנענ א טרייסט אינ דימאָקס לעבנ: ער האָט ליב געהאַט אויכ אַ טרונק בראַנפֿנ, אונ נאָכ מער — געשלעג. ווו א געשלעג, דאָרט איז דימאָק. אינ אָנהייב קוקט ער, מיט קראַפּט פאַרלייגט די הענט אַפֿ הינטנ, אַנגעבויגנ דעמ קאָפּ, דערנאָכ הייבנ אָנ בא אימ די פיס אָפּט אויפציטערנ אינ די קני. דער ציטער ווערט ניט אויסצוהאַלטנ, דימאָק איז ניט בעקוועמ צו באַהערשנ זײַנ לײַדנשאַפט אונ ער טרעט אַרײַנ אינ שלאַכט. צו צוואַנציק יאָר האָט ער באַוויזנ צו פאַרלירנ אַ האַלב טוץ ציינער. ניט איינ מאָל האָט מענ אימ געשלאָגנ אַזוי, אַז בלוט איז אימ געגאַנגענ פונ האַלדז. מע פלעגט אימ שלאָגנ אי פאַר מיידלשע זינד אי פאַר אַרײַנמישנ זיכ אינ פרעמדע קריג, וואָס ווערט געלייזט מיט דער הילפ פונ פויסטנ. דימאָק פלעגט הוסטנ, שפּײַענ מיט בלוט, בא א כוויִרעש זיכ אויסליגנ אַפֿנ אויוונ בא דער אייביק וויינענדיקער מומענ אונ דערנאָכ פלעגט ער זיכ ווידער באַווײַזנ אַפֿ די שפּילנ, אונ נאָכ זשעדנער פלעגנ גלאַנצנ דימאָקס בלוילעכע אויגנ, נאָכ געשווינדער פלעגנ לויפנ זײַנע פינגער איבער די קלאַווישנ פונ דער צווייריייִקער האַרמאָניק, בלויז די שטימ פלעגט נאָכ דער קרענק ווערנ טעמפּער אונ הייזעריקער, פונקט ווי דער קרעכצ פונ אַנ אויסגענוצטנ בלאָזזאַק אינ אַנ אַלטיטשקנ האַרמאָניק.

פונ דימאָקנ איז געווענ שווער אַרויסצוקלאַפּנ דאָס לעבנ, — ער איז געווענ לעבהאַפטיק, ווי א קאַצ. מע האָט אימ אויסגעשלאָסנ פונ קאָמיוג, געמישפּעט פאַר כוליגאַנערײַ אונ פאַר אונטערצינדנ. אַנדריי ראַזמיאָטנאָוו האָט אימ ניט איינ מאָל אַרעסטירט פאַר דעבאָשנ אונ אָפּגעפירט אימ אַפֿ נעכטיקנ אינ האַרפּאַראַטישנ שפּײַכלער. דימאָק האָט צו אימ פונ לאַנג געטראָגנ א גרויסנ כּעס, אונ אָט איצט, האַלטנדיק דעמ מאָמענט פאַר א פּאַסיקנ אַפֿ אָפּצורעכענענ זיכ, איז ער אַרופּגעקראָכנ אַפֿ דער סצענע צו מאַכנ מיט אימ קוויט...

ער איז אַלצ נעענטער צוגעגאַנגענ צו אַנדרייענ. זײַנע קני האָבנ זיכ געטרייסלט, אונ דערפונ האָט זיכ געדוכט, ווי ער וואָלט אונטערגעטאַנצט.

— די הויזנ גיב אונדז... — דימאָק האָט הויכ אָפּגעאָטעמט: — אַנו, נעמ אַראָפּ!..

די סצענע איז אַלצ מער פול געוואָרנ מיט ווײַבער. א פילהענטיקער האַמוינ האָט ווידער אַרײַנגערינגלט אַנדרייענ, אימ הייס געאָטעמט אינ פּאָנעמ אונ אינ קאַרק אונ אַרומגערינגלט אינ א פעסטנ רינג.

— איך בין פּאַרזיצער! — האָט ראַזמיאָטנאָוו אַ געשריי געטאָן,— כוויזעק איבער מיר איז פּונקט ווי כוויזעקן איבער דער ראַטנמאַכט. גייט אַוועק! האָס ברויט ווועלן מיר אייך גיט דערלויבן נעמען! די פּאַרזאַמלונג האַלט איך פאַר געשלאָסן!..

— מירן אליין נעמען!

— כאַ־כאַ! געשלאָסן!

— מירן עפענען!

— צו ראַזוויאַטאָוון וועלן מיר גיין, מירן נאָך אים אַ טרייסל טאָן!..

— אַנו, לאָמיר גיין אין דער פאַרוואַלטונג!

— ראַזמיאָטנאָוון דאַרף מען צוהאַלטן!

— שלאָגט אים, כעוורע!..

— וואָס איז דאָ צו קוקן אים אין די ציינער?!

— ער איז קעגן סטאַלינען!

— אַריינזעצן אים!

איינע פון די ווייבער האָט פון פּרעזידיום־טיש אַראָפּגעשלעפּט דעם רויטן סאַטין־צודעק און פון הינטן אַרופגעוואָרפן עס אויף ראַז־מיאָטנאָווס קאָפּ. און ביז ער האָט זיך געפּראָוועט אַראָפּרייסן דעם טיש־טעך, וואָס האָט געשמעקט מיט טינט און שטויב, האָט דימאָק, ניט צעפּאַכנדיק זיך, אים אַ זעץ געטאָן אונטערן לעפּעלע.

באַפרייט דעם קאָפּ, האָט אַנדריי, געשטיקט פון אומזיניקער אומ־געררייצטקייט און ווייטעק, אַרויסגעכאַפּט פון קעשענע דעם נאַגאַן. די ווייבער האָבן מיט געשריי זיך אַ וואָרף געטאָן אָן אַ זייט, נאָר די־מאָק, יעפים טרובאָטשאָוו און נאָך צוויי קאָזאַקן, וואָס זיינען אַרויף אויף דער סצענע, האָבן אים געכאַפּט פאַר די הענט און אַנטוואָפּנט.

— אין אוילעם געוואָלט שיסן! אָט אַ הינטישער זון! — האָט מיט פרייד געגומען שרייען טרובאָטשאָוו, אויפהייבנדיק איבערן קאָפּ ראַזמיאָטנאָווס רעוואָלווער מיטן ליידיקן, אָן איין קויל, צילינדער.



דאַווידאָוו האָט ניט ווילנדיק פאַרלאַנגזאַמט זיינע טריט, ווען ער האָט דערהערט דעם דורכויסיקן און גרויזאַמען גרילץ. „איאַ — יאַ — יאַ — יאַ — יאַ — יאַ!“ — האָט זיך הויך געטראָגן און געקלונגען איבער די מאַנצבלשע באַס־שטימען דער גרילצנדיקער ווייבערשער גע־שריי. ער האָט זיך שאַרף אויסגעטיילט פון דער צונויפגעגאָסענער מאַ־סע שטימען, ווי עס טיילט זיך אויס אין האַרבסט פון אַלגעמיינעם

גייענ אינעם וואַלד, וואָס איז שוינ באַרירט פונ די ערשטע פרעסטלענ, דער ליידנשאַפטלעכער, פאַרכלינעטער, אופגערייצט-וויינענדיקער גע-ביל פונ דער יאַגד-צויג, וואָס גייט צוזאַמענ מיט די יאַגד-הינט אפ די פרישע שפּורנ פונ דער בייע.

„מע וואָלט געדאַרפט שיקנ נאָכ דער צווייטער בריגאַדע, אַניט וועט מענ די טוויע צונעמענ" — האָט דאַווידאָוו געטראַכט. ער האָט באַשלאָסנ זיכ אומקערנ אינ דער פאַרוואַלטונג, כדי צו באַ-האַלטנ ערגעצוו די שליסלענ פונ די שפּייַכלערס מיט דער זריע-טוויע. דיאָמקע אושאַקאָוו איז געשטאַנענ באַם טויער אינ פאַרלאָרנקייַט.

— איכ וועל זיכ באַהאַלטנ, באַוועט דאַווידאָוו. אַניט וועט מענ מיכ פאַר די שליסלענ אָנשלאָגנ.

— דאָס איז דייַנ זאַכ. נייַדיאָנאָוו איז ניטאָ?

— ער איז אינ דער צווייטער בריגאַדע.

— פונ דער צווייטער בריגאַדע איז דאָ קיינער ניטאָ?

— קאָנדראַט מייַדאַניקאָוו.

— וווּ איז ער? וואָס טוט ער דאָ?

— נאָכ זריע געקומענ. אָט לויפט ער!

צו זיי איז אינ איילעניש צוגעגאַנגענ מייַדאַניקאָוו. נאָכ פונווייַטנ האָט ער א פּאָכע געטאָנ מיטנ בייַטש אונ אויסגעשריענ:

— אַנדריי ראַזמיאָטנאָוו האָט די געמיינדע אַרעסטירט! מע האָט אימ אַרייַנגעזעצט אינ קעלער אונ איצט גייענ זיי צו די שפּייַכלערס. באַהאַלט זיכ, באַוועט דאַווידאָוו, עס זאָל צו קיינ אומגליק ניט קו-מענ... דער האַמוינ איז פּאַשעט ווילד געוואָרנ!

— איכ וועל זיכ ניט באַהאַלטנ! פונ זינענ ביסטו אַראָפּ!? נאַ דיר די שליסלענ אונ לויפ אינ בריגאַדע, זאָג ליובישקינענ, ער זאָל א מענטשנ 15 אַרופזעצנ אפ פערד אונ זאָל באַלד לויפנ אַהערצו. זעסט, באַ אונדז הייבט זיכ דאָ אָנ... א יאַרידל. דעמ ראַזמיאָטנ וויל איכ ניט באַמרויִקנ, מיר וועלנ זיכ אַליינ ספּראַווענ. אפ וואָס ביסטו געקומענ?

— אפ א בריטשקע.

— שפּאַנ אויס איינ פערד, זעצ זיכ רייַטנדיק אונ יאָג!

— דאָס מאַכ איכ איינס-צוויי! — מייַדאַניקאָוו האָט אַרייַנ-געריקט אינ קעשענע די שליסלענ אונ איז אַוועקגעלאָפנ אינ גאַס.

דאַווידאָוו איז ניט איילנדיק צוגעגאַנגענ צו די שפּייַכלערס. דער האַמוינ איז עפּעס שטילער געוואָרנ, אונטערוואַרטנדיק אימ. „ער גייט, דער ניט-גוטער!" — האָט היסטעריש אויסגעשריענ עפּעס א

ווײַבל, ווײַזנדיק אפ דאווידאָוונ. אָבער ער האָט זיכ ניט געײַלט, פאַר
אלעמענ אינ די אויגנ האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט פאַרייכערנ, זיכ גע־
שטעלט מיטנ רוקנ צומ ווינט אונ אָנגעצונדנ א שוועבעלע.

— גיי, גיי! וועסט באַ־ווײַזנ צו פאַרייכערנ!

— אפ יענער וועלט וועסטו זיכ אָנרייכערנ!

— די שליסלענ טראָגסטו, אָדער ניט?

— ער טראָגט, מיסטאמע! די קאַץ ווייס, וואָס זי האָט גענאַשט:
רייכערנדיק, מיט די הענט אינ די קעשענעס, איז דאווידאָוו צו־
געגאַנגענ צו די פאָדערשטע רייענ. זײַנ זיכערער, רויִקער אויסזעג האָט
געווירקט אפ האַמוינ פאַרשיידנ: אייניקע האָבנ דערפילט אינ אָט דער
זיכערקייט דעמ באַוווסטזײַנ פונ קראַפט אונ די אויבערהאַנט, וואָס
דאווידאָוו האָט געהאַט אפ זײַנ זײַט, אנדערע האָט זײַנ אויסערלעכע
רויִקייט אופגערייצט. ווי האָגל אפ א בלעכענעמ דאַכ, האָבנ גענומענ
קלאַפּנ אויסגעשריִענ:

— די שליסלענ גיב!

— לאָז פאַנאַנדער דעמ קאָלווירט!

— טראָג זיכ פונדאַנענ! ווער האָט דיכ געבעטנ?!

— גיב די זריִע!

— פאַרוואָס לאָזטו אונדז ניט זייענ?

א שטיל ווינטל האָט זיכ געשפּילט מיט די ברעגנ פונ די ווײַבער־
שע טיכלעכ, געשאַרט אינ די אָטשערעט־בעזעמלעכ אפ די שפּײַכלער־
דעכער, געטראָגנ פונעמ סטעפּ דעמ שאַרפנ גערוכ פונ דער זיכ־טריקנ־
דיקער ערד אונ דעמ ניט אויסגעוועפּטנ ווײַנטרויבנ־רייעכ פונ יונגע
גראָזנ. דער האָניק־אַראָמאַט פונ די אָנגעהאָלענע קנאָספּנ פונ די
טאָפּאָלנ איז געווענ אזוי פריקרע זיס, אז בײַ דאווידאָוונ, ווענ ער
האָט גענומענ רייִדנ, איז געווענ א געפיל אזוי, ווי זײַנע ליפּנ וואָלטנ
זיכ געקלעפּט, אונ אפילע דעמ טאַמ פונ האָניק האָט ער דערשפּירט.

— וואָס־זשע, בירגער, האָט איר זיכ אופגעהערט אונטערצוואַרפנ
די פאַראָרדענונגענ פונ דער ראַטנמאַכט? פאַרוואָס האָט איר ניט גע־
געבנ דעמ יאַרסקער קאָלווירט די טווועע? אונ איר מיינט, אז פאַר
דעמ וועט אײַכ ניט אויסקומענ צו ענטפערנ פאַרנ געריכט, ווי פאַרנ
אַראָפּרײַסנ די פריליגנדיקע פאַרזיי־קאַמפּאַניע? א פאַקט, אז אײַכ
וועט אויסקומענ! די ראַטנמאַכט וועט דאָס אײַכ ניט מויכל זײַנ!

— די ראַטנמאַכט דײַנע זיצט שוינ בײַ אונדז אַרעסטירט! זי זיצט,
ווי א טײַבעלע, אינ קעלער! — האָט געענטפערט הער אינדיווידואַל

דאָבראָדייעוו מיראָנ, א גידעריק הינקענדיק קאָזאקל, געבנדיק אָנצו-הערעניש וועגנ ראזמיאָטנאָווס ארעסט.

עמעצער האָט זיכ צעלאכט, אָבער באניק איז ארויסגעטראָטנ פאָ-רויס אונ מיט קאס אויסגעשריִענ:

— די ראטנמאכט דיקטירט ניט אזוי, ווי איר טראכט דא אויס, אונטער אזא ראטנמאכט, ווי איר מיט מאקאר נאגולנאָווג האָבנ אויס-געטראכט, וואָרפנ מיר זיכ ניט אונטער! איז עס דענ א מאָרע, אז מע זאָל ערדארבעטער ניט לאָזנ זייענ! וואָס איז דאָס אזוינס? דאָס איז א פארקריפלונג פונ דער פארטיי!

— דיכ לאָזנ מיר דענ ניט זייענ?

— איר לאָזט דענ יאָ?

— דו האָסט אָנגעשאָטנ אינ געזעלשאפטלעכנ שפייכלער זריִע?

— נו, אָנגעשאָטנ!

— דו האָסט עס באקומענ צוריק?

— נו, באקומענ. ווייטער וואָס?

— ווער־זשע לאָזט דיכ ניט זייענ? וואָס-זשע דרייסטו זיכ דאָ ארום בא די שפייכלערס?

באניק איז געווענ עטוואָס פארשעמט פונעם שמועס, וואָס האָט אומדערווארט פאר אים זיכ אויסגעקערעוועט אינ א צווייטער זייט. אָבער ער האָט געפרווט זיכ ארויסדרייענ:

— ניט וועגנ זיכ טוט מיר וויי דאָס הארצ, נאָר וועגנ אלעמענ, וואָס זיינענ ארויס פונעם קאָלווירט אונ וועמענ איר גיט צוריק ניט אָפּ די טוווע אונ גיט ניט אָפּ זיינ פארמעגנ. אָט וואָס! אונ אפילע מיר, וואָס פאר אנ ערד האָט איר מיר אויסגעטיילט? פארוואָס אזוי ווייט?

— גיי פונדאנענ! — האָט דאווידאָוו ניט אויסגעהאלטנ. — מיט דיר וועלנ מיר דערנאָכ ריידנ, א פאקט! אָבער אינ די קאָלווירטישע איניאָנים שטעק ניט דיינ נאָז, אניט וועלנ מיר זי איינס אונ צוויי אָפּהאקנ! דו פארנעמסט זיכ מיט אונטערהעצעניש! גיי, זאָגט מענ דיר!

באניק האָט דראָענדיק געבורטשעט אונ איז אָפּגעטראָטנ, אפּ זיינ אָרט. האָבנ זיכ א שטעל געטאָנ די ווייבער. זיי אלע האָבנ גענומענ טומלענ מיטאמאָל, מיט איינ שטימ, אונ ניט געלאָזט דאווידאָוונ א וואָרט אויסריידנ. ער האָט געזוכט אויסצוגעווינענ צייט, קעדיי צו געבנ ליובישקינענ מיט דער בריגאדע די מעגלעכקייט אונטערצוקומענ,

אָבער די ווײַבער האָבנ אימ ארומגערינגלט, געשריִענ פארטויבט צו ווערנ, געשטיצט פונעמ מיטפילערישנ שווײַגנ פונ די קאָזאקנ.

אומקוקנדיק זיכ, האָט דאווידאָוו דערזענ מארינע פּאָיארקאָווע. זי איז געשטאנענ אָפּגעזונדערט, פארלייגט אפנ ברוסט די ביזנ עלנבויגנ אָפּגעדעקטע מעכטיקע הענט, אונ וועגנ עפּעס לעבהאפט גערעדט מיט די ווײַבער, כמורענדיק די קימאט צונויפגעוואקסענע טיפ־שווארצע ברעמענ. דאווידאָוו האָט געכאפּט איר פײַנטלעכנ בליק אונ קימאט אינ דער זעלבער רעגע דערזענ לעבנ איר יאקאָוו לוקיטשנ, וואָס האָט אופגערעגט, אויסווארטנדיק געשמייכלט אונ עפּעס געשושקעט זיכ מיט דעמיד דעמ שווײַגער.

— גיב די שליסלענ! גיב אָפּ מיט גוטנ, הערסט! — אײנע פונ די ווײַבער האָט דאווידאָוונ געכאפּט פאר דער פּלייצע אונ ארײַנגערוקט די האנט אינ זײַנ הויזנ־קעשענע.

דאווידאָוו האָט מיט קראפט זי א שטויס געטאָנ. די פרוי האָט אָפּגעטראָטנ הינטערווײַלעכס, איז אומגעפאלנ אפנ רוקנ אונ אומיסטנ גענומענ שרײַענ: „אוי, ער האָט מיכ דערהארגעט, דערהארגעט! טײַערינקע, לאָזט ניט אויסגייִנ!..

— וואָס איז עס פאר א מינ! — האָט מיט א ציטעריק טענאָרל געזאָגט עמעצער פונ די הינטערשטע רייענ פונעמ האמוינ. — שלאָגנ זיכ, הייסט עס, הייבט ער אָנ? אהא, גיט אָקאָרשט א שטויס, אז עס זאָל אימ פונ נאָז א שפּריץ טאָנ!..

דאווידאָוו האָט געוואָלט א שפּאנ טאָנ אופצוהייבנ די אומגעפאלענע פרוי, נאָר מע האָט בא אימ פונ קאָפּ אראָפּגעקלאפּט די קעפּקע, עס לעבע מאָל האָט מענ אימ א זעצ געטאָנ איבערנ פּאָנעמ אונ איבערנ רוקנ אונ אימ געכאפּט פאר די הענט. ער האָט א דריי געטאָנ מיט די פּלייצעס אונ אראָפּגעוואָרפנ די ווײַבער, וואָס האָבנ זיכ אָפּ איכ אָנגעזעצט, אָבער זיי האָבנ זיכ ווידער מיט א געשריי אײַנגעקלאמערט אָנ אימ, צעריסנ דעמ קאָלנער פונ זײַנ העמדל, אונ אינ עטלעכע סעקונדעס ארומגעכאפּט אונ אויסגעקערט זײַנע קעשענעס.

— ער האָט ניט די שליסלענ!

— ווו זײַנענ די שליסלענ?..

— גיב אָפּ! סײַוויסײַ וועלנ מיר די שלעסער אראָפּהאקנ!

די גרויסארטיקע אלטע — מישקע איגנאטענקאָווס מוטער — האָט זיכ סאָפּענדיק דורכגעשלאָגנ צו דאווידאָוונ, אויסגעזידלט אימ אינ דער מאמענ אונ אימ אָנגעשפּיגנ אינ פּאָנעמ.

— נא דיר, טײַװל, גאָטס לעסטערער!

דאַװידאָװ איז בלײַב געװאָרן. ער האָט אָנגעשטרענגט זײַנע גאַנצע קראַפט צו באַפרײַען די הענט, און ניט געקאָנט. װײַזט אױס, אַז עמעצער פֿון די קאָזאַקן איז געקומען די װײַבער צו הילף. יאָהער־דיקע פֿאַרהאַרטעװעטע פֿינגער האָבן אָנגענומען, צונױפֿגעדריקט פֿון הינטן זײַנע עלנבױגנס, צונױפֿגעדריקט זײ װי מיט צװאַנגען! דעמלט האָט דאַװידאָװ אױפֿגעהערט זיך אַרױסרײַסן. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז זײַן זאַך איז שױן צו װײַט אַװעק, אַז אים צו הילף װעט קײנער פֿון די אָנװעזנדיקע ניט קומען, און דעריבער האָט ער באַשלאָסן אַנדערש צו האַנדלען.

— די שליסלען פֿון די שפּײַכלערס האָב איך ניט, בירגער, שליסלען ליגן... — דאַװידאָװ האָט זיך אָפּגעהאַקט: ער האָט געװאָלט זאָגן, אַז די שליסלען ליגן ניט בײַ אים, אָבער אין אײן אױגנבליק האָט ער באַטראַכט, אַז אױב ער װעט זיך אָפּזאָגן, װעט דער המון זיך װאַרפֿן זוכן דיאָמקע אושאַקאָװן, ער װעט אים געװיס געפֿינען, און דעמלט איז דיאָמקע פֿאַרפֿאַלן, מע װעט אים דערהרגענען. „איך זאָגן, אַז בײַ מיר אין דער הײם, און דאָרטן װעל איך זוכן און װעל זאָגן, אַז איך האָב פֿאַרלאָרן. דערװײַל װעט ליובישקין אונטערקומען. מיט דערהאַרגענען װעלן זײ זיך ניט באַשליסן. ע, כאַפּט זײ דער טײַװל!“ ער האָט אַ װײַלע געשװיגן, אױסגעװישט מיטן אַקסל דאָס בלוט פֿון דער אָפּגעקראַצטער באַק, און דערנאָך געזאָגט: — די שליסלען ליגן בײַ מיר אין דער הײם, אָבער איך װעל זײ אײַך ניט געבן, און פֿאַרן אױפֿברעכן די שלעסער װעט איר ענטפֿערן לױט דער גאַנצער שטרענגקײט! װײסט עס, אַ פֿאַקט!

— פֿיר אונדז אין דײַן דירע! מירן אַלײן דײַנע שליסלען נעמען! — האָט זיך אָנגעזעצט איגנאַטענקאָװס מוטער.

פֿון אױפֿרעגונג האָבן בײַ איר געציטערט די אָנגעדראָלענע באַקן און די גרױסע בראָדעװקע אױף דער נאָז, איבער איר צעקנײטשט פֿאַנעם איז קעסײדער געגאַנגען שװײס. זי האָט די ערשטע אַ שטױס געטאָן דאַװידאָװן, און ער האָט געגאַנגען, אָבער לאַנגזאַם געגומען שפּאַנען אין דער ריכטונג צו זײַן דירע.

— דאָרט ליגן דען די שליסלען? עפּשער האָסטו פֿאַרגעסן? — האָט אוּװאַראָװנע, באַניקס װײַב, אױסגעפֿרעגט.

— דאָרטן, דאָרטן, מומינקע! — האָט דאַװידאָװ פֿאַרזיכערט און אָנגעהױבן דעם קאָפּ, באַהאַלטנדיק דעם שמײכל.

פיר ווײַבער האָבנ אימ געהאַלטנ פאַר די הענט, די פינפטע איז געשטאַנענ פונ הינטנ מיט אַ געצונדנ פלאַקנ אינ די הענט. פונ רעכטס האָט טרייסלענדיק זיכ אײַנגעאַנצנ, מיט גרויסע מאַנצבלשע טריט, געשפאַנט איגנאַטיענקאָוס אַלטע, לינקס זײַנענ גרופנווײַז געגאַנגענ די ווײַבער. די קאָזאַקנ זײַנענ געבליבנ וואַרטנ אפ די שליסלענ בא די שפײַכלערס.

— לאָזט אָפ די הענט, מומעלעכ. איכ וועל ניט אַנטלויפנ, — האָט דאַווידאָוו געבעטנ.

— די באַליערע ווייס ריכ, וועסט נאָכ טאַקע אַנטלויפנ.

— ניינ, זאָג איכ!

— גיי מיט אונדז, אַזוי זײַנענ מיר רויִקער.

זיי זײַנענ דערגאַנגענ ביז דער טיר, אײַנגעוואָרפנ דעמ צווײַגנ-טויער אונ דעמ פלויט אונ זיכ אַרײַנגעריסנ אינ הויפ.

— גיי ברענג די שליסלענ. וועסט ניט ברענגענ, וועלנ מיר באַרופנ די קאָזאַקנ, זיי וועלנ דיר גלײַכ דעמ קאָפ אפ אַ זײַט פאַרדרייענ!

— אָכ, מומינקעס, גיכ האָט איר די ראַטנמאַכט פאַרגעסנ. אָבער זי וועט אײַכ פאַר אָט דער מײַסע ניט מויכל זײַנ!

— אַלציינס! — איכ האַרבסט ניט זייענדיק, אינ פריליגג פונ הונגער געשוואָלנ ווערנ, אָדער איצט ענטפערנ, — אַלציינס! גיי אַקאָרשט, גיי!

דאַווידאָוו איז אַרײַנ אינ זײַנ צימער אונ געוווּסט, אַז מע קוקט אימ נאָכ. ער האָט געמאַכט אַנ אָנשטעל, אַז ער זוכט קלוימערשט זאָרגזאַמ. ער האָט אַלצ איבערגעקערט אינ טשעמאָדאַנ אונ אפנ טיש, איבערגעטרייסלט אַלע פאַפירנ, אַרונטערגעקראָכנ אונטערנ בעטל אונ אונטערנ הינקעדיקנ טיש.

— ניטאָ די שליסלענ, — האָט ער דערקלערט, ווענ ער האָט זיכ באַוויזנ אפנ גאַנעק.

— ווו זײַנענ זיי?

— מיסטאָמע בא נאַגולנאָוונ...

— ער איז דאָכ אַוועקגעפאָרנ!

— מאַלע וואָס! אַליינ איז ער אַוועקגעפאָרנ, אָבער די שליסלענ האָט ער געקאָנט איבערלאָזנ. אפילע אפ געוויס איבערגעלאָזנ.

מע האָט אימ אַוועקגעפירט אינ נאַגולנאָווס דירע. אפנ וועג האָט מענ אימ גענומענ שלאָגנ. פונ אָנהייב האָט מענ אימ נאָר לײַכט אונטערגעשטופט אונ געזידלט, אָבער דערנאָכ, ווערנדיק אופגערייצט

דערפונ, וואָס ער האָט די גאַנצע צײַט געלאַכט אונ געוויצלט, האָט מענ אימ שוינ גענומענ שלאָגנ ווי עס דאַרפ צו זײַנ.

— ביהגערנס! מײַנע טײַערינקע! שלאָגט כאָטש ניט מיט שטעקנס, — האָט ער זיכ אײַנגעבעטנ, קנײַפּנדיק די נאָענסטע ווײַבער, אונ אַלײנ האָט ער אָנגעבויגנ דעמ קאָפּ אונ איבער די קויבעס גע־שמײַכלט.

מע האָט אימ אָנ ראַכמאָנעס געשלאָגנ איבערנ אָנגעבויגענעמ, ברייטנ אונ הילכיקנ רוקנ, אָבער ער האָט נאָר צוגעברומט, געדרייט מיט די פּלייצעס אונ, ניט קוקנדיק אַפ ווייטעק, נאָכ אַלצ געפּרוווט זיכ וויצלענ:

— באָבינקע! דיר איז שוינ צײַט צו שטאַרבנ, אונ דו שלאָגסט זיכ. לאָז, איכ וועל דיכ כאָטש איינ מאָל אַ קלאַפּ טאָנ, האַ?

— גוילעמ אונ געפּילנ! שטיינ ווי קאַלטער! — האָט שיר ניט מיט טרערנ געגוואַלדעוועט די יונגע נאַסטיאָנקע דאָנעצקאָווא, וואָס האָט פּלײַסיק געפּויקט אַפ דאַווידאָווס רוקנ מיט אירע קליינע, אָבער פעסטע פויסטלעכ. — די הענט האָבנ מיר זיכ אָפּגעקלאַפּט אָנ אימ, אונ אימ אַל דאָס וואָס!..

— מיט שטעקנס ניט שלאָגנ! — האָט דעמ איינציקנ מאָל שטרענג, פונ צווישנ צונויפגעדריקטע ציינ, אַ בורטשע געטאָנ דאַווידאָוו אונ אַרויסגעכאַפּט פונ עפּעס אַ ווײַבלס הענט אַ טרוקנ דרענגל אונ אַ בראָכ געטאָנ עס אַפנ קני.

ביז בלוט האָט מענ צעהאַרגעט אנ אויער, צעהאַקט די ליפּנ אונ די נאָז, אָבער ער האָט נאָכ אַלצ געשמייכלט מיט די אויפגעלאָפּענע ליפּנ, אַרויסווײַזנדיק דעמ שטשערב אינ די פאָדערשטע ציינער. ניט געײַלט אונ ניט שטאַרק האָט ער אָפּגעשטופּט די ווײַבער, וואָס האָבנ זיכ באַזונדערס אָנגעזעצט אַפ אימ. שרעקלעכ האָט אימ אויפגעבראַכט איגנאַטענקאָווס אַלטע מיט דער צאָרנדיקער ציטערנדיקער בראָדעווקע אַפ דער נאָז. זי האָט אימ געשלאָגנ ווייטיקדיק אונ געזוכט אימ צו טרעפנ אָדער צווישנ די אויגנ, אָדער אינ שלייפ, אונ געשלאָגנ האָט זי ניט אַזוי, ווי אַלע אַנדערע, נאָר מיטנ ליבקנ זײַט פויסט, מיט די ביינדלעכ פונ די צונויפגעדריקטע פינגער. דאַווידאָוו האָט אינ גאַנג אומזיסט זיכ געדרייט צו איר מיטנ רוקנ. זי פלעגט, סאַפּענדיק, פאַר־נאַנדערשטויסנ די ווײַבער, פאַרלויפנ אימ פונ פאָרנט אונ כריפּענ:

— לאָז אָקאָרשט, איכ וועל אימ איבערנ פּיסק! איבערנ פּיסק!

„נ־נ־נו, וואַרט, אַלטע זשאַבע, — האָט מיט קאַלטער צערייצט־

קיין דאַווידאָוו געטראַכט, זיך אויסדריייענדיק פון די קלעפּ, — ווי נאָך ליובישקינ ווערט זיך באַווייזן, וועל איך דיר אזוי א זעץ טאָן, אז דו וועסט זיך בא מיר פאַרדרייען ווי א שרויף!"

ליובישקינ מיט די רייטער זיינען נאָך אלץ ניט געווען. מע איז צוגעקומען צו נאַגולנאָוס דירע. דאָס מאָל זיינען צוזאַמען מיט דאַווידאָוו אריין אין צימער אויך די ווייבער. זיי האָבן אלץ איבער־געגראָבן, פאַנאַנדערגעוואָרפן די פּאַפּירן, די ביכער, די וועש, אפילע באַמ באַלעבאָס האָבן זיי אויך געזוכט די שליסלען. זיי האָבן פאַר־שטייט זיך, ניט געפונען און ארויסגעשטופּט דאַווידאָוו אפן גאַנעק.

— ווו זיינען די שליסלען? מירן דיך דערהארגענען!

— בא אָסטראָוונאָוון, — האָט דאַווידאָוו געענטפערט און האָט זיך דערמאָנט דעם ווירטשאַפט־פאַרוואַלטער, וואָס איז געשטאַנען איג האַמויף בא די שפּייכלערס און מיט בייזער צופרידנקייט געשמייכלט.

— דו ליגסט! מיר האָבן שוין בא אים געפרעגט! ער האָט געזאָגט, אז בא דיר דאַרפן זיין די שליסלען!..

— בירגערנס! — דאַווידאָוו האָט מיט די פינגער אָנגערירט די שרעקלעכע געוואָרענע נאָז און שטיל א שמייכל געטאָן: — די שליס־לען ליגן אין דער פאַרוואַלטונג, אין מיין טיש, א פּאַקעט. איצט האָב איך זיך פּינקטלעך דערמאָנט.

— דו לאַכסט גאָר פון אונדז! — האָט א קוויטשע געטאָן יעקאַ־טערינע די פּריילעכע, וואָס איז אונטערגעקומען פון די שפּייכ־לערס.

— פירט אהין, וואָס קאָן דאָ זיין פאַר א געלעכטער? — דאַ־ווידאָוו איז אראָפּ פון גאַנעק. עס האָט אים געפּייניקט דער דאָרשט, און אים האָט געדריקט די מאַכטלאָזע צערייצטקייט. מע האָט אים געשלאָגן ניט איין מאָל, אָבער פרויען האָבן אים געשלאָגן דאָס ערשטע מאָל, און דערפון איז אים געווען עפּעס ניט היימלעך. „גאָר ניט אומפאַלן, אניט וועלן זיי ווילד ווערן — און ווער ווייסט — זיי קענען נאָך פאַרהוקען ביז טויט. אַט וועט עס זיין א גארישער טויט, א פאַקט!" — ער האָט געטראַכט און מיט האָפענונג אָנגעשטעלט די אויגן צום בערגל. אָבער אפן שליאך איז געווען שטיל און רויק, קיין שטויבעלע האָט זיך ניט גערירט, קיין פאַנאַנדערגעשאָטענע ריי־טער האָבן זיך דאָרט ניט געזען. לעדיק פון מענטשן איז געווען דאָס בערגל, וואָס האָט זיך געצויגן ביזן ווייטן קורגאַן אפן האָריזאָנט... פונקט אזוי וויסט־לעדיק זיינען געווען די גאַסן. אלע האָבן זיך צו־

נויפגעזאמלט לעבנ די שפּײַכלערס, פונ דאָרטנ האָט זיך געטראָגנ א פארשטיקטער גערויש פונ פילע שטימענ.

ביז מע איז דערגאנגענ צו דער פארוואלטונג, האָט מענ דאווידאָוונ צעשלאָגנ אזוי שטארק, אז ער האָט זיך קוים געהאלטנ אפ די פיס. ער האָט שוינ ניט געשפּאָסט, נאָר אלץ אָפטער זיך געשטרויכלט אפנ גלאטנ וועג, אלץ אָפטער זיך געכאפּט פארנ קאָפּ און, בלאס ווערנדיק, האָט ער פארשטיקט געבעטנ:

— מענטשנ! איר וועט האָב מיך דערהארגענענ... איבערנ קאָפּ דארפ מענ ניט... איך האָב ניט די שליסלענ! ביז נאכט וועל איך אײַך ארומפירנ, און די שליסלענ וועלנ זיך ניט געפינענ... איכל ניט אָפּגעבנ!..

— א-א־א, ביז נאכט?!.. — האָבנ געקרעכצט די צעווילדעוועטע ווײַבער און ווידער ווי פיאווקעס זיך אײַנגעזויגנ אינעם אָפּגעשוואכטנ דאווידאָוונ, געגראבלט, געשלאָגנ און אפילע געביסנ.

באם סאמע הויפ פונ דער קאָלווירט־פארוואלטונג האָט זיך דאווידאָוו געזעצט אפנ וועג. זײַנ פארוסינ־העמדל איז געווענ אינ בלוט. די קורצע שטאָטישע הויזנ (מיט פרענדזעלעכ פונ אונטנ, פונ אלטקײַט זײַנענ צעריסנ אפ די קני, פונעם צעקארדאשעטנ קאָלנער האָט ארויסגעקוקט זײַנ ברויגהויטיקע טאטווירטע ברוסט. ער האָט שווער סאָפּענדיק געאָטעמט און אויסגעזעענ נעבעכדיק.

גיי, הינ־טייש־שער זונ דו!.. — האָט געטיפּעט מיט די פיס די אלטע איגנאטענקאָווע.

— פאר אײַך דאָך, מענגוואָלימ!.. — האָט דאווידאָוו אומדערווארט הילכיק געזאָגט און זיך אומגעקוקט אינ אלע זײַטנ מיט די מאָדנע ליכטיק געוואָרענע אויגנ, — פאר אײַך דאָך טוענ מיר דאָס!.. און טאקע מיך דערהארגעט איר... אכ, מענגוואָלימ! איכל ניט געבנ די שליסלענ, איר פארשטייט, אז איכל ניט געבנ! נו?

— לאָזט אימ צורו!.. — האָט געשריענ א מיידל, וואָס איז צוגעלאָפנ. — די קאָזאקנ האָבנ די שלעסער אראָפּגעריסנ און טיילנ די טווּע.

די ווײַבער האָבנ איבערגעלאָזט דאווידאָוונ באם טויער פונ דער פארוואלטונג און זײַנענ אוועקגעלאָפנ צו די שפּײַכלערס.

א ריזיקע אָנגעשטרענגונג האָט ער געדארפט מאכנ אפ אויפהייבנ זיך, אָבער דאָך האָט ער זיך אופגעשטעלט, איז ארײַנ אינ הויפ, ארויסגעטראָגנ אפנ גאנעק א צעבער מיט ווארעמ געוואָרנ וואסער, לאנג געטרונקענ און דערנאָך גענומענ גיסנ דאָס וואסער אפנ קאָפּ. קרעכ-

צנדיק האָט ער אָפּגעוואשנ דאָס בלוט פונעמ פּאָנעמ אונ האלדז, זיכ אויסגעווישט מיט דער העקע, וואָס איז געהאנגענ אפּ דער פּאָרענטשע, אונ זיכ צוגעזעצט אפּנ שוועל.

אפּנ הויפ איז קיינ לעבעדיקע באשעפעניש ניט געווענ. ערגעצ האָט אומרויק געקוואטשקעט א הונ. אפּנ דאכ פונעמ טייבנשלאק האָט גע־טרילט, פארייסנ דאָס קעפּל, א טיפּ-בלויע לארכע. פונעמ סטעפּ האָט זיכ געהערט, ווי עס האָבנ געפּיפּט זיסלמייז. א ניט געדיכטער, טרע־פּארטיקער בייט פונ פיאָלעטע וואָלקנדלעכ האָט פארשטעלט די זונ, אָבער ניט געקוקט דערויפ איז אינדערלופטנ געשטאנענ אזא נוהנע שטיקעניש, אז אפילע די פייגעלעכ, וואָס האָבנ זיכ געבאָדנ אפּנ מיטנ הויפ אינ א קופּע איש, זיינענ געלעגנ אָמבאוועגלעכ, אויסגעצויגנ די העלדזלעכ אונ פונ צייט צו צייט אָפּגעשווינערט זייערע קליינינקע פּע־בערדיקע פליגעלעכ.

דאווידאָוו האָט דערהערט א טעמפּ, ווייכ טופּענ פונ פערדישע קאָפּיטעס אונ אופגעהויבנ דעמ קאָפּ: אינ טויער איז אינ פולנ געלאָפּ ארייגעפלויגנ א באזאָטלט לאנגהינטנדיק בולאנ פערד. ער האָט זיכ שארפ אויסגעקערעוועט, אופגעריבנ מיט די הינטערשטע פיס די ערד אונ מיט א כראפּ געמאכט א קרייז איבערנ הויפ, וואר־פנדיק פונ די ווינקלענ מויל אפּ דער הייסער ערד ווייסע אופגעברויזטע שטיקער שוימ. בא דער שטאל-טיר האָט עס זיכ אָפּגעשטעלט אונ בא־שמעקט די פּאָדלאָגע.

דאָס אויסגעפּוצטע, מיט זילבער באדעקטע צוימל איז אפּ אימ געווענ אָפּגעריסנ, די עקנ לייצעס האָבנ זיכ נאָכגעשלעפּט, דער זאָטל האָט זיכ פארוקט אזש ביזנ האלדז, אונ די געפּלאצטע ברוסט-רימענס זיינענ אראָפּגעהאנגענ ביז דער ערד אונ זיכ געפּלאָנטערט צווישנ די שווארצ-פיאָלעטע קאָפּיטעס. דאָס פערד האָט שווער געסאָפּעט, מיט די זייטנ אונ אופגעבלאָזנ די ראָזלעכע נאָזלעכער; אינ זיינ געגילדערטנ טישביק אונ אינ דער קאלטעגעוואטער גריווע זיינער האָבנ געשטעקט ברוינע פּאראיאריקע בערעלעכ.

דאווידאָוו האָט מיט פארוונדערונג געקוקט אפּנ פערד. אינ דער מינוט האָט צעצויגנ א סקריפּ געטאָנ די טיר פונעמ היי-שפּייכלער אונ עס האָט זיכ אינ דרויסנ ארויסגערוקט דעמ אלטנ שטשוקארס קאָפּ. אינ א ווײַלע ארומ איז ער אליינ ארויס, עפּענענדיק מיט דער גרעב־טער פאָרזיכטיקייט די טיר אונ צעשראָקנ זיכ אומקוקנדיק אינ אלע זייטנ.

צעפוילט היו האט געדיכט באדעקט שטשוקארס אויסגעווייקט אינ שווייס, נאס העמדל. אינ זײַנ קאָלטענעוואטנ בערדל האָבנ געשטעקט קוועקגראָז-קעפּלעכ, אויסגעטריקנטע גרעזעלעכ אונ בלעטלעכ אונ געלער פּודער פונ באָב-געוויקסנ. דעמ אלטנ שטשוקארס פּאָנעמ איז געווענ ווײַנשל-רויט, גרעגעצלאָזער שרעק איז געלעגנ אפּ אימ. איבער די שלייפנ, איבער דער באָרד אונ באקנ איז גערונענ שווייס...

— כאווער דאווידאָוו! — האָט ער מיט בעטנדיק פּליסטערנ גענומענ ריידנ אונ איז אפּ די שפּיצ פינגער צוגעגאנגענ צומ גאנעק. — באהאלט זיכ, אומ גאָטס ווילנ! אז מע האָט אונדז שוינ גענומענ גראָמירנ, הייסט עס, אז עס האלט שוינ בא א טויט-מאָרד. אָט האָבנ זיי אײַכ צעמיימעסט — דאָס פּאָנעמ ניט צו דערקענענ! איכ האָב זיכ געראטעוועט אינעמ היי... א דערשטיקעניש דאָרטנ — ניט אויסצוהאלטנ, אינגאנצנ באגאָסנ זיכ מיט שווייס, אָבער דערפאר איז זיכערער פאר דער נעשאָמע, ערנוואָרט! לאָמיר א ווײַלע אָפּווארטנ די מעהומע אונ מירנ זיכ צוזאמענ באהאלטנ, הא? אליינ איז עפּעס שרעקלעכ צו זײַנ דאָרטנ... נו, וואָס פאר אנ אינטערעס פאר אונדז צו שטארבנ, צוליב וואָס — אומבאוווסט. הערט נאָר ווי די ווײַבערווישנ, ווי די בינענ! א געשוויר זיי אינ מויל! זיי האָבנ, ווײַזט אויס, אויכ באגולנאָוונ אָפּגעפּאטערט. דאָס איז האָב זײַנ פּערד געקומענ צו לויפנ... אפּ דעמ-אָ מאשטאקל איז ער הײַנט אינ דער סטאניצע געלאָפּנ. איבערפרי האָט ער זיכ נאָכ נעשטרויכלט אפּ אימ אינ טויער, אונ איכ האָב אימ נאָכ דעמלט געזאָגט: „קער זיכ אומ צוריק, מאקאר, א צו שלעכטער סימענ!“ אָבער ער וועט דענ אמאָל פאָלגנ א ווייסנדיקנ מענטשנ? אינ לעבנ ניט! ער פארלאָזט זיכ אלצ אפּ זײַנ האָגער, אָט האָט מענ אימ דערהארגעט. אָבער ווענ ער וואָלט זיכ אומגעקערט צוריק, וואָלט ער ווי א מענדימ זיכ געקאָנט אויסבאהאלטנ.

— איז, עפּשער, איז ער איצט אינ דער היימ? — האָט ניט אנטשלאָסנ דאווידאָוו געפרעגט.

— אינ — דער — היימ? אונ פארוואָס איז דאָס פערד א לײַדיקס געקומענ צו לויפנ אונ כראָפּעט, ווי עס וואָלט דערשפּירט א טויטע זאכ, די דאָזיקע סימאָגימ זײַנענ מיר זייער גוט באקאנט! א קלאָרע זאכ, ער האָט זיכ צוריקגעקערט פונ האיאָנ אונ זעט, אז פונ די שפּײַכלערס רויבט מענ דאָס ברויט, נו, האָט ער געזאָגט אנטקעגנ, זײַנ הייס הארצ האָט ניט אויסגעהאלטנ, נו, האָבנ זיי דערהארגעט דעמ מענטשנ!

דאווידאָוו האָט געשוויגן. פון די שפּייַכלערס האָט זיך ווי פּריִער געטראָגן א געשריי, א פּולשטימיקע ריידערייַ. עס האָט זיך געהערט דאָס סקריפּען פון אַרבן און דאָס טאַטאַקנדיקע קלאַפּן פון טרישקע־רעדער. „מע פירט אוועק די טווּע — האָט דאַווידאָוו געטראַכט. — און ווירקלעך, וואָס איז מיט מאַקאַרן? שוין זשע האָט מען אים דער־האַרגעט? איך'ל גיין!" — ער האָט זיך אופגעהויבן.

דער אַלטער שטשוקאַר, מיינענדיק, אַז דאַווידאָוו האָט באַשלאָסן זיך באַהאַלטן צוזאַמען מיט אים אין עם היי, איז אופגעלעבט געוואָרן.

— קומט, קומט אוועק פון זינד! אַניט וועט נאָך דער טייַוול עמעצן אהער אָנטראָגן, זיי וועלן אונדז דערזען און מע וועט פון אונדז מאַכן א טעל. דאָס קענען זיי אין איין סעקונדע אָפּטאָן! אפּן היי איז דאַפקע זייער גוט. דער גערוך פונעם היי איז א גרינגער, א פריילעכער, איך וואָלט דאָרט א כוידעש אָפּגעלעגן, ווען ס'וואָלט גע־ווען וואָס צו פּיקן. גאָר אָט דער באָק האָט מיר דערעסן... איך וואָלט אים, דעם שעדיקער, דערהאַרגעט אפּ טויט! איך האָב דערהערט, אַז די ווייַבער גראַמירן דעם קאָלווירט און מע שלאָגט אייַך פאַרן ברויט: „נו, — טראַכט איך זיך, — ביסט פאַרפאַלן, שטשוקאַר, פאַר א שמעק טאַבעק!" וואָרעם די ווייַבער ווייסן אַלע ביז איינער, אַז נאָר איך מיט אייַך, כאַוועך דאַווידאָוו, זייַנען פונעם טאָג פון דער רעוואָליוציע אפּ דער פּלאַטפאָרמע און אַז מיר האָבן דאָס באַשאַפן אין גרעמיאַטשי דעם קאָלווירט און טיטאָקן אָנטבאַלעגופּעיועט. איז וועמען דאַרפן זיי פריִער פאַר אַלעמען אוועקהאַרגענען? — א קלאָרע זאַך — מיך מיט אייַך! שלעכטע געשעפטן אונדזערע, — טראַכט איך זיך, — מע דאַרף זיך באַהאַלטן, אַניט וועלן זיי דאַווידאָוון דערהאַרגענען און וועלן זיך נעמען פאַר מיר, איז ווער־זשע וועט דעמלט וועגן כאַוועך דאַווי־דאָווס טויט דעם אויספאָרשער דערציילן?" אין איין סעקונדע בין איך פאַרקראָכן אין היי, זיך פאַרגראָבן אין אים מיטן קאָפּ, איך ליג און אפילע הויך צו אָטעמען האָב איך מוירע. און אָט הער איך, עמעצער קריכט אפּן היי, איבער מיר. ער קריכט און ניסט, נאַטו־ראַלנע פון שטויב. „מאַמינקע טייַערע! — טראַכט איך, — ניט אַנ־דערש, אַז מיך זוכט מען, ניט אַנדערש, אַז מע קריכט נאָך מייַן נע־שאָמע". און דאָס קריכט אַלץ און קריכט, און אָט טרעט עס שוין אָן אפּ מייַן בויך... איך ליג! פון שרעק צעשיידט זיך בא מיר די נעשאָמע מיטן קערפּער, און איך ליג, ווי אין געהאַקטע ווונדן, דער־פאַר, ווייַל איך האָב שוין ניט וווהין צו לויפן! און אָט טרעט עס

מיר אָנ גלײַכ אפ דער מאָרדע. איכ גיב מיט דער האנט א כאפּ — א קאפּיטע אונ אינגאנצנ באדעקט מיט א פעל! די האָר האָבנ זיכ מיר געשטעלט קאפּויר, אונ די הויט האָט אזש אָנגעהויבנ אָפּשטײַנ פונ קערפּער... איכ קאָנ בעשומויפנ ניט אָפּכאפּנ דעם אָטעמ פונ שרעק! וואָס האָב איכ געמײנט, ווענ איכ האָב אָנגעטאפּט א קאָפּיטע מיט פעל? א טײַוול! טראכט איכ. אינ הײ־שפּײַכלער איז א שרעקלעכע פּינצטערניש. אונ אלע אומרײנע האָבנ ליב פינצטערניש. „הײטש עס, — טראכט איכ, — באלד וועט ער מיכ נעמענ קיצלענ אונ שנעלנ ביז טויט... שוינ בעסער וואָלטנ מיכ די ווײַבער צעמיימעסט". יאָ־אָ־אָ, זיכ אָנגעשראָקנ אָנ א שיר! וואָלט אפ מײַנ אָרט געווענ אנ אנדערער, א שרעקעוודיקער, וואָלט ער אינ אײנ סעקונדע געווענ א געפּאטערטער, דאָס הארצ אונ די אינגעווײדנ וואָלטנ אימ געפּלאצט. פונ גיכער שרעק פּלאצט עס אלעמאָל. מיר איז נאָר א ביסעלע קאלט געוואָרנ. אונ אלײנ ליג איכ. אונ אָט פיל איכ, אז עס שטינקט שטארק דער רײעכ פונ א באָק... איז מיר אײַנגעפאלנ, אז טיטאָק דעמ אנטבאלעגופּעוועטנס באָק לעבט דאָ אינעמ הײ־שפּײַכלער, גאָר אינגאנצנ פארגעסנ אָנ אימ, דעמ פארשאָלטענעמ! האָב איכ ארויסגעקוקט, אונ ס'איז טאקע ער, טיטאָקס באָק, קריכט עס איבערנ הײ, זוכט שאלפּײ אונ זוכט גרעזלעכ... נו, דאָ בינ איכ שוינ אוואדע אופגעשטאנענ אונ גענומענ אימ מיימעסנ. האָב איכ אימ, דעמ טײַערינקנ, ארײַנגעלײגט, אי פאר דער באָרד אי פאר אלצ! „קריכ ניט, בערדיקער טײַוול, אפנ הײ, ווענ אינ כוטער גײט א בונט! דרײ זיכ ניט ארומ, שטינקעדיקער טײַוול!" איכ בינ אזוי אינ קאס געוואָרנ, אז איכ האָב אימ דאָרטנ געוואָלט מאכנ דעמ טויט דערפאר, וואָס כאָטש ער איז א באשעפעניש, אָבער ער דארפ פארשטײנ, ווענ מענ קאָנ גלאט אזוי אפנ הײ זיכ קאָמאנדירעווענ אונ ווענ מע דארפ שטילינקערהײט זיכ באהאלטנ אונ זיצנ... וווהינ גײט איר עס, כאווער דאוויהאָוו?

דאוויהאָוו האָט אימ ניט געענטפערט, איז פארבײַ דעמ הײ־שפּײַכלער אונ איז אוועק צומ טויער.

— וווהינ גײט איר?.. — האָט דערשראָקנ געמורמלט דער אלטער שטשוקאר.

ארויסקוקנדיק דורכ דעמ האלב אָפענעמ פערטל, האָט ער דערזענ, ווי דאוויהאָוו, פונקט ווי דער שנײַהנדיקער ווינט וואָלט אימ אונטערגעשטופּט אינ רוקנ, גײט אינ דער ריכטונג צו די געזעלשאפטלעכע שפּײַכלערס מיט ניט קײנ זיכערנ, אָבער שנעלנ טראָט.

## קאַפּיטל 34

אָנ א זײַט פונעמ וועג שטייט דער קיִווער־בערג. אפ זײַנ פונ ווינטנ געלעקטנ שפּיצ שאַרכנ אומעטיק די נאַקעטע צווײַגנ פונ באַחאַריקנ קאַטראַנ אונ בעבלעכ, כמורנע בייגנ זיכ צו דער ערד די ברוינע צעפּ פונעמ דיסטל, אפ די שיפּועס פונעמ בערג, פונ אויבנ ביז אַראָפּ שפּרייטנ זיכ בינטלעכ געל פּוסקע פערערגראָז.* אומהימלעכ טונקעלע, אָפּגעבליאַקעוועטע פונ זונ אונ געוויטער, פאַרשפּרייטנ זיי איבערנ אויסגעקאַלטנ אויסגעלופּטערטנ באָדנ זייערע פערעמעדיקע שטעקעלעכ. אפילע פרילינג, אינעמ טריומפירנדיקנ געבלי פונ פאַרשיידענע גראָזנ, זענענ זיי אויס 'זקיינישפאַרמערט, אָפּגעלעבט, אונ בלויז ערעוו האַרבסט גלאַנצנ זיי אונ שימערנ מיט שטאָלציער צוגעפרוירענער ווײַסקײַט. אונ ערשט בלויז אינ האַרבסט־צײַט דאַכט זיכ, אַז דער גרויסאַרטיק־געשטעלטער בערג, אײַנגאַנצנ א באַקליידטער אינ א זילבערנעמ שײַנ־פאַנצער באַוואַכט דעמ סטעפּ.

זומער, אינ די פאַרנאַכטנ, פליט אָנ אפ זײַנ שפּיצ פונ אונטער די וואָלקנס א סטעפּ־אָדלער. רוישנדיק מיט די פליגלענ, פאַלט ער אפנ בערג, אומגעלומפּערט גיט ער א שטעל איינ טראָט, א צווייטנ, אונ נעמט זיכ רייניקנ מיטנ אויסגעבויגענעמ שנאָבל דעמ ברוינעמ פעכער פונ זײַנ אויסגעצויגענעמ פליגל, דעמ בויכ מיט די פאַרזשאַווערטע פעדערנ אונ דערנאָכ בלײַבט ער שטיינ פאַרגליווערט אינ דרעמל. פאַרוואָרפנ דעמ קאָפּ, אָנגעשפּיצט מיט זײַנ שוואַרצ־באַרעמלטנ בורשטיינ־געלנ אויג צומ שטענדיק בלויענ הימל. ווי א זעלטענער שטיינ איז דער געל־ברוינער אומבאַוועגלעכער אָדלער, וואָס רוט זיכ אָפּ פאַר זײַנ אָוונט־פאַנג. אונ ווידער גיט ער זיכ לײַכט א ריס אָפּ פונ דער ערד אונ פליט אופ. ביז זונ־אונטערגאַנג וועט נאָכ ניט איינ מאָל דער גרויער שאָטנ פונ זײַנע קיניגלעכע פליגלענ איבערשטרײַכנ דעמ סטעפּ.

וואָהינ וועלנ אימ די שנײַדנדיקע האַרבסט־ווינטנ פאַרטראָגנ? אינ די בלויע פאָדערבערג פונ קאַווקאַז? צי אינ מאָנגאָלער סטעפּ? אינ פערסיע? צי אינ אַפגאַניסטאַנ?

אָבער ווינטער, ווענ דער קיווער־בערג איז אײַנגעהילט אינ א האַרמלנעמ שניי־מאַנטל, איז יעדנ טאָג, אינ באַגינענדיקנ העל־

* קאָוויל—רעד.

בלוי־גרויענ טונקל, גייט ארויס אפ זײַנ שפּיצ אנ אלטער טינקל־גרוי־
לעכער פוקס. ער שטייט לאנג, פארשטיינערט, פונקט ווי אויסגעהאקט
פונ געל־פלאמיקנ קאראראער מירמל: ער שטייט, אראָפּגעלאָזט אפנ
פיאָלעטנ שניי דעמ געלנ פוכקנ עק, אויסגעצויגנ אקעגנ דעמ ווינט
די פארשארפטע מאָרדע מיט א רויכיקער שווארצקײַט באמ פּיסק. אינ
אָט דעמ מאָמענט לעבט נאָכ זײַנ אגאַטנפײַכטע נאָז אינ דער מעכטי־
קער וועלט פונ צונויפגעגאָסענע רייכעס, דאָרשטיק פאנגענדיק מיט
זײַנע צעעפנטע, ציטערנדיקע נאָזלעכער אי דעמ זיסנ אלצ פארשליג־
גענדיקנ רייעכ פונעמ שניי אי די אויסגעלופטערטע ביטערקײַט פונעמ
פונ פראָסט דערשלאָגענעמ קאָטראַנ אי דעמ פרייערדיקנ הייגערוכ פונעמ
פערד־מיסט פונעמ נאָענטנ שליאַכ אי דעמ אויסערגעוויינלעכ רעגנ־
דיקנ, קוימ פילבארנ אראָמאַט פונעמ קוראָפּאַטקעס־געזינדל, וואָס
האָט זיכ פארוקט ערגעצ אפ דער ווײַטער ווילדגראָז־מעזשע.

אינעמ רייעכ פונ די קוראָפּאַטקעס זײַנענ פאראנ אזויפיל פעסט־
צונויפגעפלאָכטענע שאטירונגענ, אז דער פוקס דארפ, קעדיי אָנצו־
זעטיקנ זײַנ גערוכ, אראָפּגיינ פונעמ בארג אונ דורכשווימענ א קלאָפּ־
טער פּופּציק, ניט ארויסנעמענדיק זײַנע פיס פונעמ שטערנפינקלענדיקנ
שניי, שלעפנדיק דאָס באדעקטע מיט אײַז־ליכטלעכ קימאט וואָגלאָזע
בײַכעלע איבער די שפּיצנ בוריאַנ. אונ בלויז דאַנ שטראָמט ארײַנ
אינ זײַנע פליגלדיקע שווארצע נאָזלעכער דער בריִענדיקער שמעקעדי־
קער רייעכ־שטראָמ: די טערפּקע זויערקײַט פונ פרישנ פויגל־מיסט אינ
דער טאָפּלטער רייעכ פונ פעדערנ. די פײַכטע פונעמ שניי פעדערנ,
באריירט פונעמ גראָז, שטראָמענ ארויס פונ זיכ די פונעמ גראָז באקו־
מענע קאָטראַנ־ביטערקײַט אונ א צוגעפעפערט רייעכל פונ ווער־
מוט. דאָס איז פונ אויבנ. אונ פונ די בלויע פענקעס, וואָס זיצנ
ביז העלפט אינעמ פּליוש, ציט זיכ דער גערוכ פונ ווארעמענ, געזאַל־
צענעמ בלוט...

....די פארהארטעוועטע, אָנגעשאָטענע ערד פונעמ בארג שלײַפנ
די הייסע ווינטנ, ברענטנ אינ די באָטאָגיקע זונ, צעשווענקענ די שלאקס־
רעגנס, רײַסנ קנאקעדיקע פרעסט. אָבער דער בארג הערשט אלצ אזוי
זיכער איבערנ סטעפּ, ווי מיט א האלב טויזנט יאָר צוריק, ווענ ער איז
אנטשטאנענ אפנ קייווער פונעמ דערהארגעטנ אונ מיט שלאכט־ערדע
באגראָבענעמ פּאָלאָווצעס־פירשט, ווענ ער איז אָנגעשאָטנ געוואָרנ
פונ די ברוינ־הויטיקע, מיט בראסלעטנ באפּוצטע הענט פונ זײַנע
ווײַבער, פונ די הענט פונ זײַנע זעלנער, קרויווים אונ קנעכט....

 684—23

דער באַרג שטייט אַפנ ערדיקאָמ אַכט ווערסט ווײַט פינ גרעמיאַ-טשי לאָג. פונ פאַרציטנס נאָכ רופנ איומ די קאַזאַקנ „טויטער באַרג″, אונ די לעגענדע דערקלערט, אַז אונטער איומ איז אַמאָל אינ אוראַלט געשטאַנענ א פאַרוואָרעטער קאַזאַק, עפשער טאַקע דער זעלבער, וועגנ וועמענ עס ווערט געזונגענ אינעמ אוראַלטנ ליד:

...אליינ פײַער אויסגעהאַקט מיט שווערד דעמ שאַרפנ,
צעלייגט, צעבלאָזנ מיט גראָזנ-גרעזעלעכ,
געוואָרעמט, געזאָדנ דאָס וואַסער קוואַליקע,
באַגאָסנ, באַוואַשנ די וווּנדנ טויטלעכע:
„וווּנדנ, מײַנע וווּנדנ, אָפגעטריפט מיט זודיק בלוט,
ווי שווער, ווי שווער אַפ מוטיק האַרצ איר דריקט!“

...א ווערסט צוואַנציק פונ דער סטאַניצע איז נאַגולנאָוו געריטנ גאַלאָפ אונ אָפגעשטעלט זײַנ בולאַנעמ מאַשטאַק ערשט באַמ טויטנ באַרג. ער איז אַראָפ פונעמ פערד אונ מיט דער דלאָניע אָפגעווישט פונעמ פערד-האַלדז דעמ שוימ-זייפ.

אַנ אומגעוויינלעכע וואַרעמקײַט האָט זיכ צעגאָסנ, וועדליק ווי פאַר אָנהייב פרילינג. די זונ האָט געבראָטנ די ערד ווי אינ מײַ. איבערנ זיכ כוואַליעדיקנ האָריזאָנט-קרײַז האָט געפלאָסנ א רויכיקע שײַנ. פונ דער ווײַטער סטעפ-סאַזשלקע האָט דער ווינט געטראָגנ א גענדז-גראַגערײַ, א פאַרשיידנשטימיק קאַרקענ פונ ענטלעכ אונ דעמ קלאָגע-דיקנ געשריי פונ די שנעפנ.

טאַקאָר האָט געלאָזנ פרײַ דאָס פערד, צוגעבונדנ דעמ רימענ פונ צײַמל צו זײַנ רעכטנ פוס אונ אָפגעשוואַכט די בויכ-רימענס. דאָס פערד האָט זיכ זשעדנע א צי געטאָנ צומ יונגנ גראָז, פאַרײנס אָפ-רײַסנדיק די אָפגעבערנטע בעזעמלעכ פונ פאַראַיאָריקנ קוועק גראָז.

איבערנ באַרג האָט מיט א געהילכטנ אונ הריבנעמ פײַפ זיכ אַרי-בערגעטראָגנ א כאָפטע ווילדע ענטלעכ. זיי האָבנ זיכ אַראָפגעלאָזט איבער דער סאַזשלקע. מאַקאַר האָט אָנ געדאַנקענ נאָכגעפאָלגט נאָכ זייער פליִענ, געזענ, ווי די ווילדע ענטלעכ זײַנענ ווי שטיינער געפאַלנ אינ סאַזשלקע, ווי עס האָט אופגעזאָדנ דאָס וואַסער, וואָס זיי האָבנ אופגעשניטנ באַמ מיטנ אָטשערעט באַוואַקסענעמ אינדזעלע. פונ דער דאַמבע האָט זיכ באַלד אופגעהויבנ א סטאַניצע באַמרויִקטע ריגל-גענדז.

דער סטעפ איז געווענ טויט, אָנ מענטשנ. מאַקאַר איז לאַנג גע-

לעגנ צופוסנס דעמ בארג. אינ אָנהייב האָט ער געהערט, ווי דערנעבנ האָט געפּאָרשקעט דאָס פערד און איבערגעשטעלט זײַנע פיס, קלינגענ־דיק מיטנ צוימ, דערנאָכ איז דאָס פערד אראָפּ אינ טאָל, ווו עס איז געווענ מער גראָזנ־געוויקס, און ארומ איז געוואָרנ אזא שטילקייט, ווי עס טרעפט בלויז שפּעט אינ הארבסט אינעמ פארוואָרפענעמ אָפּגע־ארבעטנ סטעפּ.

„איכ׳ל קומענ אהיימ, וועל זיכ געזעגענענ מיט אנדרייענ און דאווידאָווונ, כ׳וועל אָנטאָנ דעמ שינעל, אינ וועלכנ איכ בינ געקומענ פונעמ פּוילישנ פראָנט, און כ׳וועל זיכ דערשיסנ. מער האָב איכ ניט מיטנ לעבנ קיינ צובונד! און די רעוואָליוציע וועט דערפונ ניט לײַדנ. ווייניק מענטשנ גייענ מיט איר? מיט איינעמ ווייניקער, מיט איינעמ מער... — האָט גלײַכגילטיק, פונקט ווי וועגנ עמעצנ א זײַטיקנ, מאקאר געטראכט, ליגנדיק אפנ בויכ, נאָענט באטראכטנדיק די צונויפגעפּלאָנ־טערטע פעדערגראָזפּעדעמ: — דאווידאָוו וועט, מיסטאמע, ריידנ אפ מײַנ קייווער: „כאָטש נאגולנאָווונ האָט מענ פונ דער פּארטיי אויס־געשלאָסנ, אָבער ער איז געווענ א גוטער קאָמוניסט. זײַנ זעלבסטמאָרד באגוטיקנ מיר ניט, א פאקט, אָבער די זאכ, פאר וואָס ער האָט גע־קעמפט קעגנ דער אלוועלטלעכער קאָנטררעוואָליוציע, וועלנ מיר דער־פירנ ביזנ סאָפ". — און מיט אומגעווײנלעכער דײַטלעכקייט האָט זיכ מאקאר פאָרגעשטעלט, ווי דער צופרידענער שמייכלענדיקער באניק וועט ארומגייענ צווישנ אוילעמ, גלעטנדיק זײַנע ווײַסלעכע וואָנצעס, און ריידנ: „איינער האָט זיכ געפּאקט, נו, איז א דאנק גאָט! א הונט קומט א הינטישער טויט!"

— איז דאָכ טאקע נייִנ, שלאנגענ־בלוט! וועל איכ זיכ טאקע ניט דערשיסנ! איכ וועל אײַכ און ענלעכע צו אײַכ דערפירנ ביזנ פינטל!— האָט קריצנדיק די ציינער אפנ קאָל מאקאר געזאָגט און איז אופגע־שפּרונגענ אפ די פיס, פונקט ווי אנ אָפּגעבריטער. דער געדאנק וועגנ באניקנ האָט אומגעוואָרפנ זײַנ באשלוס, און ער האָט שוינ, זוכנדיק מיט די אויגנ דאָס פערד, געטראכט: „ס׳הייבט זיכ ניט אָנ! אפריער וועל איכ אײַכ אלעמענ באגראָבנ, און דערנאָכ שוינ וועל איכ אוועק! טריומפירנ איבער מײַנ טויט וועט אײַכ ניט אויסקומענ! אינ קאָרטש־זשינסקי, וואָס־זשע, זײַנ וואָרט איז עס דאָס לעצטע, וואָס? מיר וועלנ פארזייענ — וועל איכ אוועק אינ קרײַזקאָמ. מע וועט מיכ אופשטעלנ! אינ קאנט וועל איכ פאָרנ, אינ מאָסקווע!.. און אויב ניט, וועל איכ ווי אנ אומפּארטייִשער קעמפנ קעגנ די שלאנגענ!

מיט ליכטיק געוואָרענע אויגנ האָט ער באַקוקט די אַרומיקע וועלט. אים האָט זיכ שוינ געדוכט, אַז זײַנ לאַגע איז גאָרניט אַזאַ האָפּענונגלאָזע און פאַרפאַלענע, ווי אים האָט זיכ געדוכט מיט עטלעכע שאָ צוריק.

ער איז געשווינד אַוועק אינ טאָל נאָכנ פערד. אויפגערודערט פונ זײַנע טריט, האָט זיכ פונעם ווילדגראָז אויפגעהויבנ אַנ אָפּגעצײַקלטע וועלפּיכע. אַ רעגע איז זי געשטאַנענ, אָנגעבויגנ דעמ שטערנדיקנ קאָפּ און באַטראַכט דעמ מענטשנ, דערנאָכ האָט זי פאַרבויגנ די אויערנ, אונטערגעבויגנ דעמ עק און איז אַוועקגעלאָפנ אינ איר באַהעלטעניש. אירע שוואַרצע אַראָפּהענגענדיקע נאָפּלענ האָבנ שלאַבעריק זיכ געבאָמבלט אונטערנ אײַנגעפאַלענעמ בויכ.

ווי נאָר מאַקאַר האָט גענומענ צוגיינ צומ פערד, האָט יענער האַסטיק אַ ריס געטאָנ מיטנ קאָפּ. דער רימענ, וואָס איז געווענ צוגעבונדנ צומ פוס, האָט געפּלאַצט.

— טררר! וואַסקע! טררר, שטיי, — האָט מאַקאַר אים שטיל אײַנגענומענ, פּרוּוונדיק פונ הינטנ צוגיינ צומ צעיושעטנ מאַשטאַק און אָנכאַפּנ אים פאַר דער גריווע אָדער סטרעמענע.

שאָקלענדיק מיטנ קאָפּ, האָט דער בולאַנער אַלץ שנעלער געשפּאַנט, און פונ דער זײַט געקוקט אויפנ רײַטער. מאַקאַר האָט גענומענ לויפנ, אָבער דאָס פערד האָט זיכ ניט געלאָזט, האָט זיכ צעבריקעט און איז אַוועק אַריבער דעמ שליאַכ אינ דער ריכטונג צומ כוטער אינ שנעלנ, הילכיקנ געלאָפּ.

מאַקאַר האָט זיכ אויסגעזידלט און איז אַוועקגעלאָפנ נאָכ אים. אַ ווערסט דרײַ האָט ער געשפּאַנט אָנ וועג, גייענדיק צו דער פּריערד, וואָס האָט זיכ געזענ לעבנ דעמ כוטער. פונ דער טאָלאָקע האָבנ זיכ אַ הייב געטאָנ האַלקעס און געפּאָרטע קוראָפּאַטקעס, פונוויטנ אָפּ דער זײַט פונ דער באַלקע איז אַרומגעגאַנגענ אַ דראַכווע * און געהיט די רו פונ זײַנ „זי“. געפאַנגענ פונ דער אומבאַקעמפּלעכער שטרעבונג צונויפפאָרנ זיכ, האָט ער זײַנ קורצנ געלנ עק מיט ווײַס־פאַרזשאַווערטע פלעקנ צעשפּרייט, ווי אַ פעכער, פאַנאַנדערגעבלאָזנ די פליגלענ, שטרײַכנדיק מיט זיי די טרוקענע ערד, פאַרלאָרנ פעדערנ, באַדעקטע באַ די וואָרצלענ מיט ראָזע פוכ...

אַ גרויסע, פּרוכטבאַרע אַרבעט האָט זיכ געטאָנ אינעמ סטעפּ:

---

* דוראַק—ר ע ד.

שטורמיש האָבנ געוואַקסנ די גראָזנ און זײַנענ אויפגעשטאַנענ די פויגלענ און כײַעס, בלויז די אַקער־פעלדער, פאַרלאָזטע פונעמ מענטשנ, האָבנ שטומ געשפּרייט צומ הימל זייערע זיך דעמפּנדיקע, ניט פאַרזייטע פּאַסנ...

מאַקאַר האָט ווילד און בייז געשפּאַנט איבער דער אויסגעטריקנטער הרודיקער פריר־ערד. ער פלעגט זיך שנעל אָנבייגנ, כאַפּנ און צערײַבנ אינ די הענט די ערד. דער שוואַרצערדיקער שטויב, מיט ברעכיקע צווײַגלעכ פונ געטויטע גראָזנ, איז געווענ טרוקנ און הייס. די פריר־ערד איז איבערגעשטאַנענ! עס האָט זיך געפּאָדערט, ניט געזאַמט קיינ איינ שאָ, לאָזנ איבער דער פאַרהאַרטעוועטער הרודיקער ערד באָראָנעס אינ דרײַ—פיר שפּורנ, צעקאַמענ מיט די אײַזערנע ציינ דעמ צוגעלעגענעמ באָדנ, און ערשט דערנאָכ יאָגנ איבער די פּוכקע פורכעס די זייעלקעס, קעדיי עס זאָלנ טיפער פאַלנ די גאָלדענע ווייץ־קערנער.

„פאַרשפּעטיקט! מיר ברענגענ אומ די ערד! — האָט מאַקאַר גע־טראַכט, באַקוקנדיק מיט אַ גאַנגנדיקנ ראָסמאַנעס די שוואַרצע, שרעקלעכע אינ זייער נאַקעטקייט, ניט באַאַרבעטע פעלדער. אַ טאָג צוויי — און פאַרפאַלנ די פריר־ערד. די ערד איז האָב, ווי אַ שקאַפּע: איז הער פלום בא איר — האַרפּ מענ צווײַלנ מיטנ באַלויפנ, — אָבער אַז די צײַט גייט פאַרבײַ — וועט זי ניט וועלנ אָנקוקנ דעמ אָגער. אַזוי איז אויכ הער מענטש פאַר דער ערד... אַלצ, אויסער אונדז — מענטשנ — איז ריינ אינ די האָזיקע זאַכנ; אי כײַעס פאַרשיידענע אי ביימער אי די ערד ווייסנ זייער צײַט, ווענ זיי דאַרפנ באַפרוכפּערט ווערנ, נאָר מענטשנ... — נאָר מיר... — זײַנענ ערגער און שמוציקער פונ דער סאַמע פּאַסקודנער באַשעפעניש! אָט באָרנ זיי ניט זייענ איבער דעמ, וואָס דער אייגנטימער האָט זיך אינ זיי קאַפּויר געשטעלט... פאַרשאָלטענע! אָט קומ איכ און גיב אַ יאָג אַרויס אַלעמענ אינ פעלד אַרײַנ! אַלעמענ ביז איינעמ!" — ער האָט אַלצ פאַרשטעלערט זײַנע טריט, ערטערווײַז געגומענ לויפנ. פונ אונ־טער זײַנ היטל האָט געראָנענ דער שווייס, דאָס העמדל אויפנ רוקנ איז טונקל געוואָרנ, די ליפּנ — טרוקנ, און אויפ די באַקנ איז אַלצ העלער אַרויסגעטראָטנ אַנ אומגעזונטע פלעק־רויטקײַט...

# קאַפּיטל 35

ער איז געקומענ אינ כוטער, ווענ האָס טיילנ זיכ מיט דער זריע־טווע איז געווענ אינ פולנ ברענ. ליובישקינ מיט זײַנ בריגאַדע איז נאָכ אַלצ געווענ אינ פעלד. בא די שפּײַכלערס איז געווענ א דערשטי־קעניש. אינ אײַלעניש האָט מענ געוואָרפנ אפ די וואָג־שאָלנ זעק מיט טווע, אָנ אופהער פלעגנ צופאָרנ פורנ, קאַזאַקנ אונ ווײַבער האָבנ געשלעפּט טווע אינ רעדנעס, אינ זעק, אינ פאַרהאַנגענ. צעשאָטענע קערנער האָבנ געדיכט באַדעקט די ערד אונ די שפּײַכלער־טרעפּלעכ...

נאַגולנאָוו האָט באַלד פאַרשטאַנענ, וואָס דאָ טוט זיכ. ער האָט פאַנאַנדערגעשטופּט די כוטעריאַנער אונ זיכ דורכגעשלאָגנ צו דער וואָג.

געווויגנ אונ אַרויסגעגעבנ ברויט האָט דער געוועזענער קאָלווירט־ניק באַטאַלשטשיקאָוו איוואַנ, אימ האָט געהאָלפנ דער פאַרדריפּעטער אָפּאַלאָנ פּיסקאָוואַטסקאָוו. ניט דאַווידאָוו, ניט ראַזמיאָטנאָוו, ניט קיינ איינער פונ די בריגאַדירנ איז ניט געווענ לעבנ די שפּײַכלערס. בלויז אפ איינ סעקונדע האָט אינעמ האַמוינ א שווינדל געטאָנ דאָס פאַרלוירענע פּאָנעמ פונעמ ווירטשאַפט־פאַרוואַלטער יאַקאָוו לוקיטש, אָבער אויכ ער איז פאַרשוווּנדנ ערגעצ הינטער די פעסט־צונויפגע־שטעלטע אַרבנ.

— ווער האָט עס דערלויבט צונעמענ די טווע? — האָט מאַ־קאַר אויסגעשריגנ, אָפּגעשטופּט באַטאַלשטשיקאָוונ אונ זיכ געשטעלט אפ דער וואָג.

דער אוילעמ האָט געשוויגנ.

— ווער האָט דיר באַפולמעכטיקט ווענגנ האָס ברויט? — האָט מאַקאַר, ניט פאַרקלענערנדיק די שטימ, געפרעגט בא באַטאַלשטשי־קאָוונ.

— די געמיינדע...

— ווו איז דאַווידאָוו?

— איכ בינ נאָכ אימ ניט נאָכגעגאַנגענ!

— די פאַרוואַלטונג ווו איז? די פאַרוואַלטונג האָט דערלויבט?..

דעמיד דער שווײַגער, וואָס איז געשטאַנענ לעבנ דער וואָג, האָט א שמייכל געטאָנ אונ מיטנ אַרבל אויסגעווישט דעמ שווייס. זײַנ דו־נערדיקער באַס האָט געקלונגענ זיכער אונ טמימעסדיק.

— מיר אַליינ, אָנ דער פאַרוואַלטונג, האָבנ דערלויבט. מיר נעמענ אַליינ!

— אַלײנ?... אַזױ נאָר?! — מיט צװײ שפּרונגענ איז נאַגולנאָװ שױנ געװענ אפנ שװעל פונעמ שפּײַכלער, מיט א זעצ פונעמ פױסט האָט ער אַראָפּגעקלאַפּט דעמ יונג, װאָס איז געשטאַנענ אפנ שװעלכל, שטאַרק פאַרהאַקט די טיר און פעסט זיכ צוגעטוליעט צו איר מיטנ רוקנ.

— גײט זיכ פאַנאַנדער! קײנ ברױט װעל איכ ניט געבנ! אַלע, װאָס װעלנ זיכ רוקנ צומ שפּײַכלער, דערקלער איכ אַלס פײַנט פונ דער ראַטנמאַכט!..

— אַהאַ! — האָט מיט כױזעק געזאָגט דימאָק, װאָס האָט עמעצנ פונ זײַנע שכײנימ געהאָלפנ אָנלאָדנ האָס ברױט אפ דער בריטשקע.

דאָס, װאָס נאַגולנאָװ האָט זיכ באַװיזנ, איז פאַר אַלעמענ געװענ אומדערװאַרט. ביז זײַנ אָפּפאָרנ אינ ראַיאָנעמ צענטער האָבנ זיכ אינ גרעמיאַטשי ארומגעטראָגנ פעסטע קלאַנגענ, אַז נאַגולנאָװנ װעט מענ מישפּעטנ דערפאַר, װאָס ער האָט געשלאָגנ באַניקנ, אַז מע װעט אימ אַראָפּנעמענ פונ דער אַרבעט און מע װעט אימ געװיס אַרײַנזעצנ... באַניק, װאָס האָט נאָכ אינדערפרי דערהערט װעגנ נאַגולנאָװס אָפּפאָרנ, האָט געמאָלדנ:

— נאַגולנאָװ װעט זיכ שױנ מער ניט אומקערנ! דער פּראָקוראָר האָט מיר אַלײנ געזאָגט, אַז מע װעט אימ א שקראַבע טאָנ מיט דער גאַנצער שטרענגקײַט! זאָל זיכ מאַקאַרטשיק אױסטשוכענ! מע װעט אימ אַרױסשלײַדערנ פונ דער פּאַרטײ — דעמאָלט װעט ער װיסנ, װי צו שלאָגנ אונ ערדאַרבעטער. איצט גילטנ ניט די אַלטע רעכט!

דעריבער איז נאַגולנאָװס באַװײַזנ זיכ בײַ דער װאָג באַגעגנט געװאָרנ מיט אַזאַ פאַרלאָרענער, פאַרװוּנדערטער שטילקײַט. אָבער נאָכ דעמ, װי ער האָט זיכ געװאָרפנ פונ דער װאָג אפנ שפּײַכלער־שװעל און האָט זיכ געשטעלט בײַ דער טיר און זי פאַרשפּאַרט, האָט זיכ די שטימונג פונ דער מערהײַט באַלד באַשטימט: נאָכ דימאָקס אױסגעשרײ האָבנ זיכ גענומענ שיטנ געשרײענ:

— בײַ אונדז איז איצט אָנ אײגענע מאַכט!

— א פּאָלקס־מאַכט!

— נעמט אימ נאָר, בעװוּרע!

— גײ, פונװאַנענ דו ביסט געקומענ!

— א גאַנצער מאַכער, אױנ דײַנ מאַמענ!..

דער ערשטער האָט זיכ געלאָזט גײנ צומ שפּײַכלער דימאָק, װױלױנגעריש געדרײט מיט די פּלײצעס און מיט א שמײכעלע זיכ אומ=

געקוקט אויף הינטן. נאָך אים האָבן ניט אַנטשלאָסן זיך געריכט נאָך עטלעכע קאָזאַקן. איינער פון זיי האָט אין גאַנצן אויפגעהויבן פון דער ערד א שטיין...

נאַגולנאָוו האָט ניט געצילט ארויסגעשלעפּט פון די הויזן־קעשענעס דעם נאַגאַנט און אָנגעקוועטשט דאָס צינגל. דימאָק האָט זיך אָפּגע־שטעלט און איז געבליבן שטיין אומאַנטשלאָסן. עס האָבן זיך אָפּגע־שטעלט אויך די איבעריקע. דער, וואָס האָט זיך געהאַט באַוואָפנט מיטן וואָגיקן שטיין, האָט אים א דריי געטאָן אין די הענט און אַוועקגע־וואָרפן אין א זייט. אלע האָבן געוווּסט, אז אויב נאַגולנאָוו האָט שוין אָנגעקוועטשט דאָס צינגל, איז אז עס וועט נייטיק זיין, וועט ער אָן שום וואַקלענישן אויסשיסן. און מאַקאר האָט עס אומגעזאָמט באַ־שטעטיקט:

— זיבן שלעגן וועל איך דערהאַרגענען, און דעמלט וועט איר ערשט אַריין אין שפּייכלער. נו, ווער איז דער ערשטער? קום אַהער!

קיינער באַלאַנגט האָבן זיך עפּעס ניט געפונען... אין א מינוט איז גע־וואָרן אן אַלגעמיינע צעטומלטקייט. דימאָק האָט עפּעס באַקלערט און זיך ניט אַנטשלאָסן צוגיין צום שפּייכלער. נאַגולנאָוו האָט אראָפּגע־לאָזט דעם נאַגאַנט מיט דער רער אַראָפּ און א געשריי געטאָן:

— גייט זיך פאַנאַנדער!... שוין באַלד, גייט זיך פאַנאַנדער, אניט וועל איך אָנהייבן שיסן!..

ער האָט נאָך ניט באַוויזן צו פאַרענדיקן די פראַזע, ווי איבער זיין קאָפּ האָט זיך מיט א טראַסק אָפּגעשלאָגן אין דער טיר א שווע־רער אייזערנער שרויף. דימאָקס פריינטל — יעפים טרובאַטשקאָוו — האָט עס געוואָרפן, צילנדיק זיך אין מאַקארס קאָפּ, אָבער אז ער האָט דערזען, אז ער האָט ניט געטראָפן, האָט ער געשווינד זיך צוגעזעצט הינטער דער ארבע. נאַגולנאָוו האָט אָנגענומען א באַשלוס, ווי אין שלאַכט: אויסדרייענדיק זיך פונעם שטיין, וואָס מע האָט געוואָרפן פון האַמוין, האָט ער אויסגעשאָסן אין דער הייך און איז באַלד אראָפּגע־לאָפן פונעם שוועל. דער האַמוין האָט ניט אויסגעהאַלטן: אומוואַרפנ־דיק איינער דעם אנדערן, האָבן זיך די פאָדערשטע געלאָזט לויפן, עס האָבן גענומען קנאַקן די דישלס פון די ברייטשקעס און ארבן. מיט א מעשוגענער שטים האָט אויסגעשריִען א פרוי, וואָס די קאָזאַקן האָבן אַנידערגעוואָרפן.

לויפט ניט! ער האָט נאָר זעקס קוילן! — האָט באַגייסטערט אָפּ־געשטעלט די לויפנדיקע באַניק, וואָס האָט זיך פון ערגעץ באַוויזן.

מאקאר האָט זיכ ווידער אומגעקערט צומ שפּיַכלער, אָבער ער איז ניט ארופ אפנ שוועל, נאָר ער האָט זיכ געשטעלט בא דער וואנט מיט אזא אויסרעכענונג, אז ער זאָל קענענ זענ אלע איבעריקע שפּיַכלערס.

— גייט ניט צו! — האָט ער אויסגעשריִענ צו דימאָקנ, טרובאַטשאָוונ אונ אנדערע, וואָס זיַנענ ווידער געגאנגענ צו דער וואָג. — גייט ניט! איכ וועל דערהארגענענ!

פונעמ האמוינ, וואָס איז געבליבנ שטיינ א הונדערט טריט פונ די שפּיַכלערס, איז ארויסגעטראָטנ באטאלשטשיקאָוו איוואנ, אטאמאנטשוקאָוו אונ נאָכ דריַ געוועזענע קאָלווירטניקעס. זיי האָבנ באשלאָסנ האנדלענ כיטרע, זיי זיַנענ צוגעגאנגענ א טריט דריַסיק אונ באטאלשטשיקאָוו האָט וואָרענענדיק אופגעהויבנ די האנט.

— כאווער נאגולנאָוו! ווארט אָפּ, הייבט ניט דאָס געווער.

— וואָס דארפט איר? גייט זיכ פאנאנדער, זאָג איכ!

— באלד וועלנ מיר זיכ פאנאנדערגיינ, אָבער אומזיסט מאכסטו א טומל... האָס ברויט נעמענ מיר מיט א דערלויבעניש....

— מיט וועמעס דערלויבעניש?

— פונעמ קריַז איז עמעצער געקומענ... נו, פונ קריַזוויספּירקאָמ, דאכט זיכ, אונ ער האָט אונדז דערלויבט.

— וווּזשע איז ער? ווו איז דאווידאָוו? ראזמיאָטנאָוו?

זיי זיצנ אינ דער פארוואלטונג.

— ליַיגסט, הונט!.. גיי אוועק פונ וואָג, זאָגט מענ דיר! נו?.. — נאגולנאָוו האָט אויסגעבויגנ אינ עלנבויגנ די לינקע האנט, ארופגעלייגט אפ איר די וויַסע גאנאנדרער, וואָס האָט פונ אלטקיַט פארלאָרנ איר שווארצקיַט.

באטאלשטשיקאָוו האָט אָנ שרעק פאָרגעזועצט:

— גלייבסט אונדז ניט — גיי אליינ, גיב א קוק, אונ אז ניט וועלנ מיר זיי באלד ברענגענ צו פירנ אהער. גענוג סטראשענ מיט געווער, כאווער נאגולנאָוו, אניט וועט ערגער זיַנ! אקעגנ וועמענ גייסטו? אקעגנ פאָלק! אקעגנ דעמ גאנצנ כוטער!

— גיי ניט צו! ריר זיכ ניט וויַטער! דו ביסט מיר ניט קיינ כאווער! דו ביסט א קאָנטרע, וויבאלד דו רויבסט מעלוכיש ברויט!... איכ וועל איַכ ניט לאָזנ טרעטנ מיט די פיס די ראטנמאכט!

באטאלשטשיקאָוו האָט געוואָלט עפּעס זאָגנ, נאָר אינ דעמ מאָמענט האָט זיכ פונ הינטערנ שפּיַכלערווינקל באוויזנ דאווידאָוו. א שרעקלעכ צענעריקטער, צעבלוטיקטער אונ צעבויַלטער איז ער געגאנגענ מיט

ניט זיכערע זיכ שטרויכלענדיקע טריט. נאגולנאָוו האָט אפ אימ א קוק געטאָנ אונ זיכ געוואָרפנ צו באטאלשטשיקאָוונ מיט א הייזעריקנ געשריי: „א=א־א, שלאנג! אָפּנארנ!. שלאָגט אונחז?!"..

באטאלשטשיקאָוו אונ אטאמאנטשוקאָוו זיינענ אנטלאָפנ, נאגולנאָוו האָט צוויי מאָל געשאָסנ אינ זיי, אָבער ער האָט ניט געטראָפנ. דימאָק האָט אָנ א זייט געבראָכנ פונ א פּארקנ א פּלאָקנ, די איבעריקע זיינענ ניט אָפּגעטראָטנ אונ שטיל געמורמלט.

— כ'וועל ניט לאָזנ... טרעטנ... מיט די פיס... די האטונמאכט!..— האָט צווישנ די פּאהדריקטע ציינגער מאקאר גערעוועט אונ זיכ געלאָזט לויפנ צומ האמויג.

— שלאָגט אימ!

— כאָטשבי א ביקסל א וועלכעס וואָלט געווענ! — האָט געפּאטשט מיט די הענט אונ געקרעכצט אינ די הינטערשטע רייענ יאקאָוו לוקיטש, שילטנדיק דעמ ניט צו דער צייט פארשווונדענעמ פּאָלאָווצעוו.

— קאָזאקנ!.. נעמט אימ, דעמ העלד, אינ די הענט!.. — האָט זיכ געהערט מארינע פּאָיארקאָווס אויפגערעגטע ליידנשאפטלעכע שטימ. זי האָט געשטויסנ די קאָזאקנ פאָרויס צומ לויפנדיקנ מאקאר אונ מיט האס געפרעגט, כאפנדיק דעמ ייד דעמ שווייגער פאר די הענט:

— וואָס פאר א קאָזאק ביסטו?.. האָסט מוירע?!

אונ פּלוצעמ האָט זיכ דער האמוינ צעשפּאָלטנ, האָט א שטראָמ געטאָנ אָנ א זייט, צעלאָפנ זיכ, אנטקעגנ מאקארנ... „מיליציע!!!"— האָט מיט א ווילדער שרעק געשריענ נאסטיאָנקע האָנעצקאָווע. קוילערנדיק זיכ פונעמ בערגל, ווי א לאווינע, האָבנ זיכ אינ גאלאָפּ געטראָגנ צומ כוטער וואו מאנ דרייסיק רייטער, אונטער זייערע פערד האָבנ זיכ, ווי לייכטע נעשפּענסט־רויכלעכ, געהויבנ וואָלקנדלעכ פרוי־לינג־שטויב...

אינ פינפ מינוט ארומ זיינענ אפנ ליידיקנ געוואָרענעמ פּלאצ ארומ די שפּייכלערס געבליבנ בלויז האווראָוו מיט מאקארנ. די געקלאפּעריי פונ פערד־טלאָענ האָט זיכ געטראָגנ אלצ נעענטער. אפ דער פּאשע האָבנ זיכ באוויזנ די רייטער. פאָרויס אפ לאפשינאָווס שפּרינגער איז געריטנ ליובישקינ פּאוולא, רעכטס פונ אימ — אגאפאָנ דובצאָוו, באוואָפנט מיט א פּלאָקנ, א געשטופּלטער אונ שרעקלעכער אינ זיינ אנטשלאָסנקייט, אונ פונ הינטנ — אינ אומאָרדענונג, אפ פארשיידנארטיקע פערד, זיינענ געריטנ די קאָלווירטניקעס פונ דער צווייטער אונ דריטער בריגאדע...

אינאָוונט איז פונ ראיאָנ געקומענ צו פאָרנ א מיליציאָנער, וואָס חאוויחאָוו האָט ארויסגערופנ. איוואנ באטאלשטשיקאָוו, אפאָלאָנ פעסקאָוואטסקאָוו, יעפימ טרובאטשאָוו אונ נאָכ עטלעכע „אקטי־וויסטנ“ פונ די געוועזענע קאָלווירטניקעס האָט ער ארעסטירט אינ פעלד. די אלטע איגנאטיאָנקאָווע — אינ דער היימ. זיי אלעמענ האָט ער מיט א שאָליעכ אָפגעשיקט אינ ראיאָנ. דימאָק איז אליינ געקומענ אינ דאָרפראט.

— ביסט געקומענ, טײַבעלע! — האָט טריומפירנדיק געפרעגט ראזומיאָטנאָוו.

מיט שפּאָט קוקנדיק אפ אימ, האָט דימאָק געענטפערט:

— כ'בינ געקומענ. איצט איז שוינ ניטאָ וואָס צו שפּילנ זיכ אינ באהעלטעניש, אויב מע האָט שוינ איבערגעכאפּט...

— וואָס איבערגעכאפּט? — האָט ראזומיאָטנאָוו זיכ אָנגעכמורעט.

— נו, ווי ס'טרעפט, ווענ מע שפּילט אינ אנ אײנ־און־צוואנציק. ס'האָט זיכ ניט באקומענ קיינ אײנ־און־צוואנציק, — איבערגע־כאפּט... וווּ זאָל איכ זיכ איצט אהינטאָנ?

— וועסט גיינ אינ ראיאָנ.

— אונ וווּ איז דער מיליציאָנער?

— ער וועט באלד קומענ, בענק ניט שטארק! דער פאָלקסגעריכט וועט דיכ אויסלערנענ, ווי אזוי צו שלאָגנ פארזיצערס! דער פאָלקסגע־ריכט וועט דיכ שוינ ארײַנשרײַבנ...

— דאָס געוויס! — האָט דימאָק ניט גערנ מאסכימ געווענ אונ, גענעצנדיק, געבעטנ:

— מיר ווילט זיכ שלאָפנ, ראזומיאָטנאָוו. פיר מיכ אָפּ אינ שפּײַכ־לער אונ פארמאכ מיכ, ביזוואנענ דער מיליציאָנער וועט קומענ, איכ וועל זיכ צולייגנ שלאָפנ. פארמאכ, זײַ אזוי גוט, אגיט וועל איכ פונ שלאָפ אנטלויפנ.

אפנ צווייטנ טאָג איז מענ צוגעטראָטנ צוטויפזאמלענ די צע־רויבטע זריִעס־טווע. מאקאר נאגולנאָוו איז געגאנגענ איבער די הויפנ, וואָס זייערע באלעבאטימ האָבנ נעכטנ גענומענ ברויט. ניט באַ־גריפנדיק זיכ, די אויגנ אָנ א זײַט, פלעגט ער אײַנגעהאלטנ פרעגנ:

— גענומענ ברויט?

— גענומענ...

— וועסט אָפּברענגענ צוריק?

— עס קומט אויס אָפּצוברענגענ...

— ברענג. — און דערמיט פלעגט ער, ניט געזעגנט, ארויסגיינ פונ שטוב.

פיל געוועזענע קאָלווירטניקעס האָבנ גענומענ זריַעטוווע מער ווי זיי האָבנ געהאט אָנגעשאָטנ. מע האָט פאנאנדערגעגעבנ אפנ סמאכ פונ טאָכפערענג זיר: „וויפל ווייצ האָסטו אָנגעשאָטנ?!” — פלעגט אומגעדולדיק פרעגנ באטאלשטשיקאָוו. „צו זיבנ פוד אפ צוויי קריַזנ — „שלעפ די זעק אפ דער וואָג!”.

און איבערעמעסנ האָט דער באקומענדיקער אָנגעשאָטנ בייסנ צונויפזאמלענ דעמ זריַעפאָנד אפ זיבנ — פערצנ פוד ווייניקער. אויסער דעמ האָבנ די ווייבער ניט געווויגנ צעשלעפט א פוד הונ-דערט, אינ פאָרהענגלעכ און אינ טאָרבעס.

צומ אָוונט איז דער ווייצ געווענ אינגאנצנ צונויפגעזאמלט, אוי-סער עטלעכע פוד. עס האָט געפעלט בלויז א פוד צוואנציק גערשטנ און עטלעכע זעק קוקורוזע. אינ זעלביקנ אָוונט האָט מענ פולקומ פא-נאנדערגעגעבנ די זריַע, וואָס האָט געהערט צו די אינדיווידואלנ.

די כוטער־פארזאמלונג אינ גרעמיאטשי האָט זיכ אָנגעהויבנ פאר פינצטער. פאר אנ אומגעוויינלעכ פיל צונויפגעזאמלטנ אוילעמ אינ דער שול האָט דאווידאָוו גערעדט:

— וואָס באטייַט די נעכטיקע ארויסטרעטונג פונ די ניט לאנג געוועזענע קאָלווירטניקעס און פונ א טייל אינדיווידואלנ, בירגער? דאָס באטייַט, אז זיי האָבנ זיכ א וואקל געטאָנ אפ דער זייַט פונ באלעגופישנ עלעמענט! דאָס איז א פאקט, אז זיי האָבנ זיכ א וואקל געטאָנ אפ דער זייַט פונ אונדזערע פייַנט. און דאָס איז א שענדלע-כער פאקט פאר איַיכ, בירגער, וואָס האָבנ נעכטנ, ווי רויבער, גע-שלעפט פונ די שפייַכלערס ברויט, געטראָטנ די טייַערע קערנער אפ דר'ערד און געשלעפט אינ פאָרהענגלעכ. פונ צווישנ איַיכ, בירגער, האָבנ זיכ געהערט אומבאוווסטזיניקע אויסרופנ, אז די פרויענ זאָלנ מיכ שלאָגנ, און זיי האָבנ מיכ געשלאָגנ מיט אלצ, וואָס עס האָט זיכ זיי אונטער די הענט געמאכט. איינע א בירגערנ האָט זיכ אפילע פאנאנדערגעוויינט איבער דעמ, וואָס איכ האָב ניט ארויסגעוויזנ קייַנ שוואכקייַט. איכ רייד וועגנ דיר, בירגערנ! — און דאווידאָוו האָט אָנ-געוויזנ אפ נאסטיאָנקע האָנעצקאָווע, וואָס איז געשטאנענ באַ דער וואנט און, פארקענדיק זיכ, געקוטעט מיטנ קאָפטיכל דאָס פּאָנעמ, ווי נאָר דאווידאָוו האָט אָנגעהויבנ ריידנ. — דאָס האָסטו געפּויקט אי-בער מייַנ רוקנ מיט די פויסטנ, און אליינ געוויינט פונ בייזקייַט און

געטײַנעט: „איכ שלאָג אונ שלאָג אימ, אונ ער איז ווי א גוילעמ, ווי א שטיינערנער!“.

נאסטיאָנקעס פארקוטעט פּאָנעמ האָט געברענט, ווי א פײַער, פונ גרויס כארפע. די גאנצע פארזאמלונג האָט געקוקט אפ איר, אונ זי האָט אראָפּגעלאָזט די אויגנ פארשעמט אונ אומבאקוועמ, אונ בלויז באוועגט מיט די פּלייצעס, ווישנדיק מיטנ רוקנ דעמ קאלכ פונ דער וואנט.

— האָסט זיכ גענומענ הרייענ, פּאסקודע, ווי א שלאנג אונטער א הייגאָפּל! — האָט דיאָמקע אושאקאָוו ניט אויסגעהאלטנ.

— די גאנצע וואנט האָט זי מיטנ רוקנ אָפּגעווישט! — האָט אימ אונטערגעהאָלפנ דער געשטופּלטער אגאפאָנ דובצאָוו.

— דריי זיכ ניט, אויסגעגלאָצטע אויגנ! — האָסט געקאָנט שלאָגנ, קאָנ קוקנ דער פּארזאמלונג אינ די אויגנ! — האָט ליובישקינ געברומט.

דאווידאָוו האָט אָנ ראכמאָנעס פאָרגעזעצט, אָבער אפ זײַנע צעהאקטע ליפּנ האָט זיכ שוינ געגליטשט א שמייכעלע, ווענ ער האָט געזאָגט:

— ...עס האָט זיכ איר געוואָלט, אז איכ זאָל זיכ שטעלנ אפ די קני, איכ זאָל זיכ בעטנ, איכ זאָל איר די שליסלענ פונעמ שפּײַכלער אָפּגעבנ! אָבער, בירגער, ניט פונ אזא טייג זײַנענ מיר — באָלשעוויקעס — געקנאָטנ, אז עמעצער פונ אונדז זאָל קאָנענ מאכנ פייגורנ! מיכ האָבנ אינ בירגערקריג יונקערס געשלאָגנ, אונ האָבנ אויכ גאָרנישט ניט ארויסגעשלאָגנ! אפ די קני זײַנענ די באָלשעוויקעס פאר קיינעמ ניט געשטאנענ אונ וועלנ קיינמאָל ניט שטיינ, א פאקט!

— ריכטיק! — די אופציטערנדיקע, אופגערעגטע שטימ מאקאר נאגולנאָווס האָט געקלונגענ הארציק אונ הייזעריק.

— ...מיר, בירגער, זײַנענ אלײנ געוווינט צו שטעלנ די פּײַנט פונעמ פּראָלעטאריאט אפ די קני. אונ מיר וועלנ זיי אוועקשטעלנ.

— אונ מיר וועלנ זיי אוועקשטעלנ אינ וועלט-מאסשטאב! — האָט נאגולנאָוו זיכ ווידער ארײַנגעמישט.

— ...אויכ אינ וועלט-מאסשטאב וועלנ מיר דאָס טאָנ, אונ איר האָט נעכטנ זיכ א וואקל געטאָנ אפ דער זײַט פונ אָט דעמ פּײַנט אונ אימ געגעבנ אונטערשטיצונג. ווי זאָל מענ האלטנ, בירגער, אזא ארויסטרעטונג. ווענ מע האָט די שלעסער פונ די שפּײַכלערס אראָפּגעריסנ, מיכ האָט מענ אָנגעשלאָגנ, אונ ראזמיאָטנאָוו האָט מענ

אינ אָנהייב געבונדנ, ארײַנגעזעצט אינ קעלער און דערנאָכ אימ געפירט אינ דאָרפּראט און אפנ וועג געוואָלט אפ אימ א צײלעמ אָנטאָנ? דאָס איז אנ אָפענע קאָנטררעוואָליוציאָנערע ארויסטרעטונג! די ארעסטירטע מוטער פונ אונדזער קאָלווירטניק מיכאיל איגנאטענקאָוו האָט געשריִענ, ווענ מע האָט ראזומיאָטנאָוונ געפירט: „דעמ אנטיכריסט פירט מענ! דעמ טײַוול פונ גענעמ!" — און מיט דער הילפ פונ די ווײַבער האָט זי געוואָלט אָנטאָנ אויפ זײַנ האלדז א צײלעמ אפ א שנירל, אָבער אונדזער כאווער ראזומיאָטאָוו, ווי עס פאסט פאר א קאָמוניסט, האָט ניט געקענט מיט אזא איזדיעקעוועניש צושטימענ! ער האָט פאקטיש גערעדט אי צו די ווײַבער אי צו די שערלעכע אלטיטשקע, וואָס זײַנענ פארשיקערט פונ די גאלאָכישע זאכנ: „בירגערגס! איכ בינ ניט קיינ פראוואָסלאוונער, נאָר א קאָמוניסט! גייט אוועק מיט אײַער צײלעמ!" אָבער זיי זײַנענ פונ אימ ניט אָפגעשטאנענ, און בלויז דאנ האָבנ זיי אימ געלאָזט צורו, ווענ ער האָט מיט די ציינער איבערגעביסנ דאָס שנירל און אקטיוו גענומענ זיכ אָפשלאָגנ מיט די פיס און מיטנ קאָפ. וואָס איז עס אזוינס, בירגער? — דאָס איז אָפענע קאָנטררעוואָליוציע! און דער פאָלקסגעריכט וועט הארב פארמישפעטנ אזעלכע מענטשנ, וואָס איזדיעקעווענ זיכ, ווי דעמ זעלביקנ מיכאיל איגנאטענקאָווס מוטער.

— פאר מײַנ מוטער בינ איכ ניט קיינ פאראנטוואָרטלעכער! זאָל זי גיינ צו דער מאמענ, מיט אזא מאמענ! זי האָט אלײנ א שטימ פונ בירגערשאפט, איז זאָל זי אלײנ ענטפערנ! — האָט אויסגעשריִענ מישקע איגנאטיאָנאָק פונ די פאָדערשטע רייענ.

— איז וועגנ דיר רייד איכ דאָכ ניט. איכ רייד וועגנ די טיפנ, וואָס האָבנ געשריִענ קעגנ פארמאכנ די קלויסטערס. זיי איז ניט געפעלנ, וואָס מע האָט פארמאכט די קלויסטערס, אָבער אז זיי אלײנ האָבנ מיט גוואלד געוואָלט אָנטאָנ א צײלעמ אפנ האלדז פונ א קאָמוניסט, — איז עס גאָרנישט! אָט דאָס הייסט אפנ אונטפלעקנ זייער צווייִעסדיקייט! — יענע, וואָס זײַנענ געווענ די רעדלפירער פונ די דאָזיקע אומאָרדענונגענ און ווער ס'איז אקטיוו ארויסגעטראָטנ — זײַנענ ארעסטירט, אָבער די איבעריקע, וואָס האָבנ זיכ געלאָזט פירנ אפ דער באלעגופישער ווענטקע, דארפנ זיכ באטראכטנ און פארשטיינ, אז זיי זײַנענ ארײַנגעפאלנ אינ א טאָעס. דאָס זאָג איכ פאקטיש. אינ פרעזידיומ האָט אנ אומבאוווסטער בירגער געוואָרפנ א צעטעלע, אינ צעטעלע פרעגט זיכ: „צי איז ריכטיק, אז אלע, וואָס האָבנ גענומענ

דאָס ברויט, וועלן אַרעסטירט ווערן, זייער פאַרמעגנס וועט קאָנפיסקירט ווערן און זיי אַליין וועלן פאַרשיקט ווערן?" — ניין, דאָס איז ניט ריכטיק, בירגער! באַלשעוויקעס נעמען ניט קיין נעקאָמע, נאָר זיי באַשטראָפן אָן ראַכמאָנעס בלויז די פּײַנט, אָבער אײַך, כאָטש איר זײַט אַרויס פון קאַלווירט, אומטערגעבנדיק זיך די אײַנרייַדענישן פון די באַלעגופים, כאָטש איר האָט צערויבט דאָס ברויט און אונדז געשלאָגן, האַלטן מיר פונדעסטוועגן אײַך ניט פאַר קיין פּײַנט. איר זײַט וואַקלדיקע מיטלפויערים, צײַטווײַליקע פאַרבלאָנדזשעטע, און מיר וועלן צו אײַך קיינע אַדמיניסטראַטיווע מיטלען ניט אָנעמען, נאָר מיר וועלן אײַך עפענען די אויגן.

איבער דער שול האָט זיך דורכגעקײַקלט אַן אײַנגעהאַלטענער גע־רודער פון שטימען. האַווידאָוו האָט פאַרגעזעצט:

— און דו, בירגערן, שרעק זיך ניט, דעק אָפּ דאָס פּאָנעם, קיינער וועט דיך ניט טשעפּען, כאָטש דו האָסט מיך געכטן היפּש געקלאַפּט. אָבער אָט, אַז מיר וועלן מאָרגן אַרויספאָרן זייען און דו וועסט שלעכט אַרבעטן, איז רעמלט וועל איך דיר אַזוי אַרײַנציימבלען, אַז דו זאָלסט געדענקען! אָבער שלאָגן וועל איך ניט איבערן רוקן, נאָר ני־דעריקער, זאָלסט ניט קענען זיצן און ליגן זיך זאָלסטו ניט קענען, כאַפּט דיך דער וואַטנמאַכער!

דאָס אומרויִקסטע געלעכטערל האָט זיך געשטאַרקט, און ביז עס האָט זיך דערקײַקלט ביז די הינטערשטע רייען, איז עס אויסגעוואַקסן אין אַ דונערדיקן, פאַרלײַכטערנדיקן הילכיקן געלעכטער.

— ... אָפּגעטומלט, בירגער, און גענוג! די פריער־ערד וועט אי־בערגעשטאַנען, די צײַט גייט אַוועק, מע דאַרף אַרבעטן און ניט מאַכן זיך צום נאַרן. אַ פאַקט! נאָכן פאַרזיי וועט מען קענען אַ ראַנגל טאָן זיך און אַ קלאַפּ טאָן זיך... איך שטעל די פראַגע שאַרף: ווער ס'איז פאַר דער ראַטנמאַכט — דער פאָרט מאָרגן אין פעלד, ווער ס'איז קעגן — דער זאָל קערלעך קנאַקן. אָבער ווער ס'וועט מאָרגן ניט פאָרן זייען, בײַ דעם וועלן מיר — דער קאָלווירט — אָפּנעמען די ערד און מיר וועלן אַליין פאַרזייען!

דאַווידאָוו איז אַוועק פונעם סצענע־ראַנד, זיך געזעצט בײַם פּרע־זידיום־טיש, און, ווען ער האָט אויסגעצויגן די האַנט צום גראַפין, האָט פון די הינטערשטע רייען, פון דער טונקלקייט, באַלויכטן מיטן אַראַנזש־שײַן פונעם לאָמפּ, עמעצנס אַ וואַרעם און פריילעך באַס געריירט געזאָגט:

— דאווידאָוו, א לעבער דיר אינ האלדז ארײַנ. טײַערינקער דאווידאָוו!.. דערפאר, וואָס דו טראָגסט ניט קײנ שטײנ אינ הארצנ... געדענקסט ניט דאָס בײזו... דער אוילעמ האָט דאָ מוירע... אונ ס'איז ניטא, ווו די אויגנ אהינצוטאָנ פונ שאנד... אונ די ווײַבעלעכ זײַנענ צעטראָגנ... אָבער מיר דארפנ דאָכ צוזאמענ לעבנ... לאָז זײַנ, דאווידאָוו, אזוי: ווער ס'האָט חאָס אלטע אינ זינענ, דעמ זאָל אנ אויג אויסרינענ! הא?



אפ מאָרגנ האָבנ זיבנ אונ פערציק געוועזענע קאָלווירטניקעס דערלאנגט מעלדונגענ מיט דער ביטע וועגנ ארײַננעמענ זײ צוריק אינ קאָלווירט. די אינדיווידואלנ אונ אלע דרײַ בריגאדעס פונ גרעמיאטשער קאָלווירט זײַנענ באגינענ ארויסגעפאָרנ אינ סטעפ.

ליובישקינ האָט געהאט פארגעלײגט איבערלאָזנ א וואכ בא די שפײַכלערס, אָבער דאווידאָוו האָט זיכ אויסגעלאכט:

— איצט דארפ מענ ניט, נאָכ מײַנ מײנונג...

אינ פיר טעג ארומ האָט דער קאָלווירט פארזײט קימאט א העלפט פונ זײַנ פריר־אקער. די דריטע בריגאדע איז דעמ צווייטנ אפרעל אריבער אפ פרילינג־אקער. פאר אָט דער גאנצער צײַט איז דאווידאָוו געווענ בלויז אײנ מאָל אינ דער פארוואלטונג. ער האָט אלע פײַקע צו דער ארבעט געוואָרפנ אינ פעלד, אונ אפילע דעמ אלטנ שטשוקאר האָט ער צײַטווײַליק באזײַטיקט פונ די פליכטנ צו זײַנ א פורמאנ אונ אימ געשיקט אינ דער צווייטער בריגאדע, אונ אלײנ פלעגט ער באגינענ ארויספאָרנ אפ די באצירקנ פונ די בריגאדעס אונ פלעגט זיכ אומקערנ אינ כוטער נאָכ האלבער נאכט, ווענ אפ די הויפנ פלעגט זיכ שוינ אָנהייבנ דאָס נאָכהאלבנאכטיקע קרײענ פונ די הענער.

# קאפיטל 36

אפנ פארוואקסענעמ הויפ פונ דער קאָלווירט־פארוואלטונג איז געווענ שטיל, ווי אפ דער פאשע הינטערנ כוטער. אונטער דער האלבטאָניקער זונ האָבנ שטיל אונ מאט געגלאנצט די פארזשאווערטע דאכלקעס פונעמ שפײַכלער־דאכ, אָבער אינ שאָטנ פונ די שפײַכלערס, אפנ אײַנגעלעגענעמ גראָז זײַנענ נאָכ געהאנגענ אָנגעגאָסענע, שווערע קערנער פונ רויכיק־פיאָלעטנ טוי.

אנ אָפגעשאָרענע, א האר־מיִעסע שעפס איז געשטאנענ אפנ מיטנ הויפ, צעשטעלט די פארדריפעטע פיס, אונ אָנ א זײַט פונ א׳ר, שטײיענדיק אפ די קני, האָט פלינק געשטויסנ איר אײַטער א ווײַס־האָריק שעפעלע.

ליובישקינ איז ארײַנגעריטנ אפנ הויפ אפ א קלײנינק שקאפקעלע. פארבײַרײַטנדיק פארבײַ דעמ שפײַכלער, האָט ער מיט האר׳צ א שמיצ געטאָנ דעמ באָק, וואָס האָט פונ דאכ אפ אימ געקוקט מיט גרינע טמוולשע אויגנ, אונ א בורטשע געטאָנ: „דו וואָלסט אלצ ארומגע־קראָכנ, פאסקודניאק! אקיש פונדאנענ!” בייז אונ אָנגעכמורעט איז געווענ ליובישקינ. ער איז געקומענ צו רײַטנ פונ סטעפ אונ, ניט פארפאָרנדיק אהיימ, איז ער געקומענ אינ דער פארוואלטונג. הינטער זײַנ קרעפטיקער שקאפקע איז געלאָפנ, פארדומפט קלינגענדיק מיטנ גלעקל, וואָס איז געווענ צוגעבונדנ צומ האלדז, טראָגנדיק דעמ צע־שויבערטנ עק איז דער הייכ, א דינפיסיק לאָשעקל מיט גראָבלעכע באבקעס. פאר ליובישקינס וווקס איז די שקאפע געווענ אזוי קליינ, אז דער אָפגעלאָזטער סטרעמענע־רימענ האָט זיכ געבאָמבלט שיר ניט נידעריקער פונ אירע קני; עס האָט זיכ געדוכט, אז דער אײַנגעבוי־גענער רײַטער, טראָגט דאָס פערדל צווישנ זײַנע ריטערישע פיס. ווי אינ דעמ מײַסעלע... דיאָמקע אושאקאָוו, וואָס האָט געקוקט אפ ליובישקינענ פונעמ גאנעק, איז געוואָרנ פריילעכ:

— דו ביסט אזוי ווי א מינ יעזוס קריסטוס, וואָס רײַט ארײַנ אינ יערושאָלאיִמ אפ אנ אייזעלע... א שרעק, ווי ענלעכ!

— אליינ ביסטו אנ אייזעלע! — האָט ליובישקינ זיכ אָפגעזידלט, צורײַטנדיק צומ גאנעק.

— הייב אונטער די פיס, אניט וועסטו מיט זיי די ערד צעאקערנ!

ליובישקינ, וואָס האָט ניט געהאלטנ פאר נייטיק צו ענטפערנ דיאָמקענ, איז אראָפ פונ פערד, פארדרייט די לייצעס ארומ דער פאָ־רענטשע אונ שטרענג געפרעגט:

— דאווידאָוו איז דאָ?

— דאָ. ער זיצט אונ לאנגווײַליקט זיכ, ער בענקט דיכ צו זענ. דעמ דריטנ מעסלעס עסט ער ניט, טרינקט ניט אונ ראק נאָר טײַנעט: „ווו איז מײַנ אומפארגעסענער פאוולאָ ליובישקינ? מײַנ לעבנ עקט זיכ אָנ אימ, אונ די ליכטיקע וועלט איז מיר ניט טײַער!”.

— רייד נאָכ א ביסל! רייד! אָט וועל איכ דיר אָנטרעטנ אפ דער צונג.

דיאָמקע האָט געכאַפּט אַ קוק אָף ליובישקינס קאַנטשיק און איז אַנישוויגן געוואָרן. ליובישקין איז אַרײַן אינ׳ן שטוב.

דאַווידאָוו מיט ראַזמיאָטנאָוו און מיט די פֿאָרשטייערס פֿון דער ברויען־פֿאַרזאַמלונג האָבן נאָרוואָס פֿאַרענדיקט צו באַהאַנדלען ד פֿראַגע וועגן אײַנאָרדענען אַ קינדער־יאַסליע. ליובישקין האָט צוגע־וואַרט, ביז די ווײַבער זײַנען אַרויס, און זיך צוגערוקט צום טיש. זײַן זײַן ציצן העמדל, צעבראַסטעטע און פֿאַרשטויבט אָף די לאָפּעטקעס, האָט אַ טראָג געטאָן מיט שווייס, מיט זון און מיט שטויב.

— איך בין געקומען פֿון דער בריגאַדע...

— נאָכוואָס ביסטו געקומען? — דאַווידאָוו האָט אַ צי געטאָן מיט די ברעמען.

— עס קומט גאָרניט אַרויס! באַ מיר איז געבליבן אַרבעטפֿייִקע 28 מענטשן, און די ווילן אויך ניט אַרבעטן, זיי פּוסטעפּאַסעווען... איך קאָן מיט זיי גאָרנישט ניט מאַכן. איצט אַרבעטן באַ מיר צוועלף אַקערס. די אַקערער האָב איך קוים צונויפֿגענומען. אײן קאָנדראַט מײַדאַניקאָוו האָרעוועט, ווי אַן אָקס, אָבער אַקים בעסכלעבנאָוו, קו־זשעניקאָוו סאַמאָכע, אָדער אָט דאָס הייזעריקע פֿאַרזעעניש—אַטאַמאַנ־טשוקאָוו — און אַנדערע, איז דאָס בלויז ביטערע טרערן, אָבער ניט קיין אַקערער! אַזוי ווי זיי וואָלטן אין לעבן ניט געהאַלטן זיך פֿאַר אַן אַקער! זיי אַקערן, אַבי ווי. זיי גייען דורך אַ האָנע, זעצן זיך צו רייכערן, און ניט פֿון אָרט.

— וויפֿל אַקערט איר אויף אַ טאָג?

— מײַדאַניקאָוו און איך מאַכן צו דרײַ פֿערטל, אָבער די... אַרום און אַרום צו האַלבן דעסיאַטין. אויב מיר וועלן אַזוי אַקערן, וועט אין אָסיען אויסקומען קיקורוזע צו זייען.

דאַווידאָוו האָט שווײַגנדיק געקלאַפּט מיטן ברעג בלײַפֿעדער אָן טיש אין גנייווויש אַ פֿרעג געטאָן:

— איז נאָך וואָס ביסטו געקומען? מיר זאָלן דיר די טרערן אויס־ווישן? — און ביז אַ גלאַנץ געטאָן מיט די אויגן.

ליובישקין האָט זיך אָנגעשפּיצט:

— איך בין ניט מיט טרערן געקומען! גיב מיר מענטשן, און אַקערס ניב נאָך, און כאָכמען זיך קען איך אָן דיר אויך!

— כאָכמען זיך קענסטו טאַקע, אַ פֿאַקט, אָבער די אַרבעט אוועק־שטעלן — איז באַ דיר די מוטערקע שוואַך! אויך מיר אַ בריגאַדיר! ער קאָן גאָרנישט ניט מאַכן מיט די לודערס! אַ פֿאַקט, אַז דו קאָנסט

ניט, אויב דו האָסט די דיסציפּלינ אָפּגעלאָזט אונ געוואָרנ אזא נאָכגיביקער!

— געפינ זי דו, די דיסציפּלינ! — האָט דער פאַרשוויצטער ליו־בישקינ געהעכערט זײַנ שטימ. — דער גאַנצער מאַכער איז דאָרטנ אטאַמאַנטשוקאָוו. ער בורעט דעמ אוילעמ, רעדט זיי אײַנ ארויסצו־גיינ פונעמ קאָלווירט. אונ פרוּוו אימ, דעמ פּאַסקודניאַק, ארויס־וואַרפנ, וועט ער אויכ אַנדערע מיט זיכ מיטשלעפּנ. וואָס־זשע, סע־מיאָנ דאַווידאָוו, אינדערעמעסנ, דו לאַכסט פונ מיר, צי וואָס? אלע קאַליקעס אונ קראַנקע האָט ער אָפּ מיר אָנגעהאַנגענ, אונ די פּאַ־דערסט נאָכ ארבעט? וווּהינ זאָל איכ דעמ זעלביקנ אלטנ שטשוקאַרנ אהינטאָנ? אימ דאַרפ מענ, דעמ טײַוול, דעמ פּלאַפּלער, אָפּ א באַש־טאַנ אוועקשטעלנ אומבאַוועגלעכ, אַנשטאָט א סטראַשידלע די פייגלענ אָפּצושרעקנ, אונ איר האָט אימ ארײַנגערוקט צו מיר אינ דער בריגאַ־דע, אימ אָנגעבונדנ, ווי אָפּ א ציגײַנער מאַטעריע! צו וואָס טויג ער? מיטנ אקער קאָנ ער ניט, פאַר אַנ אָנטרײַבער — אויכ ניט. א שטימ האָט ער, ווי א שפּערעלע, די אָקסנ האַלטנ אימ ניט פאַר קיינ מענטשנ, זיי האָבנ פאַר אימ קיינ האָר ניט מוירע! ער הענגט זיכ אָנ אָפּנ יאָכ, דער האָרנדיקער טײַוול, אונ ביזוואַנענ ער גייט דורכ א האָנע, פאַלט ער אמאָל צענ! דאָ פאַרבינדט ער דעמ טשיריק, דאָ לייגט ער זיכ צו, פאַרגײַסט די פיס העכער פונעמ קאָפּ אונ מאַכט ארײַנ זײַנ קילע. די ווײַבער וואַרפנ די אָקסנ, הירזשענ אונ טומ־לענ:

„באַ שטשוקאַרנ איז די קילע ארויסגעפאַלנ“, אונ לויפנ פײַל אויסנ בויגנ א קוק טאָנ, ווי ער, שטשוקאַר, רוקט ארײַנ צוריק די קילע אינ איר אײנערלעכנ אָרט. דאָס איז האָב א ספּעקטאַקל, ניט קיינ אר־בעט! נעכטנ האָבנ מיר אימ שוינ פאַר א קעכער באַשטימט, איבער זײַנ קילע, גאָר אויכ האָרטנ איז ער שעדלעכ אונ טויג ניט! איכ האָב אימ כאַזער־שמאַלצ ארויסגעגעבנ ארײַנלייגנ אינ דער קאַשע. האָט ער דאָס אופגעפרעסנ אונ די קאַשע האָט ער איבערגעזאַלצנ אונ עס אויסגעקאָכט מיט עפּעס אזעלכע פּענקעס... נו, וווּהינ זאָל איכ אימ אהינטאָנ? — אונטער ליובישקינס שוואַרצע וואָנצעס האָבנ גענומענ ציטערנ די ליפּנ. ער האָט אופגעהויבנ דעמ קאַנטשיק, אופגעדעקט אונ־טערנ אָרעמ אַנ אויסגעבליאַקעוועטנ אונ פונ שווייס פאַרפוילטנ קרײַז פונעמ שמוציקנ העמדל אונ מיט פאַרצווײַפלונג געזאָגט:

— נעמט מיכ ארויפּ פונ א בריגאַדיר, איכ האָב ניט קיינ געדולד

זיכ ארומצוטראָגנ מיט אזעלכע מענטשנ: זיי האָבנ שוינ מיכ געפּײַנטעט מיט זייער ארבעט!..

— פאַר קיינ געבעכל מאַכ זיכ דאָ ניט, א פּאַקט! מיר ווייסנ, ווענ מע וועט דיכ דאַרפנ אָראָפּנעמענ, אָבער איצט פאָר אינ פעלד, אונ צו אָוונט זאָל זײַנ פאַראַקערט צוועלף הא. וועסטו ניט אונאַקערנ — זאָלסטו זיכ אויפ מיר ניט באַלײדיקנ! אינ א שעה צוויי אַרומ וועל איכ קומענ אונ דורכקאָנטראָלירנ. גיי.

ליובישקינ האָט א זעצ געטאָנ הינטער זיכ די טיר אונ איז אַראָפּגעלאָפנ פונעמ גאַנעק. די שקאַפע, וואָס איז געווענ צוגעבונדנ צו דער פאַרענטשע, איז געשטאַנענ אַראָפּגעלאָזנ דעמ קאָפּ. אינ אירע פיאָלעטעווע אויגנ מיט גאָלדענע גרײַפּעלעכ האָט זיכ אָפּגעשפּיגלט די זונ. צורעכט געמאַכט אפנ נאַקעטנ זאָטל, אָנגעגליט פונ דער זונ, די אײַנטערנגעבעטע רעדנע, האָט ליובישקינ לאַנגזאַמ זיכ גענומענ זעצנ. דיאָמקע אושאַקאָוו האָט מיט פאַרזשמורעטע אויגנ גיפטיק זיכ נאָכגעפרעגט:

— א סאַכ האָט שוינ אויפגעאַקערט אײַער בריגאַדע, כאַווער ליובישקינ?

— צו דיר האָט עס קיינ שײַכעס ניט...

— טאַקע דערפאַר, וואָס עס האָט קיינ שײַכעס ניט... אָט וועל איכ דיכ אָנטשעפּענ אפנ בוקסיר, וועט עס שוינ האָבנ א שײַכעס!

ליובישקינ האָט זיכ אויסגעדרייט אפנ זאָטל, צונויפגעדריקט, ביז די פינגער זײַנענ אימ פאַרגאַנגענ, דעמ וואָגיקנ ברוינעמ פויכט אונ אימ געדראָעט:

— קומ נאָר! איכ וועל דיר, קרומער טײַוול, באַלד די אויגנ אַרײַנשטעלנ! אפנ קאַרק וועל איכ זיי אויסדרייענ אונ וועל דיכ אויסלערנענ גיינ מיטנ הינטנ פאָרויס!

דיאָמקע האָט מיט פאַראַכטונג אָפּגעשפּיגנ:

— געפונענ זיכ א דאָקטער! — דײַנע אַקערער וואָלסטו פריער אויסגעהיילט, זיי זאָלנ בא דיר בעסער אַקערנ...

ליובישקינ, פונקט ווי ער וואָלט אינ אַטאַקע געגאַנגענ, איז גאַלאָפּ אַרויסגעפלויגנ פונ טויער אונ אַוועקגעיאָגט אינ סטעפּ. עס האָט נאָכ ניט באַוויזנ צו פאַרגיינ דער געקלונג פונ גלעקל, וואָס האָט זיכ געבאָמבלט אפנ האַלדז פונעמ לאָשעק, ווי אפנ גאַנעק איז אַרויס דאַווידאָוו אונ אײַליק געזאָגט צו דיאָמקענ:

— אפ עטלעכע טעג וועל איכ אַוועקפאָרנ אינ דער צווייטער ברי־

גאַרע און דיכ לאָז איכ איבער פאַר א פאַרטרעטער. גיב אכטונג, ווי מע אָרגט אײַנ די יאַסליע, העלפ זיי, דער דריטער בריגאַדע זאָלסטו קיינ האָבער ניט געבנ. הערסט? אינ פאַל עפּעס וואָס — לויפ צו מיר. פאַרשטאַנענ? שפּאַנ אײַנ דאָס פערד און זאָג ראַזומיאָטנאָוון, ער זאָל נאָכ מיר פאָרפאָרנ. איכ וועל זײַנ אינ דער היימ.

— עפּשער זאָל איכ זיכ מיט מײַנע אַריבערוואַרפנ אַפ רויערד אינ העלפנ ליובישקינענ? — האָט דיאָמקע געהאַט פאָרגעלייגט, אָבער דאַווידאָוו האָט זיכ אויסגעזידלט און א געשריי געטאָנ:

— טראַכט אויס! זיי אַליינ דאַרפנ זיכ ספּראַווענ! אָט וועל איכ צו זיי פאָרנ, איכ וועל זיי אָנרייענ דעמ עק, דאַנ וועלנ זיי בא מיר, א פאַקט, ניט צו קיינ האַלבער... אַקערנ! שפּאַנ אײַנ!

ראַזומיאָטנאָוו איז צוגעפאָרנ צו דאַווידאָווס דירע אַפ איינעמ פונ די פאַרוואַלטונגישע אָגערס, אײַנגעשפּאַנט אינ א דראָזשקע. דאַווי־דאָוו האָט אַפ אימ שוינ געוואַרט, שטייענדיק באַמ טויער, און מיטנ עלנבויגנ צוגעדריקט א ניט גרויס פּעקעלע.

— זעצ זיכ. וואָס האָסטו דאָ, גענומענ שפּײַז אַפנ וועג, צי וואָס? — האָט ראַזומיאָטנאָוו א שמייכל געטאָנ.

— וועש.

— וואָסערע וועש? נאָכוואָס?

— נו, א פּאָר וועש.

— אַפ וואָס איז עס?

— פאָר שוינ, וואָס האָסטו זיכ צוגעטשעפּעט? די וועש האָב איכ גענומענ, קעדיי קיינ לײַז ניט האָדעווענ, פאַרשטייענדלעכ? איכ פאָר אינ בריגאַדע, נו, האָב איכ באַשלאָסנ זײַנ דאָרט ביז דער צײַט, ווענ מע וועט ענדיקנ אַקערנ. פאַרמאַכ דאָס מויל און פאָר.

— דו ביסט, צומאָל, פונ זינענ ניט אַראָפּ? וואָס וועסטו דאָרטנ טאָנ ביזנ סאָפ פונ פאַרזיי?

— איכ וועל אַקערנ.

— וועסט אָנוועקוואַרפנ די פאַרוואַלטונג און וועסט פאָרנ אַקערנ? צוגעטראַכט!

— פאָר! פאָר! — האָט זיכ דאַווידאָוו פאַרקרימט.

— פּלוידער ניט! — ראַזומיאָטנאָוו האָט, ווײַזט אויס, אָנגעהויבנ בייז ווערנ. — דערקלער מיר, ווי עס געהער צו זײַנ: אַז דיר וועט מענ זיכ האַרטנ ניט באַגיינ, צי וואָס? דו דאַרפסט אָנפירנ, אָבער ניט גיינ נאָכנ אַקער! דו ביסט דער פאָרזיצער פונעמ קאָלווירט...

— נו, נאָך א ביסל!.. לערנסט מיך!.. פריִער פאר אלץ בין איך א קאָמוניסט, און דערנאָך שוין... א פאקט! — און דערנאָך א פּאַר־זיצער פונעם קאָלווירט! בא מיר קומט אום דאָס אקערן, און דאָ וועל איך... גיי, גיי זאָגט מען דיר!..

— וואָס ארט עס מיך! גאָ, דו, אנשלאָפן געוואָרן, פּאדלע! — ראזמיאָטנאָוו האָט מיטן ביַטש דערלאַנגט דעם אָגער. פונעם אומדערוואַרטן ריס האָט זיך האווידאָוו אפגעוואָרפן אפ הינטן, זיך ווייטעקדיק אפגעקלאפּט מיטן עלנבויגן אָן אָנלעג, די רעדער האָבן ווייך געגומען האָלן זיך איבערן זומער־וועג אין סטעפּ.

ארויספּאָרנדיק פונעם כוטער, האָט ראזמיאָטנאָוו אריבערגעפירט דעם אָגער אפ א לאנגזאמען טראָט און מיטן אַרבל אויסגעווישט דעם צעקאַרבטן שטערן.

— דו טוסט נארישקייטן, דאווידאָוו! שטעל זיי אוועק די ארבעט אפ די פיס און קום צוריק. עס איז קיין קונץ ניט, ברודער, צו אקערן. א גוטער קאָמאנדיר דאַרף ניט גיין אין רינג, נאָר ער דאַרף קלוג קאָמאנדעווען, אָט וואָס איך קאָן דיר זאָגן!

— וואַרף אוועק, איך בעט דיך, דיַנע ביַישפּילן! איך דאַרף זיי אויסלערנען ארבעטן לויט דער וויסנשאפט, א פאקט! אָט דאָס הייסט אָנפירן! אין דער ערשטער און דריטער בריגאַדע האָט מען שוין פאַרענדיקט די זאנגען־קולטורן, און דאָ איז בא מיר א דורכריַיס. ליובישקין וועט זיך ניט ספּראַווען, ווייַזט אויס! און דו קומסט נאָך אויך מיט דיַנע „גוטע קאָמאנדיר" און אזוי ווייַטער... נו, וואָס הרייס־טו מיר א קאָפּ? וואָס־זשע, איך האָב, לויט דיַן מיינונג, קיין גוטע קאָמאנדירן ניט געזען? יענער קאָמאנדיר איז א גוטער, וועד עס פירט אין א שווערן מאָמענט מיט זיַן אייגענעם ביַישפּיל! און איך דאַרף זיי פירן!

— דו וואָלסט זיי בעסער צוויי בוקערס אריבערגעוואָרפן פון דער ערשטער בריגאַדע.

— און מענטשן? מענטשן ווו וועל איך נעמען? טריַיב אָן, טריַיב אָן, זיַ אזוי גוט!

ביזן פאמע בעהגל איז מען געפאָרן שווייַגנדיק. איבערן סטעפּ, פארשטעלנדיק די זון, איז אין זעניט געשטאנען, אָנגעיאָגט פונעם ווינט, א געדיכט־פּיִאָלעטער האַגל־וואָלקן. זיַינע ווייַסע זיַיטן האָבן זיך געקריַיזלט און ווי שניי געגלאנצט, אָבער דער שוואַרצער וואָלקן־שפּיץ איז געווען גרויזאם מיט זיַן שווערער אומבאוועגלעכקייַט. פונעם

דורכרײַס אײנעמ װאָלקנ, פונ הינטער דעמ אָראַנזשענעמ, זונ־באַלויכטענעמ ברעג, זײַנענ װי א ברײטער פעכער געפאַלנ אַפ אַראָפ זונענשטראַלנ. דינע, פײַלנאַהטיקע דאָרט, אײנעמ ראַבװעסדיקנ הימל, זײַנענ זײ שטראָמאַרטיק זיכ פאַנאַנדערגעגאַנגענ, דערנעענטערנדיק זיכ צו דער ערד, און, לײגנדיק זיכ אַפ די װײַטע, איבערנ האָריזאָנט צעשפּרײטע בײטנ פונעמ ברױנעמ סטעפּ, האָבנ זײ אימ געפאַרבנ אינ מעשונעדיק און פרײדיק אימ באַצײנדלט...

דער סטעפּ, פאַרױכערט מיטנ װאָלקנ־שאָטנ, האָט שװײַגנדיק, אומטערטעניק געװאַרט אַפ רעגנ. דער װינט האָט אפנ שליאַכ געדרײט א גראָענ זײַל שטױב. דער װינט האָט שױנ געאָטעמט מיט שטענדיקער רעגנ־פײַכטקײט. און אינ א מינוט ארום איז ארױס א קאַרגער און שיטערער רעגנ. די יאָדערדיקע, קאַלטע טראָפּנס פלעגנ זיכ אַרײַנשטעכנ אינ דעמ װעג־שטױב און זיכ אײַנקײַקלענ אינ פּיצינקע קײַקעלעכ בלאָטע. אינ אומרו האָבנ זיכ צעפּײַפּט די זיסלמײַז, דײַטלעכער האָט זיכ געהערט דער געקלאַפּ פונעמ װאַכטל, עס איז אַנשװיגנ געװאָרנ דער לײַדנשאַפּטלעכ־אָנגעגליטער רופ־געשרײ פונ דער דראַכװע. איבער דעמ פּראָסע־פעלד האָט א שמיץ געטאָנ א נידעריקער װינט, און דאָס פעלד האָט זיכ אָנגעשפּיצט און גענומענ שושקענ. דער סטעפּ איז פול געװאָרנ מיטנ טרוקענעמ געמורמל פונ פאַראַיאָריקנ װילדגראָז. אונטערנ סאַמע ברעג װאָלקנ איז זײַטיק געפלױגנ, כאַפּנדיק מיט די אױסגעשפּרײטע פליגלענ דעמ לופט־שטראָם, א ראָב צו מיזרעכ צו. א בליצ האָט אינטערװײַלנס אױפגעבליצט. דער ראָב האָט ארױסגעלאָזט א גאָרגלדיקנ באַריטאָנ־גאַרגער און זיכ פלוצלינג האַשיק אַראָפּגעיאָגט אַפ אַראָפּ. אַפ א סעקונדע, אײנגאַנצנ באַלויכטנ מיט א זונ־שטראַל, האָט ער א גלאַנצ געטאָנ, װי א פלאַקערדיקער סמאָלע־פאַקל; עס האָט זיכ געהערט װי דורכ זײַנע באַפּעדערטע פליגלענ רײַסט זיכ מיט א פײַפ װי אינ א שטורעמ־געװיש די לופט, אָבער, ניט דערפליענדיק ביז דער ערד א קלאַפטער פופציק, האָט דער ראָב שאַרפ זיכ אױסגעגלײַכט, א מאַכ געטאָנ מיט די פליגלענ, און באַלד האָט מיט א פאַרטױבנדיקנ טרוקענעמ טראַסק א זעצ געטאָנ א דונער.

אַפּנ בערגל האָט זיכ באַװיזנ דער טאַבאָר פונ דער צװײטער בריגאַדע. װענ ראַזמיאָטנאָװ האָט באַמערקט א שפּאַנענדיקנ מענטשנ אַראָפּ באַרג, זײ אַנטקעגנ. ער איז געגאַנגענ אױסערנ װעג, אַריבערגעשפּרונגענ קאַנאַװעס, אָפּטמאָל געלאָפנ מיט א דריבנעמ געלאָפּ פונ

אַן אַלטיטשקן. ראַזמיאַטנאָוו האָט אויסגעקערעוועט צו אים דעם אָגער און נאָך פונוויַיטן דערקענט דעם אַלטן שטשוקאַר. עס איז געווען שטאַרק קאָנטיק, אַז מיט שטשוקאַרן האָט פּאַסירט עפּעס אַ מיַיסע... ער איז צוגעקומען צו דער דראָזשקע. די האָר אויף זיַין אָפּגעדעקטן קאָפּ זיַינען געווען פעסט צוגעקלעפּט פונעם רעגן. אין זיַין נאַס בערדל, אין זיַינע ברעמען האָט געדיכט געשטעקט געקנאַכטע הירזש. שטשוקאַר איז געווען בלוי־ווי־ים, אָנגעשראָקן, און דאַווידאָוון איז אײַנגעפאַלן אַ שווערער געדאַנק: „אין דער בריגאַדע איז אַן אומגליק, אַ צאָרע!“.

— וואָס איז געשען! — האָט ער געפרעגט.

— קוים זיך געראַטעוועט פון טויט! — האָט שטשוקאַר אַרויס־געהויכט — געוואָלט מיך דערהאַרגענען...

— ווער?

— ליובישקין און אַנדערע.

— פאַרוואָס?

— פאַר זייער קאַפּריזנקייט... איבער דער קאַשע האָט זיך עס פאַרקאָכט... איך בין אַ מענטש אַ געוואָגטער אויף ווערטער, האָב איך ניט אויסגעהאַלטן... נו, און ליובישקין האָט געכאַפּט אַ מעסער און זיך געלאָזט נאָך מיר... ווען ניט מיַין פלינקייט — וואָלט איך איצט געזעסן אויפן מעסער! און איך וואָלט אַזוי אומגעקומען!..

— גיי אין כוטער, מיר וועלן זיך דערנאָך פאַנאַנדערקליַיבן — האָט דאַווידאָוו באַפוילן און ליַיכטער אָפּגעאָטעמט.

... און אין טאַבאָר איז מיט אַ האַלב שאָ פאַר דעם אָט וואָס פאָרגעקומען: דער אַלטער שטשוקאַר, וואָס האָט מיט אַ טאָג פריִער איבערגעזאָלצן די קאַשע, האָט באַשלאָסן זיך אויספיַינען פאַר דער בריגאַדע. איז ער פון אָוונט אַוועק אין כוטער, דאָרט איבערגענעכ־טיקט און אינדערפרי האָט ער פון דער היים פאַרגרייט אַ זאַק. אויפן וועג אין דער בריגאַדע איז ער פאַרגאַנגען צו קראַסנאָקוטאָוס שווער, וואָס האָט געוווינט באַם סאַמע עק כוטער, איז אַריבערגעקראָכן אי־בערן פלויט און גנייוויש זיך באַהאַלטן הינטער דער קופּע מעקענע. דער פּלאַן איז באַם אַלטן שטשוקאַר געווען אַ געניִאַל פּאָשעטער: אונטערהיטן אַ הון, פּאַרזיכטיק זי כאַפּן און אַראָפּדרייען דאָס קעפּל, קעדיי אויסצוקאָכן אַ קאַשע מיט הון און דערמיט באַקומען אין דער בריגאַדע קאָוועד און אַכטונג. ער איז געלעגן, פאַרהאַלטן דעם אָטעם, באַ אַ האַלבע שאָ, אָבער די הינער, ווי אַפּצולאָכעס, האָבן זיך געגריבלט

ערגעץ לעבן פלויט, און צוגיין צי דער קופע מעקענע האָבן זיי אזוי ווי ניט געטראכט. דעמלט האָט דער אלטער שטשוקאר גענומען זיי שטילינקערהייט צורופן: „ציפ־ציפ־ציפ־ציפ!.. ציפינקע! מאמעלע! טיו־טיו־טיו!" — האָט ער שטיל גערופן, און אליין האָט ער זיך ווי א כייע באהאלטן הינטער דער מעקענע. דער אלטער קראסנאָקוטאָוו האָט זיך צופעליק געפונען ניט ווייט פון דעם שייער. האָט ער דערהערט עמעצנס גנייווייש שטימעלע, וואָס רופט צונויף די הינער, און ער האָט זיך צוגעזעצט הינטערן פלויט... די הינער זיינען צוטרוילעך צוגעגאנגען צו דער קופע מעקענע, און אין דעם מאָמענט האָט קראסנאָקוטאָוו דערזען, ווי עמעצנס האנט האָט זיך ארויסגעשטעקט פון דער מעקענע און א כאפ געטאָן א געשפרענקלט הינדל פארן פיסל. שטשוקאר האָט דערשטיקט די הון מיט דער שנעלקייט פון א גוטן טכויר און גענומען זי ארייננשטופן אין זאק, ווי ער האָט דערהערט א שטילע פראגע: „הינדעלעך כאפסטו?" — און ער האָט דערזען קראסנאָקוטאָוון, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון הינטערן פלויט. דער אלטער שטשוקאר האָט זיך אזוי פארלאָרן, אז ער האָט ארויסגעלאָזט פון האנט דעם זאק, ארויפגענומען דאָס היטל און ניט צום אָרט זיך באגריסט: „א גוטמאָרגן, אפאנאסי פעטראָוויטש!" — א „גוט יאָר, — האָט יענער געענטפערט. — מיט הינדעלעך, זאָג איך, פארנעמסטו זיך!" — „טאַקע איך גיי פאכבוי, איך זע א געשפרענקלט הינדל! אזעלכע מעשוגעדיקע פארשיידנפארביקע פעדערן אף איר, אז איך אפילע האָב זיך ניט געקאָנט איינהאלטן. לאָמיר, טראכט איך, זי כאפן און א קוק טאָן פון דער נאָענט, וואָס איז עס פאר א מעשונעדיקער פויגל? א לעבן אָפגעלעבט, און אזא מערקווירדיקע באשעפעניש ניט געזען!".

שטשוקארס כיטרעקייט איז בעעמעס ניט געווען צום פלאץ, און קראסנאָקוטאָוו האָט געמאכט צו איר א סאָף: „לייג ניט, אלטע שקאפע! אף הינער קוקט מען זיך ניט צו אין א זאק! זיי זיך מוידע, אף וואָס האָסטו זי געוואָלט אוועקגאנווענען?" און שטשוקאר האָט זיך מוידע געווען: ער האָט געזאָגט, אז ער האָט געוואָלט מעכאבעד זיין זיין בריגאדע מיט א הון. צו זיין פארווונדערונג האָט קראסנאָקוטאָוו קיין וואָרט ניט געזאָגט, ער האָט נאָר געגעבן אים אן אייצע: „פאר די אקערער מעג מען, דאָס איז ניט קיין זינד. ווייבאלד דו האָסט שוין געפאטערט איינס הינדל, איז לייג זי אין זאק, און דערצו שים אונטער מיטן שטעקן נאָך איינע, ניט די, נאָר אָט די, וואָס לייגט

ניט קיין אייער, די כאַבלאַטקע... פון איין הון וועסטו פאַר דער בריגאַדע קיין לאַקשן ניט אָפּקאָכן. כאַפּ א צווייטע אפּגיכ און טראָג זיך אָפּ אפּגיכ, אַניט — גאָט באַהיט — קאָן זיך די אַלטע אונטער־רוקן, וועט זי אונדז ביידן געבן די גאָב!

שטשוקאַר איז ביז גאָר געווען צופרידן מיטן אויסגאַנג פון דער געשיכטע, געכאַפּט א צווייטע הון און איז אריבער איבערן פּלויט. אין צוויי שעה איז ער געקומען אין טאַבאָר, און ווען ליובישקין איז געקומען אין כוטער, האָט שוין בא אים געקאָכט אינעם דרייעמער־דיקן קעסל דאָס וואַסער. עס פּלעגט אַרויסשפּרינגען פון קעסל די געקאָכטע הירזש, און די אָפּ שטיקלעך צעשניטענע הון איז אָפּגעגאַנ־גען מיט צעקאָכטן פעטס. די קאַשע איז געווען געלונגען, א פּראַכט. דאָס איינציקע, וואָס שטשוקאַר האָט מוירע געהאַט, — איז געווען דאָס, וואָס פון דער קאַשע וועט אונטערשטינקען מיט פּארשימלט וואַסער, ווייל דאָס וואַסער האָט ער געשעפּט פון דער נאָענטער פּלאַ־כער סאַזשלקע, און דאָס שטייענדיקע וואַסער דאָרט האָט שוין זיך געדעקט מיט קוים באַמערקבאַרער גרינקייט. אָבער זיינ מוירע האָט זיך ניט באַרעכטיקט: אַלע האָבן געגעסן און פּלייסיק אים געלויבט, און דער בריגאַדיר אַליין, ליובישקין, האָט אפילו געזאָגט: „איך לעבן האָב איך ניט געגעסן אַזא קאַנדיאָר! א דאַנק דיר, זיידעניו, פון דער גאַנצער בריגאַדע!"

דעם קעסל האָט מען שנעל ליידיק געמאַכט. די סאַמע פּלינקע האָבן שוין גענומען אַרויסבאַקומען פון דעק דאָס געדיכטע און טמי־קער פלייש. אָט אין דעם מאָמענט האָט פּאַסירט דאָס, וואָס עס האָט אָפּ אייביק געפּאַטערט שטשוקאַרס קעכער־קאַריערע... ליובישקין האָט אַרויסגעשלעפּט א שטיקל פלייש און האָט עס שוין געוואָלט אַריינלייגן אין מויל, אָבער פּלוצעם האָט ער זיך אָפּגערוקט און איז בלאַס געוואָרן:

— וואָס איז דאָס אַזוינס? — האָט ער ביז פאַרכמורעט גע־פרעגט בא שטשוקאַרן, און האַלטנדיק מיט די שפּיץ פינגער אַ שטיקל ווייס, צעקאָכט פלייש.

— מיסטאָמע א פליגעלע, — האָט רויִק געענטפערט דער אַלטער שטשוקאַר.

ליובישקינס פּאָנעם האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעגאָסן מיט בלוילעכער רויטקייט פון שרעקלעכן צאָרן.

— א פליגע־לע!.. אנו, קוק אהער קאשעזמאכעררער! — האָט ער געריטשעט.

— אַכ, טײַערינקע מײַנע! — האָט אַ געשריי געטאָנ אײַנע פונ די ווײַבער. — מיט נעגעלעכ!..

— די אויגנ זײַנענ דיר ארויסגעקראָכנ, פארפלוכטע! — האָט זיכ אפ דער פרוי ארופגעוואָרפנ דער אַלטער שטשוקאר. — פונוואַנענ זײַנענ אפ א פליגעלע פאראנ נעגל? זוכ זיי בא זיכ אונטערנ קליידל!—

ער האָט א וואָרפ געטאָנ אפ דער אויסגעשפרייטער רעכטע זײַנ לעפל און זיכ אײַנגעקוקט: אינ ליובישקינס ציטערנדיקער האַנט האָט זיכ געשאָקלט א דינ ביינדל, באצויגנ באַמ ברעג מיט הײַטעלעכ און מיט קליינינקע נעגעלעכ...

— ברידער! — האָט אויסגעשריִענ דער דערשיטערטער אקימ בעסכלעבנאָוו. — מיר האָבנ דאָכ אופגעגעסנ א זשאַבע!..

דאָ האָט זיכ עס אָנגעהויבנ די צערודערונג: אײַנע פונ די ווײַבע־לעכ, וואָס עס עקלט זיי, איז מיט א קרעכצ ארויסגעשפרונגענ און, פארקוועטשנדיק מיט די דלאָניעס דאָס מויל, איז זי אוועקגעלאָפנ הינטערנ פעלד־בײַדל. קאָנדראט מײַדאַניקאָוו האָט א קוק געטאָנ אפנ אַלטנ שטשוקאר אויסגעגלאָצטע אויגנ פול מיט גרעסטער שרעק, איז אנידערגעפאלנ אפנ רוקנ, זיכ געקײַקלט פונ געלעכטער און קוימ ארויסגערעדט; „אוי, ווײַבעלעכ! איר האָט דאָכ פליישיקס געגעסנ!” די קאָזאַקנ, וואָס האָבנ זיכ ווייניקער געעקלט, האָבנ אימ אונטערגע־האַלטנ. אָבער אקימ בעסכלעבנאָוו, אנ אופגעבראַכטער פונעמ געלעכ־טער, האָט ווילד גענומענ שרײַענ: „וואָס קאָנ דאָ זײַנ פאר א געלעכ־טער?! שלאָגנ שטשוקארנ!..

— פונוואַנענ האָט געקאָנט ארײַנפאלנ אינ קעסל א זשאַבע? — האָט ליובישקינ אויסגעפרעגט.

— ער האָט דאָכ דאָס וואסער פונ סאַזשאלקע געשעפט, האָט ער ניט באמערקט.

— הינטיישער זונ! אַלטע פליאַקע!.. מיט וואָס האָסטו אונדז אָנ־געקאָרמעט? ! — האָט אויסגעקוויטשעט אַניסיע, דאָנעצקאָווס שנור— און מיט א בײַקאָל האָט זי גענומענ געוואַלדעווענ: — איכ בינ האָב אינ די הויכע כאַהאָשימ! און אויב איכ וועל מאפל זײַנ איבער דיר, מענוווּל אײַנער? ! — און דערבײַ האָט זי ארײַנגעלאָזט אינעמ אַלטנ שטשוקאר די קאשע פונ איר שיסעלע.

ס'איז געוואָרנ א גרויסער טומל. די ווײַבער האָבנ זיכ געצויגנ

מיט די הענט צו שטשוקארס באָרד, ניט געקוקט דערופ, וואָס דער פאַרלאָרענער און איבערגעשראָקענער שטשוקאר האָט אײַנגעשפּאַרט געשריִענ:

— קילט זיך אָפּ א ביסעלע! — דאָס איז ניט קיינ זשאַבע! ווי קריסטוס איז הייליק — ניט קיינ זשאַבע!

— וואָס־זשע איז עס?! — האָט זיך אָנגעזעצט אניסיע דאָנעצקאָווע, א שרעקלעכע אינ איר צאָרנ.

— דאָס דוכט זיך אײַך נאָר! האָס כאָלעמט זיך אײַך! — האָט שטשוקאר געפּרוווט כיטרעווענ.

אָבער אָפּסמאָקענ דאָס „כאָלעמ"־ביינדעלע, וואָס ליובישקינ האָט אימ פאָרגעלייגט, האָט ער זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט. מעגלעך, אַז דערמיט וואָלט זיך דאָס פאַרענדיקט, ווענ שטשוקאר, דורכויס דערצאָרנט פונ די ווײַבער, וואָלט ניט א געשריי געטאָנ:

— גאַסנע שלומפּערס! טײַוולס אינ קליידלעך! איר קריכט אינ באָרד, אָבער איר פאַרשטייט ניט, אַז דאָס איז ניט קיינ פּראָסטע זשאַבע, נאָר אנ אָסטער.*

— וואָאָאָאָס? — זײַנענ די ווײַבער איבעראַשט געוואָרנ.

— אנ אָסטער. אפּ א מענטשישער שפּראַך זאָג איך אײַך! — א זשאַבע איז א פּאַסקודע. אָבער אנ אָסטער איז איידל בלוט! מײַנ ליבלעכער מעכוטנ האָט בײַמ אַלטנ פּריזשימ בײַמ גענעראַל פּילימאָנענ אַליינ געדינט אַלס דענשטשיק, אונ ער פלעגט דערציילנ, אַז דער גענעראַל פלעגט זיי אפילע אפנ ניכטערנ האַרצנ שלינגענ אינ הונדערטער! געגעסנ, ווי עס שטייט אונ גייט! די אָסטער האָט זיך נאָך פונ מויערקעפל ניט אויסגעשיילט, אונ ער האָט זי שוינ פונ דאָרט מיט א גאָפּעלע אַרויסגעצויגנ. ער שטעכט זי דורכ אונ — א גוטנ טאָג! זי פּישטשעט טרויעריק, אונ ער שטופּט זי רויִק אינ גאָרגל אַרײַנ. איז פונוואַנענ ווייסט איר, עפּשער איז אויכ אָט די מאַכאָרײַקע פונ דער אַסטערישער אָפּשטאַמונג? די גענעראַלנ האָבנ דאָס געהאַלטנ פאַר גוט, אונ איך, קאָנ זײַנ, האָב דאָס אומיסטנ אַרײַנגעלייגט פאַר אײַכ, די נאַראָנימ, צוליב געשמאַקייט...

דאָ האָט שוינ ליובישקינ ניט אויסגעהאַלטנ: געכאַפּט אינ האַנט דעמ קופּערנעמ קאָכלעפל, איז ער אופגעשטאַנענ אונ א ריטשע געטאָנ מיטנ גאַנצנ גאָרגל:

---

* אוסטריצע — ר ע ד.

— גענעראַלן? צוליב געשמאַקייט!.. איך בין אַ רוויטער פּאַרטיזאַן, און דו קאָרמעסט מיך מיט זשאַבעס, ווי אַ וועלכנס'איז... גענעראַל?..

שטשוקאַרן האָט זיך געדוכט, אַז אין ליובישקינס האַנט איז אַ מעסער, און ער האָט זיך געלאָזט לויפן, וואָהין די אויגן האָבן אים געטראָגן...

דאַווידאָוו האָט זיך וועגן דעם אַלעם דערוווּסט, ווען ער איז געקומען אין טאַבאָר, אָבער דערוויל, ווען ער האָט שטשוקאַרן באַגלייט, האָט ער געבעטן ראַזמיאָטנאָוון אָנצומיטראַגן דאָס פערד, און אינגיכן איז ער צוגעפאָרן צום טאַבאָר פון דער בריגאַדע. דער רעגן האָט נאָך אַלץ געקלונגען איבערן סטעפּ. פון גרעמיאַטשי לאָג ביז דער ווייטער סאַזשלקע האָט זיך אָפּ אַ האַלבן הימל געשטעלט אַן אויסגעבויגענער פאַרביקער רעגנבויגן. אינעם טאַבאָר איז קיין איין מענטש ניט געווען. זיך געזעגנט מיט ראַזמיאָטנאָוון, איז דאַווידאָוו אַוועק צום נאָענטסטן פירעק פונעם אַקער־פּלאַץ. דערגעבן האָבן זיך געפּאַשעט די אויסגעשפּאַנטע אָקסן. דער אַקערער — אַקים בעסכלעבנאָוו, וואָס האָט זיך געפוילט צו גיין אין טאַבאָר, האָט זיך געלייגט אַפּ דער פורכע, איבערן קאָפּ זיך איינגעדעקט מיט אַ סערמענגע און אונטערגעדרעמלט באַם געפּליסטער פון די רעגן־טראָפּנס. דאַווידאָוו האָט אים אופגעוועקט:

— פאַרוואָס אַקערסטו ניט?

אַקים איז אָן ביישעק אופגעשטאַנען, זיך אויסגעגענעצט און אַ שמייכל געטאָן:

ווען עס רעגנט, קאָן מען ניט אַרבעטן, כאַווער דאַווידאָוו. איר ווייסט ניט וועגן דעם? אָן אָקס איז ניט קיין טראַקטער, ווערט נאָר אַ האָרעלע איינגענעצט די פעל אָפּן האַלדז, — אַזוי באַלד קאָן מען אים אָנרייבן דעם האַלדז ביז בלוט. און דעמלט קאָן מען שוין מיט אים ניט אַרבעטן. ריכטיק, ריכטיק! — האָט ער פאַרענדיקט, באַמערקנדיק אומצוטרוי אין דאַווידאָווס בליק; און ער האָט געראַטן: איר וואָלט בעסער נעגאַנגען די גיבוירים פאַנאַנדערנעמען. פון אינדערפרי אָן איז קאָנדראַט מײַדאַניקאָוו צוגעשטאַנען צו אַטאַמאַנטשוקאָוו... און איצט גייט באַ זיי אַ שלאַכט אַפּ אָט דעם אַקער־פעלד. קאָנדראַט הייסט די אָקסן אויסשפּאַנען, און אַטאַמאַנטשוקאָוו טײַנעט: „טשעפּע ניט מײַן געשפּאַן, אַניט וועל איך דיר דעם קאָפּ שפּאַלטן...“ זיי האַלטן זיך שוין, דוכט זיך, פאַרן גאָרגל!

דאַווידאָוו האָט אַ קוק געטאָן צום עק פונעם צווייטן פירעק און

דערזען, אז דאָרט קומט ווירקלעך פאָר עפּעס ענלעכעס אף א גע־
שלעג: מײַדאַניקאָוו האָט ווי א שווערד געהאַלטן אין האַנט אן אײַזער־
נעם שטאַנג, און דער הויכער אַטאַמאַנטשוקאָוו האָט מיט איין האַנט
אים אָפּגעשטופּט פונעם יאָך און די צווייטע, צונויפגעפּרעסט אין א
פויסט, האָט ער געהאַלטן הינטערן רוקן. זייערע שטימען האָבן זיך
ניט געהערט. דאַווידאָוו, וואָס איז אין אײַלעניש אַוועק אַהינצו, האָט
נאָך פונווײַטן א געשריי געטאָן:

— וואָס נאָך פאַר א מײַסע?

— וואָס הייסט, דאַווידאָוו! עס גייט א נעץ, און ער אַקערט; אַזוי
וועט ער דאָך די העלדזער פון די אָקסן צערײַבן! איך זאָג: „שפּאַן
אויס, קאָלומאַן עס גייט א רעגן", מאַכט ער מיר אין דער מאַמען:
„ניט דײַן זאַך!" וועמעס דען זאַך איז עס, הינטישער זון? וועמעס,
הייזעריקער טײַוול? — האָט מײַדאַניקאָוו זיך צעשריִען, זיך ווענדנדיק
שוין צו אַטאַמאַנטשוקאָוון און זיך פאַרמאָסטן אף אים מיט דער
שטאַנג.

ווי ס'ווײַזט אויס, האָבן זיי שוין באַוויזן זיך צו צעקלאַפּן: בײַ
מײַדאַניקאָוון אונטערן אויג האָט ווי א פלוים זיך געבלויט א בײַל,
און בײַ אַטאַמאַנטשוקאָוון איז דער קאָלנער פונעם העמדל געווען צע־
ריסן אין דער קווער, אף דער אָפּגעגאָלטער אויפגעלאָפענער ליפּ איז
געווען צעשמירט בלוט.

— איך'ל ניט לאָזן מאַכן שאָדן דעם קאָלווירט! — האָט מײַדאַני־
קאָוו געשריִען, אונטערגעמונטערט מיט דאַווידאָווס קומען. — ער
זאָגט: „ס'ניט מײַנע אָקסן, קאָלווירטישע!" און אויב קאָלווירטישע,
הייסט עס, דאַרף מען בײַ זיי די פעל אָפּשינדן? אַוועק פון די אָקסן,
פּאַסקודניע!

— דו ביסט מיר ניט קיין באַפעלער! און שלאָגן זיך האָסטו
ניט קיין רעכט! אַניט וועל איך אַרויסנעמען דעם שוואָרען און וועל
דיר אַזאַ שמיר טאָן! איך דאַרף די נאָרמע אויפאַקערן, און דו לאָזט
ניט! — האָט דער בלייכער אַטאַמאַנטשוקאָוו געכריפּעט און מיט דער
לינקער האַנט געזוכט, ווי צו פאַרשפּיליען דעם קאָלנער פון העמדל.

— בײַ א רעגן מעג מען אַקערן? — האָט דאַווידאָוו בײַ אים גע־
פרעגט און פאַרייִנס צונעמענדיק פון קאָנטראַהענטס הענט דעם שטאַנג און
אים אַוועקגעוואָרפן.

אַטאַמאַנטשוקאָווס אויגן האָבן גענומען גלאַנצן. דרייענדיק מיט
זײַן דינעם האַלדז, האָט ער בייז אַרויסגעכריפּעט:

— בא באלעבאטימ טאָר מענ ניט, אָבער אינ קאָלווירט דארפ מענ!..

— וואָס הייסט „מע דארפ"?

— אזוי, ווײַל מע דארפ דעמ פּלאנ אויספּילנ! יאָ א רעגנ, ניט קיינ רעגנ, אקער. אונ אז מע אקערט ניט אופ, וועט דיכ ליובישקינ א גאנצנ טאָג מאָטשענ, ווי האָסט פּרעסט אײַזנ.

— וואַרפ אוועק דײַנע רייד־עלעכ... נעכטנ, בײַ א גוטנ וועטער, האָס־טו די נאָרמע אופגעאקערט?

— געאקערט, וויפל כ'האָב געקאָנט!

מיכאניקאָוו האָט זיכ אויסגעלאכט.

— א פערטל דעסיאטינ האָט ער אופגעאקערט! זע, ס'ארא אָקסנ ער האָט! די הערנער ניט צו דערגרייכנ, אונ וואָס האָט ער אופגע־אקערט? קומ, דאווידאָוו! וועסט נאָכ זענ. — ער האָט געכאפּט דאווי־דאָווס פארנ נאָסנ ארבל פונ זײַנ מאנטל אונ אימ געפירט איבער דער פורכע, ניט דערייידנדיק אַזש די ווערטער פונ אופרעגונג, געמורמלט:— מיר האָבנ באשלאָסנ אקערנ ניט ווייניקער פונ דרײַ א האלב ווערשקעס די טיפ, אונ דאָ? מעסט אויס אליינ!

דאווידאָוו האָט זיכ אײַנגעבויגנ, ארײַנגעשטוקט די פינגער אינ דער ווייכער אונ קלעפּיקער פורכע. פונ איר דעק ביזנ אויבנ איז געווענ ניט מער ווי אָנדערהאַלבנ—צוויי ווערשקעס די טיפ.

— דאָס הייסט געארבעט? דאָס הייסט געקראצט די ערד אָבער ניט געאקערט! איכ האָב אימ נאָכ איינדערפרי געוואָלט אָנשלאָגנ פאר אזא ארבעט. גיי זיכ דורכ איבער אלע פעלדער — אומעטומ איז בא אימ אזא טיפ!

— אנו קומ אהער! דיר זאָג איכ א פאקט! — האָט דאווידאָוו א געשריי געטאָנ צו אטאמאנטשוקאָוו, וועלכער האָט ניט גערנ אויסגע־שפּאנט די אָקסנ. פויל אונ ניט געאײַלט איז ער צוגעגאנגענ.

—וואָס האָסטו עס אזוי.. געאקערט? — האָט דאווידאָוו שטיל געפרעגט אנטפּלעקנדיק דעמ שטשערב אינ מויל.

— אונ ווי וואָלט איר געוואָלט? אכט ווערשקעס די טיפ? — האָט אטאמאנטשוקאָוו בייז זיכ פארזשמורעט אונ, אראָפּנעמענדיק דאָס היטל פונעמ נאקעט־געשאָרענעמ קאָפּ, האָט ער זיכ פאראנטוועט: — א דאנק אײַכ! פּרוווט אליינ טיפער אופאקערנ! אפ ווערטער זײַנענ מיר אלע בעריעס, ווי אפ די אָרגאנעס, אונ אז עס קומט צו טאָנ, זײַנענ מיר ניטאָ!

— מיר וואָלטנ געוואָלט, אז מע זאָל דיכ, דעמ מענגוול, פונעמ קאָלווירט ארויסיאָגנ! — האָט דאווידאָוו אויסגעשריִענ, רויט ווערנ־דיק: — און מיר וועלנ דיכ ארויסיאָגנ!

— טוט א טויווע! איכ וועל אלײנ ארויסגײנ! איכ בינ ניט קײנ פארפאלענער, אז איכ זאָל אײַכ דאָ מײַנ לעבנ ארײַנזעצנ... פאטערנ די קויכעס, און צוליב וואָס, ווײס איכ אלײנ ניט! — און איז אונטער־פײַפנדיק אוועק צומ טאבאָר.

אײַנאָונט, ווי נאָר די גאנצע בריגאדע האָט זיכ פארזאמלט אינ טאבאָר, האָט דאווידאָוו געזאָגט:

— איכ שטעל פאר דער בריגאדע די פראגע: וואָס זאָל מענ טאָנ מיט א פאלשנ קאָלווירטניק, וואָס נארט אָפּ דעמ קאָלווירט און די ראטנ־מאכט: אָנשטאָט דרײַ א האלב ווערשקעס צו אקערנ, פאטערט ער די ערד און אקערט אָנדערהאלבנ ווערשקעס? וואָס זאָל מענ טאָנ מיט דעמ, ווער עס וויל באוווסטזיניק באגראָבנ די אָקסנ, ארבעטנדיק בײַם א רעגנ, און בײַ א גוטנ וועטער פילט ער אויס די נאָרמע נאָר אָפּ א העלפט.

— ארויסיאָגנ! — האָט ליובישקינ געזאָגט.

באזונדערס הײס האָבנ אימ אונטערגעהאלטנ די ווײַבער.

— אזא קאָלווירטניק — א שעדיקער — האָבנ מיר צווישנ אונדז. אָט איז ער! — דאווידאָוו האָט אָנגעוויזנ אפּ אטאמאנטשוקאָוונ, וואָס האָט זיכ צוגעזעצט אפנ דישל פונ אנ ארבע. — די בריגאדע איז פאר־זאמלט. איכ שטעל די פראגע אפּ אָפּשטימונג: ווער איז דערפאר, אז מע זאָל אטאמאנטשוקאָוונ דעמ שעדיקער און לאָדער ארויס־טרײַבנ? — פונ זיבנ און צוואנציק האָבנ געשטימט „פאר" דרײַ און צוואנציק. דאווידאָוו האָט איבערגעציילט און טרוקנ, געזאָגט צו אטא־מאנטשוקאָוונ:

— טראָג זיכ אָפּ! דו ביסט שוינ איצט ניט קײנ קאָלווירטניק, וא פאקט! און אינ א יאָר ארומ וועלנ מיר זענ: וועסטו זיכ אויסבעסערנ, וועלנ מיר דיכ צונעמענ צוריק. איצט, כאווײרימ, הערט אויס מײַנ קורצ און וויכטיק וואָרט צו אײַכ. קומאט איר אלע ארבעט שלעכט. זײער שלעכט! די נאָרמעס פילט קײנער ניט אויס, אויסער מײדאַני־קאָוונ. דאָס איז א שענדלעכער פאקט, כאווײרימ צווייטע בריגאדע! אזוי־אָ קאָנ מענ זיכ מיִעס אײַנמאכנ. מיט אזא ארבעט קאָנענ מיר אינ אײנ מאָמענט ארופליִענ אפנ שווארצנ טאָוול, און אזוי בלײַבנ צוגע־קלעפּט צו אימ! אינעמ קאָלווירט אפּ סטאלינס נאָמענ און אזא מיִע־כע דערשײַנונג! מע הארפּ דאָס אויסרײַסנ מיטנ וואָרצל!

— א צו גרויסע נאָרמע! די אָקסנ שלעפנ ניט, — האָט אקימ בעסכלעבנאָוו געזאָגט.

— א צו גרויסע? פאר די אָקסנ? בלאָטע! פארוואָס איז זי פאר מײַדאניקאָווס אָקסנ ניט קיינ צו גרויסע? איכ פארבלײַב אינ אײַער בריגאדע, איכ נעמ אטאמאנטשוקאָווס אָקסנ אונ איכ וועל אײַכ באווײַזנ אפ א לעבעדיקנ בײַשפיל, אז מע קאָנ אינ א טאָג אויפאקערנ 1 הא אונ אפילע 1¼.

— יע, דאווידאָוו, ביסט א פלינקער! דו פארשטייסט אינ אויסעק, האָט קוזשענקאָוו זיכ פאנאנדערגעלאכט, האלטנדיק פארדריקט אינ האנט די קורצע גרוילעכע באָרד, — אפ אטאמאנטשוקאָווס אָקסנ קאָנ מענ דעמ טײַוול אָפּדרייענ די הערנער! אפ זײ וואָלט איכ אויכ אויפגעאקערט א הא...

— אונ אפ דײַנע וואָלסטו ניט אויפגעאקערט?

— אינ לעבנ ניט!

— נו לאָמיר זיכ בײַטנ! דו — אפ אטאמאנטשוקאָווס אונ איכ — אפ דײַנע! גוט?

— לאָמיר פרוווּנ — האָט קוזשענקאָוו, א קלער טוענדיק, ערנסט אונ פארזיכטיק געענטפערט.

...די נאכט האָט דאווידאָוו פארבראכט אומרויִק. ער איז געשלאָפנ אינ פעלד-בײַדל, אָפט זיכ אויפגעכאפט, צי הערפאר, וואָס פונעמ ווינט האָט דער בלעכענער דאכ פונעמ בײַדל געטראסקעט, צי פונ דער האלבנאכטיקער קעלט, וואָס האָט זיכ פארקליבנ אונטערנ ניט אויס-געטריקנטנ מאנטל פונעמ רעגנ, צי פונ די פליי, וואָס האָבנ געדיכט זיכ באזעצט אינעמ אונטערגעבעטנ פעלץ...

באגינענ האָט אימ אויפגעוועקט קאָנדראט מײַדאניקאָוו. ער האָט שוינ אויפגעהויבנ אפ די פיס די גאנצע בריגאדע. דאווידאָוו איז ארויס-געשפרונגענ פונעמ בײַדל. איבער מיזרעכדיקנ ברעג הימל האָבנ טונקל זיכ דורכגעליכטנ די שטערנ, דער יונגער, אויסגעבויגענער מולעד האָט, ווי א גאָלדשמידונג, געשײַנט אפ דעמ גרוי-שטאָלענעמ הימל-פאנצער. דאווידאָוו האָט זיכ ארומגעוואשנ מיטנ וואסער פונ דער סאזשלקע. קאָנדראט איז געשטאנענ דערבײַ אונ, קײַענדיק דעמ ברעג וואָנצע, האָט ער גערעדט:

— פאר א טאָג מאכנ א דעסיאטינע מיט א שמיצל איז א גרויסע ארבעט... האָסטו געכטנ איבערגעכאפט די מאָס, כאווער דאווידאָוו! זע, מיר זאָלנ מיט דיר ניט בלײַבנ אויסגעשטעלט...

— אַלץ איז בײַ אונדז אין די הענט, אַלץ איז אונטערם! וואָס האָסטו מורע? — האָט אים האָוויזאָוו אונטערגעמונטערט, און פאַר זיך האָט ער געטראַכט: „איכל שטאַרבן אין פעלד און איכל מאַכן! באַנאַכט מיט אַ לאָמטערן וועל איך אַקערן, און איך וועל אויפאַקערן אַ דעסיאַטין מיט אַ פערטל, ניט אַנדערש. אַ כאַרפּע פאַרן גאַנצן אַר־בעטער־קלאַס...".

ביז דאַווידאָוו האָט אויסגעווישט זײַן פּאָנעם מיטן ברעג פון זײַן פאַרוסיקן העמדל, האָט קאָנדראַט אײַנגעשפּאַנט זײַנע אייגענע און אַ־וויכראָווס אָקסן און אַ געשריי געטאָן:

— אַוועק!

באַם סקריפּען פון די אַקער־רעדלעך האָט קאָנדראַט דערקלערט דאַווידאָוון די פּאַשעטע קלאָלים פון אַקערן מיט אָקסן, קלאָלים וואָס האָבן זיך אויסגעבילדעט אין יאָרצענדליקער.

— דער בעסטער אַקער ווערט גערעכנט דער סאַקאָווער. מע זאָל אַפילע נעמען דעם אַקסײַער, מע קאָן ניט זאָגן, — און אַקער, אָבער צום סאַקאָווער קומט ער ניט! ער איז ניט אַזוי אָנגעשטעלט. מיר האָבן באַשלאָסן צו אַקערן אַזוי: מיר טיילן אויס פאַר יעדערן זײַן ער־קוואַדראַטל און טו וואָס דו ווילסט. פון אָנהייב האָבן בעסכלעבנאָוו, אַטאַמאַנטשוקאָוו, קוזשענקאָוו און ליובישקין, וואָס איז צו זיי צוגע־שטאַנען, געאַקערט איינס נאָך איינס. וויבאַלד בײַ אונדז איז אַ קאָל־ווירט, — זאָגן זיי, — הייסט עס, אַז מע דאַרף גיין אַקער נאָך אַקער. זײַנען זיי אַוועק. אָבער איך זע, אַז ניט אַהין גייט עס... שטעלט זיך אָפּ דער פאָדערשטער אַקער, דאַרפן שוין די אַנדערע זיך אויך אָפּ־שטעלן. אויב דער פאָדערשטער אַקערט פּאַוואָליניקע, אַקערן שוין די איבעריקע אויך אַזוי, ניט ווילנדיק. האָב איך זיך צעבונטעוועט: „אַהער — זאָג איך, — לאָזט מיר דעם ערשטן, אָדער טיילט אויס פאַר יעדערן זײַן קוואַדראַטל". דאָ האָט שוין אויך ליובישקין פאַר־שטאַנען, אַז עס טויג ניט אַזוי צו אַקערן. קיינעמס אַרבעט זעט מען ניט אָן. האָבן מיר צעטיילט אויף קוואַדראַטלעך. נו, בין איך אַוועק פון זיי און געגעבן צען אויגלעך פאָר! יעדעס קוואַדראַטל בײַ אונדז איז אַ דעסיאַטין, 160 קלאַפטער — און ערד־פּאַס אין דער לענג און 15 — אין דער ברייט.

— פאַרוואָס אַקערט מען ניט דעם ערד־פּאַס אין דער ברייט? — האָט געפרעגט דאַווידאָוו, קוקנדיק אויפן אַקער־פעלד.

— דאָס איז אָט פאַרוואָס: מע ענדיקט די פורכע אין דער לענג אין

באמ וויהאָנ קערעוועט מענ אויס די אָקסנ, יאָ? אויב מע זאָל זיי שארפ א קערעווע טאָנ, קאָנ מענ זיי די העלדזער אָנקלאפּנ מיט די יאָכנ, אונ — פּארטיק אונ אָקס, ער טויג שוינ ניט צומ אקערנ! דעריבער אקערט מענ דורכ אינ דער לענג, אונ דערנאָכ דרייט מענ אויס דעמ אקער אונ א 15 קלאפּטער יאָגט מענ אימ א ליידיקנ. דער טראקטער — ער קערעוועט זיכ אזוי שארפ אויס אזש די רעדער דרייענ זיכ באַ אימ פונ פּאָרנט, אונ ווידער אוועק אקערנ אפ צוריקוועגס, אָבער דריי־פיר פּאָר אָקסנ קאָנ מענ דענ אויסקערעווענ? דאָ וואָלטנ זיי געדארפט, ווי סאָלדאטנ אינ פראָנט, אפ איינ לינקער פוס זיכ דרייענ, קעדיי צו פּאראקערנ באמ אויסקערעווענ זיכ אָנ א פליכ! איבער דעמ טאָר מענ קיינ גרויסע קוואדראטלעכ ניט מאכנ באמ אקערנ מיט אָקסנ. פאר א טראקטער איז וואָס קירצער די האָנע, אלצ רויקער, אָבער מיט אָקסנ, אז מיר בויערנ דורכ א 160־קע לענג, אונ דערנאָכ דארפ דאָכ דער אקער באַ מיר איבער דער ברייט א ליידיקער גיינ, א געשלעפּטער. אָט וועל איכ איַיכ אָנמאָלנ, — קאָנדראט האָט זיכ אָנגעשטעלט אונ געצייכנט אפ דער ערד מיטנ אָנגעשפּיצטנ עק פונעמ בייטש־שטעקל א לענגלעכ קוואדראטל.

— דאָ, לאָמיר זאָגנ, איז פיר דעסיאטינעס. אינ דער לענג 160 קלאפּטער, אונ אינ דער ברייט — 60. אָט אקער איכ די ערשטע האָנע אינ דער לענג, איר זעט: אויב איכ אקער איינ דעסיאטינע, דארפ איכ מיט ליידיקנ ארומפאָרנ 15 קלאפּטער אפנ וויהאָנ, אָבער אויב 4 דעסיאטינעס — 60. לוינט עס דאָכ ניט? פארשטאנענ? מע פארלירט צייַט...

— כ'האָב פארשטאנענ. דאָס האָסטו פאקטיש דערוויזנ.

— אקערנ אמאָל האָט איר געאקערט?

— ניינ, ברודערל, ס'איז ניט אויסגעקומענ. וואָס אנ אקער איז, ווייס איכ, אונ ערעכ, אָבער לאָזנ אימ אינ גאנג קאָנ איכ ניט. דו באווייַז מיר, איכ בינ א פארשטאנדיקער.

— איכ וועל איַיכ באלד אָנשטעלנ דעמ אקער, כ'וועל מיט איַיכ דורכגיינ א האָנעס צוויי, אונ דערנאָכ וועט איר זיכ שוינ אליינ אויסלערנענ.

קאָנדראט האָט איַינגעשטעלט דאָווידאָוס אקער, איבערגעשטעלט אפ דעמ הייב־קישעלע דעמ האקנ אונ איַינגעשטעלט די טיפ אפ דרייַ א האלב ווערשקעס, אונ, אומבאמערקט אריבערגייענדיק אפ „דו“, האָט ער אינ גאנג דערקלערט:

— מירנ נעמענ אקערנ, וועסטו זענ, טאָמער וועט פאר די אָקסנ זײַנ צו שווער, וועסטו אונטערהעלפנ אפ אנ אַנדערהאַלבנ דרײַ אַט די זאַכ. בא אונדז הײסט עס — דאָס פּעסל, זעסט, דאָס איז אפ אַנ אָפענער קײט, אָבער די אַקער־קײט איז א פאַרמאַכטע. וועסטו אַ דרײַ טאָנ דאָס פּעסל, וועט זיכ דער לעמעכ א ביסל שטעלנ אפ א זײַט אונ וועט גענעמענ אינ דער ברײט שוינ ניט מיט זײַנע אַלע אכט צאָל, נאָר מיט זעקס, וועט פאַר די אָקסנ ווערנ גרינגער. נו, אוועק! צאָב, פּליכעוואַטער! צאָב!.. זשאַלעווע ניט דאָס לעבנ, באַוער דאַווידאָוו!

דאַווידאָווס אָנטרײַבער — א יונג באָכערל — האָט א קוואַק געטאָנ מיטנ אראַפּניק, אונ די פאָרויסיקע אָקסנ האָבנ צזאַמענ א נעם געטאָנ פונ אָרט. דאַווידאָוו האָט מיט א געוויסער רענונג אוועקגעלײגט זײַנע הענט אפ די אקער־הענטלעכ אונ איז אוועק נאָכנ אקער, קוקנ־דיק, ווי צעשניטנ מיטנ שאַרפ, קריכט פונ אונטערנ לעמעכ אפ זײַנ גלאַנציקער אינוויינייקסטער זײַט, א פעטער פלאַסט ערד אונ וואַלגערט זיכ אָנ א זײַט, ווי א שלאָפנדיקער פיש.

צום סאָפ האָנע, אפנ ווירהאָג, איז מײַדאַניקאָוו צוגעלאָפנ צו דאַווידאָוונ אונ אָנגעוויזנ:

— לײג דעמ אקער אפ לינקס, ער זאָל גײנ קריכנדיק, אונ דו זאָלסט ניט דאַרפנ רײַניקנ די אינווייניקסטע זײַט, אָט אזוי טו, זע! — ער האָט זיכ אָנגעלײגט אפנ רעכטנ אקער־הענטל, געשטעלט דעמ אקער אפנ קאַנט, אונ דער ערד־פּלאַסט איז קרומ אונ שטײַפ זיכ דורכגעפאָרנ איבער דער אינווייניקסטער זײַט, פונקט ווי ער וואָלט אָפּגעלעקט די פעסט צוגעקלעפּטע בלאָטע. — אָט ווי מע דאַרפ! — קאָנדראַט האָט איבערגעקערט דעמ אקער אונ א שמײכל געטאָנ: — דאָ איז אויכ פּאַראַנ טעכניק! ווענ מע שטעלט ניט דעמ אקער אפנ קאַנט וואָלט מענ געדאַרפט, ווענ די אָקסנ גײענ איבער דער ברײט פונ קוואַדראַטל, מיטנ רײַניק־שטעקנ אָפּרײַניקנ די בלאָטע פונ דער אינווייניקסטער זײַט לעמעכ. איצט איז בא דיר דער אקער, ווי אַנ אויפגעוואַשענער, אונ דו קענסט אינ גאַנצנ פאַרדרײען א ציגאַרל פאַר דײַנ פאַרגעניגנ וועגנ. נא דיר!

ער האָט דאַווידאָווונ פאַרגעלײגט דאָס טאַבעק־בײַטעלע, צונויפגעדרײט א ראָליק, פאַרדרײט א ציגאַרל אונ מיטנ קאָפּ אָנגעוויזנ אפ זײַנע אָקסנ:

— זע, ווי מײַנע ווײַב קערט וועלטנ! דער אײַנגעשטעלטער אקער שפּרינגט זעלטנ אַרויס, זי וואָלט אלײנ אויכ געקענט אקערנ ...

— דײַן װײַב איז עס באַ דיר די אָנטרײַבערן? — האָט דאַװי־דאָװו געפרעגט.

— דאָס װײַב. מיט איר איז באַקװעמער. זי קאָן מען אַמאָל מיט אַ פעסט װאָרט אַ זידל טאָן, — זי װעט זיך ניט באַלײדיקן, און אױב זי װעט זיך באַלײדיקן, איז עס נאָר ביז נאַכט... די נאַכט מאַכט צװישן אונדז שאָלעם, פאַרט אײגענע... — קאָנדראַט האָט אַ שמײכל געטאָן און ברײט און צעהױדעט אױסגעשפּאַנט צום אַקער־פעלד.

ביז מיטיק האָט דאַװידאָװו אױפגעאַקערט כאַ אַ פערטל דעסיאַטין. געגעסן קאַשע אָן כײשעק, זיך דערװאַרט, ביז די אָקסן האָבן זיך אָנגעקאָרמעט און צוגעװױנקען צו קאָנדראַטן:

— מירן אָנהײבן?

— איך בין גרײט. אַניװטקע, טרײַב די אָקסן!

און װידער — פורכע נאָך פורכע — װאַלגערט זיך דער אױפגע־שניטענער מיטן שאַרפן פונעם לעמעך, פאַרהאַרטעװעטער פון יאָר־הונדערטער, צונױפגעפרעסטער באָדן, עס שטרעקן זיך צום הימל די איבערגעקערטע, טױט־צונױפגעדרײטע גראָז־װאָרצלען, און דער צעדרי־בלעטער, דאָרנדיקער אױבערשיכט װערט באַהאַלטן אין די שװאַרצע הרודעס. די ערד פון דער זײַט, װו זי פאַלט, באַװעגט זיך, קערט זיך איבער, פונקט װי זי שװימט. דער פײַכטער גערוך פון דער שװאַרצ־ערד איז מעכײַעדיק און זיס. די זון איז נאָך הױך, און באַם צונע־שפּאַנטן אָקס טונקלט זיך שױן פון שװײס די אױסקריכנדיקע פעל... פאַרנאַכט האָבן באַ דאַװידאָװן שװער גענאָגן די אָנגעריבענע פיס און ס'האָט איצט געבראָכן דער קרײַץ. שטרױכלענדיק זיך, האָט ער אױס־געמאָסטן זײַן באַצירק און אַ שמײכל געטאָן מיט די פאַרטריקנטע, פון שטויב פאַרשװאַרצטע ליפּן: אױפגעאַקערט פאַרן טאָג אײן דעסיאַ־טינע.

— נו, װיפל האָסטו געמאַכט? — האָט קאָזשענקאָװו מיט אַ קוים־באַמערקבאַרן שמײכל געפרעגט, װען ער איז, שלעפנדיק די פיס, צוגע־גאַנגען צום טאַבאָר.

— װיפל מײנסטו?

— אַ האַלבע דעסיאַטינע האָסטו בײַגעקומען?

— נײן, דער טײַװל זאָל דיך נעמען, אַ דעסיטינע מיט אַ האָנע!

קאָזשענקאָװו װעלכער האָט געשמירט מיט פעטס דעם פיס װאָס ער האָט צעשניטן מיטן צאָן פון אַ באָראָנע, האָט זיך אַ קװעטש געטאָן, און איז אַװעק מעסטן דאַװידאָװס קװאַדראַטל... אין אַ האַלב

שאָ ארומ, ווענ ס'איז שוינ גוט טונקל געווענ, איז ער געקומענ צו־
דיק אונ זיכ געזעצט עטוואָס ווײַטער פונעמ פײַער.

— וואָס־זשע שווײַגסטו, קוזשענקאָוו? — האָט דאַווידאָוו געפרעגט.

— דער פּיס טוט עפּעס וויי... ניטאָ וואָס צו רײדנ, — אופגעאַקוערט,
נו, איז אופגעאַקערט... א געשעפט! — האָט יענער ניט גערנ געענט־
פערט אונ זיכ צוגעלייגט צומ פײַער, ארופרוקנדיק אפנ קאָפּ די סער־
מענגע.

— פארשמירט דיר האָט מויל? איצט וועסטו שוינ ניט בילנ? —
האָט זיכ קאָנדראט צעלאכט, אָבער קוזשענקאָוו האָט פארשוויגנ, פונקט
ווי ער וואָלט ניט געהערט.

דאַווידאָוו האָט זיכ צעלייגט לעבנ כײַדל אונ פארמאכט די אויגנ.
פונעמ שײַטער־הויפנ האָט געטראָגנ דער רייעכ פונ האָלצ־אש. די אָנ־
געריבענע פוסטריט האָבנ הייס געברענט פונ א גאנצנ טאָג נאָכגיינ
נאָכנ אקער אונ אינ די געלענקענ איז געווענ א נאָגנדיקע שווערקײַט;
ווי ער זאָל ניט לייגנ די פיס, איז אלצ אומבאקוועמ, עס ווילט זיכ
אלצ בײַטנ די לאַגע... אונ קימאט גלײַכ, ווי נאָר ער האָט זיכ געלייגט,
האָט זיכ פאר די אויגנ גענומענ טראָגנ דער זיכ כוואַליענדיקער שוואַ־
צער באָדנ: דער ווײַסער שארפ פונעמ לעמעכ האָט שטיל געשניטנ,
אונ פונ דער זײַט האָט, בײַטנדיק די שטריכנ, ווי סמאָלע געזאָפנ איינ
איז געקראָכנ די שווארצע ערד... דערפילט א לײַכטנ קאָפּ־שווינדל אונ
ניט גוטקײַט, האָט דאַווידאָוו געעפנט די אויגנ אונ צוגערופנ קאָנ־
דראטנ:

— עס שלאָפט זיכ ניט? — האָט יענער געענטפערט.

— יאָ, דער קאָפּ דרייט זיכ עפּעס, פאר די אויגנ שטייט די ערד
פונ אונטערנ אקער...

— דאָס איז אלעמאָל אזוי, — אינ קאָנדראטס שטימ האָט זיכ
געהערט א מיטגעפיל־שמייכל. — א גאנצנ טאָג קוקט מענ אונטער די
פיס, דערפונ נעמט זיכ די קאָפּדרייעניש. אונ דאָ איז נאָכ דער גערוכ
פונ דער ערד א טײַוולשער, א ריינער, פונ אימ ווערט מענ אזש שי־
קער. מאָרגנ, דאַווידאָוו, זאָלסטו אונטער די פיס צופיל ניט קוקנ,
נאָר אזוי, מיט זײַטיקע זאכנ אינטערעסיר זיכ מער...

באגאכט האָט דאַווידאָוו ניט געפילט די בײַסעניש פונ די פליי,
ניט דאָס הירזשענ פונ די פערד, ניט דאָס כראָגערנ פונ דער באר־
שפעטיקטער סטאניצע ווילדע גענדז, וואָס האָט גענעכטיקט אפ דער
ערד־האמבע, — איינגעשלאָפנ אפ טויט. שוינ באגינענ, ווענ ער האָט

זיכ אויפגעכאפט, האָט ער דערזענ קאָנדראטנ, וואָס איז צוגעקומענ צומ ביידל, איינגעקוטעט אינ סערמיענגע.

— ווו ביסטו עס געווענ? — האָט פונ שלאָפ דאווידאָוו געפרעגט אונ אויפגעהויבנ דעמ קאָפ.

— מיינע אונ דיינע אָקסנ געהיט... זיי האָבנ זיכ גוט אונטערגעקאָרמעט די אָקסנ. איכ האָב זיי אוועקגעטריבנ אינ טאָלכל, דאָרט האָט א גוטער גראָז ארויסגעשפראָצט...

קאָנדראטס הייזעריקלעכע שטימ האָט זיכ שנעל גענומענ דערהווייטערנ, איז געוואָרנ הומפ... דאווידאָוו האָט ניט געהערט דעמ סאָפ פונ דער פראזע: דער שלאָפ האָט ווידער אוועקגעלייגט זיינ קאָפ אפנ פעלצ, וואָס איז געווענ נאס פונ טוי, אונ אימ איינגעהילט אינ פארגעסנקייט.

דעמ טאָג ביז פארנאכט האָט דאווידאָוו אויפגעאקערט א דעסיאטינע מיט צוויי האָנעס, ליובישקינ — פונקט א דעסיאטינע, קוזשענקאָוו — א דעסיאטינע אָנ עפעס אונ אבסאָליוט אומדערוואַרט פאר זיי האָט זיכ אפנ ערשטנ אָרט ארויפגעשלאָגנ אנטיפ גראטש, וואָס האָט זיכ ביז דעמ געפונענ אינ דער גרופע אָפגעשטאנענע, וואָס דאווידאָוו האָט מיט שפאָס אנגערופנ די „שוואכקרעפטיקע קאָמאנדע”. ער האָט געארבעט מיט די אויסגעהארטע טיטאָקס אָקסנ. ווענ מע האָט געגעבנ ווארמעס — האָט ער פארשוויגנ, וויפל ער האָט אויפגעאקערט. נאָכ מיטיק האָט זיינ ווייב, וואָס האָט מיט אימ געארבעט אלס אָנטרייבערנ, געקאָרמעט איר געשפאנ אָקסנ פונעמ קליידל, ווו זי האָט געהאט אָנגעשאָטנ זעקס פונט קאָנצענטרירטנ פיטער, וואָס מע האָט ארויסגעגעבנ פאר זיי. אנטיפ האָט אפילע די ברויט־ברעקלעכ, וואָס זיינענ געבליבנ נאָכ מיטיק, אָפגעטרייסלט צומ ווייב אינ קליידל אריינ, — פאר די אָקסנ אונטערצוקאָרמענ. ליובישקינ האָט עס באמערקט אונ א שמייכל געטאָנ:

— מאכסט עס איידל, אנטיפ! ציסט זיכ אונטער אינדערשטיל!

— אונ כ'וועל זיכ דערציִענ אויכ! אונדזער יִכעס איז אינ דער ארבעט ניט פונ די לעצטע! — האָט ארויסגערופעריש א זאָג געטאָנ גראטש, וואָס איז נאָכ שווארצער געוואָרנ פונ אויסערלעכער פארברענטקייט. אונ ער האָט טאקע געמאכט: פארנאכט איז בא אימ געווענ אויפגעאקערט א דעסיאטינע מיט א פערטל. שוינ פאר פינצטער האָט קאָנדראט מיידאניקאָוו צוגעטריבנ זיינע אָקסנ צומ טאבאָר. אפ חאווידאָווס פראגע: „וויפל געמאכט?”. האָט ער ארויסגעבריפעט: „אָנ־

דערהאלטן אַן א האַנט. גיט א ביסל טאבעק אַפּ א ציגארל... א האַלבן טאָג ניט געראַוכערט..." — און אַ קוק געטאָן אַפּ דאַווידאָוון מיט פארמאטערטע, אָבער טריומפירנדיקע אויגן.

נאָך דעם, ווי מע האָט אָפּגעגעסן וועטשערע, האָט דאַווידאָוו גע־מאכט דעם סאַכאַקל:

— דער סאָציאַליסטישער געוועט, מאַווייריִם צווייטע בריגאַדע, האָט זיך בא אונדז פאַנאַדערגעוויקלט — אָט ווי! טעמפּן האָט מען גענומען זייער ווירהדיקע. פאַרן אַקערן קומט דער בריגאַדע פון דער פאַרוואַלטונג א באָלשעוויסטישער דאַנק! פונעם דורכריַיס, טיַיערע מאַווייריִם, קריכן מיר אַרויס, א פאַקט! און וויאַזוי זאָל מען ניט אַרויסקריכן, אויב ס'איז זאַכלעכ דערוויזן געוואָרן די אויספּילבאַר־קיַיט פון דער נאָרמע? איצט דאַרף מען זיך אָנזעצן אַפּן דורכבראָכנע־וועג. און אומבאַדינגט בראַנאַיוען אין דריַי שפּורן! א באַזונדערן דאַנק מיַיהאַניקאָוון, דערפאַר וויַיל ער איז דער סאַמע פאַקטישער שלאָגלער!

די וויַיבער האָבן צעוואַשן דאָס געפּעס, די אַקערער האָבן זיך געלייגט שלאָפן, די אָקסן האָט מען אָוועקגעטריבן אַפּ פּאַשע. קאָנ־דראַט האָט שוין געדרעמלט, ווען דאָס וויַיב איז אַריַינגעקראָכן צו אים אונטער דער סערמיענגע, אים א שטופּ געטאָן אין זיַיט און גע־פרעגט:

— קאָנדראַווישע, דאַווידאָוו האָט דיך געריַימט... עפּעס האָט ער דיך געלויבט... וואָס איז עס אַזוינס — א שלאָגלער?

קאָנדראַט האָט פיל מאָל געהערט אָט דאָס וואָרט, אָבער דערקלערן דאָס האָט ער ניט געקענט. „מע וואָלט געדאַרפט בא דאַווידאָוון זיך דערוויסן!" — האָט ער מיט א ליַיכטן פאַרדראָס א טראַכט געטאָן. אָבער ניט דערקלערן זיַין וויַיב, פאַרלירן אין איריע אויגן זיַין ווערדע, האָט ער ניט געקאָנט, און דעריבער האָט ער דערקלערט, ווי ער האָט געקענט:

— א שלאָגלער? עך, דו, נאַרישע וויַיב! א שלאָגלער? הום... דאָס איז נו, ווי זאָל איך דיר פאַרשטענדלעכער דערקלערן? אָט, צום בייַיש־פּיל, א ביקס האָט א האַקשפּיץ, וואָס צעהאַקט דעם פּיסטאָן, — דאָס ווערט אויך אָנגערופן שלאָגלער. אין א ביקס איז דאָס דער איקער, אָן דעם קאָן מען ניט אויסשיסן... אַזוי איז אין א קאָלווירט: דער שלאָג־לער איז די סאַמע וויכטיקסטע פיגור, האָסט פאַרשטאַנען? נו, און איצט שלאָף און קריך ניט צו מיר.

# קאפּיטל 37

צום 15-טנ מיי איז אינ ראיאָנ דער פארזיי פונ די זאנגענ-קול־טורנ אינ גרונט געווענ פארענדיקט. אינ גרעמיאטשי לאָג האָט דער קאָלווירט אפ סטאלינס נאָמענ צו אָט דער צייט אינגאנצנ געהאט אויסגעפילט זיינ פארזיי-פלאנ. דעם צענטנ צו מיטיק האָט די דריטע בריגאדע געענדיקט זייענ די פארבליבענע אכט העקטאר דורכאקער־קולטורנ — קוקורוזע אונ קעהלעב — אונ דאווידאָוו האָט באלד אוועקגעשיקט אינ ראיאָנ א ספעציעלנ רייטער מיט א ראפּאָרט צום ריי־קאָם פונ דער פארטיי וועגנ דעם פארענדיקטנ פארזיי.

דער פריער ווייץ האָט געפרייט מיט זיינע אופשפּראָצונגענ, אָבער אפנ באצירק פונ דער צווייטער בריגאדע איז געווענ בא א הינדערט העקטאר קובאנקע, פארזייטע די ערשטע טעג מיי. דאווידאָוו האָט מוירע געהאט, אז די שפּעט פארזייטע קובאנקע וועט שלעכט אופגיינ: מוירע האָט אויכ געהאט ליובישקינ, אונ יאקאָוו לוקיטש האָט אפילע מיט אָפענער זיכעריקייט געמאָלדנ:

— ס'וועט ניט אופגיינ! פאר קיינ פאל וועט זי ניט אופגיינ! איר ווילט א קאלעכדיקנ זומער זייענ אונ ס'זאָל אופגיינ? אינ די ביכלעכ איז געשריבנ, אז אינ עגיפּטנ זייט מענ קלוימערשט צוויי מאָל אינ יאָר אונ מע נעמט אראָפּ א געראטעניש, אָבער גרעמיאטשי לאָג איז אייכ, כאווער דאווידאָוו, ניט עגיפּטנ, דאָ דארפ מענ זייער שטרענג אויסהאלטנ די פארזיי-טערמינענ!

— נו, וואָס פירסטו מיר דאָ אָפּאָרטוניסטישע רייד? — האָט זיכ דאווידאָוו געקאסט, — בא אונדז דארפ אופגיינ! אונ אויב מיר וועלנ דארפנ, — וועלנ מיר צוויי מאָל אראָפּנעמענ א געראטעניש. אונדזער ערד געהערט צו אונדז, וואָס מיר ווילנ, וועלנ מיר פונ איר אויסקוועטשנ, א פאקט!

— איר רעדט קינדערשע רייד.

— אָט וועלנ מיר זענ. דו, אָסטראָוונאָוו, ווייזט ארויס אינ דיינע רייד דעם רעכטנ אָפּנייג, אונ דאָס איז פאר דער פארטיי א ניט גע־ווונטשענער אונ שעדלעכער אָפּנייג... ער, אָט דער אָפּנייג, איז גע־נונ נעשטעמפלט, פארגעס ניט וועגנ דעם.

— איכ רייד ניט וועגנ אָפּנייג, נאָר וועגנ דער ערד רייד איכ. אונ אייער אָפּנייג פארשטיי איכ ניט.

אָבער דאווידאָוו, וואָס האָט געהאָפט, אז די קובאנקע וועט אופגיי־

האָט פונדעסטוועגן ניט געקאָנט צעטרייבן זיינע ספּייקעס און יעדן טאָג פלעגט ער אָנזאָגלען דעם אָגער, פלעגט פון דער פּאָרוואָלטונג אוועקרייטן באַקוקן די באַארבעטע אַקער־פעלדער, וואָס זיינען אָבער געווען פאַרסאַרפּעט פון זון און געשראָקן מיט זייער טויטער שוואַרצקייט.

די ערד האָט שנעל אויסגעטריקנט. די אָנגעקוואָלענע קערנער, וואָס האָבן זיך אָרעם געשפּייזט, זיינען גיך געווען בעקוויעם אָרויסצוּוואַרפן דאָס געוויקסל אין דרויסן. דאָס שאַרפע צינגל פונעם געוויקסל, אַ צאַרטס און אַ שוואַכס, איז שלאָבעריק געלעגן אונטער די פוכקע הרודעס וואָרעמע ערד, וואָס האָט געשמועקט מיט זון, געשטרעבט צו ליכט און ניט געקאָנט הורכשניידן דעם פּייבטקייטלאָזן, פאַרטריקנטע ערד־צודעק. דאַווידאָוו פלעגט אַראָפּגיין פונעם פערד אַפן אַקער־פעלד, שטייענדיק אַף די קני פלעגט ער מיט דער האַנט אויפגראָבן די ערד־ און, באַטראַכטנדיק אַף דער דלאָניע דאָס ווייצ־קערנדל, פלעגט ער פילן אַ ביטערן ראַכמאָנעס־געפיל צו די מיליאָנען קערנער, וואָס זיינען באַהאַלטן אין דער ערד און ציען זיך אַזוי פּיינלעך צו דער זון, אָבער וואָס זיינען קימאַט ווי פאַרמישפּעט צום טויט. אים האָט גע־רייצט דער באַוווּסטזיין פון הילפלאָזיקייט. עס איז געווען נייטיק אַ רעגן, און דעמלט וואָלט די קובאַנקע ווי אַ גרינער פּליוש באַדעקט דאָס אַקער־פעלד. אָבער קיין רעגן איז ניט געווען, און די אַקער־פעלדער זיינען געדיכט באַוואַקסן געוואָרן מיט פעסטע, לעבהאַפטע און ניט קיין קאַפּריזע מיסטגראָזן.

איינמאָל אינאָוונט איז צו דאַווידאָוון אין זיין דירע געקומען אַ דעלעגאַציע פון אַלטע לייט.

— מיר זיינען געקומען צו אייך מיט אַן אונטערטעניקסטער באַ־קאָשע, — האָט געזאָגט דער אַלטער אַקים דער הינערטאַפּער, באַגריסנ־דיק זיך און אומזיסט געזוכט מיט די אויגן אַן איקאָנע, אַף וועלכער מע זאָל זיך קאָנען איבערציילעמען.

— מיט וואָס פאַר אַ באַקאָשע? קיין איקאָנע איז ניטאָ, זיידע, זוכט ניט.

— ניטאָ? נו, איז אַזוי אויך גוט... נישקאָשע.... אַ באַקאָשע צו אייך איז פון די אַלטע לייט אַזאַ...

— אַ וועלכע?

— דער ווייץ אין דער צווייטער בריגאַדע וועט, ווייזט אויס, ניט אויפגיין.

— עס ווײַזט נאָך גאָר ניט אויס, זיידע.

— נאָך ניט, אָבער ס'האלט דערבײַ.

— נו?

— מיר הארפן א רעגן!

— מע דארף.

— דערלויבט א גאלעכ רופן, מאכן א גאָטעסדינסט.

— דאָס איז צוליב וואָס? — האווידאָוו איז רויטלעכ געוואָרן.

— קלאָר צוליב וואָס, גאָט זאָל א רעגן געבן.

— נו, דאָס, זיידע... גיי, זיידע, און מער זאָלסטו מיר וועגן דעם ניט ריידן!

— וואָס הייסט ניט ריידן? דער ווייץ איז אונדזערער?

— קאָלווירטישער.

— נו, און מיר ווער זײַנען? מיר זײַנען קאָלווירטניקעס.

— און איך בין דער פאָרזיצער פונעם קאָלווירט.

— דאָס פארשטייען מיר, כאווער! איר אנערקענט ניט קיין גאָט, און אײַך בעטן מיר ניט, איר זאָלט גיין טפילע טאָן — נאָר דערלויבט אונדז, מיר זײַנען גלייביקע.

— איך וועל ניט דערלויבן. אײַך האָט די קאָלווירטישע פארזאמלונג געשיקט?

— ניין, דעם עמעס זאָגנדיק, האָבן מיר אליין, די אלטע לײַט, באשלאָסן.

— נו, זעט איר: איר זײַט ניט קיין סאך, אָבער די פארזאמלונג וואָלט סײַוויסײַ ניט דערלויבט. מע הארף, זיידע, מיט וויסנשאפט פירן די ווירטשאפט, אָבער ניט מיט גלאָבים. — דאווידאָוו האָט לאַנג און פאָרזיכטיק גערעדט און געזען ניט צו באליידיקן די רעליגיעזע געפילן פון די אלטע לײַט. די אלטע האָבן געשוויגן. צום סאָף איז געקומען מאקאר נאגולנאָוו. ער האָט דערהערט, אז די אלטע לײַט — א דעלעגאציע פון די גלייביקע — זײַנען געקומען בעטן א דערלויבעניש צו מאכן א גאָטעסדינסט, איז ער אין אײַלעניש געקומען צו לויפן.

— הייסט עס, אז מע טאָר ניט? — האָט אָפגעזיפצט, זיך אויפהייבנדיק, דער אלטער אקים דער הינערטאטער.

— מע טאָר ניט און מע דארף ניט. אָן דעם וועט אויך זײַן א רעגן.

די אלטע זײַנען ארויס און גלײַך נאָך זיי איז ארויס אין פירהויז נאגולנאָוו.

ער האָט פּעסט פּאַרמאַכט די טיר פונ דאַווידאָווס צימער און שטיל געזאָגט:

— איר, אַלטינקע! איך ווייס וועגנ אײַך: איר זוכט נאָך אַלצ צו לעבנ, ווי אײַך ווילט זיך, איר זײַט אָנגעדראָלעגע טײַוולאָנים, אײַך ווילט זיך אַלצ וועלנ מאַכנ קלויסטער־יאָנטויווים, מיט איקאָנעס אי־בערנ סטעפּ זיך שלעפּנ אונ טווויע צעטרעטנ!.. אויב איר וועט מײַנ אייגענעמ ווילג ברענגענ א גאַלעב אונ וועט גײַנ אינ פעלד, — וועל איך הינטער אײַך ארויספאָרנ מיט דער קאָמאַנדע פּײַערלעשער אונ וועל אײַך אזוי לאַנג באַשפּריצנ מיט וואַסער, ביזוואַנענ איר וועט ווערנ נאַסער ווי דאָס וואַסער. איר פאַרשטייט? אונ דער גאַלעב זאָל זיך בעסער ניט באַווײַזנ. איך וועל אים, דעמ פּאַטלאַטנ אָגער, פאַר אַלע־מענ אינ די אויגנ מיט א שעפּסנ־שער אָפּשערנ. איך וועל אים אָפּ־שערנ אפּ שאַנד אונ וועל אים אָפּלאָזנ! איר פאַרשטייט? — אונ דער־נאָך איז ער צוריקגעקומענ צו דאַווידאָווג, זיך געזעצט אפנ קופערט, א פאַרמאַטערטער אונ אומצופרידענער.

— וועגנ וואָס האָסטו מיט די אַלטע לײַט זיך געשושקעט? — האָט מיט כשאַד דאַווידאָוו געפרעגט.

— וועגנ דעמ וועטער האָבנ מיר גערעדט, — האָט, ניט פינטלענ־דיק מיט קיינ אויג, מאַקאַר געענטפערט..

— נו?

— נו, אונ זיי האָבנ פּעסט באַשלאָסנ ניט צו מאַכנ קיינ גאָטעס־דינסט.

— וואָס־זשע האָבנ זיי געזאָגט? — דאַווידאָוו האָט זיך אָפּגע־קערט אונ באַהאַלטנ זײַנ שמייכל.

— זיי זאָגנ, אז זיי האָבנ אנערקענט, אז רעליגיע איז אָפּיום... נאָר וואָס ביסטו צו מיר צוגעשטאַנענ, סעמיאָנ? דו ביסט פּונקט ווי א לישײַ צוגעשטאַנענ אונ מ'קאָנ זיך פונ איר ניט אָפּטשעפּענ: וועגנ וואָס גערעדט, אונ וואָס גערעדט... גערעדט אונ גענוג. דאָס פירסטו דאָ מיט זיי דעמאָקראַטיזמענ, רעדסט זיי אײַנ, בעטסט זיי אײַנ. אָבער מיט אזוינע אַלטע דאַרפ מענ גאָר ניט אזוי ריידנ! זיי אַלע האָבנ דאָך א שעדלעכנ גײַסט, פאַרזונקענ אינ טשאַד! הייסט עס, אז מיט זיי דאַרפ מענ קיינ רעדעס ניט פּאַטערנ, נאָר מע דאַרפ אזוי: איינס־צוויי אונ אַרײַנ אינ האַמקע!

דאַווידאָוו האָט לאַכנדיק, האַפּענונגלאָז א מאַך געטאָנ מיט דער האַנט. ניינ, מאַקאַרנ האָט מענ בעפּיירעש ניט געקאָנט איבערבערעכנ!

צוויי וואָכן איז ער אַרומגעגאַנגען אַן אומפּאַרטייִשער, און מאַר־אָט דער צײַט האָט זיך אינעם ריַיקאָם געביטן די אָנפירונג; מע האָט אַראָפּגענומען קאָרטשזשינסקין און כאָמוטאָוון.

דער נײַער סעקרעטאַר פונעם ריַיקאָם, ווען ער האָט באַקומען פון דער קרײַזישער קאָנטראָל־קאָמיסיע נאַגולנאָווס אַפּעליאַציע, האָט ע־ געשיקט קיין גרעמיאַטשי לאָג איינעם אַ ביוראָ־מיטגליד, ער זאָל אַ צווייטן מאָל אויספאָרשן דעם איניען, און נאָכדעם האָט די ביוראָ באַשטימט: אָפּשאַפן דעם פריִערדיקן באַשלוס וועגן אויסשליסן נאַגולנאָוון פון דער פּאַרטיי. דעם באַשלוס האָט מען אָפּגעשאַפט, מאָטיווירנדיק דערמיט, אַז די שטרענגע שטראָף אַנטשפּרעכט ניט די פּאַרזיינדיקטקייט, און אויסער דעם איז אַ ריי באַשולדיקונגען, וואָס מע האָט אין זיי צײַט אַרויסגעשטעלט קעגן נאַגולנאָוון („מאָראַלישע צעלייגונג", „געשלעכטלעכע אויסגעלאַסנקייט"), נאָכן צווייטן מאָל אויספאָרשן אָפּגעפאַלן.

מאַקאַרן האָט מען פאַרשריבן אַן אויסרייד. דערמיט האָט זיך דער זיניעג פאַרענדיקט.

האַווראָנוו, וואָס האָט צײַטווײַליק אויסגעפילט די פליכטן פונעם סעקרעטאַר פון קאָמערל, האָט, איבערגעבנדיק מאַקאַרן די איניאָנים געפרעגט:

— אָנגעלערנט? וועסט נאָך אַמאָל פאַרבייגן?

— אפילע זייער אָנגעלערנט. אָבער ווער פון אונדז האָט פאַר־בויגן, איך אָדער דער ריַיקאָם?

— אי דו אי דער ריַיקאָם. אַלע צו ביסלעך.

— און איך האַלט, אַז אויך דער קרײַזקאָם מאַכט איבערבייגן.

— וועלכע, לעמאָשל?

— אָט וועלכע: — פאַרוואָס האָט מען ניט באַפוילן אָפּצוגעבן דאָס פי די אַרויסגעטראָטענע? איז עס דען ניט קיין צוואַנג־קאָלעקטיווי־זאַציע? אוודאי יאָ! מענטשן זײַנען אַרויס פון קאָלווירט גיט מען זיי ניט אָפּ ניט דאָס פי, גיט דעם אינסטרומענט. אַ קלאָרע זאַך: לעבן האָט ער ניט פון וואָס, ער האָט זיך ניט ווו אַהינצוטאָן, קריכט ער ווידער אין קאָלווירט. ער קוויטשעט, און קריכט.

— אָבער דאָס פי און דער אינוועטאַר זײַנען דאָך אַרײַן אינעם אומטיילבאַרן פאָנד פונעם קאָלווירט!

— פאַר וועלכן טײַוול איז נייטיק אַזאַ פאָנד, וויבאַלד זיי גייען מיט גוואַלד צוריק אין קאָלווירט? מע האָט זיי אָפּגעבן! „נאָט אײַך,

פּרעסט, ווערט דערוואָרגנ מיט אײַערע אינסטרומענטנ!" איכ וואָלט זײ נאָענט צומ קאָלווירט ניט צוגעלאָזט, אָבער דו האָסט אָנגענומענ אזעלכע איבערגעדרייטע א גאנצנ הונדערט אונ דו מיינסט, אפּאָנעמ, אז פוּנ אימ וועט א באוווסטזיניקער קאָלווירטניק זיכ באקומענ? נעבּ־טיקע טעג! ער, דער פּאסקודע, וועט לעבנ אינ קאָלווירט, אונ אליינ וועט ער אפנ אינדיווידועלנ לעבנ ביזנ טויט זיכ אומקוקנ... איכ קענ זײ! אָבער דאָס, וואָס מע האָט זײ ניט אָפּגעגעבנ די בעהיימעס אונ דעמ האָרפישנ אינסטרומענט, — איז א לינקער איבערבייג, אונ דאָס, וואָס דו האָסט זײ צוריק אָנגענומענ אינ קאָלווירט, איז א רעכטער איבערבייג. איכ, ברודער, בינ אויכ געוואָרנ פּאָליטיש אנטוויקלט, איצט וועסטו מיכ ניט ארײַנגארנ אינ זאק!

— ווו ביסטו פּאָליטיש אנטוויקלט, ווענ דו פארשטייסט אפילע ניט, אז מיר האָבנ ניט געקאָנט מאכנ קיינע כעזשבויגעס מיט די ארויסגעטראָטענע באלד אפנ אָרט, ביזנ סאָפ פונעמ ווירטשאפט־לעכנ יאָר...

— ניינ, דאָס פארשטיי איכ ניט.

— עכ, מאקאר, מאקאר! קענסט ניט לעבנ אָנ שפּרינגערייענ. אָפּט שלאָגט דיר דאָס בלוט אינ קאָפּ, א פּאקט!

לאנג האָבנ זײ זיכ נאָכ געאמפּערט, צומ סאָפ האָבנ זײ זיכ צע־יידלט אונ דאווידאָוו איז אוועקגעגאנגענ.

פאר צוויי וואָכנ צײַט זײַנענ אינ גרעמיאטשי לאָג פאָרגעקומענ פיל ענדערונגענ: צומ גרויסנ וווּנדער פונעמ גאנצנ כוטער האָט מא־רינע פּאָיארקאָווע גענומענ צו זיכ פאר א מאנ דעמ שווײַגער. ער איז אריבער צו איר אינ שטוב. באנאכט האָט ער זיכ אײַנגע־שפּאנט אינ וועגל אונ אריבערגעפירט זײַנ גאנצ ביסל בעבעכעס. די פענצטער אונ טירנ פונ זײַנ שטיבל האָט ער פארקלאפּט אפ אייביק מיט ברעטער.

„מארינע האָט זיכ געפונענ איר גלײַכנ. זײ ביידע וועלנ מער פונ א טראקטער אויסארבעטנ!" — האָט מענ אינ גרעמיאטשי גערעדט.

אנדריי ראזמיאָטנאָוו איז געווענ דערשלאָגנ פונ דעמ, וואָס זײַנ לאנגיאָריקע געליבטע האָט כאסענע געהאט. די ערשטע צײַט האָט ער זיכ געקרעפּטיקט, אָבער דערנאָכ האָט ער ניט אויסגעהאלטנ אונ, בישט־טיקע פונ דאווידאָוונ, גענומענ אונטערטרינקענ. דאווידאָוו האָט עס אָבער באמערקט אונ אימ געוואָרנט:

— וואַרפ עס אוועק, אנדריי! עס טויג ניט.

— איכל ווארפֿנ. ס'איז מיר גאָר א פֿארדראָס, סיאָמע, ביז גאָ, אפֿ וועמענ האָט זי מיכ פֿארביטנ, די צויג, אפֿ וועמענ פֿארביטנ?!..

— דאָס איז איר פּערזענלעכע זאכ.

— אָבער מיר איז עס א פֿארדראָס!

— האָב פֿאריבל, אָבער טרינק ניט. ס'איז ניט די צײַט. אינגיכן וועט מענ שוינ האָרפּנ יעטנ.

אונ מארינע, ווי אפּצולאָכעס, האָט זיכ אלצ אָפּטער געוואָרפֿנ אנדרייענ אינ די אויגנ אונ — אפֿנ אויסזע איז זי געווענ צופֿרידנ אונ גליקלעכ.

דעמיד דער שוויַגער האָט געהאָרעוועט אינ איר פּיצינקערווירט-שאפֿט, ווי א גוטער אָקס: אינ איינע עטלעכע טעג האָט ער געבראכט אינ אָרדענונג אלע הויפֿ-געבײַדעס, אינ איינ מעסלעס האָט ער אויס-געגראָבנ א קעלער פֿונ אָנדערהאלבנ קלאפּטער די טיפֿ, געשלעפּט אפֿ זיכ צענפֿודיקע געשטעלנ אונ סאָכעס... מארינע האָט פֿאר אימ גע-וואשנ, גענייט, פֿאריכט זײַנ ביסל וועש, אונ פֿאר די שכיינעס האָט זי זיכ ניט געקאָנט אָנלויבנ דעמידס ארבעטפֿייִקײַט.

— אָט, ווײַבעלעכ, ווי ער קומט מיר צוגיצ אינ דער ווירטשאפֿט! קויעכ האָט ער, ווי א בער, פֿאר וואָס ער זאָל זיכ ניט נעמענ ברענ-עס צא אימ אינ די הענט! אײַ ער איז א שוויַגער,— איז עס אן גאָט-זאכ... וועט מענ זיכ ווייניקער קריגנ...

אונ אנדריי, צו וועמענ עס זײַנענ דערגאנגענ די קלאנגענ, ווי מארינע איז צופֿרידנ מיטנ גײַעמ מאנ, האָט אינ אומעט מיט זיכ גערעדט: „אכ מארישע! אונ איכ וואָלט דיר דענ ניט געקאָנט פֿאַר-ריכטנ דעמ שפּײַכלער, אָדער אויסגראָבנ א קעלער? דו האָסט אומ-געבראָכט מײַנ יונג לעבנ!”

אינ גרעמיאטשי לאָג האָט זיכ אומגעקערט פֿונ פֿארשיקונג דער אנטבאלעגופּעוועטער גאיעוו. די קאנטישע וואל-קאמיסיע האָט אופּגע-שטעלט זײַנ בירגער-רעכט. האוויראָוו האָט באלד, ווי נאָר דער פּיר-קינדערדיקער גאיעוו איז געקומענ אינ כוטער, אימ ארויסגערופֿנ אינ דער פֿארוואלטונג פֿונ קאָלווירט.

— ווי רעכנסטו צו לעבנ, בירגער גאיעוו? ווי אן אינדיווידואל, צי דו וועסט אינ קאָלווירט ארײַנטרעטנ?

— ווי ס'וועט זיכ מאכנ — האָט געענטפֿערט גאיעוו, וואָס האָט נאָכ ניט אויסגעלעבט די באליידיקונג פֿארנ אומגעזעצלעכנ אנטבאלע-גופּעווענ אימ.

— פונדעסטוועגן?

— ווי ס'וויַזט אויס, וועט מען מוזן אריַין אין קאָלווירט.

— גיב אָן א מעלדונג.

— און מיט מיַין פארמעגן ווי וועט זיַין?

— דיַינע בעהיימעס זיַינען אין קאָלווירט, דער לאַנדווירטשאַפטלע-כער אינווענטאר אויך. אָט דיַינע בעבעכעס האָבן מיר פאנאנדערגע-טיילט. דערמיט וועט זיַין שווערער... עפּעס וועלן מיר דיר אָפּגעבן, און פאר דאָס איבעריקע וועסטו באקומען מיט געלט.

— דאָס ברויט האָט איר בא מיר אינגאנצן אויסגעראמט.

— נו, דאָס איז א פּאָשעטע זאך. גיי צום ווירטשאַפט-פּאַרוואל-טער, ער וועט זאָגן דעם שפּיַיכלער-אופזעער און יענער וועט דיר אין דער ערשטער ציַיט ארויסגעבן א צענ פוד מעל.

— א ליאדע איינעם אָנגעהויבן אריַינעמען אין קאָלווירט. — האָט זיך מאקאר געקאָכט, ווען ער האָט דערהערט, אז דאווידאָוו וויל אריַינ-נעמען גאיעוו אין קאָלווירט. — זאָל שוין דאווידאָוו בעסער אָפּדרוקן א מעלדונג אין דער ציַיטונג, אז אלע פארשיקטע, וואָס זיַינען געקומען צוריק, נעמט ער אריַין אין קאָליוורט... — האָט ער געזאָגט צו אנחריי ראזמיאָטנאָוו.

דאָס גרעמיאטשער קעמערל איז נאָכן פּאַרזיי אויסגעוואָקסן טאָפּלט: אלס פּארטיי-קאנדידאטן זיַינען אָנגענומען געוואָרן פּאוולא ליובישקין, וואָס האָט דריַי יאָר געבאטראקעוועט בא טיטאָקן, נעסטאָר לאָשטשי-לין, — א קאָלווירטניק פון דער דריטער בריגאדע, און דיאָמקע או-שאקאָוו. אינעם טאָג, ווען ס'איז פּאָרגעקומען די פארזאמלונג פונעם קעמערל און מע האָט אריַינגענומען אין דער פּארטיי ליובישקינען און די איבעריקע, האָט נאגולנאָוו פּאָרגעלייגט קאָנדראט מיַידאניקאָוון:

— טרעט אריַין, קאָנדראט, אין דער פּארטיי, פאר דיר וועל איך גערן געבן א רעקאָמענדאציע. אונטער מיַין קאָמאנדע האָסטו געדינט אין עסקאדראָן, און פּונקט ווי דעמלט ביסטו געווען א העלדישער רויטארמייער, אזוי ביסטו איצט א קאָלווירטניק פון די ערשטע. נו, וואָס שטייסטו, פרעגט זיך, אָפּגעזונדערט פון דער פּארטיי? עס גייט דערצו, אז פון שאָ צו שאָ קומט אונטער די וועלט-רעוואָליוציע, קאָן זיַין, אז מיר מיט דיר וועט ווידער אויסקומען אין איין עסקאדראָן צו דינען, די ראטנמאכט פארטיידיקן, און דו ביסט נאָך אלץ אלע יאָרן, פּונקט ווי פריִער, אַן אומפּארטייִשער. גיט גוט אזוי, טרעט אריַין.

קאָנדראט האָט אָפּגעזיפּצט און ארויסגעזאָגט, וואָס ער טראכט:

— ניינ, כאווער גאגולנאָוו, מײַנ געוויסנ דערלויבט מיר ניט איצט אַרײַנצוטרעטנ אינ דער פּארטיי... מילכאָמע האלטנ פאר דער ראטנמאכט וועל איכ ווײַטער גײנ, אונ אינ קאָלווירט וועל איכ ארבעטנ געוויסנהאפט, אָבער אינ דער פּארטיי קאָנ איכ זיכ ניט פארשרײַבנ...

— פארוואָס עפּעס אזוי? — האָט מאקאר זיכ אָנגעכמורעט.

— איכ קאָנ ניט איבער דעמ, אז נאָכ איצט, אינ קאָלווירט, קרענק איכ נאָכ וועגנ מײַנ אייגנ האָב אונ גוטס... — קאָנדראטס ליפּנ האָבנ געציטערט, ער האָט גענומענ שנעל שעפּטשענ: — אָט וועגנ מײַנע אָקסנ קרענק איכ אינ דער נעשאָמע אונ מיכ פארדריסנ זיי... ניט אזוי ניט מענ אפּ זיי אכטונג, ווי מע וואָלט געדארפט... דעמ פערדל האָט אקימקע בעסלעבנאָוו בײַסנ באַראָנעווענ אָנגעריבנ דעמ האלדז מיטנ כאָמעט, האָב איכ דאָס דערזענ אונ א מעסלעס איבער דעמ ניט געגעסנ... קאָנ מענ דענ אפּ א קלײנ פערדל אָנטאָנ א גרויסנ כאָמעט? איבער דעמ קאָנ איכ ניט. ווײַבאלד איכ האָב זיכ נאָכ ניט אָפּגעזאָגט פונ אייגנטומ, — הייסט עס, אז דער געוויסנ דערלויבט מיר ניט צו זײַנ אינ דער פּארטיי: אזוי פארשטײ איכ.

מאקאר האָט א קלער געטאָנ אונ געזאָגט:

— דאָס רעדסטו ריכטיק. וואָרט אָפּ א ביסעלע, טרעט ניט אַרײַנ, קעגנ אלערליי אומאָרדענונגענ אינ דער קאָלווירטישער ווירטשאפט וועלנ מיר אָנ ראכמאָנעס קעמפנ, אלע כאָמוטנ וועלנ זײַנ צוגעפּאסט. אָבער, אז ווענ דו שלאָפסט, זעסטו נאָר דײַנע געוועזענע אָקסנ, דעמלט טאָרסטו נאָכ ניט גײנ אינ דער פּארטיי. אינ דער פּארטיי דארפ מענ גײנ אָנ קיינע לײַדענישנ פארנ אייגנטומ. אינ דער פּארטיי דארפ מענ גײנ אזוי, אז דו זאָלסט אפּ דורכ אונ דורכ זײַנ א ריינער אונ באפליגלט מיט איינ געדאנק: דערגרייכנ די וועלט־רעוואָלוציע. מײַנ טאַטע האָט געלעבט פארמעגלעכ אונ האָט אויכ מיכ צו דער ווירטשאפט פונ קליינוויז אָנ צוגעווינט, אָבער מיכ האָט דערצו א האָר ניט געצויגנ, די ווירטשאפט איז פאר מיר געווענ ווי גאָרנישט ניט. פונעמ זאטנ לעבנ אונ פונ פיר פּאָר אָקסנ בינ איכ אוועק צו נויט, אלס באטראק... אזוי אז דו זאָלסט ביז דער צײַט ניט אַרײַנטרעטנ, ביז וואַנענ דו וועסט זיכ ניט דורכויס אָפּרייניקנ פונ אָט די אייגנטומ־קרעצ

דער קלאָנג, אז ליובישקינ, אושאקאָוו אונ לאָשטשיליינ זײַנענ אַרײַנגעטראָטנ אינ דער פּארטיי, האָט זיכ ברייט פארשפּרייט איבער גרעמיאטשי לאָג. עמעצער פונ די קאָזאקנ האָט אינ א וויצ געזאָגט צומ אלטנ שטשוקאר:

— נו, פאַרוואָס דערלאַנגסטו ניט קיין מעלדונג אין דער פּאַרטיי? דו ביסט דאָך אין אַקטיוו, דערלאַנג. מע וועט דיר געבן אַ שטעלע, וועסט קויפן אַ לעדערנעם פּאָרטפעל, וועסט אים נעמען אונטערן אָרעם און וועסט זיך אַרומגיין.

שטשוקאַר האָט זיך באַטראַכט, און אינאָוונט, ווי נאָר ס'איז טונקל געוואָרן, איז ער אַוועק צו נאַגולנאָוון אַהיים.

— גוטן אָוונט, מאַקאַרושקע!

— גוטן אָוונט. נו, וואָס ביסטו געקומען?

— מענטשן קומען אָן אין דער פּאַרטיי...

— נו?

— נאָך ניט איינגעשפּאַנט, „גוקע" ניט.

— ווייטער?

— און ווייטער, איז עפּשער ווייל איך אויך אָנקומען. אַ גאַנץ לעבן, ברודער, וועל איך זיך דאָך ניט אַרומדרייען באַ די אַנדערע. איך האָב דאָך מיט זיי ניט קאַסענע געהאַט!

— איז וואָס-זשע ווילסטו?

— כ'האָב דאָך געזאָגט אָפּ דער רוסישער שפּראַך: איך וויל אַריינטרעטן אין דער פּאַרטיי. דעריבער בין איך געקומען, קעדיי צו דערוויסן זיך, וואָס פּאַר אַ שטעלע וועט מיר אָנקומען, נו, און אַלע אַנדערע זאַכן... דו באַוויז מיר נאָר, וואָס צו שרייבן און ווי צו שרייבן?

— וואָס-זשע מייגסטו... דו מיינסט, אַז אין דער פּאַרטיי קימט מען אָן צוליב שטעלעס?

— באַ אונדז זיינען אַלע פּאַרטיינע אָפּ שטעלעס.

מאַקאַר האָט זיך איינגעהאַלטן און אומגעביטן דעם געשפּרעך:

— אָפּ פּאַסכע איז דער גאַלעך געקומען צו דיר אַהיים?

— פֿאַרשטייט זיך.

— דו האָסט אים געגעבן אַ מאַטאָנע?

— נו, אַוודע! אַ פּאָר אייעלעך און, נאַטירלעך, אַ שטיקל באַזער-פּעטס, באַ אַ האַלב פונט.

— הייסט עס, אַז דו גלייבסט נאָך אין גאָט?

— אַזוי, פֿאַרשטייט זיך, ניט קיין סאַך, זאָגן, אַז זייער שטאַרק — האָס ניט, אָבער אויב איך ווער קראַנק, אָדער עפּעס אַן אַנדער צאָ-רע, אָדער צומביישפּיל, אַ דונער גיט אַ שטאַרקן זעץ, איז דעמאָלט בעט איך גאָט, נאַטירלעך, איך קום אָן צו גאָט.

מאקאר האָט געוואָלט מיטנ אלטנ שטשוקארנ זיכ באגײַנ אײזן, ער האָט אימ געוואָלט גענוי דערקלערנ, פארוואָס מע קאָנ אימ ניט ארײַננעמענ אינ דער פארטיי, אָבער, אז ער האָט שוינ שטשוקארנ ארויסגערופנ אפ א געשפרעכ, האָט ער שוינ ניט געקאָנט אײַנהאלטנ זײַנ גערולד אונ ארײַנגעטראסקעט מיטאמאָל:

— גיי צומ טײַוול, אלטער טערעכ! די גאלאָבימ שענקסטו אײַער, וועגנ שטעלעס טרויססטו, אונ אלײנ קענ ער די פערד ניט אָנ מישנ א ביסל פיטער. אפ וועלכע כאָליערעס ביסטו נײטיק דער פארטיי, אזא שמאטע? וואָס-זשע? דו מאכסט עס שפאס? מײנסט, אינ דער פארטיי נעמענ מיר ארײַנ יעדע פארלעגענע סכוירע? דײַנ זאכ איז נאָר מיטנ צונג צו באָלבענ, באָבעמײַסעס דערצײלנ! גיי, רעג מיכ ניט אופ, ווײַל איכ בינ א מענטש פונ נערווג-צערודערונג! האָס געזונט דערלויבט מיר ניט מיט דיר רויק צו רײדנ. גיי, זאָגט מענ דיר, נו?!

„ארײַנגעפאלנ גיט אינ קײנ גוטער שאָ! מע וואָלט געדארפט נאָכ מיטיק קומענ” — האָט דער אלטער שטשוקאר באדויערט אונ געשווינד פארהאקט דאָס פערטל...

דאָס לעצטע נײַעס, וואָס האָט אופגערודערט גרעמיאטשי לאָג אונ באזונדערס די גרעמיאטשער מײדלעכ, איז געווענ דימאָקס טויט.

יעפימ טרובאטשאָוו אונ באטאלטשיקאָוו, וואָס דער פאָלקסגעריכט האָט זײ פארמישפעט אפ פארשײדענע טערמינענ צוואנגארבעט, האָבנ געשריבנ, אז אינ וועג צו דער סטאנציע האָט דימאָק גענומענ בענקענ נאָכ דער פרײַ, נאָכ גרעמיאטשי לאָג, אונ געמאכט א פרווו צו אנטלויפנ. דער מיליציאָנער, וואָס האָט באגלײט די פארמישפעטע, האָט דרײַ מאָל געשריגנ צו דימאָקנ „שטײ“, אָבער יענער איז געלאָפנ אָנגעבויגנ איבערנ פעלד צומ וואלד. ביז די קוסטעס איז פארבליבנ א קלאפטער פופצנ. אָבער דאָ האָט זיכ דער מיליציאָנער געשטעלט אפ א קני, ארופגעוואָרפנ די ביקס אונ מיטנ דריטנ שאָס האָט ער דימאָקנ אוועקגעלײגט אפ טויט.

אויסער זײַנ מומענ איז ניט געווענ, ווער ס'זאָל טרויערנ אפנ הײמלאָזנ באָכער, אונ די מײדלעכ, וואָס דימאָק האָט זײ אויסגעצוונגט די ניט-שווערע ליבע-קונסט, איז אויב זײ האָבנ געטרויערט, איז עס געווענ גיט אפ לאנג. „א פלעקל ארײַנ, א פלעקל ארויס“... מײדלשע טרערנ, איז ווי דער טוי באמ זונ-אופגאנג...

# קאַפּיטל 38

אינ 1930-טנ יאָר איז צום ערשטנ מאָל פאַרשווּנדנ די „שטילע צײַט" *. די פאָריקע יאָרנ, ווענ מע האָט נאָכ געלעבט ווי אַמאָל האָט מענ די האָזיקע צווײ באַראַשימ ניט אומזיסט אָנגערופנ „שטילע צײַט". געענדיקט דעמ פּאַרזײ, האָבנ זיכ די פּויערימ אינדערשטיל געגרייט צום שניט: אַפּ דער פּאַשע האָבנ זיכ געהאָדעוועט אונ אָנגענומענ קרעפטנ די אָקסנ אונ פערד, אונ די קאָזאקנ האָבנ געגרייט הראַבליעס, פאַריכט די אַרבנ, רעמאָנטירט די שנײַד-מאַשינעס... זעלטנ ווער עס פלעגט פאָרנ אַקערנ מײַ-פּאַר. אינ שווערער שטילקײַט זײַנענ געלעגנ די כוטערס. מע זאָל אינמיטנ טאָג זיכ דורכגײנ אינ גאַס — וואָלט מענ קײנ מענטשנ ניט באַגעגנט. די קאָזאַקנ זײַנענ אָדער אַוועקגעפאָרנ, אָדער זײ רוענ זיכ אָפּ אינ די שטיבער, אָדער אַפּ די קעלערס, אָדער זײ קלאַפּנ קוימ-קוימ מיט דער האַק. פאַרשלאָפענע ווײַבער אָהרענגענ זיכ אײַנ ערגעץ אינ שאָטנ אונ לויזנ זיכ. פּוסטקײַט אונ פאַרשלאָפענע רו הערשט אינ די כוטערס.

אָבער אינעמ ערשטנ יאָר פונעמ קאָלווירטישנ לעבנ האָט מענ געבראָכנ די „שטילע צײַט" אינ גרעמיאַטשי לאָג. ווי נאָר די טוועס זײַנענ אופגעגאַנגענ, האָט מענ אָנגעהויבנ יעטנ.

— דרײַ מאָל וועלנ מיר יעטנ, עס זאָל קײנ אײנ מיסטגרעזל ניט זײַנ אַפּ די קאָלווירטישע פעלדער! — האָט דאַווידאָוו דערקלערט אַפּ דער פאַרזאַמלונג.

יאַקאָוו לוקיטש אָסטראָװנאָוו האָט טריומפירט. אימ, — דעמ רירעוודיקנ אונ לעבעדיקנ — איז שטאַרק געפעלנ אַזאַ ווירטשאַפטפירונג, ווענ דער גאַנצער כוטער איז געווענ אינ באַוועגונג, פאַרטאָג, פאַרהדײַגעט. „הויכ פליט די ראַטנמאַכט, מירנ זענ, ווי זי וועט זיכ זעצנ! אי די טוועס יעטנ אי פאַר אופהייבנ אי האָס פי אויסהאָדעװענ אי דעמ אינווענטאַר פאַריכטנ, אונ דער אוילעמ וועט עס אַלצ אויסאַרבעטנ? אונ די ווײַבער קאָנ מענ דענ צווינגענ די טוועס צו יעטנ? דאָס איז דאָכ ניט געהערט געוואָרנ? אינ גאַנצנ דאָנער מיליטער-קאַנט האָט מענ פריער קײנ טוועס ניט געיעטט! אומזיסט האָט מענ ניט געיעט. די גערעטעניש וואָלט געווענ א גרעסערע! אויכ איכ, אַלטער נאַר, וואָלט געדאַרפט יעטנ. די ווײַבער האָבנ דאָכ סײַ-ווי-סײַ

---

* די צײַט צווישנ דעמ פרילינג-פאַרזײ אונ הײ-שניט,

א גאנצן זומער געלאָדערט" — האָט ער געטראַכט, און ס'האָט אים פאַרדראָסן, וואָס פריִער, ווען ער האָט נאָך איגדיווידועל אָנגעלעבט זײַן ווירטשאַפט, האָט ער ניט דורכגעיעט זײַנע טוווּעס. דאַווידאָווו אָבער, ווען ער פלעגט מיט אים שמועסן, פלעגט ער זאָגן:

— איצט וועלן מיר רײַך ווערן מיט ברויט, כאַווער דאַווידאָוו! אַמאָל פלעגט דער מעגטש אײַנוואַרפן די זריִע און וואַרטן, וואָס וועט אַרויסקומען! און עס פלעגט אַרויסקומען, צוגלײַך מיטן ווייץ אויך קוועקגראָז און ריסטל און האָבערגראָז און וואָלפאַלך-גראָז און אַלע אַנדערע פּאַסקודנע גראָזן. הייבסט אָן הרעשן, דאַכט זיך, גוטע טוווּע. אָבער אַז מע וועגט אָפּ דאָס אָפּגעדראָשענע פון א דעסיאַ־טינע, באַקומט זיך פערציק פוד אָדער נאָך ווינציקער.

נאָך דעם, ווי פון די קאָלווירטישע שפּײַכלערס האָבן די גרעי־מיאַטשער צעשלעפּט די זריִע־טוווּע, האָט דאַווידאָוו געוואָלט אָסטראָווו־נאָוון אַראָפּנעמען פון דער שטעלע אַלס ווירטשאַפט־פאַרוואַלטער. א שווערער כשאַד איז אויפגעשוווּמען בא דאַווידאָוון... אים האָט זיך פאַרגערענקט, אַז ווען ער האָט געזען אין האַמויג לעבן די שפּײַכלערס אָסטראָווונאָוון, איז אָפּן וואָלטנס פּאָנעם ניט גאָר געלעגן פאַרלאָרנקײַט, נאָר אויך א בייזע שמייכלענדיקע דערוואַרטונג... אַזוי, אַלנפאַלס, האָט זיך דאַווידאָוון דעמלט געדוכט.

אָפּן צווייטן טאָג האָט ער געשיקט רופן יאַקאָוו לוקיטשן צו זיך אין צימער און אַרויסגעשיקט די זײַטיקע. דעם שמועס האָבן זיי גע־פירט אינדערשטיל.

— וואָס האָסטו נעכטן געטאָן לעבן די שפּײַכלערס?

— איך האָב דעם אוילעם אײַנגענומען, כאַווער דאַווידאָוו! אײַנ־גערעדט די פײַנט, זיי זאָלן זיך באַטראַכטן און ניט נעמען מיט איי־גענעם ווילן קיין קאָלווירטיש ברויט, — האָט יאַקאָוו לוקיטש גע־ענטפערט אָן קווענקלעניש.

— און די ווײַבער... פאַרוואָס האָסטו געזאָגט די ווײַבער, אַז די שליסלען פון די שפּײַכלערס דאַרפן זײַן בא מיר?

— וואָס רעדט איר! גאָט איז מיט אײַך! ווען האָב איך דאָס געזאָגט? אין לעבן האָב איך קיינעם ניט געזאָגט!..

— די ווײַבער אַליין האָבן מיר וועגן דעם דערציילט, ווען זיי האָבן מיך געפירט.

— א ליגן! איך קאָן געבן א שווּע! אָנגערעדט!.. אין קאַס אָפּ מיר!

דאווידאָוו האָט זיכ א וואקל געטאָנ אינ זײַנ אנטשלאָסנקײַט. אונ אינגיכנ האָט יאקאָוו לוקיטש פאנאנדערגעוויקלט אזא קאָכיקע טעטיקײַט אָפּ צוגרייטנ זיכ צומ יעטנ, צו זאמלענ מיטלענ אָפּ דער געזעלשאפטלעכער דערנערונג, מיט אזעלכע ווירטשאפט-פּראָיעקטנ פארשאָטנ די פארוואלטונג, אז דאווידאָוו האָט ווידער בײַגעקומענ זײַנ ענערגישער ווירטשאפט-פארוואלטער.

יאקאָוו לוקיטש האָט פארגעלייגט דער פארוואלטונג אײַנצואָרדענענ אָפּ די פעלד-באציהונג פונ די בריגאדעס עטלעכע נײַע סאזשלקעס.

ער האָט אפילע אָנגעמערקט די ערטער אינ די טאָלנ, ווו עס וועט זײַנ באקוועמער צו פארשפארנ דאָס פרילינג-וואסער. דאָס אײַנאָרדענענ נײַע סאזשלקעס דארפ, לויט זײַנ מיינונג, אזוי געמאכט ווערנ, אז דאָס פי זאָל ווײַטער פונ א האלבנ קילאָמעטער ניט דארפנ גיינ טרינקענ וואסער. אונ דאווידאָוו, אונ אויכ אלע איבעריקע פארוואלטונג-מיטגלידער, זײַנענ געווענ געצווונגענ צו אנערקענענ דעמ ווערט פונ אָסטראָוונאָווס פּראָיעקט, ווײַל די אלטע סאזשלקעס האָט מענ געמאכט לאכלוטנ ניט אויסגערעכנט פאר א קאָלווירטישער ווירטשאפט. זיי זײַנענ געווענ אינ אומאָרדענונג צעוואָרפנ איבערנ סטעפּ, אונ פרליגנ האָט מענ דאָס פי געמוזט טרײַבנ פונעמ בריגאדע-טאבאָר פאר צוויי מיט א האלבנ — דרײַ קילאָמעטער ווײַט אָפּ אָנטרינקענ עס. עס פלעגט פיל צײַט גיינ פארלאָרנ. די פארמאטערטע אָקסנ האָבנ געדארפט פאטערנ קימאט צוויי שאָ אָפּ דעמ, זיי זאָלנ גיינ זיכ אָנטרינקענ אונ קומענ צוריק אינ טאבאָר. אָבער פאר אָט דער צײַט וואָלט מענ געקאָנט אויפאקערנ אָדער פארבראָנעווענ ניט איינ העקטאר. די פארוואלטונג האָט געגעבנ איר צושטימונג אײַנצואָרדענענ נײַע סאזשלקעס, אונ יאקאָוו לוקיטש האָט אויסגענוצט דעמ איבערײַס אינ די פעלד-ארבעטנ אונ מיט דאווידאָווס וויסנ זיכ גענומענ פארגרייטנ געהילצ פאר די דאמבעס.

נאָכמער: יאקאָוו לוקיטש האָט ארײַנגעטראָגנ א פאָרשלאָג אויסצובויענ ניט קיינ גרויס זאוואָדל אָפּ צו ברענענ ציגל אונ ער האָט אָנ שוועריקײַט דערוויזנ ארקאשקע דעמ בײַטער, וואָס האָט געקווענקלט אינ דער רענטאבלקײַט פונ אזא אונטערנעמונג, אז האָבנ אייגענע ציגל צו בויענ קאפּיטאלע שטאלנ פאר די פערד אונ אָקסנ איז ניט אינ פארגלײַכ לוינבארער ווי צו פירנ ציגל פונ ראיאָנ פאר 28 קילאָמעטער, אונ דערצו נאָכ צאָלנ 4 רובל 50 קאָפּעקעס פארנ הונדערט. יאָנ אלצ דער זעלבער יאקאָוו לוקיטש האָט אײַנגערעדט די קאָלווירטניקעס

פונ דער דריטער בריגאדע צו פארשיטנ א דאמבע באמ דורנוי לאָג,
וואָס פלעגט יאָר נאָכ יאָר פארפלייצנ די רייכע ערד לעבנ בוטער. אפ
דער ערד פלעגט אויסגעצייכנט וואקסנ בראָסע און מעשונעדיקע קא
ווענעס לויט זייער גרייס און זיסקייט. אונטער זיינ אָנפירונג האָט
מענ דעמ לאָג פארצוימט מיט סטויפעס, פארשטאָפט מיט צווייגנ
און מיסט, פארוואָרפנ מיט שטיינער, און באמ אויסגוס איינגעפלאנצט
יונגע טאָפּאָלנ און ליטנביימער, אז זייערע וואָרצלענ זאָלנ זיכ איבער־
פלעכטנ און פארפעסטיקנ דעמ ווייכנ באָדנ. ניט קיינ קליינעמ שעטעכ
ערד האָט מענ געראטעוועט פונ פארפלייצונג.

דאָס אלצ צוזאמענ האָט אינ קאָלווירט פארפעסטיקט יאקאָוו לו־
קיטשעס לאגע, וועלכע האָט זיכ געהאט אָנגעהויבנ וואקלענ. דאוויד־
האָט פעסט באשלאָסנ דעמ ווירטשאפט־פארוואלטער בעשומויפנ ניט
אָפלאָזנ און שטיצנ מיט אלע מיטלענ זיינ בעעמעס ניט אויסשעפנ־
דיקע איניציאטיוו. אפילע נאגולנאָוו איז אויכ געוואָרנ גוט צו יאקאָוו
לוקיטשנ. „כאָטש א פרעמדער מענטש לויטנ גייסט, אָבער א זעלטענער
באלעבאָס. ביז וואנענ מיר וועלנ ניט אויסהאָדעווענ אנ אייגענעמ אזא
קענער, ביז יענער צייט וועלנ מיר האלטנ אָסטראָוונאָוונ אלס ווירט־
שאפט־פארוואלטער. אונדזער פארטיי האָט א גוואלדיקנ פארשטאנד־
זי האָט מיליאָנענ קעפ, דערפאר איז זי אזא קלוגע. פאראנ אנ אנדער
אינזשעניער א שלאנג און אפ אינערלעכער קאָנטרע. לויט זיינ גייסט
וואָלט מענ אימ שוינ לאנג געדארפט צושטעלנ צומ וואנטל, אָבער מע
שטעלט אימ ניט, נאָר מע גיט אימ ארבעט און מע זאָגט אימ:
„ביסט א קלוגער מענטש! נא דיר געלט, פרעס וויפל ס'וועט ארייננ,
פאר דיינ ווייב קויפ זיכ זיידענע זאָקנ אפ צו שפילנ זיכ, אָבער
דריי מיט דיינע מארכ־קייקעלעכ, טו דיינ אינזשעניערישע ארבעט צו
גונסטנ דער וועלט־רעוואָליוציע!” און ער טוט. כאָטש ער בענקט
נאָכנ אלטנ לעבנ, אָבער ער טוט. מע זאָל אימ דערשיסנ, איז וואָס
וועסטו פונ אימ האָבנ? צעטראָגענע הויזנ, און עפשער אזייגער מיט
א ברעלאָק וועלנ בלייבנ, און דאָ ארבעט ער און ברענגט נוצנ אפ
טויזנטער. אזוי איז מיט אונדזער אָסטראָוונאָוונ: זאָל ער די לאָגנ
פארדאמבעווענ, זאָל ער סאזשלקעס גראָבנ. דאָס אלצ גייט צומ גונסט
דער ראטנמאכט און צו דערגעענטערנ די וועלט־רעוואָליוציע!” —
האָט ער אמאָל גערעדט אפ דער פארזאמלונג פונעמ קעמערל.

יאקאָוו לוקיטשעס לעבנ האָט ווידער באקומענ א געוויסנ גלייכגע־
וויכט. ער האָט פארשטאנענ, אז די אלע קרעפטנ, וואָס זיינענ גע־

שטאגען הינטער פּאָלאָווצעווען און וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן צו-
גרייטן אן אויפשטאנד, האָבן דאָס מאָל פארשפילט; ער איז געווען
פעסט איבערצייגט, אז איצט וועט שוין קיין אויפשטאנד ניט זיין,
ווייל מע האָט דורכגעלאָזן דעם מאָמענט, און אין דער שטימונג,
אפילע בא די סאמע פיינטלעכע צו דער ראטנמאכט, איז פאָרגעקומען
אן איבערבראָך. „ווייזט אויס, אז פּאָלאָווצעוו און ליאטיעווסקי האָבן
זיך אריבערגעכאפּט דעם גרענעץ". — האָט יאקאָוו לוקיטש געטראכט
און צו זיין שארפן באדויערן, וואָס עס איז ניט געלונגען ארויפצו-
טרייסלען די ראטנמאכט, האָט זיך צוגעמישט א באדויקנדיקע פרייד
און צופרידנקייט: פון איצט אָן האָט שוין קיין זאך ניט באדראָעט
יאקאָוו לוקיטשס עקזיסטענץ. איצט, אז ער פלעגט קוקן אפן געקומע-
נעם באצירק-מיליציאָנער אין גרעמיאטשי לאָג, פלעגט ער שוין ניט
פילן די עקלדיקע שרעק, וועלכע פריער פלעגט אים בלויז דער אנזען
פון א מיליציאָנערישן שינעל ארייטוארפן אין א אומגעווינלעכן צי-
טער און שרעק...

— וואָס-זשע, ניט וועט שוין די בוסורמאנישע מאכט זיך ענדיקן?
ניט וועלן אונדזערע אָנקומען? — פלעגט אויך אפ אויך מיט אָסט-
ראָוונאָווע פרעגן בא אים זיין אלטע מאמע.

יאקאָוו לוקיטש פלעגט, אופגעבראכט פון דער ביז גאָר ניט פאסנ-
דיקער פראגע, ביטער און אופגערייצט ענטפערן:

— פאר אייך איז דען ניט אלציינס, מאמאשע?

— אָט דאָס איז עס דאָך, וואָס ניט אלציינס! די קלויסטערס
האָבן זיי פארמאכט, די גאלאָכים פארקולאטשעוועט... און דאָס איז
גוט?

— אייערע יאָרן זיינען שוין אלטע, בעט גאָט... אָבער אין וועלט-
לעכע איניאָנים האָט איר ניט וואָס צו מישן זיך! איר זייט מיר זיי-
ער נימעס געוואָרן, מאמאשע!

— און די אָפיצערן וווהין זיינען אהינגעקומען? אָט דער צעלאָ-
זענער, דער איינוויניקער טאבאטשניק, וווהין איז ער פארפלוינגן? און
דו אויך... דאָ האָסטו נעבעטן א בראָכע, דאָ דיגסטו שוין ווידער דער
דאָזיקער מאכט! — האָט זיך די אלטע ניט באַרויקט און אלץ ניט
פארשטאנען: פארוואָס האָט איר יאשקע — דער זון אירער ניט איינ-
געשטימט „צו בייטן די מאכט"?

— אַך, מאמאשע, דאָס בלוט טוט איר אין מיר פארפרירן! ווארפט
אוועק אייערע נארישע רייד! נו, נאָכוואָס דערמאָנט איר דאָס? איר

וועט עס נאָך פאַר מענטשן אויספויקן... דעם קאָפּ וועט איר מיר אַראָפּנעמען, מאַמאַשעו! איר האָט דאָך געזאָגט: „וואָס גאָט זאָל ניט טאָג, איז עס אַלץ צום גוטן". איז לעבט זיך אַנײַך צו געזונט. איר האָט אינ נאָז צווײי לעכלעך, כאַפּט זיך אַנײַך דורך זײ און שווײַגט... האָס שטיקל ברויט נעמט מען בײַ אײַך ניט אָפּ... וואָס־זשע דאַרפֿט איר, גאָט זאָל מוחל זײַן, נאָך?..

נאָך אַזאַ שמועס פלעגט יאַקאָוו לוקיטש אַרויסשפּרינגען פון אַל קערל, ווי אַן אָפּגעבריטער מיט זודיק וואַסער, און לאַנג נאָך דעם ניט קאָנען זיך באַרויִקן, און סעמיאָנען און די ווײַבער פלעגט ער מיט דער גרעסטער שטרענגקײַט באַפֿוילן:

— צו דער באָבען קוקט זיך גוט צו! זי וועט מיך באַגראָבן! ווי נאָר אַ פרעמדער וועט קומען צו אונדז אַפּן שוועל — פאַרמאַכט זי באַלד אינ אַלקערל.

האָט מען די אַלטע געהאַלטן טאָג ווי נאַכט אונטערן שלאָס. נאָר זונטיק פלעגט מען זי אַרויסלאָזן אומגעשטערט, זי פלעגט גײן צו איריקע — אויך אַזוינע צעקראָכענע אַלטיטשקע און פלעגט ווײנענ־דיק זיך באַקלאָגן פאַר זײ:

— אַך, מאַמעלעך מײַנע, טײַערינקע!.. אונדזערע, יאַקאָוו און זײַן ווײַב, האַלטן מיך אונטערן שלאָס... בלויז מיט פאַרעווע סוכאַרעס האַלט איך זיך, דאָס סוכאַרל עס איך און מיט מײַנע טרערן פאַר־טרינק איך. אָבער פריִער, בײַסן פּאָסט, ווען די אָפיצערן האָבן בײַ אונדז געוווינט, דער קאָמאַנדיר יאַשקעס און זײַן פראַנטל, פלעגן און־דזערע מיר אָפּקאָכן אַ פאַרעווע געקעכץ און פאַרבײַסנס פלעגט מען מיר געבן.... אָבער איצט האָבן זײ זיך אָן מיר אַזוי אָנגעזעצט, אַזוי אָנגעזעצט... אי די שנור אי דער זון... אָכאַ־כאַ־כאַ־כאַ!.. דער־לעבט, געטרײַינקע מײַנע, אַ לײַבלעכער זון און איז געוואָרן ערגער פאַר אַ כאַזער, און פאַרוואָס — ווייס איך אַליין ניט! אַמאָל פלעגט ער קומען, אַ בראָכע אויסבעטן די מאַכט די בוסורמאַנישע צו פאַר־ניכטן, און איצט טאָר מען קיין וואָרט ניט זאָגן אַנטקעגן, ער זידלט און מאַרלט מיך...

...אָבער צו יאַקאָוו לוקיטשס שטיל לעבן, וואָס פלעגט נאָר גע־שטערט ווערן פון די שמועסן מיט דער מוטער, איז אומדערוואַרט און גיך געקומען אַ סאָף...

# קאַפּיטל 39

נאָך ביידנס פאַרזיי האָט לושקע, נאַגולנאָווס געגעט ווײַב, דאָס פריילעכע און אויסגעלאַסענע ווײַבל, גענומען אַרבעטן אין פעלד. מע האָט זי באַשטימט אין דער דריטער בריגאַדע און זי האָט גערן זיך באַזעצט אין בריגאַדע־בײַדל. באַטאָג האָט זי געאַרבעט אַלס אָנטרײַבערין אין אַפאַנאַסי קראַסנאָקוטאָווס געשפּאַן. און באַנאַכט פלעגט לעבן דעם רויטן פעלד־בײַדל, וווּ זי האָט געוווינט, ביזן סאַמע באַגינען קלינגען א באַלאַלײַקע, קרעכצן די באַסן און רייסן די אונטערשטע טענער פונעם האַרמאָניק, יונגען און מיידלעך פלעגן טאַנצן און זינגען, און מיט אָט דער זייער פריילעכער הוליאַנקע פלעגט אָנפירן לושקע.

די וועלט איז פאַר איר שטענדיק געווען ליכטיק און פּאָשעט. קיין איין קנייטשעלע פון זאָרג אָדער אומרו איז ניט געווען אויף לושקעס געהאַנקענלאָז פּנים. דורכן לעבן איז זי געגאַנגען זייער לײַכט, זיכער, זי איז געגאַנגען, אויסוואַרטנדיק, אונטערהייבן די צעהאַטלעכע ברעמען, פּונקט ווי זי וואָלט געהאָפט יעדע מינוט צו באַגעגענען זיך מיט א פרײַנט. וועגן מאַקאַרן האָט זי אויף מאָרגן נאָכן פאַנאַנדערגיין זיך שוין ניט געטראַכט, טימאָפיי דער געריסענער איז געווען ערגעץ ווײַט, אָבער ניט לושקע וועט טרויערן אויף פאַרלאָרענע גאָענטע! „פאַר מיר וועט קלעקן!” — האָט זי מיט פאַראַכטונג גערעדט צו די מיידלעך און ווײַבער, וועלכע פלעגן איר אָנווײַזן אויף איר לאַגע פון א האַלבער אַלמאָנע.

און ס'האָט איר ווירקלעך געקלעקט איבערגענוג. די יונגע און די יונגע באַווײַבטע קאָזאַקן פון דער דריטער בריגאַדע פלעגן קריגן זיך הערשלאָגן לושעס ליבע. אויפן טאַבאָר, לעבן בײַדל, פלעגן נאַכט אין נאַכט, אונטער דער בלייער און דעמערנדיקער שײַן פון דער לעוואָנע, מיט א קנאַק אַראָפּפליִען די זוילן פון די קאָזאַקישע טשיריקעס אין שטויב, וואָס פלעגן אויסטאַנצן „קראַקאָוויאַקן” און „פּאָלקעלעך מיט א קנאַפּל”. אָבער אויפן פלעגן צווישן די אַקערער, זייער און בראָנע־ווער, וואָס פלעגן טאַנצן און זוכן לושקעס נאָענטקײַט, זיך אָנהייבן א גראָבע זידלערײַ, וואָס פלעגט איבערגיין אין א גרויזאַמען געשלעג. און אַלץ איבער לושקען. שוין צופיל צוגעלאָזט האָט זי אויסגעזעצ־ איבערהויפּט, אַז דער גאַנצער כוטער האָט געוווּסט איר כאַראַקטעריקער פאַרבינדונג מיט טימאָפיי דעם געריסענעם, און יעדערער האָט געו־

האָט כיישעק צו פאַרנעמענ דאָס אָרט, וואָס עס האָט ניט ווילנדיק באַפרייַט טימאָפיי, אונ מיטנ גוטנ ווילנ — נאַגולנאָוו.

אַגאַפאָנ דובצאָוו האָט געפּרוווט לושקענ ארופירנ אפנ גוטנ וועג, אָבער ער האָט געהאַט א מיִעסע מאַפּאָלע:

— אפ דער ארבעט ארבעט איכ גוט, אונ טאַנצנ אונ ליבעס פאַרפירנ וועט איר מיר קיינער ניט פאַרווערנ! דו, פעטער אַגאַפאָנ, בייזער זיכ ניט שטאַרק, פאַרדעק זיכ מיט דער סערמענגע אונ שלאָפ, אונ אויב דו ביסט מעקאַנע אונ ווילסט אליינ זיכ באַטייליקנ אינ די הוליאַנקעס, — איז קומ צו גיינ. מיר נעמענ צו געשטופּלטע אויכ. די געשטופּלטע, זאָגט מענ, זייַנענ אינ ליבע זייער בייזע! — האָט לושקע לאַכנדיק זיכ איזדיעקעוועט.

דאַנ האָט אַגאַפאָנ, ווי גאָך ער איז געקומענ אינ גרעמיאַטשי, זיכ געווענדט נאָכ הילפ צו דאַווידאָוונ:

— מאָדנע אָרדענונגענ פירט איר איינ, כאַווער דאַווידאָוו! — האָט ער אָפּגעבראַכט גערעדט. — ליובישקינענ האָט מענ דעמ אַלטנ שטשוקאַר אַרייַנגערוקט אינ דער בריגאַדע, צו מיר — לושקע נאַגולנאָווס.. איר זעצט זי אַרייַנ צוליב שעדיקערייַ, אָדער צוליב עפּעס אַנדערש? קומט צו פאָרנ ווענ עס איז באַנאַכט, גייט א קוק, וואָס עס טוט זיכ אינ טאַבאָר. לושקע האָט מיר אַלע יונגע מעשוגע געמאַכט! צו אַלעמענ שמייכלט זי, ווי זי וואָלט זיי אַלעמענ צוגעזאָגט, נו, שלאָגט מענ זיכ פאַר איר, ווי יונגע הענער. אונ מע טאַנצט באַנאַכט אַזוי, אַזש א געשריי טראָגט זיכ, די פּיאַטקעס זייערע איז מיר א שאָדנ, אַזוי האַצקענ זיי זיכ אָנ דער ערד אָנ ראַכמאָנעס. לעבנ בייַדל האָבנ זיי אויסגעטראָטנ אַנ אויסגעצייכנטנ טויק! די לאַמטערנעס לעשנ זיכ שוינ, אונ באַ אונדז אינ טאַבאָר איז נאָכ א טומל, ווי אפ א יאַריד... איכ כאַרקאָוו, בייַס דער דייַטשישער מילכאָמע, בינ איכ א פאַרווונדעטער געלעגנ אינ שפּיטאָל, אונ ווענ מיר זייַנענ געזונט געוואָרנ, האָבנ אונדז די באַרעמהערציקע שוועסטער געפירט הערנ אַנ אָפּערע... אונ אָט דאָרטנ קומט פאַר א שרעקלעכע מישעניגע: ווער עס זינגט אפ א שלעכטער שטימ, ווער עס טאַנצט אונ ווער עס סקריפּעט אפ א פידעלע. א האָר ניט צו פאַרשטיינ! אַזאַ מוזיקע, אַז עס כאַפּט אַזש פאַרנ גאָרגל! אַזוי איז באַ אונדז: מע רייַסט זיכ דעמ גאָרגל, מע האַלט מוזיקע, מע טאַנצט... נו, פּונקט ווי אפ א הינטישער כאַסענע! מע מאַכט זיכ מעשוגע ביז באַגינענ, אונ באַטאָג, וואָס פאַר אַנ ארבעט קאָנ שוינ באַ זיי זייַנ? ער גייט אונ שלאָפט אונ פאַלט אונטער־

אקס... כאווער דאווידאָוו, אָדער נעם צו פּוג דער בריגאַדע אָט די נעקייווע לושקען, אָדער זאָג איר, זי זאָל זיך האַלטן ווי אַ מאַנס אַ ווייַב.

— וואָס בין איך דיר? — איז דאווידאָוו געוואָרן אַ צעקאָכ־טער, — וואָס בין איך? אַ דערציִער אירער?.. טראָג זיך פונדאַנען צו אַלדי רוכעס!.. מיט אַלערליי שמוץ קריכט מען... וואָס־זשע, איך וועל זי לערנען זיך אופירן באַשיידן? אתבעט זי שלעכט — יאָג זי פון דער בריגאַדע, אַ פאַקט! וואָס איז עס פאַר אַ געוווינהייט: ווי עפּעס — אין דער פאַרוואַלטונג. „כאַווער דאווידאָוו, דער אַקער האָט זיך צעבראָכן!" „כאַווער דאווידאָוו, די שקאַפע איז קראַנק געוואָרן!" אָדער, אָט מיט חעם איניען: אַ פרוי דרייט מיטן עק, און איך ראָוהף זי, לויט דיין מיינונג לערנען? צום טייוול! דעם אַקער פאַריכטן — פיר צום שמיד, וועגן פערד — גיי צום וועטערינאַר! ווען וועט איר זיך אויסלערנען אייגענע איניציאַטיוו אַרויסווייזן? ביזוואַנען וועל איך אייך פירן אויפן שטריקל? גיין!

אַגאַפּאָן איז אַוועק, שטאַרק ניט צופרידן מיט דאווידאָוון, און דאווידאָוו האָט נאָך זיין אַוועקגיין אויסגערויכערט צוויי פּאַפּיראָסן מיטאַמאָל, מיט אַ טראַסק פאַרהאַקט די טיר און זיך פאַרמאַכט אויפן קייטל.

דובצאָווס דערציילונג האָט אויפגערעגט דאווידאָוון... ניט דערפאַר איז ער בייז געוואָרן און גענומען שרייען, וואָס די בריגאַדירן האָבן ניט באַנומען זייערע פליכטן און ווירקלעכע צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל זיי לייזן פאַרשיידענע קליינלעכע ווירטשאַפטלעכע פראַגן, נאָר דערפאַר, וואָס לושקע, — לויט דובצאָווס רייד, — „האָט צו אַלעמען געשמייכלט און עפּעס צוגעזאָגט".

נאָך יענעם וויציקן געשפּרעך מיט לושקען, ווען ער האָט זיך מיט איר באַגעגנט לעבן דער פאַרוואַלטונג, און זי האָט, באַהאַלטנדיק דאָס שמייכעלע אונטער די וויִעס פון די האַלב־אַראָפּגעלאָזטע אויגן, גע־בעטן צוזוכן איר אַ וועלכן־ניט־איז „פאַרלעגענעם כאָסן" און דער־נאָך האָט זי זיך אַליין פאָרגעלייגט פאַר אַ ווייַב, האָט דאווידאָוו, אומ־באַמערקט פאַר זיך אַליין, געביטן זיך אין די באַציִונגען צו איר. די לעצטע צייט האָט ער זיך אַלץ מער געכאַפּט באַם געדאַנק וועגן אָט דעם אין טאָג גענומענע נישטיק און זייער פוסטן ווייבל. אויב פריִער האָט ער זיך באַצויגן צו איר מיט אַ לייכטן עקלדיקן ראַכמאָנעס און גלייַכגילט, האָט ער איצט געפילט עפּעס אַנדערש... און ראָס,

וואָס דובצאָוו איז געקומען מיט דער אומגעלומפּערטער אָנקלאָגע אָפּ לושקען איז פאר דאַווידאָווון געווען בלויז א רייַן אויסערלעכער טע־רעץ צו זיידלען זיך.

עס האָט אים א צי געטאָן צו לושקען, און אזוי ניט צו דער צייַט, פונקט אינעם מאָמענט פון דער גרעסטער אָנשטרענגונג אינעם פּאַריזיי! דאָס אופגעקומענע געפיל האָט זיכער מיטגעבראַכט דאָס, וואָס א גאנצן ווינטער האָט דאַווידאָוו געלעבט „אין דער לאגע פון אן ארכיי־עריי", ווי עס פלעגט זיך באַצייכענען אנדריי ראַזומיאָטנאָוו, און עפּ־שער האָט דער פרילינג מעכטיק געדריקט אפן זיינדיקן גוף פונעם אויסגעצייכנטן פּאַרזיצער פונעם גרעמיאַטשער קאָלווירט, וועלכער האָט זיך ספּראווען מיט אלע ווירטשאפטלעכ־פּאָליטישע קאמפּאניעס.

אלץ אָפטער פלעגט ער באנאכט זיך אופכאַפּן אָן א סיבע, פלעגט רויכערן, און קרימען זיך, ווי פון ווייטעך, זיך צוהערנדיק צום זייַ־נעוודיקן פייַפן און פארכאפּטן טרעלן פון די נאכטיגאַלן, דערנאָך פלעגט ער מיט א קאָס פארהאַקן דעם פענצטער, איבערן קאָפּ זיך אייַנקוטען אינעם בייַקע־קאָלדרעלע און ביזן ווייַסן טאָג ליגן, ניט צו־געמאכט קיין אויג, צוגעטיילוועט צום קיישן מיט דער ברייטער טאַ־טויִרטער ברוסט.

און דער פרילינג פון 1930 יאָר — א ראַפּטעמדיקער און פּריי־צייַטיקער — האָט אזוי פיל פארזייט נאכטיגאַלג אין די סעדער און לעוואַדעס, אז זיי פלעגן מיט זייער הילכיקן צעלאָזן זיך פול מאכן ניט נאָר די פיינצטערע פוסטע נאכט, נאָר אויך ווען ס'פלעגט שייַנ־ווערן ליכטיק פלעגן זיי זיך ניט קאָנען אייַנעמען. עס איז קנאפּ גע־ווען די קורצע פריילינג־נאכט פאַר די נאכטיגאַלישע ליבע־שפּילן. „איַן צוויי וואכטעס ארבעטן זיי, די נידערטרעכטיקע!" — האָט באַגינען דאַווידאָוו געמורמלט, ארומגעגומען פון א נאָגנדיקער בענקעניש, אין העלדיש געקעמפּט קעגן דער שלאָפלאָזיקייַט.

לושקע נאַגולנאָווס איז ביזן סאָפּ פּאַרזיי געווען אין דער בריגאַ־דע, אָבער ווי נאָר די בריגאַדע האָט פאַרענדיקט די דורכאַקער־קול־טורע, און זי איז געקומען צוריק פון פעלד, — דעם זעלביקן טאָג אינ־אָוונט איז זי געקומען צו דאַווידאָוון.

ער האָט ערשט אָפּגעגעסן דאָס אָוונט־עסן, איז געלעגן אין זייַן צימערל און געלייענט די „פּראַוודאַ". אין פירהויז האָט עמעצער, ווי א מויז, א שקראַבע געטאָן די טיר, און דערנאָך — א שטילע פּרוּוען־שטימע:

— מע קאָנ אַרײַנגײנ?

— מע קאָנ. — דאַווידאָוו איז אופגעשפּרונגענ פונ זײַנ בעטל און אַרופגעוואָרפנ דאָס רעקל.

לושקע איז אַרײַנ און שטיל פאַרמאַכט הינטער זיכ די טיר. דאָס שוואַרצע שאַלעכל האָט געגלעטערט איר אָפּגעברוינט, פאַרווינטלט פּאָ־נעמ. בוילעטער האָבנ זיכ אָנגעזעצנ אַפּ די זונ-אָפּגעברענטע באַקנ די געדיכטע און קליינע זומער־שפּרענקעלעכ. אָבער די אויגנ האָבנ פונ אונטערנ צודעק פונעמ אַראָפּגערוקטנ שאַלעכל געלאַכט און געפינקלט נאָכ העלער.

— געקומענ זענ, וואָס איר מאַכט...

— קומ אַרײַנ, זעצ זיכ. — דאַווידאָוו, אַ פאַרוווּנדערטער און דערפרייטער פונ איר קומענ, האָט צוגערוקט אַ בענקל, פאַרשפּיליעט דאָס רעקל און זיכ געזעצט אַפּנ בעטל.

ער האָט אויסוואַרטנדיק געשוויגנ, זיכ געפילט אומרויִק, אומבאַ־קוועמ. לושקע איז פרײַ צוגעגאַנגענ צומ טיש, מיט אַ געשיקטער און אומבאַמערקטער באַוועגונג האָט זי פאַריסנ דאָס קליידל (עס זאָל זיכ ניט צעקנייטשנ) און זיכ געזעצט.

— וואָס מאַכסטו, קאָלווירטישער פּאָרזיצער?

— נישקאָשע, מע לעבט.

— בענקסט ניט?

— ניטאָ קיינ צײַט צו בענקענ, און ניטאָ נאָכ וועמענ.

— און נאָכ מיר?

דאַווידאָוו, וואָס פלעגט קיינמאָל זיכ ניט פאַרלירנ, איז רויטלעכ געוואָרנ און זיכ אָנגעכמורעט. לושקע האָט מיט געמאַכטער צניִעס אַראָפּגעלאָזט די וויִעס, אָבער אינ אירע מויל-ווינקלענ האָט אָנ אופ־הער געפלאַטערט אַ שמייכעלע.

— אויסגעקלערט דער טײַוול ווייס וואָס! — האָט ער עטוואָס ניט זיכער געענטפערט.

— טאַקע ניט געבענקט?

— ניינ, זאָג איכ, אַ פאַקט! האָסט עפּעס אַנ איניִענ צו מיר?

— כ'האָב... וואָס שרײַבט מענ עפּעס נײַעס אינ די צײַטונגענ? וואָס הערט זיכ וועגנ דער וועלט-רעוואָליוציע? — לושקע האָט זיכ אָנגעשפּאַרט אָנ אָרעמ, געמאַכט אַפּנ פּאָנעמ אַנ ערנסטע מינע, וואָס פּאַסט צומ שמועס. פּונקט ווי עס וואָלט גאָרניט געווענ אַפּ אירע ליפּנ דאָס פריִערדיקע טײַוול-שמייכעלע.

— פון פארשיידענע זאכן שרײַבט מען... וואָס פאר אן אײגענע האָסטו צו מיר? — האָט דאווידאָוו זיך געשטארקט.

זייער געשפרעך האָט אפּאָנעם די באלעבאָסטע אונטערגעהערט. דאווידאָוו איז געזעסן ווי אפ הייסע קוילן. זײַן לאגע איז געווען דורכויס אן אומגלײַכע, פּאָשעט ניט צו פארלײַדן! די באלעבאָסטע וועט מאָרגן צעטראָגן איבער גאנץ גרעמיאטשי, אז מאקארס געוועזענע ווײַב גייט באנאכט צו איר קוואַרטיראנט און — דאווידאָווס אומבאפלעקטע רעפּוטאציע איז פארפאלן! די ווײַבער, דאָרשטיקע נאָך רעכילעסן, וועלן קעסיידער נעמען בעבען אין די געסלעך און בא די ברונעמס, די קאָלווירטניקעס וועלן בא א באגעגעניש פארשטייענדיק שמייכלען. ראזמיאָטנאָוו וועט זיך נעמען שטעכלען אפן אדרעס פון נעם באָוער, וואָס איז אַרײַנגעפאלן אין לושקעס נעצן, און דערנאָך וועט עס דערגיין ביזן ראיאָן און ביזן ראיאָנעם פעלדצוכטפארבאנד, מע וועט נאָך אים — מאלע וואָס עס קאָן טרעפן — צושפיליען אן איניען, מע וועט זאָגן: „דערפאר האָט ער פארענדיקט דעם פארזוי ערשט דעם צענטן, ווײַל צו אים זײַנען ווײַבער געלאָפן. ער האָט זיך, ווײַזט אויס, מער פארנומען מיט ליבעס ווי מיטן פארזוי!" און דער סעקרעטאר פונעם קרײַזקאָמיטעט האָט דאָך ניט אומזיסט געזאָגט פאר אָפּשיקן די פינף־און־צוואנציק־טויזנטניקעס אין די ראיאָנען: — „דעם אויטאָריטעט פונעם ארבעטער־קלאס — דער אוואנגארד פון דער וועלט־רעוואָלוציע — דארף מען אין דאָרף האלטן אפן העכסטן ניוואָ! מע דארף זיך, כאווײרים, אופירן זייער פאָרזיכטיק. איך רייד שוין ניט וועגן גרויסע זאכן, נאָר אפילע אין שטייגער־קלייניקײַטן דארף מען זײַן פאָרזיכטיק. אין דאָרף, אז מע טרינקט אויס פאר א קאָפּעקע וועט מען שוין ריידן אף הונדערט פאָליטישע רובל..."

דאווידאָוו איז אזש פארשוויצט געוואָרן, איבערטראכטנדיק אין איינע רעגע אלע רעזולטאטן פון לושקעס באזוך און פונעם פרײַערדיקן שמועס מיט איר. עס איז געוואָרן קלאָר די בעפיירעשע געפאר פון קאָמפּראָמעטאציע! און לושקע איז געזעסן און לאכלוטן ניט באמערקט דאווידאָווס פײַנלעכע איבערלעבונגען. און ער, עטוואָס הייזעריקלעך פון אופרעגונג, האָט שוין שטרענג איבערגעפרעגט:

— וואָס פאר אן איניען? זאָג און גיי אוועק, איך האָב קיין צײַט ניט זיך צו פארנעמען מיט דיר מיט נארישקײַטן, נו, א פאקט!

— דו געדענקסט, וואָס דו האָסט מיר דעמלט געזאָגט? איך האָב

באַ מאַקאַרנ ניט געפּרעגט, אָבער איך ווייס אַזוי אויך: ער איז קעגנ דעם...

דאַווידאָוו איז אופגעשפּרונגענ אונ גענומענ מאַכנ מיט די הענט.

— איך האָב קיינ צייַט ניט! דערנאָך! שפּעטער! — אינ דעמ מאָמענט איז ער געווענ גרייט צו פאַרמאַכנ איר לאַכנדיקנ מויל מיט דער האַנט, זי זאָל נאָר אַנשווייגנ ווערנ.

אונ זי האָט פאַרשטאַנענ, אונ מיט פאַראַכטונג א פּיר געטאָנ מיט די ברעמענ:

— עכ, דו! אונ נאָכ א... נו, גוט. גוט מיר א צייטונג, אנ אינ-טערעסאַנטע, אויסער דעם האָב איך צו אייַכ קיינע געשעפטנ ניט. אנטשולדיקט, וואָס כ'האָב אייַכ באומרויִקט...

זי איז אַוועק, אונ דאַווידאָוו האָט לייַכטער אָפּגעאָטעמט. אָבער אינ א מינוט אַרום איז ער שוינ געזעסנ באַמ טיש אונ, אָנ ראַכמאָנעס אייַנגעקלאַמערט אינ די האָר, געטראַכט: ס'אַרא יאָלד איך בינ, — ניט אויסצוהאַלטנ! א גרויסע מייַסע, וואָס מע וואָלט דאָרט געזאָגט וועגנ דעמ. וואָס־זשע, צו מיר טאָר שוינ קיינ פרוי ניט אַרייַנקומענ? וואָס בינ איך, א מאָנאַכ, צי וואָס? אונ וועמעס אייזעק איז עס? זי געפעלט מיר, הייסט עס, אַז איך מעג מיט איר פאַרברענגענ די צייַט... סע זאָל נאָר ניט שאַטנ דער אַרבעט, אונ אַלדאָס איבעריקע איז בלאָטע! אָבער איצט וועט זי שוינ ניט קומענ, א פאַקט! זייער גראָב בינ איך זיכ מיט איר באַגאַנגענ, אונ זי האָט עס אויכ באַ-מערקט, אַז איך בינ געווענ עטוואָס דערשראָקנ... כאַפּט עס דער וואַנ-מאַכער, ווי נאַריש עס האָט זיכ באַקומענ!“

אָבער זייַנ מוירע איז געווענ אומזיסטע: לושקע האָט גאָר ניט געהערט צו דער קאַטעגאָריע מענטשנ, וואָס טרעטנ לייַכט אָפּ פונ די אָנגעמערקטע פּלענער. אונ אירע פּלענער זייַנענ געווענ צו באַקו-מענ דאַווידאָוונ. אינדערעמעסנ, זי וועט דאָכ ניט גיינ פאַרבינדנ איר לעבנ מיטנ לעבנ פונ עפּעס א גרעמיאַטשער באָכער? אונ צוליב וואָס? קעדיי ביזנ טיפנ עלטער אויסגעטריקנט צו ווערנ באַמ אויוונ אונ פאַר-זונקענ ווערנ אינ סטעפּ באַ די אָקסנ אונ באַמ אַקערנ? אָבער דאַווי-דאָוו איז געווענ א פּאָשעטער, ברייטפּלייציקער אונ ליבער באָכער. גאָרניט ענלעכ אַפ מאַקאַרנ, וואָס איז פאַרטריקנט געוואָרנ אינ זייַנע געשעפטנ אונ אינ הערוואַרטנ די וועלטרעוואָליוציע, אונ ניט ענלעכ אַפ טימאָפייענ... ער האָט געהאַט נאָר איינ קלייניקנ כיסאָרנ — עס האָט אימ אינ מויל געפעלט א צאָנ, אונ נאָכ אַפּנ סאַמע אָנגעזעענסטנ

אָרט: פונ פאָרנט, אָבער לושקע איז אײַנגעגאנגענ אפ אָט דעמ בי־סאָרנ און דער אויסערלעכקײַט פונ איר אויסדערוויילטנ. פאר איר ניט לאנגנ, אָבער דערפארונג־רײַכנ לעבנ האָט זי זיכ איבערצײַגט, אז באמ אפשאצנ א מאנצבל זײַנענ די צײנער — ניט דער איקער...

אפ מאָרגנ פארנאכט איז זי ווידער געקומענ, דאָס מאָל אנ אויס־געפוצטע און נאָכ מער ארויסרופעריש. דער טערעצ פונ איר קומענ זײַנענ געווענ די צײַטונגענ.

— כ'האָב אײַכ אָפגעבראכט די צײַטונג... מע קאָנ נאָכ נעמענ? און קײנ ביכלעכ האָט איר ניט? איכ וואָלט געוואָלט עפעס אנ אָנ־צינדעדיקס, וועגנ ליבע.

— צײַטונגענ נעמ, אָבער קײנ ביכלעכ האָב איכ ניט. בא מיר איז ניט קײנ לײענ־שטיבל.

לושקע האָט ניט געווארט אפ קײנ אײַנלאדונג און זיכ געזעצט. זי האָט ערנסט גענומענ פירנ א געשפרעכ וועגנ דעמ פארזיי און דער דריטער בריגאדע, וועגנ די פעלערנ, וואָס זי האָט באמערקט אפ דער אָרגאניזירטער מילכ־פערמע אינ גרעמיאטשי לאָג. מיט א נאַיִווער פאָשעטקײַט האָט זי זיכ צוגעפאסט צו דאווידאָווג, צו דעמ קרײַז אינטערעסנ, אינ וועלכנ, ווי איר האָט זיכ געדוכט, ער האָט גע־זאָלט לעבנ.

דאווידאָוו האָט אינ אָנהײב מיט אומצוטרוי זיכ צוגעהערט צו איר, אָבער דערנאָכ איז ער פארכאפט געוואָרנ פונעמ שמועס. ער האָט דערציילט וועגנ זײַנע פלענער אײַנצואָרדענענ די מילכ־פערמע און פאריינס דערציילט וועגנ די נײַסטע טעכנישע דערגרייכונגענ אינ אויס־לאנד — צו באארבעטנ די מילכ־פראָדוקציע, צומ סאָפ האָט ער ניט אָנ פאחהרוס געזאָגט:

— געלט דארפנ מיר אָנ א שיר. מע דארפ קויפנ עטלעכע טעליצעס פונ אָזעלכע קי, וואָס גיבנ א הויכנ געמעלק, מע דארפ זיכ אײַנשאפנ א ראסעווונ בוהײַ... דאָס אלצ דארפ מענ טאָג וואָס גיכער. וואָרעמ א ריכטיק־אָרגאניזירטע מילכ־ווירטשאפט וועט דאָכ געבנ א גוואלדיק גרויסע האכנאָסע! א פאקט, אז אפ דער אונטערנעמונג וועט דער קאָלווירט פארריכטנ זײַנ ביודזשעט. נו, וואָס האָבנ זײ דאָרט איצט! אנ אלטינק סעפאראטערל, וואָס איז ניט ווערט קײנ גראָשנ און קאָנ אפילע ניט דורכלאָזנ דעמ פרילינג־געמעלק, און דאָס איז אלצ. קײנ קאנענ זײַנענ קײנ אײנער ניטאָ און דאָס מילכ גיסט מענ אָנ ווי אמאָ־ליקע יאָרנ אינ טעפ: וואָס איז עס פאר אנ ארבעט? דו זאָגסט, אז בא

זיי ווערט דאָס מילך זויער, אָבער פאַרוואָס ווערט עס זויער? מיסטאָמע האָבנ זיי דאָס געגאָסנ אינ א שמוציקער קיילען

— די טעפּ טריקנט מענ שלעכט אויס, איבער דעם זייערט עס.

— נו, אָט דאָס זאָג איך דאָך, אז מע האַלט שלעכט די קיילים. נעמ דו זיך פאַר דער זאַך אונ ברענג דאָס אינ אָרדענונג. וואָס עס איז נייטיק צו טאָנ — טו, די פאַרוואַלטונג וועט דיר שטענדיק העלפנ. אָבער אזוי-אָ וועט טאַקע דאָס מילך שטענדיק אומקומענ, אויב מע גיט ניט אכטונג אפ די קיילים, אויב די מעלקערנס וועלנ אזוי מעלקנ, ווי איך האָב הײַנט געזענ: זי זעצט זיך אונטער דער קו, העמ אײַטער וואַשט זי ניט ארומ, די נאָפּלענ זײַנענ שמוציק, אײַנגעמאַכט אינ מיסט... אונ די הענט בא דער מעלקערנ גופא זײַנענ פּראַקטיש ניט געוואַשנ. ביז דעמ קאָנ זײַנ האָט זי דער טײַוול ווייסט וואָס געהאַלטנ, אונ זי קריכט אונטער דער קו מיט שמוציקע הענט. איך האָב קיינ צײַט ניט געהאַט זיך נעמענ פאַר אָט דער זאַך. אָבער איך וועל זיך שוינ נעמענ! אונ דו, אַנשטאָט מיט פּודער צו פּודערנ זיך אונ פּוצנ זיך, — וואָלסט זיך בעסער גענומענ פאַר דער ווירטשאַפט אינ דער פערמע, הא? מיר וועלנ דיך באַשטימענ פאַר א פאַרוואַלטערנ, וועסט פאָרנ אפ קורסנ, וועסט זיך לערנענ, ווי מע האָט ווירטשאַפטלעכ פאַרוואַלטנ, אונ דו וועסט זײַנ א קוואַליפיצירטע פרויענצימער.

— ניינ, שוינ בעסער זאָלנ זיי אָנ מיר פירנ די ווירטשאַפט, — האָט לושקע אָפּגעזיפצט. — דאָרט איז אָנ מיר אויך פאַראַנ ווער עס זאָל ברענגענ אינ אָרדענונג. קיינ פאַרוואַלטערנ וויל איך ניט ווערנ, אונ אפ קורסנ וויל איך ניט פאָרנ. צופיל קלאָפּאָט. איך האָב ליב צו ארבעטנ לײַכט, עס זאָל זיך פרײַער לעבנ, אָבער אזוי איז גאָרניט... די ארבעט האָט ליב נאַראָנים.

— שוינ ווידער רעדסטו אַלערליי נארישקײַטנ, — האָט דאַווידאָוו געזאָגט מיט פאַרדראָס, אָבער ער האָט זי ניט גענומענ איבערצײַגנ.

אינגיכנ האָט זיך לושקע גענומענ קלײַבנ אהיימ. דאַווידאָוו איז געגאַנגענ זי באַגלייטנ. זיי האָבנ געשפּאַנט איבערנ פינצטערנ געסל, לאַנג געשוויגנ, דערנאָך האָט לושקע, וואָס האָט אומגעוויינלעך שנעל זיך דערוווּסט אַלע דאַווידאָווס זאָרג — אימ געפרעגט:

— ביסט הײַנט געפאָרנ קוקנ אפ דער קובאַנקע?

— געפאָרנ.

— נו, ווי?

— שלעכט, אויב די וואָך וועט קיינ רעגנ ניט זײַנ... האָב איך

מוירע, אז ס'וועט ניט אויסגיין. און דו פאַרשטייסט, ווי דאָס אַלץ ליגט זיך צונויף, כאַפּט עס דער וואַטנמאַכער? די אַלטינקע, וועלכע זײַנען געקומען צו מיר בעטן א דערלויבעניש צו מאַכן א גאָטעס־דינסט, וועלן אָנקוועלן, א פאַקט!.. „אהא — וועלן זיי זאָגן — ער האָט ניט דערלויבט קיין גאָטעסדינסט צו מאַכן, האָט גאָט קיין רעגן ניט געגעבן!" אָבער זייער גאָט האָט דאָ לאַבסאָלוטן ניט וואָס צו טאָן. ווײַבאַלד דער באַראָמעטער איז געבליבן שטיין אויף דער ענדערלעכער לאַגע, אָבער זיי וועלן זיך פאַרפעסטיקן אין זייער נאַרישן גלויבן. און עמעצער אומגליק, א פאַקט! א ביסל זײַנען מיר אַליין שולדיק... מע האָט געדאַרפט א שפּײַ טאָן אויף באַשטאַנד, אויף א טייל דורכאַקער־קולטורן און שנעלער פאַרזייען דעם ווייץ, אָט אין וואָס עס איז אונדזער פעלער! דאָס זעלביקע איז מיטן מעליאָראַציעס: איך האָב פּאַקטיש דערוויזן אָט דעם פּלאַקן — ליובישקינען, אַז אין אונדזערע באַדינגונגען איז די דאָזיקע קולטור, לויט אַלע אַגראָנאָמישע אָנגאַבן, די סאַמע צוגעפּאַסטע... — חאַווידאָוו איז ווידער אויפגעלעבט געוואָרן און, ווי ער גייט נאָר אַרויף אויף זײַן „פערדל", אַזוי וואָלט ער געדרעפּ לאַנג און מיט ברען, אָבער לושקע האָט אים איבערגעריסן מיט בע־פיירעשער אומגעדולד:

— געננוג שוין וועגן ברויט! לאָמיר זיך בעסער צוזעצן און א ביסל זיצן, — און אָנגעוויזן אויפן קאַנט פון דער קאַנאַווע בײַ דער העלבלויער לעוואָנע־שײַן.

זיי זײַנען צוגעגאַנגען. לושקע האָט אונטערגעהויבן די קליידלעך, און ווי א ווירטן פאַרגעלייגט:

— וואָלסט דײַן פּידזשאַק אונטערגעבעט, ווײַל איך האָב מוירע מײַן קליידל אײַנצומאַכן... ס'איז בײַ מיר אַ יאָנטעוודיקס... און ווען זיי האָבן זיך געזעצט איינס לעבן אַנדערן אויפן אונטערגעבעטן פּידזשאַק, האָט זי דערנענטערט צו חאַווידאָוון שמייכלענדיקן פּאָנעם איר שטערן און מאָהנע שיין געוואָרן געזיכט און געזאָגט:

— זאָל זײַן גענוג וועגן ברויט און וועגן קאָלווירט! איצט דאַרף מען ניט וועגן דעם רײדן... הער פילסט, ווי עס שמעקן די יונגע בלע־טער אויפן טאָפּאָל?..

...דאָ האָבן זיך געענדיקט די ספּייקעס דאַווידאָוווס, וואָס האָט זיך געצויגן צו לושקען און מוירע געהאַט, אַז די פאַרבינדונג מיט איר וועט אַראָפּרײַסן זײַן אויטאָריטעט... שפּעטער, אַז ער איז אויפגעשטאַ־נען און פון אונטער זײַנע פיס האָבן זיך מיט שטילן גערויש אַראָפּ־

געקײַקלט אין דער קאַנאַווע טרוקענע ברעקלעך לײם, איז לושקע נאָך אַלץ געלעגן אויפֿן רוקן, צעוואָרפֿן די הענט און פֿאַרמאַטערט געזשמורעט די אויגן. אַ מינוט האָבן זײ געשוויגן. דערנאָך האָט זי זיך אומדערוואַרט לעבהאַפֿט אונטערגעהויבן, אַרומגעכאַפּט מיט די הענט אירע קני און זיך גענומען טרײסלען פֿון אַ שטילן געלעכטער. זי האָט געלאַכט אַזוי, ווי מע וואָלט זי געקיצלט.

— דו... פֿון וואָס איז עס? — האָט דאַווידאָוו געפֿרעגט פֿאַרוווּנדערט און באַלײדיקט.

אָבער לושקע האָט פּונקט אַזוי אומדערוואַרט איבערגעריסן איר געלעכטער, אויסגעצויגן די פֿיס און, גלעטנדיק מיט די הענט די ליטקעס און דעם בויך, האָט זי פֿאַרטראַכט געזאָגט מיט אַן עטוואָס הײזעריקלעכער און גליקלעכער שטים:

— אָט איצט איז מיר גרינגן געוואָרן...

— מע זאָל אַרײַנשטעלן אַ פֿעדער, וואָלסטו אַוועקגעפֿלויגן? — האָט דאַווידאָוו זיך געברויגעזט.

— ניי־יי־יין, אומזיסט... אומזיסט ביסטו בייז. דער בויך איז בײַ מיר איצט אַזוי לײַכט געוואָרן... עפּעס אַ לײדיקער און אַ גרינגער, דערפֿאַר האָב איך זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט; וואָס־זשע, נאַרעלע, איך האָב געדאַרפֿט וויינען, צי וואָס? זעץ זיך, וואָס ביזטו אויפֿגעשפּרונגען?

דאַווידאָוו האָט ניט גערן געפֿאָלגט. „ווי זאָל מיט איר איצט זײַן? עס׳ וועט אויסקומען ווי־ניט־איז דאָס פּאַקטיש דורכפֿירן פֿאָרמעל, אַניט איז ניט באַקוועם אי פֿאַר מאַקאַרן אי בכלל... אָט דאָס הייסט, ניט געהאַט קיין צאָרעס, האָב איך זיך אַלײן אָנגעמאַכט!“ — האָט ער געטראַכט און זײַטלדיק געקוקט אויף לושקעס גרינלעכן פּאַנעם בײַ דער לעוואָנע־שײַן, און זי האָט, ניט באַרירנדיק מיט די הענט די ערד, בײַגעוודיק זיך אויפֿגעשטעלט, געשמײכלט, געזשמורעט די אויגן און געפֿרעגט:

— איך בין אַ גוטע? האַ?

— ווי זאָל איך דיר זאָגן... — האָט דאַווידאָוו אומבאַשטימט געענטפֿערט, אַרומנעמענדיק לושקעס פּלייצעס...

# קאפיטל 40

אפנ צווייטנ טאָג, נאָכ דעמ, ווי איבער גרעמיאטשי לאָג האָט זיכ דורכגעטראָגנ א גוסרעגנ, איז יאקאָוו לוקיטש ארויסגעפאָרנ אינ קראסנאיא דובראָווא. ער האָט דאָרט געדארפט מיט דער אייגענער־האנט אָנצייכענענ די דעמבנ, וואָס מע דארפ אויסהאקנ, ווייל אפ מאָרגנ האָט קימאט די גאנצע דריטע בריגאדע געדארפט ארויספאָרנ אינ דעמבנ־וואלד אונ פארגרייטנ געהילצ, וואָס מע דארפ פאר די דאמבעס.

ארויסגעפאָרנ איז יאקאָוו לוקיטש אינדערפרי. זייַנ פערד איז גע־גאנגענ באזאָכט, באלעבאטיש שאָקלענדיק מיטנ אונטערגעבונדענעמ עק, זייַנע גוט געשמידטע פאָדערשטע פיס פלעגנ זיכ פאנאנדערפאָרנ איבער דער גליטשיקער פעטער בלאָטע, אָבער יאקאָוו לוקיטש האָט קיינ איינ מאָל ניט אופגעהויבנ די בייטש: ניט געווענ וווּהינ צו אייַלנ זיכ. ער האָט גערויכערט, אָפּגעלאָזנ די לייצעס אונ באקוקט דעמ סטעפּ, וואָס ארומ גרעמיאטשי לאָג. יעדעס טאָלכעלע, יעדעס באלקעלע אונ שפּעל־טעלע זייַנענ אימ נאָכ פונ דער יוגנט געווענ באקאנט אונ נאָענט זייַנ הארצנ. ער האָט געקוקט פארליבט אפ די פוכקע אקער-פעלדער, אָנ־געזאָפּטע מיט פייַכטקייַט, אפ די ארומגעוואשענע טווּעס, אָנגעבויגע־נע פונעמ גוס־רעגנ, אונ מיט גרויס פארדראָס אונ ערגערניש גע־טראכט: „עס האָט אימ טאקע געבראכט א רעגנ, דעמ צאָנלאָזנ טייַוול!“ די קובאנקע וועט טאקע אופגיינ! פונקט ווי גאָט וואָלט גע־ווענ פאר דער דאָזיקער פארשאָלטענער מאכט! אזוי פלעגנ קעסיידער זייַנ אומגעראטענישנ, אונ דאָ גייט פונ סאמע איינ-אונ־צוואנציקסטנ יאָר א שעפע ברויט! די גאנצע נאטור איז פאר דער ראטנמאכט, אויב אזוי, קאָנ מענ דענ דערוואַרטנ, זי זאָל זיכ אָפּניצנ? ניינ, אויב די פארבינדעטע וועלנ ניט העלפנ ארויפוואַרפנ די קאָמוניסטנ, — וועלנ מיר אליינ גאָרנישט ניט אופטאָנ. קיינע פּאָלאָוועצעס וועלנ ניט בייַשטיינ, וואָס פאר א סייכל זיי זאָלנ ניט האָבנ. וואָס קאָנ מענ טאָנ קעגנ אזא קראפט? דערצו נאָכ איז דער אוילעמ געוואָרנ א שערלע־כער... אייגער אפנ צווייטנ ווייַזט אָנ, אונ מאסערט אפ אימ וואָס איר ווילט. אבי נאָר ער, דער הינטישער זונ, זאָל לעבנ, אונ אויסער אימ מעג אפילע קיינ גרעזל אינ פעלד ניט וואקסנ. פּאסקודנע צייַטנ, אונ וואָס קאָנ זיכ דערפונ איג א יאָר צוויי ארומ אויסשפּילנ, ווייסט דער טייַוול אויכ ניט... איכ, אפּאָנעמ, בינ געבאָרנ געוואָרנ אינ א

גליקלעכער שאָ, אנדערש וואָלט מײַנ איניענ מיט פּאָלאָוצעוונ אזוי גלאטיק ניט אראָפּ. נו, א דאנק גאָט, וואָס אלצ איז אינ דער בעסטער אָרדענונג אונ שאר־שטיל... מירנ נאָכ זענ, וואָס וועט זײַנ ווײַטער, איצט איז ניט אויסגעקומענ זיכ צעשיידנ מיט דער ראטנמאכט, — איז עפּשער וועט זיכ אָנהייבנ נאָכ א זיכערער איניענ!"

ואָפּ די גראָז־שטרויעלעכ, וואָס האָבנ זיכ צעעפּנט אקעגנ דער זונ, אפּ די זאנגענ פּונ די אונטערגעוואקסענע טוועס האָט שעמערירט, ווי בוסנ, אָנגעגיזעטער טוי. א מיירעוו־ווינט האָט עס אָפּגעטרייסלט, אונ די טראָפּנדלעכ פלעגנ זיכ אָפּרײַסנ, פארשיידנפארביק א גלאנצ טאָן, אונ פאלנ אפּ דער שמעקנדיקער, באגערטער אונ צערטלעכער ערד.

אינ די רעדער־קאָלייעס אפּנ וועג איז נאָכ געשטאנענ דאָס רעגנ־וואסער, וואָס איז נאָכ ניט אײַנגעזאפּט געוואָרנ, אונ איבער גרעמיאַ־טשי לאָג האָבנ זיכ שוינ העכער איבער די טאָפּאָלנ אופגעהויבנ חאָזע פרימאָרגנדיקע געפלענ. אפּ דער מאטעווער בלויקײַט פונעמ הימל, פונקט ווי דער שלאקבורענג וואָלט אימ אפּ ריינ אויסגעוואשנ, איז פארגאנגענ די יונגע זילבערנע לעוואָנע, א געטראָפּענע פונעמ באגינענ.

די לעוואָנע איז געווענ א דינ־געשמידטע, אויסגעבויגענע אונ האָט צוגעזאָגט פיל רעגנ, אונ ווענ יאקאָוו לוקיטש האָט אפּ איר א קוק געטאָנ, האָט ער ענדגילטיק באשלאָסנ אינ געדאנק: „א גערעטעניש וועט זײַנ!"

אינ דעמבנ־וואלד איז ער געקומענ בא האלבנ טאָג. דאָס פערד האָט ער געפּענטעט אונ עס געלאָזט זיכ פאשענ, אונ אליינ האָט ער ארויסגעצויגנ פונ הינטערנ רימענ א ניט גרויסע טעסלער־האק אונ איז אוועק מאכנ אײַנשניטנ אפּ די דעמבנ פונ דער דעליאנקע, וואָס דער וואלד־איפּזעער האָט אויסגעטיילט פארנ גרעמיאטשער קאָל־ווירט.

א זעקס שטיק דעמבנ האָט ער שוינ געהאט אײַנגעהאקט אפּנ שטאמ באמ וואָרצל אונ ער איז צוגעגאנגענ צומ זיבעטנ. א הויכער זעלטענער דעמב פונ מאסט־וווקס אונ אויסגעצייכנטער שלאנקער גלײַכקײַט איז שטאָלצ געשטאנענ פארייסנ דעמ קאָפּ איבער די נידער־ריק־וווקסיקע אונ איבערגעוואקסענע צעפּאָרענע קאראַטשנ אונ וויאזנ. אפּנ סאמע שפּיצ, אינעמ טונקעלנ גלאנציקגרינעמ געבלעטער זײַנעמ האָט פארימערט זיכ געשווארצט אַ האָבנגעסט. אורטיילנדיק לויט דער גרעב פונעמ שטאמ, איז דער דעמב געווענ אינ איינע יאָרנ מיט יא־קאָוו לוקיטשנ. אונ יאקאָוו לוקיטש האָט, אָנשפּײַענדיק אפּ די דלאָ־

ניעס, מיט א געפיל פונ ראכמאָנעס אונ טרויער געקוקט אפנ פארור־טיילטנ בוימ.

ער האָט אײַנגעהאקט, אויפגעשריבנ אפ דער אָפגעדעקטער זײַט פונ דער קאָרע מיט א טינט־בלײַפעדער, „ג. ק.” אונ, אָפשארנדיק מיטנ פוס די פײַכטע שפענער, וואָס פונ זיי איז גערונענ האלצ־זאפט, האָט ער זיכ צוגעזעצט פארייכערנ. „וויפל יאָרנ האָסטו גע־לעבט, ברודערל, קיינער איז דיר ניט געווענ קיינ האר, אונ אָט איז דיר געקומענ די צײַט צו שטארבנ... מע וועט דיכ אנידערווארפנ, ארומשינדנ, מע וועט מיט העק אָפהאקנ דײַנ פראכט — די צווײַגנ אונ צווײַגלעכ, אונ מע וועט דיכ אָפפירנ צו דער סאזשלקע אונ ווי א סטויפ אײַנגעהאָבנ אָנשטאָט א דאמבע — האָט יאקאָוו לוקיטש גע־טראכט, קוקנדיק פונ אונטנ ארופ אפנ קופאָל־ארטיקנ שפיצ פונעמ דעמב. — אונ דו וועסט פוילנ אינ דער קאָלווירטישער סאזשלקע, ביז דו וועסט ניט פארפוילט ווערנ. אונ דערנאָכ וועט דיכ דאָס אופגע־ברויזטע פרילינג־וואסער אוועקשלעפנ ערגעצ־ווו אינ אנ עק באלקע — אונ א סאָפ אנ עק!”

פונ די דאָזיקע געדאנקענ האָט יאקאָוו לוקיטש פלוצלינג ווײַטיק־דיק דערפילט עפעס אנ אומפארשטענדלעכע בענקעניש אונ אומרו. ס'איז אימ געוואָרנ ניט היימלעכ. „אָדער עפשער באגנעדיקנ דיכ, ניט אויסהאקנ? ניט אלצ דארפ דאָכ אָנקומענ דעמ קאָלווירט אפ אומקומע־ניש... — אונ מיט פרײַדיקער פארלײַכטערונג האָט ער באשלאָסנ: — לעב! וואקס! שײַנ! פארוואָס זאָלסטו ניט לעבנ? דארפסט גיש צאָלנ קיינ שטײַער, קיינ זעלבסט־שטײַער, אינ קאָלווירט דארפסטו ניט ארײַנ־טרעטנ... לעב ווי גאָט האָט געבאָטנ!” — ער איז לעבהאפט אופגע־שפרונגענ, אָנגענומענ א הויפנ לײַמיקע בלאָטע אונ גוט פארשמירט דעמ אײַנשניט. ער איז אוועק א צופרידענער אונ בארויקטער...

אלע זיבנ אונ זעכציק דעמבנ האָט ער אָנגעצייכנט, יאקאָוו לו־קיטש, אינ א געהויבענער שטימונג זיכ געזעצט אפנ פערד אונ איז ארויסגעפאָרנ פונ וואלד.

— יאקאָוו לוקיטש, ווארט צו! — האָט מענ אימ גערופנ באמ ארויספאָר, אונ דערנאָכ האָט זיכ פונ הינטער א קוסט באוויזנ א מענטש אינ א שווארצ שמויסנ־היטל אונ אינ א ווארעמענ, צעשפי־ליעטנ סורדוט פונ שינעל־געוואנט. זײַנ געזיכט איז געווענ שווארצ אונ פארברענט, די הויט אפ די באקנ־ביינער איז פונ מאָגערקײַט געווענ פעסט אָנגעצויגנ, די אויגנ טיפ אײַנגעפאלנ, אונ איבער די ווײַסלעכע

פאַרטריקנטע ליפּנ האָבנ זיכ בוילעט געשווארצלט, ווי מיט קויל אָנגעמאָלטע, אָפּגעוואקסענע געדיכטע וואָנצעלעכ.

— דערקענסט ניט? — דער מענטש האָט אראָפּגענומענ דאָס היטל, פאַרזיכטיק זיכ אומקוקנדיק, אונ איז ארויס אפ דער לאָנקע. דאָ ערשט האָט יאקאָוו לוקיטש דערקענט אינעמ אומבאקאַנטנ טימאָפיי דעמ געריסענעמ.

— פונוואנענ ביסטו עס געקומענ?.. — האָט ער געפרעגט, אי־בעראשט פונ דער באגעגעניש, פונעמ גאנצנ אויסזעג פונ דעמ שרעקלעכ אויסגעמאָגערטנ, ביז ניט צו דערקענענ געענדערטנ טימאָפייענ.

— פונוואנענ מע קומט שוינ ניט צוריק... פונ דער פארשיקונג.. פונ קאָטלאס.

— שוינ־זשע ביסטו אנטלאָפנ?

— אנטלאָפנ... מיט זיכ האָסטו גאָרניט, פעטער יאקאָוו? ברויט האָסטו ניט?

— פאראנ.

— גיב א שטיקל, קריסטוסנ צוליב! דעמ פערטנ מעסלעס... מיטנ פוילע קיסליצעס... — אונ געמאכט א קראמפּהאפטע שלונג־באוועגונג. די ליפּנ האָבנ בא אימ געציטערט, ווי בא א וואָלפ האָבנ בא אימ געלויכטנ די אויגנ, וואָס האָבנ נאָכגעקוקט, ווי יאקאָוו לוקיטש האָט גענומענ ארויס פונ בוזעמ א שטיק ברויט.

צומ ברויט איז ער צוגעפאלנ מיט אזא הונגעריקנ ווּוט, אז בא יאקאָוו לוקיטשנ האָט אזש דער אָטעמ פארכאפּט. ער האָט געריסנ די אויסגעטריקנטע צוגעברענטע סקאָרינקע מיט די ציינ, געפליקט די ווייכע מיט די איינגעקאָרטשעטע פינגער אונ געשלונגענ, קימאט ניט צעקייט, שווער באוועגנדיק מיטנ שארפנ גאָרגל־קנאָפּ. אונ נאָר דעמלט האָט ער אופגעהויבנ אפ יאקאָוו לוקיטשנ זיינע פארשיקערטע אויגנ, וואָס האָבנ ניט לאנג פארלאָרנ זייער פיבערהאפטנ גלאנצ, ווענ ער האָט וואָרגנדיק זיכ אראָפּגעשלונגענ דאָס לעצטע שטיקל.

— האָסט זיכ אויסגעהונגערט, באָכער... — האָט יאקאָוו לוקיטש מיט ראכמאָנעס א זאָג געטאָנ.

— איכ זאָג דיר דאָכ, דעמ פינפטנ טאָג הונגער איכ — אמאָל א פוילע קיסליצע געגאסנ, אומאָל א פאראיאָריקע אויסגעטריקנטע יאגדע געפונענ... איכ בינ מאָגער געוואָרנ.

— נו, ווי־זשע קומסטו אהער?

— צופוס פונ דער סטאנציע. באנאכט פלעג איכ גייג — האָט טימאָפיי פארמאטערט געענטפערט.

ער איז קענטיק בלייב געוואָרנ, פונקט ווי ער וואָלט געפאטערט אפנ עסנ די לעצטע קויכעס. דאָס שלוקערצנ האָט אימ אָנ אופהער געטרייסלט אונ געצווונגענ מיט וווייטעק זיכ פארקרימענ.

— דער טאטע דייַנער לעבט נאָכ? די פאמיליע, וואָס מאכט, געזונט? — האָט יאקאָוו לוקיטש פאָרגעזעצט די אויספרעגעניש, אָבער פונעמ פערד איז ער ניט אראָפ, אונ אלע ווייַלע געכאפט א קוק אינ אלע זייַטנ.

— דער טאטע איז געשטאָרבנ פונ אנ אָנצינדונג אינוווייניק, די מאמע מיטנ שוועסטערל זייַנענ דאָרט. אונ בא איינ אינ כוטער וואָס הערט זיכ? לוקעריע נאגולנאָווס לעבט נאָכ דאָ?

— זי האָט זיכ, באָכערל, מיטנ מאנ געגעט...

— ווי-זשע איז זי איצט? — איז טימאָפיי אופגעלעבט געוואָרנ.

— בא דער מומענ, אפ פרייַע קעסט...

– פעטער יאקאָוו, אָט וואָס... ווי נאָר דו וועסט קומענ צו פאָרנ— זאָג איר אָנ, זי זאָל אומבאדינגט מיר הייַנט ברענגענ אהער עסנווארג. איכ בינ אויסגעמאָגערט ביז גאָר, כ'וועל ניט דערגייענ, מע דארפ זיכ צולייגנ, אפזייַנ דעמ טאָג. איכ בינ שטארק פארמאטערט. הונדערט זיבעציק ווערסט, אונ באנאכט אינ אנ אומבאקאנטער געגנט, ווייסט, ווי שווער ס'איז צו גיינ? מע גייט, ווי א בלינדער... זאָל זי ברענגענ, אונ ווי נאָר איכ וועל א ביסל קומענ צו זיכ, — וועל איכ אליינ אינ כוטער קומענ. כ'האָב זיכ פארבענקט נאָכ די היימישע ערטער ביז טויט! — אונ שולדיק א שמייכל געטאָנ.

— ווי-זשע רעכנסטו צו לעבנ אפ ווייטער? — האָט אויסגעפרעגט יאקאָוו לוקיטש, וועלכער איז געווענ אומאָנגענעמ איבעראשט פונ דעמ ראגעגעניש.

טימאָפיי האָט מיט א גרויזאמ געוואָרנ פאָנעמ געענטפערט:

— ווייסט גיט ווי? איצט בינ איכ אינ דער לאגע פונ א וואָלפ. אָט, כ'וועל זיכ עטוואָס אָפרוענ, וועל איכ באנאכט קומענ אינ כוטער אונ וועל אויסגראָבנ די ביקס... זי ליגט בא מיר באגראָבנ אינעמ שייַער... אונ כ'וועל אָנהייבנ פארדינענ! איינ וועג איז פאר מיר געבליבנ. וויבאלד מע הארגעט מיכ, — וועל איכ אויכ הארגענענ! וועמענ ס'איז וועל איכ אריַינשטעקנ א מאטאָנע... ווער ניט-איז וועט זיכ אויס-שוכענ! נו, אינעמ וואלד וועל איכ אָפזומערנ ביז הארבסט, אונ ווי

נאָר ס'וועלנ זיכ אָנהייבנ די פֿרעסטלעכ, וועל איכ אוועק אינ קובאַנ, אָדער ערגעץ אַנדערשוווּ. די ווײַסע וועלט איז א גרויסע, אונ אַזעלכע ווי איכ וועלנ זיכ געפֿינענ, ווײַזט אויס, ניט איינ הונדערט.

— לושקע מאַקאַרים האָט, ווי ס'ווײַזט אויס, געגומענ זיכ צוטורליענ צומ פֿאָרזיצער פֿונ קאָלווירט... — האָט ניט אַנטשלאָסנ מיטגעטיילט יאַקאָוו לוקיטש, וואָס האָט ניט איינמאָל באַמערקט, ווי לושקע איז געלאָפֿנ צו דאַווידאָוונ אַהיימ.

טימאָפֿיי האָט זיכ געלייגט הינטערנ קוסט. עס האָט אימ אַוועקגעלייגט דער ווייטעק אינ בויכ, ניט אויסצוהאַלטנ. אָבער ער האָט מיט פֿאַוזעס, אָבער דאָכ גערעדט:

— דאַווידאָוונ דעמ פֿײַנט, דעמ ערשטנ... זאָל אימ זײַנ אַלס אָנדענק... אָבער לושקע איז מיר געטרײַ... אַלטע ליבע פֿאַרגעסט זיכ ניט... דאָס איז ניט קיינ ברויט מיט זאַלצ... צו איר האַרצ די סטעזשקע וועל איכ שטענדיק געפֿינענ... אַפֿאָנעמ, ניט פֿאַרוואַקסנ געוואָרנ... האָסט מיכ, פֿעטערל, געפֿאַטערט מיט דײַנ ברויט... עס צערײַסט מיר דעמ בויכ... איז זאָג אָנ לושקענ... זאָל זי כאָזער-פֿעטס מיט ברויט מיטברענגענ... וואָס מער ברויט!

יאַקאָוו לוקיטש האָט טימאָפֿייענ געוואָרנט, אַז דעמ דעמבנ-וואַלד וועט מענ מאָרגנ אָנהייבנ אויסהאַקנ, אונ איז אַרויסגעריטנ פֿונעמ וואַלד אינ דער ריכטונג צומ פֿעלד פֿונ דער צווייטער בריגאַדע, קעדיי צו באַקוקנ דעמ באַצירק, וואָס איז געווענ פֿאַרזייט מיט דער קובאַנקע. אַפֿ דער גאַנצער שטרעקע פֿונעמ ערשט ניט לאַנג קויל-שוואַרצ, אַקער-פֿעלד האָט מיט א צערטלעכ-גרינער האַפֿטונג געשײַנט דער ענדלעכ זיכ דורכגעשלאָגענער אויפֿגאַנג...

אינ כוטער איז לוקיטש געקומענ ערשט באַנאַכט. פֿונעמ קאָלווירטטישנ פֿערד-שטאַל איז ער געגאַנגענ אַהיימ צופֿוס מיט אַלצ דעמ זעלביקנ שווערנ אײַנדרוק, וואָס ער האָט געהאַט א גאַנצנ טאָג, פֿונ דער באַגעגעניש מיט טימאָפֿיי דעמ געריסענעמ. אונ אינ דער היימ האָט אַפֿ אימ געוואַרט א נײַע אינ אומפֿאַרגלײַכלעכ ערגערע אומאָנגענעמלעכקײַט... נאָכ אינ פֿירהויז האָט אימ די שנור, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגענ פֿונ קיכ אָנגעזאָגט אַ סאָד:

— טאַטע, מיר האָבנ געסט...

— ווער?..

— פּאָלאָווצעוו אונ דער... דער קרומער. זיי זײַנענ געקומענ, ווי נאָר ס'איז פֿינצטער געוואָרנ... מיר האָבנ מיט דער מאַמענ גראָד גע

מאָלקנ די קי... זיי זיצנ אינ אַלקערל. פּאַלאָווצעוו איז שטאַרק שיקער, אונ דעמ קאָנ מענ ניט פאַרשטײנ... ביידע זײַנענ שרעקלעכ אָפּגע-ריסנ! לײַז קריכנ אַפ זיי... פונ אויבנ, אַפ די קליידער קריכנ זיי אַרומ!

...פונעמ אַלקערל האָט זיכ געהערט א שמועס: הוסטנדיק, אָפּ-לאַכעריש אונ בײַסיק האָט גערעדט ליאַטיעווסקי:

— ...נו, געווים! ווער זײַט איר אזא, גנעדיקער הער? איכ פרעג אײַכ, הויכגעאַכפּערטער הער פּאַלאָווצעוו, אונ איכ וועל אײַכ זאָגנ, ווער איר זײַט... איר ווילט? ביטע! א פּאַטריאָט אָנ א פּאָטערלאַנד, א שלאַכטפירער אָנ אַנ אַרמיי אונ, אויב איר געפינט די דאָזיקע באַגלײַכנ פאַר צו הויכע אונ אַבסטראַקטע, — קאָרטנשפּילער אָנ איינ גאָרלשטיק אינ קעשענע.

דערהערנדיק פּאַלאָווצעווס דומפּ באַסל, האָט יאַקאָוו לוקיטש מאַכטלאָז זיכ אָנגעשפּאַרט מיטנ רוקנ אָנ דער וואַנט אונ זיכ געכאַפּט פאַרנ קאָפּ... דאָס אַלטע האָט זיכ אָנגעהויבנ פונדאָסנײַ.

סאָפּ פונ ערשטנ בוכ.



נאָר ס׳וועלנ זיכ אָנהייבנ די פּרעסטלעכ, וועל איכ אַוועק אינ קובאַנ, אָדער ערגעץ אַנדערשוו. די ווײַסע וועלט איז א גרויסע, אונ אַזעלכע ווי איכ וועלנ זיכ געפינענ, ווײַזט אויס, ניט אייג הונדערט.

— לושקע מאקאריס האָט, ווי ס׳ווײַזט אויס, גענומענ זיכ צוטוליענ צומ פּאָרזיצער פונ קאָלווירט... — האָט ניט אַנטשלאָסנ מיטגעטיילט יאקאָוו לוקיטש, וואָס האָט ניט איינמאָל באַמערקט, ווי לושקע איז געלאָפנ צו דאַווידאָווג אַהיימ.

טימאָפיי האָט זיכ געלייגט הינטערנ קוסט. עס האָט אימ אַוועקגעלייגט דער ווייטעק אינ בויכ, ניט אויסצוהאַלטנ. אָבער ער האָט מיט פּאַוזעס, אָבער דאָכ גערעדט:

— דאַווידאָווג דעמ פײַנט, דעמ ערשטנ... זאָל אימ זײַנ אַלס אָנדענק... אָבער לושקע איז מיר געטרײַ... אַלטע ליבע פאַרגעסט זיכ ניט... דאָס איז ניט קיינ ברויט מיט זאַלצ... צו איר האַרצ די סטעזשקע וועל איכ שטענדיק געפינענ... אפּאָנעמ, ניט פאַרוואַקסנ געוואָרנ... האָסט מיכ, פּעטערל, געפאַטערט מיט דײַנ ברויט... עס צערײַסט מיר דעמ בויכ... איז זאָג אָנ לושקענ... זאָל זי כאָזער־פּעטס מיט ברויט מיטברענגענ... וואָס מער ברויט!

יאקאָוו לוקיטש האָט טימאָפייענ געוואָרנט, אז דעמ דעמבנ־וואַלד וועט מענ מאָרגנ אָנהייבנ אויסהאַקנ, אונ איז אַרויסגעריטנ פונעמ וואַלד אינ דער ריכטונג צומ פעלד פונ דער צווייטער בריגאַדע, קעדיי צו באַקוקנ דעמ באַצירק, וואָס איז געווענ פאַרזייט מיט דער קובאַנקע. אופ דער גאַנצער שטרעקע פונעמ ערשט ניט לאַנג קויל־שוואַרצ אַקער־פעלד האָט מיט א צערטלעכ־גרינער האָפטונג געשײַנט דער ענדלעכ זיכ דורכגעשלאָגענער אופגאַנג...

אינ כוטער איז לוקיטש געקומענ ערשט באַנאַכט. פונעמ קאָלווירטישנ פערד־שטאַל איז ער געגאַנגענ אַהיימ צופוס מיט אַלצ דעמ זעלביקנ שווערנ אײַנדרוק, וואָס ער האָט געהאַט א גאַנצנ טאָג, פונ דער באַגעגעניש מיט טימאָפיי דעמ גערישענעמ. אונ אינ דער היימ האָט אופ אימ געוואַרט א נײַע אונ אומפאַרגלײַכלעכ ערגערע אומאָנגענעמלעכקײַט... נאָכ אינ פירהויז האָט אימ די שנור, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגענ פונ קיכ אָנגעזאָגט א סאָר:

— טאַטע, מיר האָבנ געסט...

— ווער?..

— פּאָלאָווצעוו אונ דער... דער קרומער. זיי זײַנענ געקומענ, ווי נאָר ס׳איז פינצטער געוואָרנ... מיר האָבנ מיט דער מאַמענ גראָד גע־

מאָלקן די קי... זיי זיצן אין אלקערל. פּאָלאָווצעוו איז שטארק שיקער, און דעם קאָן מען ניט פארשטיין... ביידע זייַנען שרעקלעך אָפּגע-ריסן! לייַז קריכן אף זיי... פון אויבן, אף די קליידער קריכן זיי ארום!

...פונעם אלקערל האָט זיך געהערט א שמועס: הוסטנדיק, אָפּ-לאַכעריש און בייַסיק האָט גערעדט ליאטיעווסקי:

— ...נו, געווים! ווער זייַט איר אזא, גנעדיקער הער? איך פרעג אייַך, הויכגעאַכפּערטער הער פּאָלאָווצעוו, און איך וועל אייַך זאָגן, ווער איר זייַט... איר ווילט? ביטע! א פּאטריאָט אָן א פּאָטערלאנד, א שלאַכטפירער אָן אן ארמיי און, אויב איר געפינט די דאָזיקע פארגלייַכן פאר צו הויכע און אבסטראקטע, — קאָרטנשפּילער אָן איין גאָדלשטיק אין קעשענע.

דערהערנדיק פּאָלאָווצעווס דומפּ באס, האָט יאקאָוו לוקיטש מאכטלאָז זיך אָנגעשפּארט מיטן רוקן אָן דער וואנט און זיך געכאפּט פארן קאָפּ... דאָס אלטע האָט זיך אָנגעהויבן פונדאָסניי.

סאָף פון ערשטן בוך.

